


א. מ. ליליען.      מאור הגולה.

# די יודישע וועלט

ליטעראַריש־געזעלשאַפטליכע מאָנאַטסשריפט.

№ 7.

יולי 1913

ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

י. ל. פּרץ.

# מיינע זכרונות.

זאַמושץ — שעבערשין — זאַמושץ. — די לעצטע צוויי מלמדים. — חלומות.

— איהר, אַלס קינסטלער, רעאַגירט נישט דירעקט אויף געגענוואַרטיגע פאַקטען... זיי מוזען פריהער ווערען פערגאַנגענהייט, עררינערונג. העכסטענס שפּיצט איהר צו אַיין עפּילאָג צו לאַנג הינטער די קוליסען אָבגעשפּיעלטע אַקטען...

די בעמערקונג האָט מיר אַמאָל געמאַכט אַ צופעליגער רייזע-בעקאַנטער, און דערביי אַזוינער, וואָס האָט, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזען אין ווייטערן געשפּרעך, געלעזען פון מיינע זאַכען וועניג און איך נור אין דייטשער און רוסישער איבערזעצונג.

— איהר — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ שמייכעל — עסט פיללייכט פרוכטען פון בוים אַראָב, אונז גיט איהר זייער עקסטראַקט.

אַ דאַנק, וואָס מיט'ן פרישען גערוך.

וואָהר איז: אויף געגענווערטיגע פאַקטען, זאָגאַר אין פּריוואַטען לעבען, רעאַגיער איך שוואַך אָדער גאָר נישט. די פאַקטען זענען דאָס מעהרסטע פאַר מיר צו טריוויאַל. די מאָטיווען געמישטע, פערפּלאָנטערטע; די פאַרבען — גרעל, די טענער — צו שרייענדיג, די ליניען — גראָב!

אין דער עררינערונג ווערט אַלץ פערפיינערט און גערייניגט... און לעבען בעט איך נור: זאָל דער וואַל אַריבער! פאַריבערגעהן, פערמאָג איך פאַר יעדען וואַל אַ גרויסע דאָזע מיסטישע רעזיגנאַציאָן און פילאָזאָפישע שטאַנדהאַפטיגקייט. צובערעכען לאָז איך מיך נישט. מיין אינערליכקייט היט איך אָב פאַר יעדער מינדסטער אַריינמישונג. עס רעגענט מיט אַל-דאָס בייז; אינערליך ווער איך נישט נאַס... די אַלע וואַלען אָבער, אָבגעשווימען אין לעבען און בענייט אין דער עריגערונג, בעקום איך ליעב. פון תהו ובהו, „פון אונטער דער בעוואוסטזיניגער שוועל" קומען זיי אַרויס ריין-גאָלדען; פון זאַמד גערייניגט און געוואַשען...

ווער וועקט די טויטע, וואָס בלאָזט אויף תחית המתים?

דאָס מעהרסטע ביי מיר — דער קאָנטראַסט. פון אַלע אַסאָציאַציאָנס-פאָרמען איז ביי מיר די שטאַרקסטע די קאָנטראַסטען-פאָרם. דער קאָנטראַסטען-עלעוואַטאָר איז שטענדיג טעטיג. און דער „זאַץ"

# די יודישע וועלט.

—דער געגענווערטיגער, בלייבט איך אַמאָל שטעהען,—ווערט מיר בולט זאַץ און געגענזאַץ צוזאַמען — אַ וואָג=שאָל=בילד. זאָל דער לעזער לעגען זיין סימפּאַטיש געוויכט רעכטס אָדער לינקס...

געבוירען און ערצויגען אין זאַמושץ, מוז איך, אום זאַמושץ צו זעהען, פערטרייבען ווערען דריי מיילען וויט — קיין שעברשין.

ערשט אין דער הילצערנער שטאָדט (די איינציגע מויער איז דעמאָלט געווען דאָס פריצישע אַיינקופטס הויז אין מיט מאַרק— איין אַיינפאָהר=הויז, טראַקטיער און קליטען צוזאַמען); ערשט אין נידריג=געבויטען, שינדעל= און אויך שטרוי=געדעקטען שעברשין, פּלאַנצט זיך און שטעלט זיך אויף, פאַר מיינע פּייכט=פערבענקטע אויגען, מיין געמויערטע, דריי שטאָקיגע, אַייזען= און דאַך=ציגעל=געדעקטע היים... וואָס ציהט זיך נישט אויס אין דער לענג, „ווי איין אָבגעשטאַנענער פיש", נור מוז, צווישען וואלען געדרענגט, וואַקסען אַרויף, צו דער הייך.

איך האָב געמוזט בעקומען צו זעהען דאָס אומגעלומפּערט הילצערנע מיסגעבורט פון שטאָטזייגער אין שעברשין, — איך זאָל דערפיהלען די גאַנצע הייכע פּראַכט פון מיין היימישען זייגער=טורעם, וואָס קראַצט, ווי מיר האָט זיך דעמאָלט געדאַכט, די וואָלקען! און געמוזט בעקומען צו זעהען דאָס שטיק „ברכי=נפשי" אַרום שעברשין, די „לבשו כרים הצאן" — דאָס גרינע טישטוך, בּפּעלעקט מיט'ן בהמה'שען געל און רויט, מיט'ן בריקעל צום וואַסער און צו דער, פון דער עלטער פערשוואַרצטער און פון מעהל פערוויסטער, וואַסערמיהל, — איך זאָל בעמערקען און קאָנען אָבשאַצען דעם בעזונדערן חן פון אונזער „אונטער'ן פעסטונג", וואָס איך האָב איבערגעגעבען אין „משיחים צייטען"; פון קליינע פערשאָטענטע שפּאַציר=פּלעץ צווישען וואַלען, אין דער בעהאַלטענער „איציעצקאַ"*, וואו איך האָב געלאָזט שפּאַצירען דעם קאָצקער און בעלזער אין „שהשמחה במעונו"... ווי אויך די פּייכטע לאָנקים מיט פרעש=זומפּען, בעשיטע מיט „משוגענע גרייפּליך" און קליינע היעגעל פון שלאַנקע, געלב=גאָלדענע קעניגס=קערצען...

עס וועקט זיך דאָס ערשט נישט לאַנג פערבאָרגענע, און אין די „זעהענישען" פון דער היים, וואָס איך האָב ווירקליך מיט אייגענע אויגען געזעהען, מישט זיך אַריין דאָס געהערטע, דאָס עלטערע זאַמושץ, פון וועלכען נור מיין אויער האָט פערנומען.

* אַ וועג צום אַנטלויפען.

שוין אויפגעזעסען בין איך א פערחלומ'טער....

מ'ען האט מיך איבערגעגעבען א שעבערשינער יוד, וואס האט מבטיח געווען, אז ער וועט מיך בשלום צושטעלען צו ר' פנחס־לען אין שטוב אריין, — איך זעה איהם נישט; פערגעפעלטע אויגען האב איך. איך פיהל איהם נור מאגער — אזוי פיעל פלאץ האט ער מיר איבערגעלאזט אויפ'ן געזעס, שארף־בייניג — אויב ביי א וואגען־בעוועגונג אונזערע עלענבויגענס שטויסען זיך צוזאמען, און הויך, — זיין שטימע קומט אין מיין אויער אריין פון דער הייך. דאס אויער מיינס איז אפען: איך האב נישט געזעהען, ווער עס איז אראבגעקומען פון דער היים צו דער פוהר, נור איך האב געהערט, ווי דער יוד האט געזאגט:

— זארג נישט (בלשון אתה — א היימישער יוד!), ריבעלע, — עלי ועל צוארי.

און זיך צום פוהרמאן ווענדענדיג:

— וויא!

די פוהר ריהרט. קולות: פאהר לחיים ולשלום! געמישטע: יונגע און אלטע. דער טאטע:

— און זיי א מענש...

קלאפט דער וואגען איבער'ן ברוק פון גאס, פאלט אריין אין שאטען פון קלויסטער, נעמט זיך לינקס, אריין אין טונקעלקייט פון דער שעברשינער ברום; ארויס אויף דער ליכטיגער שיין, ווערט באלד שטילער; שוין שאסע.

הייסט עס: איך פאהר. קיין שעברשין. לערנען ביי ר' פנחס'לען! ווער ר' פנחס'ל איז און וואס ער איז, ווייס איך נישט. אפשר האט מען מיר אויסגעזוכט א תלין? איך דערפיהל א ביטערקייט אויף דער צונג. און אינערווייניג הער איך א שטימע:

— שאד נישט!

שעברשין איז מיר נישט פרעמד... די שעבערשינער יודען רופט מען לגנאי: שעברשינער „פלאכטעס". פארוואס, ווייס איך נישט, ווי איך ווייס נישט, פארוואס מען רופט די ניישטעטער: „לעשניקים" און אונז — „זאמושצער פרעסער"; נישט אלע זענען דאך מוהמע־פריידעלס, וואס באקט שטענדיג קעז־קוכען... ביי אונז אין דער היים עסט מען אלע טאג קאשע מיט יויך...

פון שעבערשין האב איך אפילו פיעל געהערט. זאמושץ האט בעשטענדיג מגע ומשא מיט שעברעשין. פערענגט, ווי געזאגט, צווישען וואלען, אלס געוועזענע פעסטונג, וואס לאזט זיך נישט

# די יודישע וועלט.

צושפרייטען, האָט זאַמושץ נאָך היינט איהר פּאָסט-אַמט אויף דער ניי-שטאָט, און דעמאָלט — דעם אַלטען מאָנה (סוה, גערילט) אין שעברשין, דאָרט זיצט דער אַסעסאָר, וואָס פּסקיט אי דיני ממונות אי דיני נפשות און האָט צו שאַפען איבער טויט און לעבען. פון זאַמושץ פיהרט מען צו איהם אין קייטען גנבים... פון טאָמאַשאָוו, וואָס ביי דער גרעניץ, אָבטרעטענדיג אין זאַמאָשץ ביים פּאוויאַט, וואו מען מאַכט נאָך אַמאָל אַ פּראָטאָקאָל — קאָנטראַ-באַנד, אַרומגערינגעלט מיט אַ וואַך פון גרעניץ-זעלנער אין גרינגע לאַמפּאַסען... פון הויף פון פּאָוויאַט האָט איינמאָל דוד'ל גנב, אביגדור מלמד'ס פערלאָזטער יתום, אַראָבגעגנב'עט פון דער פּוהר, אין דער וואַכ'ס אויג, אַ פּעקילע זיידענצייג, און בעפרייט אַ יוד, אַ מאַן פון אַ ווייב און אַ פאָטער פון אַכט קינדער, פון תפיסה. דעמאָלט האָט איהם די שטאָט אַלץ מוחל געוועזן; גע-גלעט איבער'ן היטעל, געקניפּען, פאַר דער קונץ-שטיק, אין בע-קיל. און נישט איינער האָט געזאָגט:

— קום צו מיר אַריין נאָך אַ העמד.

אין ציוויל-זאַכען פאָהרען צו די „ערכאות“ בעלי-דינים, וואָס די בוררים האָבען נישט אויסגעגלייכט, דער רב נישט געקאָנט פּסק'ינען, מענשען איינגעשפּאַרטע, נצחונ'דיגע, — נישט קיין לוי-טישע מענשען...

קיין שעברשין פאָהרט אָפט מיין חבר יצחק'ל'ס פאָטער פ. ג.

פ. ג. איז אַ שם דבר. אַ מושלם („איי-איי, נאָך וואָס פאַר אַ מושלם, כמעט אַ מלומד!“) און איין אפּקורס, אויף וואָס די וועלט שטעהט; זיין חלק לעולם הבא וואָלט מען נישט געקויפט פאַר אַ דרייער! און ער האָט עס בירושה, זיין פאָטער איז שוין אויך געווען פון די לייט... אַ מדקדק, איין בעל קורא אין דער וועלט, אַ חבר פון צעדערבוים, אייכענבוים און אַנדערע אַמאָליגע משכילים...

דאָס האָט ער' עס מיך און מיין חבר יצחק'ל, זיין אייניקעל, פ. ג.'ס זוהן, געטרעענט צום „מורה נבוכים“. מיר האָבען גלאַט געשטערט אין די שענק. אַראָפּגעלאַפט נאָך דעם מורה נבוכים. ער איז גראָד דערביי געווען, —

— נישט פאַר אייך, קונדייסים, נישט פאַר אייערע קעפּ!

דאָס איז גענוג געווען, מיר זאָלען שוין דאָס ספר נישט אַרויסלאָזען פון די הענד און דערנאָך האַלטען פאַר איהם עק-זאַמען...

זיין זוהן פ. ג. שטייגט איהם איבער.

גאַנצע מעשיות פערצעהלט מען פון איהם, די אויערן ווע־
רען פול.

זענען די מעשיות וועגען פ. ג. וואָהר? מען פערצייהלט אַזוי פיעל
נישט אמת... און איך קען פרעגען מיין חבר יצחקל'ן, היינט אַרצט
אין זאַמושץ, און ער וואָלט מיר בּאַלד געענטפערט דעם אמת.
איך וויל עס נישט טהון. ווייל...

ווייל די פאַבעל איז שטענדיג וואָהרהאַפטיגער פאַר'ן ווירק־
ליך געשעהענעם; די פאָלקס־דיכטונג — פאַר'ן אמת'ן פאַקט... דער
מענש פערבייגט זיין ווילען, פערשטעלט זיין אמת פּנים און טהוט,
וואָס עס פּאַסט. דער עולם האָט אַ נאָז, דערשפּירט דעם תוך און
דעם עצם־ענין פון מענש, און פערצייהלט פון איהם דאָס, וואָס
ער וואָלט געטהון, ווען ער וואָלט געווען זיך אַליין געטריי;
דאָס געשעהענע, וואָס וואָלט, ווען נישט צופעלינע שטערונגען,
פון איהם אַרויסגעשטראַהלט...

„אַחרי מות קדושים" קומט אויך דערפון. די צופע־
ליגקייטען, די קליינע אַבּעראַציאָנען, די „מעשים צוליעב פּרנסה",
צוליעב כעס, אַ רגע נצחון — פאַלען אָב, פערזינקען אין פער־
געסענקייט, און עס קומט אַרויס אַ נשמה, כמעט אַ נאַקיטע... און
מען בּעקליידט זי אויפ'ס ניי, אין איהר פּאַסיגע קליידער, און
עס קומען אַרויס גאַנצע מענשען; גאַנצע, שטאַרקע, נישט וואַ־
קעלדיגע שאָטען, ווי ביים לעבּען...

דאָס איז אויך דער צויבּער און די וואָהרהייט אין פאָלקס־
טימליכע ערצעהלונגען... ווי איבּערהויפּט דער צויבּער און די
וואָהרהאַפטיגקייט פון דער „קונסט"...

לאָמיר צוריקגעהן צו פ. ג.

פ. ג. איז, ווי געזאָגט, אַיין אַפּקורס: שפּייט נישט אויס
ביי „עלינו", היפּט איבּער די מלאכים פון שופר־בּלאָזען, בּלייבּט
שטעהן ביי „כורעים". און איהר ווייסט, וואָס ער טהוט אין דער־
היים? דאַווענט שחרית, אין טלית ותפלין, זאָגט שמנה עשרה,
און זיך אַיילענדיג צו פאָהרען קיין שעבּערשין, פּוצט ער זיך
אין איין וועגס מיט בּאַרשט און שוה וואַקס די שטיוועל... אויפ'ן
טיש שטעהט שוין ברויט מיט פּוטער מיט קאַווע, און אַז דאָס
מעסער איז שטומפּיג, שאַרפט ער עס אָן אָן דער רצועה... כּפּרות
שלאָגט ער נישט, הושענות — מנהג נביאים — אויך נישט. און
קען דוקא „פּסוק"; גאַנץ תנ"ך אויסענווייניג.



און — איין אייזערנער מח... און אַ מלומד פון זיך אַליין.

האָט איינמאָל צופעליג געקויפט אין מאַרק, ביי אַ שכור'ן גוי, פאַר אַ צענערייל אַ פוילישען קאָרעקס, און האָט זיך אויסגעלערנט „פראַווע" מיט פויליש צוזאַמען! אַזוי איך — געפונען, ערגיץ אויף אַ בוידעם, אַ פראַנצעזישע מאַטעמאַטיק, (נאָך פון נאַפּאָלעאָנ'ס צייטען, זינט מען טראָגט די רויטע פּולאַרינע, נאָז־טיכליך און מען זאָגט „ענאַל" און „מאַלעער"), און אויסשטודירט פראַנצעזיש מיט חשבון און מדידה צוזאַמען; דער פון וואַרשוי געקומענער לעה־רער לאַכט אַפילו אין די פויסטען. באשר בכן — דאָס פראַנצעזישע לשון האָט „קרי וכתיב", נישט ווי עס שרייבט און דרוקט זיך, רעדט מען, און פ. ג. לייענט דברים כהויתן... לאַכט מען אויס'ן לעהרער. ער קען פּלאַפּלען פראַנצעזיש מיט'ן אַפּאָטייקערס ווייב; און דער קען טאַקע מדידה!

— אידר שפּיעלט אייך מיט פ. ג.?!

חשבון קומט איהם ווייניג צו נוץ. אָט, אַז עס מאַכט זיך אַ שווערע משנה אין זרעים, אַז אַפילו מיכל שמש (שוין דער־מאָנט) הויבט אָן „שטאַמלען מיט דער צונג און פינטלען מיט די אייגען", לויפט מען אַהיים צו פ. ג. (אין איין וועגס, זיך צוצו־קוקען צו זיין התנהגות), און מען הערט שוין קלאָרע דבורים...

איינמאָל איז מען צוריק געקומען און פערציילט, ווי אַזוי פ. ג. האָט זיך אַרויסגענומען אַ שלעכטען צאָהן. נישט גע־גאַנגען צום רופא. פ. ג. האָט פיינט אַרויס צו וואַרפען געלד! גענומען אַ גרויסען נאָגעל, אַריינגעשלאָגען כמעט ביז'ן קעפּיל אין גרויסען טיש אַריין. גענומען דערנאָך אַ קורץ שטריקעל, איין עק פערקניפּט ביים נאָגעל'ס קאָפּ, גענומען אַ האַמער און נאָך אַ זעץ אין קאָפּ אַריין. ער איז אַריין אין בלאַט פון טיש. דער־נאָך אַרומגעבונדען מיט'ן צווייטען עק פון שטריקעל דעם שלעכטען צאָהן... שטעהט ער אַזוי אַ ווייל(ע) איינגעבויגען איבער'ן טיש, גיט פּלוצלינג אַ וואָרף אַרונטער דעם קאָפּ. דער טיש — אַ שפּרינג אונ־טער, דער צאָהן — אַ שפּרונג אַרויס...

„אַפילו זיך נישט אויסגעוואַשען דאָס מויל און גענומען די משנה, און געזאָגט..."

דער עיקר קומט איהם חשבון צו נוץ צום פלינקען לפ"קין מאַכען. אַ שוואַכקייט האָט ער צו לפ"קין. גאַנצע בריעף שרייבט מיט לפ"קין, שטעגרייף; „וואָס אַ שורה — אַ לפ"ק!"

און זאָגען זאָגט ער, אַז ווען ער דאַרף שרייבען אַזאַ בריעף, לעגט ער זיך שלאָפען, כאַפּען כאַפּט ער אויף שוין מיט

גרייטע לפ״קין; „דער קאָפּ אַרבייט ביי׳ן איהם אין שלאָף!“

איינמאָל איז ער אַפילו אַרויסגעטרעטען מיט זיין חכמת החשבון והמדידה פאַר דער וועלט; אינ׳ם ויכוח צווישען גבריאל יהודה ליכטענפעלד און סלאָנימסקי, מיט איין אָפענעם בריעף פון ליכטענפעלד׳ס צד...

יורי האָט איהם בעסער געדיענט, געגעבען פּרנסה, נישט די גאַנצע; דאָס ווייב האָט עפּיס אַ געוועלב. אָבער ער פיהרט גאַנץ אָפּט פּראָצעסען, שרייבט „פּראָשבים“, פאָהרט צום אַסעסאָר קיין שעברשין. אין דעם פאַך איז ער אַ גרויסער בעל נצחון, טרעט נישט אָב. דער אמת מוז אַרויס ווי בוימעל אויפ׳ן וואַסער. קיין פאַלשען פּראָצעס ווערט ער ניט אָננעמען; די ערליכקייט אַליין. האָט ער, פערציילט מען, געפיהרט 12 יאָהר נאָכאַנאַנד אַ פּראָצעס וועגען אַ פונט פוטער. די פּראָצעס־קאָסטען האָבען דערגרייכט ביז 600, זאָגט אַרויס: זעקס הונדערט גילדען; „אַזוי פיעל, וויפיעל עס האָט געקאָסט דאָס הינטעל, וואָס דער (רייך־געוואָרענער) פעלדשער האָט געקויפט ביים סמאָטריטעלס פלונית׳טע“... וועלכ׳ס צד עס האָט געזאָלט די קאָסטען בעצאָהלען, ווייס איך נישט...

ס׳איי ווי ס׳יי, פערציילט מיין חבר יצחק׳ל גאַנץ אָפט:

— מיין טאַטע איז געפאָהרען —

און עפּטער:

— מיין טאַטע איז געגאַנגען קיין שעברשין...

פ. ג. פיהרט זיך פּראָסט, נאַטור־מעסיג.

„אַ יוד — זאָגט ער — דאַרף זיין געזונד, ווי אַ פויער“. און איהם — זאָגט דער עולם — איז זעהר לייכט צו זיין געזונד: „כאַפּט זיך אויף ביינאַכט, און כאַפּט אַריין אַ מאָן־קיכעל“ (מען מיינט: אַ גאַנצע חלה) און — אומגעוואַשען! (ער האַלט נור פון מים אַחרונים—חובה). געהט דער יוד דריי מייל קיין שעבערשין צו פוס...

— ס׳טייטש, ר׳ פ., אין אַייערע יאָהרען — דריי מייל...

— איך געה צו פוס נור אַ וויאָרסט...

— און דערנאָך?

— דערנאָך — נאָך אַ וויאָרסט און נאָך אַ וויאָרסט....

און אַזוי, ביז ער קומט קיין שעברשין.

און געהן געהט ער ווי אַבא חלקיה אויפ׳ן וועג — באָרוויס, מיט די שטיוועל אויף אַ שטעקען איבער די אַקסעל. דער שאָסעע האָט שאַרפע שטיינדלעך. אַ פוס היילט זיך אַליין אויס, אַ שטי־

# די יודישע וועלט.

וועל מוז מען שיקען צום שוסטער! און שפּרייזט! מאַרשיערט, ווי אַ זעלנער אין פראָנט, און קאָמאַנדיערט זיך אַליין:

— ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ! „מפּני — זאָגט מען, אין זיין נאָמען: שהקול יפה להליכה...״ „אומות העולם האָבען שכל״.

ווייס איך, אַז איך פאָהר אויף פ. ג.׳ס וועג.

און קוים אַזאַ טראַכט געטהון, דערזעה איך איהם! ווער איך אינערליך פּעגאַפּט, ווי שאַרף און בולט איך זעה איהם! אָט געהט ער... גלייך מיט דער פּוהר. עפּיס טראַכט ער, געוויס מאַכט ער לפ״קין, אָדער חשבונט אַזוי... די ברעמען — די לאַנגע, די געלע און שטעכעדיגע — איבער די אויגען אַראָב. איך האָב קיינמאָל זיינע אויגען נישט געזעהען, און ווייס נישט, וואָס פאַר אַ קאָליער זיי האָבען געהאַט... נישט בעהאַלטען האָט ער זיי, איין אָפענער מענש געווען, — איין אָפענער, געראַכטער און פעס־טער מענש! — נור אַזוינע לאַנגע, געלע, שפּיציגע ברעמען גע־האַט, וואָס האָבען נאָך לענגערע שאָטען געוואָרפען!

מיט יאָהרען שפּעטער, אַז איך בין אויך זיין לויה געווען, ער ליגט אַם ראַנד פון קבר, און מיך כאַפּט פּלוצלונג אָן אַ ווילד פער־לאַנג, צו זעהן זיינע אויגען. „אם לא עכשיו אימתי?״ — די לעצטע רגע, דער קברן שפּרינגט שוין אין אָפענעם קבר אַריין — איך מוז איהם אָבדעקען. שטאַרט אַרויס פון דער ווייסער טיכע אַ שטיק זילבערנע באָרד און לאָזט מיך נישט... איך וויל אַ ריהר טהון מיט דער האַנד, אַ זילבערהאָר גיט אַ ציטער...

דערווייל געהט ער, מאַרשיערט ער... אַ קורץ, פעטט ידעל, די פאָלים פערקאַשערט. די הענד, רעכטס, לינקס, רעגעלמעסיג געוואָרפען, נור קאָמאַנדיערען קאָמאַנדיערט ער זיך נישט.

טהו איך עס פאַר איהם, הייב אָן:

— ראַז־דוואַ, ראַז־דוואַ!

מיין הייכען שכנים קול:

— פע!

„אַ יונגעל פאָהרט צו ר׳ פנחס׳לען, תורה לערנען... ווייסט, קונדאס איינער, ווער און וואָס אַזוינס ר׳ פנחס׳ל איז? ר׳ פנחס׳ל איז איין אַלטער קאָצקער״...

„איין אַלטער קאָצקער״ אינטערעסירט מיך. איך פערשוויינ. פ. ג. פערשווינד. איך וויל הערען; אַ מאָדנע פאָלק — די אַלטע קאָצקער... מען קען—און מען לערנט נישט, דבקות—און מען דאַווענט נישט... דער לאַנגער יוד אָבער האָט נישט וואָס, צו

ער קען נישט פֿערצייהלען... עס פֿאַלען איינצעלנע, טרוקענע ווער־טער מיט אַ הייזעריגען צו־פּיף: פּיש, פּיש! „ר׳ פּנחס׳ל, פּיש, פּיש! אַ קאָצקער פּיש־פּיש...“ און איך ווער האַלב פֿערדריבעלט, און אויפ׳ן אָרט פֿון פּ. ג. גײַט שוין איבער׳ן וועג „ר׳ ליבוש צימעלעס“. דער לאַנגער, קליינבערטיגער, בלאַסער יוד, מיט די אויסגעלאָשענע אויגען, מיט דער בעשטענדיגער לולקע־ציבוק צווישען די פֿערגעלטע ליפּען... דער שווייגענדיגער, פֿער׳יתומ׳טער, אַלטער קאָצקער, וואָס גײַט שטענדיג אויף און אָב איבער׳ן בית־המדרש, פֿון אָרון־קודש ביז׳ן פֿענסטעריל צו דער שמש׳טע, מיט׳ן ביטערן טראָפּען און אייערקיכליך צום פֿערבייסען (זעה „הציץ ונפגע“), און— צוריק... מאַנכמאָל שטעלט ער זיך אָב ביים פֿענסטעריל, פּיקט אָן מיט אַ פֿינגער, שטיל, פֿויל און פֿערבענקט, בעקומט אַ קעלע־שיקיל מיט אַ קיכעל... טרינקט אויס, פֿערבייסט אַ פּיציל קיכעל... און ווידער — אויף און אָב... און קיינער פֿערהאַלט איהם נישט, דער גרעסטער קינדאַס טרעט איהם אָב פֿון וועג. מען ווייסט, ער איז דער יתום פֿון זיין דור, ער האָט מיט אונז נישט וואָס טהון, האָט אונז גאָר נישט צו פֿרעגען, גאָר נישט צו פֿערציילען... פֿערהאַן נאָך איינער אַ קאָצקער, אין זיינע יאָהרען, נור יענער איז אַיין עושר, האַלט אַ מיאוסע שענק... (ר׳ „בעריל“ פֿון די „רייזע בילדער“) נישט זיינס גלייכען...

און אָט גײַט ער איבערן שאָסע. וואו אַהין? מן הסתם קיין קאָצק... אויף קבר אָבות... איבערן וועג קיין שעברשין? בלאָנזיט ער... איך וויל רופֿען צו איהם, און קען דאָס קול נישט אַרויסברענגען פֿון האַלז... איך ליג שוין מיט קאָפּ און אַקסעל אויפ׳ן געזעס...

... איין אַיינפֿאַל! גע׳חלומ׳ט, איך פֿאָהר קיין שעברשין! וואָס איז, פֿערשיקט האָט מען מיך? דער טאַטע האָט מיך געלאָזט? די מאַמע — פֿיינד געקריגען?! איך בין אין דער היים! אויף דער סאָפֿע ליג איך, ביים פֿענסטער. זעה, ווי דער עולם גײַט איבער דער גאַס אין מרחץ. דער „תם“ מיט׳ן בעזעמיל, די „בהמה!“... באַלד נאָך שבת, וועל׳מיר איהם אונטערשיקען נאָך אַ כתב־רבנות פֿון ערגיץ אַ שטעטיל, וועט ער ליפֿען אַהיים צום ווייב מיט אַ בשורה, און בעטען רשות, צו פֿאָהרען....

אָבער פֿאַר וואָס ליג איך? מן הסתם — קראַנק. יאָ, די פּליי־צעס ברעכען מיך אַזוי. עס מוז אָבער נישט זיין געפֿעהרליך. דער טאַטע איז רוהיג אַוועקגעגאַנגען צו קבלת שבת, און די מאַמע

נעמט זיך צו בענשען ליכט. אַ שיינע צוויי פאָר זילבער לייכטער מיר האָבען. דער עיקר די הויכע פאָר, די מיט די רייזעליך און קריינדאַליך... די מאַמע בענשט ליכט ערנסט, אוי, ווי פרום מיין מאַמע איז! און דאָך בין איך זיכער, אַז זי קוקט אויף מיר פון צווישען די פינגער... אַזוי, גלייך, קוקט זי אויף קיינעם נישט... קוקט און שמייכעלט אַוודאַי... אָט, שטעהט זי שוין ביים צווייטען פענסטער... ליכט אָבגעבענשט און קוקט אויס דעם טאַטען. לכבוד שבת: אין שטוב אין דער טערקישער שאַל; די לאַנגע איידינגליך ציטערן אידר אין אויערען. וויל אָבווישען די פערהויכטע שויב, דערמאָנט זיך: שבת, און טהוט עס נישט. אין גאַס איז פינסטער, און דעם טאַטען וועט זי דערקענען אינ'ם גאַנג... אַז זי דערזעהט איהם, רייטעלט זי זיך שטיל, שטיל און ווענדט אָב, זעצט זיך אין אַ ווינקעלע, מיט אַ האַלב פנים צו דער וואַנד... פאַר וואָס קומט נאָך דער טאַטע נישט? שטיקער ליכט שוין אָבגעברענט... פערדעה זיך אַוודאַי... קלויבט זיך איין אורח צום טיש... און אָט — עס עפענט זיך די טהיר...

— גוט שבת, גוט שבת! דער טאַטע — פריילינך, נאָך איהם דער אורח — עפּיס גרילעכציג און גרעבליך. די מאַמע ענטפערט שטיל: „גוט שבת, גוט יאָהר", און געהט איבער דער שטוב און שטעלט זיך מיר צו קאָפּענס. איך ענטפער נישט, מיר האָט דער טאַטע קיין „גוט שבת" נישט געזאָגט, ער האָט מיך נישט געזעהען! זאָל ער זיך דערמאָנען און פרעגען, וואו לבוש איז. ער פרעגט נישט, מאַכט קדוש. קוקט אויף מיר, און רעדט נישט אַ וואָרט. איך בין קראַנק, און ער מיינט, איך שלאָף. קוקט מיט גרויס באַרמהערציגקייט. ער וואָלט געקרעכצט, נור שבת... עס מוז מיר זיין ערגער. דעריבער שטעהט מיר די מאַמע צוקאָפּענס. פאַר וואָס לעגט זי מיר נישט די האַנד אויפ'ן שטערן? זי וועט עס טהון, זי מוז עס טהון. אַניט, וועל איך מיך צוויינען! — דערווייל וואַשט מען זיך; דער טאַטע, דערנאָך דער אורח. נעמט ער, דער אורח, אונזער גרויסע, שווערע, צוויי-אויערינדיגע פולע קופערנע קוואָרט אין איין האַנד אַריין, גיט מיט אַמאָל אַ גאָס אויף דער צווייטער, — שעפּט אָן פון פעסיל, טוישט די הענד — ווידער מיט אַמאָל אַ פולע קוואָרט וואַסער. און אַזוי דריי מאָל... ביי אונז טראָגט וואַסער דאָס קראַנקע קליינע אייזיקיל, וואָס איז מפרנס מיט וואַסער-טראָגען אַ ווייב מיט אַכט קינדער, און נעמען נעמט מען ביי אונז נישט פון דער קאַן, נור פאַר דער וואָך;

דאָס פּעסיל טאָר נישט זיין לעדיג... מאַכט די מאַמע, וואָס שטעהט מיר צוקאָפּענס, שטיל צו זיך, נור איך הער:

— פרום אויף אַייזיקילס חשבון!

דעם טאַטענס „אַ וועלט זעצט מען נישט אַיין“, און דער מאַמעס: „פרום אויף אַייזיקילס חשבון“—די צוויי זאַמען, די צוויי קערנדליך, וואָס מען האָט מיר, אין דער יונגער נשמה אַריינגעוואָרפען, זענען קיינמאָל נישט פערלוירען געגאַנגען. שטענדיג, שטיל און בעהאַלטען, געשפּראָצט און אין אַלע מיינע זאַכען אויסגעשפּראָצט...

דערווייל אָבער עסט מען אָהן מיר.

בין איך ווירקליך אַזוי קראַנק?...

אָבער, איך פאָהר נישט קיין שעברשין! קראַנקערהייט אַוודאי נישט! ווי די פלייצעס ברעכען, אָבער צו וואָס שעברשין? קיין שעברשין פאָהרט ר' זלמן דער שענקער. צום ברייהויז, הייבען בעשטעלען... דינגט ער ביי ישראל זשדאַנאָווער די פוהר. איז דאָך אָבער „רע-פוילין“ — מוז מען דאָך פאָהרען אָדער מיט דער פאָסט אָדער מיט א י י ג ע נ ע פערד, אָדער אָבצאָהלען שטייער פאַר נישט ניצען די פאָסט... יאָ, „רע-פוילין“ — זיפצט ער, פערצווייפלענדיג — שיקט ער אין מאַגיסטראַט אריין, אויף דער ניישטאָט אַרוים, און לאָזט זיך ברענגען אַ צייגעניש, אַז עס זענען זיינע אייגענע פערד. אָבער „רע-פוילין“, דער שומר וועט צולעגען נאָז און אויגען צום חותם מיט דער חתימה און פּרוּוען, און אפשר נאָך אַ פּרעג טהון: אפשר געפעלשט? און ר' זלמן שענקער וועט דער מוטערס מילך ענטרינען, — שיקט ער דעם אייגענעם שליח נאָך אַמאָל אויף דער ניישטאָט און קויפט אוים איין ערלויבעניש צו פאָהרען אויף אַ געדונגענער פוהר... און איז זיך מישב: „רע-פוילין“, און שיקט צום דריטען מאָל אויף דער ניישטאָדט אַרוים און לאָזט זיך ברענגען די פּאָסט...

דאָס פאָהרט ע ר קיין שעברשין...

מען טראָמפּייטערט — טראַ—טראַ—טראַ...

און, אין מיטען טראָמפּייטערן:

— טפרו—ז—ז! — — —

---

אָנגעקומען...

דער לאַנגער יוד כאַפּט זיין פּעקיל און ווערט נעלם אין

דער פערשאָטענטער הילצערנער פּאָדציענע *, צווישען קלייטען, שטעלען און שרייענדיגע וויבער... ר׳ פּנחס׳ל, האָט זיך אויסגעוויזען, איז נישט אין דער היים... געקומען פון דאָרף אַ זייגענדיגע טאָכטער, וואָס איז קראַנק געוואָרען אויף דער ברוסט, צו׳ן אַ דאָקטאָר און פערנומען זיין אַלקיר... איז ער אויף די פּאָר טעג אַוועק צום איידעם אין דאָרף אַריין: קאָצקער האָבען פיינד עצבות, מחלות, געקרעכצעריי׳ען...

מיך מיט׳ן קעסטיל נעמט אַראָב די רביצין. אַ שוואַרצע, האָהריגע, היך־געוואַקסענע יודינע...

אַ מאַמר המוסגר: מחויב צו גלייבען זענט איהר מיר נישט. איך מאָל נישט קיין מענשען, נור זייער אָבבילדונג אין מיר, און די אָבבילדונגען זענען זעלטען ענליך צום מענש; איך מיין: צום איסערליכען פון מענש. עס בלייבט ביי מיר אַ שוואַרצע פאָטאָגראַפיע פון אַ בלאָנדען מענש, וואָס האָט מיר אַרויסגעזאָגט אַ שוואַרצען געדאַנקען. און חקא אַ העלע און גאָלדענע — פון אַ שוואַרצע, וואָס האָט מיר אַ שטראַהל אין האַרץ אַריינגעוואָרפען, פון נאָך אַ שוואַרצער אויג... די זעלישע ליניען און פאַרבען פערדעקען פאַר מיר די איסערליכע ליניען און פאַרבען פון קערפער... די רביצין האָט געקענט גאַנץ אַנדערש אויסזעהן...

נור, ווי זי האָט נישט אויסגעזעהען, זי נעמט מיך אַראָב, מיך מיט׳ן קעסטיל, רייסט אונז ביידע קוים אַרויס פון צווישען אַ קרענציל וויבער, וואָס האָט זיך שוין אַרום אונז פערזאַמעלט... פון די וויבער פליהען צו מיר ווערטער:

— ר׳ יודעלעס... ריבעלים... זוהן... עלסטער זוהן... אַהער געשיקט... מן הסתם — סחורה! צו ר׳ פּנחסל׳ען — ער וועט איהם שוין מאַכען פאַר אַ לייט... אַ שאלה... אַ יונג ביימעל...

— אָבער, וואָס פאַר אַיין אויגאַנים! זעהט! זעהט! —

לאָז איך די אויגען אַראָב. און די רביצין פיהרט... און זי פיהרט מיך אַריין אין אַ פערשאָטענטער שטוב, — נור אַ טהיר מיט אַ פענסטער אויף דער טונקעלער פּאָדציענע אַרויס... אין שטוב, קוים איך דערזעה — קימען־אויבען, אַ טיש און אַ לאַנגע באַנק, אַ פּאָר בענקלעך... ביי די ווענד — זעק... גראָהע, ווייגענדיגע הענד (פונקט מיין היים, מיין אויסגעמאָלטע, ליבטיגע...) זעק מיט קאַרטאָפעל, פון איינעם אַ ביסעל אויסגעשיט... הויפען

* פּאָד־ציען—פּויליש—אונטערן שאָטען.

ציבעלים, מייערן... זי ציהט מיך ווייטער, אין אַ נאָך מינמערער שטוב אַריין, וואָס ציהט איהר ליכטיגע חזנה דורך איין אָפענער טהיר אין ערשטען צימער אַריין, און האָט נאָך אַ פערמאַכטע טהיר צום אַלקיר...

— ר׳ פנחסלס אַלקיר, צינד פערנומען... מיין טאַטער געביך... מיט גאָט זיין הילף... געזונד אָבפּאָהרען די טעג. ר׳ פנחס׳ל וועט קומען... און אַלקיר וועסט׳ו לערנען מיט איהם תורה...

דאָס קול איז איך שוואַרצליך און האָהריג, און פערגעסט נישט צוצוגעבען:

— ליכט, יונגעלע, וועסט׳ו קויפען...

און גיט עפּיס אַ וויסטען שמייכעל אין דער פינסטער:

— נישט אמת, יונגעלע, די מאַמע האָט דאָך דיר מיטגעגעבען קליין־געלד...

און דרינגענדיג:

— יאָ?

— יאָ, יאָ! זאָגען אָבער קען איך נישט, קלינג איך מיט דער האַנד אין קעשענע.

—אַ סך, אַ סך... נו, יונגעלע, דערוויל זעץ דיך... ביסט דאָך מיעד פון וועג. אָט דאָ, יונגעלע! דאָס בענקעל שאָקעלט זיך נישט...

זי זעצט מיך.

— און דאָ, זעהסט׳ו ביי דער וואַנד, צווישען דער שאַנק און דעם פעסיל וואַסער (פון אַלקיר הערט זיך קרעכצען. זי: באַלד, באַלד, טאַטעשי, איך לויף שוין אַקעגען דעם דאָקטאָר! —) דאָ וועט זיין דיין געלעגער. איך וועל דיר פיין אויסבעטען. און דערוויל (אַ קרעכץ און — באַלד, באַלד, אותי הרגע... ס׳יונגעל איז דאָך הונגעריג!) אָט זעהסט, אַ שיסעלע ציבעלקים, ערשט געמאַכט; געוואוסט, דו קומסט. און רעטיך אַ ביסעלע, שוויצט פון זאַלץ... עס, עס... איך לויף נור אַ קעגען דעם דאָקטאָר, ברענג איך דיר נאָך אַ גלאָז מילך... אָט איין אייער־קיכעל. זאָלסט דיך נישט דאַרפען וואַשען.

זי פערשווינד. דער הונגער טהוט זיינס, איך וויל אויך „פערעסען״ דאָס קרעכצען פון אַלקיר... איך עס, און די טרערען (פאַר וואָס?) רינען מיר פון די אויגען איבער די באַקען אין שיסעלע אַריין... אָבער — פאַר וואָס האָט מען עס מיך פערטריבען

פון דער היים? וואָס האָב איך אַזוינס געזינדיגט? — איך וויל נאָכקלערען, דערמאַנען זיך, פערטראַכט זיך און קען זיך נישט דערמאַנען. פערטראַכטערהייט, אויפגעגעסען דאָס גאַנצע שיסעלע, עס וועקט מיך אַ שרעקליכער דורשט. געוואָהנט שוין אַ ביסל צו דער פינסטערקייט, דערזעה איך אויפ'ן טיש אַ גלאָז מילך. מיין איך, די רביצין איז שוין געווען, געברענגט, און איך האָב נישט געהערט. כאַפּ איך, טרינק אויס, — און, דאָס גלאָז נאָך אין דער האַנד, — די רביצין, מיט אַ גלאָז מילך!

— אַ בראָך איז צו מיר! אַ קלאָג איז צו מיר!

צוויי גלעזער פאַלען; פון מיין האַנד און איהר האַנד. צוויי קלינג און געפּלאַצעריי. אַ טויט־שרעק־געשריי פון אַלקיר...

עס ווייזט זיך אויס, אַז איך האָב אויסגעטרונקען דאָס גלאָז־מילך, וואָס מען האָט אָבגעצאַפּט פון דער קראַנקער ברוסט, צו ווייזען דעם דאָקטאָר.

די רביצין, ענדליך, זאָגט:

— אַ מען זאָגט משוגע, גלייב!

— — — — — —

ווייזט שוין שעברשין איך פון מיין משוגעת, פון מיין פערחלומטקייט, טהוען אַלץ קאַפּויער. און ווער עס וויל, נעמט אין בית המדרש אַ שטיקעל קרייד, מאַכט אויפ'ן טיש אַ ראָד, אין מיט'ן ראָד — אַ פינטעלע. אַרום ראָד שרייבט מען אויף אַלע מעלות טובות, וואָס אַ מענש קען האָבען: אַ גוטער קאָפּ, אַ גוט האַרץ, אַ גוט אויג... און אין מיטן, ביים קליינעם פינטעלע — „משוגע"...

„אַ ביסל משוגע וואָלט נישט געשאַט, נור, אַז דאָס משוגעת איז אין דער מיט, און אַלע מעלות אַרום, — איז אַלץ משוגע"...

דערווייל איז דאָס ווייבעל געזונד געוואָרען, אָבגעפאָהרען געזונטערהייט. ר' פנחס'ל — געקומען, דעם אַלקיר פערנומען.... ליכט, צו בעלייכטען דעם אַלקיר נעמט מען ביי מיר; נישט ער, די רביצין... יעדעס מאָל זאָגט זי: „ר' פנחס'ל זאָל וויסען, וואָלט ער מיר די קאָפּקע אָבגעריסען..." איך בעמערק, אַז עס איז „צום גראַם", און בין איהר מוחל... אָבער לערנען אין אַלקיר לערן איך זעהר זעלטען. ביי טאָג איז ר' פנחס'ל דאָס מיינסטע פערנומען מיט בוררות... פאָהרט אַמאָל אויף אַ טאָג אין אַ בוררות ערגיץ אין אַ דאָרף, צי אין אַ נאָהנט שטעטיל אַריין. ביינאַכט האָט ער אין אַלקיר התבודדות, טרעט אויף און אָב, אָדער זיצט און

שרייבט „חדושי תורה"... אַ מחבר — ר' פנחס'ל! אַמאָל, זאָגט מען, וועט די וועלט אַ גרויס ליכט דערזעהען, אַ גרויס ליכט מק"ק שעבערשין... דאָס ליכט האָט מען נישט געזעהען... ר' פנחס'ל איז געקומען אין זיין צייט צו קבר ישראל, — וואו די „חדושי תורה" זענען אַהין געקומען, — איך האָב מיך שפּעטער נאָכגעפרעגט, — ווייסט קיינער נישט; אַפילו די רביצין נישט... און איך לערן אָהן איהם. „דער עקר — זאָגט ער — איז דאָס לייענען... דאָס לערנען פאַר זיך. דאָס שאַרפען זיך אַליין דעם מח... צום רבין דאַרפען מען קומען מיט ספקות, מיט שאלות... מיט „הדבר הקשה"...

„און דער עקר לערנען איז פאַר טאָג... מאימתי'....

און ער טהוט זיך זיינס ביי מיינע ליכט אין אַלקיר גאַנצע נעכט, און מיר שאַפט ער אַ חבר, צו לערנען פאַר טאָג אין בית המדרש... אַהיים דערפון שרייב איך נישט. ערשטענס — פויל צום שרייבען בריעף, ביזן היינטיגען טאָג! צווייטענס — עס שמעקט מיט מסירה! דריטענס, אַז „זיי" האָבען מיך אַוועקגעשיקט, איז נישט זייער דאגה... פערהאַן נאָך אַ פירטענס — און דאָס איז דער עקר — איך בין איהם דאַנקבאַר פאַר'ן חבר. דעם עלטערן חבר האָב איך ליעב בעקומען אהבת נפש. מיט פרייה כאַפּ מיך מיך אַראָב, פיערען פאַר טאָג, פון געלעגער. און לויף צום חבר... און וואַרט אָב זיין קומען מיט יונג-האַרץ-קלאַפּעניש! לערנען לערנען מיר „זבחים", און איך קריעג ליעב, צו לויב איהם, די סיניא... אַ יונגער מאַן, וואָס דערמאַנט מיך מיין פעטער שמואל-ליבוש מיט די בלאָהע, טאַנצענדיגע, דינע אָדערליך ביי די שלעפען. יענער האָט אויך ליעב צו לערנען פאַר טאָג. איך בין אַמאָל קראַנק געלעגען ביי דער באָבען אין דער גרויסער שטוב. און יעדען פאַרטאָג זיך איינגע-הערט, ווי ער לערנט, שטיל, שטיל-זינגענדיג. דער יונגער מאַן, מיין חבר, לערנט אויך האַרציג. די שטימע — ווייך, סאַמיטען, פערגנבית זיך אַזוי צום האַרץ. און שוואַרצע, שוואַרץ-גלאַנצענדיגע פאות געלאָקטע האָט ער. און כאַפּט אָפט איין עק פאה אין מויל אַריין. דורך די רויט-זאַפטיגע ליפען, צווישען די מילך-ווייסע ציינער. און איגען אונטערן שטערן, היינט וואָלט איך געזאָגט: „פייכט פערבענקטע", דעמאָלט: „אַזוינע גוטע, גוטע"... „גוט" און „טרויער" איז דעמאָלט ביי מיר דאָס זעלבע. און באַקען עטוואָס געלבליכע, פערשאָטענטע, נור מיט אָבגלאַנצען פון די „גוטע" אוי-גען... איינמאָל, לויפענדיג אַזוי פאַר טאָג אין בית-המדרש אַריין,

האב איך דערזעהען א „רוח". ער האט זיך געוויעגט אין דער לופט, אראבהענגענדיג פון א פענסטער אין איין אלט הויז... „נישט דא קיין רוח", וויים איך! דאס הארץ אבער קלאפט, דאס בלוט פולסיערט אבער — איך זעה דאך מארט... דאס האלט מיך נישט אב. איך לויף פארביי, נישט צום מקום קדוש, נישט צו „זבחים", — איך וויים יעצט בעשטימט — צו מיין „חבר"... זיינע אויגען רופען מיך... שפעטער האט זיך ארויסגעוויזען: עמיץ האט ארויסגעהאנגען א העמד צו טריקענען... אבער מיין שרעק, און דער גוין פאר דער שרעק — זיין צערטליכקייט!..

אין עטליכע יאהר ארום איז דער יונגער מאן געקומען קיין זאמושץ, זוכען פרנסה. זיין פאטער איז שטענדיג געווען איין אריסאן און געטהון מיט איהם א געלד-שדוך, מיט א רייכען ארענדאר פון א מוהל. דער פריץ האט זיך געענדערט, אנגעהויבען פערלאנגען הוספות, דאס געשעפט איז ערגער און ערגער געווארען, דער מילנער — בדיל הדל. און מיין יונגער-מאן איז געקומען זעהען זיך עפים א געשעפט, מפרנס צו זיין — זיך, זיין ווייב און קינד, און דעם אלטען שווער מיט'ן הויז-געזינד. איין אנדערער מענש. דאס פנים הארט-ביינינ, אין די אויגען — דאגת פרנסה, שרעקיגע דאגת פרנסה.. איך האב מיט איהם מיט-לייד און דאך מייד איך איהם אוים. איך האב אין הארץ א שען בילד פון א געליעבטען מענש; ביי יעדען טרעפען זיך מיט איהם ווערט דאס בילד טונקעלער, פערשאטענטער, און איך וויל עס היטען ווי איין אוצר... מייד איך איהם אוים...

שטעה איך אויף, ווי געזאגט, פיערען פאר טאג, און ביי-נאכט שלאף איך זעהר שלעכט. דאס פעסיל-וואסער קיהלט מיר דעם קאפ; וויל איך איבערדרעהען דאס געלענער; מיין שווארצע רביצין פאטשט מיט די הענד:

— אזא משוגעת, מיט די פים צו דער טהיר וויל ער ליגען...

שלאף איך און שלאף נישט, און הער אלץ, וואס ארום טהוט זיך. הער איך, ווי ר' פנחס'ל געהט אויף און אב אין זיין אלקיר, אדער סקריפיט מיט דער גענזענער פעדער איבער'ן פאפיער, אדער שטעלט זיך ארויף אויף א בענקיל און זוכט א ספר אין הענגענדיגען וואנד-שענקיל... א ביסל „אנגערידהרט" בין איך שוין, קלער איך, וואס זוכט ער: א „קולא" צי א „חומרא"? — געשריבען אבער האט ער פשט'ליך... געוואלט ארויסגעבען א ספר מיט פשט'ליך פאר בר-מצוה'ס און חתנים... ווי געזאגט, פערלירען געגאנגען!

די רביצין קלאָגט זיך אַמאָל:

— ער זאָל מיר עס אַמאָל צוהעלפֿען צו דער אַרבייט...

און ער ענטפֿערט אין דער דריטער פּערזאָן:

— זאָג איהר, אַז איך וועל מיין ספר ענדיגען, וועל איך איהר קויפֿען פּעריל...

די שוואַרצע האָהריגע רביצין, מיט'ן וואַרצעל (וואָס איך דערזעה ערשט) אויפ'ן שטערן, רייטעלט זיך פֿאַר נחת, די איי־גאַליך גיבען אַ פינקעל, פּעריל האָט אַ יודינע ליעב, תורה — אויך! און גיט זיך, זיך נישט אויסצוגעבען, אַ ווענד אָב צו דער וואַנד... מיין מאַמעס בעוועגונג, נור אַזוי אומגעלומפּערט און (וואָס נאָך מיאוס'ער איז) אַ כאַפּ דעם פֿאַרטוך צו דער נאָז.

און אָפּט בעקום איך צו הערען, ווי די רביצין רעכענט זיך, ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, מיט שכנות, מיט וועל־כע זי האָט געקויפט און פֿערקויפֿט בשותפות אַ מציאה...

הייבען הייבט זיך עס אָן שטיל, זעהר שטיל... גלייך שטילע פֿייערליך צישען, שלענגליך וואַרפֿען זיך איבער צישענדיג (דעמאָלדיגער איינדרוק; וואו איך האָב דעם אויסדרוק גענומען, וויים איך נישט!) און אַלע מאָל: טסס... דאָס יונגעל שלאָפֿט. אָדער: „וועקט נישט דאָס משוגעת'ל", און „ר' פּנחס'ל שרייבט תורה!" פּלוצלינג — אַ הויך וואָרט, באַלה אַ גראָבס, און נאָך, און נאָך...

— „גנב'טע, גזלנטע"... אַ קללה אַ שאַרפֿע... און שטענ־דיג מיינט מען „מיין" רביצין... און: שאַ, שאַ!

זי גיט נאָך! איהר געלד, זייער נשמה! לאָ'מען נור איהר פּנחס'לען נישט וועקען... און דעם „תכשיט", וואָס קען אַהיים שרייבען אַ בריעף...

און עס ווערט רוהיגער... און, נאָך די חשבונות — גלאַט אַ גערייד... מען גענעצט, און עס פֿעדימט זיך איין אַ שמועס. דאָס מעהרסט רעדט די רביצין, וואָס זיצט ביים קוימען־אויבען, נישט ווייט פֿון טהיר און מיין געלעגער. און רעדען רעדט זי פֿון איהר קינפֿטיגער שנור פּעריל און שפּעטערן חלק לעולם־הבא — פֿון איהר ר' פּנחס'לען. און — גאַנץ אָפּט פֿון מיר...

דעמאָלט ווער איך אין גאַנצען וואַך. עס אינטערעסירט מיך. איך ווער פֿון איהר זעהר פֿיעל געוואָהר און דערמאַנט. איך טהו פֿיעל זאַכען אונבעוואוסט און פֿערגעסען פֿערגעס איך נאָך מעהר.

זי רעדט, שטריקענדיג אַ זאָק, אָדער צערינדיג איין אַלט בגד.

אנדערע טהיען דאס זעלבע; מען געהט נישט פון שטוב ארויס, אהן איין ארבייט אין בוזעם. און אלע אינטערעסירען זיך מיט מיר, מיט'ן „תכשיט", מיט'ן „משוגעת", מיט „די גרויסע, ברענענ־דיגע אויגען". „ווי ברענענדיגע הבדלות", האט איינע פערגליכט; איך האב עס גענומען אין „מאניש" אריין. און די רביצין רע־כענט איהם מיינע שגעונות. פערצייהלט, ווי איך רייס אליין פון מיר אראב. ווי איך שליידער אב די אבצאסען פון די שטיוועל. „אפילו דאס היטעל צורייסט ער"...

— א וואונדער! אז א יונג ליופט ארום גאנצע טעג... ר' פנחס'ל איז דאך שטענדיג א פערטראכטער, אזא למדן! און איידער ער קוקט זיך אום, והילך איננו! (שקר, ער קוקט זיך גאר נישט אום!) זוכט מען (אויף זעלטען אמת). וואו געפינט מען איהם? אונטער דער שטאט. וואו איז ער דער בחור? ביים וואסער, אויף דער לאנקע אויסגעצויגען. קוקט אין הימעל אריין אדער מיט'ן פנים צום גראז... אדער רוקט זיך ביז צום ראד פון דער וואסער־מיהל (מיין יונגען־מאנס שווערס ארענדא). און „אז ער גיט א קאַ־לער זיך ווייטער? און אז א קוה, וואס פאשעט זיך, וועט איהם געבען א כאפ אויף די הערנער? — ווער וועט זיין שולדיג?"

און נאך, און נאך. א מאסע קליינינקייטען: דור־געלאפען די פאדציענע און, מעשה שטן, פערציפיט זיך אן זיין קנאפ מנחם־מענדיל'ס בת יחידה'ס צאפ... ווערט א געשריי: מזל־טוב! מזל־טוב, חתן כלה! די ווייבערישע צונג האט דאך קיין ביינער נישט! געהט דער יונג, שטרעקט אויס די הענד צום מיידעל'ס קאפ — האלט זיך איהם גלייך פאר'ן פנים און זאגט: אדרבא, א שיין מיידעל! געהערט אזוינס!..

— און מיינט איהר — געהט מען איבער, נישט אהן גדלות, צו מיין אבשטאמונג! — מיינט איהר „אבי ווער?" — פון א שטיין? אין גאס געפונען? פון פאטערס — ר' יודעל'ס צד — אויסגעוויקט אין תורה, אין גדלות, אין עשירות, ביז צום רבין ר' העשיל!..

א שפרונג, וועיל פון דעם צד נישט „בעהאוועגט". פאר דאס איספיהרליכער פון דער מאמעס צד, — זאמושץ! —

און איך ווער געוואהר (אויב אמת), אז מיין עלטער זיידען פון דער מאמעס צד האט מען גערופען „דער סטאראסטער". „ר' ליבוש סטאראסטער"; איך הייס נאך איהם — דער משוגענער ליבוש! (איך פאל דאך ביי מיר נישט אב!) און פאר וואס האט מען איהם גערופען סטאראסטער? וועיל ער האט זיך געפיהרט ווי

אַ סטאַראָסטא, ווי אַ שררה! געהאַט זיך זײן באַזונדערע שטוב, נישט קײן אַלקיר! רויט געפאַרבטע טיש און בענקלעך, געטראָגען זײדענע זאָקען, גערעדט דײטש ווי אַ וואַסער, און אַז עס איז געקומען דער שררה זאַמאָיסקי, דער אָרדינאַט, וואָס האָט זאַמושטש געבויט, פֿלעגט ער איהם רופֿען און רעדען מיט איהם פּה־אל־פּה. און נישט: „סלוכיי, זשידקו!" נור מיט גרויס דרך ארץ...

און די עלטער־באָבע האָט אַ געוועלב געהאַט, אַ גרויס געשעפֿט פֿון קאָלאָניאַל סחורה, טאַקי מכּל טוב און — מעבר לים... סחורה פֿון לײפּסק: הײנט האָט דאָס געשעפֿט בירושה מײן פֿעטער אינ'ם האַרטען קאַפּעלוש, ווי דערמאָנט — דער שפּעטערער זאַמלער פֿון מײנע הײמיש־געבאַקענע שירים. און אין דעם געוועלב — הערט, וואָס אַ יודענע אַ צדקת קען! — זענען געווען אָבגעטײלט צווײ שופֿלאָדען: אײנס מיט ראָזינקיס, דאָס צווײטע מיט מאַנדלען, פֿאַר אָרימע לײט. דער גאַנצער פּדיון — אויף צדקה! און קומט אַרײן אײן אײגען קינד און וויל אַ ראָזינקע, קריגט עס איבער די הענדטליך; מוז עס אַרײנוואַרפֿען אין באַזונדערן שופֿלעדיל פֿאַר אָרימע לײט אַ גראָשען... אַ פּרוטה. (הערמאָלט נאָך פּרוטות גענאַנ'ען).

און הערט שטיל, אָדער איך דרימעל עטוואָס פֿעסטער אַײן. בויט זיך איך פֿאַר מיר „מײן" און מײן זאַמאָיסקי'ס זאַמושטש — דאָס קלײנע פּאַריז. און, ווי דערמאָנט, אויסגעמישט מיט'ן עלטערן זאַמושטש, פֿון וועלכען איך האָב קינדווײז געהערט.

און איך זעה זאַמושטש נאָך אַלס פֿעסטונג אין איהר מאַכט, פּראַכט און אַרומגעוואָרפֿענער שרעק... אַרום — נישט פֿערלאָזטע, נישט אָבגעשיטע, נישט אָבגעשטאָכענע וואַלען; צווישען וואַלען און וואַלען — פֿאָסען מיט וואַסער; טיעף, קלאָר וואַסער... אַ זעלנער, פֿון אַ דאָרף אין טיעף רוסלאַנד, האָט זיך אַמאָל אַהײם פֿערבענקט, ענטלאָפֿען פֿון קאַזאַרמע, געוואָלט אַריבערשווימען דאָס וואַסער, צו שווערע שטיוועל געהאַט, און — דערטרונקען געוואָרען. אַרום, אויף די וואַלען — אַרמאַטען, קאַרטעציען, דרײ־ און פֿיער־עקען מיט קוילען, — מען טאָר אויף זײ נישט ווײזען מיט אַ פֿינגער! עס געדענקט איך און אָב איך דער וואַך אַ בעוואָפֿענטער זעלנער, און גיט מען אַ ווײז מיט אַ פֿינגער — „פּיף־פּאַף!", געשאָסען, און לית־דין ולית־דײן! ס'קומט אַזוי!

די בראָמען זענען נאָך פֿרומען. אין דער פֿריה בלאָזט

# די יודישע וועלט.

אַ טראַמפּייט, עפּענט מען. פֿאַרנאַכט שפּיעלט מען „זאָרים“ — פּערמאַכט מען... די לובלינער ברום איז ווי־זאַ־ווי צו די בית־המדרש־פּענסטער... צווישען דער וואַך אין דער ברום איז פֿאַרהאַן אַ זעלנער אַ קאַנטאָניסט.... אַ גאַנצען טאָג ליגט ער אין דרויסען, מיט די אויגען פּערקוקט אין די אויערן אויסגעשפּיצט צו די בית־המדרש־פּענסטער צו... נאָך זאָרים, אַז די וואַך געהט אויף און אָב, פּער׳גנבֿ׳עט זיך דער קאַנטאָניסט אין בית־המדרש אַריין און זעצט זיך לערנען...

מען האָט איהם אַמאָל געכאַפּט, אויפ׳ן פּלאַץ, צווישען וואַך און בית המדרש, „סקוואָז סטראָי“ געטריבען... בלוט האָט געשפּריצט, ער האָט קיין קרעכץ נישט געטהון... מיט׳ן איינגעשפּאַרטען שווייגען דעם אָפיציער, וואָס איז דערביי געשטאַנען, אין צאָ״ן אַריין געבראַכט: וואָט זשיד! אַ קאָמאַנדיער געטהון: זשיוועי, רעביאַטאַ! האָט זיך ערשט אָנגעהויבען אַ שמייכעניש... ווי אין די „דריי מתנות“... אין בית המדרש האָט מען גע׳חלשט... די קלאָג אין עזרת נשים, וואו ווייבער זענען זיך צוזאַמענגעלאָפען, איז אין לשער — „כל נדרי“ איז גאָר נישט!

אַכציג ריטער האָט ער בעקומען און פּערשוואונדען... ערגיץ פּערשיקט געוואָרען...

און איבער די „וואַסערן“ פון די פּאָסען, הינטער אַלע דריי בראָמען, — דריי אייזערנע הענגעל־בריקען אויף קייטען... פֿאַר׳ן עפּענען די בראָם לאָזט מען זיי אַראָב, פֿאַר׳ן פּערמאַכען ווערען זיי איפּגעהויבען...

פּלוצלונג ענדערט זיך דאָס בילד, און איך זעה „שעלמעווען“ אַ פּערזינדיגטען אין מיט׳ן מאַרק... איך בין נאָך אַ קינד, געה אַהיים פון דרדקי־חדר און קען אַהיים נישט קומען. „מען וועט שעלמעווען“...

אין מיט׳ן מאַרק שטעהט אַ טיש, אויפ׳ן טיש ברענט, אין עפּיס אַ כלי, אַ פּייעריל. אויפ׳ן טיש שטעהט דער האַלב נאַקיטער פּערזינדיגטער... ביי׳ן איהם — דער היצעל (הונד־שלעגער, תליין). ער האַלט מיט דער לינקער צו דעם זינדיגען, און אין דער רעכטער — אַ הילצערנע שטוהל פון אַ חתימה, וואָס גליהט אין פּייער... עפּיס אַ מיאוס שרעקליך וואָרט שטעהט אויף דער חתימה. גנבֿ, צי רוצח... איך געדענק נישט... אַרום טיש — דער גאַרניזאָן מיט דער מוזיק, אַרום מיליטער מיט דער מוזיק — עולם... שטאָטלייט. „מיעשטשאַנים“ פון די פֿאָרשטעט — קינה און קייט, אפילו

פֿיערען מיט פֿיערטיס, וואָס זענען צופֿעליג פֿון דאָרף געקו־
מען. דער מאַרק — געפּראַפּט. פֿול קעפּ — די פֿענסטער, פֿול דעם
אַפּטייקערס באַלקאָן... קלײנע מענשאַליך — אויף די דעכער, אַרום
די קוימענס*. „הודל גנב" קריכט אַרויף אויף אַ בלעכענע רינע...
מען בעמערקט עס:

— די רינע וועט זיך אָבּרייסען!

שפּרינגט ער אַראָב, ווי אַ קאַץ...

פּלוצלינג — אַ שטילקייט פֿון פּאַר שופר בלאָזען, דער היצעל
כאַפּט אַרוים די חתימה, די מוזיק גיט אַ שמעטער, די חתימה
ווערט צוגעלעגט צום זינדיגענס שטערן, דערנאָך צום נאַקיטען
עלענבויגען...

ווערט מיר פּלוצלונג קאַלט, כ'ציה אַרויף די קאָלדערע,
איך ציטער אין גאַנצען, עפּיס אַ האַנד (אַ האַרטע, דער רביצינס?)
טאַפּט מיר דעם שטערן...

— פּנחס'ל, פּנחס'ל... היץ האָט ער!

— — — — — — —

געזונד געוואָרען, צו'ם זמן איז קײן ספק נישט געבליבען,
שיקט מען מיך אָב, ר' פּנחס'ל דאַרף סײ ווי סײ פּאַהרען כשר'ן
מוהלען אויף פּסח. און אַזאַ תּלמיד דאַרף ער נישט. פֿון מײן
קרענק אָבער פֿערציילט מען נישט, און מען שיקט מיך אָב מיט
אַ גאַנץ פּעקיל מסירות. „עס איז פֿון מיר נישט אויסצוהאַלטען.
אמת משוגע". פֿאַקטיש, וואָס מען האָט געמסרט, געדענק איך
נישט. עס האָט מיך באַלד נישט אינטערעסירט, אָבער וואָרט בײ
וואָרט פֿאַלש. מיך צו פֿערטײדיגען האָב איך קײן צונג
נישט אין מויל. דער טאַטע שרײט אַ ביסעל, וועט ער זיך אויס־
שרײען. די מאַמע וויל אַ ביסעל װײנען, וואַרפֿט אָבער אויף מיר
אַ בליק, זעהט מײן רוהיגקייט און ציהט צוריק די טרערען; דאַכט
זיך, אינבעוואוסט איבערצייגט, אַז — נישט קשה...

אין בית המדרש רעדט מען אַ ביסל. דערנאָך אינטערעסירט
מען זיך מעהר צו וויסען, וואָס און ווער ר' פּנחס'ל איז... איך ווייס
נישט, וואָס צו זאָגען. כמעט איהם נישט געזעהען אָדער פֿערגעסען.

— וואָס האָט ער מיט דיר געלערנט?

דאַכט זיך, גאָר נישט...

* אויך „דרײ מתנות"

## די יודישע וועלט.

און עס גליסט זיך נישט דערמאַנען. גוט, אַז אויס־געלייזט, פריי געוואָרען...

אָבער נישט אויף לאַנג. „וועסט לערנען אין דער היים" — (שלעכט!) „אַ פּאָר שעה אין טאָג" (אַה!) בּיי ר' אברהם יהושע... ה און... מען רופט מיר אָן אַ חבר, מיט וועלכען איך האָב ווירקליך אַ קורצע צייט געלערנט, און קען מיך יעצט בשום אופן נישט דערמאַנען, נישט מיין חברים נאָמען, נישט זיין געשטאַלט, און נישט וואָס מיר האָבען צוזאַמען געלערנט. בכלל פליהען מיר אין קאָפּ אַרום גאַנצע סוגיות, גמרא־שטיקער, אָבער בּיי וועמען געלערנט און ווען? געדענק איך נישט.

ר' אברהם יהושע איז פריהער דיין געוועזן. פאַר וואָס איז ער דיין געוואָרען? אַז איך פרעג, פערשווייגט מען. האָט אַפילו קיין גליק נישט צו בּוררות. מען נעמט איהם נישט גערן. אַ „דריי־קאָפּ!" זאָגט מען. אַ למדן איז ער. פון די גריבלער, און האַלט פון אייגענעם קאָפּ עולם ומלואו... פון אויבען־אויף — אַ גרויסער ירא שמים. נור עפּיס גליובּט זיך נישט... אַ קורצזיכטיגער, לאַנג־קעפּיגער, פערטאַביקטער יוד אין איין אַלט ספּאָדיקל מיט לעצליך. בּיי אונז אין שטוב הענגען צוויי פּאָרטרעטען, פון טאַטען צופעליג ערגיץ אויף אַ ליציטאַציע געקויפט, נאַפּאָלעאָן דער דריטער און זיין ווייב — די יפהפיה, די קיסר'טע עאגעניע. הענגען מיר איבער די יפהפיה אויפ'ן ירא־שמים'ס זייט. וואַרפט ער אַ בּליק, ווענד איהם ראש אָפּ און קוקט שוין נור צו דער קעגענאיבערדיגער וואַנד, וואו מיר האָבען געטוישט און אויפגעהאַנגען נאַפּאָלעאָנען. צו מאָרגענס — הענגט עאגעניע צוריק אויף איהר אָרט... ער בּריהט ווידער זיך אָפּ, קוקט שוין נישט אויף די וואַנד...

קומט אָבער צו „קענטעניששען", קריכט שוין זיין גאוה אַרויס פון דער שייט אין גאַנצען.

שפּראַכען? הבלים! ווען ער זאָל וועלען קענען אַ שפּראַך, נעמט ער אַ ווערטערבּוך און לערנט עס אויס, אין אַ חודש צייט, אויסענווייניג, קען ער די שפּראַך...

— און אַייערע חכמות!

— רבּי, ווי אַזוי, למשל, קען מען וויסען, ווי ווייט עס איז פון אונז די זון?

חזק!

„מען נעמט אַ ליכט, מען מעסט אויס די הייך מיט דער

בּרייט — דעם גאַנצען פערנעם פון פלעמיל. דערנאָך נעמט מען און מען רוקט פאַמעליך, פאַמעליך פון זיך אָב דאָס ליכט, למשל: אויף ה' אמות, און מען מעסט איבער... זעהט מען, אַז דאָס פלעמיל איז, אויף ד' אמות, אויף אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קלענער געוואָרען, הייסט מען, אַז אויף די אמות ווערט אַ פלע־מיל אויף אַזוי פיעל און אַזוי פיעל קלענער. טהיילט מען דעם מהלך צו דער זון אויף ה' אמות, אַ פשוט'ער חלוק, און מען טאָפּעלט מיט דער צאָהל פון קלענער ווערען... אַ פשוט'ער כפל"...

פלאַצען מיר אַרויס מיט אַ געלעכטער:

— און ווי מעסט מען דעם מהלך פון דער זון?

איך פשוט, און נעמט אַ שמעק טאַביק: אַ פשוט'ער חשבון, נור פערקעהרט... אַז מען ווייסט, ווי גרויס די זון איז און ווי קליין זי זעהט אויס, דאָס מעסט מען שוין מיט'ן אויג — — —

— — — — — — —

עס הילכט אַ ניי געלעכטער. בעליידיגט, פערשוויינט ער און נעמט זיך צום לערנען.

דער ויכוח שמעקט, ווי איהר האָט געוויס בעמערקט, מיט „בערנשטיין"...

ווי קומען מיר צו בערנשטיין?

„הנצנים נראו בארץ!" — עס שמעקט שוין אין „קליין פאַ־ריז" מיט השכלה...

דערמאָן אין די ווייטערע פרקים!

ש. י. אימבער.

# וואנדער-ליעדער.

.1

דאָס האַרץ אין ברוסט, די ליעבּ אין האַרצען,
און פרייד און לייד אין בליקענשפּיעל,
און וועגלייז — צו די וויטסטע וויטען,
און ציעללייז צו דעם שענסטען ציעל —

אַזוי בין איך פאַרבייגעוואַנדערט,
אַזוי האָט יעדע מיך געזעהן,
ווער ס'האָט פון גאָט צוויי שענע אויגען
און הייסט ביי לייט אַ מיידעל שען.

אַזוי האָט יעדער מיך געזעהען,
וואו יוגענד ברויזט, וואו שענקייט דויזט —
פאַר צעהנער הונדערט שענע אויגען
האָב איך מיין האַרצענס פראַכט אַנטבלויזט.

און וואַנדערנד מיט מיין האַרץ דעם בלויזען
האָב איך צעהנהונדערט מאָל גערוהט,
אויף הערנער פון צעהנהונדערט רויזען
האָב איך געלאָזט מיין האַרצענס בלוט.

---

.2

איך ברענג מיין האַרץ פון בלומענבלוט
אַ קרבּן נאָך אַ קרבּן —
אָ גלוט, אָ גלוט, אָ זונענגלוט,
דו האָסט מיין האַרץ פערדאָרבען!
אָ בלום, אָ בלום, אָ דופטענבלום,
אָ דופטענבלומען טויזענד!
אָ גאָרטען, ב'ברענג דיר קינדער אום
אין רויש פון דופטען ברויזענד.

און דאָך, ווען ס׳פאַלט די זאַכטע נאַכט
אין גאָרטען מיד אַנידער,
ווען אין מיין האַרץ די מאַכט ערוואַכט,
וואָס וועכט פון הפטען ליעדער —
דאַן געה איך דאָרט, אַן ענגעלסבילד,
דער הימעל צינדט מיר ליכטער,
און טויזענד בלומען שעפטשען מילד:
„ביזט אונזער ברודער, דיכטער“.

———

.3

און אַלע געפעל איך, אוי נאָר נישט דער איינער —
די איינע געפעלט מיר אַזוי;
געטרייסט וואָלט מיך יעדע, דאָך אומגעטרייסט בלייב איך —
די איינע, זי קוועלט מיך אַזוי!

דער טוי פון מיין זעלע, מיין האַרצליכט דאָס העלע,
בעגליקט וואָלט עס בלומען אָהן שיעור —
און איינע נאָר, איינע, די בלום די ריינסט-ריינע
בליהט ווייט און פערבאָרגען פון מיר.

און איינע נאָר, איינע, די בלום די ריינסט-ריינע,
וואָס בליהט אין פערבאָרגעניש ווייט,
דערוועקט דעם גן-עדן-הפט אין מיינע ליעדער,
דערוועקט דאָס גהינם, וואָס בליהט.

———

.4

איך האָב זיי געזעהן, די פייגעלעך קליין,
זיי זענען געפלויגען און זוניגען שיין,
זיי זענען געפלויגען מיט פרייד און מיט גליק
אַריבער דעם ים צו די נעסטען צוריק.

## די יודישע וועלט.

און כ'האָב מיך דערמאָנט, וואָס כ'פערגעס נישט קיין מאָל:
דאָס נעסט פון מיין הארצען, דאָס שטעדטיל אין טאָל;
מיין בליק האָט מיט טרערען די פייגעל בעגלייט —
געליעבטע, דיין נאַכטיגאַל בלייבט אין דער וויט!

———

5

אַ גאַנצע נאַכט איבער'ן ים געקוקט
צו יענער זייט, וואו דו פערברענגסט —
אַ גאַנצע נאַכט איין וואָרט געשיקט:
געדענקסט?

און ס'האָט דער מאָרגענווינט געבראַכט
אַן ענטפער מיר אויף מיין געוויין —
ס'האָט קאַלט דער מאָרגענווינט געלאַכט:
אוי ניין!

———

6

אַ שטערן קוקט אין ים אַריין,
מיין ליעדעל פליהט צו דיר —
דער ים פערטאָפּעלט שטערנשיין,
מיין ליעד שטאַרבט פאַר דיין טיר —
דו לאָזט מיין ליעדעל נישט אַריין
אין הערצעלע צו דיר.

כ'וועל וואַרפען מיך אין ים אַריין,
אין ים אַריין הורך דיר,
כ'וועל וואַרפען מיך אין ים אַריין,
מיט אַלע מיין ליעדער-געקליר —
דאַן העל איך לייכטען שטערן-שיין
אין הערצעלע ביי דיר.

———

7

אין דער ווייטער, ווייטער הייט
רופט צו דיר מיין האַרצענס ליד,
רופט אומזיסטיג און אומזיסט.
מיין טרער פערפליסט.

אין דער נאָהנטער, נאָהנטער גאָהנט,
ווען האָסט הערען מיך געקאָנט,
פלעג איך רופען, רופען דאָך
אומזיסטער נאָך.

———

8

די האַרטע, די צאַרטע, די שטילע,
די פייניגסט מיין האַרץ אין דער שטיל,
און צייטענווייז דאַכט מיר אַפילו,
אַז ס'טרוימט זיך מיר נאַר מיין געפיהל.

און צייטענווייז מיין איך אַפילו,
אַז כ'וועל נאָך ערוואַכען פון טרוים —
דאָך צייטענווייז הייז איך אַ תפלה,
וואָס בעט אויף דעם טויט זיך אין טרוים.

———

9

און האָסטו מיר געשניטען
דאָס גליק פון האַרץ אַרויס —
דיין האַרץ האָט שטיל געליטען
אַ שמאַרץ, ווי מיינער, גרויס.

און האָסטו מיך פול באַנגען
— פערשטויסען פון דיין ברעג —

## די יודישע וועלט.

דיין זעל איז מיטגעגאַנגען
צו בלאָנדזשען אויף מיין וועג.

און כ'ווייס, דו וועסט פערבלייבען
פערייתומ'ט און אַליין,
ווען ס'וועט אַ שטורם פערטרייבען
מיין שיף אין טויט אַריין.

———

10

עס זענען נאָך ימ'ען געבליבען,
כ'זאָל צייכנען מיין וועג אויף זיי;
עס זענען נאָך וויסטען געבליבען,
כ'זאָל קיהלען אין זיי מיין וועה.
עס זענען נאָך פעלזען פערבליבען,
כ'זאָל זינגען פאַר זיי מיין ליעד —
נאָך איז נישט מיין גאַנצער ווינטער,
מיין גרויסער ווינטער פערבליהט.

דוד איגנאַטאָוו.

# גאָט בעהיט און בעשיץ.

און ווייל איך האָב נאָך קיינמאָל אזוי
נאָהענט ניט געזעהן די שטראַהלען פון
גאָטס כּבוד, ווי דאָן, ווען איך בעט
„גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד“,
דעריבער בעט איך אזוי אָפט און בעט:
גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד! — —
— — — — — — — — — — —

ווייט אַרויף איבער'ן ים האָט זיך געזעצט די זון.
איך האָב זיך נאָר וואָס געבאָדען.

נאָכ'ן באָדען האָב איך מיט אַפּעטיט געגעסען ברויט מיט קעז און געטרונקען ביר. דאַן בין איך ווידער צוגעגאַנגען צום ברעג.

ביי מיינע פיס איז דער ים. הונדערטער, טויזענדער מענער און פרויען שווימען אום, טומלען און באָדען זיך ביי דעם גרויסען, לאַנגען ברעג. זייערע נאַסע, קלוג-גענייהטע באָד-קליידער קלעפּען זיך צו צו די לייבער. פון דעם שיין פון דער אונטערגעהענדיגער זון ווערען די פאַרביגע קליידער נאָך פאַרביגער און גלאַנצען, ווי אַטלעס און זייד. איך נעם מיט די אויגען הכלען פריינד, בעקאַנטע, וואָס באָדען זיך נאָך. אַזוי שטעה איך אַ ווײַלע און פיהל: מיין לייב איז קאַלט און שטאַרק אָנגעצויגען. מיין לייב פיהלט נאָך אויף זיך דעם טעם פון דעם געזאַלצענעם וואַסער. עס גיט אַ בלאָז אַ ווינטעל און מאַכט מיך ווידער פיהלען, ווי איך שטעה נאָך אין וואַסער, ווי איך ווער אויפגעהויבען און שווים.

מיר איז קאַלט. נאָר דער עסען און די ביר נעמען שוין וואַרימען אין מיר די בלוטען. אָט דערזעה איך די מיידעל מיט'ן געדיכטען רויטען קאָפּ האָר, וואָס איך האָב די ערשט געלערנט און געלערנט די קונסט פון שווימען. זי איז אַלע מאָל אַזוי גערן געגאַנגען צו מיר אויף די הענד, דערביי אַזוי קינדעריש און הילפיג געלאַכט. — ס'אַרא מאָדנע הויט-קאָליר זי האָט! — לויטער-ווייס, און דאָך עטוואָס געלדיג! ווי שעֹן עס הענגען לאַנגע ברעמען אַריבער קלאָרע בלויע אויגען!

מיר ווילט זיך אַרויסרופען די מיידעל, זי אַוועקזעצען נעבען זיך. —ווער האָט דיך געבוירען אַזאַ קלאָרע, אַ נאָלדענע!? פּלוצלונג דערמאָן איך זיך אָן דיר און אָן איהם.... איך ציטער אויף:

# די יודישע וועלט.

— אַך, גאָט בעדיט און בעשיץ דיך, קינד!

עס הויבען זיך אויף מיינע אויגען. דער לאַנגער ברעג, מיט זיין טונקעלען פּאַס פון טויזענדער מענער און פרויען שווימט מיט אַמאָל אַב ווייט אונטער מיר. פאַר מיינע אויגען איז דער אונענדליכער ים. איבער איהם הויבען זיך, ווי שווערע פעלזען, גרויסע, בלויע כוואַליעס, מיט ווייסע שנייאיגע רוקענס, מיט ווייסע שנייאיגע שפּיצען. און איבער זיי וויגט זיך די גרויסע פאַרנאַכטיגע זון. די כוואַליעס שפּרייטען זיך פאַר מיינע אויגען אַלץ ווייטער און ווייטער. די זון פאַרבט זיי אין בלייכקייט און ווייסקייט, מיט גאָלד און גאָלד. איך שפּיר: אַ וואַרימע פייכטקייט פילט אָן מיר די אויגען. איך וויים נישט — פון גליק, צי פון וועה, — קינד! אך גאָט בעהיט דיך און בעשיץ דיך, קינד!

———

אַ מעשה פון איינעם, וואָס מען האָט איהם געשענקט אַ גאָלדענע זון. ער האָט די גאָלדענע זון אַ שלייהער געטאָן אָן דער ערד. די זון איז זיך אין שטיקלעך צעפלויגען. איצט געהט ער אַרום זיין גאַנצען לעבען און זוכט די זון, און קלייבט שטיקלעך פון איהר, און וואו נאָר ער קעהרט זיך, און וואו נאָר ער ווענדט זיך, זעהט ער פאַר זיך אין שטיקלעך זיין זון, זיין גאָלדענע זון.

———

פרויען ווייסען נישט פון ליעבע. עס האָט אַ פרוי ליעב איהר געליעבטען נאָר, ביז די מינוט, אַז ער איז דער בעסטער פאַר איהר.

———

דיין מאַמען — און איך האָב פערשטאַנען: איך דיר האָט זיך געגלדסט, איך זאָל זיין רייך, אַניט — כאָטש אַ דאָקטאָר. איך האָב געשמייכעלט, אַזוי שמייכלענדיג האָב איך פאַר דיר איינמאָל איהם פאָר-געשטעלט:

— „מיינער אַ פריינד, וואָס האָט אַ רייכען טאַטען. און... — דאָ האָב איך לענגער צעצייגען מיין שמייכעל — היינט, מאָרגען ווערט ער דאָקטאָר“.

פון אָנהויב האָסטו זיך צו איהם, ווי צו אַלע אַנדערע, פער-האַלטען קלוג און אויסגערעכענט. ביז עס האָט געטראָפען, איהר האָט זיך ביידע געבאָדען אין דעם איינענעם וואַסער, וואָס ליגט איצט ביי מיינע פיס. נאָכדעם האָט איהר געגעסען און געטרונקען אָט דאָ אין רעסטאָראַן. אַ זיסע מודקייט האָט זיך גענומען שפּרייטען איבער דיין לייב. די גלידער האָבען זיך גענומען ציהען, ווי זיי וואָלטען זיך ערשט איצט פון וואַסער געהויבען, ווי זיי וואָלטען זיך וועלען איבערציינען,

אַז זיי זענען שוין נישט מעהר אין וואַסער. און דו האָסט מיט אַ שמייכעל געזאָגט צו איהם:

— מיר דאַכט, איך וואָלט איצט גאָר וועלען כאַפּען אַ דרעמעל.

— אויב איהר ווילט — ענטפערט ער געהיט — איז דאָך איבער אונז אַ האָטעל.

— אַ האָטעל? — פרעגסטו איבער, גלייך ווי דו וואָלסט נישט פערשטאַנען, וואָס ער זאָגט.

— יאָ — ענטפערט ער — אָט דאָ גלייך איבער אונזערע קעפּ. איבער'ן רעסטאָראַן. אָט די טרעפּ פיהרען גלייך אַריין אַהין.

דו פערמאַכסט די אויגען, ווי זיי וואָלטען זיך ביי דיר אַליין צוגיפקלעפּען... ווי דו וואָלסט נישט הערען, וואָס ער רעדט. מיט פֿערמאַכטע אויגען גיסטו אַ שמייכעל, ווי פון שלאָף, ווי פֿון אַ זיסען דרעמעל. און ער איז צו דיר צוגעגאַנגען און האָט דיך אַזוי ווי שטיל אויפגעוועקט, דיך גענומען אונטער דיין שעֶנער רונדער האַנד. מיט'ן זעלבען שמייכעל אויף די ליפּען האָסטו געעפענט די אויגען און אַרויף מיט איהם אין האָטעל. דאָרטען האָסטו זיך גלייך געוואָלט לעֶגען אין בעט.

— אינ'ם קאָרסעט?! — פרעגט ער פֿערוואונדערט.

אַ ווײַלע האָט איהר זיך איבערגעקוקט. נאָכדעם האָט ער זיך אָבגעקעהרט צום פענסטער. דער פֿענסטער האָט אַ ליכטיגער אַרויסגעקוקט אויפ'ן ים, אויף די מענשען, אויף די כוואַליעס. ער האָט אַראָבגעצויגען דעם טונקעלען פאָרהאַנג איבער'ן פֿענסטער. די לופט אין צימער איז געוואָרען שוואַרצליך־גרוי. דו ביזט אין דער טונקעלהייט געבליבען שטעֶהן ווייט הינטער איהם. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך איבער'ן צימער דערהערט דער זיידענער שאָרך פון דיין קלייד. — —

— — — — — — —

און נים נאָר דאָס. ער האָט מיר אויך אַנדערע איינצעלהייטען דערציעֶהלט. — ווייל ער האָט זעֶהר ליעב צו דערציעֶהלען פון זיינע „גליקען“. ער האָט, אמת, גלייך צוגעגעבען, אַז ער איז זיכער, אַז מיר וועט, חלילה, נים אַיינפאַלען, אַז די מיידעל איז איינע פֿון אונזערע בעקאַנטע....

אָבער יעדען מאָל, ווען איך הער פון איהם די מעשה, און נאָך מעהר, ווען איך הער פון איהם פֿיעל אַנדערע מעשיות, ציטער איך אויף און בעט:

— גאָט! גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

———

# די יודישע וועלט.

איך רוף דיך „קינד". איך וויס, ווי דו דאַרפסט שמייכלען פון דעם וואָרט. דו, אַזאַ שטאָלצע. אָט זעה איך דיך איצט פאַר זיך, ווי נאָך אין יענעם צימער — אין דיין לייכטען זיידענעם קלייד מיט די דינע ברוינע פאַסען; צווי ברייטע לאַצען פערצויגען מיט אַ וויים געוועב שפּרייטען זיך ביז דיינע ווייך־רונדע אַקסלען און מאַכען פריי דיין שעַנעם האַלז און די גריבעלע, וואָס צווישען די צוויי אַ ביסעל אַרויסגעפּרעסטע ברוסט־ביינער, וואָס נעבען דיין האַלז. און דער קלוגער ענערגישער אויסדרוק פון דיינע אויגען. אַרום די קניהען העַנגט אויף פּעטלעס אַ ווייסער זיידענער שאַרף; די עקען פון שאַרף נעמען אַרום די פיס און זענען צוניפּגעבונדען אין אַ באַנד ביי דער לינקער פוס. — עס איז דאַן געווען אַזאַ מאָדע. און אַלע שלאַנקע מיידלעך זענען אַרומגעגאַנגען, ווי געפּענטעטע, און זענען הורכדעם נאָך ציטערדיגער און שלאַנקער געוואָרען. און דו שטעַהסט פאַר מיר — דיין יעדער קעהר, דיין יעדער ביג איז קלוג און אויסגערעכענט. און איך, איך רוף דיך „קינד"! און בעט: „גאָט, בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!"

———————

דו ביזט קלוג און אויסגערעכענט. און וויל כמעט יעדע מיידעל, בעזונדער יעדע קלוגע מיידעל, וואַרט אויף אַ מאַן, וואָס זאָל זיך „לוינען", ווי אַ הונגעריגע שלאַנג אויף איהר קרבן, בין איך דיך אָפּט חושד, אַז דאַן, דאַן האָסטו דאָס איהם פערנאַרט. און וויל איך וויס, אַז אויך ער איז דיך דערין חושד, דעריבער ציטערט אַזוי מיין האַרץ און בעט: גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד! און וויל דו האָסט נישט געוואוסט, אַז דו, די שטאָלצע, ווערסט בלויז רייכער מאַכען דעם צעטיל פון זיינע „גליקען", בעט איך: — גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

———————

אָפּטמאָל, אַז איך דערמאָן זיך אָן דיר, אין יענעם שעַנעם קלייד מיט די גרויסע לאַצען, וואַקסט אין מיר אוים אַ געפיהל, ווי איך וואָלט עפּיס מואוס'עס אין זיך איינגעשלונגען. דער געפיהל בלייבט אין מיר לעבען אויף אַ צייט, און איך מיה דיך אוים צו טרעפען חדשים און חדשים. ביז עס טרעפט, עס זאָגט צו מיר מיינער אַ פריינד, — ער האָט דיך ווען בעגעגענט, — דו זעהסט אוים זעהר שלעכט, בלאַס, נערוועז, געעלטערט — — — — — דאַן ווערט מיר מיט אַמאָל שווער מיין האַרץ, און ביסלעכוויז, ביסלעכוויז ציטערט אין מיר אויף אינגאַנצען מיין ליעבע צו דיר און צעבלידט זיך ציטערדיג־פריש און נייגעבוירען. און מיר דאַכט — עס פערשפּרייטען זיך מיינע הענד, און איך בעט און רוף: — קינד! גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

עמיצען מיינעם אַ בעקאַנטען האָסטו בעגעגענט, און רעדענדיג האָסטו אַ פּאָר מאָל דערמאָנט מיין נאָמען, און ביידע מאָל האָסטו דערביי צוגעגעבען, אַז דו האָסט מיך שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג ניט געזעהן — — — — — — — —

און ווייל איך וויים, אַז דו האָסט דאָס געטאָן מיט דעם קלוגען מיין, אַז יענער זאָל דאָס מיר דערציילען, שמייכעל איך — — — כאָטש מיר ווערט דערפון דריקענד־שווער...

און אויף מאָרגען, איך כאַפּ זיך אויף גאַנץ פריה און פיהל — איך בין מאָדנע גוט אויפגעלעגט. איך פרעג: — וואָס איז מיט מיר?! וואָס האָט מיט מיר געטראָפען? — אַך יאָ — היינט דאַרף איך דיך טרעפען! יאָ היינט — דערמאָן איך זיך, ווי אָן אַ זאַך, וואָס פער־שטעהט זיך פון זיך אַליין — — — — כאָטש איך בין, דאַכט זיך, זיכער אַז איך האָב וועגען דעם גאָר קיינמאָל נישט געטראַכט.

איך גיה אַראָב פון בעט. איך מאַך פאַר זיך אַ וואַנע. וואַסער! איך האָב אַזוי ליעב וואַסער! מיין לייב הויבט זיך און בויגט זיך, ציהט זיך און שפּיעלט זיך אינ'ם פרישען, ליעבען וואַסער. די וואַסער רוישט און רעדט אַרום מיין לייב. וואַסער שוימט און זינגט און קושט מיין לייב. איך און וואַסער, — דאָס איז אַ צופרידען קינד, צו וועמען עס שמייכעלט זיין גליקליכע מאַמע. און אָט דרעה איך אָב ביידע קראַ־נען און בלייב אַ ווייל רוהיג און הער זיך איין, ווי עס מישען זיך די שטראָמען, ווי מיין לייב רידרען אָן אָט אַ וואַרימער, אָט אַ קאַל־טער שטראָם. מיינע איגען זענען ברייט צועפענט און — — — — איך דערמאָן זיך פּלוצלונג, אַז איך האָב דיך ערשט געזעהן — — — ערשט— מיט עטליכע מינוט צוריק. אַ פּאָר מינוט, איידער איך האָב זיך איפגעהויבען פון בעט. דו ביזט געזעסען צופוסענס אויפ'ן ברעג פון בעטיל און האָסט עפּיס פערריכט. דאָס איז געווען דיינס אַ קלייד. אַז דו האָסט דערזעהן, אַז איך האַלט אָפען די איגען, האָסטו צו מיר אַ גוטען, איבערגעגעבענעם שמייכעל געטאָן. מיט דיינע ביידע הענד האָסטו אויפגעהויבען דאָס קלייד פאַר די קורצע אַרבעל — דאָס איז געווען דאָס זיידענע קלייד מיט די ברייטע לאַצען, מיט'ן שאַרף אויף די פּעטלעס. דאָס קלייד האָט אויסגעזעהן אַלט און אָבגעקראָכען...

נאָך דער וואַנע בין איך אַוועק צו דער אַרבייט.

צו דער אַרבייט האָב איך פערשפּעטיגט, אָבער מען האָט מיר קיינע בעמערקונגען נישט געמאַכט, און איך האָב אַ גאַנצען פאַרמי־טאָג געאַרבייט זעהר צופרידען און פלייסיג. ביי דער אַרבייט האָב איך אַלץ געטראַכט און געשמייכעלט וועגען דיר. צו מיטאָג בין איך

# די יודישע וועלט.

אַוועק צוריק צו מיין אַלטען רעסטאָראַן, וואו מיר פלעגען זיך אַלע מאָל טרעפען. מיין קעלנערין האָט זיך מיט מיר זעהר דערפרעהט. זי האָט זיך פשוט פערבענקט נאָך מיר. אויף איהר וואָרט זאָל איך איהר גלויבען, אַז זי האָט נאָך מיר געבענקט. איינמאָל האָט זי מיין קאָפּ מיט די האָר, ווי ביי אַ „פּיאַנאָ־שפּיעלער“, אַפילו אין חלום געזעהן. און פאַרוואָס בין איך אַזוי לאַנג נישט געווען?

איך ענטפער איהר שמייכלענדיג: — ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ווען עס וועט אַוועקגעהן אַזוי פיעל צייט, וועל איך זי מיט אַמאָל אויף אַזוי פיעל שענער טרעפען.

— אָ, איהר מיינט דאָס נישט. — זאָגט זי שמייכלענדיג.

—זיכער, — איהר קוקט איצט אויס אַ סך, אַ סך שענער, ווי פריהער — זאָג איך.

און זי ענטפערט מיר לאַכענדיג — יאָ, ווען אייער „לידע־פריינד“ וואָלט דאָס געהערט!

— איז וואָס וואָלט געווען?

— זי וואָלט געוואָרען בלאַס און רויט, ווי אַלעמאָל....

— איהר זעהט זי דאָ אָפט? — פרעג איך.

— ניין, נאָך אייך איז זי אַהער בלויז נאָך אַ פּאָר טעג אַריינגעקומען, נאָכדעם האָב איך זי שוין מעהר נישט געזעהן — און איהר ווייסט, וואָס איך האָב שוין געטראַכט?

— וואָס? — פרעג איך אַלץ שמייכלענדיג.

— אַז איהר האָט שוין מיט איהר חתונה געהאַט.

— נאָר?... — פרעג איך — און אַלץ מיט אַזאַ טאָן, ווי איך וואָלט זיך געשפּיעלט מיט אַ קינד.

— נאָר — ענטפערט זי, שוין ווערענדיג ערנסטער — אָט דאָ לעצטער צוריק איז זי אַהער אַריינגעקומען, און זי זעהט אויס אַזוי שלעכט, אַז מיר האָט גענומען באַנג־טאָן פאַר איהר. זי האָט זיך געזעצט ביי אַן אַנדער טיש און האָט די גאַנצע צייט זיך אומגעקוקט אויף די אַנדערע טישען און אויפ'ן טיר — — האָב איך שוין פערשטאַנען — פערענדיגט מיר די קעלנערין שוין ווידער מיט אַ שטיפערישען, נאָר פיעלדייטיגען שמייכעל — אַז דאָ איז צרות...

און דערווייל, אַזוי רעדענדיג מיט דער קעלנערין, האָב איך איהר איבערגעגעבען מיין בעשטעלונג. איך בין נישט געווען שטאַרק הונגעריג און האָב אַלץ געקליבען נאַשערייען. אַ פּאָר נאַשערייען האָט מיר מיין צופרידען־שמייכלענדיגע קעלנערין אונטערגעזאָגט, און מיר דערמיט בעוויזען, אַז זי געדענקט נאָך גוט מיין געשמאַק. איך בין פון

דעם געבליבען צופרידען, בעזונדערס, ווען זי האָט זיך צולעצט עפּיס אַזוי פּלוצלונג און מיט פרייד אַ כאַפּ געטאָן — „יאָ, היינט איז דאָך דאָ „קרעמבערי-פּודינג“!

— טאַקע? — האָב איך אויסגעשריען אַ צופרידענער — נו, איז „קרעמבערי-פּודינג“ אין סמעטענע און — — —

— און — כאַפּט זי אונטער — טרויבען-סאָק.

— הוראַ! — פאַר דיר. —

און ווי נאָר די קעלנערין איז אַוועק, האָב איך מיט אַמאָל און אינגאַנצען ווידער גענומען טראַכטען פון דיר, און פון דיר. וועגען דעם, ווי דו האָסט זיך דערנידעריגט און געקומען אַהער אין רעסטאָראַן מיך זוכען. דיין שטאָלץ איז מיר דאָך טייער. בעסער בויג איך מיין קאָפּ, איידער דו דיינעם. בעסער בויג איך מיין קאָפּ צעהן מאָל, איידער דיין שענער, שטאָלצער קאָפּ זאָל איינמאָל געבויגען ווערען.

דו האָסט דען נישט געוואוסט, אַז אויב דו טרעפסט מיך נישט, וועט מיר די קעלנערין דערפון דערצעהלען? צי אפשר ביזטו אומיסטען געקומען מיט דער אויסרעכענונג? — — — ביזט אפשר פריהער עטליכע נעכט נישט געשלאָפען, זיך מוטשענדיג און טראַכטענדיג — „צי איז דאָס מעגליך, אַז איך האָב דיך שוין מעהר נישט ליעב?“ און אַזוי טראַכטענדיג און זיך מוטשענדיג, ביזטו מיט אַמאָל, און נאָר ווי אָהן דיין וויסען אַריינגעפאַלען אַהער אין רעסטאָראַן און דערביי געטראַכט: „אפשר טרעף איך איהם פאָרט“. און איך שטעל מיר פאָר, ווי שווער דו האָסט געליטען: אך, קינד! גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

---

איך האָב אָבגעגעסען. די שוועמוטיגקייט, וואָס האָט זיך אויף מיר געזאָלט אַרויפרוקען, איז פערשוואונדען דורך די געשמאַקע שפּייזען און דורך די צופרידענע בעגריסונגען פון עטליכע פריינד, וואָס זענען אָנגעקומען און האָבען זיך געזעצט ביי מיין טיש אָדער נאָהענט צו איהם. איך האָב גענומען מיין טרויבען-זאַפט און אַריינגעגאָסען דעם רויטען זאַפט אין אַ ניט פולער גלאָז קאַלטע וואַסער, וואָס מיין קעלנערין האָט מיר צו דעם צוועק דערלאַנגט, און האָב אויסגעטרונקען דעם גוטען, קאַלטען טרונק און בין אַ צופרידענער אַרויס אין גאַס.

אין גאַס האָט געבלאָזען אַ ווינט און האָט בייז געריסען די שילדען, וואָס זענען צעהאַנגען איבער די גרויסע טויערן. איך האָב מיך דערפיהלט גוט פון דעם בייז-צערייצטען ווינט — כאָטש נעם און צע-שפּרייט די הענט און לאָז זיך אַריין אין זיינע שווערע כוואַליעס און

גלעט זיי! — ווינט! וויסט? — איך געה זיך איצט בעגעגענען מיט איהר, און טרעף איך זי נישט אין גאַס, רוף איך זי אַראָב חדרל'ן טעלעפאָן — וואָס וועל איך זאָגען? — היינט אויף דער נאַכט שפּיעלט מען די אָפּערע, וואָס זי האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז זי וואָלט זי וועלען הערען נאָך אַמאָל. די אָפּערע, בּיי וועלכער איהר רונדער אַקסעל האָט זיך אַזוי וואַרים און ליעב געפּרעסט אָן מיינעם. איהר שעֶנער קאָפּ האָט זיך עטוואָס אָנגעבּויגען אין איין זייט, און עטליכע איינציגע אָבּגעשטאַנענע האָר האָבּען לייכט אָנגערידהרט מיין פּנים. און דערנאָך, געהענדיג אַהיים, האָט זי אַלץ ווי אין פיבּער גע'טענ'עט:

— הייסט דאָך דאָס, אַז עס איז פּאָרט דאָ ליעבּע! אמת'ע, אייבּיגע, ליעבּע. און דערבּיי האָט זי אַריינגעלעגט איהר האַנד אין מיינער און זיך אָנגעפּרעסט אָן מיר מיט דער זיכערער איבּערצייגונג פון אמת, שטענדיג און אייבּיג... און זי האָט אַלץ ווייטער גערעדט:

— אך מיין גאָט, וויפיעל ליעבּע! וויפיעל ליעבּע! וויפיעל אמת'ע ריינקייט און גוטס מענשען פערמאָגען נאָך! זאָל זיין, אַז דאָס איז אַפּילו בּלויז אין דער לעגענדע, אָבּער די לעגענדע איז דאָך אויך אונזערע, אונזערע — — —

— ניין — ענטפער איך, דריקענדיג איהר האַנד — נישט די לעגענדע איז אונזערע, נאָר מיר זענען איהרע. וויפיעל מיר וויסען פון איהר, איז נאָך אַלץ גאָר ניט אַנטקעגען איהר גאַנצער גרייס. מיר מוזען זיך אויפהויבּען צו איהר, הערען און פאָלגען און לעבּען אין איהר נאָמען, דאַן בּעהעפטען מיר זיך מיט איהר, דאַן ווערען מיר אַ טייל פון איהר.

אָ, יאָ ווינט!

זיי זאָגען, זי איז שוין מעהר נישט שען. — ווען דער טאָג איז פערוואָלקענט, הייסט דאָס, אַז די זון האָט אויפגעהערט שיינען? — נאַראָנים! און ווי צופרידען איך בּין דאָס פון דעם, וואָס איך וועל זי איצט טרעפען! פּונקט איצט, ווען איך בּין אַזוי גוט אויפגעלעגט. און אָט!! — צוואַנציג טויזענד טייוואָלים אויף די שפּיצען פון דיינע כוואַליעס, ווינט! — שריי איך אויס צום בּייזען ווינט אַ לאַבענדיגער, דערפאַר וואָס איך האָבּ דיך דערזעהן אָנקומען אַנטקעגען מיר.

אַ ווייל'ע בּין איך צעמושט געוואָרען און בּין שיער נישט געבּליבּען שטעהן אויף איין אָרט. נאָר איך האָבּ זיך געשטאַרקט און בּין מיט אַ גוטען שמייכעל אויף די ליפּען צוגעגאַנגען צו דיר און דיר אויסגעשטרעקט מיין האַנד:

— האַלאָ!

— האַלאָ!

## דוד איגנאַטאָוו. — גאָט בעהיט און בעשיץ.

ווי נאָר דו האָסט מיך דערזעהן, ביזטו גלייך רויט געוואָרען, און ביז דו ביזט צוגעקומען און האָסט מיר דערלאַנגט דיין האַנד, ביזטו נאָך צוויי מאָל, איינס נאָכ׳ן אַנדערן, רויט געוואָרען. גאָט מיינער, וואָס פון דיר איז געוואָרען!

אָבער איך פערגעס דאָס גלייך. דו פרעגסט:

— נו, וואָס הערט זיך עפּיס נייעס?

— „נייעס“? — פרעג איך איבער מונטער — איך וואָס דאַרף איך נייעס, אַז איך האָב נאָך דאָס אַלטע נישט פערגעסען?...

— איהר האָט, הייסט עס, אַ גוטען זכרון?...

— אַזעלכען, אַז מען וועט איהם אַפילו מיט קיין אַייזענס פון קאָפּ נישט אַרויסשלאָגען.

— איהר זענט, הייסט דאָס, נאַריש ווי געוועזן.

— נאָך אַ ביסעל נאַרישער — ענטפער איך.

— נו, און דאָס לעבען?

— דאָס לעבען איז, ווי אַ פרוי — קלוג און אויסגערעכענט. — רעד איך אַרויס, און מיר ווערט מיט אַמאָל קאַלט אונטערן האַרצען.

דו ביזט בלאַס געוואָרען. און איך האָב אַ טראַכט געטאָן: „וואָלט איך זיך בעסער דעם צונג אָבגעביסען“.

איך דערזעה, דו ביזט אין דיין אַלטען באָרדאָ-קלייד, דעם קלייד, אין וועלכען איך האָב דיך צום ערשטען מאָל אַרומגענומען. איך פּרוב זיך ראַטעווען און בייט מיט אַמאָל אונזער שמועס. איך פרעג:

— וואָס, ביי אייך לעבט נאָך דאָס קלייד?!

— וואָס איז, עס געפעלט אייך נישט? פרעגסטו אַ צופרידענע, נאָר מיט דעם טאָן, מיט וועלכען מען ווענדט זיך צו אַ קינד.

— אמת גערעדט — ענטפער איך — קען זיין, אַז דאָס קלייד געפעלט מיר אפשר ניט אַזוי שטאַרק. נאָר איך קניה פאַר איהר אַמאָליגען ווערט — — —

דו שווייגסט. און איך גיב אַ טראַכט: גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ נאַר איך בין! און דער ווינט רייסט און בלאָזט, און מיר דוכט זיך, דער ווינט טראָגט אונז כמעט רייטענדיג.

— אָך, צום טייוועל, ווי נאַריש אַלץ, ווי נאַריש! — שריי איך אויס פערצווייפעלט.

— וואָס, די וועלט איז נאַריש? — פרעגסטו, ווי דו וואָלסט מיר וועלען אַרויכהעלפען אַריינצוגעהן אין אַ בעקוועמערן געשפּרעך.

— די וועלט?! — שריי איך אויס מיט אַ שמייכעל, און כאָטש איך שמייכעל, דערפיהל איך דאָך, אַז אין מיר ברענט שוין אַ ביטערער

כעס, און עס נעמט פון מיר איבערגעוואַלד רעדען: — די וועלט איז שען, די וועלט איז אונענדליך שען, נאָר די מענשען! מיט זייער קלוגשאַפט, מיט זייער ווערעמדיגען פערשטאַנד. זיי זענען אַזוי בלאָטיג, אַזוי עקעלדיג! און בשעת איך רעד דאָס, האַלט איך דיך אונטער אונטער'ן אָרעם, ווי איך וואָלט מורא געהאַט, אַז דער ווינט זאָל דיך נישט אָפרייסען פון מיר. און איך פיהל, אַז מיין האַרץ רייסט זיך, אַז ניט נאָר מיין מויל, נאָר אינגאַנצען מיין בלוט שרייט איצט, אַז אָט שפּרינג איך אַרויס פון זיך אַליין.

איך דערשרעק זיך און גיב מיט אַמאָל אַ שפּרונג אויף אַ פּלוצלונגדיגען געדאַנק:

— אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען אַ גלאַטע, גרויע הויז מיט אַ שוואַרצען פערד, ערגיץ ביי אַ ברייטען וועג! אַ גרויע הויז מיט ווייסע פענסטער, מיט צוויי גרויסע, גרויע זיילען פאַר'ן אַריינגאַנג, מיט אַ דויכען, ווייסען פאָהנען-שטעקען. און אין דעם הויז וואוין איך און מיין פערד! און דער פערד האָט מיך שטאַרק און הייס ליעב. דעם פערדס שוואַרצע פעל איז דין און גלאַט, און זיינע שטאַרקע פול-בלוטיגע אָדערן פרעסען זיך אַרויס פון אונטער דער פעל און שפּרייטען זיך און צווייגען זיך איבער זיין לייב, איבער זיינע ענערגישע דינע פיס, איבער זיין שטאַרקען ברייטען האַלז, איבער זיין שענעם קלוגען קאָפּ, ביז זיינע נערוועז-ווילדע נאָזלעכער. און פאַרנאַכט, ווען אויפ'ן האַרצען ווערט אומעטיג, שווער, הייס איך מיין גוטען שוואַרצען דיענער מיר אָנזאָטלען מיין פערד. און אַליין נעם איך דערוויל אַרומשפּאַנען איבער מיין צימער, אַהין און צוריק — (ביי די לעצטע ווערטער האָב איך דערפיהלט, ווי אַ גרויל איז אַריבער דיין לייב, אָבער איך האָב נאָך פעסטער און וואַרימער גענומען פיהלען דיין האַנד אין מיינער. און נאָך מעהר צערייצטער און ליידענשאַפטליכער גענומען דערצעהלען). — דער נעגער האַלט שוין פאַר'ן צוים דעם אָנגעזאָטעלטען פערד נעבען די צוויי זיילען. איך, אַ פערגעסענער, שפּאַן נאָך אַרום איבער'ן צימער, דער פערד אָבער דערזעהט מיך דורכ'ן פענסטער, נעמט ער הירזשען, בייסט די צוים, וויל נישט איינשטעהן אויף איין אָרט. איך דערהער עס און געה אַרויס, נעם איבער דעם אומרוהיגען פערד, אַ ווייל'ע האַלט איך איהם פאַר'ן צוים און קוק אויף איהם: מיין פריינד! מיין גוטער קלוגער פריינד! (ווידער איז אַ גרויל אַריבער דיין לייב. און איך זעה — דו ווערסט בלאַסער, נאָר איך קאָן זיך נישט אָבשטעלען) — דער ווינט בלאָזט אַריבער דעם פערדס גריווע, אַריבער זיין קאָפּ — און עס דאַכט זיך מיר, אַז דעם פערד האָט מיר דעם ווינט געבראַכט...

## דוד איגנאַטאָוו. — גאָט בעהיט און בעשיץ.

אויפ'ן פערדס שטערן איז פאַראַן אַ לאַנגליכער ווייסער פלעק, און אויך אויף זיין בויך איז פאַראַן אַ ווייסער פלעק. און מיר דאַכט זיך אָפט — דער פערד איז ווייס, נאָר מען האָט איבער איהם אַריבערגעוואָרפען אַ שוואַרצע פעל, און אַז אָט וועט דער פערד אויפציטערן, אַ שפרונג טון און אַרויספליהען פון זיין שוואַרצער פעל און וועט בלייבען פאַר מיר שטעהן אַ ווייסער, אַ לויטערער. אַך, ווי גוט דאָס וואָלט געווען! — אַ גרויסע הויז ביי אַ ברייטען וועג, ווייסע פענסטער... איך זעץ זיך אַרויף אויף מיין שוואַרצען פערד, און פון ליעבע צו מיר, גיט אויף איהם אַזש זיין דינע פעל אַ ציטער. מיר פאָהרען אָב, און ווי נאָר איך גיב זיך אַ בויג צו זיין קאָפּ, שפיצט ער אויף די אויערן, צעשפרייט די נאָזלעכער, ציהט זיך אויס און נעמט זיך טראָגען איבער'ן ברייטען וועג. מיר מיידען פעלדער, וועלדער, בערג! — איך פיהל, ווי מיר וואָלטען פליהען איבער'ן ווינט! זיין בויך איז אויסגעצויגען, זיין גריווע פלאַטערט מיר אין פנים, איך וויל צובויגען זיך און קושען זיין שענעם אויסגעשטרעקטען האַלז. מיין גוטער, קלוגער פערד! — — — — — —

דיין ציטערן, דיין בלאַס ווערען, און אפשר דאָס, וואָס דו האָסט אַ פערציטערטע גענומען שרייען העכער פון מיר! — „אָבער גענוג שוין, גענוג! — איך הער, איך זעה, ווי איהר לויפט אויפ'ן פערד! צי דאָס איז נאָך קאַרג פאַר אַייך?!...“

איך האָב אַרויסגעלאָזט דיין האַנד פון מיינער און האָב זיך אָבגעשטעלט.

גאָט מיינער! וואָס האָב איך געוואָלט פון דיר? דו ליידסט דען ווייניג? און פאַרוואָס האָט דיך איבערהויפט אַזוי שטאַרק געאַרט און אויפגערעגט די מעשה מיט'ן פערד? צי איז דאָס מעגליך, אַז דו ביזט געוואָרען אייפערזיכטיג? אַך, קינד! גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

פאַר'ן אַוועקגעהן האָסטו ביי מיר געפרעגט מיט אַ כלומר'שט-שפאַסיגען טאָן, ווי דו וואָלסט זיך געוואָלט מיט מיר איבערבעטען, ווייזען, אַז דו ביזט אויף מיר ניט ברוגז:

— פאַרוואָס דערצעהלט איהר מיר נישט עפּיס פון אַייערע בעקאַנטע? וואָס מאַכען זיי דאָרט אַלע? איך האָב זיי דאָך שוין אַזוי לאַנג נישט געזעהן.

— וועמען מיינט איהר? — פרעג איך.

— איך ווייס, — זאָגסטו מיר אַל'ץ אין דעמזעלבען טאָן און נעמסט מיר רעכענען דעם, יענעם, און צווישען זיי דערמאָנסטו אויך זיין נאָמען — — —

# די יודישע וועלט.

— אָ, דער רוח האָט נאָך קיינעם פֿון זיי נישט געכאַפּט — האָב איך דיר געענטפֿערט גלייכגילטיג. אָבער גאָט מיינער! פֿאַרוואָס האָסטו איך זיין נאָמען דערמאָנט? פֿאַרוואָס האָסטו איך זיין נאָמען דערמאָנט...

דעם גאַנצען נאָכמיטאָג בין איך געווען זעהר נערוועז. און נערוועזערהייד, האָב איך געאַרבייט פֿאַר דריי, און אין דער אַרבייט זיך אינגאַנצען פֿערגעסען. איך האָב געטראַכט:

איך טראָג זיך אויף מיין געשווינדען, שוואַרצען פֿערד. אָט בין איך אַריין אין אַ געדיכטען וואַלד. איך ווייס, אַז דו האָסט זיך פֿער־בלאָנדזשעט אין אַ געדיכטען וואַלד. אין מיטען פֿון דעם גיכסטען לויף הויבט זיך אַ פּאָר מאָל אויף מיין פֿערד אויף די הינטערשטע פֿיס, שפּרינגט מיט מיר אַריבער טיעפֿע גראָבענס און לויפֿט מיט מיר אַלץ געשווינדער און ווייטער, ביז — אָט זענען מיר אַרויף אויף אַ ברייטען פֿרייען וועג. און אָט געהסטו אַרויס אויפ'ן וועג. געהסט און ווילסט, איך זאָל דיך אָניאָגען, אָבער מיין פֿערד לויפֿט און לויפֿט און קען דיך נישט אָנ־יאָגען. מיין פֿערד רייסט זיך פֿון דער הויט. אָט, אָט — און איך בין שוין נעבען דיר. באַלד אָבער ווערסטו ווידער אויף אַזוי ווייט פֿון מיר, ווי פֿריהער. איך וואָלט זאָגען, דו אַנטלויפֿסט — אָבער לויפֿען קענסטו נישט, אפֿילו ווען דו וואָלסט וועלען. ווייל דער ווייסער זיידענער שאַרף איז אַרומגענומען נאָך עטוואָס נידעריגער פֿון דיינע קניהען. און דערצו זעה איך — דו שטעלסט זיך נאָך פֿון מאָל צו מאָל אומיסטען אָב. אָבער ווי נור איך קום, ווערסטו ווידער ווייט פֿון מיר. קינד, אַך, גאָט בעהיט און בעשיין דיך, קינד! איך פֿיהל, אַז אין מיין פֿערד שלאָגט שוין די לעצטע מאָס כח. די אויגען ביי איהם און אויך ביי מיר גיסען זיך אָן מיט בלוט — — — — — —

— — — — — — — —

אין וואַלד איז נאַכט. עס שיינט איבער איהם די לבנה, אַ פֿולע, אַ קיילעכדיגע. איהר זילבער שפּינט זיך אין דער לופֿט אויפ'ן ברייטען וועג, וואָס צווישען די בוימער, וואָס מיר פֿאָהרען פֿאַרביי זיי. דער פֿערד איז נאַס און מיעד און ניסט פֿון מאָל צו מאָל. און גאָט! ווי שעהן עס פּאַסט דיר אָט דאָס זיידען קלייד! ווי רייך עס שפּרייטען זיך אָט די צוויי גרויסע מיט ווייסען געוועב פֿערצויגענע לאַצען! זיי גוט און ווי וואַרים עס פֿיהלט זיך פֿון אונטער'ן גלאַטען זייד דיין רונדע ווייכע האַנד און דיין שטאָלצער פֿרייער האַלז! ווי שעהן דו ביזט איצטער ביים שיין פֿון דער לבנה!... צי זעהט אונז איצטער ווער? — גאָט? צי פֿערניט ער שווערע זינד? — קינד, די שווערסטע זינד זענען

די, וואָס מען קאָן זיך אַליין נישט פערגעבען. זיי זיך אַליין, קינד, מוחל דיין זינד און דאַן ווערסטו ריין געלייטערט, און דו ביזט מעהר פאַר קיינעם ניט זינדיג. זעה נאָר, אָט קומען מיר דאָך שוין פון וואַלד אַרויס! אָט איז דאָך שוין אונזער גלאַטע, גרויע הויז. זעהסט, ווי הויך און שעֶן עס פלאַטערט די גרויסע פאָהן אויף אונזער ווייסען פאָהן־שטעקען? איך האָב פאַר׳ן אָבפאָהרען אָנגעזאָגט, מען זאָל פערציהען די פאָהן. איך האָב געוואוסט, אַז היינט קום איך צוריק מיט דיר — עמיצער האָט זיך איבער מיר לעצטע נאַכט געבויגען, אין איין האַנד האָט ער געהאַלטען זאַלץ און ברויט, אין דער צווייטער אַ קלאָרע ווייסע גאַנז און האָט געזאָגט: — גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

איך האָב געטראַכט:

ווי שרעקליך דו זעהסט איצטער אויס! און איך האָב נאָך היינט אין דערפריה, זיך געבאָדען, זיך פּאַרפומירט. איך באָד זיך דאָך אַלע מאָל בלויז אין אָבענד. פאַרוואָס האָב איך דאָס פּלוצלונג היינט געטאָן אין דערפריה? כדי איך זאָל דיך בעסער קענען רייצען מיט מיין פרישקייט, מיט מיין מונטערקייט? „ווי בייז, ווי שלעכט איך בין!" שריי איך אויס מיט כעס. און וויל ווי זיך איינבייסען אין מיין אייגען לייב. און פיהל, אַז מיינע אויגען ווערען פול מיט טרערען — — — און פאַרוואָס האָב איך זי נישט געבעטען אויף היינט אין אָפּערע? — אַך, ווייס מיך דער שוואַרצער יאָהר! און פאַרוואָס האָט זי דערמאָנט זיין נאָמען? איז דאָס געווען אַ צופאַל? — „אַ צופאַל! — ביי איהר אַ צופאַל!" — שרייט עס אין מיר אויס מיט גאַל, און עס נעמט מיר ווערען פראָסטיקאַלט. איך נעם טראַכטען פערשיידענע וועגען, ווי, און פאַרוואָס דיר האָט זיך געלוינט צו דערמאָנען זיין נאָמען. און פּלוצלונג שטעל איך זיך מיט שרעק אָב אויף דעם געדאַנק:

„ווי, אַז זי זוכט דאָס נאָר צו ווערען ווידער נאָהענט מיט מיר, וויל דורכדעם וועט צו איהר ווערען נעהענטער דער קרייז פון מיינע בעקאַנטע, און דאַן וועט זי, מעגליך, אויך איהם טרעפען?! — — — כאַ, כאַ! אַזוי גאָר! איז דאָס מעגליך, אַז דיך לאָקט די זינד? צי דו האָסט דערביי אפשר אַנדערע מיאוס׳ע, ווערעמדיגע אויסרעכענונגען?" — — — — — — — —

איך האָב געטראַכט:

„זינד! מיט וואָס בין איך אַזוי זיכער, אַז זי האָט געזינדיגט? אפשר האָב איך זיך דאָס די גאַנצע מעשה בלויז איינגערעדט?! דאָס אַלץ איז דאָך בלויז געבויט אויף מיין אָנשטויסען זיך! קיינער האָט

דאָך דאָס מיר אויך קלאָר נישט געזאָגט! אפשר שרייב איך דאָס איהר אומזיסט צו אַ מעשה, וואָס ער האָט מיר דערצעהלט? און ער קאָן דאָך איבערדויפט דערצעהלען אַ ליגען. ער האָט דאָך מיר שוין אַ פּאָר מאָל איבערגעביטען די אייגענע געשיכטע: אָט איז דאָס פּאָרגעקומען בייטאָג און ביים ברעג ים, און אָט — נאָר שפּעט ביינאַכט, נאָכ'ן טע-אַטער און אין שטאָדט. פאַרוואָס האָב איך זיך אַריינגענומען אָט דעם נאַרישען געדאַנק אין קאָפּ? פאַרוואָס וויל איך ניט טראַכטען, אַז אפשר האָט זי איהם ליעב?" — „ליעב!" שרייט עס אין מיר אוים מיט אַ בי-טערן געלעכטער. — זי האָט איהם ליעב?! און אפשר? ווער ווייס? ווער קאָן דאָס וויסען די וועגען פון אַ פרוי? און פאַרוואָס דאַכט זיך מיר אוים, אַז מען קאָן זיך אין איהם נישט פערליעבען? און וואָס איז דען ביי אַ פרוי ליעבע? אַ מאָל ווילט זיך אַ פרוי ווערען די ווייב פון דעם, וואָס זי האָט ליעב, און אַ מאָל ווילט זיך איהר פערליעבען אין זיך דעם אָדער יענעם צוליעב אַ געוויסען אויסרעכענונג. און בפרט נאָך אַזאַ מיידעל, וואָס פערמאָגט אַ ניכטערן פערשטאַנד, ווי זי. אַ מיידעל, ביי וועלכער בלויז אַ סענטימענטאַלע אָפּערע רופט אַרויס געדאַנקען, אַז אפשר איז פאָרט דאָ ליעבע? -- איז פאַרוואָס זאָל זי זיך פערבינדען מיט אַזאַ נאַר, ווי איך?! פאַרוואָס טאַקע ניט בעסער ווערען די ווייב פון אַ מאַן אַ דאָקטאָר? — — — אָבער זי איז דאָך אַזאַ שטאָלצע, און זי ווייס דאָך געוויס, וואָס מען דערצעהלט זיך אָן פון זיינע „טרע-פונגען!" — אָבער וועלכער מאַן איז ריין? און וועלכע פרוי איז דאָס אויך אַזוי פיעל שטאָלץ? — — —

און ביידערנאַכט אין מיין צימער. איך דרעה זיך אַרום אַרויף און אַראָב, און טראַכט: — צי ווייס איך יאָ, צי ווייס איך ניט?

איך דערמאָן זיך: מיר זענען געזעסען אַ קאָמפּאַניע פון עטליכע פריינד, עס איז געקומען צו רייד, און איך האָב זיך אָבגערופען: עס זענען פאַרהאַן מענער געזונטע, ניט קיין מיאוסע, נאָר עפּיס אַזעלכע וויכע, פרויען קאָנען זיך אין זיי קיינמאָל ניט פערליעבען. נאָר עס זענען פאַרהאַן גענוג פרויען, וואָס ווילען זינדיגען, זיי בענוצען זיך מיט אָט די מענער. די וויכע יונגע לייטליך געהען נאָכדעם אַוועק מיט'ן געדאַנק, אַז זיי האָבען „ערפאָלג" ביי פרויען. ער איז אויך דערביי געזעסען. און דו — ווען איך האָב דאָס געזאָגט, האָב איך זיך גאָר אָן דיר פערגעסען — נאָר פּלוצלונג דערהער איך דיין נערוועזען, כמעט היסטערישען לאַכען, איין האַנד האָלסטו אויפ'ן ברוסט עטוואָס העכער פון קאָרסעט און בויגסט זיך אַזש אויף די זייטען פון לאַכען. איך

קוק דיך אָן. דו ווערסט בלאַס און רויט און כאַפּסט אָן מיין האַנד און שרייסט:

— אַנטיק! אַנטיק! — — — — איך האָב זיך דערשראָקען. קינד! דו ביזט דאָך אַלע מאָל אַזוי קלוג, און דאָ פּלוצלונג — — —

אַך, גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

איך האָב דיר אַ שאַרפען דריק געטאָן ביים האַנד. דו האָסט אַ ציטער געטאָן, און אָבגעריסען דיין לאַכען אין מיטען. איך האָב געוואָלט פערגלעטען, און פרעג זיך, ווענדענדיג צו דיר מיט אַ שפּאַסיג-פרעהליכען געלעכטער:

— אינטערעסאַנט! — וואָס איז אייער מיינונג וועגען פרויען?!

— וואָס? איהר אינטערוויואירט?!

— יאָ.

— אָ, ווען פרויען וואָלטען הערען מיין מיינונג וועגען זיי, וואָלטען זיי מיך געלינטשט. — זאָגסטו אָב.

— נו, און פון זיך? — פרעגט ער ביי דיר.

— פון דאָ זענענדיגע רעדט מען נישט — מישט זיך עמיצער אַריין.

— וואָס איז, איהר מיינט, איך בין קיין פרוי נישט? — איך בין אַ פרוי, — זאָגסטו אָב מיט אַ טאָן, ווי דו וואָלסט איצט אַלעמען פערזיכערט און געוואָרענט.

— קומט דאָך אויס — זאָג איך — אַז אייער מיינונג וועגען פרויען איז ניט פיעל בעסער פון מיינער?

— בעסער געוויס נישט — ענטפערסטו, נישט קוקענדיג אויף מיר.

און די אַלע ווערטער דיינע ווערען בעגלייט מיט אַ קלוגען חנ'עוודיגען פרויען-שמייכעל. דו זעהסט מיר אויס, ווי אַ יונגע שטאָלצע קיניגין, וואָס זיצט קוממיות אויף איהר טרוין און קיניגט, און געוועלטיגט, און מישפּט.

דאָס אַליץ איז געווען נאָך אין יענעם זומער. און געווען איז דאָס שוין דאַן, ווען דו פלעגסט מעהר שוין קיינמאָל ניט וועלען מיטפאָהרען באָדען זיך ביים ברעג פון ים. פאַרוואָס ביזטו פער'עקשנ'ט? פאַרוואָס ווילסטו אַהין ניט פאָהרען מעהר? — — — אָט, האָב איך זיך דערמאָנט ניט לאַנג צוריק געבאָדען. איך האָב זיך דערמאָנט באָדענדיג בעקאַנט מיט אַ שענער גאָלדענער מיידעל. איך האָב נאָכ'ן באָדען געשמאַק געגעסען און געטרונקען. און נאָכדעם בין איך ווידער צו צום ברעג. מיין גאָלדען מיידעל האָט זיך נאָך געבאָדען. איך זעה, זי שטעלט זיך אָב. זי דרעהט אַרום איהר גאָלדענעם קאָפּ — זי זוכט

מיך. „קום אַהער, מיין ליעבע מיידעל! ווער האָט דאָס דיך געבֿוירען אַזאַ קלאָרע, אַ גאָלדענע?" נאָר פּלוצלונג דערמאָן איך זיך אָן דיר, און דער ברעג מיט דער מיידעל, מיט זיינע טויזענדער אַנדערע פֿרויען און מענער, שווימט מיט אַמאָל אַוועק ווייט אונטער מיר. פֿאַר מיינע אויגען איז דער ים. אויף מיילען און מיילען קאַטשען זיך לאַנגע גרויסע כוואַליעס, וואָס שפּריצען מיט שניי און זון. דאָ און דאָרטען פֿליהען אום ווייסע ים־פֿויגלען, זעצען זיך אויף די כוואַליעס, פּאַטשען אויף און פֿליהען ווייטער. איך בין אינגאַנצען ווי פֿערפֿרוירען. נאָר וואַרים זענען מיינע אויגען, וואַרים איז מיין האַרץ, און איך ציטער און בעט פֿאַר דיר, קינד. — אַך, גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

———

ס'איז איצטער שפּעט ביינאַכט. איך שטעל מיר פֿאָר:

עס עפֿענט זיך שטיל די טיר פֿון דיין חדר. עס קומט אַריין דיין מאַמע מיט אַ ליכט אין האַנד. זעהן, צי ס'שלאָפֿט כאָטש היינט איהר קינד. דו האַלסט צוגעמאַכט דיינע אויגען — עס זאָל די מאַמע מיינען, אַז דו שלאָפֿסט. זי בויגט זיך איבער דיר: אַך, גאָט! זעה, וואָס זיי האָבען געמאַכט פֿון מיין קינד! זי דערמאָנט מיין נאָמען, אפשר אויך זיינעם, און שעלט אונז מיט וויסטע פֿינסטערע יאָהרען. דו ציטערסט אויף, עפֿענסט דיינע אויגען! — אַך, מאַמע! מאַמע!

— קינד! — גאָט איז מיט דיר! איך האָב געמיינט, דו שלאָפֿסט... איך וועל מעהר נישט שעלטען... איך וויין נישט, ניין! שלאָף איין, מיין קינד. דו דאַרפֿסט דאָך מאָרגען פֿריה אויפֿשטעהן! אַך קינד! גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד!

———

עס איז שפּעט ביינאַכט. אויף מיין טיש שטעהט אויף אַ קו־פּערנעם פּיעדעסטאַל אַן אומבעצוימטער ווילדער פֿערד פֿון קופּער — אַ מתנה פֿון אַ פֿריינד.

עס זעהט אויס — עס איז געווען פֿאַרנאַכט, אַרויף איבער דער ווילדער סטעפּ, ביים ברעג, וואָס גרעניצט זיך מיט'ן הימעל, האָט זיך אין איהר גאַנצער הערליכקייט צעשפּיעלט אַ גרויסע זון. אַ שאַרפֿער בענקען האָט דאַן גענומען רייצען די הייסע בלוטען פֿון דעם ווילדען, שטאַר־קען פֿערד. ער האָט אויפֿגעשטעלט די אויערן, ווי עפּיס האָרכענדיג, ער האָט אויסגעגלאָצט זיינע אויגען, ווי עפּיס זעהענדיג. ער האָט אויס־געצויגען זיין לאַנגליכען, רונדען קערפּער, האָט אויסגעשטרעקט דעם האַלז, צעעפֿענט דעם מויל און האָט זיך פֿון טיעפֿען וועה הילכיג־הויך צעשריען. נאָכדעם האָבען זיינע שטאַרקע פֿיס גענומען ביי און

מיט כעס רייסען און שליידערן די ערד פון אונטער זיך, און אָט איז ער ווידער געבליבען שטעהן. ביין אַהויב געטאָן דעם קאָפּ און גענומען קוקען ווייט פאַר זיך: באַלד רייסט ער זיך מיט פערדראָס אָב און לאָזט זיך אַ צערייצטער לויפען איבער דער וויסטער ווייט, ווי ער וואָלט וועלען זיך אָבּרייסען און אַריבערשווימען די ערד און אַריינ־פליהען מיט אַמאָל ערגיץ ווייט אַהין אין דער בלויקייט. אַ מינוט, אַ רגע, איידער ער רייסט זיך אָב, האָט איהם עמיצער ווי אַ לעבעדיגען אין קופּער געגאָסען.

עס איז שפּעט ביינאַכט. די ליכט דערברענט. איך קוק זיך אום. דעם פערדס שאָטען איז פערגרעסערט אַרופגעשוואומען איפּ'ן וואַנט, וואָס אַנטקעגען מיר. אַ ווייל'ע קוק איך דערויף, הערנאָך גיב איך אַ שמייכעל, הויב זיך אויף און פערלעש די ליכט. דער שיין פון דער לבנה שפּאַרט זיך אַריין דורכ'ן פענסטער, און מיין צימער שפּיגעלט מיר אויס איפּ'ן וואַנט דעם בלומען־טאָפּ מיט די שוין לאַנג פערדאַרטע בלומען. אַ ווייל'ע קוק איך אויף די אויסגעשאָטענע בלומען — ווי שאַרף זיי זעהען זיך אָן אויפּ'ן וואַנט! ווי זיי וואָלטען אויף איהר געוואַקסען. באַלד קעהר איך זיך אָב און געה צו צום פענסטער. דער פענסטער קוקט אַרויס אויף טויזענדער און טויזענדער טורעמס און דעכער, וואָס שימערן אין בלויקייט פון לבנה־שיין.

איך וואָלט ווענען איצט דערצעהלט אַ מעשה פון איינעם, וואָס האָט געהאַט אַ גאָלדענע זון — ווי ער האָט זיין זון צו דער ערד געשליידערט, די אין שטיקער צעבראָכען, איצט געהט ער אַרום זיין גאַנצען לעבען און קלייבט, ווי אַ בעטלער, שטיקלעך זון, — שטיקלעך זון — — — נאָר ניין. — זילבער־ווייסע שטראַהלען, שטראַהלען פון דער אייביגער מעשה, וואָס שפּרייט זיך הויך און ווייט, אין דער בלויקייט, וואָס איבער אַלעמען, הענגען אין אַ רינג הויך איבער מיין קאָפּ. איך זיץ ביים פענסטער. דו קומסט אַריין און זעצסט זיך שטיל און איבערגעגעבען נעבען מיר. לעגסט אַרויף דיין האַנד אויף מיין אַקסעל, שפּאַרסט אויך צו דיין קאָפּ. שטיל. דער רינג איבער מיין קאָפּ ווערט גרעסער, ווערט געגוג פאַר אונז ביידען. שלאָף איין, מיין קינד. שלאָף איין. זיי רוהיג. — גאָט בעהיט און בעשיץ דיך, קינד.

דוד איינהאָרן.

# חלומות פון אַ וואַנדערער.

(פון די שריפטען פון אַן איינזאַמען יודען)

.2

## דער „קינדערלי־פרעסער".

הייליגע זענען מיר אַלע פאַר גאָט,
אין אייגענעם בלוט זיך געהייליגט.
נישטאָ קיין געדאַנק, וואָס האָט אָפּער פערלאַנגט, —
און מיר האָבען זיך נישט בעטייליגט;

נישטאָ אַזאַ פלאַם, וואָס האָט קדושים געזוכט —
און מיר זאָלען דאָרטען נישט ברענען;
נישטאָ אַזאַ ווינקעל פון מענשליכען פיין,
וואָס זאָל אונזער בליק נישט דערקענען.

דעם רוימישען קרייץ האָט געהייליגט די בלוט
פון אונזערע שוועסטער און ברידער;
די קירכע געזעטיגט, דעם אמת געפאַרבט,
געשפייזט איהם מיט אונזערע גלידער.

מיר זענען די פריסטער פון הייליגען פיין,
מיר זענען די ערשטע מערטירער,
מיר טראָגען די פאָהנען פון אמת און לייד,
מיר זענען די אייביגע פיהרער.

I

און צייטענווייז דוכט זיך מיר, אַז ס'איז נישטאָ קיין איין שטאָדט אין דער פרומער קאַטהאָלישער אייראָפּע, וואו עס זאָל נישט ליגען קיין גרויסער פלעק פון אונזער פערגאָסענע בלוט.

נישטאָ קיין איין אויפגעהויבענער קרייץ, וואָס זאָל אויף זיין האָריזאָנט נישט זעהן אַ פערגעסענעם קבר פון אַ יודישען מערטירער, און נישטאָ קיין איין אַלטער קלויסטער־גלאָק, וואָס זאָל נישט האָבען בעלויט אַמאָל אַן איינגעשפאַרטען יודען צום שייטער־הויפען.

# דוד אײנהאָרן. — חלומות פֿון אַ וואַנדערער.

פֿון די פירענייען ביז די שטאָלצע אַלפּען, פֿון די שטילע קאַרפּאַטען ביז צו די ווילדע קאַווקאַזער בערג, — פֿון אומעטום קוקען אַרויס די אײביגע שוואַרצע אויגען, פֿול מיט טרויער און געבעט.

די אײביגע שוואַרצע יודישע אויגען.

פֿון אונטער אַלערלײ מצבות, אַלטע געביידעס, קלויסטערס, שלעסער און דענקמעלער זעהט מען זײ, פֿון די ווילדסטע מאַסקעס שטראַהלען זײ אַרויס.

אָט די אײביגע שוואַרצע אויגען.

אַ שלעכטען געוויסען האָט די אַלטע קאַטוילישע וועלט געהאַט, שרעקליכע חלומות האָבען זיך איהר געחלומ׳ט אין דער פֿינסטערער נאַכט פֿון מיטעלאַלטער; און בכדי זיך צו בעפֿרייען פֿון זיך אַליין, האָט זי איהר פּנים אַוועקגעשענקט דעם אײביגען וואַנדערער און ווי אַ מאַסקע מיט געוואַלד איהם אָנגעטאָן. און נאָכדעם פֿעראײביגט איף איהם איהר אײגענעם בלוטיגען געוויסען: אין ווילדע שרעקענדיגע דענקמעלער פֿון שטײן, אין עקעלהאַפֿטיגע בילדער, אין פֿינסטערע לעגענדעס — און בעצירט מיט דעם איהרע שטעדט, קלויסטערס און נשמות.

און ווי אַן אײביגער שאַנדפֿלעק,
ווי אַ שאַנד-צײכען לדורות

שטעהען זײ, די בילדער, און דערצעהלען פֿון אונזער אומשולדיגען בלוט, פֿון אונזערע שטילע טויבען און מוטיגע לײבען, וואָס האָבען זיך מוסר נפש געווען על קדוש השם.

קדושים.

אײנע פֿון די ווילדע מאַסקעס, וואָס פֿון זײ שטראַהלט אַרויס דער יודישער צער, האָב איך בעגעגענט אין מײן וועג, און אַלץ, וואָס איך האָב געזעהן און געהערט פֿון איהר, וועל איך איצט דערצעהלען.

## II

געטראָפֿען האָב איך די מאַסקע אין דעם שווייצער-לאַנד, אין איהר אַלטער הויפּטשטאָדט בערן, אין אײנעם פֿון די שענסטע שווייצערישע פֿריהלינגס-טעג, ווען די גאַנצע שטאָדט ווערט אײן גרויסער גאָרטען, און וואו נאָר מען וואַרפֿט אַן אויג, זעהט מען בלאָהע, ווייסע, ראָזע קעפּ פֿון צעבליהטע בוימער. פֿערשיידענפֿאַרביגע טולפּאַנען בעצירען די גערטענדלעך פֿאַר די הייזער; די אַלטע געביידעס פֿערהילען זיך אין גרינע מאַנטלען פֿון קריכענדיגע פֿלאַנצען, און איבער אַלץ צעשפּרייט זיך אַ טיעפֿער בלאָהער הימעל, וואָס העגנט איבער האַלב פֿערנעפּעלטע

זילבערנע בערג־שפּיצען און שפּיגעלט זיך אין בערג־בעשאָטענטע און גריןגעפאַסטע אָזערעס.

פונקט אין מיטען שטאָדט געפינט זיך אַן אַלטער פּלאַץ, וואָס שטעהט אַרומגערינגעלט מיט גאָטישע הייזער, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייערע פיעל געוועלבטע ווינקלען, פערשיידענאַרטיגע געמויערטע באַלקאָנעס, איבער־שטיבלעך, געוועלבטע, תמיד טונקעלע אונטערגאַנגען, וואָס פון זיי קוקט נאָך אַרויס מיט געהיימע בליקען די מיטעל־אַלטערליכע שרעק.

און אין מיטען פון דעם אַלטען פּלאַץ שטעהט אַ ברונעם פון אַ גראָהען שטיין. דורך פיער אייזערנע רעהרען פליסען אַראָב אין אַ שטיינערנעם בעקען פיער קלאָרע שטראָמען וואַסער; אויפ'ן שטיין שטעהט אַ זייל, בעצירט מיט בערען אין קריגערישע פּאָזעס, און אויפ'ן זייל שטעהט אַ שרעקליכע פיגור: אַ מאַסקע פון אַ קינדער־פרעסער אין אַ הויכער מיטעלאַלטערישער יודישע שאַנד־היטעל מיט קלאַפּעס. די אויגען ביי איהם זענען גרויסע, אָקסענע, מיט אַ האָרבאַטען סעמיטישען נאָז און אַן אויגעהייער ברייטען מויל, גראָבע ליפּען און שאַרפע חיה'שע ציינער. מיט איין האַנד האַלט ער אונטער אַ קינד, וואָס איז שוין כמעט ווי איינגאַנצען ביי איהם אין מויל, און מעהר ווי צוויי פולע קינדערפיסלעך באַמבלען זיך נישט אויף זיינע גראָבע ליפּען; און פון דער טאָרבע, וואָס הענגט ביי איהם אויפ'ן זייט, קוקען אַרויס נאָך צעשראָקענע קינדערשע קעפּעלעך. זיינע גרויסע אָקסענע אויגען זענען אויסגעריסען מיט אַ מין קאַלטקייט פון אַ פאַנאַטישען דאָמיניקאַנער מאָנאַך. און דאָך, נישט געקוקט אויף דער ווילדער מאַסקע, האָט עפּיס בעקאַנטעס פאַר מיר געוועהט פון איהם, און עפּיס אַ בעהאַלטענע סטרונע האָט פּלוצלונג אַ ציטער געטאָן אין מיין האַרצען.

— רבונו של עולם, האָב איך זיך געטראַכט, וואו האָב איך געזעהן אַזאַ נאָז? וואו האָב איך געזעהן אַזעלכע קנייטשען אונטער די אויגען און אַזעלכע שטריכען אונטערן מויל?

און פּלוצלונג האָב איך איהם דערקענט. גאָט מיינער! דאָס איז דאָך ר' אבא דער שמש, אָט דער ווייבער שטילער יוד, וואָס האָט קיין הויך קול נישט געקענט אויפהויבען, וואָס פלעגט אונז שטענדיג מעשה'לעך דערצעהלען, וואָס פלעגט אונז ליבט אין בית מדרש טיילען און אַלע שבת מיר די בעסטע לקוטי געבען, — אָט דער שטילער גוטער יוד מיט די שוואַרצע טרויערינע מערטירער־אויגען שטעהט איצט דאָ אין דער פּאָזע פון אַ קינדער־פרעסער. וואָסערע ווילדע פאַנטאַזיע האָט דאָס זיך געקאָנט אויסמאָלען, און וואָסער קינסטלער האָט דאָס

געקאָנט אַזאַ גוטען פּנים צוגעבען אַזאַ ווילדע מאַסקע?!

שווער איז דאָס געווען פאַר מיר, פרעמדען וואַנדערער, צו וויסען. און שטיל אונטער דער פריהלינגס־זוהן, צווישען די אַלטע נאַטישע הייזער בין איך געשטאַנען און נעפּאָרשט דעם סוד פון דער אומגליקליכער מאַסקע.

נישט ווייט פון מיר איז געשטאַנען אַן אַלטער דייטש אין אַ יענערקאַפּעלוש מיט אַ גרינעם פעדער. דער פּנים איז ביי איהם געווען ברוין פון דער זון, און אין די קנייטשען איז געלעגען אַ דינער שטויב; די אויגען ביי איהם האָבען געקוקט קאַלט און פאָרשענדיג מיט אַזעלכע בליקען, וואָס נאָר אַ בערג־מענש קאָן קוקען אַזוי; אַ קליין ווייס בערדיל איז ביי איהם געוואַקסען אונטער דער נעמבע, און מיט אַ דייטשער געלאַסענקייט איז ער געשטאַנען און אַרויסגעקלאַפּט דעם אַש פון זיין פּיפּקע.

— קאָנט איהר מיר אפשר זאָגען, ווי הייסט אָט דער ברונעם? האָב איך זיך געווענדט צום אַלטען.

— דאָס איז דער קינדערלי־פרעסער, האָט ער מיר העפליך געענטפערט.

— איז דאָס אַן אַלטער דענקמאָל?

— אָ, זעהר אַלט!

— אפשר ווייסט איהר זיין געשיכטע?

— געווים! זעהר אַ שרעקליכע געשיכטע, האָט דער דייטש מיר לעבהאַפטיג געזאָגט און גענומען אָנשטאָפּען פאַמעליך זיין פּיפּקע מיט טאַבאַק.

— זענט איהר אַן אויסלענדער? האָט ער מיר פּלוצלונג אַ פרעג געטאָן מיט אַ ליעבליכען שמייכעל, אַרויסלאָזענדיג דערביי אַ וואָלקען רויך.

— יאָ, מיין הער.

— דאַן קאָן איך אייך דערצעהלען זיין געשיכטע.

און, זענענדיג זיכער אין מיין טוריסטען־נייגעריגקייט, האָט ער מיר פאַמעליך און רוהיג גענומען דערצעהלען די מעשה מיט'ן קינדערלי־פרעסער.

— דאָס איז אַ וואַרע געשיכטע, האָט ער צוגעגעבען מיט אַן אומעטיגען טאָן, נאָכדעם ווי ער האָט מיר דערצעהלט די אַלטע לעגענדע פון איינעם אַ יודען, וואָס האָט פערנאַרט אַ קריסטליך יונגעלע, צו זיך אין קעלער געבראַכט און איהם געפייניגט ביז'ן טויט, און ווי אַזוי מען האָט דערנאָך געפונען דאָס קינד ביים יודען אין קעלער און פערמשפּט דעם יודען צו פערטלען איהם מיט נאָך דריי יודען,

# די יודישע וועלט.

וואָס אויף זיי איז געפאַלען אַ חשד, און אַלע איבעריגע יודען אַרויס־צוטרייבען פון דער שטאָדט בערן.

— די יודען אָבער זענען אַן איינגעשפּאַרט פאָלק, האָט דער דייטש געזאָגט מיט אַ שמייכעל, האָבען זיי זיך בעקלאָגט דאַן פאַר'ן קייזער רודאָלף דעם צווייטען, וועמעס קאַמער־קנעכט זיי זענען געווען, און ער האָט צוליעב זיי דאַן צוויי מאָל בעלאַגערט די שטאָדט, אָבער אָהן ערפאָלג. די בערנער האָבען די יודען מעהר אין זייער שטאָדט נישט אַריינגעלאָזען. און ווי אַ צייכען פון זייער זיג, האָבען די בערנער אַוועק־געשטעלט דעם ברונעם.

און צוגעגעבען האָט מיר צום סוף דער אַלטער העפליכער יעגער, אַז דאָס, וואָס יודען טויטען קריסטליכע קינדער, פערשטעהט ער גאַנץ גוט: עס קאָן נישט זיין, אַז ביי אַ פאָלק, וואָס האָט זיך אַזוי פיעל אַנגעליטען פון קריסטען, זאָל נישט אויסוואַקסען קיין שטאַרקער נקמה־געפיהל*.

— איך רעכען, האָב איך מיט אַ בעהאַלטענער איראָניע צוגע־געבען דעם אַלטען דייטש, אַז ווען די קריסטען וואָלטען זיך אַזוי אָנגע־ליטען פון יודען, וואָלטען זיי נישט פיעל בעסער געווען.

— אָ, געוויס, האָט מיר דער אָפּענהאַרציגער בערג־יעגער צו־געגעבען, און דערביי שטאַרק צוגעדריקט אין האַנד דעם ביקס, וואָס איז געהאַנגען אויף זיין אַקסעל...

„טייערער, טייערער ר' אַבּאַ!" האָב איך טיעף אין האַרצען מתפּלל געווען. „ווי פרעמד איז עס דיר, אָט דער געפיהל פון נקמה; וויפיעל ליעבע, גוטסקייט און האַרציגקייט קוקען אַרויס פון דיינע מערטירער־אויגען, און ווי פרעמד איז דיין אַלטער הייליגער גייסט די בערג־יע־גערס און די ליעבעפריידיגער פון דער הייליגער קירך, — אַז זיי פער־שטעהען אפילו נישט דיין געדולד און דיין גרויסע מחילה. פיהלענדיג זיך שולדיג קעגען דיר, שרעקענדיג זיך פאַר זייער אייגענעם געוויסען, האָבען זיי דיר אַזאַ ווילדע מאַסקע אָנגעטאָן, בכדי דיינע אַלטע איי־ביגע מערטירער־אויגען זאָלען מיט זייער שטילער שטראַהלענדיגער ליעבע צום משפט נישט רופען".

קלאָר איז מיר געוואָרען דער סוד פון דעם „קינדערלי־פרעסער". עס האָט אַמאָל, אַמאָל צווישען די שטאָלצע אַלפען געלעבט אַ יוד,

* די סברא זאָגט אַרויס אַן אַלטער דייטשער היסטאָריקער האָוואלד איבער דעם ברונעם פון'ם „קינדערלי־פרעסער" אין זיין ווערק, וואָס האָט ערשיינט אין בערן אין יאָהר 1847.

געטוליעט זיך אין די שמאָלע געסלעך צו גאָטס וועלט, און אפשר שטאַרק ליעב בעקומען די אַלפּען מיט זייערע שניי־שפּיצען. אין אַ טרוקענעם יאָהר האָט ער צו גאָט מתפלל געווען, עס זאָל רעגען געהן, און אין אַ פייכטען, ווען ביי די פויערים האָט די תבואה געפוילט — געבעטען אויף עצירת גשמים. געבעטען, אַז די בערג זאָלען קיין שניי־קריעס פון זיך נישט אַראָבשליידערן; אַז די בערג־טייכען זאָלען תמיד רוהיג פליסען אין זייערע ברעגעס און קיין שאָדען די טאָלען נישט אָנטון; אַז די שטיינער זאָלען אויף פיך און מענשען נישט אַראָבפאַלען; אַז די טיעפע שפּאַלטען פון די אייז־גלעטשערס זאָלען קיין וואַנדערער נישט איינשלינגען, און די שניי־שטורעמס זאָלען קיין מענשען אין זייער וועג נישט בעגעגענען. און שטיל, אין זיך פערטיעפט האָט אַזוי אַ לאַנגע צייט געלעבט דער יוד, ביז עמיצער האָט צוליעב זיינע צוועקען בעדאַרפט, אַז מען זאָל דעם יודען פון זיין אָרט אַרויסטרייבען, און אַז בלוט איז נויטיג געווען, איך זיין בלוט פערגאָסען.

אַ לאַנגע צייט בין איך געשטאַנען און געקוקט אויף דער ווילדער מאַסקע. דער אַלטער יעגער איז שוין לאַנג אַוועק; אַ מחנה קינדער האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום דעם ברונעם, געשפּיעלט זיך, געטרונקען פון זיינע רעדהרען; הונדערטער פרייע מענשען זענען פאַרביי־געגאַנגען, — נאָר קיינער, קיינער האָט נישט בעמערקט די מאַסקע. דאָס איז דאָך אַן אַלטע געשיכטע פון יודען, וואָס מען האָט אַ טייל פון זיי געפערטעלט און די איבעריגע אַרויסגעטריבען! וועמען אינטערע־סירט עס?

.III

איך בין אַוועק מיט אַ שווער האַרץ. עס האָט עפּיס אין מיר געוויינט און געלעגען, ווי אַ שווערע משא. גאַנצע טעג בין איך נאָכ־דעם אומגעגאַנגען אין דער פערלאָזטער יודען־גאַס און געקוקט אין די פענסטער, געזוכט דאָרטען די דערשראָקענע בליקען, די בלאַסע אָבּ־געצעהרטע געזיכטער פון שרעקליכער ערוואַרטונג: אָט, דוכט מיר, רוקט זיך אַרויס פון אַן אַלטען באַלקאָן־שטיבעל אַ שוואַרץ־געלאָקטער פרויען־קאָפּ, און איבערן גאַס לויפען איבער אַ פּאָר שוואַרצע דערשראָקענע הינ־דין־בליקען מיט אַ מורא'דיגער פראַגע: — וועלען זיי היינט קומען, אָדער מאָרגען איז איהר גורל געשענדט צו ווערען?

אָטאָ, דוכט מיר, גליטשט זיך דורך אַ דערשראָקענער שאָטען פון אַ יונגען מאַן. דאָס האָט ער זיך נאָר וואָס פון משפט־פּלאַץ אומגע־

קעהרט, דער איינציגער עדות פון געטא, וואס האט פערשטעלטערהייד געהיט די נשמות פון די קדושים און איצט געהט ער אנזאגען דער קהלה, אז זייער נשמה איז ארויס ריין און הייליג.

אטא, דוכט מיר, שלעפט מען פערבלוטיגטע זעק: דאס זענען די קערפערס פון די געפערטעלטע קדושים, וואס די יודען האבען אויס-געקויפט, בכדי צו ברענגען זיי צו קבר ישראל.

און ווייטער נייע שאטענס: א רייטער פון שטאדט-מאגיסטראט מיט א פעראכטונגס-שמייכעלע אויף די ליפען; און עדה אלטע זקנים מיט גראהע בערד, וואס געהען גיך מיט צעשפרייטע פאלעס: א דע-פוטאציע פון געטא צום מאניסטראט מיט טרערען און תחנונים.

און נאכדעם ווידער דאס אייגענע בלאסע פרויען-געזיכט פון אוי-בער-שטיבעל מיט די גרויסע שווארצע הינדין-אויגען און מיט דער שרעק-ליכער פראגע אין זיי.

ווילדע חלומות האבען מיך ביינאכט געשראקען, אויפגעוועקט האט זיך אין מיר מיין ריין אלט יודיש בלוט. אויפגעוואכט האט זיך אין מיר די גרויסע שרעק, דער בעהאלטענער שטאליץ, וואס מיינע זיידעס האבען מיר איבערגעגעבען בירושה.

.IV

און איינמאל אין א ליכטיגער ווארימער פריהלינגס-נאכט, ווען פון די ארומיגע בערג האט געוועהט א דופטיגער פרישער ווינטעלע, און ווייכע בלאהע שאטענס האבען פערייניגט די בערג מיט'ן הימעל, און די פייערלעך פון די הייזלעך אויבען האבען געשיינט דורך דעם ליי-טען נעפיל, פונקט ווי שטערען, — בין איך ארויסגעגאנגען פון מיין צימער און אוועק נאך אמאל צום „קינדערלי-פרעסער“.

סודות'דיג און שרעקענדיג האבען אויף מיר ארויסגעקוקט די גע-שניצטע שפיציגע סילועטען פון די אלטע הייזער, וואו נישט וואו האט ארויסגעשיינט א בעלייכטענער פענסטער, און פון די בערג ארום זענען ווי עפים מאדנע ווייטע קלאנגען געקומען, גליך ווי ערגיץ ווייט ווייט וואלט א קלויסטער-גלאק א בהלה געמאכט, אדער א פערבלאנדזשעטער וואנדערער צווישען די שניי-פעלדער וואלט פון דער הויך נאך הילף גערופען.

„היינט וועט זיין א וואונדער-נאכט“, האב איך זיך געזאגט און בין ארויף אויפ'ן פלאץ פון'ם „קינדערלי-פרעסער“. דער פלאץ איז אינ-גאנצען געווען בעגאסען מיט דעם בלאהען שיין פון דער לבנה; פון

ברונעם־זייל האָט זיך אויסגעצויגען אַ לאַנגער שוואַרצער שאָטען; פיער דינע פינקעלדיגע שטראָמען וואַסער האָבען געפּלאָסקעט פון די רעהרען און צעשפּאָטען זיך אויף'ן טונקעלן בעקען אין דינע זילבערנע טראָפּענס.

צופוסען פון דעם בעקען האָב איך בעמערקט עפּיס אַ בעוועגונג, גלייך ווי אויף דער ערד וואָלטען זיך געשפּיעלט אַ גרופּע קליינע קינדער אַרום אַן עלטערן מענשען.

.V

— פּאַרזיכטיג, יונגער מאַן, איהר קאָנט נאָך אָנטרעטען אַ קינד, האָב איך דערהערט נעבען זיך אַ ביסעל אַ הייזעריגע, נאָר אַ האַרציגע שטים פון אַן עלטערן מענשען.

— איך רעכען, אַז זיצען ביינאַכט מיט קליינע קינדערלעך אין מיטען גאַס איז געפעהרליכער, האָב איך ביז געענטפערט און איינגעבויגען זיך צום שאָטען פון עלטערן מענשען.

— האָט קיין פּאַראיבעל נישט, גנעדיגער הער, האָט דער שאָטען מיר געענטפערט און אויפגעהויבען זיך.

און פאַר מיר איז פּלוצלינג שטעהן געבליבען אַ דאַרער, אַ הויכער יוד מיט אַ שיטערער, שפּיציגער בערדיל, אַ לאַנגען געזיכט מיט איינגעפאַלענע באַקען, אַ הויכען צעקנייטשטען שטערן, און פון די אויפגעהויבענע ברעמען האָבען אויף מיר אַרויסגעקוקט צוויי גרויסע אויגען מיט אַ ווייכען, אומעטיגען שמייכעל.

— גלייבט מיר, גנעדיגער הער, אַז איך זיץ דאָ נישט מיט מיין אייגענעם ווילען.

איך שטעה און קוק אויף דער הויכער דאַרער פיגור מיט דער שפּיציגער בערדיל און אומעטיגע אויגען, און פון צונג רייסט זיך ביי מיר דער ליעבער „שלום עליכם“, וואָס איין יוד גיט דעם צווייטען, בעגעגענענדיג זיך אין אַ פרעמדען לאַנד.

— שלום עליכם, האָב איך זיך נישט איינגעהאַלטען און דערלאַנגט דעם דאַרען יודען די האַנד.

— עליכם שלום, האָט ער מיר מיט ליעבע געענטפערט.

— פון וואַנען איז אַ יוד?

— פון די מקומות.

— וואָס טוט איהר דאָ אַזוי שפּעט ביי נאַכט? האָב איך איהם געפרעגט.

## די יודישע וועלט.

— אָט, זעהט איהר, איך שפּיעל מיך מיט זיי, — דערביי האָט ער אָנגעוויזען אויף אַ גרופּע קליינע קינדער, וואָס האָבען זיך אומעטיג געשפּיעלט נעבען אַ טאָרבע.

— און בייטאָג האָט איהר קיין צייט נישט?

— ניין, בייטאָג מוז איך שטעהן אויף דעם זייל...

אַ קעלט איז מיר אַריבער איבער'ן לייב. פאַר מיר איז געשטאַנען און גערעדט דער „קינדערלי־פרעסער". איך הער ערד צופּוסענס פון זייל איז געלעגען זיין שרעקליכע שטיינערנע מאַסקע, און דער אמת'ער גייסט איז געשטאַנען און גערעדט מיט מיר.

און רוהיג אומעטיג האָט געקלונגען זיין ווייכע שטים אין דער בלאָהער פריהלינגס־לופט.

— עס וואָלט מיר געווים נישט געאַרט. איך שטעה נישט פאַר מיינע זינד און נישט פאַר די זינד פון מיינע ברידער: אַוועקגעשטעלט האָט מיך דאָ די מענשליכע שלעכטס און גאָטס צאָרן, און כל זמן ביידע וועלען נישט פערשוואונדען ווערען, מוז איך ווי אַ שטיינערנער עדות שטעהן דאָ אויף דער ווייסער וועלט.

שווער זענען מיר נאָר אָט די אומשולדיגע קינדערלעך, אַ גאַנצען טאָג מוזען זיי זיך נעבּיך שטיקען האַלב־נאַקעטע ביי מיר אין טאָרבע. איבערהויפּט איז מיר שווער צוצוזעהן די יסורים פון איין איינציג קינד, וועמען זיי האָבען אַריינגערוקט אין מויל פון מיין שטיינערנער מאַסקע, און אַ גאַנצען טאָג מוז איך אַזוי שטעהן און אונטערהאַלטען איהם מיט דער האַנד, ער זאָל חס ושלום נישט ליידען, הענגענדיג אַזוי.

— צו וואָס האָט מען זיי דאָס אַוועקגעשטעלט אַהער? האָב איך געפרעגט.

— פרעגט, צו וואָס האָבען זיי, די קאַטוילישע מאַנאַכען, געטויט און אונטערגעוואָרפען זיי אונז?

און דאָ האָט דער הויכער דאַרער יוד איבערגעריסען זיין שמועס: אַ קליין קינד, וואָס איז געלעגען צו־פוסענס פון ברונעם, האָט זיך פלוצלינג פונאַנדערגעוויינט. דער יוד האָט דאָס גענומען אויף די הענד, און אומגעהענדיג אַהין און צוריק, האָט ער עס שטיל געוויגט און געזונגען אַ שטילען אומעטיגען ניגון, פונקט ווי מען פערוויגט אין מיין אָרימער ליטא:

עס וועט זיין אַ צייט,
די צייט איז נישט ווייט —
משיח וועט דאָך קומען...

## דוד איינהאָרן. — חלומות פֿון אַ וואַנדערער.

האָט געזונגען דער יוד און געוויגט אויף די אָרעמס דאָס קינד, ביז עס איז אַנטשוויגען געוואָרען.

די לבנה האָט זיך אָבגערוקט הינטערן שפּיץ קלויסטער. אויפֿ'ן פּלאַץ איז געוואָרען טונקעלער; די פֿיער שטראָמען האָבען פֿערלאָרען זייער וואונדערבאַרען גלאַנץ, און דער יוד איז געוואָרען, ווי עפּיס היימליכער.

— אָך, אָך, אָך, ווען וועט ער שוין קומען, פֿאָטער אין הימעל? האָט ער געזיפֿצט.

— שטעהט איהר שוין לאַנג אַזוי? האָב איך איהם אַ פֿרעג געטאָן.

— איך האָב שוין כמעט די יאָהרען פֿערגעסען, און די דורות אויפֿגעהערט צו צעהלען.

— ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?

— אַך, זוהנעלע, ביזטו קיין יוד נישט?

— יאָ, מען דאַרף מיר נישט פֿערצעהלען, איך האָב דאָס מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן, — האָב איך איהם געענטפֿערט.

— נו, טאָ שטעל זיך פֿאָר, אַז אַזוי האָט מען אויף פֿערגאָסען אונזער בלוט מיט הונדערטער דורות צוריק. נאָר ווי דאָס איז געשעהן, קען איך דיר דערצעהלען, האָט ער מיר צוגעגעבען, אַ קוק טוענדיג אויפֿ'ן זייגער פֿון קלויסטער־טורעם — צייט איז נאָך דאָ ביז'ן פֿריה־מאָרגען.

און אַיינטוליענדיג בעסער דאָס קינד אין זיין קאַפּאָטע, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אייגענער שטיינערנער מאַסקע און גענומען דערצעהלען:

„ווען דאָס איז געווען, זוהנעלע, ווייס איך נישט, אפשר מיט זעקס, אפשר מיט אַכט הונדערט יאָהר צוריק. מיר האָבען דאַן געוואוינט אַ גאַנצע קהילה יודען דאָ טאַקע אין דער שטאָדט בערן, געהאַט אַן אייגענע שוהל, געדיענט גאָט פֿון גאַנצען האַרצען און געהאַנדעלט מיט די אַרומיגע גוים. אַ לאַנגע צייט האָבען מיר אַזוי געלעבט, קיינעם קיין שלעכטס נישט געטאָן, און קיינער האָט אונז קיין שלעכטס נישט געטאָן. ביז איינמאָל איז געקומען אַהער אַ מחנה גלחים אין שוואַרצע קליידער און גענומען בויען אַ קלויסטער נישט ווייט פֿון אונזערע גאַסען. און וואָס מיר האָבען זיך אויסגעליטען פֿון זיי, ווייס איין גאָט. מיר האָבען געליטען און געשוויגען און גאָט געדיענט. איינמאָל ערב פּסח האָבען זיי אונטערגעוואָרפֿען איינעם פֿון די שענסטע בעלי־בתּים אַ טויט קינד אין קעלער, און נאָכדעם געמאַכט אַ בלבול, אַז מיר האָבען

# די יודישע וועלט.

דאָס געהרג'עט, רחמנא לצלן, בכדי זיין בלוט אין די מצות אַריינ־
צוטון. וואָס עס איז דערנאָך געווען, זוהנינקע, קענסטו זיך אַליין משער
זיין. דעם רב מיט די פיער שענסטע בעלי־בתים האָט מען איינגעשפּאַרט
אין תפיסה, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכע חקירה ודרישה
מיט יסורים און עדים. די גלחים האָבען געריצט דעם המון אויף אונז,
געשלאָגען, גערויבט, פרויען מאַנס געווען, ביז עס איז געקומען דער
פסק דין. ערב שבועות האָבען די גלחים אַרויסגעטראָגען אַ פסק: דעם
רב מיט די פיער בעלי־בתים זאָל מען פערטלען. און אַזוי ווי לויט
זייער חקירה ודרישה זענען זעקס מענשען געווען פערמישט אין דעם
ענין, זאָלען די יודען אַרויסגעבען דעם זעקסטען, און אויב נישט, וועט
מען אַלע יודען אויסקוילען. צייט האָט מען געגעבען דריי טעג״.

אַ שטילער ווינטעל האָט גענומען בלאָזען, און אָבגעדעקט די פּאָלע,
אונטער וועלכער עס האָט געדרעמעלט דאָס קינד. דער יוד האָט אי־
בערגעהאַקט די דערצעהלונג, צאַרט, מיט ליעבע דאָס קינד אַיינגעדעקט
און גענומען ווייטער דערצעהלען:

„פונקט ערב שבועות האָבען מיר בעקומען די שרעקליכע בשורה.
בית דין האָט גוזר תענית געווען אויף דריי מעת לעת, אַפילו אויף
קינדער אין די וויגען. דערווייל האָט מען זיך מתודה געווען, געבעטען
איינער ביים צווייטען מחילה, געזעגענט זיך און מכין געווען זיך שטאַר־
בען בקדושה ובטהרה.

„אין יענער נאַכט בין איך געזעסען צוזאַמען מיט אַן עדה יודען
אין דער שול, וואו איך בין שמש געווען, געזאָגט מיט אַלעמען תהלים
און שטיל תשובה געטאָן אין מיין האַרצען. קיין הויזגעזינד האָב איך
נישט געהאַט, מיין ווייב איז מיר געשטאָרבען אין קינפעט צוזאַמען מיט
דעם קינד, קיין קרובים אויך נישט. נאָר פונדעסטוועגען האָט זיך מיר
נישט געוואָלט שטאַרבען. און ווי איך זאָג אַזוי תהלים און וויין, פאַלט
אויף מיר אַרויף אַ גרויסער שלאָף, און פלוצלונג דערזעה איך פאַר
מיינע אויגען אונזער רב, וואָס איז געווען אין תפיסה. זיין פנים האָט
געלויכטען, ווי ביי אַ מלאך, און אָננעמענדיג מיך פאַר'ן האַנד, האָט
ער געפרעגט: „יוסף, ווילסט מיט מיר שטאַרבען?״ אַ גרויסער רחמנות
האָט זיך אין מיר אויפגעוועקט, און מיט טרערען אין די אויגען האָב
איך איהם געזאָגט: „יאָ, רבי״.

— „טאָ זיי וויסען, האָט ער מיר נאָכדעם געזאָגט, אַז די גאַנצע
קהילה שטעהט אין סכנה: אין דריי טעג אַרום וועט מען זיי אויסקוי־
לען, און מעהר ווי דו קענסט זיי נישט ראַטעווען״.

— „וואָס בעדאַרף איך טון צו דעם, רבי?“ האָב איך געפרעגט.

— „געה אין מאַגיסטראַט און זאָג, אַז דו ביזט דער זעקסטער. זאָג פריהער אָב וידוי, זיי זיך טובל, ווייל דו וועסט דאַרפען מקדש השם זיין ברבים. חוץ דעם, זאָלסטו וויסען זיין, אַז דו דאַרפסט דאָס טון אָהן שכר אויף יענער וועלט, ווייל די נשמות פון קדושים האָבען קיין רוה נישט, כל זמן עס הערשט דער אומרעכט און דער שקר“.

„ביי די ווערטער איז דער רב פערשוואונדען געוואָרען, און איך האָב זיך אויפגעכאַפּט.

„אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך מתודה געווען, זיך געטובל'ט, אויף מאָרגען האָב איך אָבגעדאַווענט און בין אַוועק אין מאַגיסטראַט.

„דעם סוף, זוהגינקע מיינער, פערשטעהסטו שוין אַליין. די יודען זענען ניצול געוואָרען, און אונז זעקס האָט מען געפּערטילט.

„אויפ'ן וועג, ווען מען האָט אונז געפיהרט צום הענקער-פּלאַץ, האָט אונז דער רב געזאָגט סודות אין ענין פון קדוש-השם, אַז מען פערגיסט אונזער אומשולדיג בלוט, נאָר בכדי די וועלט זאָל אויסגעלייזט ווערען. וואָרום ווען נישט די נשמות פון די קדושים, וואָס פּאָדערען אַ משפּט פאַר זייער בלוט, וואָלט די וועלט קיינמאָל נישט גע-משפט געווען און קיינמאָל נישט אויסגעלייזט געוואָרען.

„און צוגעזאָגט האָט ער אונז, אַז בשעת משיח וועט קומען, וועלען מיר ירשן אַלע זיבען הימלען און מיר וועלען זיצען ביי חער רעכטער האַנד פון משיח'ן, ווען אַלע וועלען זיצען אין זיין לינקער זייט.

„אָט אַזוי שטעה איך שוין הונדערטער יאָהרען, — האָט דער יוד פערענדיגט — און וואַרט אויף איהם און גלויב, אַז ער וועט געוויס קומען“.

שטיל, שטיל האָט געקלונגען זיין שטים אויף דעם אַלטען פּלאַץ צווישען די שאָטענס פון די גאָטישע הייזער; די לבנה איז שוין געווען אינגאַנצען אַוועק, און אויפ'ן הימעל האָט גענומען פינקלען דער מאָרגען-שטערן; אַ לייכטער נעפּיל איז אַראָב פון די אַרומיגע בערג, און אַ טיעפער אומעט האָט זיך צעלעגט אויפ'ן יודענס פנים.

נאָר הויך, הויך פון אויבען האָט דער גאָלדענער מאָרגען-שטערן געלייכטען מיט אַ טרייסט און געסוד'עט:

ער וועט קומען,
ער וועט קומען.

———

# די יודישע וועלט.

איך מאָרגען, אַז איך האָב געעפענט די אויגען, האָב איך זיך געפונען אָנגעשפּאַרט אָן בעקען פון ברונעם. דער „קינדערלי־פרעסער" איז געשטאַנען אין דערזעלביגער פּאָזע מיט די גרויסע אָקסענע אויגען, וואָס האָבען געקוקט מיט אַ קאַלטקייט פון אַ דאָמיניקאַנישען מאָנאַך.

נאָר מיך האָט ער שוין נישט געשראָקען:

הינטער דער מאַסקע האָב איך געפיהלט דעם שטילען אומגליקליכען שמיש, און דער פריהמאָרגען־ווינט האָט מיר אַלץ געסודעט:

ער וועט קומען,
ער וועט קומען...

ערן, 26־טען מאי.

ד"ר א. מוקדוני.

# אונזער טעאַטער-פֿראַגע.

אַ פֿערבּרעכֿערישע גלייכֿגילטיגקייט הערשט בּיי אונז בּנוגע צו דער טעאַטער-פֿראַגע שוין יאָהרען-לאַנג. און אין דער לעצטער צייט האָט אָט די גלייכֿגילטיגקייט אַפֿילו געשאַפֿען אירע „טעאָרעטישע" פֿערטיידיגער. קומט איינער און וויל צערהדערן די פֿער'עקשנ'טע גלייכֿגילטיגקייט, לויפֿען זיך צוזאַמען פֿון אַלע זייטען אירע „ריטער", און מען פֿערשטאָפּט דעם עולם די אויערן מיט וואַטע: ניטאָ קיין טעאַטער-פֿראַגע! מיט טויזענדער פּלפּולים, מיט טויזענדער סבֿרות און השערות בּעפֿעסטיגט מען די „היילינגע" גלייכֿגילטיגקייט. און דאָ ניט לאַנג האָט איינער אַפֿילו אַ מאָראַלישען פּאַנצער אויף דער פֿערבּרעכֿערישער גלייכֿגילטיגקייט אַרויפֿגעוואָרפֿען (זעה „דער יודישער טעאַטער" פֿון בּעל-מחשבֿות, „יודישע וועלט" 3—4). עס הייסט גאָר פּשוט: מיר האָבּען קיין מאָראַלישע רעכֿט ניט צו זאָגען אַ דעה דעם איצטיגען טעאַטער. דאָס פֿאָלק האָט עס געשאַפֿען, דאָס פֿאָלק ווילט זיך אין איהם, עס בּעפֿרידיגט פֿולשטענדיג זיינע ליטעראַרישע און עסטעטישע פֿאָדערונגען. אלאָ וואָס דער טעאַטער בּעפֿריידיגט ניט די יודישע אינטעליגענץ, זאָל זיך די אינטעליגענץ שאַפֿען אַן אַנדער טעאַטער. און אַזוי ווי די יודישע אינטעליגענץ איז ניט בּכח צו שאַפֿען אַ טעאַטער לויט אירע עסטעטישע פֿאָדערונגען, זאָל זי זיך אַליין שטראָפֿען, זאָל זי האָבּען צו זיך אַליין טענות. דעם טעאַטער, וואָס עקסיסטירט, טאָר זי ניט מיט קיין שלעכֿט וואָרט אָנריהרען, זי טאָר ניט קומען מיט איהר עסטעטישען מאָס צו דער „פֿאָלקס-בּיהנע", וואָס זי האָט צו איהר קיין שייכֿות ניט.

אָט האָט די פֿערבּרעכֿערישע גלייכֿגילטיגקייט אַ פֿרום און מאָראַליש פּנים בּעקומען!

פֿערשטעהט זיך, אַז די אויפֿגאַבּע פֿון מיין אַרטיקעל איז ניט צו שטורעמען די מאָראַלישע פֿעסטונג, וואָס בּעל-מחשבֿות האָט אַוועקגעשטעלט בּיים „פּינטעלע יוד" און בּיי „חנה'טשע" אין אַמעריקע. בּלויז פֿאַרבּייגעהענדיג וועל איך אָנווייזען דעם בּעסטען בּעל-מחשבֿות, אַז אויף די געבּאָטען פֿון זיין מאָראַל איז מען כּסדר עובֿר. מען בּויט פֿאָלקס-שולען, למשל, לויט דער אָנווייזונג פֿון פּעדאַגאָגען, מען עפֿענט פֿאָלקס-טעאַטערן לויט דעם געשמאַק און לויט די בּעגריפֿען פֿון קינסטלער און מען פֿערשפּרייט ליטעראַטור לויט די מבֿינות פֿון פֿאָלקס-ערציהער. מען פֿרעגט ניט בּיים פֿאָלק, וואָס ער וויל. מען גיט איהם, וואָס ער בּעדאַרף. אין די פֿאָלקס-שולען ווערט געלערנט דיזעלבּיגע אַריפֿמעטיק און גע-

שיכטע, וואָס אין אַנדערע שולען ; אין פאָלקס-טעאַטערן ווערען געשפּיעלט דיזעלביגע שטיק, וואָס אין די אַנדערע גוטע טעאַטערן, און גראָד די בעסטע ביכער ווערען פערשפּרייט צווישען פאָלק. די שולען הייסען פאָלקס-שולען, די טעאַטערן הייסען פאָלקס-טעאַטערן, און די ביכער הייסען פאָלקס-ביכער, ניט ווייל דאָס פאָלק האָט זיי געשאַפען, נאָר ווייל זיי זענען עקאָנאָמיש צוגענגליך פאַר'ן פאָלק. אין דער פאָלקס-שול בעקומט דאָס פאָלק עלעמענטאַרע בילדונג אומזיסט, אין פאָלקס-טעאַטער בעקומט דאָס פאָלק צו זעהן הויפּטמאַנס אַ דראַמע, וואַגנערס אַן אָפּערע פאַר זעהר אַ וואָלוועלן פּרייז, און פאָלקס-ביכער הייסען די בעסטע ליטעראַרישע שאַפונגען צו וואָלוועלע פּרייזען.

אונטער פאָלקס-טעאַטער פערשטעהט מען בשום אופן ניט אַ טעאַטער, פאַר וועלכען אַ מענש פון פאָלק, וואָס האָט קיין שום בעציהונג ניט צו ליטעראַטור, שרייבט דראַמעס אָדער אָפּערעטעס און וואו מענשען פון פאָלק טרעטען אַרויס אַלס שוישפּיעלער.

דאָס איז נור אַן עקאָנאָמישער בעגריף.

די קולטור-אוצרות שאַפט פאָרלויפיג די בורזשואַזיע. זי האָט נעגוג פרייע צייט און נעגוג מיטלען דערצו. די מאַסע, די גרויסע פערהאַוועטע פאָלקס-מאַסע מוז אָנקומען צו דער בורזשואַזיע אין דעם פּרט. אין ווען דעם אַרבייטער-קלאַס אין דייטשלאַנד, למשל, וועט איינפאַלען צו בויען זיינע אייגענע טעאַטערן, וועט ער ניט געהן אין די פאַבריקען זוכען דראַמאַטורגען און אַרטיסטען. ער וועט מוזען נעמען הויפּטמאַנ'ען אַלס דראַמאַטורג און מאַיס'ין אַלס שוישפּיעלער. יעדער ערנסטער און אויפריכטיגער פאָלקס-פריינד וועט זיך אָנשטרענגען אַריינצובריינגען אין אַ פאָלקס-ביבליאָטעק די בעסטע ביכער, אין אַ פאָלקס-טעאַטער די בעסטע שטיק, און אין אַ פאָלקס-שולע די בעסטע לעהרער, און דוקא ווייל זיי זענען פאָלקס-אינסטיטוציעס. די מאָראַל פון בעל-מחשבות שרעקט זיי ניט אָב...

נאָר דאָס איז נור אַגב אורחא.

דער עיקר איז דאָס, וואָס אונזער גאַנצע טעאַטער-פראַגע ווערט זעהר לייכטזיניג און איבערפלעכליך בעהאַנדעלט. לאָמיר לאָזען צורוה די קינסטלערישע און ליטעראַרישע זייט פון אונזער טעאַטער. ניט דאָס איז דער עיקר פון דער פראַגע! אונזער טעאַטער איז אַ שטיק עם-הארצות אין דער יודישער גאַס, עס איז אַן אָרט, וואו אַלץ יודישעס ווערט געפּעלשט, פערקריפּעלט און קאַריקירט. אַ פאָר צעהנדליג יאָהר איז די יודישע געשיכטע געווען דער אומגליקליכער קרבן. עס זענען געשפּיעלט געוואָרען כסדר „היסטאָרישע" אָפּערעטעס. אַלע גרויסע גע-

שטאַלטען פון אונזער געשיכטע, אָנגעהויבען פון אברהם אָבינו און גע-
ענדיגט מיט הערצלען, זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרען אויף דער ביהנע.
איך האָב שוין געהערט, ווי אבן-עזרא זינגט נעמיינע קופּלעטען; איך
האָב געהערט, ווי דער „פעטער הערצעל" זינגט פלאַכע לידלעך. איך
האָב געזעהן יעקב אָבינו אַלס קאָמיקער, אַברהם אָבינו אַלס בייזער טאַטע
און יצחק'ן אַלס ליעבהאָבער. טויזענדער יודען זינגען נאָך רבי עקיבא'ס
אַ וואַלס, רבי יהודה הלוי'ס אַ זמר'ל און דעם אַברבנאל'ס נאַרישע
ראָמאַנסען. די יודישע געשיכטע איז אינגאַנצען אָבהענגיג פון דער ראָ-
לען-פערטיילונג אין אַ טרופּע. ווען יעקב אָבינו פאַלט אַריין צו אַ קאָמי-
קער אין די הענד, ווערט ער אַ קאָמישע פיגור, פאַלט ער אַריין צו
ליעבהאָבער אין די הענד, ווערט ער אַ פּאַיאַץ. סיי דער מחבר און
סיי דער אַקטיאָר פיהלען זיך זעהר פריי. ביידע דערנעהנטערן די גע-
שיכטע צו די השגות פון דער איצטיגער נאַס. אָנשטאָט היסטאָרישע
פיגורען זעהט איהר גרויאינקע און פערקריפּעלטע גאַס-טיפּען. די עם-
הארצות איז זעהר דרייסט, זי שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָב.
עס איז פאַר איהר ניטאָ קיין אומפערשטענדליכעס און קיין אומבע-
גרייפליכעס.

איז אַריבער די היסטאָרישע עפּאָכע, און עס איז אויפגעקומען
מיט יעקב גאָרדינ'ען אַ רעאַליסטישע עפּאָכע. די ווילדע עם-הארצות
איז אָבער ניט פערשוואונדען געוואָרען. פערקעהרט, זי איז געוואָרען נאָך
צינישער. דאָס רעאַלע יודישע לעבען איז סיסטעמאַטיש געפעלשט גע-
וואָרען. אַ יודישער רב איז אַריינגעפאַלען אין די הענד פון אַ קאָ-
מיקער, און דער טעאַטער הילכט פון געלעכטער. פאַראַן ביי גאָרדינ'ען
אַ רב (אין „געבריהער לוריא"), וואָס מאַכט אַ ראַנדע-וואו ביי זיך אין
שטוב פאַר אַ פערליעבטען פּאָרל. ער איז בעהבינ'ט אין אַלע המצאות
פון דער ליעבע, ווי דער גרעסטער פרויען-יעגער. דער רב מונטערט
אויף דאָס פערליעבטע פּאָרל צו קושען זיך... דער אַרטיסט געהט נאָך
ווייטער פונ'ם מחבר...

אין גאָרדינ'ס „שחיטה" איז אויך דאָ אַזאַ מין רב.

אַ חסיד אויף דער יודישער ביהנע איז אָדער אַ שכור, אַן אויס-
וואָרף און אַ טיראַן, אָדער אַ נאַריש און טעמפּ בעשעפעניש, וואָס פער-
קאַטשעט ביי יעדער געלעגענהייט די פּאָלעס און לאָזט זיך טאַנצען.

אומעטום אויף דער יודישער ביהנע איז כסדר אַ מאַרק-יודינע מיט
בלויע ליפּעלעך, וואָס שילט און זידעלט זיך, ווי אַ מכשפה.

עס איז דאָ אַ פאַרטיגער שאַבלאָן פאַר די 3—4 הויפּט-פיגורען
אין אַ דראַמע אָדער אין אַ קאָמעדיע, און סיי דער פערפאַסער און

## די יודישע וועלט.

סיי די ארטיסטען טרעטען פון איהם ניט אב. מיט דער „רעאליסטישער עפאכע“ איף דער יודישער ביהנע איז איף אויפגעקומען דער ציניש ער וואנדאליזם; גרויסע קלאסישע ביהנען־ווערק פון אייראפעאישע ליטעראַרישע גאונים זענען אומבארמהארציג פערפלאכט און פערדרעהט געווארען. די יודישע ביהנע האט א האמלעט אין דער געשטאלט פון א „ישיבה בחור“, א קעניג ליר אין דער געשטאלט פון א יודישען בעל־הבית, אן אטעלא — א „בלינדען מוזיקאנט“, א פוהרמאן הענשעל — א דארפישע יודינע. פון דער עפאכע איז געבליבען איף דער יודישער ביהנע צעהנדליגער עם־הארצות׳דיגע בעארבייטונגען און איבערזעצונגען פון אייראפעאישע דראמעס און טראגעדיעס.

אזא עם־הארצות און אזא וואנדאליזם געפינט מען ניט אפילו ביי די סאמע קולטורעל־אבגעשטאנענע פעלקער. דער הפקר איז דער ציניזם איף דעם געביט פון איבערזעצונגען און „בעארבייטונגען“ געדט איבער אלע גרעניצען.

און נאך א זעהר מערקווירדיגע ניט־נארמאלע ערשיינונג: דער יודישער טעאטער אין רוסלאנד לעבט ניט זיין אייגען לעבען שוין 20 יאהר. זיין גייסטיגע שפייז בעקומט ער כסדר פונ׳ם אמעריקאנישען יודישען טעאטער. סיי די „היסטארישע“ עפאכע און סיי די „רעאליסטישע“ עפאכע זענען צו איהם געקומען פון אמעריקא. זינט דעם מאמענט, בשעת גאלדפאדענ׳ס און שייקעוויטש׳עס טרופע האבען עמיגרירט קיין אמעריקא, האט דער יודישער טעאטער אין רוסלאנד איף גייסטיג איבערעמיגרירט צו זיי.

כל זמן די יודישע מאסע אין אמעריקא איז געווען א „גרינע“ און האט אין אמעריקא געלעבט מיט די אינטערעסען פון רוסלאנד, איז דער אמעריקאנער יודישער רעפערטואר געווען מעהר אדער ווייניגער גייסטיג געבונדען מיט דער נאר־וואס פערלאזענער היים. דער יודישער עמיגראנט האט געהאט זיין פאמיליע אין רוסלאנד, און דער וואוינארט פון זיין פאמיליע איז איף געווען זיין היים. אמעריקא איז פאר איהם געווען א פרעמד לאנד און א צייטווייליגע היים. די אמעריקאנער יודען האבען געלעבט מיט די יודישע אינטערעסען אין רוסלאנד. זיי האבען געלעבט אין אמעריקא און געווארט איף ישועות אין רוסלאנד. דאס האבען געמערקט די טעאטער־מאכער אין אמעריקא. יאהרען־לאנג ווערען אין די יודישע אמעריקאנישע טעאטערן געשפיעלט „רוסישע“ שטיק. א טייל האבען עס געטאן גאנץ אויפריכטיג. זיי זענען אליין געווען „גרינע“ אינ׳ם נייעם לאנד, זיי האבען אליין געלעבט מיט די גייסטיגע אינטערעסען פון זייערע ברידער אין רוסלאנד. א טייל ווידער, — די פיקסען, די געריבענע




א. מ. ליליען. צו מ. ראָזענפעלדס ליעד „אויפ'ן בוזים פון ים“.

געשעפט־מאַכער האָבען פשוט אויסגענוצט די הייסע בענקשאַפט פונ׳ם פרישען עמיגראַנט נאָך זיין היים.

מיט דער צייט האָט זיך די יודישע מאַסע „אויסגעגרינט״ אַ ביסעל. דער עמיגראַנט האָט שוין אויסגעהאָדעוועט קינדער אין דער אַמעריקאַנישער סקול און ער האָט זיך אַליין איינגעלעבט און צוגעפּאַסט זיך צו דער נייער סביבה. ער האָט זיך אָנגעהויבען אינטערעסירען מיט׳ן פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון זיין נייער היים, ער איז געוואָרען אַן אַמעריקאַנער, זיין אַלטע היים איז איהם ביסלעכווייז געוואָרען אַ זיבעטע יונגענד־נעדעכעניש. דער נייער דור, וואָס איז שוין אויסגעוואַקסען אין אַמעריקע און האָט פון דער אַלטער היים נור געהערט, האָט גאַנץ בעוואוסטזיניג זיך גענומען פערטיליגען דעם אַלטען היימוועה, וואָס האָט נאָך געהערשט אין דער פּרעסע און אין דעם טעאַטער. דער יונגער יודישער דור אין אַמעריקע איז געוואָרען שטאָלץ מיט זיין נייער היים. און ביי דעם אַלטען דור זענען אויסגעלאָשען געוואָרען די זיסע האָפנונגען, וואָס האָבען געשוועבט אַרום דער אַלטער היים, און ער האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז ער מוז ווערען אַן אַמעריקאַנער. ער מוז ווערען אַ גוטער בירגער פונ׳ם נייעם, פרייען לאַנד. די אַמעריקאַנער יודען אַמעריקאַניזירען זיך, און צוגלייך אויך, פערשטעהט זיך, די יודישע פּרעסע און דער יודישער טעאַטער. עס הויבען זיך אָן צו בעווייזען יודישע טעאַטער־שטיק פונ׳ם יונגען יודיש־אַמעריקאַנישען לעבען.

אָט די איבערקעהרעניש, אָדער ריכטיגער נעזאָגט, אָט די ענטוויקלונג, קען מען בעזונדערס בולט זעהן אינ׳ם „שאַפּען״ פון יעקב גאָרדין. די ערשטע שטיק פונ׳ם „דיקטאַטאָר״ פונ׳ם אַמעריקאַניש־יודישען טעאַטער זענען כסדר פונ׳ם רוסישען לעבען. איהר וועט ממש נישט געפינען די קלענסטע שפּור פונ׳ם יודישען לעבען אין אַמעריקע. „דער יודישער קעניג ליר״, „דער מטורף״, „מירעלע אפרת״, „חאַסיע די יתומה״, „קרייצער סאָנאַטא״, „געברידער לוריא״ און „די שחיטה״ זענען שטיק פונ׳ם יודישען לעבען אין רוסלאַנד. עס איז נישטאָ אין זיי דער מינדסטער צייכען, אַז זיי זענען געשריבען געוואָרען אין אַמעריקע. ביסלעכווייז הויבען זיך אָן ווייזען אין זיינע דראַמעס שטריכען, ווערטער און שוואַכע שפּורען פונ׳ם יודישען לעבען אינ׳ם נייעם לאַנד. און אין די לעצטע דראַמעס איז שוין יעקב גאָרדין דער בעוואוסטזיניגער אַמעריקאַנער. ער נעמט, ווי זיין שטייגער, אייראָפּעאישע דראַמעס און „אַמעריקאַניזירט״ זיי. עס בעווייזען זיך „אויסגעגרינטע״ יודען, איהר שפּירט שוין דעם ריח פון אַמעריקאַנישער פּאָליטיק. אין זיין יודיש

# די יודישע וועלט.

קומען שוין אַריין, אָנשטאָט רוסישע און קליין־רוסישע ווערטער און אויסדרוקען, ענגלישע ווערטער און אויסדרוקען. אין דער לעצטער שטיק, וואָס ער האָט געשריבען פאַר זיין טויט, ווערען געלופטערט לאָקאַל־ניו־יאָרקער פראַגען, אָדער ריין־אַמעריקאַנישע פראָבלעמען.

אין אַנדערע טעאַטער־שטיק פון אַנדערע מחברים ווערען אַרויסגעפיהרט יודישע טיפּען פון דער נייער יודישער געטאָ: דער יודישער אַמעריקאַניזירטער בחור, די יודישע מיידעל פון „שאָפּ“; עס שימערט אַמאָל אַרוים דער קאָנפליקט, אָדער דער תהום, וואָס האָט זיך געבילדעט צווישען דעם יונגען יודישען דור, וואָס איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרען אין אַמעריקע, און צווישען דעם אַלטען דור, וואָס האָט נאָך היימוועה נאָך רוסלאַנד, וואָס לעבט מיט צוויי קעפּ, מיט צוויי הערצער — מיט בענקעניש נאָך רוסלאַנד און מיט ליעבע צום נייעם לאַנד, וואו ער „מאַכט אַ לעבען“.

מען קאָן האָבען אַ זעהר שלעכטע מיינונג וועגען יודישען טעאַטער אין אַמעריקע, מען קאָן זעהן און אָנטאַפּען דעם גראָבען ביזנעס־גייסט, וואָס הערשט אין איהם; עס מעג איינעם עקלען פון זיין אַרט שפּיעלען און פון זיין רעפּערטואַר; אָבער איין מעלה וועט מען איהם מוזען נאָכזאָגען: ער איז געגאַנגען מיט'ן לעבען! אמת, די ענטוויקלונג פון יודישען ישוב אין אַמעריקע האָט זיך אויסגעדריקט אינ'ם יודישען טעאַטער אין זעהר אַ פלאַכער, גראָבער און צעהויקערטער פאָרם. איהר זעהט אָבער לכל הפחות, שוואַכע שפּורען פון דער ענטוויקלונג, איהר זעהט, אַז דער אַמעריקאַניש־יודישער טעאַטער איז ניט געשטאַנען אויסער דעם לעבען!

דער יודישער טעאַטער אין רוסלאַנד האָט, ווי אַ קינד, כסדר נאָכגעבעבעט דעם אַמעריקאַנישען טעאַטער. ער איז געזעסען אין וואַרשע און האָט דורכגעמאַכט די ענטוויקלונג פונ'ם יודישען טעאַטער אין אַמעריקע. איז געזעסען אין אָדעס און האָט זיך אַמעריקאַניזירט.

די עם־הארצות שרעקט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָב. היסטאָריע, קלאַסיציזם און איצט אַמעריקאַניש — אַלץ גלייך. שוין דריי יאָהר, ווי אַלע יודישע אַרטיסטען רעדען ענגליש. מיט דערזעלבער תמימות און טעמפּקייט, ווי זיי האָבען געשילדערט דעם אבן־עזרא, שילדערן זיי איצט די נייע אַמעריקאַנער יודען, פון וועלכע זיי האָבען ניט קיין מינדסטען בעגריף. דער יודישער טעאַטער אין רוסלאַנד „לעבט“ מיט'ן אַמעריקאַנישען רעפּערטואַר. מען לאָזט אַרויס אויף דער ביהנע יודישע פּעדלער, וואָס קיין יודישער אַרטיסט אין רוסלאַנד האָט אין די אויגען ניט געזעהן; מען רעדט ענגליש, ניט וויסענדיג קיין פּירוש־המלות, מען לופטערט אַמערי־

קאַנישע „פּראָבלעמען“, וואָס זענען אַבסאָלוט פרעמד דעם היגען יודישען אַרטיסט. דאָס לעבען פון די רוסישע יודען האָט קיין שום צוטריט ניט צום יודישען טעאַטער! אַלע געזעלשאַפטליכע, ליטעראַרישע און פּאָליטישע שטרעמונגען פון דעם יודישען קיבוץ אין רוסלאַנד זענען פאַרבייגעגאַנגען פאַר׳ן יודישען טעאַטער. ווען איינער זאָל וועלען זיך מאַכען אַ בעגריף לויט׳ן רעפּערטואַר פון אונזער טעאַטער וועגען דעם לעבען פון די רוסישע יודען אין די לעצטע פאָר צעהנדליג יאָהר, וואָלט ער געשטוינט. די קלענסטע און די גרעסטע געשעהעניש אין אונזער לעבען, די גרעסטע און די קלענסטע איבערלעבונג האָט אינ׳ם טעאַטער קיין שום אָבקלאַנג ניט געפונען.

אין די לעצטע יאָהרען איז דאָך אָבער דאָס יודישע לעבען אין רוסלאַנד געווען אַזוי רייך אין איבערלעבונגען. דאָס יודישע לעבען איז געבראָכען געוואָרען, עס זענען בעשאַפען געוואָרען נייע פאָרמען, עס זענען אויפגעקומען נייע בעגריפען. עס האָט זיך ראַדיקאַל געביטען דער אינעווייניגסטער און דער אויסווייניגסטער אויסזעהן פונ׳ם יודישען לעבען. עס איז חרוב געוואָרען דאָס פּאַטריאַרכאַלע פאַמיליען־לעבען, עס האָבען זיך בעוויזען נייע מענשען מיט נייע פאָדערונגען. די יודישע פרוי האָט רעוואָלוציאָנירט ביי אונז אין הויז. אַ מאַמע מיט אַ טאָכטער קאָנען זיך ניט צוזאַמענרעדען, אַ זוהן מיט אַ פאָטער זענען פרעמדע מענשען געוואָרען... איך רעד שוין ניט פון די טויזענדער אויסווייניגסטע פגעים און אומגליקען, וואָס דאָס יודישע פאָלק אין רוסלאַנד האָט אַריבערגעטראָגען אין די לעצטע יאָהרען.

פון דעם אַלץ איז אינ׳ם יודישען טעאַטער קיין זכר און קיין סימן ניטאָ.

און דאָס איז די שרעקליכסטע עם־הארצות, וואָס מען קאָן זיך נור פאָרשטעלען. זי איז נאָך פינסטערער, נאָך שרעקליכער פאַר דער „היסטאָרישער“ און „רעאַליסטישער“ עפּאָכע. עם־הארצות איז ניט דוקא, ווען מען פערגרייזט דורך אומוויסענקייט וויסענשאַפטליכע פאַקטען, עם־הארצות איז אויך, ווען מען שטעהט בלינד פאַר די פאַקטען און מען פערשטעהט זיי ניט.

III

קומט איינער און זאָגט, אַז דאָס פאָלק האָט ליעב עם־הארצות: זי ווילט איהם, עס האָט הנאה פון איהר, און מיר האָבען קיין רעכט ניט צו רויבען ביי איהם די הנאה פון עם־הארצות, — קאָנען מיר איהם

# די יודישע וועלט.

ערנסט ניט נעמען. מיר קאָנען עס העכסטענס בעטראַכטען אַלס אַ בראַ־זע אָדער אַ חנ'דעל.

דאָס פֿאָלק וויל אפשר ניט געהן אין שולע, און פאַר שול־צוואַנג, האָף איך, וועט בעל־מחשבות פֿונדעסטוועגען שטימען, הגם ער פֿערטיי־דיגט דאָס רעכט פֿון דער יודישער מאַסע אויף עם־הארצות. און די גאַנצע מעשה, אַז דער יודישער טעאַטער בעזוכט בלויז דאָס פֿאָלק, ד. ה. די נידעריגערע שיכטען, איז בעצם אַן אויסגעטראַכטע. ווער עס איז מעהר אָדער ווייניגער בעקאַנט מיט דער עקאָנאָמישער זייט פֿונ'ם טעאַטער, דער ווייסט, אַז די מאַסע איז גאָר ניט בכח אויסצוהאַלטען אַ טעאַטער. דער עקאָנאָמישער באַזיס פֿון יודישען טעאַטער איז דער פּאַרטער, די לאָזשעס און דער אַמפֿיטעאַטער. די טייערסטע העלפֿט פֿון יעדען טעאַטער מוזען אָנפֿילען די פֿערמעגליכערע מענשען, אָדער די מענשען, וואָס טע־אַטער איז ביי זיי אַ בעדערפֿעניש, ווי אַלע בעדערפֿענישען, דאָס איז על פּי רוב די אינטעליגענץ. פֿאַקטיש האַלט זיך דער יודישער טעאַטער ניט אויף דער יודישער מאַסע. ניט־ווילענדיג האַלטען עס אויס זיינע געגנער און די, וואָס שפּאָטען איהם אויס. אַפֿילו אין וואַרשע, אין דער שטאָדט, וואו דער יודישער טעאַטער ווערט אַזוי גוט ווי באָיקאָטירט פֿון דער פּויליש־יודישער אינטעליגענץ, קאָן דער יודישער טעאַטער ניט שטיצען זיך בלויז אויף די פּלייצעס פֿון דער אָרימער יודישער מאַסע. די יודישע מאַסע מאַכט נאָר דעם טומעל אין טעאַטער, צאָהלען צאָהלט די יודישע אינטעליגענץ.

אין אַנדערע שטעדט, אין לאָדז, למשל, און אין רוסישע שטעדט ווערט דער יודישער טעאַטער בעזוכט פֿון דער אינטעליגענץ מעהר ווי פֿון דער יודישער מאַסע.

נור דאָס בעליידיגענדע, דאָס עקלהאַפֿטע ליגט גראָד אין דער בע־ציהונג פֿון דער אינטעליגענץ צום יודישען טעאַטער. „דאָס פֿינטעלע יוד" האָט דער רוסיש־יודישער אינטעליגענץ געקאָסט עטליכע מיליאָן רובעל. און דאָס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. דער יודישער אינטעליגענט געהט אין יודישען טעאַטער הערען אַ יודישען פֿעטען וויץ. און מען טאָר איהם אין עצם קיין פֿאָרוואורף ניט מאַכען. וואָרום דער פֿעטער וויץ איז דאָס איינציגע, וואָס דער יודישער טעאַטער גיט. קיין פֿיינעם עסטעטישען גענוס געהט מען ניט זוכען אינ'ם יודישען טעאַטער, ווייל מען געפֿינט עס דאָרט ניט. און די יודישע אינטעליגענץ, ווען זי וואָלט געפֿינען עטוואָס בעסערס אינ'ם יודישען טעאַטער, וואָלט זי עס מיט שמחה אויפֿגענומען. ווער געדענקט ניט די בעגייסטערונג, וואָס די „ליטעראַרישע טרופּע" פֿון קאַמינסקאַ האָט אַרויסגערופֿען ביי דער אינטעליגענץ? קיי־

נער איז ניט שולדיג דערין, וואָס די ליטעראַרישע טרופּע האָט געוואָלט לעבען משותּלתּים יאָהרען מיט די עטליכע מאָגערע דראַמעס פֿון יעקבֿ גאָרדין.

אמת, די יודישע אינטעליגענץ איז טאַקע פּאַסיוו צו דער טעאַטער־פּראַגע. דערין איז אָבער שולדיג די יודישע פּרעסע און די אַזוי גערופֿענע יודישע כּלל־טוער. די פּרעסע דערלאָזט ממש ניט אַרומרעדען די טעאַטער־פּראַגע. עס האָט שוין פּאַסירט, אַז איין צייטונג האָט געשטעלט די פֿראַגע, זענען געקומען די אַנדערע און האָבען זי דערשטיקט. איינינע האָבען עס געטאָן מיט אַ בייזער כּונה, און איינינע — ווייל זיי זענען געשוואָרענע איפּכא־מסתּבֿרא׳ניקעס. אונזער געלע פּרעסע דאַרף האָבען ביי איהר זייט אַ געל טעאַטער. דער געלער טעאַטער שאַפֿט לעזער פֿאַר דער געלער פּרעסע, און פֿערקעהרט — זיי דינען איינער דעם אַנדערן. די געלע פּרעסע היט, ווי דעם שוואַרץ־אַפּעל פֿון אויג, די גלייכגילטיגקייט צום טעאַטער...

מיט עטליכע יאָהר צוריק איז דורך דער איניציאַטיוו פֿון א. ווייטער און פּונ׳ס שרייבער פֿון די דאָזיגע שורות געגרינדעט געוואָרען אַ „טעאַטער־געזעלשאַפֿט״. אונז האָט זיך אַיינגעגעבען צוצוציהען אַלס גרינדער פֿון דער געזעלשאַפֿט אַפֿילו פּרינציפּיעלע געגנער פּונ׳ם „זשאַרגאָן״ — די אַקציעס פֿון דער געזעלשאַפֿט האָבען זיך אָנגעהויבען צו פֿערקויפֿען זעהר לעבעדיג. די אַקציעס אויף דער קלײנער סומע פֿון 25 טויזענד רובל, וואָס די געזעלשאַפֿט האָט אַרויסגעלאָזען, האָבען געקאָנט פֿערקויפֿט ווערען אין משך פֿון 6—8 חדשים. ביים ערשטען פּרובֿ, וואָס מען האָט געמאַכט, האָט מען איינגעזעהן, אַז עס איז זעהר לייכט צו פֿערגרעסערן די צאָהל פֿון די אַקציעס, און ממילא אויך די סומע — ביז הונדערט טויזענד רובל. אין וועלכער שטאָדט דער „משולח״ פֿון דער געזעלשאַפֿט איז ניט געקומען, האָט זיך די אינטעליגענץ בעצויגען מיט גרויס בעגייסטערונג צו דער אונטערנעמונג און האָט אונטערגעשריבען דעקלאַראַציעס אויף די אַקציעס. לויט אַ ריכטיגען און גענויעם חשבון האָבען פּעטערבורג, מאָסקווע, קיעוו און נאָך אַ פּאָר גרעסערע שטעדט בעדאַרפֿט דעקען די גאַנצע סומע.

די אונטערנעמונג האָט אָבער ניט געהאַט די שטיצע פֿון דער פּרעסע. איין צייטונג איז אַפֿילו אָפֿען אַרויס קעגען דעם גאַנצען אויפֿטו, און חוץ דעם האָט דער אויפֿטו ניט געפֿונען קיין אויפֿריכטיגע און אָפּפֿער־פֿעהיגע מענשען צווישען אונזערע ליטעראַטען און שריפֿטשטעלער... מיט׳ן עהרליכען, געטרייען און מיט לייב און זעל איבערגעגעבענעם

# די יודישע וועלט.

„משולח" פֿון דער געזעלשאַפֿט האָט פּאַסירט אַ פּערזענליך אומגליק, און די אַרבייט האָט זיך אָבגעשטעלט.

אָבער פֿאַר דער קורצער צייט פֿון דער „טעטיגקייט" פֿון דער „טעאַטער־געזעלשאַפֿט" בין איך פֿאָרט געקומען צו דער פֿעסטער איבערצייגונג, אַז עס איז זעהר לייכט אויסצו־וואָרצלען אין דער יודישער אינטעליגענץ איהר גלייכגילטיגקייט צו אונזער טעאַטער־פֿראַגע.

און אַפילו איצט, ווען די „טעאַטער־געזעלשאַפֿט" זאָל טעכניש בעסער אָרגאַניזירט ווערען און זי זאָל קאָנצענטרירען אַרום זיך עטליכע וויכטיגע, אָבער פֿעהיגע מענשען, איז זי אין שטאַנד אין אַ משך פֿון אַ יאָהר האָבען דעם גאַנצען קאַפּיטאַל אום צו אָרגאַניזירען אַ גוטען וואַנדער־טעאַטער.

און דאָ רעדט זיך ניט, ווי בעל־מחשבות מיינט, וועגען אַ טעאַטער פֿאַר אַ פּאָר צעהנדליג ראַפֿינירטע קונסט־געניסער, דאָ רעדט זיך ניט וועגען אַ טעאַטער מיט העכערע קונסט־פֿאָרמען. ניין! עס איז דערווייל נויטיג אַ טעאַטער, וואָס זאָל קעמפֿען מיט דער וויסטער עם־הארצות, מיט׳ן וואַנדאַליזם און מיט׳ן ציניזם, וואָס הערשען אינ׳ם איצטיגען טעאַטער. דער איצטיגער טעאַטער מוז האָבען איבער זיך אָדער אַ געזעלשאַפֿטליכע קאָנטראָל, אָדער אַ שפּיגעל, וואו יעדער וועט קאָנען דייטליך זעהן זיין עם־הארצות.

די געזעלשאַפֿטליכע קאָנטראָל האָט בעדאַרפֿט זיין די פּרעסע. אָבער אויף איהר קאָן מען ניט האָפֿען. די יודישע פּרעסע, ווי געזאָגט, שטיצט דעם טעאַטער, ווי איהר גייסטיגען ברודער. איז געבליבען איין אויסוועג — שאַפֿען ביי דער זייט פֿונ׳ם איצטיגען טעאַטער אַן ערליכען טעאַטער. דער טעאַטער וועט זיין די געזעלשאַפֿטליכע קאָנטראָל; עס וועט מיט זיין ערליכקייט בולט מאַכען די ליטעראַרישע און קינסטלערישע אונערליכקייט פֿונ׳ם איצטיגען טעאַטער. דאָס איז אַן אַלטער און אויסגעפּרובטער מיטעל — דעם שלעכטען טעאַטער מוז מען אַנטקעגענשטעלען אַ גוטען טעאַטער. דאָס איז דער קאַמף־מיטעל, וואָס עס בענוצען רעגירונגען און געזעלשאַפֿטען אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער.

ניט „אַ פּרייע ביהנע" פֿאַר צעהן קונסט־בטלנים האָבען מיר איצט נויטיג, נאָר אַ טעאַטער, וואָס זאָל די סאַמע עלעמענטאַרע בעגריפֿען פֿון ליטעראַטור און טעאַטער־קונסט אויף דער יודישער ביהנע דעמאָנסטרירען; ניט אַ טעאַטער פֿאַר אַ פּאָר צעהנדליג ראַפֿינירטע טעאַטער־ליעבהאָבער, נאָר אַ טעאַטער טאַקע פֿאַר׳ן פֿאָלק, אַ טעאַטער, וואָס זאָל מאַכען אַ סוף מיט דער 25־יעהריגער עם־הארצות, וואָס בושעוועט אינ׳ם יודישען טעאַטער.

און זאָל מען אונז ניט שרעקען מיט דער ווילדקייט און גראָבקייט פון'ם יודישען טעאַטער-בעזוכער. זאָל מען אונז ניט וועלען אײַנשמועסען, אַז דער יודישער טעאַטער-בעזוכער האָט ליעב דווקא די וויסטע אַמעריקאַנישע אָפּערעטע און אַנטלויפט פון אַן ערנסטער דראַמע! ווער עס מיינט, אַז „דאָס פּינטעלע יוד" האָט געהאַט מעהר ערפאָלג פאַר „מירעלע אפרת", דער האָט אַ ביטערן טעות. די בעסטע דראַמע פון יודישען טעאַטער-רעפּערטואַר האָט געהאַט דעמועלביגען ערפאָלג, וואָס די ערגסטע יודישע אָפּערעטע. די שלעכטע דראַמע קען ניט קאָנקורירען מיט דער שלעכטער אָפּערעטע — דאָס איז אמת. מען קען דאָך ניט פערלאַנגען, אַז אַ נודנע און לאַנגוויילינע דראַמע פון ז. ליבין זאָל האָבען מעהר ערפאָלג פאַר אַן אָפּערעטע, וואָס איז על כל פנים כאָטש ניט לאַנגוויילינ.

און נאָך מיין מיינונג איז איצט דער פּאַסענדסטער מאָמענט פאַר אַ קאַמף מיט'ן טעאַטער.

דער יודישער טעאַטער האָט איצט זיין „פּעסטען" באָדען פערלאָרען. אַ שרעקליכער עקאָנאָמישער קריזיס האָט עס צערודערט. דער קריזיס שטאַמט גראָד דערפון, וואָס די יודישע אינטעליגענץ האָט עס אויפגעהערט צו בעזוכען. דער „פּרעמדער" אַמעריקאַנישער רעפּערטואַר, וואָס געהט שוין דריי יאָהר ניט אַראָב פון דער יודישער ביהנע, האָט סיסטעמאַטיש פערטריבען זיינע בעסערע בעזוכער. עס איז געבליבעןביים „פּאָלק", און דאָס „פּאָלק" איז ניט בכח אויסצוהאַלטען אַ טעאַטער. עס וועט ניט זיין קיין איבעריגער אָפּטימיזם און ניט קיין גוזמא, אויב איך וועל זאָגען, אַז דער בעסערער יודישער טעאַטער-בעזוכער וואַרט איצט אויף אַ בעסערן טעאַטער:

דער מאָמענט איז איצט נאָך גינסטיג דערמיט, וואָס די בעסערע יודישע דראַמאַטישע אַרטיסטען זענען אַרויסגעשטופּט געוואָרען פון'ם טעאַטער. עס דאַרף קומען אַ האַנד און זיי צוזאַמענעמען. די לעצטע דריי יאָהר איז דער דראַמאַטישער אַרטיסט, וואָס איז ערצויגען געוואָרען אויף גאָרדין'ס דראַמע, געוואָרען איבעריג אין טעאַטער. אין די טאַנץ- און זינג-אָפּערעטעס איז קיין פּלאַץ פאַר זיי ניטאָ. פון אָנהויב, ווען די אַמעריקאַנישע אָפּערעטע האָט „געמאַכט געשעפטען", האָט מען די אַמאָליגע „העלדען" געהאַלטען אין טעאַטער אויס רחמנות. איצט אָבער, ביים שרעקליכען קריזיס, זענען זיי כמעט אַלע געבליבען אויסערן טעאַטער. די דראַמאַטישע אַרטיסטען לעבען דערפון, וואָס פון צייט צו צייט כאַפּען זיי זיך אַראָב אין דער פּראָווינץ און „גיבען אַ שפּיעל" „מירעלע אפרת" אָדער אַן אַנדער דראַמע. די בעסערע יודישע אַרטיסטען וואַרטען אויך אויף אַ בעסערן טעאַטער!

# די יודישע וועלט.

און אַז פון די בעסערע יודישע אַרטיסטען, ווען זיי וועלען האָבען ריכטיגע וועג־ווייזער, קאָן צונויפגעשטעלט ווערען אַ מעהר אָדער ווענינער אָנשטענדיגער טעאַטער — איז גאָר איבעריג צו רעדען. עס קאָן צוזאַמענגעשטעלט ווערען פון זיי גראָד דער טעאַטער, וואָס איז איצט נויטיג אַלס קאַמף־מיטעל און אַלס איבערגאַנגס־שטאַפעל צו אַ העכערן קינסטלערישען טעאַטער. דער איבערגאַנג דאַרף זיין אַ בהדרגה׳דיגער סיי פאַר׳ן אַרטיסט און סיי פאַר׳ן טעאַטער־בעזוכער. סטאַניסלאַווסקי׳ס טעאַטער האָט ניט געקאָנט בעשאַפען ווערען אין רוסלאַנד מיט 50 יאָהר צוריק. עס האָט געמוזט האָבען זיינע פאָרגעהער, וואָס האָבען פאַר איהם אַ פובליקום און אַרטיסטען צוגעגרייט. איבערגעהן פונ׳ם „פינטעלע יוד״ גלייך צו „אַ פרייער ביהנע״ קאָן נור פאַרלעגען אַ מענש, וואָס איז ווענינ בעהבינ׳ט אין דער געשיכטע פונ׳ם טעאַטער, אָדער איינער, וואָס איז גרייט מקריב צו זיין דעם אינהאַלט צוליעב אַ מליצה און אַ פאַראַדאָקס.

קאָנקרעט וואָלט איך מיין פאָרשלאַג אין קורצען פאָרמולירט: די אָבגעשטעלטע טעטיגקייט פון דער מיט דריי יאָהר צוריק געגרינדעטער „טעאַטער־געזעלשאַפט״ מוז ווידער איפגעלעבט ווערען. עס מוז געשאַפען ווערען די בעשיידענע סומע, וואָס אַן איינפאַכער וואַנדער־טעאַטער האָט נויטיג. עס מוזען זיך אָברופען די מענשען, וואָס ווילען און קאָנען אַרבייטען פאַר דער זאַך.

דער יודישער עולם, און אַפילו די האַלב־אַסימילירטע יודישע אינטעליגענץ, וועט מיט בעגייסטערונג שטיצען די טעאַטער־געזעלשאַפט. די גלייכגילטיגקייט פון דער פרעסע זאָל קיינעם ניט אָבשרעקען. מען דאַרף פון אָנהויב אָן זיין גרייט ניט נור צו איהר גלייכגילטיגקייט, נאָר אַפילו צו איהר קעגען־אַגיטאַציע. צום גליק האָט די פרעסע קיין גרויסען איינפלוס ניט אויף אונזער געזעלשאַפטליכער מיינונג, און דער טייל פון אונזער געזעלשאַפט, וואָס אויף איהם האָט זי יאָ אַן איינפלוס, איז גאָר ניט אַזוי וויכטיג פאַר דער אונטערנעמונג. עס איז דער טייל, וואָס פאַקט אָן די גאַלאָרקע פונ׳ם יודישען טעאַטער שבת ביי־טאָג. דער מאָמענט, ווי איך האָב שוין אָנגעוויזען, איז גראָד אַ זעהר פאַסיגער, און דער וועג אַ זעהר ריכטיגער און פראַקטישער.

עס פעהלען נור די נויטיגע מענשען. עס פעהלט דער אָרגאַן, וואָס זאָל איבערהייבען די פראַגע — די צווייטע מניעה איז איצט בעזייטיגט: „די יודישע וועלט״, גלויב איך, איז דער ריכטיגער אָרגאַן, וואָס קאָן און מוז איבערהויבען די טעאַטער־פראַגע.

און די נויטיגע מענשען וועלען שוין קומען!




א. מ. ליליען. ישעיהו הנביא



לעאָ קעניג.

# אפרים משה ליליען.

ווען שמואל הירשענבערג * איז אין אַ געוויסער מאָס יודיש אינסטינקטיוו, ווי ניט ווילענדיג, איז דאָס אפרים משה ליליען בעוואוסטזיניג, לכתחילה. און דאָס איז זיין איינציגער גרויסער פערדיענסט. ווען ניט זיין יודישקייט, ווען ניט זיינע יודישע מאָטיווען, וואָלט ליליען קיין שום ווערט ניט געהאַט.

דאָס, וואָס ליליען איז ביי אונז, יודען, אַזוי בערימט, איז קיין חידוש ניט. מיר זענען צופיעל געוואָהנט געוואָרען צו דער ערשיינונג, אַז אונזערע קינסטלער, אונזערע מאָלער זאָלען אַוועקגעהן צו אַנדערע פעלקער. און האָט איינער פון די דאָזיגע „אַנטרונענע" אַמאָל אונז בעשאָנקען מיט אַ „יודיש" בילד, מיט אַ יודישער טעמע — ווי גליקליך פלעגען מיר זיך פיהלען, טייטענדיג אויף יענעם מיט די פינגער: אָט דער גרויסער מאַן (ער איז דאָך אַ קינסטלער ביי גוים) האָט אונז אויך ניט פערגעסען, ער האָט דאָס אַלטע אָרימע יודישע פאָלק ניט פערגעסען. און דאָ ווייזט זיך גאָר פלוצלונג אַ קינסטלער, וואָס גיט זיך אינגאַנצען אָב אונז, יודען.

ווי אַזוי זשע זאָל ער ביי אונז ניט בערימט ווערען?

דער טיטעל גאון איז נאָך ווייניג פאַר אַזאַ מין בעל טובה... און דערצו האָט, פערשטעהט זיך, אַ גרויסע ראָל נאָך געשפיעלט דאָס, וואָס ביי אונז איז דער געשמאַק נאָך אַזוי טעמפ, אונענטוויי-

* זעה מיין ארטיקעל איבער ש. הירשענבערג „די יודישע וועלט", ערשט. בוך.

קעלט געווען. אַסך פון דער יודישער אינטעליגענץ קאָנען נאָך ועד היום ניט אונטערשיידען פון אַ וואָלוועלן פּלאַקאַט ביז אַן עכט קונסטווערק. און אַ יודישע צייטשריפט מיט אַ צאַצקע אויפ'ן שער-בלאַט, וואָס דערמאָנט די עטיקעטען אויף דער וואָלוועלער, שמעקענדיגער זייף, איז נאָך עד היום ביי אונז אַ גאַנץ אָפטע ערשיינונג.

און אַז איהר ווילט, איז דאָ עטוואָס ריהרענדעס אין ליליען'ס שם.

אַנאָרימע יודישע מאַמע זעהט, ווי איהר קינד, אַ בלייך יודיש יונגעל, מאַכט צאַצקעלעך — מענשעלעך מיט אויגען, מיט נעזער און נאָך מיט רעקלעך און קנעפּלעך... און זי קלייבט נחת פון איהר תכשיט'ל און בעווייזט איהרע שכנות. און איבער'ן שטעדטיל צעטראָגט זיך אַ קלאַנג, אַז דער און דעם יונגעל האָט „גאָלדענע הענד" — מאַכט אייגען, וואָס קוקען, האָהין מען קעהרט זיך, ממש לעבעדיגע אויגען. ביז וואַנען דער קלאַנג דערגרייכט צו די אויערן פונ'ם גלח אָדער פריץ אין שטעדטיל. און דער פריץ איז אַן עלטער האָנאָראָווער פּאָליאַק און אַריסטאָקראַט, וואָס אין זיין טראַדיציע ליגט עס צו העלפען אַ זשידעק, וואָס רייסט זיך צו ליכט. און דער פריץ אַליין לאָזט רופען צו זיך דעם יודישען יונגעל, זאָגט איהם אַ פּאָר גוטע ווערטער און קויפט זיינס אַ ווערק פאַר אַ פינף און צוואַנציג רובעל... און די גאַנצע יודישע שטעדטיל שמוצערט שוין מיט די ליפּען.

מיט די אויגען פון אָט דער יודישער מאַמען, וואָלט איך געזאָגט, האָט דער יודישער פּובליקום בעגעגענט ליליען'ען: זעהט נאָר, ער מאַכט יודישע אויגען, יודישע יאַרמולקעס און באָרד און פּיאות — און ס'איז אַוועק אַ שמועס וועגען אַ רענעסאַנס ביי יודען, וועגען אַנ'אויפלעבונג... יאָ, ס'איז קיין חידוש ניט, וואָס ליליען איז ביי אונז אַזוי מפורסם געוואָרען.

און דעם שטיקעלע נאָמען, וואָס ליליען האָט אויך ביי די דייטשען, האָט ער עס אויך צו פערדאַנקען ניט זיין קונסט, נאָר זיינע יודישע טעמעס. אָט, ווי למשל, יושקעוויטש אין דער רוסישער ליטעראַטור.

פיעל פון די תמימות'דיגע רוסישע לעזער קאָנען אָננעהמען די גראָב געפעלשטע שילדערונג פון יודישען לעבענס-שטייגער אין יושקעוויטש'עס ווערק פאַר סטיל, כאַראַקטער, קונסט... און זיי זענען גאָר ניט חושד, אַז דער אינטערעס, מיט וועלכען זיי לייענען זיינע ווערק, איז ניט אַרויסגערופען דורך יושקעוויטש'עס טאַלענט, נאָר דורך די נייע פּרצופים, די נייע מינים מענשען, וואָס זענען דאָרט געמאָלט.

די אייגענע מעשה איז מיט ליליען. דער אינטערעס צו זיינע

ווערק איז אַנ'אינטערעס צו יודען. אַ בילד פֿון יודישען לעבען אין אַ קונסט־סאַלאָן טיילט זיך אויס צווישען אַנדערע שוין דערפֿאַר גופא, וואָס ס'איז פּנים יודישען לעבען, כאָטש יענע זענען אפשר בעסער און מיט מעהר טאַלענט געמאָלט, ס'ציהט אויף זיך די אויפֿמערקזאַמקייט, ווי אַ בילד פֿון אַראַבישען, כינעזישען און אינדישען לעבען...
דאָס עקזאָטישע, דאָס נייע אינטערעסירט אין זיי.

## לעאָ קעניג. — אפרים משה ליליען.

———————

אין ליליענס ערשטע אַרבייטען שלאָגט נאָך אַ לעבעדיגער שאַפֿונגס־אָדער. ס'פֿיהלט זיך נאָך דאָרט אַ געטאָ־טרוימער, אַ יונגער קינסטלער מיט פֿער'חלומ'טע אויגען. ער זוכט און בעזינגט יודישע שענקייטען. ער צייכענט אַ יודען ביי אַ ספר, מנורות צייכענט ער, כּהונה־הענד... אַפילו דעם פֿערגליווערטען חלב אויף דעם ליכט, וועלכע בעלייכט דעם יודישען ספר, צייכענט ער מיט אַ געוויסער ליעבע.

אמת, קיין בעזונדער רייכער געשמאַק פֿיהלט זיך נאָך ניט אין די ווערק. מ'שפּירט אין זיי, אַז דער קינסטלער האָט זיך נאָך ניט אויסגעבילדעט, ווי עס דאַרף צו זיין. ער ווייסט נאָך ניט, וואָס הייסט אַנ'עכטער כאַראַקטער, אַ פֿיין סטיליזירטע ליניע, בעזונדערס אין פֿיגורען און קעפּ. מיט מעהר געשמאַק און מעהר קענען צייכענט ער זיינע בלומען און דערנער; אָבער זיי מאַכען דאָך דעם איינדרוק פֿון שילערישע אַרבייטען. ס'פֿיהלט זיך דאָרט די דעקאָראַטיווע שולע, וואו ער האָט געלערנט. און דאָך זענען די אַרבייטען זיינע סימפּאַטישער פֿון די שפּעטערדיגע אַפילו מיט דעם אומזיכערן, מיט דעם אומפֿולקומענעם, וואָס איז דאָ אין זיי. זיין ליניע איז נאָך ניט אַזוי שטייף באַנאַל, ווי איצט. ער האָט נאָך אַ יראת הכבוד פֿאַר דער קונסט. ער זוכט און בעטראַכט אַ קאָמפּאָזיציע. ער איז נאָך ניט קיין פֿאַרטיגער קינסטלער, ער טרוימט ערשט דערפֿון...

קריכט ליליען אָבער אַריין אין די סעדערן פֿון פּרסום, ווערט ער בערידמט ביי יודען, אַזוי פֿערלירט ער די אַלע אויבענדערמאָנטע מעלות, און בעזונדערס דעם אָבשיי פֿאַר דער קונסט.

קיין ברעקיל דרך ארץ האָט ער איצט ניט פֿאַר דעם וואָרט שאַפֿען. וואָס מיר קונסט, ווער מיר קונסט — אַ געשעפֿט איז עס. און ער געהט אַרום אַזוי זאַט און זיכער אין דעם טעמפּעל פֿון קונסט, וואו עס זיצען אַלטע און יונגע קינסטלער און וועבען זייערע טרוימען, שפּינען אויס זייערע חלומות, און מען הערט פֿון איהם גאָרניט אַחוץ דעם קלאַ־

## די יודישע וועלט.

פֿען פֿונ'ם פֿאָטאָגראַפֿישען אַפּאַראַט, וואָס מיט איהם איז ער שטענדיג בעלאָדען.

———

בעצם דאַרף אונז קיינעם ניט אינטערעסירען דער מאָדעל פֿונ'ם קינסטלער. ס'איז אונז גאַנץ גלייך, פֿון וואַנען דער קינסטלער נעהמט זיך זיינע מאָטיווען, צי פֿון קאָפּ, פֿון דער פֿאַנטאַזיע, צי פֿון דער נאַטור גופא אָדער אַפֿילו גאָר פֿון דער פֿאָטאָגראַפֿישער פּלאַטע. דער עיקר איז, ווי אַזוי דער קינסטלער פֿערדייהט זיין מאָדעל, וואָס ער קריגט אַרויס פֿון איהם.

מען זאָגט אויף דעם בעוואוסטען דייטשען פּאָטרעטיסט לענבאַך, אַז ער האָט צוליעב זיינע פּאָרטרעטען בענוצט ס'רוב פֿאָטאָגראַפֿיעס. איך ווייס ניט, וויפֿיעל ס'איז אמת, און עס אינטערעסירט מיך כלל ניט, און איך גלויב, אַז עס אַרט קיינעם ניט, ווייל זיינע בילדער רעדען אַליין פֿאַר זיך. ער האָט זיך דאָרטען זיין נאַטור, זיין ליניע, זיין שאַפֿען. ער האָט אייגענאַרטיג פֿערדייהט די נאַטור, און ער איז שוין דערמיט גרויס.

איך וועט קיינעם ניט איינפֿאַלען תרעומות צו האָבען אויף דעם בעריהמטען ענגלישען שוואַרץ־וויס־צייכענער בערדסליי, פֿאַרוואָס ער האָט ניט גענומען קיין מאָדעלען פֿון דער נאַטור צו זיינע וואונדערבאַר צאַרטע פֿרויען־פֿיגורען, פֿאַרוואָס ער האָט זיי אינגאַנצען אויסגעפֿאַנטאַזירט.

און ווער וועט בעשולדיגען דעמזעלביגען בערדסליי, פֿאַרוואָס ער האָט, אילוסטרירענדיג אָסקאַר ווײַלדס סאַלאָמע, זיך געשאַפֿען אַנ'אייגענע סאַלאָמע, וועלכע קאָנקורירט כמעט אַלס קונסט־ווערק מיט דעם אָריגינאַל גופא?

און איבערהויפּט שעצט זיך אַ קונסט־ווערק מעהר דערמיט, וואָס ס'איז אייגענאַרטיג און סוביעקטיוו געזעהן. געוועהנטליך הייסט עס נאָך ניט אינגאַנצען איגנאָרירען די נאַטור, ווי עס טוען עס די היינטיגע פֿוטוריסטען און אַנדערע מאָדערניסטען. וואָס מעהר דער אמת'ער קינסטלער קאָפּירט די נאַטור, אַלץ מעהר דערווייטערט ער זיך פֿון איהר. זעהען מיר דען די קאַלטע נאַטור אין די עהרליך און דעטאַל אויסגעצייכענטע קעפּ פֿון אַלברעכט דירער? ס'איז, דאַכט זיך, נאָך קיינמאָל ניט געווען אַזאַ רעאַלע און אמת־לעבעדיגע פֿיגור, ווי די ווענוס פֿון מילאָ, און דאָך וועט איהר קיינמאָל ניט געפֿינען אין דער נאַטור אַזאַ מאָדעל. וויפֿיעל אמת איז דאָ אין מיקעל אַנדזשעלאָ'ס סקולפּטורען, און פּרובט זיי נור פֿערגלייכען מיט דעם לעבעדיגען מענשען —

## לעאָ קעניג. — אפרים משה ליליען.

ס'איז קלאָר, אַז מען דאַרף ניט זוכֿען דעם פּשוט'ען מאָדעל אין אַ קונסט=ווערק, אַפֿילו אין פּאָרטרעטען... איך בין זיכֿער, אַז פֿון דעם רובֿ פּאָרטרעטען — קונסט=ווערק, וועלכֿע היטען זיך אויף איצט, ווי טייערע אוצרות אין די מוזייען, זענען זייערע בעשטעלערס ניט צופֿרידען געוועזען, ווייל זיי האָבען דאָרט זייער „איך" ניט געפֿונען.

און אין ליליענס צייכֿענונגען זעהט מען אַזוי דייטליך קלאָר אַרויס זיין מאָדעל, און נאָך וואָס פֿאַר אַ מאָדעל — דעם טויטען פֿאָטאָגראַפֿישען אָביעקטיוו.

---

געוועהנטליך קאָן שוין קיין רייד ניט זיין פֿון יודישען סטיל, פֿון יודישער קונסט ביי ליליען'ען. ווייל סטיל הייסט — פֿער=איינפֿאַכֿען די נאַטור, אַרויפֿלעגען אויף איהר אַן אינדיווידועלען און ממילא שוין אַ נאַציאָנאַלען שטעמפּעל. ווי זשע קומט עס צו ליליענ'ען, ווען ער האָט איבערהויפּט קיין איך ניט? מיר קאָנען ניט רעדען פֿון אַ ספּעציעל ליליענישען פֿערשטאַנד פֿון אַ קאָפּ, פֿון אַ קערפּער. מיר קאָנען נור רעדען דערפֿון, ווי ער פֿערשטעהט זיי ניט.. ליליען איז אַ מחדש. און אין דער טבֿע פֿון אַ מחדש איז אַריינצופֿאַלען אין עקסטרעמיטעטען, צו זינדיגען קעגען אמת, קעגען דער אַבסאָלוטער שענקייט. און אַ ביסעל עבֿודה=זרה וועט איהר ביי יעדען מחדש געפֿינען. דאָס קאָן מען בעמערקען אין די בילדער פֿון אַ קורבע, מאַנע, סאָזאַן און גאָגען — די ערשטע פֿראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטען און נעאָ=אימפּרעסיאָניסטען. דאָס אַבסאָלוט שענע איז שווער ביי זיי צו געפֿינען. דאָך וועט די קונסט=געשיכֿטע זייערע נעמען בעהאַלטען לדורות, ווייל זיי זענען געקומען מיט נייע און אייגענע אַנשויאונגען אויף דער נאַטור, ווען אַפֿילו ניט אַזוינע טיעפֿע און אייביגע... זיי זענען פֿון דער קונסט צו דער קונסט געקומען.

ליליענס המצאה איז דער יודישער סיזשעט, דאָס יודישע לעבען — אַנ'עכֿט אידעאַישע המצאה, וואָס האָט מיט קונסט אַבסאָלוט ניט צו טון. ברענגען לאַנדשאַפֿטען פֿונ'ם נאָרד=פּאָל הייסט נאָך ניט אַריינברענגען נייעס אין דער קונסט. און ניט נור די אַלגעמיינע, נאָר אויך אַפֿילו די יודישע קונסט=געשיכֿטע (ווען זי וועט נור אַמאָל זיין) וועט איהם גאָר גיך פֿערגעסען.

ווי אַלע קליינע טאַלענטען, מיינט אויך, ווייזט אויס, ליליען, אַז דער אינהאַלט איז אַלץ, און וויבאַלד ער האָט זיך געפֿונען (ניט גאָר דער ערשטער, זעלבסטפֿערשטענדליך) אַ פֿרייען נישט בעאַרבייטען באָדען — דאָס יודישע לעבען — איז ער אַוועק אַהין און האָט זיך אינגאַנצען

זיין טאַלענט פערזינדיגט. ער האָט זיך אינגאַנצען פערלוירען, פערבלינעט אין דעם ים פון די יודישע מאָטיוועז...

אַזאַ גרוים, רייך און ניט פעראַקערט פעלד!...

אַ מערכה, וואָס מיר לעבען אין אַזאַ אינטערעסאַנטער צייט, ווען די פאָטאָגראַפיע־קונסט איז אַזוי ענטוויקעלט, און... דאַרף ליליען אַ מענשליכע פיגור אין אַ געוויסער בעוועגונג, שטעלט ער אַוועק זיין מאָדעל אין דער פאָזע און פאָטאָגראַפירט איהם אָב. דערנאָך צייכענט ער איבער די פאָטאָגראַפיע מיט אַ האַרטער גלייכגילטיגער ליניע, טייט אָן מיט אַ דינערער ליניע די מוסקעלן — און ס'איז פאַרטיג ביי איהם דער מענשליכער קערפער, וועלכער איז אַזוי פערשיידענאַרטיג פערשטאַנען געוואָרען פון פערשיידענע פעלקער און פערשיידענע קינסטלער.

דאָס אייגענע טוט איך ליליען מיט'ן יודישען פנים. און ס'איז ניטאָ אין זיינע יודישע פנימ'ער דער הכען, דער שאַפען, דער צלם אלהים.

———

מיר זענען אָרים אין פאָרמען — אָדער אפשר צו רייך אין זיי. די יודישע נאַציאָנאַלע קליידער האָבען זיך צו אָפט געביטען, אַזוי ווי די לענדער און פעלקער, צווישען וועלכע מיר האָבען געוואוינט אין דער צייט פונ'ם לאַנגען גלות. און די אויפגאַבע פון דער יודישער קונסט, וואָס מוז האָבען און שאַפען עכט נאַציאָנאַלע פאָרמען, איז צו געפינען דעם קערן, דאָס פינטעלע יוד אין די אַלע אַזוי אָפט געביטענע יודישע פאָרמען. מען מוז צוזאַמענבינדען די גאָלדענע רינגען, וואָס זענען פערוואַלגערט געוואָרען אין פערשיידענע ערטער, און דערביי וועט אויסקומען פיעל רינגען אַרויסוואַרפען אַלס ניט עכט יודישע, צוגעקומענע אָדער געבאָרגטע.

איך די יונגע יודישע ליטעראַטור האָט נאָך בעצם אידרע יודישע פאָרמען ניט געפונען.

די נייע יודישע ליטעראַטור דערמאָנט מיר אָן אַ חסידישען יונגענמאַן אין גויישע סאָלדאַטישע קליידער — אַ פּאָר גרויסע טרויעריגע יודישע אויגען קוקען אַרויס פון אונטער דעם גלאַנצענדיגען דאַשעק און בעטען איך עפים רחמים, און בענקען....

ס'וועט נאָך אויסקומען צו זכען דאָס יודישע אין „יודישען".

ווער ווייסט, וואו מיר וועלען געפינען מעהר יודישעס: ביי היינ'ען אָדער ביי י. ל. גאָרדאָן?.. ווייל וואָס גרעסער דער איך, דער טאַלענט אין אינ'ם קינסטלער, אַלץ שטאַרקער איז דער נאַציאָנאַלער כאַראַקטער אין

איהם. מיר דאַכט זיך, אַז דער „רבי פון באַכראַך“ היינע׳ס איז יודישער פון אַלע נאָוועלען, וואָס זענען ביי אונז די לעצטע צייט געשריבען געוואָרען אין אונזערע נאַציאָנאַלע שפּראַכען, ווייל די נאָוועלע הערמאָנט ניט אָן טשעכאָוו׳ן אָדער גאָגאָל׳ן, נאָר אָן „על נהרות בבל“...

ליליען האָט אַריסגעוויזען אַ געוויסען חוש אין דעם פּרט. ער האָט זיך געווענדט צום אַלטען יודישען פּרכת, צו דער מנורה, צו די כהונה־הענד. און מען קאָן שוין טרעפען ביי איהם אַ פּאָר גאַנץ נעלונגענע שטיקער, וואָס האָבען שוין אַ יודישען חן, אַ יודיש פּנים, בעזונדערס צווישען זיינע אָרנאָמענטאַלע זאַכען. צום בעסטען גיט זיך איהם איין די טויטע נאַטור, ווי, צום ביישפּיעל, מנורות, טליתים, יאַרמולקעס, און איצט איך פערשיידענע אַראַבישע קליידער. דאָרט זעהט מען לכל הפּחות ניט אַזוי בולט אַרויס זיין עם הארצות אינ׳ם צייכענען: דאָרט וועט זיך אייך ניט וואַרפען אין די אויגען אַלע ווילע אַ פּיס אַ צוגעקלעפּטער, אַ האַנד אַ הילצערנע אָדער אַ קאָפּ, וואָס זיצט ניט גוט אויפ׳ן האַלז...

און אפשר וויזט זיך עס אונז נאָר אויס אַזוי, ווייל אונזער אויג איז נאָך ניט געוועהנט געוואָרען צו די אַלע איבענדערמאָנטע יודישע מאָטיווען. ליליען איז דער ערשטער, וואָס האָט זיי אונז בעוויזען, און מיר קוקען און קוויקען זיך מיט זיי און מיר קענען בשעת מעשה ניט בעמערקען ליליענ׳ס חסרונות.

פון ליליענ׳ס אַ מנורה, פון ליליענ׳ס אַ מגן־דוד וועט קיינמאָל די רייד ניט קאָנען זיין, ווייל ער האָט זיי ניט בעשאַפען בצלמו ובדמותו. ער האָט זיי נאָר פעררעגיסטרירט, פערצייכענט, אַזוי אַז דעם צוקונפטיגען אמת׳ן יודישען קינסטלער וועט לייכטער זיין זיי צו געפינען.

———

ליליען פערשטעהט אַ סך, נור זיין פערשטאַנד איז ניט קיין פערשטאַנד פון אַ קינסטלער, וועלכער בעשטעהט פון ניין און ניינציג פּראָצענט פיהלען. ער האָט פּשוט, ווי מען זאָגט, נעכאַפּט דעם שניט. און אָפט טרעפט זיך ביי איהם אַ גאַנץ שענער פלעק. נאָר ער הרג׳עט עם אַליין אַוועק מיט זיין בחפזונ׳דיגער, גראָבער אויספיהרונג.

איך וועל נעמען, למשל, זיין ירמיה הנביא, וועלכער איז זעהר טיפּיש און כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין אָרט שאַפען. דער „יודישער“ קינסטלער, וואָס האָט פּרעטענזיעס צום שאַפען אַ יודישע קונסט, אַ יודישען סטיל, שילדערט אונז דעם געטליכען נביא

# די יודישע וועלט.

ירמיה, וועלכער איז דער ערשטער און שטאַרקסטער בעקלאָגער פּנ'ם יודישען פאָלקס-בראָך געוועזען.

און ס'וועט ניט זיין קיין גוזמא, ווען איך וועל זאָגען, אַז ס'איז נור אַ חלול-השם אַרויס.

דאָס געזיכט האָט ער דעם נביא פערשטעלט.

ווי עס ווייזט אויס, פיהלט שוין ליליען אַ ביסעל געוויסענסביסען קעגען די אַלע אונזערע נביאים, וועלכע ער האָט אונז געשילדערט. צופיעל האָט ער שוין פּראָפאַנירט משה'ן, שילדערנדיג איהם אין דער געשטאַלט ניט פנ'ם לעבעדיגען גרויסען הערצל, נאָר פון דעם הערצל פון די וויענער פאָטאָגראַפיעס אַראָב.

אַנדערש קאָן מען עס ניט פערשטעהן. וואָרום ווי אָרים און ניט קינסטלעריש איז אויסצודריקען אַ גרויסען נביא'ישען טרויער נאָר מיט אַ פערשטעלט געזיכט אַליין?

די גרויס איז — איך וועל שוין ניט זאָגען מיקעל אַנזשעלאָ — נור לעסער אורי'ס ירמיה קעגען ליליענ'ס!

וואָס פאַר אַ שטאַרקע בעוועגונג און עקספּרעסיע האָט לעסער אורי געגעבען זיין נביא. מען שפּירט אין דעם בילד, אַז דער קינסטלער האָט געטרוימט, אַז ער האָט צוזאַמען מיט ירמיה נאָך זיינע קרעפּ-טען נאָך געפיהלט „דעם בראָך פון דער טאָכטער-פאָלק".

ווי דער קינסטלער, אַזוי איז זיין נביא.

ליליענ'ס נביא איז אַ קליין מענשיל מיט אַ קלייד אָהן קיין שום לעבעדיגע פאַלבען. ווי אויף אַ מאַנעקען הענגט דאָס געצאַצקעטע קלייד אויפ'ן נביא. און דער נביא האָט שלעכט אויפגעצייכענטע, מגושמ'דיגע הענד פון אַ בעל-עגלה און פינגער אויף די פיס, ווי קליינע דייטשע וואורשטלעך.

און דאָס אַלץ אויף דעם פאָן פון אַ פּאַלעסטינער לאַנדשאַפט, אָבגעצייכענט פון אַ פאָטאָגראַפיע.

———

ליליען אַרבייט זעהר פיעל. ער איז שרעקליך אויבענאויפיג, און איבער דער אויבענאויפיגקייט צעניסט זיך זיין טעטיגקייט אָהן אַ שיעור, אָהן אַ ברעג. און ס'קען זיך דאַכטען, אַז ער איז געשיקט געוואָרען צו אונז, יודען, אויפצו-וועקען אַלע אונזערע קינסטלערישע קרעפטען, וואָס שטעהען דערווייל ווייט פון אונזער פאָלק מיט זיינע אוצרות...

שמר'ס גרויס פערדיענסט בעשטעהט ניט נור דערין, וואָס ער האָט צוגעוועהנט די יודישע מאַסע לייענען, נאָר אפשר נאָך מעהר

דערין, וואָס ער האָט געוועקט די יודישע שריפטשטעלער פון זיין צייט צום פרוכטבאַרען שאַפען. די שונד־ריזות פון זיינע ראָמאַנען האָבען זיי ניט געלאָזט רוהען...

און ליליען האָט דער ערשטער צווישען אונזערע קינסטלער פער־שטאַנען צו געהן קיין ארץ־ישראל. נאָך פאַר הירשענבערג'ן מיט אַש'ן, פאַר ביאַליק מיט ברענער'ן איז ער אַהין געגאַנגען. און מערקווירדיג — אין דער צייט, ווען די לעצטע זענען אַהין געגאַנגען, לפחות, ווייל דער צער פון דער אומה האָט זיי אַהין געטריבען, איז ליליען אַהין גלייך געפאָהרען — שאַפען.

דער געדאַנק וועגען קונסט אין ארץ־ישראל איז נאָך ביי אונז כמעט ווי ניט בעריהרט געוואָרען. נור די לעצטע צייט פיהלט זיך אַ גע־וויסע נטיה אין דעם פּרט אין אונזערע קינסטלער־קרייזען. נור איינס, גלויב איך, איז קלאָר: דער קינסטלער, וואָס וויל יודיש זיין אין דער פאָרם, מוז זיין אין ארץ־ישראל, מוז זיך ווענדען צו דער ביבעל. רענאַן, אום צו פערשטעהן בעסער יעזוס'ן, איז געפאָהרען קיין פּאַ־לעסטינע. דער יודישער קינסטלער, גלויב איך, מוז עס טון, אום זיך אַלס יוד בעסער צו פערשטעהן.

און ליליען האָט עס דוקא דער ערשטער פערשטאַנען. זיין פּראַק־טישער שכל האָט עס איהם אונטערגעזאָגט. און ווי אַ פּראַקטישער מענש איז ער אַהין געפאָהרען — מיט זיין פאָטאָגראַפישען אַפּאַראַט. ער איז ניט צוגעפאַלען צו דער הייליגער ערד קושען זי, ווי רבי יהודה הלוי האָט עס געטאָן, לויט דער לעגענדע. ער האָט זיך ניט געלאָזט אַיינוויקלען אין דעם הייליגען שטויב... ער האָט נאָר פאָטאָגראַפירט.

אין זיינע פּאַלעסטינער לאַנדשאַפטען, ווי אין זיינע ביבעל־אילוסטראַציעס, פעהלט דער שאַפענדער עלעמענט. און ס'פעהלט אין זיי דאָס לעגענדאַרישע...

———

איך האָב געזעהן אַ שיידעל פון אַ שווערד, יאַפּאַנישע אַרבייט. דאָס שיידעל איז אינגאַנצען גלאַט און שוואַרץ. נור דריי מילבען זענען דערויף אויסגעמאָהלירט, דריי קליינע מוראַשקעס אין זייער נאַטירליכער גרויס. איינע קריכט אַרויס פון איהר נאָרעלע — אַ קליין פּיטשינקע גריבעלע, די צווייטע שלעפּט זיך אַהין מיט אַ שטרויעלע; די דריטע ווידער האָט זיך, ווייזט אויס, פערבלאָנדזשעט, און זי קריכט אַריבער אויף דער צווייטער זייט שווערד...

פון אָנהויב בעמערקט איהר גאָרניט אָט די קליינע גאָטס בע־

שעפענישען, און איהר ווילט זיי זיין פארביינעהן. נאר קיים האט איהר זיי זיין בעמערקט, קאן זיך אייער אויג שוין ניט אבריסען פון זיי.

א ווארימע פרייד פילט אן אייער הארץ, און איהר האלט אין איין בעוואונדערן אט דעם גרויסען יאפאנישען מייסטער, וועלכער האט געהאט אזוי פיעל געהדלה און ליעבע צו די דאזיגע מאנינקע בעשעפענישען. יעדער פיסעלע זייערם, יעדער הערעלע האט ער אויסגעפארשט און אויסגעקלעפט, און פול מיט בעוועגונג זענען די מוראשקעלעך, פול מיט לעבען.

ליעבע צו דער נאטור — דאס איז די גרעסטע מעלה פון א קינסטלער, און ליליען'ען פעהלט עס לחלוטין.

זיין ווערט איז פאר אונז א נעגאטיווער. ער האט מיט זיין טעטיגקייט אנטבלויזט אין בעוויזען, וויפיעל פרייע אומבעארבייטע פעלדער איז דא ביי אונז פאר אידישען קינסטלער, און ווי אומגעהייער פיעל ס'קאן און ס'מוז געטאן ווערען ביי אונז אויף דעם געביט.



ש. ניגער.

# בריעף וועגען דער נייער יודישער ליטעראטור*.

## II

## ראָמאַנטיזם.

דער ראָמאַנטיקער שטעהט שטענדיג מיט'ן פּנים, מיט די פערבענקטע, בעטענדיגע אויגען צום מערב, צו דער פערגעהענדיגער זון, צו דער פערגאַנגענער זון... ער יאָגט זיך נאָכ'ן שאָטען פונ'ם טאָג, וואָס ער האָט גלייכגילטיג געלאָזען פאַרבייגעהן: אַ זאַך ווערט איהם ליעב, ווען פון איהר איז געבליבען נאָר אַ שאָטען... אָבער ניט יעדער, וואָס בלאָנדזשעט אום אינ'ם לאַנד פון די שאָטענס, ניט יעדער, וואָס כאַפּט אַ קוק צוריק, צו די פערגאַנגענע, חרוב געוואָרענע וועלטען, ניט יעדער, וואָס בלעטערט אינ'ם בוך פונ'ם עבר — איז אַ ראָמאַנטיקער. דער היסטאָריקער איז נישט קיין ראָמאַנטיקער, כאָטש ער האָט צו טון כסדר מיט'ן עבר. ער הערט אויף צו זיין היסטאָריקער, ווען ער ווערט ראָמאַנטיקער. ער זעהט שוין דאַן מעהר ניט קיין גרעניץ צווישען נעכטען און היינט. ער איז שוין דאַן אַליין אַ שאָטען צווישען שאָטענס, איינער פון די, וואָס וועגען זיי דערצעהלט ער; דערצעהלט ער וועגען זיך מעהר, ווי וועגען זיי. ער איז שוין דאַן אַליין אַן אַמאָליגער, זענען די אַמאָליגע ביי איהם היינטיגע, לעבעדיגע: ער ווייס פון זייער לעבען, ניט פון זייער טויט. די היסטאָריע אָבער איז אויף דער וועלט געקומען אינאיינעם מיט'ן טויט... קאָן דער היסטאָריקער ניט זיין קיין ראָמאַנטיקער.

קאָן מען, אין פלוג, די ליעבע צו היסטאָריע, וואָס ווייזט זיך ביי אונז די לעצטע צייט אַרויס, נאָך ניט האַלטען פאַר אַ ראָמאַנטישער ליעבע. דער ריין היסטאָרישער אינטערעס צו דער פערגאַנגענהייט וואָלט, פערקעהרט, געווען אַ סימן, אַז מען קוקט שוין טאַקע אויף איהר, ווי אויף אַ נעכטיגען טאָג, וואָס וועט זיך שוין נישט אומקעהרען און וועט זיך שוין נישט ענדערן, און דערפאַר קאָן מען איהם רוהיג פיקסירען, איינהאַלטען אין זכרון... אַ לעצטע, אונטערשטע שורה פערצייכענט מען מיט גרויסע אותיות, און מען האָט מעהר נישט צו טון מיט די איינציגע שורות, וואָס פון זיי איז זי צונויפגעשטעלט... ביי די מערב־אייראָפּעאישע יודען האָט זיך דער אינטערעס צו דער פערגאַנגענהייט

* זעה „די יוד. וועלט“ נומ. 6.

פֿונ'ם יודישען פֿאָלק טאַקע געשטאַרקט, ווי מיר ווייסען, אינאיינעם מיט דער אָבשוואַכונג פֿונ'ם גלויבען אין זיין געגענוואַרט; דעם אַמאָל האָט מען גענומען פֿלייסיג פֿאָרשען, ווען מען האָט געוואוסט, אַז ער האָט שוין מעהר ניט קיין ווירקונג אויף דעם איצט; און וואָס ווייטער דער אַמאָל איז געווען פֿונ'ם איצט, וואָס קלענער עס איז געוועזען זיין שייכות צום היינטיגען לעבען, וואָס ווייניגער ווערט ער האָט געהאַט פֿאַר איהם — אַלץ מעהר כבוד האָט מען איהם אָבגעגעבען, אַלץ מעהר אינטערעס האָט מען צו איהם אַרויסגעוויזען... איז דען אָבער דער אינטערעס צו די דענקמעלער פֿון אונזער עבר, וואָס ווייזט זיך אַרויס ביי אונז די לעצטע צייט, טאַקע אויך מעהר נישט ווי אַ ריין וויסענשאַפֿטליכער, אַרכעאָלאָגישער אינטערעס? ווילען מיר אויך טאַקע נאָר לערנען די געשיכטע פֿון אונזער פֿאָלק און ניט לערנען זיך פֿון איהר? זענען מיר אויך טאַקע אויסען צו קענען נאָר אונזער פֿערגאַנגענהייט און ניט דורך איהר זיך אַליין צו דערקענען?

אַז מען טראַכט זיך אַריין אין דער היסטאָרישער ליטעראַטור, וואָס ווייזט זיך ביי אונז די לעצטע צייט, זעהט מען, אַז אונזער געוויסען, ניט בלויז אונזער וויסען, זוכט אין איהר ענטפֿערס אויף זיינע פֿראַגען. עס איז ניט קיין צופֿאַל, וואָס די בייהדע יודישע אויסגאַבען אויף רוסיש, וועלכע פֿאָרשען די יודישע געשיכטע, גיבען זיך אָב זעהר שטאַרק מיט דער נ אָ ה ע נ ט ס ט ע ר פֿערגאַנגענהייט פֿון די יודען אין רוסלאַנד, מיט דער פֿערגאַנגענהייט, וואָס פֿערוועבט נאָך מיט איהרע פֿעדים די געגענוואַרט. געוויס ווירקט דאָ אויך דאָס, וואָס וועגען די עלטערע תקופות איז נאָך ווייניג מאַטעריאַל דאָ; אָבער דאָס איז נאָר איינע פֿון די סיבות, וואָס די היסטאָריקער אונזערע געהען נישט אַוועק צו ווייט פֿון דעם איצטיגען לעבען. נאָך אַ סיבה איז, וואָס די היסטאָריקער אונזערע זענען אייגענטליך נאָך גאָר קיין היסטאָריקער ניט. דער היסטאָריקער, דער אַרכעאָלאָג, האָט ווילד הנאה דוקא פֿון אַלטע זאַכען, פֿון אָבגעריבענע מטבעות, פֿון האַלב פֿערמעקטע היעראָגליפֿען, וואָס זאָגען עדות אויף אַ לעבען, וואָס איז לאַנג, שוין לאַנג פֿערשוואונדען געוואָרען; וואָס ווייטער עס איז פֿון איצט, וואָס טיעפֿער עס דרינגט אַריין אין דער פֿינסטערניש פֿון די אַלטע פֿאַר־היסטאָרישע צייטען, אַלץ טשיקאַווער איז עס פֿאַר דעם היסטאָריקער, דעם פֿאַך־מענשען. אונז אָבער, פֿערקעהרט, אינטערעסירט איצט אין דער פֿערגאַנגענהייט מעהר ווי אַלץ דאָס, וואָס האָט אַ ווערט פֿאַר דער געגענוואַרט. ביי אונז איז נאָך ניט קענטיג שאַרף דער גרעניץ, וואָס טיילט אָב היסטאָריע פֿון פּובליציסטיק. ביי אונז קוקט מען זיך ניט צו צום איצטיגען לעבען, נאָר כדי קלערער זיך

פארצושטעלען דעם לעבען פון אמאל, נאר פערקעהרט: מען זוכט אינ׳ם אמאל די כחות, וואס קאנען בעלעבען דעם היינט, מען פארשט אויס די תקופות, וואס דער תוכן איז זיי נאך נישט אויסגעגאנגען און מען קאן נאך זיי גייסטיג געניסען: וועגען חסידות שרייבט מען ביי אונז מעהר ווי וועגען אנדערע פעריאדען פונ׳ם יודישען גייסטיגען לעבען; וועגען די נביאים — מעהר ווי וועגען די חכמי־התלמוד... און אז מען קריגט זיך וועגען דעם היסטארישען ווערט פון אזוינע פערזענליכקייטען, ווי דער רמב״ם און רבי יהודה הלוי, איז עס ניט קיין מחלוקת לשם היסטאריע, לשם וויסענשאפט, נאר צוליעב אידעען און שיטות, וואס פיהרען א מלחמה צווישען זיך אין דער געגענווארט... מען קאן ביי אונז ניט פארשטעלען זיך, אז איינער זאל שרייבען וועגען ישוע הנוצרי און דערביי פערגעסען אינגאנצען, אז ס׳איז פאראן אויף דער וועלט א „שמד־בעוועגונג"... מען קאן זיך ביי אונז ניט פארשטעלען איינעם, וואס פארשט די פערגאנגענהייט, אזוי ווי א רייזענדער — א פרעמדע מדינה, וואס ניט זיין זאך איז צו מישען זיך אין איהרע אינעווייניגסטע אנגעלעגענהייטען.... די אפאלאגעטיק לגבי דער אויסענווייניגסטער וועלט, וואס איז ניטיג געווען דעם דור פון אסימילאציע, האט אפשר ווייניגער געשטערט דער אביעקטיווער פארשונג פון דער פערגאנגענהייט, ווי אונזער איצטיגע אינעווייניגסטע אפאלאגעטיק. ווארום ניט יעדע תקופה אין דער געשיכטע פון אונזער פאלק האט געקאנט דיענען דעם צוועק פון דער עמאנסיפאציע. ס׳איז שווער אבער צו געפינען א בלאט אין דער היסטאריע פון דער יודישער נאציע, וואס עס זאל נישט מעגליך זיין איהם אויסצונוצען פאר די ציעלען פון דער אינעווייניגסטער בעפרייאונג, פון דעם אינעווייניגסטען קאמף, פון דער אינעווייניגסטער אפאלאגעטיק...

אלזוי, די איצטיגע תקופה פון נאציאנאלער אויפלעבונג איז, ניט געקוקט אויף דעם אדער דוקא דערפאר, וואס זי שטיצט זיך אויף דער היסטאריע, ווייניגער מסוגל אויסצוארבייטען ביי אונז א ריין־היסטארישע, אביעקטיוו־וויסענשאפטליכע בעציהונג צום עבר, ווי דער דור פון דער אסימילאציע.

און ווייל אונזער אינטערעס צו דער היסטאריע איז ניט קיין היסטארישער, ניט קיין וויסענשאפטליכער, נאר א לעבענס־אינטערעס, דריקט ער זיך אויס דעריבער ניט אין דער אבזוכונג און פערעפענטליכונג פון דאקומענטען, וואס נאר ספעציאליסטען האבען א שייכות צו זיי, נאר פערקעהרט — אין דער פאפולאריזירונג פון ווערק, וואס אייגענטליך דארף מען זיי אנרופען קלאסישע, ניט היסטארישע ווערק. מיר אינ־

טערעסירען זיך אין דער אמת'ן מיט דער קלאַסיק, ניט סתם מיט דער פערנאַנגענהייט פון דער יודישער ליטעראַטור. די דערוויל נאָך נישט געלונגענע, אָבער עקשנות'דיגע פּראָבעס, וואָס ווערען געמאַכט איבערצוזעצען פון דאָס ניי די ביבעל אויף דער שפּראַך פון פאָלק, זענען אויסען ניט נאָר צו בעקענען, נאָר אויך צו פערבינדען אונז מיט דער אַלטער ליטעראַטור פון אונזער פאָלק. עס איז אפשר גיט קיין מעלה, וואָס מיט די דאָזיגע ביבעל-איבערזעצונגען האָבען זיך ניט אָפּגעגעבען ביז אַהער קיין מענשען, וואָס קוקען אויף זייער אַרבייט ווי אויף אַ וויסענשאַפטליכער אַרבייט און וואָס פערמעגען די נויטיגע וויסענשאַפטליכע מעטאָדע — עס איז ניט קיין מעלה, אָבער כאַראַקטעריסטיש איז עס: דער דיכטער, דער פּעדאַגאָג, דער נאַציאָנאַלער טוער, ניט דער וויסענשאַפטסמענש, ניט דער פילאָלאָג זוכט ביי אונז איצט דעם שליסעל צו די אוצרות פונ'ם עבר. דער דיכטער, דער פּעדאַגאָג, דער נאַציאָנאַלער טוער — מיר אַלע האָבען קיין געדולד ניט צו וואַרטען, ביז עס וועט קומען דער מענש, וואָס וועט, ווי אַ מאַרטין לוטער, באַפרייען אין זיך די פאָלקסטימליכקייט און דעם רעליגיעזען ברען מיט דעם פילאָלאָגישען ערנסט, די אונענדליכע ליעבע צום אַלטען הייליגען ספר מיט דעם צובונד צו דער אַלטעגליכער שפּראַך: די וויסענשאַפט האָט געדולד, זי וואָלט געקאָנט וואַרטען; דאָס לעבען קאָן נישט וואַרטען. ווייזען זיך ביי אונז אין רוסלאַנד און אין אַמעריקע פערשיידענע איבערזעצונגען און בעאַרבייטונגען פון פערשיידענע טיילען פון דער ביבעל און זיי אַלע שטעלען אונז זעהר ווייניג צופרידען, אָבער זיי אַלע זענען סימפּטאָמען, סימנים, גוטע סימנים פון אונזער צייט, פון אַ צייט, וואָס איידער זי לאָזט זיך געהן אויפ'ן וועג פון דער צוקונפט, וויל זי וואָס מעהר אָנגרייטען צידה לדרך פון די רייכע אוצרות פון דער פערגאַנגענהייט. צידה לדרך — דאָס איז דער וויכטיגסטער מאָטיוו, פאַר וואָס מיר שטעהען איצט און קוקען מיט אַזאַ דאָרשטיגען קוק אויף דער ירושה פון אונזערע אָבות. מיר פיהלען, אַז מיר ווערען אָפּגעשטופּט פון דעם אָרט, וואָס מיר זענען ביז אַהער אויף איהם געשטאַנען. מיר מוזען איהם פערלאָזען, צי מיט גוטען, צי מיט בייזען, ווילען מיר נישט אַוועקגעהן פון איהם מיט ליידיגע הענד. אַז די מערב-אייראָפּעאישע יודען האָבען זיך געדאַרפט שיידען מיט דעם אַלטען, אין זיך אַליין איינגעשלאָסענעם יודישען לעבען, האָבען זיי געפיהלט, אַז צווישען דער אַלטער קולטור און דער נייער, דער פרעמדער, וואָס צו איהר געהען זיי איבער, ליגט אַ גרעניץ, און איבערטראָגען עפּיס פון איין זייט אויף דער אַנדערער וועט מעגליך זיין נאָר אויפ'ן שטייגער פון קאָנטראַבאַנדע, האָבען זיי

דעם פּעקיל ירושה פון דער יודישער פערגאַנגענהייט געמוזט לאָזען אויף דער זייט, און נאָר אַ מצבה האָבען זיי געשטעלט, אַן אהל האָבען זיי אויסגעבויט אויף דעם אָרט, וואו די געביין פון די אָבות איז געבליבען, כדי אַז טאָמער וועט זיך זיי פערגלוסטען אַמאָל קומען צוריק אַהין אויף קבר אָבות, זאָלען זיי לייכט די קברים קאָנען אויסזוכען. מיר אָבער איצט, שיידענדיג זיך מיט די לעבענספאָרמען פון דעם יודישען מיטעלאַלטער, געהען מיר נישט איבער צו נאָר אַ נייער, אַ פרעמדער קולטור, מיר בלייבען אויף דעם פריהערדיגען וועג, נאָר מיר שטעהען ניט אויף איין אָרט, מיר געהען ווייטער, קאָנען מיר מיטנעמען פון דעם ביזאַהעריגען גייסטיגען סקאַרב אונזערן אַלץ, וואָס איז נאָר מעגליך. ניט נאָר מיר קאָנען — מיר מוזען: אַפילו פעלקער-נאָמאַדען טראָגען מיט זיך פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן דאָס ביסעלע מטלטלין, וואָס זיי פערמאָגען. פון איין תקופה אין דער אַנדערער איבערצוגעהן מיט לידיגע הענד איז נאָך אָבער שווערער, ווי איבערצו-וואַנדערן מיט אַ פוסטער טאָרבע פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן. מען מוז האָבען צידה לדרך. די, וואָס עקשנ'ען זיך איין און ווילען בלייבען שטעהן אויף די קניע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ פאַר די אוצרות, וואָס ליגען בעהאַלטען אין דער אַלטער שפּראַך, און האָבען מורא זיי רירען פון אָרט, אַראָפּצוציהען פון זיי די היילינע מענטעלע, טאָמער וועט, חלילה, פון זיי עפּיס אָפּפאַלען, — די זענען גרייט צו בלייבען אַליין ביי די היילינקייטען, ווי אַ מין גייסטיגע עבֿרא השכבי על דינרי, און עס מאַכט זיי ניט אויס, וואָס דאָס גאַנצע פאָלק וועט פון דער ירושה גאָרנישט בעקומען און וועט אַוועקגעהן פונ'ם היי-ליגען אָרט הונגעריג און דאָרשטיג. די אָבער, וואָס ווילען, אַז דאָס פאָלק זאָל נעמען מיט זיך די אָנגעקליבענע אוצרות איפ'ן וועג פונ'ם נייעם לעבען, איך וועלכען עס לאָזט זיך — די ציהען אַראָפּ די היילינע מענ-טעלע פון ספר און עפענען איהם פאַר'ן פאָלק. עס קאָן גרייליך זיין, אַז איך אויפצוהיטען דעם אַלטען, זיסען ווייַן פון די אַגדתות, אַשטייגער, איז דער ספר האַגדה און דער עין יעקב געווים אַ בעסערע, אַ פּאַסיגערע געפעס, ווי די אויף יודיש אַרויסגעגעבענע „יודישע אַגדות“, געניסען אָבער דעם ווייַן וועט מען פון דער לעצטער וואָכעדיגער כלי מעהר, ניט אין ערך מעהר, ווי פון דער ערשטער, דער היילינער.

און אָט דער ברענענדיגער וואונש צו געניסען די פערגאַנגענהייט און צו מאַכען, אַז אירע ווערטען זאָלען זיין לעבענס-ווערטען, אָט דער וואונש פיהלט זיך ניט נאָר אין דעם, וואָס מען פערשפּרייט און מען בעאַרבייט אויף יודיש די ביבעל, די אַגדה, די שירים פון ר׳ יהודה הלוי (אָבער ניט אַזוינע זאַכען). וואָס האָבען איצט שוין נאָר

אַ היסטאָרישען ווערט); ער דריקט זיך אויס אויך אין דעם הייסען אינטערעם צום יודישען פאָלקלאָר, וואָס ווייזט זיך אַרויס די לעצטע צייט אַלץ מעהר און מעהר. אויך די פאָלקסליעדער און פאָלקס־מעשיות וועלען געזאַמעלט און בעאַרבייט ביי אונז ניט אַזוי צוליעב דעם היסטאָרישען, עטנאָגראַפישען און פילאָלאָגישען ווערט, וואָס זיי האָבען, ווי צוליעב דעם לעבעדיגען אינהאַלט זייערן: די פאָלקס־מעשה׳לעך ווערען בעאַרבייט פון אונזערע דיכטער, די פאָלקס־ליעדער ווערען געזונגען אויף אָבענדען, וואַנדערן איבער פון וואַרשטאַט אין סטודענטישען צימערל.

נאָך עד היום האָבען מיר ניט קיין איין מעהר אָדער וועניגער וויסענשאַפטליך אַרויסגעגעבענע זאַמלונג פון יודישע פאָלקס־מעשיות, נאָר די יודישע ליטעראַטור איז שוין פול מיט זיי: פרץ, בערדיטשעווסקי, יהודה שטיינבערג — אַ שולע האָבען זיי געשאַפען מיט זייערע חסידישע און אַנדערע פאָלקס־מעשיות. אַלזוי, פונקט דאָס אייגענע, ווי מיט דער ביבעל: קיין איין וויסענשאַפטליכע איבערזעצונג, קיין איין היסטאָריש־קריטיש ווערק וועגען דער ביבלישער ליטעראַטור (אויב מען זאָל ניט רעכענען אַ קאָמפילאַטיווען אַרטיקעל וועגען ביבעל־קריטיק אין דער אַמעריקאַנער „צוקונפט״ און די כרעסטאָמאַטיע פון סאָלאָווייטשיק, וואָס דרוקט זיך אין ווילנער פערלאַג) — אָבער דעם שרייבטיש פון כמעט יעדען יודישען דיכטער בעשיינען פראַגמענטען פון ביבעל־איבערזעצונגען! אַפילו אַברהם רייזען האָט אין זיין ניו־יאָרקער וואָכענבלאַט געדרוקט דאָ ניט לאַנג ביבלישע ליעדער! אַפילו דער ר ע אַ ל י ס ט שבֿרעאַליסט אַברהם רייזען. וואָרום — איך חזר נאָך אַמאָל איבער — ניט דאָס פערגאַנגענע, וואָס אין דער פערגאַנגענהייט, זוכען מיר, נאָר דאָס לעבעדיגע, וואָס אין איהר, דאָס אייביגע, דאָס בעפרוכפערנדע. מיר זוכען עס ניט ווייל, נאָר כאָטש עס איז אין דער פערגאַנגענהייט. ניט כדי צו וויסען — כדי צו מאַכען אונזער היסטאָריע ברויכען מיר עס! מיר ברויכען עס ניט ווי אַ פאַרטיגען בנין, נאָר ווי צעמענט פאַר אַ נייעם געביי...

איז עס ראָמאַנטיק? נעווים ניט. עס איז ניט קיין ראָמאַנטיק, פונקט אַזוי ווי עס איז ניט קיין בלויזע ליעבע צו ה י ס ט אָ ר י ע. דעם ראָמאַנטיקער גלוסט זיך אומצוקעהרען צוריק דוקא דאָס, וואָס קאָן נישט אומגעקעהרט ווערען. ער יאָגט זיך נאָך אַ זאַך, ווען זי פערשווינדט, און נאָר דער שאָטען איהרער בלייבט. דער ראָמאַנטישסטער צווישען די ראָמאַנטיקער, נאָוואַליס, האָט דעם גאַנצען פיין פון זיין ליעבע צו סאָפיע פון קיהן דערפיהלט ערשט נאָך איהר טויט. דאָס איז די עכטע

ראָמאַנטישע ליעבע: ליעבע נאָכ'ן טויט... פון דעם היסטאָריקער שיידט זיך אָב דער ראָמאַנטיקער נאָר דערמיט, וואָס יענער קאָנסטאַטירט דעם טויט, בעת ער וויל איהם גובר זיין: יענעם אינטערעסירט דאָס, וואָס די זאַך איז געוועזען אַמאָל, דעם — ווייל ער וויל, אַז זי זאָל אויך איצט זיין. דער גלייכצייטיגער זיין און ניט-זיין פון אַ זאַך — איהר זיין אין אונזער וואונש און געדעכניש און איהר ניט-זיין אין דער ווירקליכקייט — דאָס מאַכט זי ראָמאַנטיש. וואָלטען אויך מיר געבענקט נאָך די זאַכען, וואָס שוועבען אום איפ'ן גרעניץ פון זיין און ניט-זיין, וואָלטען אויך מיר געליעבט טאַקע נאָר די בין-השמשות-ווערטען פון אונזער קולטור, די, וואָס אויף זיי ליגט אויסגעגאָסען דער קיהלער, שטילער שיין פון אַ זון, וואָס פערגעהט, וואָלטען מיר געווען ראָמאַנטיקער. אָבער מיר ליעבען נישט דאָס פערגעהענדיגע, נאָר, פערקעהרט, דאָס, וואָס איז קיינמאָל נישט פערגאַנגען, וואָס עס האָט קיינמאָל נישט אָנגעוואָהרען זיין חיות אין דער געשיכטע. אונז אינטערעסירט, אמת, שטאַרק די נאָהענטסטע פערגאַנגענהייט — און דאָס קאָן וואַרפען אויף אונז אַ חשד פון ראָמאַנטיק — זי אינטערעסירט אונז אָבער נאָר, ווי ווייט זי איז נאָך ניט אינגאַנצען פערגאַנגענהייט, ווי ווייט זי האָט נאָך אין זיך פאָרמען און ווערטען, וואָס קאָנען זיך פרוכפערן אויך אין דער איצטיגער צייט. נאָר די, וואָס די יודישע שפראַך איז שוין פערגעסען געוואָרען פון זייער מויל, און זיי דוכט זיך העריבער, אַז זי געהערט שוין צום נעכטען אָדער צום פערגעהענדיגען היינט, — נאָר די מיינען, אַז דער קולט פון יודיש איז אַ ראָמאַנטישער קולט, אַ קולט פון אַ זאַך, וואָס ווערט אונז ליעב, ווען מיר דאַרפען זיך שיידען דערמיט. וואָלטען מיר ליעב געהאַט יודיש ווי אַ זאַך, וואָס געהט אַוועק און וועט זיך מעהר שוין ניט אומקעהרען צוריק, וואָלטען מיר געוואָלט זי דאַן אויפהיטען אין אונזער זכרון, אַזוי ווי זי איז, אָהן קיין שום ענדערונגען, מיר וואָלטען געציטערט, עס זאָל חלילה ניט פאַלען אויף איהר קיין שפרענקעלע פון דער נייער צייט: וועט זיך דען אויפהויבען ביי אונז די האַנד צו מאַכען נייע מאָדערנע קריצונגען אויף אַן אַלטען ירושה-בעכער? די ראָמאַנטיקער פון יודיש, די, וואָס האָבען ליעב אונזער שפראַך טאַקע נאָר ווי אַ זיסע ערינערונג, ווי אַ פאַרנאַכטיגע בענקעניש, — זיי זענען בייז, ווען מען טראָגט אַריין אין איהר נייע עלעמענטען, נייע פאָרמען, ווען מען פאַסט זי צו צו די בעדערפענישען פונ'ם לעבען, פון דער נייער צייט. אונז אָבער טוט עס הנאה. ווייל פאַר אונז איז איהר טראַדיציע ניט קיין רעשטיל פון דעם אָבגעברענטען טאַטענס הויז, נאָר אַ וואָרצעל פון אַ בוים, וואָס האַלט אין רעכטען בלי-

הען. ביי אונז איז עס אַ לעבענס=ווערט, אַ לעבענס=געוועהר, ניט קיין הוילע ראָמאַנטיק.

ווייטער, דער אינטערעס, וואָס ווייזט זיך אַרויס ביי אונז די לעצטע צייט צום חסידיזם, צום יודישען פאָלקלאָר, צו דער יודישער פאָלקסמוזיק און צו אַנדערע ווערטען פון דער נאָהענטער פערגאַנגענהייט, וואָלט נאָר דאַן געווען אַ סימן פון ראָמאַנטיק, ווען מיר וואָלטען זיך אין דער אייגענער צייט ניט אינטערעסירט אויך מיט די עלטערע תקופות פון אונזער געשיכטע. דער דאָרשט צו טרינקען פון דעם לעבעדיגען קוואַל פון דער ביבעל איז אָבער גיכער אַ דאָרשט, אַ בענקשאַפט נאָך דער קלאַסיק, ווי נאָך דער ראָמאַנטיק. און אייגענטליך איז עס פונקט פערקעהרט אַ בעוויז, אַז אונזער אַ תקופה איז, אין תוך גענומען, ניט קיין ראָמאַנטישע, נאָר אַ רענעסאַנס=תקופה, וואָס ווייל זי גרייט זיך צו גרויסע מעשים, ווייל זי וועט מוזען פועל אויסגעבען פון זיך, מוז זי פועל אין זיך אַריינגעמען, מוז זי לאָזען זיך בעפרוכפערן פון יענע היסטאָרישע כחות, וואָס נאָך עד היום זענען זיי פול מיט לעבען...

---

און דאָך שטעקט אין אונזער תקופה אַ שטיק ראָמאַנטיק. אינאיינעם מיט די, וואָס די פערגאַנגענהייט איז פאַר זיי נאָר אַ קוואַל אויף אָנצוטרינקען די פעלדער פון דער צוקונפט, נאָר אַ רעזערוואַר, אַ שפייכלער פון ענערגיע, וואָס איז געוועסט צוריק געוואָרען לאַטענט און מוז ווידער ערשט אַרויסגעהן מכח אל הפועל, — זענען פאַראַן צווישען אונז אַזוינע, וואָס זעהען פאַר זיך גאָרנישט און אַלץ — הינטער זיך, אַזוינע, וואָס די צוקונפט איז פאַר זיי אַ מדבר, און דער ישוב, דער גן עדן, פון וואַנען זיי זענען אַרויסגעטריבען געוואָרען, ליגט אינ'ם הייליגען לאַנד פונ'ם עבר, דאָרט, וואוהין עס גלוסט זיך זיי אַזוי און וואוהין עס איז שוין קיין שום האָפענונג ניטאָ אומצוקעהרען זיך צוריק... אָט דאָס זענען די, וואָס לעגען אַרויף זייער שטעמפעל אויף אונזער איצטיגער איבערגאַנגס=צייט, אָט דאָס זענען אונזערע איצטיגע ראָמאַנטיקער, וואָס אייגענטליך זענען זיי נאָר האַלבע ראָמאַנטיקער, ווייל זיי האָבען דעם וואונש, אָבער ניט דעם גלויבען פונ'ם אמת'ן ראָמאַנטיזם, ווייל זיי האָבען אַריינגעזייגען אין זיך דעם עקעל, וואָס דער ראָמאַנטיקער פיהלט צו דער געגענוואַרט, אָבער זיי פעהלט דער מוט צו דער פערגאַנגענהייט. דאָס זענען קרבנות פון דער ראָמאַנטיק, ניט איהרע כהנים. דאָס זענען צאַרטע אָדער איינ=

פאַך שוואַכע נאַטורען, וואָס אין לעבען איז זיי ענג, פינסטער, און גיט נאָר קיין כח איבערצומאַכען, איבערצובויען דעם לעבען האָבען זיי ניט, נאָר עס פעהלט זיי אויך די פעהיגקייט צו שאַפען זיך אַן אילוזיע פון אַ בּרייטערן, אַליכטיגערן, אַ שענערן לעבען, און אַז זיי יאָגען זיך נאָך דעם שאָטען פון דער פערגאַנגענהייט, ווייסען זיי, אַז ס'איז אַ שאָטען, און געפינען אויך אין דעם ניט קיין האָפענונג און קיין טרייסט... „וואוהין געהסטו?“ בּעטען זיי זיך אינאיינעם מיט איינהאָרגען בּיים זיידען: „וואוהין געהסטו? פערלאָז מיך ניט אַליין צווישען די חורבות. מיט וועמען וועל איך בּלייבען? זיידע, זיידע!“ זיי האָבען מורא צו בּלייבען אַליין צווישען די חורבות — אָט פאַרוואָס זיי טוליען זיך צום זיידען. עס שרעקט זיי די צוקונפט — אָט פאַרוואָס זיי קעהרען זיך צו דער פערגאַנגענהייט.

און אָט פאַרוואָס זיי קעהרען זיך — און קעהרען זיך ניט אום צו איהר. אין א. ווייטער'ס דראַמע „דער שטומער“ *, וואָס דער גאַנצער ווערט איהרער ליגט אין דעם, וואָס זי איז, אַזוי ווי די פריהערדיגע דראַמע ווייטער'ס „אין פייער“**, זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר די נייע שטימונגען פון דער יודישער אינטעליגענץ, — איז פאַרהאַן אַ פאָריל אַ גאַנצע, אַלכסנדר און אַסיא, וואָס קעהרען זיך, קעהרען זיך — און קעהרען זיך דאָך נישט אום צו די אַלטע. אי ער, אי זי זענען געווען פריהער נע ונד, איסען געווען, וואו די וועלט האָט אַן עק, איבערגעדיענט אַלע עבודה זרה'ס, נאָר אָט האָבען זיי זיך פערבּענקט „אַהיים“ און נאָך מיט מעהר האַסט, ווי עליאש אין נאָמבּערג'ס „משפחה“, וואַרפען זיי זיך אין די אָרעמס פון טאַטע-מאַמע. זיי זענען געקומען צוריק אין קליין שטעדטיל, וואו די עלטערן זייערע וואוינען, און בּיי זיי איז געבּליבּען חתונה צו האָבען כּדת משה וישראל. אויך איהר „רעדט מען“ אין שטעדטיל, נאָר ער איז איהר אַלץ מוחל: „מאַלע וואָס עס איז געווען“. איצט טוט זי תשובה. „אַייערע קינדער, זאָגט ער, איך און זי — בּיידע פערבּלאָנדזשעטע, זוכען אַ וועג פאַר זיך“. „זאָל זיין, זאָגט ער, אַלץ ווי בּיי יודען. זיך פערבּענקט נאָך יודען, נאָך יודישקייט, גלייך ווי איסגעהונגערט זיך. האָב איך חתונה אין דער אייגענער שטאָדט, אין יודישען שטעדטיל; אַ חתונה מיט אַלע יודישע מנהגים“... און איך זי זאָגט: „איך וויל זיין, ווי מיין מאַמע איז געווען. אַ יודיש מיידעל האָט חתונה... האָט קינדער, האָט אַ מאַן,

* ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

** פערלאַג „די וועלט“.

האָט אַ הויז. איך קאָן גישט מעהר, ווי עס איז געווען"... דאַרף מען נאָך קלערערע רייד, נאָך עלטערע בעלי־תשובה'ניקעס? און דאָך לאָזט זיך גאָרנישט ניט אויס פון די רייה און פון דער תשובֿה. גראָדע אין דעם טאָג, ווען עס דאַרף זיין די חופּה, קומט צו פֿאָהרען פֿון ערגיץ אַלכּסנדר'ס אַן אַמאָליגער פֿריינד, וואָס איז, ווי עס ווייזט זיך שפּעטער אַרויס, אויך אַ סיא'ס אַ פריינד און, ווער ווייס, אפשר ניט נאָר אַן אַמאָליגער, און ער, אָט די לעבעדיגע ערינערונג פון אַסיא'ס און אַלכּסנדר'ס פֿערגאַנגענהייט, זאָגט יעדען מאָל, ווען ער הערט, ווי זיי רעדען פון זייער אומקעהרען זיך צוריק צו טאַטע־מאַמע: — „עס איז שוין ניט מעגליך". און ער איז גערעכט: עס איז שוין טאַקע ניט מעגליך. די אַלטע היים אונזערע איז שטאָלץ און אייפערזיכטיג — זי האָט פֿיינט, אַז מען קעהרט זיך אום צו איהר נאָר, ווייל עס איז ניטאָ זיך וואו אַהין צו טון. מען האָט קיין צוטרוי ניט אין שטעדטיל צו די יונגע בעלי תשובה'ניקעס. פון אָנהויב אָן ציטערט מען, טאָמער קומען אינאיינעם מיט די אומגעקעהרטע אויך די שאָטענס פון זייערע זינד. און עס איז טאַקע ניט קיין אומזיסטע מורא. אין דער געשטאַלט פונ'ם פֿריינד לויפען אָן די שאָטענס, און עס ווייזט זיך דער שטן, וואָס צעשטערט די אידיליע צווישען אַלכּסנדר'ן און אַסיאַ'ן.

אין לעצטען אַקט זעהען מיר אַלכּסנדר'ן אין שול, זיצענדיג שוויי־געדיגערהייד ביי אַ ספר, און נאָר נאָך איין מאָל הערען מיר איהם רעדען, זיך מתודה זיין, ווען זיין פֿאָטער קומט צו געהן און דער־מאָנט איהם אָן דער מאַמען, וואָס איז אַלט און גראָה געוואָרען. „פֿאָטער, זאָגט אַלכּסנדר, טשעפּעט מיר ניט... איך האָב אַלעמען מוחל געווען. זייט מיר אויך מוחל. זאָל די מאַמע ניט וויינען. לאָזט מיר, טייערע! איך וויל זיין אַליין, איך וויל זיין אָבגעזונדערט. עס איז שלעכט, טאַטע; ביי מיר האָט זיך אַלץ צובראָכען, גאָרנישט געבליבען פון אַלץ... און פֿעררייכטען איז שוין אוממעגליך"... און ער בלייבט זיצען אין שול אַ שטומער. פון זיין שטומקייט אָבער שרייט צו אונז די וואונד פונ'ם היינטיגען יודישען ראָמאַנטיקער, וואָס וויל זיך אומקעהרען צוריק — און קאָן ניט, די וואונד פון דעם איצטיגען יודישען ראָמאַנטיקער, וואָס איז נאָר, ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, אַ האַלבער ראָמאַנטיקער, ווייל ער האָט דעם יאוש, אָבער ניט דעם גלויבען פון דעם אמת'ן ראָמאַנטיקער...

אַלכּסנדר, דער שפּעטערדיגער שטומער, זאָגט אין איין אָרט, אַז ער געהערט ניט צום „ערשטען דור" פון די נייע, נאָר צום לעצטען פון די אַלטע. אין דער אמת'ן געהערט ער אויך צום לעצ־

טען ניט: ער שטעהט צווישען די אַלטע און די נייע. אָט דער
צווישען-דור גיט אָבער אַרויס פֿון זיך צווייערליי טיפּען. ער-
שטענס, אַזאַ, וואָס געפֿינט זיך קיין אָרט ניט ניט צווישען די אַלטע
און ניט צווישען די נייע. אַזאַ, וואָס זיין נשמה איז אַזוי אָנגעזעטיגט
מיט'ן עקעל צום היינט, אַז עס בלייבט אין איהם קיין אָרט ניט פֿאַר'ן
גלויבען אין נעכטען אָדער אין מאָרגען. דאָס איז דער אומגליקליכער,
דער ניט צוגעפּאַסטער צווישען-טיפּ, וואָס האָט קיין אַנדער ברירה ניט,
ווי „אַנשטומט" צו ווערען, ד. ה. אַוועקצוגעהן, אַזוי ווי אַלכּסנדר,
פֿון לעבען מיט זיינע אַלטע חורבות און נייע בנינים. אַחוץ אָט דעם
שלימזל'דיגען רעפּרעזענטאַנט פֿונ'ם צווישען-דור איז פֿאַראַן אָבער
נאָך איינער, הקא אַ בריה, וואָס פּאַסט זיך זעהר גוט צו צו זיין
צווישען-לאַגע און פֿיהרט בעקאַנטשאַפֿט אי מיט די אַלטע, אי מיט
די נייע, זינגט ליב-געזאַנגען דעם עבֿר און פֿערגעסט ניט איפּצו-
הויבען זיין שטים אויך אינ'ם כאָר פֿון דער צוקונפֿט-מוזיק. אָט שרייט
סימא, אויך אַ פֿאַרשטעהער פֿונ'ם איצטיגען צווישען-דור, אין ווייַ-
טער'ס צווייטער דראַמע „אין פֿייער": „פֿאָטער, צום זיידען צוריק,
צום עלטער-זיידען!" און אין אַ רגע אַרום זאָגט ער: „דער אמת'ער
יוד שטעהט נאָך הינטער אונז, ער דאַרף נאָך אָנקומען, נאָר איך,
מיר מאַכען אַ וועג פֿאַר איהם, אַ וואַרע — פֿאַר'ן צוקונפֿטיגען יודען"...
אויך עליאש אין נאָמבערג'ס „משפּחה" גלויבט אין דער אייביג-
קייט, אין דער צוקונפֿט פֿונ'ם יודישען פֿאָלק: „... מיר ליטערן זיך,
זאָגט ער, מיר ווערען שטאַרקער און געזונטער, גייסטיג און פֿיזיש. מיר
בויען אומעטום לעבענס-צעלען. מיר זענען בעסער, ווי אונזערע על-
טערן, אונזערע קינדער וועלען בעסער זיין פֿון אונז א. אַז. וו." פֿונ-
דעסטוועגען, אַז ער איז אָב צוויי וואָכען אין דערהיים ביי זיין אַל-
טען טאַטען דעם רבֿ, טראַכט ער אָפֿט: „פֿאַרוואָס האָב איך זיך אָב-
געטיילט און אָבגעזונדערט פֿון דעם אַלטען לעבען, פֿון דער גאַנצער
עדה יודען, וואָס לעבט אין נויט — און אין גלויבען? פֿאַרוואָס קאָן
איך ניט פֿערטרעטען מיין טאַטענס אָרט נאָך זיין טויט און זיין
אַ רבֿ און אַ פֿיהרער פֿון דעם פֿאָלק, ווי מיין טאַטע, מיינע זיידעס און
עלטער-זיידעס זענען געוועזען? דאָס פֿאָלק איז בלינד? איז נאַריש,
אָבערגלויביש? — פֿאַרוואָס זשע אַנטלויפֿען פֿון איהם? פֿאַרוואָס ניט
בלאָנזשען מיט איהם צוזאַמען?" א. אַז. וו. אי ער האָפֿט אויף דער
צוקונפֿט, אי עס לעבט אין איהם אַ צוגעבונדענקייט, אַ טיעפֿע בענק-
שאַפֿט צו דעם עבֿר. איז עס אַ סתירה? ניין, עס איז די פּסיכאָלאָגיע
פֿונ'ם איבערגאַנגס-דור, וואָס ניט האָבענדיג קיין באָדען אין דער געגענוואַרט,

שטרעבט ער צו דער צוקונפט, נאָר ווייל זי איז נאָך ווייט פון איהם, ווייל
זי האָט נאָך ניט קיין בילד און קיין געשטאַלט, טרייסט ער זיך דער-
ווייל מיט דעם בילד און די געשטאַלטען פון דער פערגאַנגענהייט. ער
וויל ערשט שאַפען נייע, פעסטע לעבענס-פאָרמען, אָנשטאָט די איצ-
טיגע, די צעקראָכענע און צעבראָכענע; אָבער אָט זענען אַמאָל שוין
געווען אַזעלכע פעסטע, זיכערע פאָרמען: היינט ווי זאָל ער ניט בענקען
נאָך זיי? סימא ווייס גאַנץ גוט, אַז דער „צוקונפטיגער יוד“ וועט אין
אַ סך פּרטים גאָר ניט ענליך זיין צום זיידען און עלטער-זיידען,
אין איין פּרט אָבער וועט ער זיין גלייך צו זיי: ער וועט אויך בויען,
ניט נאָר ברעכען, ווי דער איציגער יוד. שרייט ער דערפאַר:
„צום זיידען, צוריק, צום עלטערזיידען!“ אויך עליאש ווייס גאַנץ
גוט, אַז ווען ער זאָל ווערען אַ פיהרער פון זיין פאָלק, וואָלט ער איהם
פיהרען גאָר אויף נייע וועגען, ניט אויף די, וואָס זיין פאָטער, דער
אַלטער רב, איז געגאַנגען אויף זיי. פונדעסטוועגען זעהט ער פאַר
זיך אַ מוסטער אין זיין פאָטער, ווייל אַזוי ווי יענער, אַזוי וויל אויך
ער געהן איין וועג מיט׳ן פאָלק, אַזוי ווי יענער, אַזוי וויל
אויך ער אינאיינעם מיט׳ן פאָלק גלויבען און בלאָנדזשען, און ניט,
ווי די איצטיגע אינטעליגענץ, אָבגעטיילט און אָבגעזונדערט פון פאָלק...
אָט די אַלע סימאס און עליאשס, וואָס דער פאַרציטיגער גאַנצער,
ניט צעבראָכענער יודישער לעבען געפעלט זיי נאָר דערפאַר, ווייל
אין איהם זעהען זיי די יסודות, וואָס אויף זיי מוז זיך בויען דער
נייער, קומענדיגער לעבען, און נאָר דערפאַר, ווייל אָט דאָס נייע און קו-
מענדיגע איז נאָך נישט קלאָר און נישט זיכער,—אָט די אַלע צאַצקען
זיך מיט דער פערגאַנגענהייט, כאָטש זיי וואָלטען גאָר נישט וועלען,
אַז זי זאָל אומגעקעהרט ווערען צוריק. זיי אַלע זענען ראָמאַנטיקער
קעגען זייער אייגענעם ווילען. זיי זענען געגליכען צו איינעם, וואָס
ליעבט אַ פרוי נאָר דערפאַר, וואָס געוויסע שטריכען פון איהר קערּ-
פער אָדער נשמה הערמאָנען איהר אָן דער, וואָס איז ווייט פון איהם
און נישט צו דערגרייכען. דער דאָזיגער ראָמאַנטיזם איז פונקט אַזוי
נישט גאַנץ און נישט זיכער, ווי דער יאַש-ראָמאַנטיזם פון די, וואָס
קעהרען זיך צו דער פערגאַנגענהייט, נאָר ווייל זיי האָט דערעסען
די געגענוואַרט.

אַזוי ווי יענער, איז אויך ער פול מיט סתירות און וואַקלע-
נישען, און קאָן ניט געבען קיין שטאָף פאַר אַ דראַמע, וואו דער
עיקר איז כאַראַקטער און אייגענהאַלטענקייט. ער איז פאַסיוו (אַזוי ווי
ווייטער׳ס סימא און אלכסנדר) — און אויך דערפאַר טויג ער נישט

פֿאַר אַ דראַמע. ער איז אָבער ווי אָנגעמאָסטען פֿאַר ליריק. „און דעם יודישען פּאָעט (דאָס מיינט ער נעווים דעם ליריקער) בעט איך, ער זאָל נעהמען די האַרבסט־האַרף און זינגען זאָל ער מיר וועגען אַן אַלטען פֿאָלק, וואָס בויגט זיך שוין פֿון אַלטקייט; זאָל ער זינגען וועגען דער אַלטער שול, וועלכע ווערט חרוב און וועגען דעם איין־איינציגען גרויסען רב, וואָס איז ערגיץ פֿערבליבען; זאָל ער זינגען וועגען דעם, וואָס וועלקט, געהט אונטער און איז דאָך אַזוי שען"*. אויף דער דאָזיגער ראָמאַנטישער האַרף, אויף דער האַרבסט־האַרף, האָט געשפּיעלט דאָ ניט לאַנג פֿאַר אונז דוד איינהאָרן אין זיין זאַמלונג „מיינע ליעדער". אויך אַנדערע ליריקער שפּיעלען אויף אָט דער האַרף און בעזינגען אויף איהר די האַרבסט־שענקייט פֿון דער אונטערגעהענדיגער וועלט, וואו „גאָט געבענשטער פֿריעדען האָט געהערשט אין גאַס, אין יעדען הויז" —

„און קינדער האָבען זיך געשפּיעלט מיט זייערע פֿאָטערס לאַנגע בערד,
און איבער אַלטע ספרים זינגענדיג, און שטענדיג טיעף פֿערקלערט
געזעסען זענען טאָג ווי נאַכט פֿיעל עָהלע און יונגע לייט.
און מיידלעך האָבען תּפֿלין־זעקלעך איסגענייהט פֿון גאָלד און זייד.
און אַלע מיידלעך האָבען אייגעלעך געהאַט ווי שטערן ריין.
און אַלע זענען שעמעוודיג געווען, און גוט און ליעב און שען.
און אַלע האָבען זיי די מאַמעס זייערע האַרציג ליעב געהאַט,
און ווי אין פֿריהלינג בליהט די בלום אין פֿעלד און אויפ'ן בוים דאָס בלאַט,
אַזוי האָט רוהיג, פֿריעהליך איפגעבליהט אַ דור און נאָך אַ דור
און ווי גאָלדענע קייט געצויגען האָבען זיך פֿיעל הונדערט יאָהר"...**

אָט אַזוי ווערט דאָס, וואָס האָט נאָך דאָ ניט לאַנג געהייסען „פֿינסטערע געטאָ", געשילדערט, ווי עפּיס אַ זיסע, ליכטיגע אידיליע, און צום אַלטען, יודישען גאָט, וואָס איז שוין, דאַכט זיך, גאָר פֿערגעסען געוואָרען, ווערט געשיקט אַ הייסע, האַרציגע תּפֿלה:

* „די ליעבע פּראָווינץ" פֿון ש. גאָרעליק.

** מ. מ. האַלפּערן: „אין דער פֿרעמד", „שריפטען" באַנד II.

## די יודישע וועלט.

„... גרויסער גאָט פון מיין פאָטער! ענטפּלעק דיין געזיכט—

— — — — — — — —

— — — — — — — —

גרויסער גאָט פון ישראל! בעוויז זיך! בעוויז!״ *

אָט די „ראָמאַנטישע״ אויסגעשרייען, וואָס פילען איצט אָן די לפט פון דער יודישער ליטעראַטור, זענען, ווי מיר האָבען אין דער ערשטער העלפט פון אונזער היינטיגען בריעף געזעהן, ניט די צוקונפטס־טענדענץ פון דער יודישער ליטעראַטור (איהר צוקונפטס־טענדענץ איז די טענדענץ פון דער קלאַסיק, ניט פון דער ראָמאַנטיק), נאָר דאָס איז די טענדענץ פון דער איצטיגער איבערגאַנגס־צייט. איצט זענען נאָך פאַראַן אַסך, וואָס ווייל די נייע פעסטע נאַציאָנאַלע פאָרמען, צו וועלכע זיי שטרעבען, זענען נאָך נישט בעשאַפען געוואָרען, קוקען זיי מיט ליעבע און בענקשאַפט אויף די אַלטע, אויף די, וואָס האָבען עקסיסטירט דאַן, ווען דער יודישער יחיד איז נאָך אינגאַנצען געווען איינגעשלאָסען אין כלל. בענקענדיג נאָך יענער צייט, פערגעסען זיי זייער אייגענע עלענדקייט און אָבגעריסענקייט און בעהעפטען זיך כאָטש אין די געדאַנקען מיט׳ן כלל ישראל, מיט זיין גאָט און זיין אייביגקייט....

מיר האָבען געזאָגט, אַז דער דאָזיגער איינוועבען זיך פון דער יודישער ליטעראַטור אין דעם כלל־געוועב האָט מעגליך געמאַכט די שאַפונג פון אַראָמאַן. אין אונזערע ווייטערדיגע בריעף וועלען מיר זעהן, ווי אַזוי אָט דער כלל־געוועב, זיין רייסען זיך און זיין אויסברייטען זיך, האָט זיך אָבגעשפּיגעלט אין די ראָמאַנען, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען די לעצטע צייט.

* י. שווארץ: „פון דער טיפעניש״ דאָרט.

ש. רודניאַנסקי.

# די עקספערימענטעלע פסיכאָלאָגיע און דאָס פראַקטישע לעבען.

גאַנץ בעשיידען איז געווען דער אָנהויב פון דער נייער וויסענשאַפט. נאָך מיט 30 יאָהר צוריק איז זי געווען מעהר ניט ווי אַ הילפס־מיטעל צו דער פיזיאָלאָגיע פון מענשליכען קערפער, אַ טייל פון דער לעהרע, וואָס גיט זיך אָב מיט די פונקציעס פון מענשליכען מאַרך. גערופען האָט מען זי דאַן „פיזיאָלאָגישע פסיכאָלאָגיע" אָדער „די פיזיאָלאָגיע פון דער מענשליכער נשמה", אַזוי ווי ס'האָט געהייסען, צ. ב., די ווערק פון דעם בעקאַנטען פיזיאָלאָג אַלעקסאַנדער הערצען. ווילהעלם וואונדט האָט דער ערשטער אָנגעהויבען צו מאַכען ריין־פסיכאָלאָגישע פרובענישען מיט אינסטרומענטען, וואָס זענען דערצו געווען בעשטימט און וואָס ער האָט זיי דאָס רוב אַליין געדאַרפט צוטראַכטען; מען האָט איהם געגעבען אַ קליין צימערל אין דער געביידע פון לייפציגער אוניווערסיטעט. פון דעם קליינעם צימערל איז מיט דער צייט געוואָרען אַ גאַנצע רייה פון „פערזוכס־קאַמערן", וואָס בילדען דעם היינטיגען וועלט־בעריהמטען פסיכאָלאָגישען אינסטיטוט אין לייפציג. אַזעלכע אינסטיטוטען און לאַבאָראַטאָריעס זענען איצט פאַרהאַן ביי אַלע גרעסערע אוניווערסיטעטען אין דייטשלאַנד, ווי אויך אין דער איבעריגער וועלט. בעזונדערס רייך אַיינגעאָרדענט זענען זיי אין אַמעריקע, וואו די געזעלשאַפטליכע איניציאַטיווע קאָן זיך מעהר אַרויסווייזען, ווי אין דער „אַלטער וועלט".

פון דער נייער וויסענשאַפט, וואָס לכתחילה איז זי געווען אַ מין אונטערשטער צווייג פון דער אַלגעמיינער פיזיאָלאָגיע, האָבען זיך מיט דער צייט ענטוויקעלט נייע פאָרשונגס־געביטען: די קאָלעקטיווע אָדער סאָציאַלע פסיכאָלאָגיע, די פעדאַגאָגישע פסיכאָלאָגיע אָדער עקספערימענטעלע פעדאַגאָגיק, צום סוף, — אין די לעצטע יאָהרען — די פסיכאָאַנאַליטיק. שוין די נעמען גופא ווייזען אונז, ווי ברייט עס איז געוואָרען דאָס פעלד פון דער עקספערימענטעלער פסיכאָלאָגיע און איהר השפעה אויף די אַנדערע צווייגען פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג: אויף דער סאָציאָלאָגיע, אַנטראָפּאָלאָגיע, געשיכטע און רעכט־וויסענשאַפט (קאָלעקטיווע פסיכאָלאָגיע), די ערציהונגס־לעהרע (פעדאַגאָגישע פסיכאָלאָגיע, קינדער־פסיכאָלאָגיע), מעדיצין (פסיכאָאַנאַליטיק). די שייכות, וואָס איז פאַרהאַן צווישען

דער פּסיכאָלאָגיע און דער פּעדאַגאָגיק אָדער סאָציאָלאָגיע, איז יעדען מעהר אָדער וועניגער פערשטענדליך. וואָס פאַר אַ שייכות אָבער האָט די עקספּערימענטעלע פּסיכאָלאָגיע צו דער רעכט־וויסענשאַפט? לאָזט זיך אויס, אַז פאַר'ן ריכטער ביים בעטראַכטען אַ פּראָצעס האָט דער דאָזיגער וויסענשאַפטס־צווייג אַ גרויסע בעדייטונג. די זעהר וויכטיגע אויספאָרשונגען פון דעם ברעסלויער פּראָפעסאָר ווילויאַם שטערן האָבען אַרויסגעוויזען, אַז מען קאָן זיך ניט פערלאָזען אינגאַנצען אויפ'ן „זיכערסטען" עדות־זאָגען. וואָרום דאָס, וואָס די עדות זאָגען אויס, איז, ביי זייער בעסטען ווילען און פולער עהרליכקייט, לחלוטין ניט דער „ריינער" אמת, לחלוטין ניט דער בלויזער פאַקט.

ביז אַהער האָט מען געמיינט — און די וויסענשאַפטליכע פאָרשער זענען תמיד מעהר אָדער וועניגער בעוואוסטזיניג אַרויסגעגאַנגען פון אָט דער הנחה — אַז דער מענש פערמאָגט בטבע די פעהיגקייט אָביעקטיוו צו קאָנסטאַטירען די געשעהענישען, וואָס קומען פאָר אין זיין סביבה און וואָס ווירקען אויף איהם, אַז ער קאָן פּונקט ריכטיג איבערגעבען די איבערלעבונגען, וואָס ווערען ביי איהם אַרויסגערופען דורך דעם אַרום. מען איז געווען אַפילו זיכער, אַז דאָס איז די פּשוט'סטע, די אַלגעמיינסטע פאָרם, אין וועלכער מיר רעאַגירען אויף די איינדרוקען, וואָס מיר בעקומען פון דער אַרומיגער וועלט. ס'הייסט, אַלזאָ, אַז שוין דאָס קינד, שוין דער פּרימיטיווער „ווילדער" מענש קאָנסטאַטירט „אָביעקטיוו" די פאַקטען, וואָס געשעהען אין זיין סביבה. מיט אַ פּאָר יאָהר צוריק איז אָבער אַרויס די גרינדליכע אַרבייט פון לעווי־בריל „וועגען די גייסטיגע פונקציעס ביי די פּרימיטיווע געזעלשאַפטען" (Levi-Brühl, „Les fonctions mentales dans les sociétés inférieures"), וואו דער מחבר האָט גלענצענד בעוויזען, אַז דער פּרימיטיווער מענש איז ניט ביכולת אויפצונעמען די פאַקטען, פּונקט אַזוי ווי זיי געשעהען, אַז ביי איהם קאָן קיין רייד ניט זיין וועגען ריין־טעאָרעטישע פאָרשטעלונגען. צו דיזעלביגע רעזולטאַטען זענען אויך געקומען אַנדערע עטנאָלאָגען. די קינדער־פּסיכאָלאָגיע האָט, פון איהר זייט, בעוויזען, אַז די „קליינע מענשען" זענען גאָרניט אַזוי אינטעלעקטואַליסטיש, ווי מען האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז זיי זענען נאָך ניט אין שטאַנד צו בילדען קלאָרע, שאַרף אָבגעגרעניצטע בעגריפען, און בכן קאָנען זיי אויך ניט „ריין־אָביעקטיוו" קאָנסטאַטירען די געשעהענישען פון זייער קליין וועלטיל אַלס פאַקטען. נאָר ווער רעדט איצט וועגען ווילדע און קינדער, אַז אַפילו די דערוואַקסענע ציוויליזירטע און אָפטמאָל אמת־אינטעליגענטע מענשען, בשעת זיי טרעטען אַרויס ווי עדות, גיבען זיי ניט איבער ריין

אָביעקטיוו די „פאַקטען“, און מען קאָן זיכער זאָגען, אַז ווען זיי גיבען איבער דאָס, וואָס זיי האָבען געזעהן און געהערט אין אַ סוביעקטיווער, פּערזענליכער פאַרבונג, איז עס על פּי רוב גאָר אָהן קיין שום זייטיגער כונה, אָהן קיין שום בעוואוסטזיין אַפילו; פּשוט, אונזער גייסט איז בטבע אין אַ געוויסער מאָס קאָנסערוואַטיוו: דאָס אומגעוועהנליכע, דאָס נייע איז איהם שווערער משיג צו זיין, ווי דאָס וואָהרשיינליכע. דאָס לעצטע קאָנען מיר גלייך „אַסימילירען“ און אונטערוואַרפען אונטער אַ געוויסער רובריק, אָנקלעפּענדיג דערויף די געהעריגע אַלטע עטיקעטקע. דערפאַר ווערט דאָס אמת׳ע, דאָס וואָהרע ביי די עדות לייכט פערטונקעלט און פערדעקט דורך דאָס וואָהרשיינליכע.

פּראָפעסאָר קלאַפּאַרעד האָט געמאַכט אין דעם פּרט זעהר אַן אינטערעסאַנטע ערפאַהרונג מיט זיינע סטודענטען. בשעת דער פאָרלעזונג איז פּלוצים אַריינגעלאָפען אין דער אודיטאָריע אַן אומבעקאַנטער מענש און אָנגעפאַלען אויף דעם פּראָפעסאָר. מען האָט איהם געוואָלט פערהאַלטען, עס האָט זיך איהם אָבער איינגעגעבען צו אַנטלויפען. די גאַנצע זאַך איז, נאַטירליך, געווען נאָך פריהער אָבגערעדט. די סטודענטען האָבען אָבער דערפון גאָרנישט געוואוסט, און בשעת מען האָט זיי אויסגעפאָרשט אַלס עדות פון דער משונה׳דיגער געשעהעניש, האָט יעדער אַנדערש בעשריבען הן דעם „אַטענטאַט“, הן דעם „פערברעכער“ גופא. און מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז דער אינצידענט איז פאָרגעקומען אין מיטען העלען טאָג, און געדויערט האָט ער אייניגע מינוטען, און אַחוץ דעם זענען דאָך אייניגע סטודענטען געווען די אַקטיווע אָנטיילנעמער — זיי האָבען זיך געוואָרפען אויף דעם מכלומר׳שטען „פערברעכער“ — און דוקא זיי האָבען זיך זעהר שאַרף סותר געווען אין זייער עדות=זאָגען. עס איז איבעריג צו דערמאָנען, וואָס פאַר אַ בעדייטונג עס האָבען אַזעלכע ערפאַהרונגען פאַר דער פּראַקטישער געריכטס=פּראָצעדור; עס ווייזט זיך אַרויס, אַז צום „זיכערסטען“ עדות=זאָגען מוז מען זיך בעציהען מיט דער שטרענגסטער פאָרזיכטיגקייט.

דער צוזאַמענהאַנג צווישען די פּסיכאָלאָגישע פאָרשונגען אין פערשיידענע געביטען פון דעם פּראַקטישען לעבען האָט ניט לאַנג געבראַכט געוויסע אינטעליגענטע קרייזען אין דייטשלאַנד צום וויכטיגען געדאַנק וועגען שאַפען אַ ספּעציעלען פאַך פון אַ פּראַקטישען פּסיכאָלאָג. דער עיקר דאַרף זיין ביי אַזאַ פּסיכאָלאָג — פּונקט ווי ביי דעם פּראַקטיצירענדיגען מעדיקער — ניט די פאָרשונג, הגם ער

מוז האָבען אַ גרינדליכע צוגרייטונג, הגם ער מוז זיך אויסלערנען גענוי צו בעאָבאַכטען, תופס צו זיין קלאָר די פֿאַקטען. דאָס וויכטיגסטע איז אָבער ביי איהם ניט פֿערמעהרען די וויסענשאַפֿט, נאָר אָנווענדען זי אין פֿערשיידענע פֿאַלען פֿונ'ם פּראַקטישען לעבען. שטיצענדיג זיך אויף זיינע קענטעניסען, דאַרף דער „פּראַקטישער פּסיכאָלאָג" אַריינמישען זיך אין דעם גאַנג פֿון די לעבענס־געשעהעניסען, ער דאַרף אַריינברענגען איינהייט און פֿעסטקייט אין דעם ווילען פֿון דעם „געזעלשאַפֿטליכען מענשען". פּשוט'ער גערעדט, ער דאַרף אין געוויסע פֿאַלען פֿערנעמען דעם אָרט פֿון דעם נערווען־דאָקטאָר — דאָרט, וואו עס האַנדעלט זיך וועגען קאָמפּליצירטע ווירקונגען פֿון דער אַרומיגער סביבה אויף די „נערוועזע מענשען", „ניט פֿערשטאַנענע", די „אומגעלומפּערטע".

אַ מאָדערנע זאַך: דיזעלביגע דאָקטוירים, וואָס ווילען שטאַרק ניט ליידען יעדע ניט־דיפּלאָמירטע מעדיצינישע טעטיגקייט, מישען זיך אָפּטמאָלס אַריין אין אַזוינע געביטען, וועלכע פֿאָדערן געוויסע ריין־פּסיכאָלאָגישע צוגרייטונג. עס טרעפֿט אַמאָל, אַז אַ דאָקטאָר מעדיצין פֿערמאָגט שוין בטבע פּסיכאָלאָגישע כשרונות, נאָר פֿערלאָזען זיך אויף די צופֿעליגקייטען טאָר מען ניט, און ניט אומזיסט פֿאָדערן איצט פֿיעל אָנגעזעהענע געלעהרטע, אַז יעדער מעדיקער זאָל פֿערמאָגען עלעמענטאַרע פּסיכאָלאָגישע בילדונג. און מיר זעהען שוין אין דער לעצטער צייט, אַז אין דער פּסיכאָלאָגישער לאַבאָראַטאָריע פֿון פּראָפֿ. קילפּע אין באָן, וועלכער איז גלייכצייטיג פֿילאָזאָף, פּסיכאָלאָג און מעדיקער — אַזוי ווי וואונדט — אַרבייטען אייניגע יונגע מעדיקער. מען קאָן אויך אָנווייזען דעם טיעפֿסטען און אינטעליגענטסטען פֿון די מאָדערנע נעווראָלאָגען אין דייטשלאַנד, ליפּמאַנ'ען, וועלכער פֿערמאָגט גרינדליכע פּסיכאָלאָגישע בילדונג: אַלס פּסיכאָלאָג האָט ער זיך „דאָקטאָריזירט" ביי וואונדט'ען.

עס איז כדאי צו בעמערקען, אַז אויך אין דעם פּרט האָט די „נייע וועלט" זיך פֿריהער גענומען צו דער אַרבייט, ווי די אַלטע. אין דער אַלטער אייראָפּע חקירה'ט מען זיך נאָך אַלץ, מען „בעשרייבט" די צוקינפֿטיגע אויפֿגאַבען פֿון די צוקינפֿטיגע „פּראַקטישע פּסיכאָלאָגען" — אין אַמעריקע האָט מען נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק פֿערווירקליכט דעם דאָזיגען וויכטיגען געדאַנק. איינער פֿון די בעסטע מאָדערנע אַמעריקאַנישע פּסיכאָלאָגען, פּראָפֿ. הוגאָ מינסטערבערג, בעשרייבט אין זיין ווערק „פּסיכאָלאָגיע און ווירטשאַפֿטליכעס לעבען" דעם באָסטאָנער „בערופֿס־ביוראָ", וואָס עקסיסטירט שוין זינט אייניגע יאָהרען. די אויפֿגאַבע פֿון דעם דאָזיגען „ביוראָ" איז, פֿון איין זייט, אַ פּסיכאָלאָגישע, פֿון דער אַנדערער — אַ סאָציאַלע. די פּראַקטישע, אינדיווידועלע פּסיכאָ־

לאָגען, וואָס אַרבייטען דאָרט, העלפען די עלטערן ביים בעשטימען די הויפּט-נייגונג, וואָס זייערע קינדער האָבען צו אַ געוויסער פּראָפעסיע, בעת זיי דערגרייכען דעם אַזוי אָנגערופענעם „קריטישען“ עלטער, בעת זיי הויבען אָן פרייער צו דענקען. די יונגע-לייט ווידער, וואָס ווילען אָנווענדען זייערע כּחות דאָרט, וואו מען נויטיגט זיך אין זיי, קאָנען אין דעם ביוראָ אָנפרעגען זיך ביי די סטאַטיסטיקער-בעאַמטע, וואָס ווייזען זיי אָן די פאַכען, וואו דער בעדאַרף איז נאָך ניט אינגאַנצען געדעקט. — דאָס איז, אַלזאָ, די סאָציאַלע זייט פון דער אַרבייט.

פערשטעהט זיך, אַז אין דער היינטיגער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט וועט אַזאַ איינריכטונג — זי זאָל אַפילו בעשטעהן פון די גרעסטע פּסיכאָלאָגען, עקאָנאָמיסטען און סטאַטיסטיקער — ניט פאָראויסזעהן געניי די בעדערפענישען, דעם אַלגעמיינעם צושטאַנד פון דעם נאַציאָנאַלען מאַרק, — וועגען אַלוועלטליכען איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען, אין יעדער נאַציאָנאַלער מאַרק איז דאָך בלויז אַ גליד פון דעם אַלוועלטליכען, אינטערנאַציאָנאַלען ווירטשאַפטליכען אָרגאַניזם. די אַרבייטער, וואָס עס קומט זיי אויס דאָס רוב אויסצוקלייבען זיך דווקא אַזאַ פאַך, וואָס שטימט ניט לחלוטין מיט זייערע נייגונגען, קאָנען, נאַטירליך, וועניג געניסען פון „פּסיכאָלאָגיש-סטאַטיסטישען ביוראָ“. מעהר נוצען האָבען פון איהם די בירגערליכע קרייזען, דעם גרעסטען אָבער דערווייל — די וויסענשאַפט. ערשט ביים גרינדליכען אומבייט פון די סאָציאַלע בעציהונגען, ביי דער פעסטער הערשאַפט פון דער מענשליכער געזעלשאַפט איבער די געזעצען פון איהר מאַטעריעלען קיום — ערשט דאַן קאָן די אַרבייט פון אַזאַ איינריכטונג אַרויסווייזען זיך פרוכטבאַר פאַר דער גאַנצער וואַקסענדיגער יוגענד. דער באָסטאָנער ביוראָ האָט אָבער שוין איצט געוויזען דעם וועג, ווי אַזוי איינצואָרדענען, איינצוגלידערן אין דעם גרויסען קאָלעקטיווען אַרבייטס-אָרגאַניזם די יונגע מענשליכע כּחות, ווייזענדיג זיי די רעכטע אָנווענדונג און רעכענענדיג זיך דערביי מיט זייער אייגענטימליכען כאַראַקטער.

מיר זעהען אויף אַזאַ אופן די ברייטע אויסזיכטען, וואָס עפענען זיך פאַר דער עקספּערימענטעלער פּסיכאָלאָגיע. פון דעם איינזאַמען קעמערל איז זי אַרויס אין דער פרייער וועלט, עס האָט זי מיטגעריסען מיט זיך דער מעכטיגער שטראָם פונ׳ם לעבען. מיר האָבען זי דערווייל געזעהן ווירקען אין אויסווייניגסטען לעבען, אין די צווישענמענשליכע בעציהונגען. וואָס האָט די פּסיכאָלאָגיע אין דער לעצטער צייט אַנטפּלעקט אין דעם פערבעהאַלטענעם אָבגרונד פון אונזער בעוואוסטזיין, ווי טיעף האָט די אַריינגעקוקט אונטער זיין שוועל — דעם אַן אַנדערש מאָל.

יעקב לעשצינסקי.

# פראגען פון יודישען עקאנאמישען לעבען.

I

איידער מיר וועלען אָנהויבען אונזערע שמועסען מכח דער איצטיגער עקאָנאָמישער לאַגע פון יודען, מכח אונזערע עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס און זייערע אויפטוען און וועגען די אויפגאַבען, וואָס שטעהען אונז פאָר אויף דעם דאָזיגען געביט, איז כדאי צו געבען אַן איבערבליק אויף דעם עקאָנאָמישען פּראָצעס, וואָס מיר האָבען דורכגעמאַכט פאַר'ן לעצטען יאָהרהונדערט. שוין אָט דער קורצער איבערבליק וועט אונז ווייזען, ווי ווייט מיר זענען אַוועק פון אונזערע אבות, וואוהין מיר געהען און וואוהין מיר מוזען געהן.

דער לעצטער יאָהרהונדערט איז די צייט פון די שטאַרקסטע און טיעפסטע שינוים אין אַלע ספערען פונ'ם יודישען לעבען. אַליץ, לחלוטין אַליץ, האָט זיך איבערגעאַנדערשט, איבערגעבויט, בעקומען גאָר אַ נייעם פנים — דער סאָציאַלער בוי פון פאָלק און די קלאַסען־ און שטאַנדען־פערהעלטענישען, די פּאָליטישע וואָג און ווערדע פון פאָלק און זיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, דער אינעווייניגסטער אינהאַלט און די אויסווייניגסטע פאָרם פון דער יודישער קולטור. מען קאָן זיכער זאָגען, אַז דער נייצעהנטער יאָהרהונדערט איז די צייט, ווען עס האָבען זיך צוגעגרייט יענע אַלע וויכטיגע סאָציאַל־עקאָנאָמישע און קולטורעל־פּאָליטישע געשעהענישען, וועלכע האָבען אונז געגעבען צום סוף פון פאָריגען און אין אָנהויב פונ'ם איצטיגען יאָהרהונדערט אַזאַ רייכען סכום פון סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטורעלע בעוועגונגען און שטרעמונגען, אידעען און אידעאַלען, — יענע אידעען און אידעאַלען, וואָס ווערען איצט איבערגעלאָכט פון געפאַלענע „גדולים" און חוצפה'דיגע „קטנים", און וואָס אַדאַנק זיי איז דאָס יודישע לעבען דאָך בענייט און אָבגעפרישט געוואָרען.

דאָס לעבען — דאָס איז שטענדיגע בעוועגונג. פון יודישען לעבען אין גלות ביז'ן נייצעהנטען יאָהרהונדערט, קאָן מען דאָס קוים זאָגען. ניט, פערשטעהט זיך, אין געאָגראַפישען זין — געאָגראַפיש האָבען מיר זיך ב"ה „בעוועגט", שוין צופיעל און צו אָפט „בעוועגט". בנוגע אָבער צו דער אינעווייניגסטער סאָציאַלער סטרוקטור פונ'ם יודישען נאַציאָנאַלען קערפער איז דאָס יודישע לעבען פיעל הונדערטער יאָהרען געבליבען ווי פערגליווערט, פערשטיינערט.

וועגען יודישען קולטורעלען לעבען אין דער ערשטער העלפט

פֿונ'ם 19־טען יאָהרהונדערט — און אויך וועגען אַ סך פֿריהערדיגע הונדערטער יאָהרען — קאָן מען זאָגען די ווערטער, וואָס ר' מענדעלי האָט איך זיין שטייגער געשריבען: „מיר זענען אַ עדה פֿון מילבען, וואָס ווי איינע, אַזוי די אַנדערע, אַלע גלייך“. דאָס איז געווען אָבער אַן אמת ניט נאָר בנוגע צו אונזער קולטור־לעבען, וואָס איז געווען ווי פֿון איין שניט, אויף איין נוסח; דאָס אייגענע קאָן מען זאָגען אויך וועגען דעם חומר, דעם מאַטעריעלען לעבען פֿון יידישען פֿאָלק. מענדעלי דערצעהלט ווייטער, אַז „דאָס גאַנצע פֿאָלק יידען“ האָט געמוזט אין אַ געוויסער שעה „עסען פֿיש, לאָקשען און צימעס“, און ווען איינער האָט אָנגעהויבען „זאָגען כל מקדש“ אָדער שרייען „חי וקים“ אין בערדיטשעוו, האָט זיך דערהערט אייגענער ניגון און דער אייגענער קול געהערט אויך „אין עק וועלט“ — דער דאָזיגער גלענצענדער בילד פֿון אונזער ניט־לאַנגאָנעדיגער קולטורעלער אָרימקייט און גרויקייט קאָן זעהר און זעהר גוט אָנגעמאָסטען ווערען אויך צום דעמאָלטיגען יואָכעדיגען לעבען פֿון דעם יידישען פֿאָלק.

אמת, ס'זענען געווען אויך אין יענער צייט, אין אָנהויב פֿון 19־טען יאָהרהונדערט, רייכע און אָרימע יידען: אַ רייכער הענדלער, וואָס איז געפאָהרען קיין לייפּציג אויפ'ן יריד, און אַן אָרימער קרעמער, וואָס האָט געמוזט קויפען סחורה אויפ'ן אָרט; אַ רייכער אַרענדאַר און אַן אָרימער אַרענדאַר; אַ שענקער אַ קבצן און אַ שענקער אַן עושר און אויך אַ רב, צי אַ דיין — אַ רייכערער אָדער אַ געמיינערער, — אַלע צוזאַמען, ווען מען זאָל ניט רעכענען דעם הייפעל בעלי־מלאכות, זענען געווען אָבער אַ פֿערמיטלער־און בייט־פֿאָלק, אַ פֿאָלק פֿון איין סאָציאַלען שטאַנד, פֿון איין סאָציאַלען קלאַס כמעט, אַ יריד־און שענק־פֿאָלק. דאָס איז געווען אַ בן־יחיד ערשיינונג אין דער נעשיכטע פֿון דער גאַנצער מענשהייט — אַ גאַנץ פֿאָלק, וואָס איז איין שטאַנד און איין קלאַס. און אַז מענדעלי זאָגט, אַז „אַ ייד אויף אַ יריד איז ווי אַ פֿישעלע אין וואַסער“, איז ער כולל אַלע טיילען, אַלע גרופּעס פֿון דעמאָלטיגען יודישען קבוץ. וואָרום סוף כל סוף האָט אַפֿילו דער רב געהאַט אַ קראָם אָדער אַ שענק, וואו די אשת חיל האָט געהאַט פּרנסה; און אַז יעדער אַרענדאַר כמעט האָט אויך געהאַט אַ קראָם און אַז יעדער קרעמער איז געווען אַ שטיק אַרענדאַר אָדער שענקער, פֿערשטעהט מען דער־צעהלען. און בעצם איז צווישען די ביידע הויפּט־פּרנסות פֿון דער אַמאָליגער יודישער עדה קיין גרויסער חילוק ניט געווען: סיי אין דער אַרענדע און שענקעריי, סיי אין דער קרעמעריי איז דער בייט, דער פֿער־

# די יודישע וועלט.

מיטלען צווישען אנדערע — דאס כאראקטעריסטישטע; דער יריד האט געהערשט אין ביידע.

ס'זענען געווען דעמאלט סאציאלע פערשיידענהייטען; ס'האט געפעהלט אבער די סאציאלע דיפערענצירטקייט, דער טרייבענדער כח אין דער געשיכטע פון יעדען פאלק. און אויך די דאזיגע פערשיידענהייטען זענען געווען ניט קיין דורות־לאנגע, ניט אזעלכע, וואס, איבערגעהענדיג בירושה, דיפערענצירען זיי אפילו איינעם און דעמזעלבען קלאס און צעשפאלטען איהם אין פערשיידענע, אפט געגענזייטיגע טיילען. די איבערגאנגען פון רייך צו ארים, און אויך פערקעהרט, זענען אויף דער יודישער גאס געווען צו אפטע און צו פלוצלונגדיגע, אז ס'זאל זיך קאנען פון דער מאטעריעלער פערשיידענקייט ארויסבילדען א סאציאלע דיפערענצירטקייט. בנוגע צו דער אויסווייניגסטער וועלט זענען אלע יודען צוזאמען דעריבער געווען ניט נור א באזונדערע עטנישע און רעליגיעזע איינהייט, נאר אויך א סאציאלע איינהייט, א קלאסען־איינהייט. אסימילירען זיך — איז ניט געווען מיט וועמען: דער פריץ איז געזעסען צו הויך, דער פויער — צו נידעריג; דער יוד איז געשטאנען אין מיטען, צווישען צוויי אנדערע קלאסען. דער יוד האט געהאט געשעפטען מיט ביידע — אבער נאר געשעפטען. אסימילאציע איז דארט לייכט, וואו ביידע צדדים געהערען צו איין און דערזעלביגער סאציאלער גרופע. די יודען און די ארומיגע בעפעלקערונג האבען געהערט צו פערשיידענע סאציאלע גרופעס. האט געפעהלט דעריבער יעדע נאהענטע מאסען־בעריהרונג מיט דער ארומיגער וועלט, מיט דער ארומיגער קולטור, סיי מיט דער הויכער, מיט דער פריצישער, סיי מיט דער פרימיטיווער — דער פויערשער. יחידים, וואס פלעגען צופעליג א נאש טאן פון פרעמדען עץ־הדעת, פלעגען פער'שכור'ט ווערען מעהר פון דער נייקייט און אנדערשקייט פון דער פרעמדער קולטור, ווי פון איהר אמת'ען אינהאלט אדער ווערט. דאס לעבען צווישען אנדערע און ניט מיט אנדערע האט איזאלירט אלע יודען פון די ארומיגע און האט צוזאמענגעשמידט די צעבראקעלטע אברים פון צעווארפענעם און צעשאטענעם פאלק; אבער דער אפהענגיג זיין פון די דאזיגע אנדערע, דער שטעהן צווישען, ד. ה. דער בייט־כאראקטער פון יודישען סאציאלען זיין, האבען געמאכט דעם צוזאמענלעבען פרוכטלאז און בלוטלאז. דער איזאלירונגס־מאמענט איז געווען גענוג אויף קאנסערווירען דאס אלטע, דאס מיטגעבראכטע; דער צוזאמענלעבען אבער פון

גליבע איברים האָט ניט צוגעגעבן קיין זאַפט גענוג איך צו געבוירען עפּיס נייעס, איך צו שאַפען זעלבשטענדיג.

קאָנסערווירט מען אָבער אָבגעלעבטע זאַכען, קלויבט מען אָפּט ניט איבער צווישען גוט און שלעכט, שען און מיאוס, נוצליך און שעדליך — און דאָס יודישע פאָלק איז אַריינגעטרעטען אין׳ם נײַנצעהנטען יאָהרהונדערט מיט אַ שווערער ירושה, וואָס האָט געהאַט גאָרניט קיין גוטע ווירקונג אויף אונזער ווייטערדיגער ענטוויקלונג, מיט אַ ירושה, וואָס וועט נאָך דורות־לאַנג אונז דריקען צו דער ערד... צום בעדויערן, קאָנען מיר זיך דאָ אויף דער דאָזיגער ערנסטער פראַגע באריכות ניט אָבשטעלען. ס׳איז אָבער גענוג צו דערמאָנען דעם אָהן־סוף׳יגען יאוש, וואָס נאָך עד היום טראָגען מיר זיך אַרום מיט איהם, ווי מיט אַ הויקער, וואָס מיט איהם זענען געווען דורכגעדרונגען אַלע ספרים און מעשים פון די בעסטע קינדער פון פאָלק אין יענער צייט, פון די ערשטע משכילים, אום צו פערשטעהן, ווי שרעקליך דער הויקער האָט אויסגעזעהן צוריק מיט הונדערט יאָהר.

לייענט מען די ספרים פון סאַמע ערשטען און סאַמע עדעלסטען רוסיש־יודישען משכיל, פון ריב״ל, כאַפּט ממש אָן אַ שוידער, אפילו ווען מיר זאָלען האַלטען, אַז ער האָט געבריכט צו שוואַרצע פאַרבען. טרויעריג און שרעקליך איז דער בילד, וואָס ריב״ל און אַנדערע גיבען, און טרויעריג און שרעקליך איז טאַקע געווען, ווי עס ווייזט, דאָס יודישע לעבען. אַ גרויסער טייל פון פאָלק האָט געלעבט פון אַרענדע און שענק, קליין־קרעמעריי און הויזירען, אַלץ אַזוינע פּרנסות, וואָס קאָנען ניט איבערקומען אָהן „אָבנאַרען און איבערנעמען“ („עול וחמס“ *) ; ניט קיין קלענערער חלק פון פאָלק לעבט פון „לעק“ און „שמעק“־פּרנסות, פון אַ „פּעקעלע“ אָדער סתם „פונ׳ם ווינט“ ; אַ קופּקעלע „פערשמאָדערטע“ נגידים לעבט פון אַ „קוויטעלע אויף אַ פּריץ“ אָדער פון די „גנבה׳שע טאַקסעלאַך“ ; און די פיהרער, די פּרנסים, זענען „גנבים, רוצחים, וואָס לעגען זיך נאָר, זיי זאָלען רייך ווערען פון אָרימע לייט ** ; וועגען די רבנים און אַלע איבעריגע כלי קודש, וואָס זענען געווען נאָר ניט וועניג: דיינים, שוחטים, חזנים, נאמנים, מנקרים, „אייניקלעך“ און נאָך און נאָך, אָהן אַ סוף, דערצעהלט אונז אַ רב פון יענער צייט, אַז זיי זענען געווען יד אחת מיט די שלעכטע פּאַסטוכער און האָבען פשוט די הויט געשונדען פון המון ***.

* ריב״ל „תעודה ישראל“ 9—178.

** ריב״ל „די הפקר־וועלט“.

*** זעה יהודה ליב מרגולית: „בית מדות“ דף מ״ב, „אור עולם“ הקדמה. געבראַכט

# די יודישע וועלט.

אַזוי איז געווען דאָס עקאָנאָמישע לעבען פון יודישען פאָלק צום אָנהויב פון פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט. די בעלי־מלאכות, וואָס האָבען דעמאָלט געבילדעט בערך 10 פראָצ. פון דער יודישער בעפעלקערונג, האָבען געהאַט אַזאַ קליינע ווירקונג אויפ'ן עפענטליכען יודישען לעבען, אַז זיי האָבען כמעט גאָר ניט אומגעביטען דעם בילד. זייער כח איז געווען אַזוי קליין, אַז אין 18־טען יאָהרהונדערט האָט מען זיי כמעט אין אַלע קהלות אויסגעשלאָסען פון די וואַהלען צום קהל. וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַ גאַנץ גרויסע יודישע און עקאָנאָמישע מאַכט אין יודישען לעבען*, און צו דער צייט, וואָס מיר רעדען וועגען איהר, איז די לאַגע נאָך ניט אומגעביטען געוואָרען. גיט מען נאָך צו, אַז אין תחום איז געווען אַזאַ גייסטיגע שטאָק־פינסטערניש, אַז אַלץ, וואָס האָט נאָר געפרובט זיך אויפכאַפּען, פלעגט דערשטיקט ווערען אויפ'ן אָרט אָדער נאָר אינגאַנצען אַרויסגעשטויסען ווערען פון דער יודישער גאַס**; אַז די גאַנצע יודישע פּאָליטיק איז דעמאָלט געפיהרט געוואָרען פון דריי פעטערבורגער שתדלנים, וואָס צוויי פון זיי האָבען זיך גע'שמד'ט*** — שטעלען מיר זיך אויף אַ רגע פאַר דעם דאָזיגען בילד פון עקאָנאָמישען דלות, קולטורעלען חושך און פּאָליטישער נישטינקייט פון דעמאָלטיגען יודישען לעבען — וועלען מיר אַ סך גרינגער פערשטעהן דעם נאַציאָנאַלען יאוש פון די משכילים, וואָס מיר האָבען שוין איבען דערמאָנט. דער דאָזיגער נאַציאָנאַלער יאוש האָט געהאַט, צום אומגליק, אַ טיעפען גרונד אין דער טרויעריגער, צו טרויעריגער יודישער ווירקליכקייט, אין דער אוממעגליכקייט צו האָפען אויף עפּיס מצד די עלעמענטען, וואָס פון זיי איז דאָס יודישע פאָלק דאַן בעשטאַנען.

II

די אַלע נייע סאָציאַלע ערשיינונגען, וואָס אין ערשטען פערטיל פון 19־טען יאָהרהונדערט זענען זיי געווען קיים צו בעמערקען און

פון בן־ציון כ"ץ „תולדות השכלת היהודים ברוסיא", „הזמן", תרס"ג, פרק ראשון, ז. 97—100

* זעה בערשאדסקי, די ליטווישע יודען (רוסיש).

** זעה די לעבענס־בעשרייבונג פון שלמה מיימון. דער דאָזיגער בילד פון שרעקליכער מאַטעריעלער אָרימקייט און דערשלאָגענקייט און ניט וועניגער שרעקליכער קולטורעלער פינסטערקייט פון יודישען לעבען אין סוף פון 18־טען יאָהרהונדערט פאַסט ניט וועניגער פאַר'ן אָנהויב פונ'ם 19־טען.

*** העסען, „די יודען אין רוסלאַנד" ז. 139 (רוסיש).

אין זיין לעצטען פּערטיל האָבען זיי זיך אַרויסגעוויזען אין זייער גאַנ-
צער קראַפֿט, האָבען צו די 60-ער יאָהרען געהאַט שוין אָנגענומען
גענוג בעשטימטע און בולט'ע פֿאָרמען. אונטער די נייע ערשיינונגען פֿער-
שטעהען מיר דעם וואוקס פֿון יודישע האַנדווערקער און אַנדערע אַר-
בייטענדע עלעמענטען, ווי פּשוט'ע אַרבייטער, משרתים און אָנגעשטעלטע,
די דיפֿערענצירונג פֿון יודישען האַנדעל און מלאכה, די קאָנצענטרירונג
אין די גרויסע שטעדט פֿון ברייטע יודישע מאַסען און די אויסוואַנדע-
רונג קיין אַמעריקע. די דאָזיגע אַלע ערשיינונגען האָבען שוין דעמאָלט,
אין די 60-ער יאָהרען, גענומען רעדען קלאָרע דבורים און הייזען זייער
כח אין רעפֿאָרמירען און בעניייען דאָס יודישע לעבען, און בעפֿרייען
און בעפֿרישען דעם אַלטען פֿערוויאַנעטען בוים. זיי אַלע זענען קינדער
פֿון איין מאַמען — פֿון דער גרויסער איבערבעפֿעלקערונג, וואָס האָט
דערגרייכט אין יודישען תּחום די העכסטע מדרגה. די איבערבעפֿעלקערונג
אין יודישען תּחום איז געווען אָבער נאָר די וויכטיגסטע, ניט די איינ-
ציגע סיבה פֿון די אַלע אויסגערעכענטע ערשיינונגען.

אין דער אַרומיגער וועלט זענען פֿאָרגעקומען דאַן טיעפֿע און וויכ-
טיגע שינוים. די בעפֿרייאונג פֿון די פּויערים, דער בויען פֿון די אַייזענבאַה-
נען און די ליבעראַלע פּאָליטיק האָבען געגעבען אַ שטויס פֿאָראויס דאָס לעבען
פֿון גאַנץ רוסלאַנד. דער אינעווייניגסטער מאַרק איז שטאַרק אויסגעוואַק-
סען און האָט געשאַפֿען בעסערע מעגליכקייטען און אויסזיכטען פֿאַר
האַנדעל, מלאכה און אינדוסטריע; דער עקספּאָרט פֿון תּבֿואה און אַנ-
דערע אַגראַר-פּראָדוקטען האָט געשווינד אַ וואַקס געטאָן און האָט גע-
בראַכט פֿריש געלד אין בעפֿרייטען לאַנד, און דאָס האָט שטאַרק מיט-
געהאָלפֿען צו דער פֿערשפּרייטונג פֿון פֿאַבריקאַציע און האַנדעל. דאָס
האָט געהאַט אַ פּאָזיטיווע ווירקונג אויפֿ'ן יודישען לעבען, — די יודען
האָבען זיך בעטייליגט, און טאַקע נאָר אין אַ גרויסער מאָס, אי אינ'ם
אויסגעוואַקסענעם עקספּאָרט פֿון תּבֿואה, אי אינ'ם פֿיבערדיגען בויען פֿון
נייע אַייזענבאַהנען, אי אינ'ם ניט ווייניגער פֿיבערדיגען גרינדען פֿון בענק
און אויך אין דער אויפֿגעלעבטער און פֿון ס'ניי-אויפֿגעקומענער אינ-
דוסטריע, אמת, צוערשט נאָר, ווי אונטערנעמערס, ווי אָרגאַניזאַטאָרס. די
אַמאָליגע „פֿערשמאָדערטע“ נגידים, אַן אַרענדאַר, אַ פּאָדריאַדטשיק, אַ
ביסעל אַ רייכערער קרעמער און אַפֿילו געוועזענע אָרימע ישיבֿה-בחורים,
נאָר מיט גוטע יודישע קעפּ און אָנגעקליבענער יודישער ענערגיע און
עקשנות — אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן מיט אימפּעט אויף די
נייע רוח'דיגע אונטערנעמונגען. אין משך פֿון כמעט איין דור איז אויס-
 געוואַקסען די ניימאָדישע יודישע בורזשואַזיע, יענע בורזשואַזיע, וואָס

## די יודישע וועלט.

האָט איהר „נאַציאָנאַלע פּראָגראַם אַריינגעלעגט אין מויל פון איהר גרעסטען און בעסטען אידעאָלאָג — דעם טאַלאַנטפולען אָרשאַנסקי, וועלכער האָט געמיינט און געגלויבט, אַז דער גאַנצער פערפלאָנטערטער קנויל פון סאָציאַלע, פּאָליטישע און קולטורעלע סתירות, וואָס הייסט „יודישע פראַגע", איז מעהר ניט, ווי אַ שאלה פון מעהר אָדער ווייניגער קענען די רוסישע שפּראַך, די איינציגע מעגליכע האַנדעלס-שפּראַך פאַר'ן גאַנצען ברייטען רוסלאַנד. דער נייענטדעקטער גרויסער רוסלענדישער מאַרק האָט אויסגעזעהן לכתחילה, און פאַר פיעל זעהט ער נאָך איצט אויס, אַזוי ברייט, אַז די אַלע, וואָס האָבען ערשט אָנגעהויבען געניסען פון זיינע אוצרות, האָבען פעסט געגלויבט, אַז די פאַר מיליאָן רוסישע יודען וועלען האָבען פרנסה בשפע.

אַדאַנק די נאָר וואָס אויסגערעכענטע עקאָנאָמישע ערשיינונגען קומען אויף, גיך און אומגעריכט, ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעשפּרונגען, נייע, קלענערע און גרעסערע, יודישע קהלות, וואָס לעבען גאָר אויף אַ נויעם שניט, וואָס לעגען אַ יסוד פאַר גאָר אַ נייעם לעבענס-נוסח. די דאָזיגע קהלות, נייע, ערשט אויפגעקומענע, צונויפגעשטעלטע פון עלעמענטען, וואָס זענען אָנגעלאָפען פון אַלע עקען פון תחום, אָהן יחוס פון תורה אָדער פרומקייט, אָהן דעם שוץ פון די פליגלען פון גאונים אָדער צדיקים, אָהן אַ שום מסורה, נאָר מיט'ן כח פון ממון, בעקומען אַ גרויסע ממשלה איבע'ן יודישען לעבען פון גאַנצען תחום, דערקלערענדיג איינצייטיג אַ מלחמה אי די אַכסניות פון דער ליטווישער תורה און גאונות, אי די שטילע געצעלטען פון די וואָלינער צדיקים. עס בעקומען אַ שליטה פעטערבורג אין צפון, דער צענטער פון דער יודישער באַנק- און בערזע-בורזשואַזיע, און אָדעס אין דרום, דער צענטער פון דער יודישער תבואה-בורזשואַזיע. און די טעמפּעראַמענטפולע, הייסע, ווי די דרום'דיגע נאַטור, אָדעסער אַפּיקורסות און די געלאַסענע ראַציאָנאַליסטישע פעטערבורגער השכלה דרינגען אַריין אין די געטאָ-פעסטונגען פון תחום און מאַכען שפּאַלטען, און וואו מעגליך — גאַנצע לעכער. ס'טרעטען אַרויס אין פּראָווינציעלען תחום יענע יודישע סוחרים און אונטערנעמער, וואָס האָבען שפּעטער געשאַפען די יודישע גרויס- און מיטעל-בורזשואַזיע פון תחום און וואָס פון זייער סביבה זענען אַרויסגעקומען די פּראַקטישע גבורים פון דער השכלה, וואָס שטעלען היינט פאָר די אַסימילירטע פּראָפעסיאָנעלע און ניט-פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ.

די ביהן, וואָס האָט געבראַכט דעם האָניג, האָט אָבער אויך מיטגעבראַכט דעם סם.

## יעקבֿ לעשצינסקי. — עקאָנאָמישע פראַגען.

דער גרויס=רוסישער האַנדעל, וואָס האָט געהאַט אַ געניטקייט פֿון הונדערטער יאָהרען און וואָס האָט שוין לאַנג געזוכט צו פֿערלאַפֿען דעם מאַרק פֿון די גובערניעס פֿון יודישען תּחום, בעזונדערס פֿון דער פֿעטער און רייכער אוקראַינע*, האָט זיך נאָכ'ן בעפֿרייען פֿון לאַנד ערשט אַלאָז געטאָן מיט זיינע סחורות איבער דעם ברייטען רוסלאַנד; דער אָרטיגער געפֿאַלענער אַדעל האָט אָנגעהויבען צו פֿערגעסען די מסורה פֿון זיין יחוס=אָבֿות, אַז פֿאַר דער סמעטענע פֿון פֿאָלק פּאַסט ניט צו מסחר'ן און ירידעווען, האָט פֿערלאָזט זיינע שעֶנע דאָרפֿס=נעסטען און גענומען זיך פֿאַר האַנדעל און פֿאַבריקאַציע; די בעפֿרייטע פֿויערשאַפֿט, ניט בעקומענדיג גענוג ערד, האָט זיך אַלאָז געטאָן אין די איפּגעקומענע שטעדט און האָט זיך גענומען פֿאַר מלאָכה און קליין=האַנדעל — ס'איז אויסגעוואַקסען דער קריסטליכער קליינבירגערטום („מעשצאַנסטוואָ"), וואָס האָט שפּעטער זיך אַזוי בלוטיג נוקם געווען אָן דער יודישער מאַסע, וועלכע האָט איהם אַזוי ניך ניט אָבגעטרעטען דעם פּלאַץ.

אָט אַזוי איז אין תּחום אויסגעוואַקסען יענע סאָציאַלע סבֿיבֿה, וואָס מיט איהר האָט אָנגעהויבען צו אַסימילירען זיך די יודישע בורזשואַזיע. די דאָזיגע סאָציאַלע סבֿיבֿה אָבער איז געוואָרען דער בעסטער באָדען פֿאַר'ן פּראַקטישען אַנטיסעמיטיזם, וועלכער האָט געצויגען שטאָף פֿון דער קאָנקורענץ פֿאַר'ן קונה. ס'ווערט בעשאַפֿען אַ כּשוף=קרייז פֿאַר בעדייטענדע טיילען פֿון יודישען פֿאָלק, וואָס שטרעבען מיט אַלע כּחות פֿון אַ מענשען, וואָס וויל פּרנסה האָבען, צוצוקלעפּען זיך צו אַ בעשטימטער סאָציאַלער גרופּע, און ווערען פֿון איהר אַלץ מעהר אָבגעשטויסען, וואָס מעהר די שטרעבונג ווערט בולט'ער און שאַרפֿער.

די דאָזיגע טיילען פֿון פֿאָלק זענען ניט געווען דאָס גאַנצע פֿאָלק און אַפֿילו ניט זיין רובֿ. די ברייטערע און נידעריגערע מאַסען, וועלכע האָבען שוין מעהר ניט געקאָנט לעבען מיט די אַמאָליגע קליינע און פֿון ווינט געכאַפּטע הכנסות, זענען טאַקע אויך געווען בעלנים צו געניסען פֿון בליהענדיגען פֿעלד פֿון רוסישען האַנדעל און אינדוסטריע. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז ראשית, איז די דאָזיגע פֿעלד בעגרעניצט אין איהרע מעגליכקייטען און קאָן ניט מיט אַ מאָל אַריינגעמען אַלע אונטערנעמונגס=כּחות, וואָס זענען אַרויס אויף דער ווייסער וועלט — און וויבאַלד איינער פֿון צוויי איז איבעריג, איז דער פֿרעמדער, בפֿרט נאָך דער יוד, אַוודאי די כּפּרה=הינדעל. שנית, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז די יו=

* ז. אָקסאָקאָוו: „די אויספֿאָרשונג פֿון האַנדעל אויף די ירידים פֿון אוקראַינע" (רוסיש) 185—200.

דישע מאַסען האָבען ניט קיין זוימען אויף צו פערזייהען אויפ׳ן פעלד, זיי האָבען ניט געהאַט דעם מינימום קאַפּיטאַלען, וואָס זענען נייטיג אפילו אין דער בליהענדסטער צייט פון דער אינדוסטריע. פאַר די, וואָס זענען געקומען *די ערשטע*, איז געווען גענוג דאָס ביסעל מזומן, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען ביים יודישען רייכען פּאָדריאַדטשיק אָדער אַרענדאַר — קיין גרויסע קאַפּיטאַלען האָבען זיי אויך ניט געהאַט; פאַר אַ סך *יחידים* זענען געווען גענוג דער יודישער האַנדעלס־טאַלאַנט און די יודישע אונטערנעמונגס־פעהיגקייט, — און אָהן געלד זענען זיי אַרויף גאַנץ הויך אויף דער סאָציאַלער לייטער. דאָס זענען אָבער אַלץ געווען אַ בערך קליינער פּראָצענט פון דער יודישער בעפעלקערונג. די לעצטע האָט געהאַלטען אין געשווינדען וואַקסען: דער צו־וואוקס פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דער צווייטער העלפט פון 19־טען יאָהרהונדערט איז געווען גרעסער, ווי אין דער ערשטער העלפט, אַזוי ווי ער איז אין גאַנצען 19־טען יאָהרהונדערט געווען אַ סך גרעסער, ווי אין 18־טען.

וואָס זשע איז געבליבען פאַר די יודישע *מאַסען* צו טון? וואָס האָבען געקאָנט איפּטוּן די טונעיאַדעווקער און קאַבצאַנסקער הלפנים, קבצנים, אביונים און דלתים ביי דעם בליהענדען מסחר, ביי דער וואַקסענדיגער אינדוסטריע.

*אַרבייט* — איז געוואָרען דער איינציגער לעבענס־אויסוועג פאַר די דאָזיגע מאַסען; און די רוסישע יודען, וואָס נאָך אין דער ערשטער העלפט פון 19־טען יאָהרהונדערט האָבען זיי געשיקט אין דער מלאכה על פי רוב די שלימזלים און די פסולת פון „גוי קדוש“, זענען אין דער *צווייטער העלפט פון דעם דאָזיגען יאָהרהונדערט איבערגעגאַנגען מאַסענווייז צו מלאכה און פאַבריקאַציע*. ס׳געהען אַוועק בסך־הכל אַ פּאָר צעהנדליג יאָהרען, און מיר געפונען אין דריי־פיער גרויסע שטעדט: וואַרשע, אָדעס, ווילנא, צעהנדליגער טויזענדער יודישע בעלי־מלאכות, מלאכה־אַרבייטער, לערן־יונגלעך, פּשוט׳ע און פאַבריק־אַרבייטער, משרתים און אָנגעשטעלטע. אין אַ גאַנצער רייה מיטעלע שטעדט פון תחום, ווי ביאַליסטאָק, גראָדנע, פּינסק און אַנדערע, בעווייזען זיך יודישע פאַבריק־אַרבייטער, און די צאָהל בעלי־מלאכות און מלאכה־אַרבייטער וואַקסט אין גאַנצען תחום מיט אַ אומגעהייערער גיכקייט.

מחמת אַ גאַנצער שורה היסטאָרישע און פּסיכאָלאָגישע סיבות, וואָס מיר קאָנען זיך דאָ ניט אָבשטעלען אויף זיי, איז דער איבערגאַנג פון דער יודישער מאַסע פון די פריהערדיגע מעקלערייּ־ און ווינט־פּרנסות

צו דער אַרבייט אין דער גרויס-אינדוסטריע געווען אוממעגליך, בפרט נאָך, אַז זי, די יִדישע מאַסע, האָט זיך בעגעגענט מיט אַזאַ שטאַרקען קאָנקורענט, ווי די שפּאָט-וואָלוועלע רוסישע דאָרפישע אַרבייטס-קראַפט. די מלאָכה אָבער, און אַפילו די קאַפּיטאַליסטישע הויז-אַרבייט — דער נאַטירליכער המשך פון דער יוּדישער מלאכה — האָבען ניט געקאָנט צונעמען די אַלע יִדען, וואָס האָבען געמוזט זיך אויף שטענדיג געזעגענען מיט די עסקימ'לעך, וואָס שפּרינגען אַרויס פון אַ קראַץ אונטער דער פּאה, ווי מענדעלע דריקט זיך אויס. און די דאָזיגע שווערע היסטאָרישע פּראָבלעם, די עקסיסטענץ-פּראָבלעם פון אַ גרויסען חלק פון יִדישען פאָלק, האָט געפונען זיין תשובה, — צי אַ פולקומענע און גענוגענדע — איז אַן אַנדער פראַגע, — אין דער עמיגראַציע, וואָס האָט אָביעקטיוו און סוביעקטיוו, טעכניש און פּסיכאָלאָגיש, געמאַכט דעם איבערגאַנג פון פּערמיטלעריי צו אַרבייט אַ סך גרינגער, ווי אין דער אַלטער היים. די סאָציאַלע סטרוקטור פון די מזרח-יודען אין אַמעריקע איז דער נאַטירליכער המשך פונ'ם יוּדישען לעבען אין רוסלאַנד; און דאָס רוסיש-יוּדישע לעבען ווערט אַלץ מעהר אַמעריקאַניזירט — וואַרשא, אָדעס און ווילנא זענען נאָר קלענערע יוּדישע ניו-יאָרקען.

זיך אָבשטעלען אויף די פּרטים פונ'ם נאָר וואָס אָנגעצייכענטען פּראָצעס און ברענגען די פאַקטען און ציפערן, וואָס בעווייזען און אילוסטרירען דאָס אַלץ, וואָלט נעהייסען דערצעהלען די גאַנצע רייכע געשיכטע אונזערע פאַר'ן לעצטען יאָהרהונדערט. דאָס איז אַ טעמע פאַר אַ בוך און ניט פאַר אַן אַרטיקעל אין אַ זשורנאַל, וואו מען איז בעגרעניצט אין אָרט. מיר וועלען דעריבער מוזען איבערגעהן צו כאַראַקטעריזירען אין קורצען די רעזולטאַטען פונ'ם דערמאָנטען פּראָצעס, ד. ה. כאַראַקטעריזירען אין קורצען די סאָציאַלע לאַגע פון די מזרח-יִדען אין אָנהויב פון 20-טען יאָהרהונדערט, וואָס וועט אונז ווייזען, ווי ווייט מיר זענען איצט פונ'ם מצבֿ, וואָס אין איהם האָבען מיר זיך געפונען נאָך דאָ גאָר ניט לאַנג, און נאָכדעם וועלען מיר זיך אָבשטעלען אויפ'ן כאַראַקטער און מעשׂים פון די עקאָנאָמישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אַרבייטען צווישען יִדען. ווי מיר שטעלען זיך פאָר די עקאָנאָמישע אויפגאַבען פון דער איצטיגער יִדישער געזעלשאַפטליכקייט — וועט זיין דער אינהאַלט פון לעצטען קאַפּיטעל.

משה שאַליט.

# סטאַטיסטיק פון די יודישע קהלות אין רוסלאַנד און אין פוילין.

(סוף פון נומער 6)

## III.

איבערגעהענדיג צו דער אייגענטליכער סטאַטיסטיק פון די יודישע קהלות, וועלען מיר בעאַרבייטען די דאַטען בנוגע צו רוסלאַנד (אָהן פוילין) בעזונדער און בנוגע צו פוילין בעזונדער, ווייל, ווי מיר האָבען שוין פריהער בעמערקט, געהערען אונזערע מאַטעריאַלען צו פערשיידענע מקורים פון פערשיידענע יאָהרען: די פאָלקסצעהלונג 1897 בניגע צו רוסלאַנד, די אַרבייטען פון וואַרשעווער סטאַטיסטישען קאָמיטעט 1908 בנוגע צו פוילין *.

לויט דער פאָלקסצעהלונג איז די צאָהל יודישע קהלות אין תחום, ד. ה. די צאָהל פונקטען (שטעדטלעך און שטעדט), וואו עס וואוינען יודען, אויף דעם שטח פון די 15 גובערניעס פון תחום-המושב אין רוסלאַנד,— 1293. דאָס איז צו זעהן גענוי פון דער פאָלגענדער טאַבעלע (№ 1):

**טאַבעלע № 1**

| קאַנט | די צאָהל פון די יודישע קהלות | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | שטעדטלעך | | שטעדט | | בסך-הכל | |
| | אבסאלוטע צאהלען | % | אבסאלוטע צאהלען | % | אבסאלוטע צאהלען | % |
| צפון - מערב | 481 | 85,9 | 79 | 14,1 | 560 | 100,0 |
| דרום - מערב | 446 | 86,1 | 72 | 13,9 | 518 | 100,0 |
| דרום - מזרח | 153 | 71,1 | 62 | 28,9 | 215 | 100,0 |
| די 15 תחום-גובערניעס | 1.080 | 83,5 | 213 | 16,5 | 1.293 | 100,0 |

פון די 1293 יודישע קהלות געפינען זיך:

אין די גובערניעס פון צפון-מערב קאַנט: גראָדנער — 91 (66

* דער וואַרשעווער סטאַטיסטישער קאָמיטעט האָט אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין יאָהר 1889 און האָט אין דעם משך צייט ביז 1909 אַרויסגעגעבען 38 העפטען, וואָס נע-מען אַרום סטאַטיסטיש די פערשיידענסטע זייטען פון לעבען פון דער בעפעלקערונג אין פוילין אין איהר ענטוויקלונג. — פאַר אונז האָבען אַ בעזונדערן ווערט די העפטען V, VIII, XII, XXII, XXIII, XXVI, XXIX, XXXIII און XXXVIII. —

שטעדטלעך און 25 שטעדט); מינסקער — 108 (97 + 11); קאָוונער — 131 (122 + 9); ווילנער — 107 (98 + 9); מאָהילעווער — 83 (70 + 13); און וויטעבסקער — 40 (28 + 12).

אין די גובערניעס פון דרום-מערב-קאַנט: וואָלינער — 145 (133 + 12); כערסאָנער — 72 (54 + 18); פאָדאָלער — 141 (124 × 17); קיעווער — 132 (111 + 12) און בעסעראַבער — 37 (24 + 13).

אין די גובערניעס פון דרום-מזרח-קאַנט: טשערניגאָווער — 82 (63 + 19); יעקאַטערינאָסלאַווער — 22 (13 + 9); טאַווּרידער — 25 (8 + 17) און פאָלטאַווער — 86 (69 + 17).

די גובערניעס זענען דאָ אויסגערעכענט אין סדר פון געדיכטקייט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין זיי, ד. ה. דער % פון דער יודישער בעפעלקערונג בנוגע צו דער אלגעמיינער איז אין:

| | | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| צפון-מערב | גראָדנער | 17,5 | דרום-מערב | וואָלינער | 13,2 | דרום-מזרח | טשערניגאָווער — 5,0 |
| | מינסקער | 16,0 | | כערסאָנער | 12,4 | | יעקאַטערינאָ-סלאַווער — 4,8 |
| | קאָוונער | 13,8 | | פאָדאָליער | 12,3 | | טאַווּרידער — 4,2 |
| | ווילנער | 12,9 | | קיעווער | 12,2 | | פאָלטאַווער — 4,0 |
| | מאָהילעווער | 12,1 | | בעסאַראַביער | 11,8 | | |
| | וויטעבסקער | 11,8 | | | | | |

וועגען דער צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די 1293 יודישע קהלות גיט אַ קלאָרען בילד די פאָלגענדע טאַבעלע (№ 2).

## טאַבעלע № 2

די צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג

| קאַנט | אין די שטעדטלעך | | אין די שטעדט | | צוזאַמען | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבסאלוטע צאהלען | % | אבסאלוטע צאהלען | % | אבסאלוטע צאהלען | % |
| צפון-מערב | 533.097 | 46,1 | 622.827 | 53,9 | 1.155.924 | 100,0 |
| דרום-מערב | 712.045 | 49,8 | 717.665 | 50,2 | 1.429.710 | 100,0 |
| דרום-מזרח | 42.093 | 15,0 | 239.145 | 85,0 | 281.238 | 100,0 |
| די פופצעהן תחום גובערניעס | 1.287.235 | 44,9 | 1.579.637 | 55,1 | 2.866.872 | 100,0 |

ווען מען פערגלייכט די טאַבעלע № 2 מיט דער טאַ-

טאַבעלע № 1, בעקומט זיך דער אלגעמיינער רעזולטאַט, אַז אין די 213 שטאָדטיגע קהלות וואוינען 55,1% פון דער גאַנצער יודישער בעפעלקערונג אין אַלע קהלות (שטעדט־לעך און שטעדט) פון די 15 תחום־גובערניעס און אין די 1080 שטעדטילדיגע קהלות נאָר 44,9%. דעם ערשטען אָרט אין יודישען לעבען פערנעמט, אַלזאָ, די שטאָדטיגע קהלה, הגם שטאָדטיגע קהלות זענען פאַרהאַן פינף מאָל וועניגער, ווי שטעדטילדיגע.

וועגען דער געדיכטקייט פון די יודישע קהלות אין די דריי ראַיאָנען פון תחום גיט אַ בעגריף פאָלגענדע טאַבעלע (№ 3):

טאַבעלע № 3

| קאַנט | די געדיכטקייט פון די יודישע קהלות לויט די קאַנטען | |
|---|---|---|
| | צאָהל קהלות | % |
| צפון־מערב | 560 | 43,4 |
| דרום־מערב | 518 | 40,0 |
| דרום־מזרח | 215 | 16,6 |
| די 15 תחום־גובערניעס | 1.293 | 100,0 |

עס איז אינטערעסאַנט דאָ צו זעהן די געדיכטקייט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די דריי ראַיאָנען. דאָס בעווייזט אונז פאָלגענדע טאַבעלע (№ 4):

טאַבעלע №4

| קאַנט | די געדיכטקייט פון דער יודישער בע־פעלקערונג לויט די קאַנטען | |
|---|---|---|
| | צאהל יודען אין די שטעדטלעך און שטעדט | % |
| צפון־מערב | 1.155.924 | 40,3 |
| דרום־מערב | 1.429.710 | 49,8 |
| דרום־מזרח | 281.238 | 9,9 |
| די 15 תחום־גובערניעס | 2.866.872 | 100,0 |

פערגלייכענדיג די טאַבעלע № 4 מיט № 3, קומען מיר צו דער מסקנא, אַז געדיכטער ווי אומעטום זענען די יודישע קהלות אין צפון־מערב־

קאַנט, אָבער די יודישע בעפֿעלקערונג איז געדיכטער ווי אומעטום אין דרום-מערב-קאַנט, ד. ה., אַז לויט דער לפֿי-ערכ׳דיגער צאָהל פֿון די יודען (לויט דעם % פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג בנוגע צו דער אַלגעמיינער) אין די פֿונקטען פֿערנעמט דעם ערשטען אָרט דער צפֿון-מערב-קאַנט; אָבער לויט דער אַבסאָלוטער צאָהל פֿון די יודען אין די פֿונקטען פֿערנעמט דעם ערשטען אָרט דער דרום-מערב-קאַנט.

דערפֿון שטאַמט, אַז אין צפֿון-מערב-קאַנט זענען פֿאַרהאַן אַ סך קהלות מיט זעהר אַ הויכען % פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג אין זיי; אין דרום-מערב-קאַנט אָבער זענען פֿאַרהאַן אַ סך קהלות מיט אַ גרויסער צאָהל יודען אין זיי בכלל. אויב מען קאָן אַזוי זאָגען, פֿערנעמען די קהלות פֿון צפֿון-מערב-קאַנט דעם ערשטען אָרט לויט דער איכות; די קהלות פֿון דרום-מערב-קאַנט אָבער פֿערנעמען דעם ערשטען אָרט לויט דער כמות.

דאָס ווערט געמיינט לויט דער ראָל, וואָס די יודען קאָנען שפּיעלען אין די קהלות. עס איז קלאָר, אַז ווען אַ יודישע קהלה פֿערמאָגט, לאָמיר זאָגען, 37.500 יודען, ד. ה. 3/4 פֿון אַ 50.000-דיגער אַלגעמיינער בעפֿעלקערונג אין איהר, האָט זי די גרעסטע מעגליכקייטען צו ענטוויקלען זיך אין פּרט פֿון זעלבסטפֿערוואַלטונג, אייגענער קולטור, עכטען פֿאָלקס-לעבען, נאַציאָנאַלער אייגנאַרטיגקייט א. אז. וו.; און די דאָזיגע מעגליכקייטען זענען ניט אין ערך שטאַרקער, זיכערער און בעדייטענדער, ווי די, וואָס עס האָט אַ יודישע קהלה, וועלכע פֿערמאָגט 50.000 יודען, אָבער וואָס אָט די אַבסאָלוט-גרעסערע צאָהל יודען איז מעהר ניט ווי איין 1/4 פֿון דער 200.000-דיגער אַלגעמיינער בעפֿעלקערונג אין דער קהלה. דעריבער, ווען מען רעדט וועגען אַ „מאַסע“, וועגען אַ „פֿעסטונג פֿון פֿאָלק“, וועגען אַ „פֿערזיכערונג קעגען אַסימילאַציע“. וועגען אַ „נאַציאָנאַלער ציטאַדעל“, האָט מען אין זינען די געדיכטקייט פֿון דער געגעבענער בעפֿעלקערונג אין דעם געגעבענעם אָרט, דעם % פֿון אָט דער בעפֿעלקערונג בנוגע צו דער אַלגעמיינער אין דעם קאָנקרעטען פֿונקט.

וואָס איז שייך צו דעם דרום-מזרח-קאַנט, בעווייזען די טאַבעלעם № 3 און № 4, אַז די יודישע בעפֿעלקערונג איז אין דעם דאָזיגען קאַנט 5 מאָל שיטערער ווי אין דרום-מערב-קאַנט, אָבער די יודישע קהלות זענען נור 2½ מאָל שיטערער. ווי אין דרום-מערב-קאַנט. דאָס בעווייזט, אַז אין דרום-מזרח-קאַנט זענען פֿאַרהאַן אַ סך קהלות מיט זעהר אַ נידעריגען

% פון דער יודישער בעפעלקערונג אין זיי. לויט דער איכות פון די קהלות, אין דעם אויבען־ענטוויקעלטען זין, פערנעמט, אַלזאָ, דער דרום־מזרח־קאַנט דעם לעצטען אָרט.

די קאָנקרעטע דאַטען פון אונזער רייסטער אילוסטרירען אויפ'ן בולט'סטען אופן די מסקנות, צו וועלכע מיר זענען ביז איצט דאָ געקומען בנוגע צו די יודישע קהלות אין די דריי תחום־ראַיאָנען.

מחמת דוחק אין אָרט וועלען מיר זיך דאָ אַבשטעלען גענויער נאָר אויף די דאַטען וועגען די יודישע שטאָדטיגע קהלות.

לויט אונזער רייסטער געפינען זיך אין די דריי תחום־ראַיאָנען 181 שטעדט מיט אַ יודישער בעפעלקערונג, אַנהויבענדיג פון 1.000 נפשות און מעהר. פון די דאָזיגע 181 שטאָדטיגע קהלות געפינען זיך: אין צפון־מערב־קאַנט — 67; אין דרום־מערב־קאַנט — 65; אין דרום־מזרח־קאַנט — 49.

איצט לאָמיר דאָ פונאַנדערטיילען די קהלות לויט דער לפי־ערכ'דיגער און לויט דער אַבסאָלוטער צאָהל יודען אין זיי (טאַבעלעם № 5 און № 6):

## טאַבעלע № 5

די יודישע קהלות לויט דער לפי־ערכ'דיגער צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג

| קאַנט | די צאָהל קהלות מיט אַ יודישער בעפעלקערונג: מעהר ווי 3/4 פון דער אַלג. | | פון אַ 1/2 ביז 3/4 | | פון אַ 1/3 ביז 1/2 | | פון אַ 1/4 ביז 1/3 | | ווייניגער פון אַ 1/4 | | בסך־הכל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אבסאָלוטע צאָהל | % | אבסאָלוטע צאָהל | % | אבסאָלוטע צאָהל | % | אבסאָלוטע צאָהל | % | אבסאָלוטע צאָהל | % | אבסאָלוטע צאָהל | % |
| צפון־מערב | 3 | 4,5 | 48 | 71,5 | 16 | 24,0 | — | — | — | — | 67 | 100,0 |
| דרום־מערב | 1 | 1,5 | 18 | 27,7 | 24 | 36,9 | 7 | 10,8 | 15 | 23,1 | 65 | 100,0 |
| דרום־מזרח | — | — | — | | 7 | 14,3 | 16 | 32,7 | 26 | 53,0 | 49 | 100,0 |
| די פּופּצעהן תחום־גובערנעס | 4 | 2,2 | 66 | 36,4 | 47 | 26,0 | 23 | 12,7 | 41 | 22,7 | 181 | 100,0 |

פון דער טאַבעלע № 5 זעהען מיר, אַלזאָ, דעם וויכטיגען פאַקט, אַז אין צפון־מערב־קאַנט איז ניטאָ קיין איין יודישע שטאָדטיגע קהלה, וואו די יודישע בעפעלקערונג זאָל זיין ווייניגער פון אַ 1/3 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין

איהר; גאַנצע 71,5% פון אַלע יודישע שטאָדטיגע קהלות אין צפון-מערב-קאַנט האָבען אַ יודישע בעפעלקערונג, וואָס דערגרייכט פון אַ 1/2 ביז 3/4 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין די שטעדט. דער צפון-מערב-קאַנט איז, אַלזאָ, דער געדיכטסטער, ד. ה. „יודישסטער”, ראַיאָן אין תחום. דאָס וועט זיין נאָך קלאָרער, ווען מיר וועלען דערמאָנען, אַז דאָ רעדט זיך וועגען שטעדט ד. ה. וועגען די קהלות, וואָס שפּיעלען אין היינטיגען לעבען די גרעסטע ראָל. און ווען עס פעראייניגען זיך די ביידע עלעמענטען: די געדיכטקייט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די גרעסטע צענטרען — בעקומט זיך אומבעדינגט דער בעשלוס, אַז די שטעדט אין צפון-מערב-קאַנט זענען פאַקטיש „יודישע”,—און וואָס פאַר אַן אומגעהייער גרויסען ווערט דער דאָזיגער פאַקט קאָן האָבען פאַר אונז ביי אַ דעמאָקראַטישער מלוכה-אָרדנונג, איז איבעריג צו זאָגען. — וואָס איז שייך צו דעם דרום-מערב-קאַנט פערמאָגט ער שוין 10,8% קהלות, וואָס די יודישע בעפעלקערונג אין זיי איז ווייניגער פון אַ 1/3, און 23,1% קהלות, וואָס זייער יודישע בעפעלקערונג איז אַפילו ווייניגער פון אַ 1/4 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין זיי. דאָך האָט ער נאָך 27,7% קהלות מיט אַ יודישער בעפעלקערונג פון אַ 1/2 ביז 3/4 און 36,9% קהלות — פון אַ 1/3 ביז אַ 1/2 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין זיי. דער דרום-מערב-קאַנט איז, אַלזאָ, נאָך גענוג געדיכט און האָט אין זיין גרעסטען טייל אַ הערשענדע יודישע בעפעלקערונג אין די שטעדט. — אין דרום-מזרח-קאַנט האָט שוין די גרעסטע העלפט שטעדט זיינע אַ יודישע בעפעלקערונג ווייניגער פון אַ 1/4 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין זיי. נור 14,3% פון זיינע קהלות פערמאָגען אַ יודישע בעפעלקערונג מעהר ווי אַ 1/2 פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין די שטעדט.

כדי גאַנצער צו מאַכען דעם בילד, מוזען מיר נאָך זעהן, ווי אַזוי די יודישע שטאָדטיגע קהלות גרופּירען זיך לויט דער אַבסאָלוטער צאָהל ודען אין זיי:

**טאַבעלע № 6**

די יודישע קהלות לויט דער אַבסאָלוטער צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג

| קאַנט | מעהר ווי 100.000 | | פון 50.000 ביז 100.000 | | פון 40.000 ביז 50.000 | | פון 30.000 ביז 40.000 | | פון 20.000 ביז 30.000 | | פון 10.000 ביז 20.000 | | פון 5.000 ביז 10.000 | | פון 1.000 ביז 5.000 | | בסך-הכל | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אב. צאָהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | אב. צאהל. | 0/0 | שטאדטישע קהלות | 0/0 |
| צפון=מערב | — | — | 1 | 1,5 | 2 | 3,0 | 3 | 4,4 | 5 | 7,5 | 4 | 5,9 | 17 | 25,4 | 35 | 52,3 | 67 | 100,0 |
| דרום=מערב | 1 | 1,5 | 1 | 1,5 | 1 | 1,5 | 2 | 3,0 | 1 | 1,5 | 11 | 17,0 | 22 | 34,0 | 26 | 40,0 | 65 | 100,0 |
| דרום=מזרח | — | — | — | — | 1 | 2,0 | — | — | 1 | 2,0 | 1 | 2,0 | 10 | 20,5 | 36 | 73,5 | 49 | 100,0 |
| די 15 תחום=גובערניעס | 1 | 0,6 | 2 | 1,2 | 4 | 2,2 | 5 | 2,7 | 7 | 3,8 | 16 | 8,8 | 49 | 27,1 | 97 | 53,6 | 181 | 100,0 |

(Column group heading: די צאָהל קהלות מיט אַ יודישער בעפעלקערונג:)

די טאַבעלע № 6 בעווייזט, אַלזאָ, אַז אין צפון=מערב=קאַנט איז די גרעסערע העלפט (52,3 %) קהלות אַזוינע, אין וועלכע די אַבסאָלוטע צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג איז פון 1,000 ביז 5,000 נפשות; אין דרום=מערב=קאַנט, אָבער, האָט די גרעסערע העלפט (51 %) קהלות אַ יודישע בעפעלקערונג פון 5,000 ביז 20,000 נפשות. אין דרום=מזרח=קאַנט האָבען כמעט גאַנצע דריי פערטיל (73,5 %) קהלות אַ יודישע בעפעלקערונג פון 1,000 ביז 5,000 נפשות.

פערגלייכט מען די טאַבעלע № 6 מיט דער טאַבעלע № 5, קומט מען צו דער מסקנא, אַז הגם די יודישע בעפעלקערונג אין די קהלות פון דרום=מערב=קאַנט איז ניט אַזוי געדיכט, ווי אין צפון=מערב=קאַנט, — דאָך קאָנען די קהלות פון דרום=מערב=קאַנט שפּיעלען אַ גרויסע ראָל, ווייל דער חסרון אין געדיכטקייט ווערט פערדעקט דורך דער מעלה, וואָס די שטעדט פון דרום=מערב זענען, ווי מיר האָבען געזעהן, בעזעצט מיט אַבסאָלוט מעהר יודען, ווי די שטעדט פון צפון=מערב=קאַנט. און די גרויסע שטעדט הערשען דאָך אין קולטורעלען לעבען פון לאַנד.

פערגלייכט מען, איצט, די צוויי גרופּעס טאַבעלעס (№ № 5—6) מיט די (№ № 3—4) זעהט מען, אַז, בעאַרבייטענדיג די דאַטען פּאַראַלעל, זענען מיר געקומען צו איין און דיזעלבע רעזולטאַטען, ד. ה., אַז די מסקנות, צו וועלכע מיר זענען געקומען אויפ'ן סמך פון איין גרופּע טאַבעלעס, ווערען פולקום בעשטעטיגט דורך די מסקנות פון דער צווייטער גרופּע. די אַלע איבעריגע רעזולטאַטען, וואָס מען קאָן ציהען פון די ביז איצט דאָ געבראַכטע 6 טאַבעלעס, ווי אויך פון די אַלע אַנדערע דאַטען אין אַרטיקעל, וועט שוין דער לעזער אַליין אַרויסבעקומען.

פערענדיגט מיט די דריי תחום=ראַיאָנען, וועלען מיר (איידער מיר געהען איבער צו פּוילין) דאָ נאָך אָבשטעלען זיך נאָר אויף איין קאַטעגאָריע דאַטען פון אונזער רייסטער. דאָס זענען די דאַטען וועגען די יודישע קהלות אויסער'ן תחום=המושב. מיט די דאַטען וועגען די דאָזיגע יודישע קהלות האָט זיך קיינער ניט פערנומען. הן די יק"א=זאַמלונג הן ברוצקוס'עס ווערק האָבען צו טון מיט דער סטאַטיסטיק פון דער יודישער בעפעלקערונג אויסשליסליך אין תחום. דער פּאַקט דערקלערט זיך מיט דעם, פערשטעהט זיך, וואָס אויסער'ן תחום וואוינען בסך=הכל 6,1 % פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דער גאַנצער רוסישער מדינה. דאָך פערדיענען די קהלות כאָטש אַ שטיקעל אויפמערקזאַמקייט. די פאָלגענדע טאַבעלע (№ 7) גיט די נויטיגע סטאַטיסטישע דאַטען וועגען די 53 שטעדט אויסער'ן תחום, וואו

עס געפינען זיך, לויט אונזער רייסטער, יודישע קהלות מיט אַ יודישער בעפעלקערונג, אָנהויבענדיג פון 1,000 נפשות און מעהר:

### טאַבעלע № 7

די יודישע קהלות אויסער'ן תחום

| № | שטאָדט | גובערניע | יודען | % | № | שטאָדט | גובערניע | יודען | % |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 | אסטראכאַן | — | 2.164 | 1,9 | 28 | יוריעוו | ליפלאנדער | 1.760 | 4,1 |
| 2 | אכאלציך | טיפליסער | 1.533 | 9,9 | 29 | יאקאָבשטאדט | קורלאַנדער | 2.087 | 35,9 |
| 3 | אָמסק | אקמאָלינער | 1.138 | 3,0 | 30 | יאראָסלאוול | — | 1.020 | 1,4 |
| 4 | אָריאָל | — | 1.713 | 2,4 | 31 | כארקאָוו | — | 10.806 | 6,2 |
| 5 | אָרענבורג | — | 1.229 | 1,7 | 32 | ליבוי | — | 9.454 | 14,6 |
| 6 | אירקוטסק | — | 3.609 | 7,0 | 33 | מיטוי | קורלאנדער | 5.879 | 16,7 |
| 7 | באקו | — | 2.341 | 2,0 | 34 | מאָסקווע | — | 7.979 | 0,8 |
| 8 | באטום | — | 1.155 | 4,0 | 35 | נאלטשיק | — | 1.040 | 21,7 |
| 9 | בויסק | קורלאנדער | 2.745 | 41,9 | 36 | נ.-נאָווגאָראָד | — | 2.333 | 2,5 |
| 10 | בריאַנסק | אָריאָלער | 1.321 | 5,3 | 37 | סאמארא | — | 1.315 | 1,4 |
| 11 | גאָלדינגען | קורלאַנדער | 2.543 | 26,1 | 38 | סאמארקאנד | — | 4.305 | 7,8 |
| 12 | גראָזני | טערער | 1.711 | 11,0 | 39 | סאראטאָוו | — | 1.461 | 1,0 |
| 13 | דערבענט | דאגעסטאנער | 2.190 | 15,0 | 40 | סמאָלענסק | — | 4.241 | 9,0 |
| 14 | האזענפאָט | קורלאַנדער | 1.170 | 35,0 | 41 | סטאווראָפאָל | — | 1.236 | 2,9 |
| 15 | ווינדוי | קורלאנדער | 1.313 | 18,4 | 42 | פעטערבורג | — | 16.944 | 1,3 |
| 16 | וולאדיקאַוו. | — | 1.212 | 2,8 | 43 | פסקאָוו | — | 1.412 | 4,6 |
| 17 | וואָראָנעזש | — | 1.692 | 2,1 | 44 | פרידריכשטאדט | קורלאנדער*) | 3.256 | 62,9 |
| 18 | טאגאנראָג | דאָנער | 2.940 | 5,7 | 45 | קאזאן | — | 1.446 | 1,1 |
| 19 | טאלסען | קורלאנדער | 1.411 | 33,6 | 46 | קראסנאָיארסק | יעניסייער | 1.121 | 4,2 |
| 20 | טוקום | קורלאנדער | 2.561 | 33,9 | 47 | קובא | באקוער | 6.662 | 43,3 |
| 21 | טאָמסק | — | 3.202 | 6,1 | 48 | קורסק | — | 1.687 | 2,2 |
| 22 | טולא | — | 2.331 | 2,0 | 49 | קוטאאיס | — | 3.464 | 10,6 |
| 23 | טעמיר-האן-שורא | דאגעסטאנער | 1.199 | 13,0 | 50 | רעוועל | עסטלאנדער | 1.191 | 1,6 |
| 24 | טאשקענט | — | 1.717 | 1,1 | 51 | ריגא | — | 22.115 | 8,6 |
| 25 | טשיטא | זאבאיקאלער | 1.211 | 10,5 | 52 | ראָסלאוול | סמאָלענסקער | 1.145 | 6,3 |
| 26 | טיפליס | — | 3.661 | 2,3 | 53 | ראָסטאָוו-דאָן | דאָנער | 11.783 | 9,9 |
| 27 | טאָבאָלסק | — | 1.251 | 6,1 | | | | | |

אין די 53 קהלות אויסער'ן תחום געפינען זיך בסך-הכל—179,405 יודען, וואָס איז: די גרעסערע העלפט פון דער צאָהל יודען, וואָס וואוינען בכלל אויסער'ן תחום; 3,43 % – פון דער יודישער בעפעלקערונג אין דער

*) אין קורלאנדער גובערניע זענען נאָך פאַרהאַן צוויי שטעדטלעך, וואָס האָבען אַ יודישע בעפעלקערונג מעהר ווי 1,000 נפשות: גריווא — 3,027 יודען — 37,7 %, אין פרויענבורג—1,159 יודען, 32,4 % —

גאַנצער רוסישער מדינה; 3,66 % — פון דער יודישער בעפעלקערונג אין תחום=המושב; 5,01% — פון דער יודישער בעפעלקערונג אין די דריי תחום=קאַנטען פון רוסלאַנד.

.IV

וועגען פוילין גיט אונזער רייסטער אַ רייכען מאַטעריאַל, פון וועלכען מיר קאָנען דאָ, אין דעם זעהר קורצען אַרטיקעל, געבען נור די איין וויכ=טיגסטע קאַטעגאָריע דאַטען — וועגען די יודישע קהלות אין פוילין לויט דער לפי-ערכ'דיגער צאָהל פון דער יודישער בעפעלקערונג אין זיי. די דאָזיגע דאַטען זענען פאַר זיך אַזוי בולט, אַז אָהן יעדע ווייטערדיגע פירושים גיבען זיי פון אויבען-אויף דעם קלאָרסטען בילד פון דער יודי=שער פאָזיציע אין פוילין.

די דאַטען גיבען דעם שליסעל צו דער פראַגע וועגען זעלבסטפערוואַלטונג אין פוילין. די דאָזיגע פראַגע, סטאַטיס=טיש בעלויכטען, בעווייזט נאָך מעהר, אַז זי טראָגט אַ דויערנדיגען כאַראַקטער און וועט ביי נאָרמאַלע בעדינגונגען אויך צעהנדליגער יאָהרען אפשר זיין דער ברען=פונקט פון די יודיש=פוילישע בעציהונגען. אין אַ געוויסען פרט און אין אַ פראָפּאָרציאָנעל פערקלענערטען מאַסשטאַב וועט די פראַגע דאַן זיין פאַר יודען עהנליך צו דער, וואָס דער „האָמרול" פאַר די אירלענדער...

צום 1=טען יאַנואַר 1908 איז אין די צעהן גובערניעס פון פוילין געווען בסך=הכל 1,716,064 יודען אָדער 14,68 % פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין פוילין; פון זיי זענען געווען:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אין די שטעדט | 1,021,772 | אָדער | 59,54 % | פון דער גאַנצ. יוד. בעפ. אין פוילין |
| „ „ פאַסאַדען | 470,117 | „ | 27,39 % | „ „ |
| „ „ דערפער | 224,175 | „ | 13,07 % | „ „ |
| אין גאַנץ פוילין | 1,716,064 | יודען | 100 % | פון דער גאַנצ. יוד. בעפ. אין פוילין |

בסך=הכל יודישע קהלות אין פוילין מיט אַ יודישער בעפעלקערונג, אָנהויבענדיג פון 1,000 נפשות און מעהר, איז פאַראַן לויט אונזער רייסטער — 297. פון זיי שטעדט * — 113, פאָסאַדען — 184.

* בסך=הכל איז פאַראַן אין פוילין 116 שטעדט מיט אַן אַלגעמיינער בעפעל=קערונג פון 2,502,212 אָדער 21,4 % פון דער אַלגעמיינער צאָהל בעפעלקערונג אין פוילין. די צאָהל יודען אין די 116 שטעדט פון פוילין איז, ווי מיר האָבען אויבען געזעהן, — 1,021,772 אָדער 40,8 % פון דער אַלגעמיינער בעפעלקערונג אין די שטעדט און 59,54 % פון דער אַלגעמיינער צאָהל יודישע בעפעלקערונג אין פוילין. —

די 113 שטאָדטיגע קהלות גרופּירען זיך לויט דער געדיכטקייט פון דער יודישער בעפעלקערונג אין זיי (% פון דער יודישער בעפעלקערונג בנוגע צו דער אַלגעמיינער אין דער שטאָדט) אויפ'ן פאָלגענדען אויפ'ן:

I. 1) קאלושין — 87,5 %; 2) טערעספּאָל — 85,3; 3) דזיאַליאָשיץ — 84,2; 4) שאַקי — 82,8; 5) וולאָדאַווא — **80,3**; 6) פּרזשעבאָרזש — 78,8; 7) כמעלניק — 78,6; 8) וואָלקאָווישק — 78,2; 9) מעזשעריטש — 75,3; 10) שידלאָוועץ — 75,3.

II. 1) לאַסק — 73,9; 2) מאַריאַמפּאָל — 71,9; 3) ווישעגראָד — 71,7; 4) סאָקאָלאָוו — 71,3; 5) סאָכאַטשאָוו — 70,6; 6) נאַסעלסק — 70,4; 7) סטאַשאָוו — 70,2; 8) מאַקאָוו — 68,7; 9) לוקאָוו — 68,3; 10) קאַלוואַריע — 67,4; 11) וועגנראָוו — 67,2; 12) קאָנסק — 67,2; 13) יאַנאָוו (שעדלעצער גוב.) — 66,3; 14) פלאָנסק — 65,0; 15) גראָיץ — 64,8; 16) זשעלעכאָוו — 64,6; 17) אָפּאַטאָוו — 64,6; 18) לענטשנא — 64,5; 19) ראַדימין — 64,1; 20) הרובעשאָוו — 63,7; 21) נאָוואָ־אַלעקסאַנדריע — 63,4; 22) זאַמאָשץ — 63,1; 23) קוטנא — 63,1; 24) לענטשיץ — 62,4; 25) נאָוואָ־מינסק — 61,4; 26) בלאַשקי — 61,3; 27) אָסטראָוועץ — 61,3; 28) כענצין — 60,9; 29) משצאָנסק — 60,8; 30) נאָווי־דוואָר — 60,5; 31) אָסטראָוו — 60,2; 32) ביעלגאָריי — 59,0; 33) שצוטשין — 59,0; 34) ראַדין — 58,9; 35) דובענקא — 58,8; 36) וולאַדיסלאַוואָוו — 58,5; 37) צעכאַנאָוו — 57,8; 38) סיין — 56,0; 39) טיקאָצין — 55,8; 40) אָלקוש — 54,9; 41) סובאַלק — 54,8; 42) ליובאַרטאָוו — 54,5; 43) פּרען — 54,3; 44) ברזשעזין — 54,2; 45) שעדלעץ — 54,0; 46) אָסטראָלענקא — 53,6; 47) אָפּאָטשנאָ — 53,2; 48) קראַסינסק — 53,2; 49) סאַנדאָמיר — 53,1; 50) וואַרקאַ — 52,5; 51) ראַוואַ — 52,4; 52) קאָלאָ — 51,9; 53) קאָסעניץ — 51,9; 54) גאַרוואָלין — 51,4; 55) פינטשעוו — 51,2; 56) גאָמבין — 51,2; 57) לובלין — 50,8; 58) וואַרטאַ — 50,6; 59) פּאַרטשעוו — 50,3; 60) ווערזשבאָלאָוואָ — 50,2; 61) קאָלנאָ — 50,1.

III. 1) יאַנאָוו (לובלינער גוב.) — 49,8; 2) זאַקראָטשין — 49,8; 3) פולטוסק — 49,5; 4) פּראַסניש — 49,5; 5) סערפּעץ — 49,3; 6) ריפּין — 48,8; 7) שעברעשין — 48,7; 8) קאָנין — 48,6; 9) סקערנעוויץ — 48,4; 10) טאָמאַשאָוו — 48,4; 11) ביאַלאַ — 48,2; 12) בענדין — 47,6; 13) אָזאָרקאָוו — 47,2; 14) סיעראַדז — 46,9; 15) ראַדאָם — 46,6; 16) נאָוואָ־ראַדאָמסק — 46,4; 17) מלאַוואַ — 45,2; 18) אַוגוסטאָוו — 45,8; 19) לאָמזשאַ — 43,7; 20) דאָברזשין — 41,6; 21) ליפּנאָ — 40,0; 22) כעלם—

38,8; 23) פלאָצק — 38,4; 24) וועליון — 37,2; 25) ווארשע — 36,96; 26) פעטראָקאָוו — 36,8; 27) סלופּץ — 36,7; 28) בלאָנע — 36,2; 29) קיעלץ — 36,2; 30) מיעשאָוו — 35,5; 31) גאָסטינין — 34,8; 32) לאָוויטש — 34,5.

IV. 1) זדונסקאַ=וואָליאַ — 32,4; 2) טשענסטאָכאָוו — 31,8; 3) קאַ=ליש — 28,6; 4) טורעק — 26,1.

V. 1) זגערש — 24,0; 2) קראַסנאָסטאַוו — 23,0; 3) לאָדז — 23,4; 4) וולאצלאַווסק — 20,1; 5) פאַביאַניץ — 19,8; 6) סאָסנאָוויץ — 15,9. —

מיר זעהען, אַלזאָ, אַז פון די 113 שטאָדטיגע קהלות אין פוילין זענען יודען מעהר ווי 3/4 פון דער אַלגעמיי=נער בעפעלקערונג אין 10 שטעדט; פון אַ 1/2 ביז 3/4 — אין 61 שטעדט; פון 1/3 ביז אַ ½ — אין 32 שטעדט; פון אַ 1/4 ביז אַ 1/3 — אין 4 שטעדט; ווייניגער פון אַ 1/4 — אין 6 שטעדט. דאָס הייסט ניט מעהר און ניט ווייניגער, אַז אין 88,8 % פון אַלע שטעדט אין פוילין זענען יודען די מעהרהייט פון דער בעפעלקערונג. —

דער פאַקט רעדט פאַר זיך אַליין און נויטיגט זיך ניט אין פירושים.

*

ווען עס וועט פאָרקומען אין רוסלאנד די צווייטע אַלגעמיינע פאָלקס=צעהלונג (ווי די צייטונגען מעלדען, וועט עס זיין אין יאָהר 1915, על כל פנים אין די נאָהענטסטע יאָהרען), אין וועלכער עס פיהלט זיך שוין לאַנג די גרעסטע בעדערפעניש, וועט מען ערשט באמת קאָנען אַלזייטיג אויס=פאָרשען די אַלגעמיינע דינאַמיק פון יודישען לעבען אין רוסלאַנד פאַר די לעצטע צוויי צעהנדליג יאָהר. נור אַפילו שוין איצט ביי דער קלענסטער סטאַטיסטישער בעאַרבייטונג פון אַן איינצעלנער פראגע בעקומען זיך אַ רייה העכסט וויכטיגע פאַקטען, וואָס קאָנען דיענען פאַר דעם פעסטען יסוד ביי דער פובליציסטישער בעהאַנדלונג פון די יודישע פראַגען. און דער אינ=טערעס, וואָס האָט זיך די לעצטע צייט אָנגעהויבען צו דערוועקען אין אונזער געזעלשאַפט און פרעסע צו דער יודישער סטאַטיסטיק, איז זעהר סימפּאַטישאָמאַטיש און איז ווערט בעגריסט צו ווערען פון גאַנצען האַרצען, נאָך מעהר דעריבער, וואָס די יודישע סטאַטיסטיק האָט ספּעציעלע אויפ=גאַבען און האָט צו אויספאָרשען ענינים, וואָס די אַלגעמיינע סטאַטיסטיק ריהרט זיי אָן נאָר פון אויבען אויף, אָדער לאָזט זיי גאָר דורך. —

י. עפרען.

# יודישע פאליטיק און די יודען־פראגע אין דער פערטער דומע

(צום סך־הכל פון דער ערשטער סעסיע).

עס געהערט צום גוטען ראדיקאלען „טאָן“ אַוועקצומאַכען אונ־טער׳ן האַנד די בעדייטונג פון דער דומע־אַרבייט בכלל און בנוגע צו דער יודישער פראַגע בפרט. נאָך איידער די פערטע דומע האָט זיך געעפענט, האָט מען ביי אונז נביאות געזאָגט, אַז זי וועט אין קיין פרט ניט בעסער זיין פאַר דער דריטער, און במילא איז ניטאָ אויף איהר וואָס צו האָפען. איצונד, אַז עס האָט זיך געענדיגט די ערשטע סעסיע, און די דומע האָט מעהר אָדער וועניגער קלאָר איהר פנים בעוויזען, הערט מען ניט אויף צו טייטלען מיט די פינגער אויף איהרע שענע מעשים, און יעדער איינער איילט זיך צו בעווייזען, אַז ער האָט דאָס אַלץ פאָר־אויסגעזעהן און פאָראויסגעזאָגט. אַז ס׳איז געקומען צום סך הכל, זע־נען די נביאים מקוננים געוואָרען. דער קלאָג־מוטער־טאָן, וואָס איז ביי אונז בכלל דער בעליעבטסטער און דער אָנגענומענער, לאָזט זיך הע־רען פון אַלע זייטען, הן אין אונזערע געזעלשאַפטליכע קרייזען, הן אין דער פרעסע.

הערט מען אָבער נישט אויף טאָג־איין טאָג־אויס צו חזר׳ן פאַר דעם יודישען עולם דעם קלאָג־ניגונ׳דיל איבער דער שוואַרצער, שונא־ישראל׳דיגער דומע, אַזוי קאָן מען זיך דערמיט נור צו איינם דערשלאָ־גען: צו מוטלויזיגקייט און אָבהענגיגקייט. הערט דער פערהאָרעוועטער און פער׳דאג׳עטער יוד פונ׳ם שטאָדט און שטעדטיל נאָר דעם קלאָג און דעם געוויין פון אונזערע בעלי־בכי׳ם, קלינגט איהם כסדר אין די אויערן „ניטאָ וואָס צו האָפען“, „ניטאָ אויף וואָס צו וואַרטען“, — איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס ער פערלירט דעם אינטערעס צו דער דומע און איהר אַרבייט, און במילא צום פאָליטישען לעבען אין לאַנד בכלל. פאַלען אַזעלכע חקירות און דרשות אויף אַ באָדען, וואו מען האָט קיינ־מאָל ניט געזעהן קיין פאָליטישע אידעען, וואו דער פאָליטישער גע־דאַנק האָט קיינמאָל ניט געבליהט, אין אַ סביבה, וואָס האָט ניט קיין שום פאָליטישע טראַדיציעס, וואו הונדערטער יאָהרען פון רשעות און רדיפות האָבען איינגעפלאַנצט אַן אונצוטרוי צו דער אַרומיגער בעפעל־קערונג, דעם געפיהל, אַז מען איז פרעמדע אין לאַנד, — אַזוי פער־שטאַרקען זיי נאָר דעם דאָזיגען געפיהל און די אַפּאָליטישע שטימונג פון

דער יודישער מאַסע. און זאָל מען זיך ניט איינרעדען, אַז דאָ קאָנען העלפֿען די פֿראַזעס מכּה אַ „בעסערער און ליכטיגערער צוקונפֿט“, וואָס וועט קומען — איין גאָט וויס, ווי אַזוי און פֿון וואַנען — פֿאַר דעם גאַנצען לאַנד און איך פֿאַר דער יודישער בעפֿעלקערונג. אַ וואָרט, וואָס שטיצט זיך ניט אויף געוויסע מעשׂים, בלייבט תּמיד נישט מעהר ווי אַ וואָרט, און איז ניט בכּח קיין נייע שטימונג צו שאַפֿען אָדער די איצטיגע אומצובייטען. ווארום דערביי זאָגט זיך דאָך גאָרנישט וועגען דעם, וואָס דאַרפֿען מיר, יודען, טון, כּדי די דאָזיגע „ליכטיגע צוקונפֿט“ צו דערנעהענטערן. זי וועט קומען? יאָ. אָבער ווי אַזוי און דורך וועמען? און מיר, וואו וועלען מיר זיין? צי פֿון הימעל וועט זי צו אונז אַראָבפֿאַלען?

פֿיהרענדיג צו יאוש, איז דער דאָזיגער פעסימיסטישער ראַדיקאַליזם אַליין אַ פּראָדוקט פֿון אַפּאָליטיזם. ווארום זיין אויסגאַנגס־פּונקט איז דערזועלביגער, ווי ביי דעם אָפּטימיזם, וואָס אייניגע פֿון אונזערע פּאָליטיקער, למשל, ניסעלאָוויטש אין דער דריטער דומע, האַלטען זיך אָן איהם. סיי פֿאַר די, סיי פֿאַר יענע האָט פּאָליטיק אַ ממשות, אויף וויפֿיעל זי קאָן ברענגען דירעקטע רעאַלע רעזולטאַטען. די איינע גלויבען העריין, די אַנדערע ניט. דאָס איז דער גאַנצער חילוק. אָבער סיי די און סיי יענע האָבען קיין חוש ניט פֿאַר דעם פּראָצעס פֿון פּאָליטישען שאַפֿען. ביידע זענען אויסגעוואַקסען אויפֿ'ן אַלט־יודישען באָדען, אויפֿ'ן באָדען פֿון דער גלות־שתּדלנות, וואָס גלויבט ניט אין דער יודישער צוקונפֿט דאָ אויפֿ'ן אָרט, וואָס קוקט אויף יודען, ווי אויף אורחים אין לאַנד. היינט דאָ, און מאָרגען ערגיץ אין מדינות הים. נישטאָ קיין פֿעסטקייט, קיין זיכערער באָדען אונטער די פֿיס, שטאַרבט אָב דער געפֿיהל פֿאַר היסטאָרישער אַרבייט. עס בלייבט נאָר די איצטיגע רגע. קאָן מען זיך פֿאַר איהר עפּיס דערשלאָגען, האָט די אַרבייט אַ זין; נישט — איז זי אַרויסגעוואָרפֿען, אַ בנין אויף זאַמד, וואָס דער ווינט וועט עס צעזייהען אויף אַלע זיבען ימים.

וואָלט עס אַנדערש געווען, וואָלט מען פֿערשטאַנען, אַז האָבען אינטערעס פֿאַר דער דומע קאָן מען אַפֿילו דעמאָלט, ווען מען גלויבט ניט, למשל, אַז זי וועט מבטל מאַכען דעם תּחום וכדומה. וואָלט מען ביי אונז פֿערשטאַנען, וואָס הייסט פּאָליטישע קולטור, וואָלט קיין אָרט ניט געהאַט הן דער לעכערליכער אָפּטימיזם פֿון אונזערע „רעאַל־פּאָליטיקער“ און הן דער צעקראָכענער פעסימיזם פֿון אונזערע „ראַדיקאַלען“. איצונד אָבער איז דער איינציגער פּועל יוצא פֿון דער דאָזיגער בע־

ציהונג צו פּאָליטישער אַרבייט דאָס, וואָס אין דער גאַנצער צייט פֿון דער פֿערטער דומע, ווי בײַ דער דריטער (ניט רעכענענדיג דעם פּרוב אַריינצוטראָגען דעם געזעץ-פּראָיעקט וועגען מבטל מאַכען דעם תּחום, וואָס איז ניט דערפֿירט געוואָרען ביז'ן סוף), האָבען די יודישע דעפּוטאַטען אין די קרייזען, ווי אויך די פּרעסע, אויף וועלכע זיי שטיצען זיך, ניט געהאַט קיין שום אַרבייטס-פּראָגראַם, קיין בעשטימטען אַרבייטס-פּלאַן. וויבאַלד אויף דירעקטע רעזולטאַטען איז ניטאָ וואָס צו האָפֿען, ממילא, בלייבט נאָר רעדעס צו האַלטען, מעהר געלונגענע, וועניגער געלונגענע. פֿון אַלע מיטלען און אופֿנים פֿון פּאַרלאַמענטאַרישען קאַמף האָבען מיר פֿאַר זיך געלאָזען דעם סאַמע אומפּרוכטבאַרען — דעם רעדען. די דומע ווי אַ טריבונע אויסנוצען — דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס בלייבט פֿאַר אונז — דאָס איז אַן אָנגענומענע השערה אין אונזערע בעל-הבתיש-ראַדיקאַלע קרייזען. געווים איז דאָס טיילווייז אמת. צי טראַכט מען זיך אַריין אָבער אין דעם, וואָס זאָל עס בעדייטען? צי הייסט עס דען, אַז מען דאַרף נאָר אויסנוצען די וואָרט-פֿרייהייט, וואָס הערשט אין דומע, כּדי רעדעס צו האַלטען? דאָס וואָלט געווען אַ פֿערפֿלאַכונג פֿון דעם בעגריף „פּאָליטישע טריבונע“. אַ פּאָליטישע טריבונע איז עפּיס מעהר, ווי אַ פּשוט'ער בעלעמער, וואָס מען קאָן אויף איהם דרשות האַלטען גלאַט אין דער וועלט אַריין. אַ פּאָליטישע טריבונע איז דער פּאָליטישער מיטעל-פּונקט פֿאַר דעם גאַנצען לאַנד, דער צענטער, וואוהין עס קומען זיך צונויף פֿעדים פֿון אַלע עקען-קאַנטען. דאָ רעדט זיך וועגען די נויטען און הצטרכות'ן פֿון לאַנד, וועלכע ווערען, שלעכט אָדער גוט — דאָס הענגט אָב פֿון דער צונויפֿשטעלונג פֿון דער פֿאָלקספֿערטרעטונג — דאָ בעטראַכט און רעגולירט. אויסנוצען אָט די טריבונע הייסט בעריהרען די דאָזיגע נויטבעדערפֿעניש'ען, אין דעם געגעבענעם פֿאַל — פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג, זוכען וועגען און מיטלען, ווי זיי צו בעפֿרידיגען, און בענוצענדיג די אָדער יענע קאָנקרעטע פֿראַגע, דעם אָדער יענעם קאָנקרעטען פֿאָרשלאָג, בעלייכטען די לאַגע בכלל, קלאָר מאַכען פֿאַר'ן פֿאָלק די בעציהונג צו אונז מצד פֿערשיידענע גרופּעס, פּאַרטייען און געזעלשאַפֿטס-שיכטען. בײַ אונז אָבער איז דער לאָזונג: די דומע, ווי אַ טריבונע — פֿערטייטשט געוואָרען פּשוט און איינפֿאַך, און בע-קומען האָט זיך עפּיס אַ קאַריקאַטור אויף פּאַרלאַמענטאַרישער אַרבייט. פֿון יאָהר צו יאָהר, בײַ בעשטימטע פֿאַלען און מיט אַ סקאַרבאָווען נוסח טרעטען אַרויס די יודישע דעפּוטאַטען און שיטען אַרויס אונזער גאַנצען פּעקיל צרות, געוועהנטליך פּאַסירט דאָס בײַם בעהאַנדלען דעם בודזשעט פֿון אינערן-מיניסטעריום, יוסטיץ- און פֿאָלקס-בילדונג, — און פּטור. ניט

דער געזעצגעבערישער מעכאַניזם, ניט דאָס אָנפֿראַגע־פֿון דער דומע איז פֿון אונז אין דער ערשטער סעסיע פֿון דער פֿערטער דומע גיט אויסגענוצט געוואָרען. דער געזעץ־פּראָיעקט וועגען מבטל מאַכען דעם תּחום איז בעגראָבען געוואָרען אין דער קאָמיסיע, וואוהין די דריטע דומע האָט איהם איבערגעגעבען, און מען פּרובּט איהם ניט לעבּעדיג צו מאַכען. אַ שאָד די טרחה — סיי ווי וועט דערפֿון „גאָרנישט" אַרויסקומען. די יודישע לאַגע אין לאַנד ווערט פֿון טאָג צו טאָג ערגער, מען בעגעהט זיך מיט אונז, ווי מיט ווילדע חיות אין וואַלד, די רדיפֿות נעמען אָן (למשל, די לעצטע קיעווער אָבלאַוועס) אַזעלכע פֿאָרמען, וואָס מאַכען ציטערן און שוידערן אַפֿילו די רעאַקציאָנערען און האַלבּע אַנטיסעמיטען, — און מען פּרובּט נישט דעם דאָזיגען מאַטעריאַל פֿאַר אַן אָנפֿראַגע דער רעגירונג צו בענוצען. מסתּמא איז מען ניט זיכער, אַז אַזאַ אָנפֿראַגע וועט פֿון דער דומע אָנגענומען ווערען, מען איז ניט פֿעסט אין דער יורידישער בעגרינדונג (אויף'ן קאַדעטישען שטייגער) און מען האַלט זיך אָב דערפֿון. מען צעהלט פֿאָראויס די שטימען, און טאָמער איז מען ניט זיכער אין דער מעהרהייט און מען האָט מורא, אַז עס וועט „גאָרנישט" אַרויסקומען— וויל מען נישט „ריזיקירען". אָט אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז די ערשטע סעסיע, וואָס איז אַזוי רייך געווען אין אָנפֿראַגעס (ניט אומזיסט האָבען זי די קאַזיאָנע שרייבּערס פֿערגליכען ניט איין מאָל מיט די ערשטע דומעס, ר"ל), האָט ניט געהאַט צו טון ניט מיט קיין איין אייציגער יודישער אָנפֿראַגע. עס קאָן זיך טאַקע איינעם הדמען, אַז בנוגע צו יודען קומען גאָר ניט פֿאָר קיין אומגעזעצליכקייטען, אַז דאָ הערשט נאָר רעכט און גערעכטיגקייט! אין דער מעשׂה בּיילים האָבען די רעכטע געפֿונען מאַטעריאַל פֿאַר אַן אָנפֿראַגע נאָך אין דער דריטער דומע, און מיר, איצונד, נאָך אַלע גלגולים און קונצען, וואָס ווערען דאָרט אָבגע־טאָן — ניט. חס ושלום! אַלץ געהט דאָ גלאַט און כּשורה.... יע, אויף יאוש און פּחדנות האָט נאָך קיינער אין ערגיץ ניט קיין פּאָליטישע פּראָגראַם געבּויט. און דערפֿאַר האָבען מיר זי טאַקע ניט..

בּכן, ווי געזאָגט, בּלייבּען פֿאַר אונז נאָר די רעדעס. דאָס איז די אונטערשטע שורה, דאָס איז אונזער סך־הכּל. און הערט איהר זיך שוין צו די רעדעס צו, ווילט איהר כאָטש דאָ אַ טרייסט געפֿינען, אַזוי נעמט אייך אַרום אַ טרויעריגער געפֿיהל. ניט ווייל אונזערע דעפּוטאַטען זענען ניט קיין גלענצענדע רעדנער. סוף כּל סוף האָט די גאַנצע דומע נאָר געצעהלטע דעפּוטאַטען, וואָס האָבען זיך שוין פֿון פֿריהער אויסגעצייכענט, ווי טאַלאַנטפֿולע רעדנער. דער גרעסטער טייל מיטעלע און קלענערע דומע־

רעדנער, אָפֿט מענשען פֿון פֿאָלק מיט אַ קליינער בילדונג, זענען ערשט דאָ רעדנער געוואָרען. די פּאָליטישע אַרבייט הערציהט מענשען און טוער. און אַ רעדע, אַ הארציגע, שטאַרקע און איפּריכטיגע, מאַכט אַן איינדרוק אויף דעמאָלט, ווען עס פֿעהלען די אויסוויינינגסטע שענקייטען און די גענימקייט. און צי קאָן דען געבען אַ רייכערער שטאָף פֿאַר אַזעלכע רעדעס, ווי די ליידען פֿונ'ם יודישען פֿאָלק אין רוסלאַנד? ניין, ניט אין דער שלעכטער רעדנער-קראַפֿט ליגט די צרה, נאָר אין דעם, וואָס אונזערע בעלי-הבתי'שע דעפּוטאַטען פֿעהלט שטימונג, פֿעהלט מוט. ביי זיי און ביי די, וואָס רינגלען זיי אַרום, פֿעהלט די בעגייסטערונג פֿאַר אונזער גערעכטער זאַך, דער טיעפֿער גלויבען אין דער „בעסערער צוקונפֿט“, פֿון וועלכער זיי רעדען אַזוי אָפֿט. און אַז מען גלויבט ניט אין דער צוקונפֿט, אַז מען איז זיך תמיד משתדל, אָנשטאָט אַ פּאָליטישען קאַמף צו פֿיהרען, איז קיין חידוש ניט, וואָס מען קאָן זיך ניט אויפֿהויבען אויף דער הויך, וואו עס הערשט די בעגייסטערונג און דער ענטוזיאַזם, וואָס מען גלייטשט זיך אָפֿט אַראָב אין דעם זומפּ פֿון די הערשער און אונטערדריקער, וואָס מען בענוצט זיך אָפֿט ניט ווילענדיג מיט דעם געוועהר פֿון די מאַכטהאָבער, וואָס מען וויל איבערציינען די, וועמען ס'געהערט די איצטיגע רגע.

דאַרפֿט איהר ביישפּיעלען? אָט האָט איהר אַ גאַנצען בוקעט און קלייבט אייך אויס לויט'ן געשמאַק. ביי די אַלגעמיינע ביודזשעט-דעבאַטען איז דער דעפּוטאַט פֿרידמאַן אַרויסגעטרעטען מיט אַ לאַנגער רעדע וועגען דער יודישער לאַגע. הערט זיך איינמערקזאַם צו צו איהר טאָן, דרינגט אַריין אין איהרע איינצעלנע טיילען, און איהר בעקומט דעם זיכערען איינדרוק פֿון אַ פֿערטיידיגונגס-רעדע, פֿון אַ געלאַסענער פּאָלעמיק מיט דער דומע-מעהרהייט. איהר זאָגט, אַז די יודען עקספּלואַטירען די פּויערשע בעפֿעלקערונג — נאַט אייך אַ באַרג מיט ציפֿערן, וואָס וועלען אייך בעווייזען, אַז דער וואוילשטאַנד פֿון דער פּויערשער בעפֿעלקערונג איז אין תחום העכער, ווי אין די אינעווייניגסטע גובערניעס. איהר זאָגט, אַז די יודען זענען פּאַראַזיטען און ליידיגגעהער — זעהט, וואָס זאָגען דערצו די ציפֿערן און די פֿערטרעטער פֿונ'ם רוסישען האַנדעלס-קלאַס, פֿאַבריקאַציע. זייער עדות איז דאָך פֿאַר אייך געוויס כשר. אָט אַזוי טענ'עט זיך אויס אַ יודישער שליח צבור מיט די, וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען די פּויערים אין לייבאייגענשאַפֿט געהאַלטען ווי בהמות און חיות, שטיקער-און טוסענוויז געקויפֿט און פֿערקויפֿט, געשאָנקען און גענומען. אָט אַזוי פֿערענטפֿערט זיך אַ יודישער דעפּוטאַט פֿאַר די, וואָס זייער עקאָנאָמישע קראַפֿט און פּאָליטישע מאַכט

איז נאָך היינט געבויט אויף דער גרעבסטער און אומ'ברחמנות'דיגער עקספּלאָאַטאַציע פֿון דעם אַרבייטענדען און שאַפֿענדען פֿאָלק.

דעמזעלביגען פֿערטיידיגונגס־ און נוציגקייטס־מאָטיוו בעקומט איהר אויך צו הערען אין דעפּוטאַט באָמאַש'עס רעדע ביי די בודזשעט־דעבאַטען פֿון דעם אינערן־מיניסטעריום („יודען צאָהלען שטייערן צוגלייך מיט אַנדערע פֿעלקער“). דער דאָזיגער שטייגער זיך תמיד צו פֿערענטפֿערן און צום גענער זיך צוצופּאַסען ברענגט אָפֿט צו אמת'ער דערנידעריגונג פֿון אונזער פֿאָלקס־כּבוד און צו שרעקליכער מוטלאָזיגקייט. נעמט, למשל, די צווייטע רעדע פֿון דעפּ. פֿרידמאַן וועגען דער שטאָדטישער זעלבסטפֿערוואַלטונג אין פּוילין. וועלענדיג איבערצייגען די אַנטיסעמיטישע חמע־מעהרהייט, בענוצט ה' פֿרידמאַן אַן אַרגומענט, וואָס אַ יודישער דעפּוטאַט האָט זיך ניט געדאַרפֿט ערלויבען פֿון מויל אַרויסצוברענגען. שרעקט זיך ניט, טענ'ט ער מיט זיי, די יודען וועלען די שטאָדט־פֿערוואַלטונגען נישט פֿערכאַפּען. והא ראיה — גאַליציען. דאָרט זענען קיין בעגרענצונגען פֿאַר יודען נישטאָ, און דאָך גיבען די יודען אָב דעם רוב ערטער פּריוויליג צו די פּאָליאַקען אַפֿילו אין די שטעדט, וואו יודען זענען אַ מעהרהייט. ס'וועט, פֿערשטעהט זיך, קיינעם פֿון אונז ניט איינפֿאַלען צו זאָגען, אַז אין די זעלבסטפֿערוואַלטונגס־אָרגאַנען מוזען יודען קלייבען דוקא יודען. אָבער זיך אָבזאָגען פֿון דעם רעכט און דאָס אַריינגעבען אין נדן אַריין, אַרויסשטעלען פֿאַר אַ תּנאי פֿון קליינע רעכט קאָן נאָר דער, וואָס גלויבט אַליין ניט אין אונזער רעכט צו זיין בעלי־בתּים אין לאַנד צוגלייך מיט אַלע, ווי, למשל, יענע גאַליצישע „מאָשקעס“, וואָס אויף זיי איז דעפּ. פֿרידמאַן זיך סומך.

ניט ווילענדיג בעט זיך צו פֿערגלייכען די יודישע רעדעס מיט די רעדעס פֿון די עקסט־לינקע (מאַלינאָווסקי, צכענקעלי, קערענסקי און אַנד.) אָדער אַפֿילו מיט דער רעדע פֿון מיליוקאָוו, געהאַלטען ביי די בודזשעט־דעבאַטען. קיינמאָל האָבען זיך די יודישע דעפּוטאַטען ניט אויסגעהויבען אויף אַזאַ הויך, אויף וועלכער מיליוקאָוו איז דאָסמאָל געשטאַנען. אָהן רחמנות האָט ער געשילדערט אונזערע און די פֿאָלקס־אונטערדריקער אין פּנים אַריין די שאַנד פֿון דער יודישער רעכטלאָזיגקייט. קיינער פֿון אונזערע דעפּוטאַטען האָט נאָך ניט געהאַט דעם מוט צו זאָגען דאָס, וואָס מיליוקאָוו האָט געזאָגט, אַז כּל זמן די יודען אין רוסלאַנד האָבען נישט קיין בירגער־רעכט, כּל זמן זיי ווערען דאָ גערודפֿ'ט — בלייבט דאָס לאַנד אַ ווילד, אַ באַרבאַריש לאַנד.

# די יודישע וועלט.

אַזוי רעדט דער, וואָס פיהלט זיך אויף זיין ערד, אין זיין לאַנד. „פרעמדע“ וועלען אַזאַ „העזה“ נישט האָבען.

———

מיר האָבען געמאַכט דעם סך הכל פון דער יודישער דומע־טעטיגקייט אין האָבען בעקומען אַ סך הכל פון לויטער מינוסען. רעדען מיר זיך נאָך איטען, זעהט עס אויס וועניגער טרויעריג. פערשטעהט זיך, ניט אין דעם זין פון „רעאַלע“ רעזולטאַטען. אין דעם פּרט איז די פערטע דומע (ד. ה. איהר מעהרהייט) דערווייל בכל אופן ניט בעסער פון דער דריטער. אויף יודישע בעגרענצונגען, וואָס זענען אויסגעגאַנגען פון דער רעגירונג, איז זי תמיד גרייט געווען איהר שטעמפּעל צו שטעלען. עס וועט גענוג זיין צו דערמאָנען אָן די פּאָלענדע בעגרענצונגען, וואָס זענען אָנגענומען געוואָרען אינ'ם משך פון דער ערשטער סעסיע אין פּלענום אין אין די פערשיידענע דומע־קאָמיסיעס. די דומע האָט אָנגענומען דעם פערבאָט אָבצוגעבען יודען אין אַרענדע די מאַיאָראַט־גיטער. יודען זענען אינגאַנצען אויסגעשלאָסען געוואָרען פון דעם אינסטיטוט פאַר אַייזענבאַהן־אינזשענערן אין מאָסקווע. אין דעם געזעץ־פּראָיעקט, וואָס איז מבטל אייניגע בעגרענצונגען פאַר דעם פייערים־שטאַנד, מעשצאַנעס און אַזוי ו. בנוגע צו די פּאַספּאָרטען, האָט די געזעצגעבערישע קאָמיסיע געלאָזט די אַלטע בעגרענצונגען פאַר יודען, וואָס געהערען צו די דאָזיגע שטאַנדען. זיי קאָנען, ווי פריהער, נישט בעקומען קיין פּאַספּאָרט־ביכלעך אָהן אַ טערמין. אין דעם געזעץ־פּראָיעקט וועגען די שטאַטען פון האַנדעלס־מיניסטעריום, האָט די פעראייניגטע קאָמיסיע פאַר געזעצגעבונג און האַנדעל אַריינגעפיהרט אַ בעגרענצונג פאַר יודען בנוגע צו דעם ראַט ביים האַנדעלס־מיניסטעריום. אַ גרויסע בעדייטונג האָבען די בעגרענצונגען פון די יודישע רעכט אין דער שטאָדטישער זעלבסטפערוואַלטונג אין פּוילין, נאָר דאָ האָט די דומע געהאַט צו טהון מיט אַ פּאַרטייגער זאַך, וואָס איז איהר געקומען בירושה נאָך פון דער דריטער דומע.

מיר זעהען בכן, אַז די דומע־מעהרהייט האָט זיך ניט אָבגעזאָגט פון איהר טענדענץ צו בעגרעניצען די יודישע רעכט, וואו נאָר דאָס לאָזט זיך. אין דעם זין זענען סימפּטאָמאַטיש די איבען־אויסגערעכנטע קליינע בעגרענצונגען, אַפילו אויב זיי האָבען נישט קיין בעדייטענדען פּראַקטישען ווערט.

די בעציהונג פון דער רעגירונג צו דער יודישער פראַגע, אויף וויפיעל מען האָט זי בעהאַנדעלט אין דומע, איז אויך געבליבען ווי

געווען. די רעגירונג האָט עס בכלל פאַר אַ פּחיתת הכבוד צו דערמאָנען וועגען יודען. אַפילו בעת קאָקאָווצעוו האָט אין אָנהויב פון דער עדשטער ,סעסיע אין דער רעגירונגס־דעקלאַראַציע געפונען פאַר נויטיג אַ שמייכעל צו טון צו די „אינאָראָדצעס“, בפרט צו די פּאָליאַקען און מוסולמענער, און זיי געגעבען גוטע האָפענונגען אויף שפּעטער, אויב זיי וועלען זיך פיהרען לויטיש, האָט מען אונז אַפילו מיט איין וואָרט ניט דערמאָנט. אויף דער גרויסער רעדע פון קאָנאָוואַלאָוו וועגען דער פּאָליטיק פון האַנדעלס־מיניסטעריום, און וועלכער די יודען־פראַגע, פונ'ם שטאַנדפּונקט פון די רוסישע האַנדעלס־אינטערעסען, האָט פערנומען אַ בכבוד'יגען אָרט, האָט געענטפערט דער געהילפס־מיניסטער באַרק און ווידער אַמאָל איגנאָרירט פערשוויגען גראָד אָט דער טייל פון זיין רעדע. הכלל, די רעגירונג געהט, ווי פריהער, מיט פעסטע און זיכערע טריט אויפ'ן וועג פון יודישע בעגרענצונגען און איגנאָרירט אינגאַנצען אונז מיט אונזערע טענות. דאָס איז, איבעריגענס, פאַר אונז קיין נייעס ניט.

עפּיס נייעס, איך וואָלט געזאָגט — אַ נייעם טאָן, האָט געבראַכט מיט זיך די פערטע דומע אין דער בעציהונג פון די לינקע דומע־פראַקציעס צו דער יודישער פראַגע. וועגען די עקסט־רעכטע האָבען מיר ניט וואָס צו רעדען. זייער בעציהונג צו יודען איז אייזען־פעסט און לאָזט זיך ניט ענדערן. מיט אַ סקאַנדאַל מעהר, מיט אַ סקאַנדאַל וועניגער — דאָס האָט באמת קיין גרויסען ווערט ניט. דאָס אייגענע קאָן מען זאָגען וועגען די אָקטיאַבריסטען, כאָטש בכלל, אין אַלגעמיינע מלוכה־פראַגען, איז זייער פּאָזיציע מעהר קאָמפּליצירט און טראָגט אויף זיך אַלע סימנים פון דער צוויפּנימ'דיגקייט, וואָס צייכענט אויס די דאָזיגע קריכעריש־אָפּאָרטוניסטישע פּאַרטיי. אויב בנוגע צו אַלגעמיינע פראַגען האָבען זיך אין דער פערטער דומע דאָך געלאָזט פון צייט צו צייט הערען פון זייערע רייהען אָפּאָזיציאָנעלע נאָטעס (דערמאָנט זיך ראָדזיאַנקאָ'ס פּרעזידענטען־רעדע, וואו ס'זענען מיט אַן אומגעוועהנליכער דרייסטקייט (פאַר אָקטיאַבריסטען, פערשטעהט זיך) דערמאָנט געוואָרען די „קאָנסטיטוציאָנעלע יסודות“, די שאַרפע רעדע פון שידלאָווסקי און די איבעריגענס־פאָרמעל וועגען דעם ביודזשעט פון אינערן־מיניסטעריום, און אַנד.), זענען די אָקטיאַבריסטען אין דער יודען־פראַגע געבליבען געטריי זייער אַלטער טראַדיציע און האָבען אַמעטים (ביי די אויסגערעכענטע פראַגען) צוזאַמען מיט די רעכטע געשטימט פאַר יודישע בעגרענצונגען, און נאָר אַדאַנק זייערע שטימען זענען טאַקע די דאָזיגע בעגרענצונגען אָנגענומען געוואָרען.

די „פּראָגרעסיסטען“, וואָס שפּיעלען, ניט קוקענדיג אויף זייער קליינער צאָהל, אַ גאַנץ היבשע ראָלע אין דער פערטער דומע, האָבען זיך אין בעסטען פאַל בעצויגען אינדיפערענט צו דער יודען-פראַגע. אַזוי, למשל, האָבען זייערע רעדנער ביי די דעבאַטען וועגען דעם בידזשעט פון אינערן-מיניסטעריום די יודישע לאַגע אינגאַנצען פערשוויגען. די איינציגע רעדעס לטובת די יודען זענען געווען די דערמאָנטע רעדע פון קאָנאָוואַלאָוו, און מאַסלעניקאָוו'ס רעדע, בעת ס'האָט זיך בעהאַנדעלט דער געזעץ-פּראָיעקט פון דער שטאָדטישער זעלבסט-פערוואַלטונג אין פּוילין. די פּראָגרעסיסטען האָבען אָבער ניט נור געשוויגען, נאָר טיילמאָל אַפילו געשטימט קעגען אונזערע אינטערעסען. אַזוי האָט אַ גרויסער טייל פּראָגרעסיסטען אין בראש זייער לידער יעפרעמאָוו געשטימט פאַר דעם געזעץ-פּראָיעקט פון דער שטאָדטישער זעלבסט-פערוואַלטונג אין פּוילין, ניט געקוקט אויף די בעגרעניצונגען פון די יודישע רעכט. ס'האָט זיך אַפילו געפונען אַ פּראָגרעסיסט (ראָדזעוויטש), וואָס האָט צוזאַמען מיט די רעכטע, אָקטיאַבריסטען און דער פּוילישער קאָלאָ געשטימט אין דער קאָמיסיע דירעקט פאַר דער פּראָצענט-נאָרמע פאַר יודען אין דער זעלבסטפערוואַלטונג, און די פּראָגרעסיסטישע פראַקציע אַלס גאַנצע האָט אַפילו ניט געפונען פאַר נויטיג זיך אָבצושיידען פון איהר שענעם חבר. כאָטש די פּרעסע האָט איהר געשטעלט די פראַגע „הלנו אתה אם לצרנו?“ גאַנץ קלאָר און אָפען. די פּראָגרעסיסטען, דאָס בעווייזען אַלע סימנים, ווילען זייער רעפּוטאַציע דורך „יודען-ליעבע“ ניט פערשלעכטערן, זיי ווילען בלייבען „יודען-ריין“. מילא, זאָל זיי גאָט העלפען. אונז וואָלט עס אָבער גאָר ניט שאַדען דאָס צו געדענקען און ניט שטיצען, ווי דאָס האָט פּאַסירט ביי די וואַהלען אין דער פערטער דומע, אַ פּאַרטיי, וואָס טראָגט אין זיך די זיימען פון אַ צוקונפטיגען רוסישען „פּראָגרעסיווען אַנטיסעמיטיזם“ אויפ'ן פּוילישען שטייגער.

אַ גרויסען פּלוס האָבען מיר צו פערצייכענען אין די אַרויסטרעטונגען פון די לינקע. קיינמאָל האָבען זיי, בעזונדערס די קאַדעטען, ניט גערעדט וועגען דער יודישער לאַגע אין אַזאַ דרייסטער, שאַרפער פאָרם, ווי אין דער פערטער דומע. ס'איז גענוג אַנטקעגענצושטעלען מאַקלאַקאָוו'ס רעדע וועגען דעם געזעץ-פּראָיעקט מבטל צו מאַכען דעם תחום אין דער דריטער דומע און די אויבענדערמאָנטע מיליוקאָוו'ס אָדער ראָדיטשעוו'ס רעדע אין דער פראַגע וועגען דער זעלבסטפערוואַלטונג אין פּוילין. די אָנערקענונג פון אונזער רעכט צו עקסיסטירען אַלס נאַציע איז דאָסמאָל ביי מיליוקאָוו'ן אַזוי קלאָר פאָרמולירט געוואָרען, און

# י. עפרען.—די יודען־פראַגע אין דער פערטער דומע.

די גאַנצע רעדע איז געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ מין ווערדע, אַז מיר מעגען זיך ווינשען ווען ניט איז פון אַ יודישען דעפוטאַט אַזוי וואָס צו הערען. די פראָטעסטען פון דער יודישער געזעלשאַפטליכער מיינונג און פרעסע קעגען אייניגע נישט ווערדיגע קאַדעטישע פערטיידיגונגס־רעדעס אין דער דריטער דומע, וועלכע (די פראָטעסטען) האָבען אַריינגעבראַכט אין אַזאַ בייזען גרימצאָרן די יודישע קאַדעטען און געמאַכט „בייז בלוט" זייער לייב־אָרגאַן, האָבען דאָך געהאַט אַ ווירקונג. און דאָס זאָל אַלס אונזער נצחון פערצייכענט ווערען.

מיט אַ בעזונדער בעפרידיגונג דאַרפען מיר זיך אָבשטעלען אויף דער האַלטונג פון דער גאַנצער אָפּאָזיציע (אויסגענומען אַ טייל פראָגרעסיסטען) בנוגע צו דער פראַגע וועגען דער פוילישער זעלבסטפערוואַלטונג. די בעהאַנדלונג פון דער פראַגע אין דומע איז נאָך ביי אַלעמען פריש אין זכרון, זי איז שוין אויך אָבגעשאַצט געוואָרען אין אונזער זשורנאַל (זעה מאָנאַטליכע איבערזיכט אין פאָריגען נומער). עס איז דעריבער איבעריג אויף דעם לאַנג זיך אָבצושטעלען. איך וויל נאָר אונטערשטרייכען איין מאָמענט, וואָס האָט, לויט מיין מיינונג, אַן אומגעהייער גרויסע בעדייטונג. די פראָגרעסיווע רוסלאַנד האָט ביי דעם פאַל — און לאָמיר האָפען איין מאָל פאַר אַלע מאָל — געבראָכען מיט איינעם פון איהרע אָנגענומענע דאָגמעס, וואָס פאַר איהר האַלט זי זיך שוין צענדליגער יאָהרען, ממש פון געבוירען־טאָג אָן, דאָס איז די *פאַלש פערשטאַנענע* דאָגמע פון פוילישער אַווטאָנאָמיע. די דאָגמע, וואָס האָט געהייסען, אַז די בעלי־הבתים פון פוילין זענען די פאָליאַקען. ממילא איז אויסגעקומען, אַז דער ווילען פון זייערע פערטרעטער אין דומע איז *אַ מוז*, וואָרום ניט אונזער עסק איז דאָס זיך צו מישען דערין, ווען די פאָליאַקען האָבען זיך אויסגעקליבען פאַר פערטרעטער. זענען דאָך די קאַדעטען, למשל, אויף אַזאַ שטאַנדפונקט געשטאַנען, בעת די זעלבסטפערוואַלטונג האָט זיך בעהאַנדעלט אין דער דריטער דומע. איצונד איז צו אָט דער טראַדיציע געקומען אַ סוף. אינ'ם בעוואוסטזיין פון דעם פראָגרעסיווען רוסלאַנד איז טיעף אַריינגעדרונגען דער געדאַנק, אַז פוילין איז אַ געמישט לאַנד, אַז אַחוץ פאָליאַקען זענען אין איהם און אין זיין גורל פעראינטערעסירט די יודען, ליטווינער, רוטענען א. אַז. וו. שוין ניט גערעדט דערפון, וואָס אַחוץ די *אָפיציעלע* פוילישע פאָרשטעהער, זענען נאָך פאַרהאַן אַנדערע, איז פאַרהאַן נאָך די פוילישע דעמאָקראַטיע. די פוילישע אַווטאָנאָמיע מוז בכן אַזוי קאָנסטרואירט זיין, אַז זי זאָל ניט געבען איין טייל פון דער בעפעלקערונג די איבערמאַכט איבער די איבעריגע. און

## די יודישע וועלט.

ס׳איז בלי ספק אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין די מוחות, ווען ראַדיטשעוו, דער אַלטער, געטרייער און עהרליכער רוסישער ליבעראַל, האָט געקאָנט פון זיין מויל אַרויסברענגען די ווערטער: „... אויב די פוילישע אויטאָנאָמיע בעטייט די פערלייקענונג פון די רעכט פון דער מינדערהייט, אויב די פוילישע אויטאָנאָמיע בעטייט רעכט-בעגרענצונגען צוליעב דעם טריאומף פון פּאָלאָניזם, טאָ צו וואָס דאַרף מען זי האָבען? לאָז שוין בלייבען די רוסישע דיקטאַטור“. די דאָזיגע רעוואָלוציע איז, אויב דער „קוריער וואַרשאַווסקי“ וויל עס דוקא האָבען, אַ „יודישער נצחון“ און צו דערזעלבער צייט אַ נצחון פון דעם פּראָגרעסיווען געדאַנק אין לאַנד בכלל.

אַזעלכע מאָראַלישע נצחונות, וואָס האָבען, בלי ספק, היסטאָרישע בעטראַכט, אַ סך אַ גרעסערן ווערט, ווי פיעל, פיעל נישטיגע „רעאַלע“ רעזולטאַטען, וואָלטען מיר געוויס געקאָנט נאָך מעהר פערצייכענען, ווען... ווען מיר זאָלען אַליין צו זיי שטרעבען מיט דער גאַנצער ענערגיע, ווען מיר זאָלען זייער ווערט פערשטעהן, ווען אָנשטאָט צו זייהען יאוש בנוגע צו אונזער פּאָליטישער אַרבייט בכלל און אין דער דומע בפרט, וואָלטען מיר די ראַהמען פון דער דאָזיגער אַרבייט ברייטער געמאַכט, אין איהר אַ נייעם אינהאַלט אַריינגעגאָסען.

ס. דינגאָל.

# דער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס קעגען פרויען־האַנדעל.

(אַ בריעף פון לאָנדאָן).

I

די וויכטיגקייט פון קאָנגרעס קעגען פרויען־האַנדעל, וואָס איז סוף סאָריגען חודש פאָרגעקומען אין לאָנדאָן, ליגט ניט בלויז אין דער פראַגע, וואָס איז דאָרט בעהאַנדעלט געוואָרען, נאָר אויך אין דעם צונויפשטעל פון קאָנגרעס גופא.

ביי די קאָנגרעסען קעגען פרויען־האַנדעל האָבען זיך צום ערשטען מאָל צוזאַמענגעטראָפען רעפּרעזענטאַנטען פון פערשיידענע מלוכות, ניט צוליעב הויף־פּאָליטיק, וואָס בעריהרט די אינטערעסען פון די העכערע קלאַסען, נאָר פון וועגען אַ סאָציאַלער פראַגע, וואָס איז נוגע דער גאַנצער געזעלשאַפט.

און דאָס איז נאָך וויכטיגער: פאָרשטעהער פון אַזעלכע רעגירונגען, פון אַזעלכע לענדער, וואָס זענען געוועהנט צו קוקען אויף זיך תמיד, ווי אויף פון גאָט געוואַלבטע אַווטאָריטעטען אין אַלע פראַגען, און צו דערשטיקען יעדע איניציאַטיוו, וואָס קומט פון בירגער, זענען דאָ געזעסען אַקסעל ביי אַקסעל מיט געזעלשאַפטליכע טוער פון פערשיידענע אָרגאַניזאַציעס ביי זיי אין לאַנד און אין פרעמדע לענדער, און אין אַ משך פון פינף טעג בעהאַנדעלט איינע פון די וויכטיגסטע פראַגען פון אונזער צייט.

עס קאָן זיין, אַז דערין איז שולדיג דער בעזונדער מזל פון פרויען־האַנדעל.

די פראַגע בעריהרט אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט. יעדער פאָטער און יעדער ברודער האָט דאָ זיינע בלוט־אינטערעסען. פאָרשטעהער פון פערשיידענע געזעלשאַפטליכע שטרעמונגען האָבען דאָ אַ בּרייט פעלד פאַר פערשיידענע אַרגומענטען און פירושים. אויך די פרעסע האָט קיינמאָל ניט געקאַרגט קיין פלאַץ פאַר יעדער געשעהעניש, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקעל שייכות צום פרויען־האַנדעל. זי האָט ניט געשפּאָרט קיין פאַרבען און קיין צונעמענישען פאַר די העלדען פון דער ווייסער שקלאַפעריי.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס אויף דער איינלאַדונג פון לאָנדאָן צו אַן ערשטען אינטערנאַציאָנאַלען קאָנגרעס אין יאָהר 1899, האָט מען זיך ברייט אָבגערופען, און אויף דער אָפיציעלער איינלאַדונג פון פראַנקרייך אין יאָהר 1904 צו אַן אינטערנאַציאָנאַלער רעגירונגס־קאָנפערענץ האָבען געענטפערט כמעט אַלע מלוכות.

זינט דעמאָלט איז דער קאַמף קעגען פרויען־האַנדעל אויפגענומען געוואָרען „אָפיציעל“, און נאָך 3 אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען זענען אָבגעהאַלטען געוואָרען: אין פאַריז — 1906, אין מאַדריד — 1910, אין בריסעל — 1912 און איצט — דער פינפטער אין לאָנדאָן.

II

וואָס האָט דער „אָפיציעלער“ קאַמף קעגען פרויען־האַנדעל אויפגעטאָן פאַר די 9 יאָהר פון זיין עקסיסטענץ?

עס איז אוממעגליך אויף דער פראַגע גענוי צו ענטפערן, שוין מחמת דעם גופא, וואָס מען האָט ניט קיין ציפערן פון דעם פריהערדיגען צושטאַנד פון פרויען־האַנדעל, כדי צו קאָנען מאַכען אַ פערגלייך און וויסען, אויף וויפיעל דער קאַמף קעגען איהם האָט דעם מצב פערבעסערט.

נאָר דאָס איז קלאָר, אַז די ניין יאָהר אַרבייט פון די נאַציאָנאַלע קאָמיטעטען און פון די רעגירונגס־פאָרשטעהער אין פערשיידענע לענ־

דער האָבען געהאָלפען די בראַנע אויספאָרשען. די פאַקטען, וואָס זענען צונויפגעקליבען געוואָרען, גיבען גענוג מאַטעריאַל צו וויסען דעם איצטיגען צושטאַנד פון דער ווייסער שקלאַפעריי, דעם מקור, פון וואַנען עס שטאַמען די קרבנות, א. א. וו.

ערשטענס האָבען אַלע אָפיציעלע אויספאָרשונגען כמעט פעסטגעשטעלט, אַז אין דעם גאַנצען געוואַלד וועגען פרויען־האַנדעל שטעקט אַ שטיק פאַנטאַזיע. געווים קומען פאָר פאַלען, וואו אַ פרוי ווערט פערנאַרט קעגען איהר ווילען און ווערט דערנאָך פערקויפט אין אַ שאַנד־הויז. אַזוינע פאַלען אָבער געשעהען גאַנץ זעלטען. פון 1021 פאַלען, ווען מען האָט זיך אין משך פון פאָריגען יאָהר געווענדט נאָך הילף צום יודישען פעראיין פאַר פרויען־שוץ, זענען בסך־הכל געווען 5 צופאַלען פון פרויען־האַנדעל. דערביי איז צו בעמערקען, אַז דער פעראיין פיהרט זיין אַרבייט כמעט אין אַלע אייראָפּעאישע לענדער און אין פיעלע לענדער פון אַנדערע וועלט־טיילען. אין האָלאַנד האָט מען 148 מענשען אַרעסטירט דורכ'ן פאָריגען יאָהר פאַר פערברעכענס בנוגע צו פרויען, און בלויז איינער פון די אַרעסטירטע איז געווען אַ פרויען־הענדלער. ענגלאַנד איז מען געוועהנט צו רעכענען פאַר אַ צענטער פון פרויען־האַנדעל, מחמת די פיעל האַפען־שטעדט, וואָס זי האָט. דאָך דערקלערען די פאָליציי־שעפען פון ליווערפול, מאַנטשעסטער, פרעסטאָן, בירקענהעד, גלאַזגאָוו, הול, סאוטהעמפטאָן און אַנדערע האַפען־שטעדט, אַז עס איז ניטאָ קיין שום יסוד צו גלויבען, אַז דאָרט עקסיסטירט אַן אָרגאַניזאַציע פון פרויען־הענדלער, אָדער עס ווערט געפיהרט אַ סיסטעמאַטישער פערקויף פון פרויען פאַר שענדליכע צוועקען אין פרעמדע לענדער *.

די מיינונגען פון דער פאָליציי ווערען אויך אונטערגעהאַלטען דורך אַ פּריוואַטער אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אין זיבען שטעדט פון ענגלאַנד, וואו מעהר פון צוויי הונדערט פרויען זענען אין משך פון פאָריגען יאָהר פערלוירען געגאַנגען, און בלויז איינע איז געפונען געוואָרען אין די הענד פון פרויען־הענדלער. די איבעריגע האָט מען געפונען אין אומשטאַנדען, וואָס האָבען צום פרויען־האַנדעל קיין שום שייכות ניט *.

די אמת'ע געזעלשאַפטליכע צרה ליגט ניט אין פרויען־האַנדעל, נאָר אין דער פּראָסטיטוציע. דעם פלאַץ פונ'ם אַמאָליגען פרויען־הענדלער האָט איצט פערנומען דער „אַלפאָנס", דער „התן" און „פעטער" פון דער גאַסען־פרוי, וואָס לעבט אויף איהרע פערדיענסטען.

און דער קאַמף קעגען איהם איז פיעל שווערער.

אַז אַ פרוי ווערט פערפיהרט דורך אַ פרויען־הענדלער, האָט די פאָליציי באַלד די הילף פון דער פרוי גופא, איהר עדות קעגען פערפיהרער, וואָס גיט דער מאַכט אַ מעגליכקייט צו אַרעסטירען דעם שולדיגען און אָפט צו דערגעהן דורך איהם אויך וועגען זיינע חברים. אַז דער אַלפאָנס אָבער פאָהרט אַריבער מיט זיין קרבן פון איין לאַנד אין אַ צווייטען, טוט ער עס תמיד מיט'ן גוטען ווילען פון דער פרוי. די בעריכטען פון פערשיידענע לענדער זענען פול מיט פאַקטען, וואו די פאָליציי האָט געפרובט פערהאַלטען אַ מאַן אונטער דעם חשד פון פּראָסטיטוציע, און די פרוי איז איהם תמיד צו הילף געקומען און מיט איהר עדות זאָגען איהם בעפרייט.

עס איז אויך אוממעגליך צו קעמפען קעגען די צעהנדליגער טויזענדער גאַסען־פרויען אין יעדען לאַנד, ניט בעריהרענדיג אָפט די פרייהייט פון פערזאָן, וואָס מוז אין פיעל לענדער הייליג אָבגעהיט ווערען...

און וואָס פאַר אַ שרעקליכע פיזישע און גייסטיגע דעגענעראַציע די פּראָסטיטוציע ברענגט אין די גרויסע שטעדט, איז זיך קוים פאָרצושטעלען.

אין מאַנהאַטאַם, דעם צענטער פון ניו־

* אַלע פאַקטען, וואָס דערביי זענען ניט אָנגעגעבען קיין קוועלען, זענען גענומען פון די בעריכטען און רעדעס, וואָס זענען געלייענט געוואָרען אויפ'ן קאָנגרעס. — ס. ד.

* The truth about white Slawery English Review, 6, 13.

יאָרק, זענען אויסגעהאַלטען געוואָרען פאָריגען יאָהר 1606 שאַנד־הייזער, וואָס אין זיי האָבען זיך געפונען 15 טויזענד פרויען. בלויז אין 30 אַזעלכע „הייזער" ווערט אָבגעצאָהלט יעהרליך 2 מיליאָן דאָלאַר צו די פרויען, וואָס פערנעמען זיך מיט דער „פראָפעסיע". יעדע פרוי נעמט אויף דורכשניטליך 10 מאַנסביל יעדען טאָג*.

אין דענווער, דער הויפּטשטאָדט פון שטאַט קאָלאָראַדאָ, זענען דאָ 700 גאַסען־פרויען. און יעדען יאָהר ווערען דאָרט פערצייכענט 12 טויזענד מענער און פרויען קראַנקע אויף ווענערישע קראַנקהייטען.

איינע פון די פרויען האָט אין שפּיטאָל דערצעהלט, אַז מיט אַ מעת־לעת פריהער האָט זי אויפגענומען 68 „געסט". פון 144 פרויען, וואָס מען האָט מעדיציניש אויסגעפאָרשט, האָבען זיך אַרויסגעוויזען 95 קראַנקע**. רעכענענדיג טעגליך אויף יעדע פרוי צו 10 מענשען, הייסט דאָס, אַז די קליינע אַרמיי גאַסען־פרויען איז בכח אַריינצוברענגען יעדען טאָג די שענדליכסטע און שענדליכסטע קראַנקהייטען אין קרוב טויזענד הייזער.

III

אויב אין קאַמף קעגען די פרויען־הענדלער, וואָס האָבען געפיהרט דעם מסחר קעגען דעם ווילען פון דער פרוי, איז געווען אפשר אַ גוטער מיטעל — צו שאַפען שטרענגע געזעצען און בעשטראָפען די שולדיגע מיט האַרבע שטראָפען, זענען אָבער אַלע געזעצען אָהנמעכטיג אין קאַמף מיט פּראָסטיטוציע. דאָ מוז די מלחמה געפיהרט ווערען ניט מיט די פערברעכער, נאָר מיט דעם פערברעכען. עס מוזען געזוכט און געפונען ווערען די סיבות, וואָס טרייבען פרויען צו פּראָסטיטוציע, און קעגען זיי מוזען מיטלען אָנגענומען ווערען.

וועגען די סיבות פון פּראָסטיטוציע איז אויפ'ן קאָנגרעס פיעל און פערשיידען גערעדט געוואָרען.

דער רוסישער בעריכט, למשל, האַלט פון דער מיינונג, אַז די גרויס־שטאָדטישע קולטור איז אין דעם פיעל שולדיג. די דייטשען מיינען, אַז די שלעכטע מאָראַלישע ערציהונג פון דער יוגענד איז עס צו פערדאַנקען. דער ענגלישער בעריכט זאָגט, אַז די סיבות פון פּראָסטיטוציע דאַרף מען זוכען אין די שלעכטע עקאָנאָמישע בעדינגונגען פון אַ גרויסער צאָהל פרויען און אין דער שטרעבונג צו זעלבשטענדיגקייט און פרייהייט, וואָס האָט זיך לעצטענס פיעל ענטוויקעלט צווישען פרויען.

אויף וויפיעל די גרויס־שטאָדטישע קולטור, די שלעכטע מאָראַלישע ערציהונג און די שטרעבונג צו זעלבשטענדיגקייט און פרייהייט האָט מיטגעווירקט צו דער ענטוויקלונג פון פּראָסטיטוציע, וועגען דעם האָבען מיר בלויז מליצות פון צביעות'דיגע בירגער. נאָר אַז דער עקאָנאָמישער צושטאַנד פון דער פרוי איז פיעל פערענטפערליך דערפאַר, דאָס ווערט בעוויזען מיט פאַקטען.

די צענטראַל־ביוראָ פון יודישען פעראיין פאַר פרויען־שוץ גיט ניט אָן קיין אַנדערע סיבות פאַר דער פּראָסטיטוציע אין גאַליציען, אַחוץ דער שלעכטער עקאָנאָמישער לאַגע דאָרטען. בוענאָס־אַיירעס איז דער צענטער פון דער פּראָסטיטוציע, ווייל דאָרט בעצאָהלט זיך קיין זאַך ניט אַזוי גוט, ווי פּראָסטיטוציע*. פון 40 גאַסען־פרויען אין דענווער, האָבען 27 אָנגעגעבען זייער אָרימקייט און שלעכטע פערדיענסטען, ווי די סיבה פון זייער אָבגעבען זיך צו פּראָסטיטוציע. עקאָנאָמישע אומשטאַנדען טרייבען יונגע קינדער אין פאַבריקען, האָטעלען, קאַפע־שאַנטאַנען און אַנדערע עפענטליכע ערטער, פון וואַנען ניין צעהנטעל פון דעם דאָזיגען מאַטעריאַל ווערט גענומען.

עס איז, נאַטירליך, נאַאיוו צו דענקען, אַז די אַלע קאָנגרעסען קאָנען אומבייטען די עקאָנאָמישע לאַגע פון דער פרוי. און דאָך איז פאַרהאַן דאָ אַ ברייטע פעלד פון אַרבייט פאַר געזעלשאַפטליכע טוער.

דערין ליגט דערווייל דער איינציג מעג־

---

* Kneeland. Commercialized Prostitution in New York City.

** Vigilance, June 1913.

* Report of the International Bureau.

ליבער קאַמף קעגען פּראָסטיטוציע, אויף וויפיעל זי לאָזט זיך בעקעמפען דורך פילאַנטראָפּיע: ראַטעווען די אומגליקליכע, וואָס שטרעקען אויס אַ האַנד נאָך הילף.

IV

וואָס פאַר אַ שייכות האָט די עמיגראַציע צום פרויען־האַנדעל?

דאָס איז אַ פראַגע, וואָס איז אונז, ידען, אַלס עמיגרירענדע נאַציע בעזונדערס שטאַרק נוגע.

די עמיגראַציע מוז אַיינגעטיילט ווערען אין צוויי מאָמענטען: 1) די צייט פון דער רייזע: די צופעליגע בעקאַנטשאַפטען אויף די באַהנען, שיפען און האָטעלען אויפ'ן וועג, און 2) די נייע היים, די נייע סביבה, וואוהין דער עמיגראַנט קומט, ווי אַזוי זי ווירקט אויף איהם.

וועגען דער ערשטער פראַגע האָט דער האָלענדישער קאָמיטעט געמאַכט אַן אויספאָרשונג ביי די שיפס־געזעלשאַפטען, באַהנען און שוץ־חברות אין פערשיידענע לענדער, און דער רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג איז גיכער, אַז ס'איז דאָ אַ „מעגליכקייט" צו פערנאַרען פרויען אויף די שיפען. קיין פאַקטען, אמת'ע לעבענס־פּאַסירונגען זענען ניט אָנגעגעבען געוואָרען. אויב די בעקאַנטשאַפט און די נאָהענטקייט פון פרעמדע מענשען אויף איין שיף איז אַ גרויסע סכנה פאַר אַן עלענדער פרוי, איז אָבער ניטאָ קיין לייכטערער פלאַץ צו ראַטעווען זיך פון ניט־געווינשטער בעקאַנטשאַפט, ווי אויף אַ שיף, וואו הונדערטער מענשען זענען תמיד פאַר די אויגען, און דער פערברעכער האָט קיין מעגליכקייט ניט צו אַנטלויפען, סיידען צו וואַרפען זיך אין ים.

סטאַטיסטישע ציפערן פון בעדפאָרד, אַמעריקע, בעווייזען, אַז פון 647 גאַסען־פרויען זענען 75,89 פּראָצענט אַמעריקאַנער געבוירענע, און בלויז 24,11 פּראָצענט פון זיי זענען אַיינגעוואַנדערטע. אין בוענאָס־אַיירעס, וואו די גאַנצע פּראָסטיטוציע איז כמעט אַן אַיינגעוואַנדערטע, זענען די גאַסען־פרויען אַיינגעטיילט לויט די לענדער: דייטשע — 12; עסטרייכישע — 40; שפּאַנישע — 155; פראַנצויזישע 341; ענגלישע — 4; איטאַליענישע — 116 און רוסישע 362. צו זאָגען, אַז די שטאַרקע יודישע עמיגראַציע פון רוסלאַנד איז פערענטפערליך פאַר דער גרויסער צאָהל רוסישע גאַסען־פרויען אין בוענאָס־אַיירעס, וואָלט הייסען, דוכט מיר, פאַלש אויסטייטשען די ציפערן. אָט האָט איטאַליען ניט אין ערך אַ גרעסערע עמיגראַציע פאַר פראַנקרייך, און דאָך זענען די פראַנצויזישע גאַסען־פרויען 3 מאָל אַזוי פיעל כמעט, ווי די איטאַליענישע. עסטרייך האָט אַ גרעסערע עמיגראַציע פאַר שפּאַניען, און איהר צאָהל גאַסען־פרויען איז בלויז אַ פערטיל פון די שפּאַנישע. גיכער איז עס גורם דער טיפ פון דער רוסישער, פראַנצויזישער און שפּאַנישער פרוי, וועלכע געפינט דאָרט מעהר בעלנים, און דעריבער — אַ גרעסערען אָנבאָט.

פיעל וויכטיגער איז פאַר אונז, ווי אַזוי די נייע היים ווירקט פון עמיגראַנט. אויב מען זאָל גלויבען דעם אָפיציעלען בעריכט פון ענגלאַנד, זענען כמעט אַלע פרויען־הענדלער אין לאָנדאָן בלויז אַיינגעוואַנדערטע יודען פון רוסלאַנד און פוילין. דער בעריכט גיט ניט אָן קיין בעזונדערע ציפערן וועגען יודישע און ניט־יודישע פער'משפט'ע פרויען־הענדלער, אַז מען זאָל קאָנען קאָנטראָלירען די אויבענגעבראַכטע בעהויפטונג; און פון דער אַלגעמיינער צאָהל פער'משפט'ע, וואָס דער בעריכט גיט אָן פאַר די לעצטע 10 יאָהר, ווייזט זיך אַרויס, אַז די צאָהל פער'משפטע זענען אין געוויסע יאָהרען געווען גרעסער נאָך די עמיגראַציאָנס־בעגרעניצונגען, ווי פריהער, כאָטש אדאַנק די בעגרעניצונגען איז די צאָהל פון יודישע אימיגראַנטען פיעל פערקלענערט געוואָרען. דער פאַקט אָבער, וואָס אַ געוויסע צאָהל אייגעוואַנדערטע יודען אין ענגלאַנד זענען פער'משפט געוואָרען פאַר פערברעכענס פון פרויען־האַנדעל, אין דער צייט, וואָס קיין יוד, וואָס איז געבוירען אין ענגלאַנד, איז פאַר אַזאַ פערברעכען ניט פער'משפט געוואָרען, בעווייזט, אַז ניט דער יוד איז שולדיג, נאָר די סביבה, די נייע אומגעבונג, אין וועלכע דער יודישער עמיגראַנט פאַלט אַריין.

ה. ד. הורוויץ.

# אין דער יודישער וועלט.

בענרעניצונגען און רדיפות.—א יודישע הויכשולע.—דער קיסינגער אימפראָווי־זירטער צונויפפאָהר פון יודישע קראנקע כלל־טוער.— אריבערגעכאַפּט די מאָס.— די קיעווער אָבלאַוועס און גירושים.— יושטשינסקי'ס שאָטען.— א נייער מין שרפות.—די מעכאָווער טראַגעדיע.— פוילישער באָיקאָט־באַנדיסיזם.— א פתיב מיט א קרי.— די אסיפות פון די רביים און רבנים אין פוילין.— א צייכען פון דער צייט.— אינעווייניגסטע אויפבוי־אַרבייט.— די אַנקעטע וועגען יודישע ווארשטאַטען.—פעדאַגאָגישע קורסען אין אָדעס.— ליידער—צו וועניג!—דער מאָסקווער צוזאַמענפאָהר פון פריקאַשטשיקעס און אונזער יודישער האַנדעלס־פּראָלעטאַריאַט.

דער פערגאַנגענער חודש האָט אונז געבראַכט: דעם צירקולאַר פון אינערן־מיניסטער, מען זאָל שטרענג האַלטען זיך אָן דער פּראָצענט־נאָרמע אין די שולען פאַר פעלדשער און אַקושערקעס; דעם צירקולאַר פונ'ם בילדונגס־מיניסטער, לויט וועלכען ס'ווערט שוין איינגעפיהרט אַ מין פּראָצענט־נאָרמע אויך פאַר יודישע מיידלעך אין די אַלגעמיינע מיטעל־שולען, און, לסוף, דאָס נייע געזעץ וועגען דער רעפאָרמירטער הויכשול פאַר אינזשענערען (אין מאָסקווע), וואו ס'איז דאָ אַ פּונקט, וואָס פערווערט יודען גאָר אינגאַנצען אָנגענומען צו ווערען אין דער דאָזיגער הויכשול. מיט דער לעצטער בעגרעניצונג האָט שוין אונז מזכה געווען די פערטע דומע גראָד אין דעם לעצטען טאָג פון איהר ערשטער סעסיע*. טאָמער האָבען מיר פערמאָגט עטליכע כלומר'שט יודישע גימנאַזיעס מיט פּראַוועס, פערווערט מען שוין דאָרט אויך צו עפענען פּאַראַלעל־קלאַסען און מען שטעלט זיי אַוועק אונטער דער השגחה פון נישט־יודישע דירעקטאָרען. עס פערשטעהט זיך, אַז קיין נייע יודישע גימנאַזיעס ערלויבט מען שוין גאָרנישט, און ערשט די וואָכען איז אָבגעזאָגט געוואָרען די השתדלות וועגען עפענען אַ יודישע גימנאַזיע אין יעקאַטערינאָסלאַוו. הכלל, מיט יעדען חודש פערשטעלט מען אונז אַלץ מעהר און מעהר אפילו דאָס שמאָלינקע שטענעלע, וואָס איז פערבליבען פאַר אונז אויף אַריינצוקומען אין די אַלגעמיינע בילדונגס־אַנשטאַלטען... יעדערער פון אונז, דוכט זיך, פערשטעהט, אַז דיצען איצונד מיט צעניפגעלעגטע הענד און וואַרטען, ביז דער רעדיל העט זיך איבערדרעהען, און מ'וועט אויך פאַר אונזער פערוואָהרלאָזטער

* וועגען דעם סך־הכל פון דער דומע־סעסיע זעה אויבען דעם ארטיקעל פון י. עפרען. די רעדאקציע.

# די יודישע וועלט.

יוגענד ברייט פֿונאַנדערעפֿענען די טויערן פֿון די אַלגעמיינע „בילדונגס=
טעמפּלען“, איז גאָר קיין פּלאַן נישט. דאָס — דערווייל, ווייניגסטענס —
איינציג ריכטיגע מיטעל צו בעפֿרידיגען דאָס אינטענסיווע בילדונגס=בע=
דערפֿעניש פֿון אונזער יונגען דור איז — צו גרינדען אַן אייגענע יודישע
הויכשול. וואו? קיין נפקא מינא נישט: וואו נאָר עס וועט זיך לאָזען
גרינגער און גיכער גרינדען אַזאַ הויכשול. רעדט מען ביי אונז וועגען
דעם שוין אַ צייט מיט יאָהרען. מען דעבאַטירט, וואָס פֿאַר אַ הויכשול
איז פֿאַר אונז נויטיגער. מען חקר'ענט זיך, וואו אַזאַ שול איז גליי=
כער צו עפֿענען. און אַזוי זענען מיר יוצא מיט ווערטער, און קיין
מעשים זעהט מען נישט...

אָט ברענגען אונזערע צייטונגען די „אָריגינעלע“ ידיעה, אַז אין
קיסינגען (דייטשלאַנד) האָבען זיך צונויפגעקליבען בעוואוסטע יודישע
כלל=טוער פֿון אייראָפּע און אַמעריקע און גענומען טראַכטען וועגען
אַ יודישער אוניווערסיטעט. דער אמעריכטער צונויפֿפֿאָהר פֿון קיסינגען
האָט אָנגענומען אַ רעזאָלוציע, אַז מען מוז גרינדען אַ יודישע אוניווערסי=
טעט, און עס איז שוין אַפילו בעשטימט געוואָרען אַ קאָמיטעט אויף
צו קלייבען געלד דערויף. איהר מיינט אפשר, אַז וועגען דעם דאָזיגען
פּראָיעקט האָט מען זיך פֿריהער צונויפֿגערעדט, און אַז אָנגעזעהענע
כלל=טוער זענען לכתחילה זיך צונויפֿגעפֿאָהרען, בכדי צו פֿערענטפֿערן
דאָס יודישע בילדונגס=פּראָבלעם? חלילה! קיסינגען איז אַ קוראָרט, ריכ=
טיגער אַ יודישער קוראָרט. אין דעם דאָזיגען „קור=געטאָ“, וואָלט איך
געזאָגט, האָבען זיך יודישע רייכע חולאים, אין דער הפסקה=צייט צווי=
שען איין קור און דער אַנדערער, אַ ביסעל פֿערנומען זיך מיט יודישער
פּאָליטיק, — און עס איז אַרויסגעקומען אַ רעזאָלוציע וועגען אַ יודישער
אוניווערסיטעט. מען דאַרף קיין נביא נישט זיין, אום פֿאָראויסצוזאָגען,
אַז די קיסינגער יודישע קור=געסט וועלען אינאיינעם מיט דער קור גיך
„פֿערשוויצען“ די גאַנצע אוניווערסיטעטס=רעזאָלוציע. נישט הורך אַזוינע
פֿערזאַמלונגען און רעזאָלוציעס וועט פֿערענטפֿערט ווערען די שמאַרצהאַפֿטע
יודישע בילדונגס=פֿראַגע...

* *

*

איך די גירושים פֿון יודען זענען אין פֿערגאַנגענעם חודש ווי=
דער שטאַרקער געוואָרען. אמת, זיי קומען נישט פֿאָר איצט מיט אַזאַ
רעש, כאַפּען נישט אַרום אַזעלכע גרויסע מאַסען, ווי היינטיגען ווינ=
טער און אין פֿריהלינג. און אין צייטונגען איז אָקאָרשט געווען געדרוקט,
אַז דער בערירמטער געוואָרענעם וואָלינער גובערנאַטאָר מעלניקאָוו, וועלכער

האָט שוין צו ברייט גענומען זיך פאַר יודישע גירושים, האָט מען געגעבען אָנצוהערען פון פעטערבורג, אַז ער „כאַפּט איבער די מאָס". דערין גופא אָבער, איב איהר ווילט, ליגט אַ סיסטעם, אַ פּאָליטישע שיטה: מען טרייבט ביסלעכווייז, אָהן קולות: האָט מען אַרויסגעשיקט די יודען פון סטאַנציע אַלמאַזנאַיאַ, יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע; שיקט מען אַרויס פון דאָרף קטשקאַפּ (איך יעקאַט.) 15 יודישע פאַמיליעס; טרייבט מען צו ביסלעך פון גראָדנער גובערניע; אַ ביסעל שטאַרקער — פון מינסקער גובערניע. הכלל, מען שווייגט נישט. אין קיעוו האָבען זיך פלוצים גאָר אָנגעהויבען גרויסע אָבלאַוועס מיט גירושים, וואָס האָבען אַרויסגערופען אומעטום אַ גרויס גערודער. אפילו די רעאַקציאָנערע פּאָליטיקער פון אונזערע ביידע געזעצגעבערישע פּאַלאַטעס האָבען זיך אַרויסגעזאָגט קעגען קיעווער אָבלאַוועס. אַז דער טומעל איז געוואָרען שטאַרקער, איז געווען אין ציימונגען אַ ידיעה, אַז די אָבלאַוועס זענען אָבגעשטעלט געוואָרען. איצונד שרייבט מען שוין, אַז מען האָט אָנגעהויבען ווידער שטאַרק בודק זיין יודישע וואוינונגען. די גירושים פון קיעוו ווייזען בעסער ווי אַלץ די אומנאַטירליכקייט פון דער רעכטליכער לאַגע אונזערער. וואָרום דאָס אַליין, וואָס קיעוו איז פערדעכענט פאַר איסערן תחום, געפינענדיג זיך אין רעכטען צענטער פון יודישען תחום — איז קעגען דער נאַטור, קעגען די געזעצען פון דעם עקאָנאָמישען לעבען. קיעוו איז דער צענטער פון האַנדעל אין יודישען דרום-ראַיאָן. דער יודישער האַנדעל פון גאַנצען קאַנט איז מיט טויזענדער פעדים און פעדימלעך פערבונדען מיט קיעוו, און די יודישע סוחרים מוזען קומען קיין קיעוו. קיינע גירושים קאָנען דאָ נישט העלפען. אַחוץ דעם, איז קיעוו די הויפּט-שטאָדט פון אַ גענעראַל-גובערנאַטערסטווע און פון אַ גובערניע אין צענטער פון יודישען תחום. זי איז אַדמיניסטראַטיוו פיעלפאַך פערקניפּעלט מיט טויזענדער יודישע שטעדט. קאָן עס געמאָלט זיין, אַז יודען זאָלען נישט קומען אַהין, ווענינסטענס, פון קיעווער גובערניע און גענעראַל-גובערנאַטערסטווע? אָבער עפּיס ווי איך צו להכעיס דער נאַטור, דער עקאָנאָמיק — איז יודען פערוועהרט צו וואוינען אין קיעוו. מוז עס קומען צו שטענדיגע צוזאַמענשטויסען צווישען דער בעגרעניצונג פון יודישען וואוינרעכט און די עקאָנאָמישע אינטערעסען פון דער בעפעלקערונג. מעסטען זיך די יודישע בעגרעניצונגען מיט די עקאָנאָמישע געזעצען, און — דער נאַטירליכער גאַנג פונ'ם לעבען מוז זיך בויגען פאַר דער קראַפט פון אַ יודישער בעגרעניצונג. וויל ער נית, אָדער קאָן ער זיך נישט בויגען — אַזוי האָט איהר כסדר גירושים מיט אָבלאַוועס — קיעווער אָבלאַוועס...

קיעוו לאָזט זיך איצט הערען נישט מיט איהרע אַבלאַוועס אַליין. איף דער פּראָצעס פון בייליס'ען, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען אין קיעוו, האָט אַ ווירקונג איף דעם גאַנצען יודישען תחום. אַלע ווילע הערט מען וועגען פּרובען צו מאַכען בלבולים איף יודען, וואָס טראָגען דעם כאַראַקטער פון עלילת=דמ'ען. געפינט מען אין אַ שטעדטיל עטליכע ביינער פון אַ סקעלעט, וואָס אַ יודישער סטודענט האָט מיט זיך געבראַכט — ווערט אַן איינגעלאָף, און מען רעדט שוין וועגען אַ כלומר'שטען ריטועלען מאָרד; אַרבייט אין קישינעוו ביי אַ יודישען פאַבריקאַנט ליפּאָוועצקי איינער אַ קריסט לעבעדעוו, און ביי איהם פערבלאָנדזשעט זיינס אַ יונגעל, מאָנט דער אַרבייטער דאָס קינד ביים בעל=הבית, און די שטאָדט קאָכט: „יודען האָבען דער'הרג'עט אַ קריסטליך קינד"; געפינט מען דאָס יונגעל, דער עולם רעדט זיך אָבער איין, אַז יודען האָבען עס אָבגעוואָרפען; ווערט אין לוקאָוו (פּוילין) פערפאַלען אַ קינד ביי אַ פּיערטע, וואָס איז אַריין קויפען סחורה ביי אַ יודישען קרעמער, — לעבען איבער אַלע יודען אין שטעדטיל אַ טאָג פון פּאָגראָם=שרעק; געהט אַוועק אַ דיענסט פון אַ יודען און שטעלט זיך איף אַן אַנדער אָרט — מאָנט די געהיים=פּאָליציי ביים יודען זיין קריסטליכע דיענסט (אין האָמעל); אין פּריאַטין פּרובט מען זיך גאָר אָהן אַ קאַטאָוועס בעשאַפען אַ ריטועלען פּראָצעס: מען שיקט אַוועק אַ קריסטליך מיידעל אין אַן אַנדער שטאָדט, און מען מסר'ט אַן אָנגעזעהענעם יודען, אַז ער האָט כלומר'שט געקוילעט דאָס מיידעל. אין פערגאַנגענעם חודש אַליין האָבען מיר געהאַט 5—6 בלוט=בלבולים. דער שוואַרצער שאָטען יושטשינסקי'ס שוועבט איבערן גאַנצען תחום און האַלט דעם יודישען עולם אין איין ציטערניש...

שרפות איז שוין אַן אַלטע יודישע צרה, און עס איז נישטאָ דער המער, וואָס עס זאָלען נישט אָבברענען און פעראומגליקט ווערען צעהנדליגער יודישע שטעדט און שטעדטליך. צו שרפות זענען יודען איף אַזוי פיעל געוועהנט, אַז זיי זעהען דערין אַן אָנשיקעניש פון גאָט, און זיי טרייסטען זיך דערמיט, וואָס דערין בעווייזט זיך כאָטש נישט די שנאה פון מענשען צו זיי, וואָס טוט אַזוי וועה און בעליידיגט אַזוי טיעף אונז יודען. היינטיגס יאָהר האָבען מיר שוין גאָר אַן אַנדער מין שרפות, — שרפות פון מ ע נ ש ל י כ ע הענד. פון די דריי גרויסע שרפות, וואָס עס זענען פערנאָטירט אין פערגאַנגענעם חודש (אין פּינסק, אין באַקשט און אין מילייציץ, גראָדנער גובערניע), איז די מילייציצער שרפה געקומען פון אַן אונטערצינדעניש, און לויט ווי די צייטונגען שרייבען איז דער אונטערצינדער — אַ פּאָליאַק. די דאָזיגע שרפה דער-

מאַנט שוין אונז אָן די באָיקאָט־שרפות פון פוילין (פאָנטנעוו, מאָר־זשעוו, סאָסנאָוויץ), וואָס זענען אַ רעזולטאַט פון דעם איצטיגען פוילישען באָיקאָט־באַנדיטיזם, וואָס האָט זיך, אַדאַנק דער טייוולאָנישער אַרבייט פון די באָיקאָט־מאַכער, מיט אַזאַ אומגעהייערער קראַפט פערשפרייט איבער דער גאַנצער פוילישער געגענד און אַריינגעטראָגען אַזאַ שרעקליכע דעמאָראַליזאַציע צווישען די ברייטע שיכטען פון דער אומוויסענדער מאַסע, בעזונדערס צווישען דער דאָרפישער פויערשער בעפעלקערונג. די דעמאָראַליזאַציע פון דער בעפעלקערונג ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער: נאָך דער טראַגעדיע פון וועליון האָט מען איך אַ ווײַלע גערעכענט, אַז די דאָזיגע שוידערהאַפטיגע מערדער־טאַט וועט דאָך צווינגען, ווען נישט די באָיקאָט־העלדען, איז כאָטש די ברייטערע, פון העצרייען פערפיהרטע, אומוויסענדע מאַסען — אַ טראַכט צו טון וועגען די רעזולטאַטען פון באָיקאָט און איינזעהן די גרויסע ווילדקייט, וואָס ליגט אין דער גאַנצער העצע קעגען יודען. לאָזט זיך אוים, אַז איך וועליון האָט נישט געהאָלפען. נאָך וועליון האָבען מיר שוין געהאַט — די פאָגראָם־רעפעטיציע אין פאַרטשעוו (שעדלעצער גובערניע) און אָקאָרשט נישט לאַנג — די „מיעכאָווער טראַגעדיע", ריכטיגער די טראַגעדיע אין דאָרף נאָווינע ביי מיעכאָוו, וואו מען האָט, אויך וועליונער שטייגער, אינטערגעצונדען אַ יודישען הויף, און דערביי זענען אומגעקומען אין פייער דריי יודישע נפשות (חיים לעווקאָוויטש מיט זיין פרוי און אַ 6־יעהריגער יונגעל).

וואָס זשע האָבען מיר ביז איצט געטאָן, אום זיך צו שיצען פון דער פוילישער באָיקאָט־העצע און פון פוילישען באָיקאָט־באַנדיטיזם? וואָס טוען מיר איצט?

אָקאָרשט די טעג איז לעגאַליזירט געוואָרען אין וואַרשע „די חברה, וואָס האָט איהר ציעל צו שיצען דעם פוילישען האַנדעל". דערפון, וואָס בראש פון דער דאָזיגער אָרגאַניזאַציע שטעהען די חברה־לייט פון „דוואַגראָשע", פערשטעהט מען, אַז דער כתיב איז: „שיצען פוילישען האַנדעל", און דער „קרי", דער אמת'ער מיין איז — רואינירען דעם יודישען האַנדעל. מיר ווילען און טאָרען נישט וועלען עמיצען רואינירען. וואָס זשע אָבער טוען מיר, אום באמת צו שיצען, בלויז צו שיצען דעם יודישען האַנדעל אין פוילין?

עס איז אַ מערקווירדיגער פאַקט, וואָס דער אָנשטויס צום זעלבסט־שוץ איז אין פערגאַנגענעם חודש געקומען גראָד פון אַזאַ זייט, פון וואַנען מיר האָבען ביז איצט נאָר נישט געוואַרט אויף קיין שום ברייטער געזעלשאַפטליכער אַרבייט. צוויי אַסיפות זענען אין פערגאַנגענעם חודש

## די יודישע וועלט.

פאַרגעקומען אין פּוילין: די אַסיפה פון די פּוילישע רביים אין שטעד=
טיל נאַרבאַטקאַ און די אַסיפה פון די פּוילישע רבנים אין יאַבלאָנע.

די צוזאַמענגעפאָדערנע רביים האָבען בעשלאָסען, ווי די צייטונ=
גען דערצעהלען: 1) אַרויסצולאָזען אַ קול=קורא, כדי צו בערוהיגען
די יודישע מאַסען; 2) פערשפּרייטען וואָס מעהר יודישע ליד=און שפּאָר=
קאַסעם; 3) מיהען זיך, ס'זאָל וואָס גיכער געגרינדעט ווערען אַ קאָאָ=
פּעראַטיווע באַנק; 4) געבען שטיצע יודישע בעלי=מלאכות און 5) מיט=
העלפען, ווי ווייט מעגליך, די יודישע עמיגראַציאָנס=חברות. אַזעלכע ניכ=
טערע, ריין=פּראַקטישע פאָרשלאָגען האָבען מיר ביז איצט נישט געהערט
פון די פּוילישע רביים!

די רבנישע אַסיפה אין יאַבלאָנע איז אייגענטליך די גרינדונגס=
פערזאַמלונג פון דער ניי=געעפענטער רבנישער אַגודה. די דאָזיגע אַגודה
טראָגט, — אין עצם גענומען, אַ ריין פּראָפעסיאָנעלען כאַראַקטער און האָט
איהר ציעל אויסצובעסערן דעם מצב פון דער רבנות אין פּוילין, וואָס
איז די לעצטע צייט שרעקליך געפאַלען, סיי מאַטעריעל, סיי גייסטיג.
אין הסכם מיט דעם דאָזיגען ציעל זענען אָנגענומען געוואָרען רעזאָלוציעס:
קעגען געלד=רבנות, ירושה=רבנות און נדן=רבנות; קעגען רבנות=שנאָרע=
ריי; ווענען פערזיכערונג פון די רבנים איף דער רעכענונג פון זייערע
קהילות. און אַזוי ווייטער.

קעגען אַזעלכע רבנים=אָרגאַניזאַציעס קאָן מען באמת גאָרנישט האָ=
בען: דאָס איז אַ שטיק אינעווייניגסטע איפּבוי=אַרבייט, כאָטש אַפילו זי
קעהר זיך אָן בלויז מיט דער יודישער אָרטאָדאָקסיע.

איף דער גרינדונגס=פערזאַמלונג זענען אויך בעריהרט געוואָרען ברייי=
טערע געזעלשאַפטליכע פראַגען — דערהויפּט די באָיקאָט=פראַגע. און
עס איז טאַקע אַ צייכען פון דער צייט, וואָס די רבנים האָבען אָנ=
גענומען אַ רעזאָלוציע — צו ווירקען איף די יודישע קאַפּיטאַליסטען,
אַז זיי זאָלען נישט אָבשטויסען פון זייערע פאַבריקען די יודישע אַר=
בייטער. די פּוילישע אַסימילאַטאָרישע יודישע קאַפּיטאַליסטען זענען שוין
אַזוי ווייט אַוועק אין זייער צעשטערונגס=אַרבייט, וואָס זיי טוען אָב נישט
ערגער פון אונזערע פערביסענסטע שונאים, אַז זיי האָבען קענען זיך
איפּגעשטעלט אַפילו אַזאַ אָבהענגיגען געזעלשאַפטליכען עלעמענט — ווי
אונזערע רבנים...

צו אונזער אינעווייניגסטער איפּבוי=אַרבייט מוזען מיר אויך צו=
רעכענען — די פּעדאַגאָגישע זומער=קורסען, וואָס זענען געעפענט, ווי
יעדעס יאָהר, פון דער פּעטערבורגער בילדונגס=חברה, ספּעציעל פאַר יו=
דישע לעהרער און לעהרערינס. דאָס מאָל קומען די קורסען פאָר אין

אָרעס — און מיט גרויס ערפאָלג. אַהערצו געהערען אויך די אַנקעטע, וועגען יודישע וואַרשטאַטען, וואָס עס האָט בדעה דורכצופיהרען די פּעטערבורגער „געזעלשאַפט פאַר יודישען האַנדווערק און ערד־אַרבייט", און די „יודישע עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע", וואָס האָט אָנגעהויבען שוין איהר אַרבייט אונטער דער פיהרונג פון דער „היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט".

ווי מען זעהט, ווערט ביי אונז געטאָן אויך פּאָזיטיווע אַרבייט, און אונזער אינעווייניגסט וועלטיל בויט זיך דאָך און פערפאָלקומט זיך ביסלעכווייז. עס ווערט אָבער צו־ווייניג געטאָן, צו פּאַמעליך, און ווען יעדע אַרבייט פאַר זיך איז זעהר אַ נוצליכע, פעהלט דאָך נאָך עד היום ביי אונז אַן אַלגעמיינער פּלאַן, אַ סיסטעם, וואָס זאָל אַרומנעמען אַלע זייטען פון אונזער מאַטעריעלען און גייסטיגען לעבען און זיין אינעווייניג פעראייניגט דורך איין אַלגעמיין פּראָגראַם, דורך איין אַלגעמיין־נאַציאָנאַלען ציעל. אָט פאַרוואָס אונזער געזעלשאַפטליכע בוי־אַרבייט גיט דערווייל אַזוי ווייניג רעזולטאַטען און קאָן נישט פערריכטען דעם גרויסען שאָדען, וואָס עס ברענגען אונז כסדר אונזערע אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע צושטערער...

צייט שוין, עס זאָל אַנדערש ווערען!...

* *

*

מיר מעגען אויך פערצייכענען אין אונזער יודישער כראָניק דעם פערטען רוסלענדישען צונויפפאָהר פון די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע, וואָס איז דאָ נישט לאַנג געוועזען אין מאָסקווע.

דער דאָזיגער צוזאַמענפאָהר, ווי זיין נאָמען אַליין בעווייזט, איז צונויפגערופען געוואָרען נישט פון אונז, יודען, און נישט צוליעב אונז. און דאָך האָט ער אַ שטאַרקע שייכות מיט אונזער יודישער וועלט. שוין דאָס אַליין, וואָס זיין ציעל איז געוועזען צו פערענטפערן די וויכטיגסטע עקאָנאָמישע, רעכטליכע און גייסטיגע פראַגען, וועלכע עס האָט אַרויסגערופען דאָס אָנגעוועהטאָגט און שווער לעבען פון דעם האַנדעלס־פּראָלעטאַריאַט, שוין דאָס אַליין האָט זיכער נישט קיין קליינע בעדייטונג פאַר אונז, יודען. מיר דאַרפען נישט פערגעסען, אַז מיר פערמאָגען ביי היינטיגע צייטען אַ גרויסע, גאָר גרויסע אַרמיי פון פּריקאַזטשיקעס און אַלערהאַנד אַנדערע פּראָלעטאַריער, וואָס גיבען אָב זייער מיה און קרעפטען דעם יודישען האַנדעל. און ווי עס לעבט זיך די דאָזיגע „שוואַכסטע צווישען די שוואַכע", ווייסען מיר אויך. קיין

אַנדערער, ווי אונזער זיידע רבי מענדעלי האָט אונז אין זיין „קליינמענשעלי“ נאָך מיט וויפֿיעל צייט צוריק אין טרויעריגע פֿאַרבען געשילדערט דעם לעבען פֿון דעם יודישען פּריקאַזשטשיק אַמאָל. די לאַגע האָט זיך פֿון יענער צייט אָן געווים נישט געבעסערט, נאָר אין פֿיעל פּרטים ערגער געוואָרען: דער מאַרק איז איצונד אַן אַנדערער. צופּאַסען זיך צום איצטיגען האַנדעל, צום קונה, איז אַ שווערע אויפֿגאַבע, וואָס פֿאָדערט טאַקט, מענשען-קענטעניש און נישט זעלטען ספּעציעלע ידיעות. די אַרבייט פֿון האַנדעלס-אָנגעשטעלטען איז שווערער געוואָרען, פֿערבונדען מיט מעהר אחריות און אָנשטרענגונג. דער לוין איז אָבער געבליבען זעהר אַ קנאַפּער, די בעהאַנדלונג פֿון בעל-הבית נישט זעלטען גאָר נישט קיין גוטע, די גאַנצע עקזיסטענץ נישט קיין זיכערע. ווער געדענקט נישט די מייסטערהאַפֿטע בעשרייבונג פֿון שלום-עליכמ'ן, ווי אַזוי שמחה דער ווינער איז זיך בעגאַנגען מיט זיין עהרליכען און געטרייען מענשען אין פּאָדוואַל, רפאל'ן? רפאל לעבט אָן אין פּאָדוואַל טשאַכאָטקע און שטאַרבענדיג לאָזט ער איבער ווי איפּ'ן וואַסער זיין גאַנץ געזינד. ביים לעבען אָבער איז ער כאָטש זיכער געווען מיט דעם שטיקעל טרוקען ברויט און געוואוסט, אַז דער בעל-הבית וועט איהם נישט אָבזאָגען. היינט איז עס אַנדערש געוואָרען. די בעלי-הבתים האָבען לאַנג אָבגעזאָגט זיך פֿון זייער פּאַטריאַרכאַלישען בעגעהן זיך מיט די אָנגעשטעלטע. עס הערשט אומעטום דאָס אַייזערנע געזעץ פֿון נאָכפֿראַגע און אָנבאָט, און געפֿעלט נישט דער אָנגעשטעלטער אָדער ער ווערט איבעריג — זאָגט מען איהם אָהן צערעמאָניעס אָב פֿון שטעל אַפֿילו אָהן אַ התראה. זעלטען ווער פֿון יודישע פּריקאַזטשיקעס האָט אַ קאָנטראַקט מיט זיין בעל-הבית. די ווילנער דעלעגאַטין איפּ'ן מאָסקווער צוזאַמענפֿאָהר, פֿר. שאַפּיראָ, האָט געשילדערט דעם שפּעל'ען מעמד בלויז פֿון ווילנער האַנדעלס-אָנגעשטעלטע, און וואָס פֿאַר אַ טרויעריג בילד פֿון אונענדליכער נויט, אומזיכערקייט, פֿערוואָהרלאָזטקייט און פֿערשקלאַפֿטקייט עס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר אונזערע אַלעמענס אויגען! און ווילנע איז דאָך קיין אויסנאַם נישט. פֿערשטעהט מען שוין, אַז די אַרבייט פֿון מאָסקווער צוזאַמענפֿאָהר, וואָס האָט געהאַט זיין ציעל אַרויסצוגעפֿינען די ריכטיגע מיטלען און וועגען, ווי די מאַטעריעלע און גייסטיגע לאַגע פֿון האַנדעלס-אָנגעשטעלטען צו פֿערבעסערן, איז געווען זעהר וויכטיג אויך פֿאַר אונזערע יודישע האַנדעלס-פּראָלעטאַריער, די העכערע, ווי די פּשוט'ערע...

די פֿראַגען וועגען די קאָנטראַקטען מיט די בעלי-הבתים, וועגען

פערזיפערונג איך דער רעכענונג פון היזעלבע בעלי־הבתים, וועגען בע־סערע וואוינונגען, וועגען דער אַרבייטס־צייט, וועגען פּראָפעסיאָנעלע פער־איינינונגען, פראָפעסיאָנעלער איספילדונג, וועגען פרויען־ און קינדער־אַרבייט א. אַז. וו. א. אַז. וו. — זיי אַלע האָבען בעריהרט די טיעפסטע נויטען און בעדערפענישען איך פון אונזער יודישען האַנדעלס־פּראָ־לעטאַריער. אמת, דעם צוזאַמענפאָהר איז נישט בעשערט געווען זיין אַרבייט צו פערענדיגען. די אַדמיניסטראַציע האָט זיך אַרומגעזעהן, אַז די פריקאַזטשיקעס זענען ניט בעסער פון אַנדערע פּראָלעטאַריער (איפ'ן צו־זאַמענפאָהר זענען געווען הרבאים לינקע אין קאַדעטען), און סוף כל סוף האָ־בען זיך די צוזיפגעפאָהרענע דעלעגאַטען פון די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע געמוזט פונאַנדערפאָהרען אָהן אַן ענטפער איך זייערע נויטען און בע־דערפענישען. אָבער דאָס אַליין, וואָס די אַלע פראַגען זענען ברייט און טיעף אַוועקגעשטעלט געוואָרען און וואָס עס איז אָנגעוויזען גע־וואָרען איך די ריכטיגע מיטלען, וואָס מען האָט נויטיג, אום די האַנ־דעלס־אָנגעשטעלטע פון זייער נויט אַרויסצוראַטעווען, — דאָס אַליין וועט נישט וועניג נוצען ברענגען די האַנדעלס־אָנגעשטעלטע, דערין איך די יודישע.

אַחוץ דעם האָבען געזאָלט בעטראַכט ווערען איפ'ן צוזאַמענפאָהר אַזוינע פראַגען, וואָס האָבען גאָר אַ בעזונדער אינטערעס פאַר יודישע פרי־קאַזטשיקעס, צום ביישפיעל, די פראַגען וועגען אָברוה (שבת־רוה), וועגען קולטור־אַרבייט (די שפראַך־פראַגע). ביי דער מאָסקווער אַדמיני־סטראַציע האָבען בעזונדערס נישט נושא־חן געווען די „יודישע״ פראַ־גען, און צווי ספּעציעל־יודישע רעפעראַטען וועגען דער רעכטליכער לאַגע פון יודישע אָנגעשטעלטע און וועגען קולטורעלער אַרבייט צווישען יודי־שע פריקאַזטשיקעס זענען פון אָנהויב אָן, אויף דער אַדמיניסטראַציע, אַראָבגענומען געוואָרען פון סדר היום...

קליין איז געווען די צאָהל פון די יודישע דעלעגאַטען איפ'ן מאָסקווער צוזאַמענפאָהר. די פערשאָלטענע וואוינרעכט־פראַגע אין מאָ־סקווע האָט דעם גרעסטען טייל יודישע דעלעגאַטען אָבגעהאַלטען פון צו קומען איפ'ן צוזאַמענפאָהר. פון 50 איסגעקליבענע זענען געקו־מען בלויז אַרום 20. דאָס קליין הייפעל יודישע דעלעגאַטען האָט אָבער געשפּיעלט אַ גרויסע ראָלע איפ'ן צוזאַמענפאָהר, געהאַלטען זיך מיט שטאָלץ און טאַקט, פערשטאַנען צו שיצען ווי ווייט מעגליך זייערע יודישע פאָדערונגען און פּרינציפּען. אַלע יודישע דעלעגאַטען זענען אַרוים מיט אַ פּראָטעסט קעגען די נישט שענע שתדלנות־גענג פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס־קאָמיטעט, וועלכער האָט דעם היתר איך זיין אין מאָסקווע

אויסגעבעטען פאַר די יודישע דעלעגאַטען דורך דעם, וואָס זי האָט איינגערעדט די אַדמיניסטראַציע, אַז פיעל יודען וועלען סיי ווי סיי נישט אויסנוצען די געגעבענע ערלויבעניש. דער יודישער דעלעגאַט גולין האָט אָנגערירט די פראַגע וועגען די יודישע גירושים, וועגען די בעגרענצונגען פון יודישען האַנדעל. עס איז גערעדט געוואָרען וועגען דער אומדערטרעגליכער רעכטליכער לאַגע פון יודישע וואָיאַזשאָרען, די דאָזיגע אונערמידליכע פערשפרייטער און פערבעסערער פון רוסלענדישען האַנדעל און פון רוסלענדישער פאַבריקאַציע, וואָס מוזען טון זייער אַלגעמיין-נוצליכע אַרבייט ביי אויסערסט-שווערע, מען מעג זאָגען, אוממעגליכע בעדינגונגען. דער צוזאַמענפאָהר האָט זיך צוגעהערט צו די רייד פון די יודישע פראָלעטאַריער, געשטיצט זייערע גערעכטע פאָדערונגען. די דאָזיגע אחדות אין דער גרויסער געזינד פון די האַנדעלס-פראָלעטאַריער בעווייזט, אַז וואו עס טרעט נור אַרויס אַ בעוואוסטזיניגער שיכט פונ'ם פאָלק, דאָרט געפינען די גערעכטע יודישע פאָדערונגען אַ טיעפען אָפּקלאַנג, ברייטע שטיצע און מיטגעפיהל. דערין ליגט פאַר אונז אַ מאָראַלישע בעפרידיגונג, וואָס וועקט אין פערשטאַרקט אונזערע האָפנונגען אויף בעסערע, גערעכטערע צייטען.

# נייע ביכער.

## 1. פֿון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור.

### „דער טויט“ פֿון מאָריס מעטערלינק.

עס איז פֿאַרהאַן צווישען די מענשליכע שפּראַכען איינע, וואָס איז אַלט, ווי די וועלט. די איז רייכער פֿון אַלע אַנדערע, כאָטש זי איז אַ שפּראַך אָהן ווערטער, און נאָך פֿיעל פֿריהער, איידער די ווערטער־שפּראַך איז בעקאַנט געוואָרען, איז זי שוין געברויכט געוואָרען. אַז אונזער מזל זאָל אונז פֿערטרייבען צו די מענשענפֿרעסער פֿון אַפֿריקע, צו די פּרימיטיווע מענשען פֿון אויסטראַליען, אין דעם הייסען אינדיען, אָדער אין דעם וויסטען מדבר פֿון סאַהאַרע, וועט מען אונזער יודיש, רוסיש, ענגליש אָדער פֿראַנצויזיש קוים פֿערשטעהן. אָבער די שפּראַך פֿון אונזער נשמה וועט מען אומעטום פֿערשטעהן. אַ בליק פֿון לייכטענדיגע אויגען, אַ ריהר מיט די ליפּען — און אַנדערע פֿערשיידענע אויסדרוקען פֿון אונזער נשמה־צושטאַנד זענען אַלעמען גלייך פֿערשטענדליך.

———

אין דער צייט, וואָס מיר פֿיהרען אונזער אויסערליך לעבען, אונזערע געוועהנליכע אַלטעגליכע שמועסען, רעדען אויך צווישען זיך אונזערע נשמות, וואָס לעבען זייער אייגען לעבען. דאָס לעבען פֿון דער נשמה איז אין די ווערק פֿון מעטערלינק די הויפּט־זאַך. מעטערלינק בעשרייבט קיינמאָל ניט אונזער אויסערליך לעבען, ער הערט זיך נאָר צו צו דער שפּראַך פֿון אונזער נשמה. אָבער ניט בלויז מענשען און חיות האָבען נשמות, וואָס רעדען זיך צונויף, יעדע זאַך האָט אַ נשמה. מען מוז נאָר איהר שפּראַך פֿערשטעהן. „נאָר אין געוויסע מאָמענטען, און ווען מיר קוקען אויף זיי“, שרייבט מעטערלינק, „שטעהען די זאַכען רוהיג, ווי גוט אויפֿגעצויגענע קינדער. אָבער וויבאַלד מיר קעהרען זיך אָב פֿון זיי זיי, מאַכען זיי אונז גרימאַסען“...

מיר שטעהען פֿאַר דעם שיקזאַל אָהנמעכטיג, הויבען מיר אָן צו גלויבען, אַז דער שיקזאַל איז אַלמעכטיג. בעזונדערס שטאַרק איז דער דאָזיגער גלויבען אין אַ צייט פֿון אַלגעמיינער נעדריקטקייט, ווען די אַלטע אידעאַלען שטאַרבען אָב, און די אויסגעמאַטערטע מענשהייט פֿיהלט אין זיך נאָך קיין קראַפֿט ניט צו נייע אידעאַלען צו שטרעבען. אַזוי איז געווען אין מיטעלאַלטער, און עפּיס עהנליכעס לעבען מיר איבער אויך איצונד. אין דער צייט פֿון אַ נעזעלשאַפֿטליכען אויפֿבליהען פֿאַלט, פֿערקעהרט, דער גלויבען אין אַ פֿאַטום. דער מענש וויל דאַן אַליין זיין דער שמידער פֿון זיין גורל, ער קעמפֿט און איז אַקטיוו. אַזוי איז געווען אין דער אַלטער צייט, אין דער רענעסאַנס־צייט און אין דער צייט פֿון „שטורעם און דראַנג“ אין דייטשלאַנד. די דיכטער פֿון אַזוינע צייטען, ווי עסכילעס, שעקספּיר, און געטע, שילדערן ניט קיין העלדען, וועלכע זיצען און שרעקען זיך און וואַרטען אויף די געשעהענישען. זייערע העלדען קעמפֿען, זיי זיגען אָדער זיי פֿאַלען אין קאַמף.

מעטערלינק איז דער דיכטער פֿון אונזער אויסגעמאַטערטער, מידער צייט. „פּרינצעסין מאַלען“ און „די בלינדע“, „דער איינדרינגלינג“ און „אינעווייניג“ — אומעטום וואַרטען די העלדען אויף עפּיס שרעקליכס, און תמיד רודפֿ'ט דער שיקזאַל דעם מענשען, און עס קומט דער אומגליק, פֿון וואַנען מען האָט אויף איהר נאָר ניט געוואַרט.

———

ביי גאַנץ בעזונדערע אומשטאַנדען האָט זיך מעטערלינק'ס טאַלאַנט ענטוויקעלט. אַ שטאָדט מיט מיטעלאַלטערליכע טויערן, אַלטע טונקעלע שלעסער, פֿינסטערע קאַנאַלען, אויף וועלכע עס שווימען מידע שוואַנען; אַ הימעל, וואָס איז כמעט שטענדיג מיט וואָלקענס בעדעקט — דאָס איז דער בילד פֿון גענט, דער אַלטער קאַטוילישער שטאָדט אין בעלגיען, וואו מעטערלינק איז אין יאָהר 1862 געבוירען געוואָרען. די יעזואיטישע שולע, וואָס מעטערלינק

# די יודישע וועלט.

האָט קינדווייז בעזוכט, האָט אויך געווירקט אויף דעם יונגען דיכטער: זיין אידעלע, טיעפע נשמה איז דורכגענומען געוואָרען מיט מיסטיציזם.

שפעטער האָט אויף מעטערלינק'ן א ווירקונג געהאַט דער נייפלאַטאָניקער פלאָטין, דער פלאַמישער מאָנאַך רואיסבראַק און די יודישע קבלה. פיעל פערדאַנקט ער אויך דעם טרוימערישען דענקער און קינסטלער עמערסאָן, וואָס ער רעכענט זיך פאַר זיין שילער.

אַז ער האָט געענדיגט זיין שטודיום אין דער אוניווערסיטעט, איז ער געפאָהרען קיין פאַריז און געלעבט דאָרט 7 חדשים. דאָרט האָט ער געמאַכט די בעקאַנטשאַפט מיט דער יונגער דיכטערישער שולע, וואָס פלעגט זיך צונויפקלייבען אין רעסטאָראַן Pousset דער פיהרער פון דער דאָזיגער שולע איז געווען ווילּיע דע ליל אַדאַן. און ער האָט אויף מעטערלינק'ן אפשר די גרעסטע השפעה געהאַט.

צום ערשטען מאָל איז מעטערלינק פאַר'ן פובליקום אַרויסגעטרעטען מיט אַ זאַמלונג געדיכטען, אָבער קיין שם האָט ער דורך זיי ניט געקראָגען. נאָך די געדיכטען האָט ער פערפאַסט זיין ערשטע דראַמע „פרינצעסין מאַלען", וואָס איז געשאַפען אונטער דער מעלאַנכאָלישער ווירקונג פון דער שטאָדט גענט. דעם אינהאַלט פון דער דראַמע האָט ער ביז צו אַ געוויסען גראד גענומען פון צוויי שעקספיר'ס דראַמעס, פון „מאַקבעט" און „האַמלעט", נאָר ער האָט דעם שטאָף זעלבשטענדיג בעאַרבייט.

די ערשטע אויפלאַגע פון „פרינצעסין מאלען" איז אַרויס אין 25 עקזעמפלאַרען, וואָס מעטערלינק האָט זיי אַליין אָבגעדרוקט אויף אַ האַנדמאַשין און צו זיינע פריינד געשיקט. דאָך האָט די דאָזיגע ווערק, וואָס האָט אַזוי צניעות'דיג שטיל ערשיינט, געמאַכט אַ גרויסען אויפזעהן. עטליכע טעג נאָך דעם, ווי עס איז אַרויס פון דרוק, האָט דער בעריהמטער פראַנצויזישער שריפטשטעלער אָקטאַוו מירבאָ געשריבען אין „פיגאַראָ": „איך ווייס ניט, אויב דער פערפאַסער פון דער דאָזיגער דראַמע איז יונג אָדער אַלט, אָבער איך ווייס, אַז קיינער איז ניט אַזוי אומבעקאַנט, ווי ער. איך ווייס אויך, אַז ער האָט אַ ווערק געשריבען, פון העלכען גרויסע דיכטער האָבען געטרוימט אין די מינוטען פון בעגייסטערונג, אָבער עס איז זיי נאָך קיינמאָל ניט געלונגען אַזוי צו שרייבען".

———

מעטערלינק איז דער דיכטער פון שווייגען. ער גלויבט, אַז אונזערע נשמות רעדען זיך צום בעסטען צונויף, ווען אונזערע ליפען שווייגען. די מענשען פיהלען אינסטינקטיוו די בעדייטונג פון שווייגען, און אין אַלע וויכטיגע מאָמענטען פון אונזער לעבען הערשט אַ שטיל שווייגען. אין דער נאָהענטקייט פון טויט, אָדער ווען אַ נייע לעבען קומט אויף דער וועלט, פיהלען מיר, אַז מען דאַרף ניט רעדען הויך אויפ'ן קול. רעדט דען די שטילקייט אין די דאָזיגע מינוטען מעהר און דייטליכער, ווי ווערטער? ווערטער זענען ניט בלויז אַ וואולגאַרער און נידעריגער מיטעל, כּדי אויסצודריקען אונזערע געדאַנקען, זיי זענען אויך נישט פולשטענדיג. די טיעפערע איבערלעבענישען פון אונזער נשמה קאָנען גאָרניט אויסגעדריקט ווערען דורך ווערטער.

אין די ערשטע ווערק פון מעטערלינק הערשט די שטילקייט פון טויט. פון די ערשטע ווערטער אָן וואַרט מען אויף דעם „שרעקליכען אומבאַרימהאַרציגען" טויט. אָבער מיר וואַרטען ניט אויף איהם מיט רעזיגנאַציע פון פילאָזאָפען, וואָס ווייסען, אַז עס איז אונזער מזל, אויב מיר קאָנען איהם ניט אויסמיידען. מיר פיהלען אַ שרעק פאַר דעם דאָזיגען „אומבאַרימהאַרציגען, שלעכטען, פרעמדען, וואָס איז שטענדיג מגצה". מיר גלויבען, אַז ער האָט זיך פערבאָרגען ביי אונז אין ציממער, מיר הערען, ווי ער קלאַפּט ביי אונז אין דער טיר...

———

די לעצטע ווערק מעטערלינק'ס „דער טויט" ווייזט אונז דעם גרויסען שינוי, וואָס איז פאָרגעקומען אין די אַנשויאונגען פון אונזער דיכטער. פון דעם שרעק פאַר'ן טויט איז געוואָרען אַ רוהיגער שלום-מאַכען מיט איהם. דער טויט, וואָס אין „טאַנטאַזשיל" שילדערט

# נייע ביכער.

ער איהם, ווי אַן „אַלטע, שלעכטע קיניגין, וואָס פרעסט אומשולדיגע קינדער" — וואָס ער זאָגט וועגען איהר, אַז זי „איז גלייכגילטיג און אומבאַרמהאַרציג, געהט אין דער פינסטערניש און נעמט מיט די יונגסטע און אומשולדיגסטע" — דער טויט איז איצונד געוואָרען אונזער גוטער פריינד. דער טויט בלייבט פאַר מעטערלינק'ן נאָך אַ רעטעניש, אָבער עס איז ניט מעהר אַזוי שלעכט, ווי פריהער, און דער דיכטער האַלט ניט מעהר אַזוי מלחמה מיט איהם. ער ווייזט אַרויס אַ פערלאַנג שלום צו מאַכען מיט דער נויטווענדיגקייט און צו איהר זיך צוגעוועהנען. מיר זענען, לויט מעטערלינק'ס מיינונג, מיט דעם געדאַנק פון טויט געבאָרען, מיר זענען געצוואונגען צו דענקען פון איהם, און וואָס מיר ווילען איהם פערגעסען, אַלץ מעהר ועדענקען מיר איהם. אויב אונזער פערשטאַנד פערנעמט זיך ניט מיט איהם, פערנעמען זיך מיט איהם אונזערע געפיהלען. אונזער גאַנץ לעבען איז נאָר אַ רייזע צום טויט, און יעדען אויגענבליק, וואָס מיר לעבען, דערנעהנטערן מיר זיך אַלץ מעהר צו איהם.

„דער טויט" פון מעטערלינק איז אַ טרוים פון אַ פילאָזאָף, און דער פילאָזאָפישער נאָכדענקען פון אַ דיכטער. כאָטש דער בוך בעהאַנדעלט די פראַגע וועגען טויט און שטאַרבען, איז עס דאָך ניט קיין טרויעריגער בוך, נאָר אַ ווערק, וואָס איז פול מיט אויסערגעוועהנליכער און טיעפער שענקייט. עס איז אָנגעפילט מיט בעווייזען, וואָס בעווייזען גאָרניט, אָבער דאָס פערמינדערט ניט זיין ווערט. „דער טויט" טרייסט און מונטערט אונז אויף, און אַז מיר האָבען דעם אינהאַלט פון בוך אין זיך אַריינגענומען, האָבען מיר ניט מעהר מורא פאַר'ן טויט. מען דאַרף ניט דעם טויט פאַר דער צייט זוכען, אָבער אַז דער טרויעריגער אויגענבליק קומט, מוז מען איהם מונטער בעגעגענען, מיט פרייד, ווי אַן אַלטען פריינד, וואָס מ'האָט שוין לאַנג אויף איהם געוואַרט. מעטערלינק רעדט איבער דעם טויט גוטמוטיג און איינפאַך, ווי פון אַן אַלטען בעקאַנטען, און דערמיט בעט ער אונז איבער מיט אונזער שרעקליכען פיינד, וואָס אין זיינע אָרעמס זענען מיר געצוואונגען זיך צו געפינען פריהער אָדער שפעטער.

מעטערלינק נעמט ניט אַראָב דעם שלייער פון דעם טויט, אָבער ער קלערט, אַז עס איז אוממעגליך, אַז אַלץ זאָל זיך ענדיגען מיט'ן טויט. וואָס ווערען מיר נאָכ'ן טויט? וואוהין פיהרט ער אונז? וואָס מאַכט ער פון אונז? אָט די אַלע פראַגען אינטערעסירען דעם פילאָזאָף, וואָס זוכט אונז צו בעפריינדען מיט אונזער שרעקליכסטען פיינד — דעם טויט.

ד"ר ל. ס.

## 2. פון דער יודישער ליטעראַטור.

דוד קאַסעל: אין דאָרף, פערלאַג א. גיטלין, וואַרשע 1912, פרייז 75 ק.

אָווענד-בלאַסקייט, נאָוועלען, פערלאַג א גיטלין, וואַרשע 1913.

ש. גאָרעליק: די ליעבע פראָווינץ, פערלאַג ב. א. קלעצקין, פרייז 85 ק.

קאַסעל'ס ביכער האָבען ביידע איין טעמע: ליעבע, ניט אויסטערלישע ליעבע, ניט ליעבע פון אַ בעשטימטען סאָרט מענשען, פון אַ בעשטימטען עלטער, ביי עפּיס אַן אומגעוועהנליכער סיטואַציע, אויך ניט יודישע ליעבע, נאָר סתם: ליעבע. אַ יונגערמאַן אַ שטאָדטיגער קומט צו פאָהרען אין דאָרף צו זיינע קרובים, בעקענט ער זיך דאָרט מיט אַ מיידעל; די מיידעל האָט ערגיץ אַ חתן, דער יונגערמאַן ווידער איז אַנטלאָפען פון אַ סאָניען, צי אַ פאַניען, וואָס האָט איהם דערעסען אין שטאָדט; די מיידעל האָט דאָ נישט ווייט אינ'ם שכנ'ישען דאָרף אַ זיידען און אַ גאַנצע משפחה, וואָס איז זעהר גוט בעשריבען פונ'ם אַווטאָר; דער בחור ווידער האָט דאָ אַ מומען און אַ פעטער, און זיי זענען אויך זעהר גוט אָבגעשילדערט, — אָבער דאָס זענען אַלץ קלייניגקייטען: דער עיקר איז, וואָס דער בחור האָט ליעב די מיידעל, די מיידעל — דעם בחור,

און אַז ס'קומט סוף ווינטער צעשיידען זיי זיך. אָבער אויך דאָס איז ניט דאָס פּ י נ ט ע ל ע פון דער ערצעהלונג „אין דאָרף": דאָס פּינטעלע איז די ליעבע. אין דער צווייטער ערצעהלונג „אומעט" איז דאָס איינענע פינטעלע, מעהר נישט, וואָס דאָ איז די מיידעל, וואָס דער בחור האָט ליעב, האַלב-וואָהר, האַלב-חלום. דער בחור איז לעהרער אין אַ פערוואָרפענעם ישוב ביי אַן אייזענבאַהן-סטאַנציע. געפעלט איהם זיין יונגע בעל-הבית'טע, האָט זי אָבער דוקא ליעב דעם מאַן, און דעם יונגען פערבענקטען לעהרער איז זי, ווי אַ מוטער. איז פאַרהאַן דאָ נאָך אויף דער סטאַנציע אַ נ אַ ט אַ ש ע, איז זי אָבער נאָר אַ סוראָגאַט, אַ במקום-ליעבע. אָבער אַט בלייבט איינמאָל זיצען (אָדער דעם איינזאַמען יונגעמאַן האָט זיך גע'חלומ'ט, אַז ס'איז זיצען געבליבען) אויפ'ן וואָקזאַל אַ דורכפאָהרערין, אַ יונג מיידעל, האָט ער גלייך דערפיהלט, אַז דאָס איז ד י, וואָס ער בענקט נאָך איהר, און זי — אַז ס'איז ע ר, איהר בעשערטער, און דער גאַנצער חן פון דער זעהר געשיקט אָנגעשריבענער סקיצע ליגט אין דעם, וואָס מען ווייס ניט, צי איז דער ריהרענדער ראָמאַן אַן אמת, אָדער נאָר אַ פאַנטאַזיע פון דעם יונגענמאַנס פאָעטישער, פערבענקטער נשמה. „דבורה'לע", די דריטע זאַך אין דער זאַמלונג „אין דאָרף", איז ווידער אַ מעשה פון אַ בחור מיט אַ מיידעל, וואָס האָבען זיך ליעב.

און אין דער נאָוועלען-זאַמלונג „אָווענד-בלאַסקייט" האָט מען זיך ווידער ליעב. אַפילו דער הונט נ ע ר א (אין דער סקיצע, וואָס טראָגט זיין נאָמען) האָט אַ געליעבטע: פינקע רופט מען זי. טאָמער איז פאַרהאַן דאָ איין ערצעהלונג, וואו די ליעבע איז שוואַך און ניט איבעריגס שעהן, מיר מיינען די ערצעהלונג „אַ גרויסע שטאָדט", איז זי טאַקע ניט קיין גוטע ערצעהלונג. און אויך „מיידלעך", וואו מען 'יעבט זיך עפּ'ס אַזוי ווי אויף צופּלייסען, איז אַ שוואַכע זאַך.

קאַסעל האָט ליעב צו שילדערן שטאַרקע, שעהנע, ריינע, אמת'ע יוגענדליכע ליעבע. איהם ווערט ניט מיאוס צו שרייבען וועגען אַט דער ליעבע; ער זוכט אויס פאַר איהר די שענסטע, די איידעלסטע פאַרבען, די צייטיגסטע פרוכט פון זיין פאַנטאַזיע שענקט ער איהר אַוועק. איז עס ניט קיין בעגרעניצקייט — צו דרעהען זיך שטענדיג אַרום איין פּינטעל, אַרום איין טעמע? ביי שרייבער, ווי מאָפּאַסאַן — ניט: ז י י געהען אין דער טיעף, ווען עס לאָזט זיך ניט מעהר געהן אין דער ברייט; זייער וואונדערליכער כח ליגט אין דעם, וואָס אין איין איינפאַכען געפיהל אַנטפּלעקען זיי אַלע נייע טיעפענישען; און דאַן איז ליעבע דאָך ניט קיין איינפאַכער געפיהל. ביי שרייבער פון קאַסעלס מדרגה איז עס אָבער געוויס אַן איינזייטיגקייט, וואָרום ביי זיי ווערט דער געפיהל, און אויך דער ליעבע-געפיהל, ווען זיי קעהרען זיך אום צו איהם איין מאָל און נאָך אַמאָל, וואַריאירט, אָבער נישט קאָמפּליצירט. איז עס געווים אַן איינזייטיגקייט, אָבער אַ סימפּאַטישע און אַ פרוכטבּרענגענדיגע איינזייטיגקייט: די ספערע, וואו מען האָט זיך דערפיהלט, ווי אין דער היים וויל מען ניט פערלאָזען. מען וויל זיך דאָרט איינוואָרצלען און פּרובען דעם אייגענעם כח איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל... דאָס איז פּסיכאָלאָגיש פערשטענדליך, און ס'איז אויך צוועקמעסיג. בעסער צו האָבען איין פאַרב, אַ ריכטיג צונעקליבענע, ווי אַפּולע פאַרבען נישט קיין פאַסיגע. דערצו האָט די איין פאַרב קאַסעלס דאָך פערשיידענע שאַטירונגען. זיינע ערצעהלונגען וואַריאירען, אָבער חזר'ן נישט איבער איינע און די זעלביגע טעמע. ליעבע, ווי יעטווידער לעבעדיגער געפיהל, חזר'ט זיך ניט איבער. פון געלע, פערוועלקטע בלעטער, אַז זיי פאַלען, אָבגעריסענע, אויף דער ערד, ווערט אַ קופּע, וואו מען קאָן נישט אונטערשיידען צווישען איין בלאַט און דעם אַנדערן; גרינענדיג אויפ'ן צווייג אָבער, איז יעדער בלאַט אַ בעזונדער בלאַט. און אויך דאָס ליעבע-געפיהל איז יעדעס מאָל גאָר אַ בעזונדער געפיהל... ווען דער ליעבע-געפיהל, ווי אַ טעמע פאַר דיכטער, וואָלט געקאָנט אַלט ווערען, וואָלט עס שוין לאַנג אַלט געוואָרען. ס'איז אָבער אייביג-ניי. דוקא גרויסע דיכטער האָבען ניט געזוכט קיינמאָל קיין „נייע" טעמעס:

# נייע ביכער.

זיי האָבען זיך בעגענוגט מיט די „אייבינגנייע“. און ס'איז אַ גוטער סימן פאַר אונזער בעלעטריסטיק, וואָס זי הויבט זיך אָן אָבצוגעבען אַלץ מעהר און מעהר מיט אָט די אַלטע און אייביג־יונגע געפיהלען פון דעם מענשליכען האַרצען.

ביז אַהער זענען די דאָזיגע „אַלגעמיין־מענשליכע“ געפיהלען געשילדערט געוועזען ביי אונז נאַטירליכער, הי אומעטום, ביי ווייסענבערג'ן און אַלגעמיינער, חי אומעטום, אין יהואָש'ס ליעדער. ביי קאַסעל'ן איז די ליעבע אויך אַלגעמיין (ניט צונויפמישען מיט אַבסטראַקט), גאַנץ נאַטירליך און איינפאַך אָבער איז זי ניט: זי איז אַ היבש ביסעל פאַטעטיש. אַז קאַסעל (אָדער זיינער אַ פאַרשוין) דערצעהלט וועגען ליעבע, מאַכט ער דעם איינדרוק פון איינעם, וואָס האָט געמאַכט אַ נסיעה ערגיץ אין אַ וואונדערלאַנד. צום גליק אָבער האָט מען דעם געפיהל, אַז די חייטע נסיעה מיט איהרע געפאַהרען און פערנעניגענס איז שוין פאַרביי. דערפון נעמט זיך דאָס, וואָס אין די ליעבע־שילדערונגען קאַסעלס איז, נישט געקוקט אויפ'ן פאַטאָס, פאַראַהאַן עפּיס אַ קלאָרקייט. דאָס איז די קלאָרקייט פונ'ם הימעל, ווען דער געוויטער איז פאַרביי. איהר פיהלט, ווען איהר הערט קאַסעלס אַ פאַרשוין דערצעהלענדיג וועגען ליעבע, אַז אין איהם ליגט שוין איצט אַן אַנדערער, אַ זייטיגער, וואָס שמייכעלט, כאָטש ער הערט זיך צו וועהר ערנסט צום דעם, וואָס ער דערצעהלט. אָט דער זייטיגער שאַפט אַ ביסעל פרייע לופט אַרום דעם לעזער, קיהלט איהם אָב און לאָזט איהם נישט אַיינגעשלונגען ווערען אינגאַנצען פונ'ם הייסען געפיהל, וואָס אָטעמט אויף איהם פון אַלע זייטען. מיט זיין פערבאָרגענעם געניטען שמייכעל אָבער איז אָט דער זייטיגער, וואָס זיצט אין קאַסעל'ן, גורם, אַז דער איינדרוק פון די איבערלעבונגען, וואָס ער שילדערט, זאָל זיין ניט ווי פון אַ לעבענסגעשעהעניש, נאָר ווי פון אַ דערצעהלונג. דאָס הייסט, מיט אַנדערע ווערטער, אַז קאַסעלס ליעבע־ערצעהלונגען, אַפילו די בעסערע („אין דאָרף“, „אומעט“, „אין אַ הערבסטנאַכט“), מאַכען אַ ביסעל אַ... צו ליטעראַרישען איינדרוק.

אין אַן אַנדער ליטעראַטור וואָלט עס געוועזען אַ חסרון און נאָר אַ חסרון. ביי אונז שטעקט אויך אַ שפּיקעל מעלה אין אָט דער „ליטעראַרישקייט“. זי צייגט, אַז דער ליטעראַרישער סטיל הויבט ביי אונז אָן קולטיווירט צו ווערען. ביז אַהער פלעגען די יונגע ביי אונז שוין צופיעל פערלאָזען זיך אויף זייער „געבוירענעם טאַלאַנט“, אין זייערע זאַכען פיהלט מען אָפט, אַז דער פערפאַסער האָט זיך געלאָזען שווימען „אויף גאָטס בעראָט“, און ס'איז ניט זיין שולד, אויב דער רוח הקודש האָט גראָד דאָס מאָל ניט געבראַכט איהם צו פיהרען צום ריכטיגען ברעג. איצט הויבט מען זיך אָן, ווי עס ווייזט, אַרומצוזעהן, אַז ס'איז ניט קיין שכל צו פערלאָזען זיך אינגאַנצען אויף דער קינסטלערישער אינטואיציע, מען הויבט אָן צו אַרבייטען אויף דעם אייגענעם סטיל, צו קולטיווירען איהם; די בעסערע ערצעהלונגען קאַסעלס זענען אַ פּראָדוקט פון אָט דער קולטיווירונג פון דער פאָרם, און דערפאַר זענען מיר איהם מוחל דאָס, וואָס ס'איז אַ ביסעל „פערליטעראַרישט“ געוואָרען ביי איהם דער אינהאַלט.

וויכטיגער איז אַן אַנדער פעהלער קאַסעלס: זעהר זעלטען גיט זיך איהם איין צו אינדיווידואַליזירען די פאַרשוינען און די איבערלעבונגען, וואָס ער בעשרייבט. ער פיהלט, קענטיג, זיין פעהלער און ער פלייסט זיך איהם בייצוקומען, אָבער עס העלפט ניט. יעדע זאַך און יעדען פאַרשוין, וואָס ער שילדערט, בעשענקט ער מיט אַ סך אויסענווייניגסטע סימנים, וואָס זייער צוועק איז אָבצוזונדערן די דאָזיגע זאַך, אָדער דעם דאָזיגען פאַרשוין פון אַלע אַנדערע. אָבער די אַלע איינציגע, בעזונדערהייטען גיסען זיך זעלטען ווען צונויף אין איין גאַנצער זאַך, אין איין איינהייטליכער אינדיווידואַליטעט. נאָר אין דער ערצעהלונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „אין אַ הערבסטנאַכט“, זענען פאַראַהאַן עטליכע פיגורען, וואָס זענען אינגאַנצען, ניט נאָר אין איינציגע שטריכען, לעבעדיג, אַזוי אַז דער לעזער, וואָס האָט אַ ביסעלע פאַנטאַזיע, קאָן זיי זעהן פאַר די אויגען, ווי זיי שטעהען און געהען: דאָס זענען די פיגורען פון בונימאַן און זיין כרוי, פון רעמאָ און אייניגע אַנדערע

# די יודישע וועלט.

אין דער ערצעהלונג „אין דאָרף“ האָט יעדער פון די פּאַרשוינען, וואָס שפּיעלען דאָרט אַ ראָל, כאַראַקטעריסטישע שטריכען, אָבער נישט נעקוקט אויף דעם שטעהען פאַר אונזערע אויגען לעבעדיג און גאַנץ נאָר אַ פּאָר עפּיזאָדישע פיגורען. פון לאַנדשאַפטען האָט קאָסעל בדרך כלל אַ גאַנצערן אַיינדרוק, ווי פון מענשען, און דאָך האָט זיך איהם ניט אַיינגעגעבען צו געבען אונז צו פיהלען די א י נ ד י ווי ד ו אַ ל י ט ע ט פון ל י ט א, כאָטש ער ווייס אונז צו דערצעהלען אין דער ערצעהלונג „אין דאָרף“, אַי אין דער זאַך, וואו ער גיט זיך ספּעציעל אָב מיט דער דאָזיגער טעמע („ליטא“), אַ מאַסע אייגנצעלהייטען און בעזונדערהייטען, וואָס זענען פאַר ליטא זעהר און זעהר כאַראַקטעריסטיש. קענטיג, אַז די לעבעדיגע אינדיווידואַליטעט פון א זאַך איז מעהר ווי דער סכום איינציגע שטריכען, וואָס כאַראַקטעריזירען זי. יעדענפאַלס, דער קינסטלער גיט זי אונז אָפטמאָל בעסער צו פיהלען דורך איין שטריך, ווי דורך אַ פולע...

דער ווערט פון קאָסעלס נאָוועלען אָבער ליגט נישט אין די געשטאַלטען, וואָס טרעטען אַרויס אין זיי, נאָר, ערשטענס, אין דער קלאָרקייט און זיכערקייט פון די נאַטור־בעשרייבונגען און, צווייטענס, אין דעם איין און איינציגען געפיהל, וואָס אָטעמט פון זיי אַלע אַרויס, — דעם ליעבע־געפיהל, וואָס אַזאַ פיינעם אַנאַליז ווי דער, וואָס קאָסעל האָט אונז געגעבען פון איהם, איז אין דער יודישער ליטעראַטור געווען ביז אַהער שווער צו געפינען. אָהן מליצות קאָן מען זאָגען, אַז דער י ו ד י ש ע ר לעזער וועט קאָסעלס ביידע ביכער לייענען מיט פערגעניגען. עס וועט בלייבען ביי איהם אַן אָנגענעמער, ווען ניט קיין שטאַרקער אַיינדרוק. עס וואָלט געווען נאָך אָנגענעמער, ווען אין דער זאַמלונג, וואָס טראָגט דעם ניט גאַנץ קלאָרען און אַזוי ווי געמאַטערטען נאָמען „אָוועגדבלאַסקייט“, וואָלט ניט אַריין די שוואַכע און ווענינ אינטערעסאַנטע „אַלטע בריעף“, „אַ גרויסע שטאָדט“, „מיידלעך“...

---

אַן אָנגענעמען, כאָטש שוין געוויס ניט קיין שטאַרקען אַיינדרוק מאַכט אויך גאָרעליקס „ליעבע פּראָווינץ“. ש. גאָרעליק'ן קאָן דער לעזער ווי אַ פּובליציסט און אַ קריטיקער, נאָר געוויס האָט ער שוין לאַנג אין איהם חושד געווען אַ בעהאַלטענע נטיה צו בעלעטריסטיק. די דאָזינע נטיה האָט זיך איצט אַנטפּלעקט אין דער זאַמלונג, וואָס איז אַרויס כמעט גלייכצייטיג אי אויף דייטש, אי אויף יודיש, און וואָס כאָטש אין איהר זענען פאַרהאַן זאַכען, וואָס דערמאָנען אָן דעם „הויפּטפאַך“ דעם אַוטאָרס — דער פּובליציסטיק, בעשטעהט די דאָך פון ליריש־בעלעטריסטישע זאַכען. זייער אינהאַלט, ווי אויך די שטימונג זייערע, איז אויסגעדריקט אינ'ם נאָמען — ד י  ל י ע ב ע  פּ ר אָ ווי נ ץ.
אין דער פּראָווינץ זענען פאַרהאַן „צעבראָכענע הערצער“ און „פערלאָשענע שטערען“, פאַרהאַן דאָרט אַזוינע אידעאַליסטען ווי ע ז ר י א ל ד ע ר אַ י י נ ב י נ ד ע ר און כ אַ ס י ע ד י פ ע ל ד שע ר י ן („איהר לעבען“), פאַרהאַן דאָרט שעגע לאַנדשאַפטען, נאָר דער מענש, וואָס האָט, ווי דער פערפאַסער פערזיכערט אונז, „דורכגערייזט דעם גדור הארץ שוין עטליכע מאָל אַהין און צוריק“, איז שוין געגוג פילאָזאָפיש און גענוג מיעד צו ניט נעמען דאָס אַלץ צו ערנסט. איהם, דעם גרויסשטעדטיגען, וואָס קומט אַהער אין דער פּראָווינץ נאָר אָברוהען, זעהט דאָ אויס אַלץ ליעב און סימפּאַטיש, יעדע קליינינקייט „ריהרט“ איהם, ד. ה. ניט עס קאָסט איהם געוונט, ס'איז דאָך סוף כל סוף פּראָווינץ, וואו ער איז נאָר אויף אַ ווײַלע, — נאָר ער איז גרייט יעדע מינוט אַ צושטימענדיגען אָדער אַ טרויעריגען, אַ מיטפיהלענדיגען שמייכעל צו טון, און אַז עס טרעפט זיך איהם אויפ'ן וועג שפּאַצירענדיג עפּיס אַן אומגעוועהנטליכע זאַך אָדער נאָר עפּיס אַ משיקאַווער פּאַרשוין. איז ביי איהם רעכט אַרויסצונעמען דעם נאָטיץ־ביכעל פון קעשענע און מאַכען זיך נאָטיצען און שפּעטער דערצעהלען דערפון, זיצענדיג אין קאַפע, זיינע גרויסשטעדטישע פריינד. אין דעם טאָן פון אַזאַ מענשען האָט ש. גאָרעליק געוואָלט שרייבען זיינע פּראָווינץ־סקיצען. געשריבען האָט ער זיי פיעל האַרציגער. וואָרום ווי עס ווייזט, איז ער נאָך גאָר ניט אַזוי „מיעד פון אייראָפּע“, און די פּראָווינץ, וואו ער איז אויסגעוואַקסען, און וואו די מענשען זענען אַזוי גאַנץ מילד און

## נייע ביכער.

סענטימענטאַל, איז איהם מיט אַן אמת ליעב. דאָס גיט צו דעם גאַנצען בוך עפּיס אַן אויסריכטיגען טאָן, עפּיס אַ שטילע מעלאָדישקייט, אַן עלעגישע אייגנטאָניגקייט. און אַפילו דאַן, ווען דער פערפאַסער פערענטפערט זיך אַזוי ווי פאַר זיין „איינפאַכקייט“ און וויל אַייך אַיינרעדען, אַז ער מיינט עס האַלב־איראָניש, און ער סטיליזירט, פיהלט איהר, אַז ס'איז טאַקע אַן אמת'ע נאַטירליכע איינפאַכקייט און סענטימענטאַליטעט, וואָס עס האָט זיך דאָ אַרויסגעכאַפּט ביי איהם, און אַז עס איז טאַקע זיין אויפריכטיגער סטיל, און עס איבעריג דער „סטיליזירען“...

איהר האָט נישט דעם געפיהל, לייענענדיג די דאָזיגע ערצעהלונגען, אַפילו ווען זיי געפעלען אַייך, אַז ס'איז אויפגעשטאַנען אַן ערצעהלער־טאַלאַנט, וואָס היינט האָט ער אייך זאַך דערצעהלט און מאָרגען וועט ער עפּיס נייעס דערצעהלען, און ס'וועט ווידער זיין שעָן. ניין, אַייך דוכט זיך, אַז דוקא דאָס האָט ער גוט דערצעהלט, דערמיט האָט ער עפּיס אַן אינטימע קרוב'עשאַפט, צי וועט ער אויך אַנדערע זאַכען אַזוי גוט קאָנען אַייך געבען צו פיהלען — דאָס בלייבט אומבעקאַנט.

נאָר דאָס האָט ער געמאַכט גוט. ער האָט אָנגעפילט די ליעבע פּראָווינץ מיט עפּיס אַ ווייכער, אַ מילדער, אַ מעלאָדישער שטימונג, עס איז אַייך גאַנץ אָנגענעם צו לייענען, אויב איהר האָט צוטרוי — מעהר האָט איהר נישט געוואַרט דערפון. סוף כל סוף איז עס אַ ביכעל אָהן פּרעטענזיעס.

# ביכער וואס זענען אנגעקומען אין דער רעדאקציע.

ד"ר הײם זשיטלאָווסקי: געזאַמעלטע שריפטען, פיער בענד, יובילעאום־אויסגאַבע, ניו־יאָרק, 1913.

ג. לעווענשטיין: די נסיעה קיין אַמעריקאַ, ערצעהלונג. בערדיטשעוו, תרע"ג.

השלח. ירחון לספרות, למדע ולעניני החיים, יולי 1913. העורך: ד"ר י. קלוזנר, המו"ל: חברת אַחיאסף.

התרן, ירחון עברי, שנה ראשונה, חוברת א' הוצאת הסתדרות אחיעבר, ניו־יאָרק, תרע"ג.

האדמה החדשה מאת א. הרווד, מתורגם ע"י י. גמן, הוצאת „לעם“, יפו, תרע"ג.

אונזער געזונד, נומ' 3 און נומ' 4 1913, ניו־יאָרק.

ד. ווייסמן: הקרדיט ועבודת הישוב. ירושלים תרע"ג, הוצאת „אחדות“.

בן אברהם פאַכאַטשעווסקי: אין שטילע צייטען, ליעדער, לאָדז 1913.

ברידער גאַרדאַן: אונזערע הכורים (פּראָספּעקט), ווילנא 1913.

ל. רעזניק: דער אַלטער ספר, אַ מעשה'לע פאַר קינדער. „קונסטפערלאַג“, קיעוו, 1913, פּרייז 7 קאָפּ.

דער שניידער נומ' 2, אַ מאָנאַטליכער זשורנאַל, געווידמעט די אינטערעסען פון די שניידער־אַרבייטער, ווילנא 1913.

נתיבות, בימה הפשית לעניני החיים והספרות, ספר ראשון, חברת „אחיספר“, ורשה תרע"ג.

„דאָס נייע לעבען“, רעד. פון ד"ר ח. זשיטלאָווסקי, נומ' 6, יוני — יולי 1913, ניו־יאָרק.

תהיה, חוברת שלישית, תמוז תרע"ג, העורך־המו"ל ש. צ. זעצער, ניו־יאָרק.

פערלאַג „פאַר אונזערע קינדער“:

1) י. ל. פּרץ: „דער קונצענמאַכער“, קישינעוו—אָדעס, 1912. פּרייז 2 ק.

מ. ספּעקטאָר: „קינדער“ (ערצעהלונג), קישינעוו—אָדעס, 1912. פּרייז 3 ק.

ש. פרוג: „דאָס שטייסעל“, קישינעוו — ווילנא, 1913. פּרייז 5 קאָפּ.

**С. А. Ан—скій.** Сочиненія, томъ V. Со стороны. Книгоизд. „Просвѣщеніе“, С. П. Б. 1913.

Die Freistatt, alljüdische Revue, Juli-Heft, 1913.

№ 4 Новоеврейская Поэзія (I. Х. Н. Бяликъ, ст. Баалъ-Махшовеса; II С. Черниховскій, ст. Гольдштейна).

Еврейская Старина, трехмѣсячникъ евр. Историко-Этнограф. Общества. Выпускъ II (Апрѣль—Іюнь) 1913.

Еврейская Нива № 3—4, Іюнь—Іюль, 1913.

„Дешевая еврейская библіотека“.

№ 1 Теодоръ Герцль: Еврейское государство.

№ 2 Національный вопросъ (статьи Нордау, Идельсона, Пасманика).

№ 3 Поляки и евреи (статьи Гартгляса, Давидсона, Жаботинскаго, Киршрота).

---

# פאַר'ן חודש.

כ ר אָ נ י ק.

**קאָנקורס פאַר אַ קינדער־פּיעסע.** דער קאָמיטעט פון דער יודישער געזעלשאַפט פאַר ערציהונג און בילדונג האָט בעשטימט אַ קאָנקורס אויף אַ פּיעסע פאַר קינדער־טעאַטער אויף פאָלגענדע בעדינגונגען.

1) די פּיעסע פאַר הוילּיכען קינדער־טעאַטער דאַרף זיין אָריגינעל, ד. ה. ניט קיין איבערזעצטע אָדער איבערגעמאַכטע פון אַ פּיעסע פון אַן אַנדער פערפאַסער, ס'ווערט אָבער ערלויבט איבערצומאַכען אָדער אויסנוצען ערצעהלונגען, היסטאָרישע ווערק.

2) די פּיעסע, לויט איהר אינהאַלט, קאָן זיין: א) גענומען פון לעבען (פון יודישען לעבען אין רוסלאַנד), ב) היסטאָריש (דער אָרט, וואו עס קומט פאָר, איז ניט בעגרעניצט דורך די קאָנקורס־בעדינגונגען), ג) אַלעגאָריש, ד) לעגענדאַריש.

3) די פּיעסע קאָן ווערען צוגעשטעלט אין כתב־יד (מאַנוסקריפּט) אָדער געדרוקט. פון קאָנקורס ווערען אויסגעשלאָסען יענע פּיעסעס, וועלכע זענען געדרוקט שוין פאַר דעם יאָהר 1913.

4) צום קאָנקורס ווערען צוגעלאָזט מיט גלייכע רעכט ווערק אויף העברעאיש, יודיש און רוסיש.

5) די פּיעסע קאָן בעשטעהן פון 2, 3 אָדער 4 אַקטען, נאָר לויט דער גרייס, דער צאָהל אַנטייל־נעמער, אָרט־בעדינגונגען א. א. וו. דאַרף די פּיעסע זיין צוגעפּאַסט, זי זאָל קאָנען אויפגעפיהרט ווערען פון קינדער אין הוילּיכען טעאַטער.

6) ביים פערגלייכען די צוגעשטעלטע פּיעסע צום קאָנקורס וועט מען אין בעטראַכט נעמען דעם ליטעראַרישען און קינסטלערישען ווערט פון דער פּיעסע, און אויף וויפיעל איהר אינהאַלט און טענדענץ איז צוגעפּאַסט פאַר דעם צוועק פון דער יודישער ערציהונג.

7) פאַר דער בעסטער פּיעסע וועט דער קאָמיטעט, לויט דער בעשטימונג פון זשורי, אַרויסגעבען אַ פּרעמיע פון 200 רובל, פאַר דער צווייטער, לויט איהר ווערט, פּיעסע — אַ פּרעמיע פון 100 רובל. דער זשורי האָט דאָס רעכט צוטיילען די גאַנצע סומע, וואָס איז בעשטימט, צווישען די מחברים, יעדע פּרעמיע דאַרף אָבער זיין נישט ווינציגער פון 100 רובל.

8) די פּיעסעס, וועלכע ווערען צוגעשטעלט צום קאָנקורס, דאַרפען זיין געדרוקט אָדער דייטליך געשריבען און צוגעשיקט ווערען רעקאָמענדירט. זיי דאַרפען אָנקומען נישט שפּעטער פון 15־טען סעפּטעמבער 1913 לויט פאָלגענדען אַדרעס פון קאָמיטעט־מיטגליד:

Г-жѣ А. Р. Ниселовичъ С.-Петербургъ. Стремянная, 18.

**אַ נייע יודישע צייטונג.** דעם 16־טען יולי האָט אין ביאַליסטאָק אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן אַ נייע טעגליכע צייטונג אויף יודיש מיט דעם נאָמען „ביאַליסטאָקער טאַגעבלאַט“ (פאַר־

# פאַר'ן חודש.

וואָס ניט טאָגבלאַט?) אונטער דער רעדאַקציע פון ש. הערשבערג.

**פאַך־צייט־שריפט** אין וואַרשע הויבט אָן אַרויס־צוגעהן אונטער דער רעדאַקציע פון א. קאָטיק אַ וואָכענבלאַט אויף יודיש מיט'ן נאָמען „האַנדעל און מלאכה“.

**יודישע לעהר־ביכער.** אין פערלאַג פון ב. א. קלעצ־קין דרוקען זיך און וועלען זיין פערענדיגט צום קומענדיגען לעהר־סעזאָן פאָל־גענדע יודישע לעהר־ביכער: 1) אַן אַלף־בית, צונויפגעשטעלט פון ק. זשיטאָמירסקי און ד. האָכבערג, מיט אַ בעזונדער מעטאָדישער אַיינ־פיהרונג פאַר לעהרער; 2) אַ לעזעבוך פאַר'ן ערשטען יאָהר נאָכ'ן אַלף־בית, צונויפגעשטעלט פון ל. ה. יפה (מחבר פון דער „קינדער־וועלט“) אונטער דער רעדאַקציע פון אַ גרופּע ווילנער לעהרער; 3) אַ לעהרבוך פאַר אַריטמעטיק פאַר'ן ערשטען לעהר־יאָהר, צונויפגעשטעלט פון לעוויטאַן און בראָוואַרניק, אונטער דער רעדאַק־ציע פון ד. האָכבערג, אין צוויי טיילען: א) פאַר די שילער, ב) פאַר די לעהרער.

**קאָראָלענקאָ'ס יובילייי.** היינטיגען חודש האָט די רו־סישע געזעלשאַפט געפייערט וולאַדימיר קאָראָלענקאָ'ס 60־יאָהריגען געבורטסטאָג. פון אַ סך יודישע שטעדט און גע־זעלשאַפטען האָט מען וואַרים בעגריסט דעם דאָ־זיגען בעריהמטען שריפטשטעלער און גרויסען הו־מאַניסט.

**געקראָלאָגען.** — אין ניו־יאָרק איז גע־שטאָרבען דער בעקאַנטער יודישער זשורנאַליסט, איבערזעצער און פּאָפּולאַריזאַטאָר א ב נ ר ט אַ נ ע נ ב ו י ם. ער איז געווען מיטאַרבייטער אין די ניו־יאָרקער צייטונ־גען „אידישען טאָגעבלאַט“, „אידישע גאַזעטען“ און „דעם אַמעריקאַנער מאָרגענזשורנאַל“. אין לעצ־טען האָט ער געפיהרט די אָבטיילונג „נאַטור און קולטור“, „האַנדעל און אינדוסטריע“. ער האָט איבערזעצט און קאָמפּילירט אַ סך ראָמאַנען און פּאָפּולער־וויסענשאַפטליכע ווערק, וואָס ווערען זעהר שטאַרק געלעזען. געבוירען איז ער אין שיר־ווינט אין פּרייסען, ביים רוסישען גרעניץ, אין יאָהר 1848. געלעבט שפּעטער אין רוסלאַנד (קי־שינעוו, קאַמענעץ־פּאָדאָלסק), געהאַט אויך אַ דיפּ־לאָם פון אָדעסער אוניווערסיטעט פאַר וויסענ־שאַפטליכע אַרבייטען אויפ'ן געביט פון געאָ־גראַפיע.

— אין וואַרשע איז געשטאָרבען דער יודיש־פּוילישער זשורנאַליסט ס ט אַ נ י ס ל אַ וו מ ע נ־ד ע ל ס אָ ן. יונגערהייד איז ער געווען אַ רע־וואָלוציאָנער און רעכענט זיך פאַר איינעם פון די גרינדער פון פּ. פּ. ס. געווען אַ לאַנגע צייט אַן עמיגראַנט און געשפּיעלט אַ ראָלע אין דעם אינטערנאַציאָנאַלען סאָציאַליזם. שפּעטער האָט ער זיינע איבערצייגונגען געביטען און געוואָרען אַלץ רעכטער. די לעצטע צייט האָט ער זיך פעראינטערעסירט מיט יודען און איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דער יודיש־פּוילישער צייטונג „פּשעגלאָנד צאָדזיעני“.

---

היות, ווי די פּאָסט־פערוואַלטונג האָט די לעצטע צייט אָנגעהויבען צו רעכענען די אַנקעטע־בויגענס מיט די ענטפערס פאַר „געשעפטס־פּאַפּירען“, בכן ווערען זיי אונז ניט אַרויסגעגעבען, ווען זיי זענען פראַנקירט מיט 2־קאָפּיקענע מאַרקעס. מיר בעטען דעריבער די אַבאָנענטען און לעזער צו קלעפּען אויף די בויגענס 7־קאָפּיקענע מאַרקעס.

דרוק־פעהלער: ז. 129, שורה 20 געדרוקט „קליינע רעכט“, דאַרף זיין: „גלייכע רעכט“.

---

רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ב. א. קלעצקין.

# אינהאלט:


י. ל. פרץ — מיינע זכרונות. 3

ש. אימבער — וואנדער-ליעדער. 26

ד. איגנאַטאָוו — גאָט בעהיט און בעשיץ. 31

ד. איינהאָרן — דער קינדיגרלי-פּרעסער (חלומות פון א וואַנדערער) 48

ד"ר אַ. מוקדוני — אונזער טעאַטער-פראַגע. 61

ל. קעניג — משה אפרים ליליען. 73

ש. ניגער — בריעף וועגען דער נייער יודישער ליטעראַטור 83

ש. רודניאַנסקי — די עקספּערימענטעלע פּסיכאָלאָגיע און דאָס פּראַקטישע לעבען. 97

י. לעשצינסקי — פראַגען פון יודישען עקאָנאָמישען לעבען 102

מ. שאַליט — סטאַטיסטיק פון יודישע קהלות אין רוסלאַנד און אין פוילין. 112

י. עפרען — יודישע פּאָליטיק און די יודען-פראַגע אין דער פערטער דומע. 124

ס. דינגאָל — אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס געגען פרויען-האַנדעל (אַ בריעף פון לאָנדאָן). 135

ד"ר ח. ד. הורוויץ — אין דער יודישער וועלט (איבערזיכט). 139

נייע ביכער פון ד"ר ל. ס., ש. נ. 149

פאַר'ן חודש 156

אילוסטראַציעס פון א. מ. ליליען.

# דער פּנקס.

יאָהרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאַר פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע.

פערלאַג: ב׳ א׳ קלעצקין. תרע״ב. רעדאַקטאָר: ש׳ ניגער.

I פון דער רעדאַקציע.

אַלגעמיינע אַרטיקלען:

II ב. באָראָכאָוו. — די אויפגאַבען פון דער יידישער פילאָלאָגיע.
III ב. רובשטיין. — די אַמאָליגע שפּראַך פון יודען אין רוסלאַנד.
IV ש. דובנאָוו. — עטליכע בעמערקונגען צום פאָריגען אַרטיקעל.
V ד״ר א. קאַפּעל. — שלמה עטינגער (זיין לעבען און ליטעראַרישע טעטיגקייט).
IV ח. טשעמערינסקי. — די יודישע פאָנעטיק (מיט בעמערקונגען פון ב. באָראָכאָוו).
VII מ. ווײַנגער. — העברעאישע קלאַנגען אין דער יודישער שפּראַך (נאָטיץ).
VIII ש. ניגער. — שטודיעס צו דער געשיכטע פון דער יודישער ליטע־ראַטור.
1. די יודישע ליטעראַטור — און די לעזערין.

מעמוארען:

IX י. דינעזאָהן. — ערא׳נערונגען.
X בן־עמי. — ר׳ מענדעלע שבעל־פּה.
IX א. י. פּאַפּערנאָ. — דער ערשטער יודישער ספּעקטאַקל. (זכרונות וועגען א. גאָלדפאַדען).
XII ש. רײזען. — אברהם רײזען (צום 20־יאָהריגען יובילײ).
XIII יעקב מילך. — צום 20־יאָהריגען יובילײ פון „צוקונפט״.

XIV ב. גאָרין. — דער רעפּערטואַר פון העם יודישען טעאַטער אין אַמעריקע.
XV ד״ר א. מוקדוני. — דער רעפּערטואַר פון דעם יודישען טעאַטער אין רוסלאַנד.
XVI ד״ר ח. ד. הורוויץ. — אונזער ערשטע טעגליכע צייטונג (צום 10־יאָהריגען יובילײ פון „פריינד״).
XVII ז. רײזען. — די יודישע פּרעסע (א רשימה פון אַלע יודישע צייט־שריפטען און צייטונגען, וואָס זענען אַרויס אין פערשיידענע לענדער).
XVIII א רשימה פון אַלע יודישע ווערק, וואָס זענען אַרויס אין רוסלאַנד.
XIX מ. שאַליט. — סטאַטיסטיק פון יודישען ביכערמאַרק.

קריטיק און ביבליאָגראַפיע:

XX בעל־דמיון. — ד״ר פּינעסעס „געשיכטע פון דער יודישער ליטע־ראַטור״.
XXI ב. באָראָכאָוו. — א) נח פּרילוצקי׳ס זאַמעלביכער פאַר יודישע פאָלקלאָר. ב) אַ גרוס פון פאַר 300 יאָהר—וועגען די יודישע פּריוואַט־בריעף פון יאָהר 1619.
XXII ל. ווילענסקי. — יודישע פאָלקסליעדער.
XXIII א. ירחי. — א „יובילעאום אויסגאַבע״.
XXIV מאַטעריאַלען צום יודישען פאָלקלאָר.
XXV נאָטיצען.
XXVI ב. באָראָכאָוו. — די ביבליאָטעק פון דעם יידישן פילאָלאָג (מיט א בעזונדער נומעראַציע).

פּרייז: בראָשירט 2,50 רובל, געבונדען 3 רובל.

# די יודישע וועלט

ליטעראריש-געזעלשאפטליכע מאָנאטסשריפט.

№ 8.

אויגוסט 1913

ווילנער פערלאג פון ב. א. קלעצקין.

אברהם רייזען.

# ליעדער און פאנטאזיעס.

I

## אבענד...

ל'בין געגאנגען, געגאנגען, ביז וואנען
ל'בין הינטער'ן שטאָדט שוין געשטאַנען...
און שטיל איז געוועזען אַרום,
אַ בוים האָט געשאָקעלט זיך פרום.

די זון איז אַרונטער, אַרונטער,
דאָרט הינטער'ן וואַלד, רויט ווי צונטער;
און טונקעלער, טונקעלער ווערט —
איך האָב מיך פערקלערט!

געטראַכט פון די ביסעלע יאָהרען,
וואָס זענען זיך רוישיג צעפאָהרען...
געבליבען צו רייזען ניט פיעל — —
עס טונקעלט... פאַרנאַכט... עס ווערט קיהל!

אַ פאָריל איז שטיל זיך אַריבער;
אַ מיידעל אַ יונגס און אידר ליעבער...
דאָס פאָריל אַזוי ווי בעקאַנט...
איך האָב מיך דערמאָנט...

———

II

## ברען אוים...

ברען אוים, אָ לעבען מיינס, ברען אוים!
דער קנויט איז ניט געבליבען גרוים...
זאָלן ליכטיג זיין די לעצטע טעג
צום לעצטען וועג!

ניט גוסס, לעבען מיינס, ניט צאַנק!
פערשווינד ווי אַ בליץ, ווי אַ געדאַנק!

די יודישע וועלט.

איך וויל ניט קאַרגען — האָב עס פיינט;
זאָל ליכטיג זיין בלויז היינט!

———

III

## אין אַ רעגענדיגער נאַכט.

איך ליג אין וואַך אין בעט ביי־נאַכט;
די גאַנצע וועלט ליגט אָהן בעוועגען;
דרויסען הער איך, ווי דער רעגען
קלאַפט פאַמעליך, שטיל און זאַכט.

מיין געדאַנק — ער פליהט אַליין:
אַ בית־עולם; ס'רוישען בלעטער;
כ'ליג אין קבר אונטער ברעטער;
איפ'ן קבר ליגט אַ שטיין...

און דער רעגען גיסט אָהן סוף,
און די קאַלטע טרערען־טראָפּען
פאַלען איפ'ן שטיין און קלאַפּען,
דאָך איך הער זיי ניט — איך שלאָף!...

IV

## אין וועג...

עס דאַכט מיר, איך האָב וואָס פערלאָרען אין וועג,
איך ווייס דאָך ניט וואָס...
זאָל איך צוריקגעהן? — עס איז אַזוי וויים,
עס איז אַ פערדראָס!

איך האָב וואָס פערלאָרען און ווייס דאָך ניט וואָס.
צי האָט עס אַ ווערט?...
נו, לאָז איך עס איבער — דער טאָג איז שוין קורץ,
און גרויס נאָך די ערד...

עס פאַלען שוין שאָטענס פון בוימער און בערג,
מיין שאָטען איז לאַנג...
דאָס האַרץ איז ניט רוהיג, עס שרייט: קעהר זיך אום!
דער שאָדען טוט באַנג!

דאָ בלייב איך גאָר שטעהן מיר אין מיטען דעם וועג.
אין חושך געהילט...
איך האָב וואָס פערלאָרען, איך וויים דאָך ניט וואָס.
איך האָב וואָס פערשפיעלט!...

―――

V

אויף אַ פערד אַ ווייסען.

אויף אַ פערד אַ ווייסען
וועט משיח קומען —
האָב איך אין מיין קינדהייט
ציטריג־שטיל פערנומען;
און אין הערציל האָבען
יונג געבליהט פאנטאזיעס,
ווי די ריינסטע בלומען.

*

אָ, פערגאַנגען זענען
לאַנגע, לאַנגע יאָהרען;
ס׳לעבען האָט דערעסען
משיח — לאַנג פערגעסען; —
דאָך דאָס פערד דאָס ווייסע
פון דער אַלטער מעשה
לעבט נאָך אין זכרון...

*

אָ, דאָס גאַנצע לעבען
איז אַוועק אין פלאָגען;
היי, דו פערד, דו ווייסעס,
קום! און זאָלסט מיך טראָגען!

טראָג מיך, וואו ס׳איז פרידען,
וואו אתרוגים בליהען;
וואַרט ניט אויף משיח —
לאָמיר ביידע ציהען!

―――

י. מ. ווייסענבערג.

# דאס רעטעניש.

געווידמעט א. קריסטאַל.

(ע ר צ ע ה ל ו נ ג).

האַלבע נאַכט. איך מיט אַ בעל עגלה אין נאָך איין פאַרשוין בלייבען מיר שטעהן מיט'ן פערד און וועגעלע אין אַ מיטען מאַרק. אַן אויסגעלערטקייט אַרום און אַרום. די לאָדענס פערהאַמערט, און עס דאַכט זיך, אַז עפּיס איז פערגליווערט געוואָרען אין דער נאַכט און האָט שווייגען געמאַכט אַלע הייזלעך. אַ שטילקייט. נור פּלוצלונג האָט אַ האָן אויסגעקרעהט פון אונטער אַ דעכיל אַפּויר און דער נאַכטס שטילען פליסען איבערגעריסען.

— יונגערמאַן, די פּאָר גראָשען! — האָב איך פון הינטער מיינע פּלייצעס דערהערט.

איך האָב מיר אומגעקוקט. דער בעל עגלה אין דער בורקע מיט'ן אויפגעשטעלטען קאַפּטער איבערן קאָפּ שטעהט שוין ביי דער צווייטער זייט וועגעלע און טאַפּט די „לישנע" איבער אַ הינטערשטער ראָד, צי זי האָט זי זיך נישט אָבגעבונדען איבער'ן וועג.

— וואו וואוינט דאָ גיטעלע די אַלמנה? — האָב איך געפרעגט, שוין אַראָבקריכענדיג פון וועגעלע.

— אָט גלייך... — האָט ער אָנגעשטעלט זיך מיט דער גראָבער זייט פון בייטש־שטעקיל אין אַזאַ פּאָזע, צילענדיג אין דער לופט אַריין, פּונקט ווי צום אויסשיסען.

איך האָב אַ לעצטען בליק געוואָרפען צום פורהעל, וואו דער צווייטער פאַרשוין האָט זיך נאָך געגריבעלט, און בין באַלד אַוועק מיט האַסטיגע טריט, וואָס האָבען אָבגעקלונגען איבער'ן מאַרק.

איך בין אַריין אין אַ געסיל, און ביים דריטען הויז, רעכטס, האָב איך אָנגעקלאָפּט אין אַ ברייטער פערמאַכטער הויז־טיר.

פון אינעווייניג האָט זיך דערהערט אַ ווייבעריש קול: באַלד, באַלד... און איך האָב מיך איינגעהערט, ווי עס עפענט זיך פון דאָרט אַ קלאַמקע, און עס שלייכען זיך אַרויס שטילע, ווייכע טריט, בלייבענדיג שטעהן הינטער דער הויז־טיר.

— ווער איז עס?

— איך, דער בחור, וואָס דאַרף קומען צו אייך.

די טיר האָט זיך אויפגעמאַכט, און אין איהר שטעהט אַ קליינע פיגור פון אַ ידינע, האַלב נאַקעט און כמעט מיט קיין נישט צוגע־

י. מ. ווייסענבערג. — דאָס רעטעניש.

דעקטען קאָפּ. אין אירע אויגען בלישצען צוויי שטילטשקע פייער־לעך. און איך פרעגאָפ:

— איהר הייסט גיטעלע?

— יאָ...

—גוט'ן אָבענד.

— גוט'ן אָבענד, גוט יאָהר. — ענטפערט זי און מאַכט מיר פּלאַץ צום אַריינגעהן.

— וואָס מאַכט דאָרט מיין זוהן, דאָס ווייב און קינדערלעך? — פרעגט זי ווייטער.

— גאַנץ גוט, גאַנץ גוט.

איך געה איהר נאָך אין שטוב אַריין. אַ סך געלעגער־קופּעס רינג־לען מיך אַרום; אַ רויטליך בלישצעל פון אַ הענג־לאָמפּ, וואָס הענגט אין דער מיט שטוב איך אַ דראָט אונטערן בעליק, בעלויכט געל־ברודיגע קישענס. פנימ'ער בלייבען זיך. אָנטבלויזטע העלזער מיט צעשיטע האָר אַרום די אַקסלען ליגען פערוואָרפען מיט די קעפּ אַרונטער, און ליפען בלאָזען זיך מיט אַ שווער הייבען זיך פון ברוסטען.

די יודינע קוקט מיר שוויגענדיג נאָך אַמאָל אַריין אין פנים און ווייזט מיר אָן איך אַ געלעגער פון צוגעשטעלטע שטולען פאַר'ן אוי־ווען, וואו עס ליגט שוין איינער מיט אַן איינגעקאָרטשעט קעפּיל, און די איבגעשטעלטע נאַקעטע קניה קוקען אַרויס הורכ'ן שפּאַלט פון דער צודעקענדיגער קאָפּאָטע.

— לעג דיך מיט מיין חיימ'לען, — גיט זי שטיל צו און דרעהט זיך אויס, אַוועקגעהענדיג מיט פאַמעליכע טריט צו איהר בעט, וואָס שטעהט אין ווינקעל וואַנט ביי דער זייט פון קופּערט.

איך בין אַ ווײַלע געשטאַנען און געקלערט, דערנאָך זיך אויס־געטאָן און געלעגט.

———

אין דער פריה. איך עפען די אויגען — די שטוב איז פול מיט מוידען, און עס שטעהט שוין אַ גאַנצער יריד אַרום מיר. איינע, אָנ־געטאָן אין אַ ברוין, באַרכאַן בלוזקעלע, האָט אַ שמאָלע געטאָקטע טאַליע, אַ שוואַרצע פריזורע איבער'ן לענגליכען שטערן, שוואַרצע אויגען און אַ קליין יצר־הרע'דיג מיילכעל מיט דראָבנע ליפּעלעך, וואָס טונקלען זיך אין די סאַמע ווינקלען. איהר שמייכעל צעגיסט זיך איבער דער גאַנצער שטוב און שטעקט אָן יעדען מיט אַ ליבער צערטליכקייט, און בשעת זי לאָזט איהר קול אַרויס, קלינגט עס איבער אַלע ווינקעלעך, עס דוכט זיך, ווי עס וואָלט זיך פון די ווענט און פון בעליק אַרויסגעקייקעלט. און אַלע

רופען זי „די שענע ברכה׳לע“. די צווייטע ווידער—די רופט מען חיה׳לע. געהט נאָך אין דער בלויזער האַלקע מיט׳ן טריקאָטענעם לייבעל. אַ קיילעכדיג פנים האָט זי, ווי אַ שיסעל, מיט ראָזע באַקען, אַ ברייט מויל און צוויי גלאַנציגע ברוינע קאַרשען־איגען. די יונגסטע, יולקע — די טראָגט פון אַן עלטערער שוועסטער אַ משונה׳דיגען שטרייפקאָלירטען שלאָפראָק, וואָס איז קורץ אויף איהר, און מען זעהט איהר אַרויס די באָרוויסע פיס. זי איז אַ הויכע, מיט בלאָהע איגען, און דער הויכער דינער האַלז מיט איהרע פיס זענען, דאַכט זיך, ווי בעשאַפען געוואָרען שטענדיג צו זיין נאַקעט. זי קעהרט די שטוב איבער, זוכענדיג איצונד די זאָקען, וואַרפט די קישענס פון די בעטען אויפ׳ן קופערט, פון קופערט אויף דער פאָדלאָגע, די גאַנצע שטוב ווערט פול מיט האַסטיגע בעוועגונגען פון איהר פיגור, און עס זעהט אויס, ווי אַן אויסמישונג איז געקומען אויף אַלץ אין שטוב.

— זעה נור, מאַמעשי, וואָס פאַר אַ מיני לאַנגע הענד זי האָט... — רופט זיך אָן חיה׳לע, די מיטעלסטע, די מיט קאַרשען־איגען, מיט אַ פערוואונדערונג, פונקט ווי זי וואָלט עס ערשט אַליין געזעהן דאָס ערשטע מאָל.

— און זעה נור, וואָס פאַר אַ גראָבע דו ביסט. — רופט זיך אָן יולקע, אַזש רויט ווערענדיג, און גיט נאָך האַסטיגער אַ וואָרף אַ קישען אויף דער פאָדלאָגע.

— כ׳לעבען, עס וואָלט שוין צייט געווען — רופט זיך אָן די מוטער, וואַרפענדיג אַ געשווינדען בליק פון קימען אַוועק און גיט אַ שווישטש צו מיט׳ן מיילכעל — אַז עס זאָלען דיר ווערים אַריינקומען אין מויל אַריין...

— אַזוי?.. און פאַרוואָס טשעפעט זי זיך מיט מיר?... — וויל זיך יולקע ווי אָבוועהרען, אַ וואָרף טוענדיג מיט׳ן קאָפ אין דער הויך און פערשאַרענדיג אַ לאָק הינטערן אויער.

עס ווערט צוריק שטיל, און אויפ׳ן קימען ציהט זיך אַ דין, בלאָהע רויכעל, צונויפגעמישט מיט אַ האַלב זיך אַרויסכאַפענדיגען און האַלב לעשענדיגען פלאַם, צום לופט אַרויף. די מוטער שטעהט דערנעבען און שאַרט עפּיס איבער מיט אַ לעפעל. עפּיס שפריצט און בייזערט זיך דאָרט מיט אַן אָנגענעם געקנאַקעריי און פילט די שטוב אָן מיט אַ געשמאַק פון גערייסטע ציבעלע.

אַז דאָס עסען ווערט פאַרטיג, בשעת׳ן אויפגעבען, און יולקע

וואַרפֿט זיך צום טאָפּ אַרויסצוכאַפּען פֿון דאָרט אַ גריוו, מאַכט די מוטער שוין ווייכער:

— מייד, האָב כאָטש חרפּה... — און דערביי וואַרפֿט זי אַ בליק אויף מיר.

ביינאַכט, ווען דער תּכשיט, חיימ'ל, קומט אַהיים פֿון דער אַרבייט, און שטוב ברענט שוין דער לאָמפּ, און יולקע איז שוין אויך דאָ פֿון דער שניידערין, וואו זי לערנט זיך נייהען אַ גאַנצען טאָג, — שטעלט זיך ערשט דער אמת'ער יריד.

פֿאַר איהם, חיימ'לען, קאָכט די מוטער גאָר בעזונדער אַ טעפּעלע רייז מיט אַ שטיקעל פֿלייש. און אַ מאָדנע וואיל בחור'ל איז דאָס. זיצט זיך פֿאַר'ן איוווען, פֿערלעגט אַ פֿיסעל אויף אַ פֿיסעל, שפּייעט און רויכערט פּאַפּיראָסלעך, וואָס ער קויפֿט אין בית־המדרש־געסיל ביים האָרבאַטען. און רויכערנדיג שווייגט ער אַזוי לאַנג, ביז ער הויבט זיך אָן צושאַרען צו יולקען.

זי ווידער שווייגט אויך. זי זעהט, ווי ער שטעלט זיך אויף פֿאַמעליכ־דיג, ווי ער קנאַקט זיך אויס די פֿינגערלעך און וואַרפֿט זייטיג אַן אייגעל אויף איהר. עס דאַכט זיך, אַז ער טוט דיזעלבע אַרבייט, ווי אַ פֿליג, ווען זי הויבט זיך אָן צו פּוצען דאָס קעפּיל, פֿריהער מיט די פֿאָדערשטע פֿיסלעך, דערנאָך צו ווישען ווידער די פֿליגעלעך מיט די הינטערשטע פֿיסלעך... נאָר דאָס אַלץ זעהט יולקע ניט און שטעהט שווייגענדיג אָנגעלעהנט מיט'ן רוקען אָן טישעל, מיט איין פֿיסעל אַרויסגעשטעלט אויף פֿאָרענט און האָט איהם אין דער ערד.... נאָר דעמאָלט טאַקע רוקט ער זיך צו, און אַ הויב טוענדיג די אַקסעלעך, קראַצענדיג זיך אין אַ ציה נעבענדיג אַ ביסעלע רויך חרכ'ן מונדשטיקעל פֿון פּאַפּיראָסעל, מאַכט ער זיך קוקען אויף דער שטוב אַרויס, גלאַט אַזוי, און טוט אַ שפּיי גלייך איהר אויפֿ'ן קאַמאַשעל אַרויף...

דעמאָלט מאַכט זי זיך אויך קוקען גלאַט אַזוי אויף דער שטוב אַרויס... און ער ווערט שוין אַ ביסעלע פֿערוואונדערט, קוקענדיג איהר אין די אויגען אַריין מיט אַ תּמ'עוואַטען בליקעל:

— אַי, וואָס מאַכסט דו, יולקעשי? כ'האָב דאָך דיך גאָרנישט געזעהן, גוטען אָבענד.... — שרייט ער אויס.

— גוט'ן אָבענד, ניט יאָהר... — ענטפֿערט זי איהם.

און ער דרעהט זיך שוין אויס מיט אַ פֿרעהליך פּנים. די מעשׂה טוט איהם הנאה, און ער קלערט שוין צוריק צו געהן אויף זיין אָרט, צו זעצען זיך און פֿערלעגען אַ פֿיסעל אויף אַ פֿיסעל. נאָר דעמאָלט קריגט ער הינטערווייל'עכס אַ פּלעם, אַז דאָס גאַנצע פּנים ווערט איהם ווי

# די יודישע וועלט.

פערווישט, צוזאמען מיט א קלונג איבער דער גאנצער שטוב, גלייך ווי פון בעליק אראפגעפאלען.

— איי, א דונער האט מיך איינגעשלאגען! — שרייט אויס דאס מאמעלע, דערזעהענדיג חיימ'לס צוהאלטען די באק און בענעגענענדיג זיך בלישצעל צו בלישצעל מיט דער גרויסער מויד'ס אויגען. עפיס האט א פייף געגעבען, עפיס האט א בליטץ געטאן, א שלאנגען ברענענדיגקייט האט די לופט פערבאפט מיט א מורא'דיגער שטילקייט, וואס האט ווי פון זיך אליין אויסגעשניטען א דין קול'כעל:

— משומדת!...

און דעמאלט, פונקט ווי עס וואלט עפיס אויפגעפלאצט, טוט זיך די מוטער א ווארף צו, שטעהענדיג שוין פנים צו פנים מיט דער טאכ־טער. די טאכטער, ווי וועלענדיג זיך בעשיצען, טוט מיט אן אנגע־צונדען פנים זיך א פערשטעל מיט די הענד פאר דער מוטער, נאר ווי פערשעמענדיג זיך באלד פאר זיך אליין, גיט זי מיט א ביסעלע צעטראגענהייט א שטעק ארויס דער מאמען דאס צינגעל.

ווי א רגע געדויערט, ביז עפיס קעהרט זיך איבער ביי ביידען אין די אויגען, א משוגע'נער בליץ פליהט פארביי צווישען ביידענס פנימ'ער, און די מוטער, מיט אנגעשטרענגטע, האלב־אויסגעבויגענע פינ־גערלעך, ווי אין זיי וואלט א קארטש געלעגען, און אויסגעצויגען שנאפ־בעלע, שטעקט זיך אריין אין דער טאכטערס פנים. און אין דעם שווייגען פון איהר פיסקעלע פיהלט זיך טאקע, אז זי מיינט נאר דארט עפיס צו צעשפאלטען אדער פונאנדערטיילען.

אבער דער גרויסער מיידס א הארצרייסענדיג געשריי האט שוין די גאנצע שטוב איפגעציטערט, און אין איין רגע איז זי געלעגען מיט'ן רוקען אויפ'ן טישעל, מיט א בלוט־אנגעגאסען פנים, בלאהע, פערקייכטע ליפען און אפען מויל, אהן אטעם.

— געוואלד! — האט חיה'לע אויסגעשריען, צושפרינגענדיג פון הינטען און אנכאפענדיג די מוטער מיט ביידע הענד איבער די ארעמס. אבער די מוטער האט זיך געריסען מיט אן אויסגעשטרעקט העלזעל אין אנגעגאסענע אדערן אויף פארענט און מיט אן איינגעשטאכען פייער־דיג בלישצעל אין די אויגען איבער יולקעס גוף.

ברכה'לע איז איך אריינגעלאפען אין דער מיט, פערשטעלענדיג מיט זיך יולקען. און אלע, ראנגלענדיג זיך צווישען זיך, אזוי אז מען האט מעהר נישט געהערט, ווי דאס טופען פון די פיס און דאס שארכען פון

די הענד, — אַזאַ פערכאַפּטע שטילקייט איז געווען צווישען זיי, — האָבען זיי אויסגעזעהן, ווי זיי האָבען זעדר אין זעהר קיין צייט נישט...

אָבער באַלד האָט זיך, ווי אַ פינסטערער יאוש פון אָנגעשטרענגטקייט אויף אַלעמענס פנימ'ער צעלעגט, אַמין פערביטערונג איז אויף זיי געקומען, און דאָס גאַנצע שווייגענדיגע, צעמישטע רעדיל, פונקט ווי מען וואָלט עפּיס דערויף הורך כשוף אַ בלאָז געטאָן, איז צעשפּרייט געוואָרען. ערשט דעמאָלט האָט זיך די מוטער אויסגעדרעהט פריי, געבענדיג אַ הוסטעלע אָב, און די טעכטער האָבען איך אָבגעקעהרט די פנימ'ער, יעדע אין אַ בעזונדער זייט...

נאָך אַ רגע, און יולקע איז שוין קוים צו זיך געקומען, אָבכאַפּענדיג דעם אָטעם און אַרויסקרעהענדיג אויפ'ן קול מיט אַ געוויין.

— אַל'ן אָט דער תכשיט... — האָט חיה'לע ערשט אויסגעשריען, דראָהענדיג אַנטקעגען חיימ'לען, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס צוגעשאַרט צו דער שלאָף-באַנק מיט אַן אַראָבגעלאָזט קעפּיל, מיט אַריינגעשטאָכענע אויגען צו די שפּיצען פון די שטיוועלעך און צופּענדיג זיך מיט צוויי פינגערלעך אונטערן גאָמבעלע.

— וואַרט, עס וועט דיר אַן אומגליק געשעהן, — האָט זי איהם נאָך אַמאָל צוגעשריען — און חיימ'ל האָט שוין אַן אויג אויפגעהויבען, צוּוואַרפענדיג צו איהר זייט אַ בליק פון אונטערן שטערן אפויר...

— לאָמיך שוין געמאַך... — האָט ברכה'לע זיך געבעטען ביי דער שוועסטער.

און אין אַ ווײלע אַרום האָט ערשט חיימ'ל אָנגעהויבען:

— איך בין שולדיג, אַז איך בין געשטאַנען און געריכערט אַ פּאַפּיראָס?...

— וואָס... — האָט זיך צו איהם חיה'לע צוגערוקט מיט בייזגיפטיגע פייערלעך אין די אויגען — זי ליידט נישט דעם רויך?...

— איך ווייס? — האָט ער געענטפערט, טוענדיג שוין אין דער מיט אַ ברוגז'ן קוק אויף דער מאַמען, פאַרוואָס זי לאָזט איהם אַזוי... און באַלד צוריק אַראָבגעלאָזט דאָס פנימ'ל מיט אַן אָנגעצויגען קנייטשעל צווישען ביידע ברעמען.

— נו, נו... האָט איהם חיה'לע אַ מאַך געגעבען מיט אַ דראָהענדיגען פינגער איבער'ן שטערן, וועלכען ער האָט אין דער לופט פערכאַפּט מיט איין האַנד און מיט דער אַנדערער זיך געוואָלט אַריינרייסען אין איהר קאָפּ האָר. נאָר דעמאָלט בין איך צוגעשפּרונגען און אַוועקגעכאַפּט איהם הינטערוויילעכס ביים קאָלנער, האַלטענדיג איהם כמעט אין דער לופט.

## די יודישע וועלט.

באַלד אָבער האָט די מוטער אָנגעהויבען פישצען:

— וואָס וויל מען פון איהם האָבען? ווער אָן גאָט גלויבט, האָט מיט איהם צו טון...

איך בין צעמישט געוואָרען און האָב איהם באַלד אָבגעלאָזט, אָבקעהרענדיג זיך צוריק אָן אַ זייט.

די מוטער האָט באַלד זיך גענומען בעקלאָגען דערויף, וואָס דער פאָטער איז טויט, און וועגען דעם, וואָס דער עלטסטער זוהן, וועלכער האָט מיך געשיקט דאָ אַהער, האָט חתונה געהאַט אין דער פרעמד אַריין. און אַז וויילע עס איז נישטאָ קיין איבער־האַר, איז איהר שטוב הפקר, און יעדערער מעג טון, וואָס ער וויל...

— ברכה׳לע, נעהען מיר אַרויס אַ ביסעל פון שטוב? — האָב איך געפרעגט.

זי האָט גענומען דעם שאַל אויף זיך און, וואַרפענדיג נאָך אַ לעצטען שטומען בליק אויף יולקען, וואָס איז געלעגען איבער׳ן טישעל מיט דעם פנים פערשטעקט אין ביידע הענד, האָט זי אָנגעהויבען מיט אַ וועהטאָגליך פנים און נישט־זיכערן טריט די שטוב צו פערלאָזען.

— וואָס ביזט דו אַזוי פערזאָרגט? — האָב איך זי שטיל גע־פרעגט, שטעהענדיג שוין אין דרויסען איבער דער שוועל אַריבער.

— וואָס, מען איז דען זיכער, אַז מען געהט אַרויס אויף אַ רגע?— האָט זי געענטפערט, האַלטענדיג שטיל און אַראָבגעלאָזט די ברעמען.

— נו, דו ווילסט דען געהן צוריק אַריין?

— ניין, אַדרבא, קומט אַ ביסעל. איך קען שוין אַליין אויך נישט מעהר פערטראָגען.

מיר זענען געגאַנגען אויף אַ שאָסיי, און זי האָט אָנגעהויבען:

— פון נאָך דעם טאַטענס טויט אָן, צייט חיימ׳ל איז געוואָרען איהר קידוש־בעבערל, איז די שטוב געוואָרען אַזוי...

— שוין לאַנג איז דער טאַטע טויט?

— צוויי יאָהר. — האָט זי שטיל געענטפערט און אָבגעזיפצט.

— שוין אַן אַלטער מאַן געווען? — פרעג איך — עלטער פאַר דער מאַמען?

צוויי טרערען האָבען זיך איהר געשטעלט אין די אויגען:

— עלטער איז ער נישט געווען, נאָר מיר האָבען איהם פער־קירצט די יאָהרען...

— ווער איהר?

— איך מיט מיינעם אַ חתן.

### י. מ. ווייסענבערג. — דאָס רעטעניש.

— וואָס הייסט?

— גאָר נישט...

— איהר האָט שוין געהאַט אַ חתן?

— נו וואָס אי'?... יאָ...

— גאָרנישט... וואָס זאָל זיין?

— נו, וועל איך דען שוין נישט קריגען נאָך איינעם?

— פאַרוואָס נישט? פערקעהרט... צעהן אַפילו...

זי האָט אַ בלאַסען שמייכעל געטאָן.

— נו, דערצעהלט. — האָב איך זי געבעטען.

— אַוודאי וועל איך שוין ערשט דערצעהלען. אויב נישט קריגען, זאָל כאָטש זיין, פאַרוואָס...

— גערעכט. — האָב איך אַליין אויך אַ שמייכעל געטאָן.

— איך האָב געהאַט אַ חתן — האָט זי אָנגעהויבען — אַ מיליטער-שניידער, אַן אויסגעדיענטער זעלנער, און כאָטש איך בין נישט מעהר אַלט געוועזען, ווי זיבעצעהן יאָהר, דאָך, זעהט איהר, האָב איך איהם געליעבט.

— נו וואָס זשע איז?

— גאָרנישט. וואָס זאָל זיין? און דאָך, זעהט איהר, האָט ער מיך נישט געליעבט.

— ברכה'לע, צי דו שפיעלסט אין שפאַס? — האָב איך זי ביי אַ האַנד אָנגענומען.

— ניין, בנאמנות, אַז נישט, אינגאַנצען נישט.

— נו, דערצעהל זשע.

— נו, יאָ... האָט זי מיר אַ קוק געגעבען אין די אויגען אַריין, — איינמאָל, מיט אַ וואָך פריהער, ווי שבת פאַר שבועות, קומט אַראָב-צופאָהרען מיינער אַ פעטער פון אַ קליין שטעדטיל, עקסטרע צו אונז אין שטוב אַריין, מיט אַ בשורה, אַז דער זוהן זיינער קומט איהם אַהיים פון די זעלנער, — אַ טייערער בעל מלאכה, אַ גאָלדענער יונג... דער טאַטע מיינער האָט פערשטאַנען, וועגען וואָס דאָ געהט, און זיך גאָר נישט וויסענדיג געמאַכט. נאָר דער פעטער געהט אויס, און איך געפעל איהם זעהר. בעט ער דעם טאַטען, אַז דער זוהן, וואָס איז שוין אין מיטען וועג, וועט דאָ אַראָפּקומען, זאָל איהם דער טאַטע גוט אויפנעמען... וואָס דער אמת, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז עס איז נאָך צו פריה: שמואל, וואָס טויג דיר דאָרט? מיין ברכה'לע איז ערשט זיבעצעהן יאָהר,

נאָך אַ יונג קינד, און צו וואָס זאָל איך איהר שוין אַ קאָפּ פערדרעהען? אָבער מיין פעטער האָט נישט אָבגעלאָזט, נאָר דוקא און דוקא, און פאַרוואָס דער טאַטע מיינער טענ'עט אַזוי?...

עס האָט גאָרנישט געהאָלפען, מען האָט געמוזט שיקען נאָך בראָנפען, טרינקען לחיים, און דער טאַטע מיינער האָט געטראַכט: מילא, מען וועט דאָך זעהן. דער פעטער אָבער ציטערט, פלאַטערט. ער קוקט אויף מיר, און דאָס הארץ קוועלט איהם פאַר פרייד. מען מאַכט שוין אַן אָנבייסען איך, ווי עס געהער צו זיין. איך דערלאַנג צום טיש, און ער קאָן זיך גאָרנישט זאַט אָנקוקען אויף מיר, אַז איך שמייכעל אַזש אַליין פאַר זיך:

„וואָס האָט דער פעטער אַזוינס דערזעהן אין מיר?...“—

נאָר איך מאַך מיך גאָר נישט וויסען.

ערשט, אַז ער בענשט אָב, רופט ער מיך צו:

— קום אַהער, טאָכטערשי, וועל איך דיר עפּיס זאָגען...

איך בין פערשעמט געוואָרען, איהר פערשטעהט, אַז ער וויל מיר עפּיס זאָגען, ווייס איך דאָך שוין וואָס...

נאָר דער פעטער שמואל, שוין נישט קיין יונגער מאַן, האָט אַ גראָהע באָרד, און אַז ער רופט, מוז מען געהן. געה איך צו, שטעל מיך אַזוי אַנידער נעבען איהם, גיט ער מיר אַ קניפּ אין בעקיל אַריין:

— דו ווייסט, ברכהלע, — זאָגט ער, און איך שפיר, ווי דער אָטעם זיינער גלעט מיך איבערן קאָפּ — ערשט ביזט דו שוין מיין אמת'דיגע משפחה...

איך הויב אויף אַן אויג אויפ'ן טאַטען, זעהן, וואָס זאָגט ער. זעה איך, ער קוועלט איך, קוקענדיג אויף מיר. איך ווייס נישט, צי ווייל איך בין אַזוי געשטאַנען מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, דערפאַר האָט ער געקוואָלען. נאָר אַז איך האָב דערזעהן זיין פנים, האָב איך מיך נאָך מעהר פערשעמט. און איך ווייס נישט, פאַרוואָס, אַ יונג קינד נאָך, וואָס האָב איך דען דעמאָלט שוין געקאָנט טראַכטען וועגען אַ חתן? נאָר דאָך האָב איך דערשפּירט, אַז עס וואַקסט עפּיס אַ פרייד אין מיר. און נישט נאָר אין מיר, נאָר אין דער גאַנצער שטוב. איך זעה, אַז דער טאַטע איז צופרידען, די מאַמע דאָסגלייכען, און איך שפיר עפּיס אַ שטילע גוטסקייט אַרום מיר.

צום פעטערס אַוועקפאָהרען, ווען די ברימשקע איז שוין געשטאַנען פאַר דער טיר, אַלע שטוב-מענשען — אין דרויסען און איך אויך, אויף דער שוועל, לאָזט מיר דער פעטער איבער פינף רובעל לעצט-

געלד: „נאַ, ברכהלע, אויף אַ שערם — זאָגט ער — אָדער עפּיס אַנדערש, וועסטו בעסער געדענקען דעם פעטער“...

— אַ שיינעם דאַנק — זאָג איך — פעטערשי.

און נאָך גיט ער צו:

— דעם חתן וועל איך דיר זעהן נישט לאַנג צו פערהאַלטען. ער וועט באַלד דאָ זיין...

איך האָב נאָך אַמאָל געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און, מן הסתם, געשמייכעלט, ווייל אין דיינע אויגען האָט זיך איך צעגאָסען אַזאַ שיינענדיג בלישצעל...

דערנאָך, מיר האָבען זיך אָנגעקושט, אָנגעהאַלזט, דער פעטער פּאָהרט אַוועק, און מיר קעהרען זיך צוריק אין שטוב אַריין. פיהל איך, אַז עס פעהלט עפּיס, די ווענט זענען ווי גרוימער געוואָרען. און דער חתן, כאָטש איך האָב איהם נישט געזעהן נאָך קיינמאָל, נאָר וואָס איך האָב געהערט שמועסען וועגען איהם, שטעהט מיר שוין אינגאַנצען פאַר די אויגען. דער טאַטע שעפּט נחת, קוקענדיג אויף מיר, ווי איך זינג טאָג מיט נאַכט; די מאַמע — דאָסגלייכען; און אַלע אין דער פריה, — איך עפען נאָר די אויגען, ליגענדיג נאָך אויפ'ן געלעגער, קוק איך שוין צום פענסטער, וואָס פאַר אַ שעהנער טאָג היינט איז, און מיר שטעלט זיך פאָר דאָס פעלד, נאָך די בריקען, ווי דאָרט איז גוט צו שפּאַצירען...

עס זענען אַריבערגעלאָפען אַ טאָג אַכט אָדער צעהן אַזוי אומבעמערקט, — און איך בין אַלץ מיט אַזאַ פערטוענקייט אין מיר. און אויפ'ן עלפטען טאָג — דעם פעטערס זוהן איז דאָ...

איך בין געווען אַזוי פערנומען מיט עפּיס טון אין שטוב, — דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב פונקט געהאַלטען דעם בעזים אין דער האַנד... הער איך, ווי מען פאָהרט צו פאַר דער טיר. איך ליף צו צום פענסטער, גיב אַ קוק אַרויס, האָט זיך נאָר וואָס פונקט טאַקע געהאַט אָבגעשטעלט אַ פערד אין ברישקע. דאָס פערד האָט נאָך אַזוי געהאַלטען אַרויסגעריסען דעם קאָפּ, בשעת די האָלאָביעס זענען איהם געקראָכען איבער די אויערן, ווי זיי וואָלטען נאָך געוואָלט אַריבערלויפען איבערן פערד. און פון דער בריטשקע שפּרינגט אַראָב אַ זעלנערל, די טוי ליגט דערויף... אַ מונדירעל איז עס געפּאַסט, פּונקט ווי אויסגעגאָסען, אַ היטעלע מיט אַ רויט קאָקאַרדעלע און אַ שטערנדיל, שטעהט עס איהם אויפ'ן שפּיץ שטערן, און אַ פּראָפיל פּנים זעה איך, בשעת ער ווענדט זיך צום בעל עגלה מיט אַן אויסגעצויגענער האַנד

צום בעצאָהלען, איז ער בלוט און מילך.

— גליך נאָר אַרויס, טאַטעשי, עמיצער איז געקומען צו פּאָה־רען... — שריי איך אויס.

דער טאַטע האָט אַ גריסען לאַך אַרויסגעגעבען. ער האָט שוין, מוז זיין, פערשטאַנען, ווער עס איז געקומען, אָדער דערקענט אָן דעם, וואָס איך בין געוואָרען אַ ביסעלע צעהדערט, און ער רופט זיך אָן:

— נישקשה אַז ער האָט געטראָפען פון די רוסישע גובערניעס ביז אַהער פאַר דער טיר, וועט ער אין שטוב אַריין איך טרעפען...

עס מאַכט זיך אויף די טיר, ער קומט אַריינצוגעהן, נעמט זיך אַרום מיט'ן טאַטען, און זיי הויבען זיך אָן צו קושען, מיט דער מאַמען— דאָסגלייכען. און איך אַנטלויף אין צווייטען שטיבעל אַריין, אין אַלקער...

פרעגט זיך די מאַמע:

— וואָס אַנטלויפסט דו?

— גאָרנישט... — ענטפער איך און שטעה אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום פענסטער.

געהט זי אַוועק, און עס קומט אַריינצוגעהן דער טאַטע.

— ברכהל'ע — מאַכט ער שטיל — געה אַריין, עס פּאַסט נישט...

— גוט, טאַטעשי, איך וועל שוין אַריינקומען. — ענטפער איך איהם ווידער, און אַז ער געהט אַרויס, טו איך מיר איבער אַן אַנ־דער בלוזקעלע, פלעכט מיר צו די האָר און געה אַריין.

איצונד דערלאַנגט ער מיר איך די האַנד, און מיר שטעהען פּנים צו פּנים מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען. דערנאָך זעצען מיר זיך אויף צוויי שטולען, איך מיט'ן פּנים קעגענאיבער זיינע קניע, וואו ער האַלט פערלעגט אַ פיסעל אויף אַ פיסעל, מיט אַן אַרויסגעשטעקט גע־פּאַכט שטיוועלע אין דער לופט און דרעהט זיך מיט איין האַנד אַ וואָנ־סעלע, קוקענדיג אויף דער אַנטקעגענדיגער וואַנט. די אויגען האָבען מיר אויסגעזעהן אַזוי פרעמד, פונקט ווי זיי וואָלטען ערשט געקומען צו פאָהרען פון איבער ווייטע ימים און פרעמדע לענדער. ער רעדט גאָרנישט, קוקט זיך נאָר אין אַלץ איין און שווייגט.

פרייטאָג צו־נאַכטס געהען מיר שפּאַצירען אויף דעם ביאַלער שאָסיי. די לבנה שיינט אַ ביסעל זייטיג, אַזוי ווי אין זומער־צייט. אויף די פעלדער איז שוין אַלץ שטיל און איינגעשלאָפען, נאָר איך מיט הערשעלען, מיין קוזין, שפּאַצירען אין דער מיט שאָסיי, צווישען ביידע שורות קאַלך־געווייסטע שטיינער, וואָס זענען אויסגעזעצט לענג־אויס אי־בער ביידע זייטען וועג. אין דאָרט איבען, ווייט, שוואַרצען זיך נאָך עטליכע קיפּקעלעך, בעזונדערע פּאָרלעך, וואָס שפּאַצירען אויך אַרום 

איז שטיל, און איך מיט מיין קוזין כאַפּען זיך אַריבער אויף דער צווייטער זייט גראָבען, וואו עס הערט זיך אַ גריייצערן פון אַ זעג־וואָרים פון צווישען דעם קאָרן אַרויס, און דאָ געהען מיר איבער דעם ווייכען גראָז שטיל און האַנד ביי האַנד.

אַרום האַלבע נאַכט איז דער שאָסיי שוין אינגאַנצען ליידיג, און מיר געהען איך צוריק אַראָב אין שטאָדט אַריין. אַלע הייזלעך שלאָפען. עס הערט זיך דאָס כראָפּען הינטער די פערמאַכטע לאָדענס, און לער איז אַלץ אַרום, ווי אויסגעשטאָרבען. נאָר וואָס איין וועכטער האָבען מיר בעגעגענט צום אַריינקום אין שטאָדט, וואו ער איז געזעסען אין עק גאַס אויף אַ בריקעל פאַר אַ הויז, מיט'ן שטעקען צווישען די קניה, אָנגעשפאַרט מיט'ן פנים אָן איהם און געקוקט שטיל אין דער לבנה אַריין. מיר זענען געגאַנגען פון גאַס צו גאַס פאַמעליך, און דער שפּאַציר האָט מיך געמאַכט אַזוי מיד און שכור'לעך, אַז די אויגען האָבען זיך אַזש געקלעפּט, זיס צום איינשלאָפען.

— נעם, שפאַר אָן דעם קאָפּ אָן מיין אַקסעל, — האָט ער מיך געבעטען, און מיט אַ שטילען, ווייכען בליק אויף מיר, אויסגעשטרעקט זיין אָרעם.

---

שבת ביינאַכט, ווען מיר געהען ווידער שפּאַצירען דורך דער גאַס, קוקען אונז נאָך שכנים און שכנות פון פאַר די טירען און פון די פענסטער אַרויס. מען פערשטעהט שוין, וואָס איך מיט הערשעלען הויבען זיך אָן צוצוגעהערען איינער דעם אַנדערן, און מען קומט אַריין צו אונז אין שטוב מיט אַזאַ פריינדליכקייט. אַלע שמעלצען זיך גלאַט פאַר נחת... אַלע זעהען שוין, אַז איך וועל זיין גליקליך ביי איהם. נאָר וואָס דאַרף איך דען זייער זעהן, אַז איך אַליין זעה נאָך טויזענד מאָל מעהר? דער טאַטע וויל איך נישט שמועסען וועגען דעם. ער זאָגט: „מילא, איצונד זאָלען שוין די קינדער אַליין זאָגען... זאָלען זיי מיך בעטען אויף תנאים" — מאַכט ער זיך נאָך אַ געלעכטער: „וועל איך געהן"... און די מאַמע, זעה איך, געהט שוין איך אַרום אַזאַ שיינענדיגע, ס'הייסט, ווי זי וואָלט שוין איך בעשטאַנען... טראַכט איך מיר: „גוט, מאַמעשי, גוט, טאַטעשי... זאָל נאָר קומען די צייט"...

אַזוי איז געווען. הערשעלע האָט פערשטאַנען, ביי וואָס עס האַלט שוין ערשט, און ווידער האָבען אָנגעהויבען קומען אין שטוב אַריין יעדען טאָג אַנדערע גוטע פריינד אָדער משפּחה, יעדער מיט זיין „סקאָצעל קומט"... און אָנגעהויבען צו שמועסען מכלומר'שט פון „קלאָץ, בוידעם"... האָט ער פערשטאַנען, הערשעלע, און אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרגעשלאָגען אין שטוב, אַז מען זאָל מאַכען תנאים. די מאַמע איז

# די יודישע וועלט.

שוין אַ ביסעלע פערדרעהט, דאָס קאָפּקעלע זיצט איהר שוין נישט גלייך אויפ'ן קאָפּ, און זי פרעגט אַלע ווײלע דעם טאַטען: „אפשר, זאָגסט דו, איינמאַרענירען הערינג, אברהם"?..

— איך, זאָגט זי, זאָג... — מאַכט דער טאַטע, און ער לאַכט איך, קוקענדיג אויף איהר, ווי זי גיעהט אַרום, און ווי זי קוקט איהם אין די אויגען אַריין אַלע ווײלע:

— האַ, האַ?..

עס איז געקומען. ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, איז הערשעלע אין דער נאַכט פון די תנאים געזעסען איבען אָן אין זיין זעלנערישען היטעלע צווישען גאַנצען עולם מענשען אַרום טיש, און עס האָט געשיינט און געפונקעלט פון די ברענענדיגע ליכט אין די לייכטער און דעם לאָמפּ מיט'ן אַבאזשור, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט. נאָר פון צווישען דעם אַלעם האָט הערשעלעס פנים אַרויסגעלויכטען.

דער טאַטע איז צו איהם צוגעגאַנגען און געזאָגט מיט אַזאַ ליעבליכקייט:

— הערשעל, זעה, וואָס טויג דיר ערשט דער זעלנער?.. אַ חתן איז אַ גרעסערער טיטול.

האָט ער זיך אַ ביסעל פערשעמט און געכאַפּט און געוואָלט אַריינלויפען אין בעהנדערן שטיבעל, וואו ער האָט געהאַט שטעהן זיין טשעמאָדאַן מיט ציוויל-אָנטועכטס. אָבער איך האָב דאָך געוואוסט, ווי וויט ער קאָן זיך נישט שיידען מיט דעם זעלנערישען היטעלע, ווער שמועסט נאָך, אַז עס איז אַ שמחה און ס'איז פרעהליך אויפ'ן האַרץ... און ווידער האָב איך אַליין איך אַ הנאה צו קוקען, בשעת ער געהט דערינען. בין איך צוגעלאָפען און געזאָגט:

— וואָס טויג דיר זיך אַריינצומישען, טאַטעשי? מען דאַרף נישט... ער געפעלט דעם עולם אַזוי איך גאַנץ שען — —

האָט דער פאָטער ערלויבט, און דער חתן האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט און מיט אַ שמייכעל מיר געדאַנקט.

נאָר איך האָב נישט געדאַרפט דאָס דאַנקען, און אויף זיין שמייכלען האָב איך צו איהם צוריק געשמייכעלט:

— ס'שאַדט נישט, הערשעלע, ס'שאַדט נישט... פרעג נישט נאָך דעם טאַטען...

אַזוי האָב איך צו איהם צוריקגעוואונקען, און איך האָב מיך באַלד אַריינגעשאַרט צווישען די ווייבער מיט די בלישצענדיגע אויערינגען אין די אויערן און מיט די פערפלאַמטע, שיינענדיגע פנים'ער.

די שטוב האָט אָנגעפילט אַ זים געדויש פון צווישען עולם מיט די ברייטע היטליך אַרום טיש. אַ רויכעל פון די פּאַפּיראָסען האָט זיך

צעלעגט אין דער לופט און די ליכט־פלעמלעך ווי איינגעפלאָכטען אין זיך אַריין. איין ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, וואָס אַרום איהם האָבען זיך קעפּ צוגעבויגען, ווי אין אַ רעדעל, און די אין די זייטען האָבען נאָר די אויערן צוגעלעגט אַרום איהם. דער האָט געגעבען דעם חתן אַ פעדער אין דער האַנד אַריין. דערנאָך האָט מען מיך אויך צוגערופען. און אַז איך האָב אונטערגעשריבען, האָט זיך דערהערט פון הינטער מיינע פּלייצעס אַ צעשיטענדיגער קלאַפּ פון טעלערס אויף דער פּאָדלאָגע, און אַלע האָבען אָבגעגעבען מזל טוב!..

יענע נאַכט וועל איך געדענקען איפ'ן גאַנצען לעבען. . .

. . . . . . . . .

אין שטאָדט איז נישט געווען איין מיידעל, וואָס זאָל מיר נישט מקנא זיין. זיינע שוואַרצע איגען און זיין „שיק“, געהענדיג איבער די גאַס, ווי ער ריהרט קים די שטיינער אָן, פערמאָגט אַפּילו אַ פירשט נישט, און דאָס ציהט די מיידלעכס איגען פון אַלע זייטען.

איך עלטערע שמועסען צווישען זיך:

— אברהמ'ס טאָכטערס חתן...

אָבער ער גיט זיך נישט אָב מיט קיינעם. באַלד נאָך די תנאים זעצט ער זיך אַרבייטען, טאַקע ביי אונז אין שטאָדט. ער וויל שוין נישט אַוועקפאָהרען, זאָגט ער... עסען און שלאָפען קריגט ער ביי אונז, און אַ טייערער בעל מלאכה איז ער, נאָך ביי די זעלנער געווען „פּאָלקאָוואָי“ צושניידער, ברענגט ער אַהיים פרייטאָג צוואַנציג רובעל.

נאָר ווער וויל זיין פערדיענסט? דער טאַטע, די מאַמע ווילען קיין איין גראָשען נישט נעמען. און איך בין גליקליך, אַז ער זאָל גאָרנישט געהן אַפּילו צו דער אַרבייט אויך, דאַרף איך עס אודאי נישט. און ער ווידער זאָגט, אַז ער איז גליקליך מיט מיר, מעהר דאַרף ער גאָרנישט... גיט ער עס אינגאַנצען אים אויף מיר. יעדען שבת, ווען מען געהט אין גאַס אַריין, קויפט ער נאָר און האַנדעלט, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, אַזוי אַז איך קאָן שוין אַליין נישט פערליידען. און בשעת איך זעה, אַז ער הויבט שוין ווידער אָן צו צאָהלען אין טאָג אַריין, כאַפּ איך ביי איהם אַרויס דאָס בייטעלע פון דער האַנד:

— שוין גענוג, הערשעלע, מען דאַרף שוין נישט מעהר.

— נו, זאָל זיין — ענטפערט ער — שוין גענוג. איך בעשטעה...

— נו, נאַ זשע — זאָג איך — דאָס בייטעלע און לעג אַריין אין קעשענע.

— ניין — זאָגט ער — האָסט געכאַפּט, האַלט...

און ער זאָגט עס מיט אַן אמת, אַז עס איז איהם שוין נישט

# די יודישע וועלט.

איבערצובעטען. אָט אַזאַ משוגענער איז דאָס... „אַז דו האָסט געכאַפּט — זאָגט ער — האַלט“...

נו, מילא, וואָס זאָל איך מיט'ן מאַכען? נעם איך און גיב איהם שוין צוריק אָב דאָס בייטעלע — טו דיר שוין, ווי דיר געפעלט...

— נאָר איך וועל שוין מעהר נישט געהן מיט דיר אין גאַס אַריין... — זאָג איך איהם, און איצונד וויל איך שוין ווידער ווערען מיט איהם ברוגז אויף אַ רעכטען אמת...

מיינט איהר, אַז ער כאַפּט מיר נישט אַרום אין מיטען דער גאַס, אָט דער משוגענער, און הויבט מיך נישט אָן צו קושען, אַז עס ווערט מיר אַזש פינסטער פאַר די אויגען?...

— טפו!.. — טו איך אַ געשריי אַרויס, — דו משוגענער...

מילא, דאָס פּנים הויבט מיר אָן צו פלאַמען... און מענשען, אַ געשטעהעריי און אַ געקוק פון אַלע זייטען... און ער טוט נישט גאָר־נישט, נאָר ער שמייכעלט... דאָס איז אַ בעגעגעניש... — טראַכט איך — אָבער אַזאַ בעגעגעניש, אַז איך מוז אַליין אויך אָנהויבען צו לאַכען...

— אַוועק, דו יונגאַטש... — זאָג איך צו איהם.

— דו זעהסט אָ — מאַכט ער צו מיר, ווייזענדיג מיט אַ פינגער — אָט די מויד וואָלט זיך געוואונשען, אַז איך זאָל זי קושען כאָטש אין מיטען דער גאַס.

— הערשעלע — זאָג איך צו איהם — וואָס ביזטו דאָס פאַר אַזאַ מציאה, וואָס זי וואָלט זיך געוואונשען?...

— נו שוויג — זאָגט ער — עס איז שוין אַזוי...

— אַזוי? — זאָג איך — נו מילא...

און ס'איז טאַקע אמת געווען, זי איז געווען אונזערע אַ שכנת'טעם אַ מיידעל און פלעגט זיך איהם וואַרפען צעהן מאָל אין טאָג אין די אויגען אַריין... ווען ער געהט פאַרביי, שטעהט זי שוין ביים פענסטער, און די אויגען בלישטשען, אַזש דאָס שפּייעכץ קומט איהר אין אָפענעם מויל אַריין... זי ברענט איהם גלאַט מיט די אויגען, אַ מכשפה, און שטענדיג, ווען ער איז אין שטוב, קומט זי צו אונז לייהען אַ טעפּעל... מיט צעלאָזטע האָר, אַן אויסגעבלייזטען האַלז און אין בלויזען האַלקעלע, מכלומר'שט ווי זי איז פערנומען מיט דער בעל־הבתישקייט און האָט קיין צייט נישט זיך אָנצוטון. נור אָן די אויגלעך איהרע, ווי זיי שפּיעלען און זיין זייט אַריין, דערקענט מען שוין די „סחורה“, מיט וואָס די איז פערנומען. און שטענדיג מכלומרשט יאָגט זי זיך, ווי זי וואָלט גערן נישט געשטאַנען דאָ. נאָר גיט מען איהר שוין, וואָס זי וויל, איז כאָטש לעג איהר קיהלען אונטער די פיס, וועט זי נישט אויפהערען

צו דערצעהלען מעשיות, אַלץ נאָר קוקענדיג אין זיין זייט, צי הערט ער איך...

— הערשעלע — מאַך איך צו אידם איינמאָל — וואָס ביזט דו אַזוי זיכער, אַז זי וויל, דו זאָלסט זי קושען?

— וואָס, דו גלויבסט נישט? — פרעגט ער.

— נו ווערסט דו געהן פּרובען?

— ניין, — זאָגט ער. נאָר דעם ניין, זעה איך, זאָגט ער עפּים מיט אַ בלישצעל אין די איגען...

— פאַרוואָס נישט? — זאָג איך — איב מען וויל ווייסען?

— האַ, האַ — לאַכט ער — דאַרף מען פּרובען? וואָס מיינסט דו, אַז אַזעלכע זאַכען דערקענט מען נישט אין די איגען?

— יאָ?...

— וואָס דען?

— שוין עפּים אַ סך איגען האָסט דו געהאַט?...

— דאָס איז נישט קיין שלעכטע פראַגע. — ענטפערט ער און קוקט מיר אין פּנים אַריין, צי מיך פערדריסט נישט. לאַך איך אויך: פאַרוואָס זאָל מיך פערדריסען?...

— ניין, קיין סך נישט... — זאָגט ער — אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו איך האָב געדיענט, האָב איך געהאַט אַ שיקסע, וואָס פלעגט אַלע זונטאָג קומען צו מיר נעמען די וועש צום וואַשען...

—„נו — טראַכט איך מיר — איז דאָס איך ניש־קשה, ביזט דו נישט קיין שלעכטער פייגעל"...

און איך געה אַהיים, לעג מיך שלאָפען, נאָר אַ גאַנצע נאַכט טו איך שוין קיין אויג נישט צו.

צו־מאָרגענס אין דער פריה פרעג איך אידם:

— און וואָס איז געוואָרען מיט דער שיקסע, אַז דו ביזט אַוועק־געפאָהרען?

— צי דיר ליגט עס טאַקע אין זינען? — פרעגט ער.

— ניין. וואָס פאַלט דיר איין?

— נו טאָ וואָס זשע זאָל ווערען? איך האָב איסגעדיענט, בין איך אַוועק — און גאָרנישט... צי דו גלויבסט נישט?

— פאַרוואָס זאָל איך נישט גלויבען? אַדרבא, דו ביזט אַוועק — „און גאָר נישט"...

ער קוקט מיך אָן פערוואונדערט און זאָגט:

— הער, איך פערשטעה דיך היינט נישט.

— נו גוט — זאָג איך — פערשטעהסט דו מיך נישט...

# די יודישע וועלט.

און איך גײה אַוועק פון איהם, ווי מיט אַן אָבגעהאַקטען קאָפּ.

„— און מיט אַ יודישער וואָלסט דו דען נישט געקאָנט אַזוי טון?“ —

רייסט זיך אין מיר דאָס האַרץ. אָבער איך זאָג איהם גאָרנישט.

צווישען אונז איז עפּיס צו שטיל געוואָרען.

אַ גאַנצע וואָך — ער קומט אַריין אין שטוב, פּידהל איך, ווי דאָס האַרץ רייסט זיך אין מיר עפּיס צו שמועסען מיט איהם. אָבער איך שפּיר, אַז איך וועל נישט קאָנען צו איהם רעדען גלייך, און אין האַרץ ליגט מיר אַזאַ פּעדדריקטקייט, פּונקט ווי אַ שטיין וואָלט דאָרט געלעגען.

און איך וויים נישט פאַרוואָס, ביינאַכט ליג איך אויף די קישענס און נעץ זיי כּסדר אַדורך מיט טרערען, און בייטאָג וויים איך נישט, אויף וועלכער וועלט איך גײה אַרום.

שבת, ווען ער פּוצט זיך אוים, און מיר שטעלען זיך ביידע ביים טיש, ער פון איין זייט און איך פון דער צווייטער, פרעגט ער מיך, וואָס איך זעה אַזוי אוים... נאָר וואָס האָב איך איהם צו זאָגען?... — ענטפער איך נישט, און ער שווייגט אויך... נור אין אַ ווײלע אַרום פרעגט ער ווידער:

— דו וועסט נישט דורכגעהן זיך אַ ביסעל, ברכה'לע?

איך האָב איהם געזאָגט, אַז יאָ, און מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ געוואַרט, אַז ער זאָל געהן מיט מיר.

דערווייל איז דער טאַטע אָנגעקומען פון דאַווענען און שוין נישט אַוועקגעלאָזט אונז פאַר'ן עסען. און ביים טיש זיצט ער גיבען מיר און שפּיעלט זיך מיט מיינע פינגער, און מיר דאַכט זיך, אַז אַ ליכטיגקייט קוקט איהם אַרוים פון די אויגען, און אַז ער איז שוין ווידער דער אייגענער גוטער הערשעלע.

נאָר אַז מיר עסען אָב און געהען אַוועק אויף דעם ביאַלער שאָסיי, זעה איך, אַז „דער וואַלד ציהט אָבער מאָרט אין וואַלד אַריין“... און אַז אַנדערש ווענסטו איהם שוין נישט מאַכען. — נישט קיין שיקסע, נישט קיין שבת'טעס מויד, נאָר קושאַרען זענען דאָרט פאַרהאַנען אָן דער זייט ביים שאָסיי, זעלנער אויך, וואָס שטעהען ערשט אין אַ רייה אויסגעשטעלט צום מושטיר, און ער פאַר אַ זעלנער שפּרינגט פון דער הויט אַרוים. לאָזט ער מיך אַליין איבער אויפ'ן שאָסיי און ער איז שוין אויף יענער זייט ראָוו, אַרויף אויפ'ן פעלד.

איך ווער אייגעזונקען וואַרטענדיג, נאָר ער שטעהט דאָרט נעבען דער שורה רויטע זעלנערישע פּנים'ער און האַקט זיך מיט די אָפיצערן אין פּעלדוועבעל אויף רוסיש. איך זעה פון הערווייטענס, ווי ער

כאַפּט אַ היטעל פון אַ זעלנערס קאָפּ, ווייזט עפּיס אויף דאָס אינערווייניגסטע צווישען אַלע אָפּיצערען, מן הסתּם וועגען געגייה, און אָן מיר הויבט איהם גאָר נישט אָן איינצופאַלען צו דערמאָנען זיך.

איך זעה שוין מיין סוף און שטעה און קלער.

איפּ'ן שאָסיי יאָגט אַ ווינטעל, טרייבט דעם שטויב. אַרום איז ליידיג, און איך הויב אָן אַליין צוריקצוגעהן. נאָר וואו געה איך? איך וועל קומען צוריק אין שטאָדט אַריין, געהן דורך די גאַסען איינע אַליין: וואָס גערהט זי עפּיס אַליין? — וועט מען מיר נאָכקוקען, און איך שפּיר, ווי די טרערען קומען מיר אין די אויגען אַריין. ערשט איך דערהער, ווי הינטער מיינע פּלייצעס יאָגט ער מיך נאָך און שרייט:

— ברכה'לע, ברכה'לע! — —

איך שטעל מיך נישט אָב, נאָר געה ווייטער, ביז ער קומט צו צו לויפען אָבגעסאָפּעט און נעמט מיך צוריק אָן אונטערן אָרעם.

— וואָס ביזט דו אַנטלאָפען? — פרעגט ער.

— איך גאָר בין אַנטלאָפען?...

ער שווייגט און רעדט שוין נישט קיין איין וואָרט.

„יאָ, — טראַכט איך — עס איז אַלץ פאַרטיג"...

און אַהיים קומענדיג, מאַך איך ביי מיר אָב, אַז עס טאָר אַזוי נישט בלייבען, איך זאָל זיין מעהר צוגעבונדען צו איהם, ווי ער צו מיר.

איך האָב מיך איינגעשפּאַרט, און, ווי ווייט איך האָב געקענט, געזעהן אויסצופיהרען, גאַנצע טעג צו איהם קיין וואָרט נישט צו שמועסען...

איך ווייס נישט, צי האָב איך איהם עפּיס געטאָן דערמיט, נאָר געמאַכט האָט ער זיך, ווי ער וואָלט מכלומר'שט דעם קאָפּ פערלוירען... אָבער איך פערשטעה מיך אויף די קונצען! ווער עס האָט שוין געהאַט אַ סך אָן, פערלירענדיג זיי, האָט ער זיך פונדעסטוועגען די אויגען נישט אויסגעוויינט, וועט, פערלירענדיג נאָך איינע, זיך איך נישט אויס-וויינען די אויגען.

אָבער לייט ווילען פון דעם, וואָס צווישען אונז טוט זיך, נישט וויסען. מען זעהט, עס שלעפּט זיך, עס שלעפּט זיך, און דאָ די צייט שטעהט נישט. עס שלאָגט צו דער טערמין פון דער תּתונה, גוטע פריינד און משפּחה בעווייזען זיך ווידער אויף דער שוועל מיט די איינגענע „סקאָ-צעל-קומען", און איך זעה, אַז עס איז נישט גוט.

די מאַמע הייבט אָן פערוואַלקענט צו ווערען, אונטערצוקרעכצען הינטערוויילעכס, פּונקט ווי אַ קוואָקע, אַז מען טרייבט זי אַראָב פון קישעל אייער און מען לאָזט איהר נישט אויסזיצען קיין הינדלעך.

און אַמאָל קוקט זי אויף מיר מיט אַזאַ כּעס, כאָטש נעמט און בע-

גראָבט מיך לעבעדיגערהייד. פֿון וואַנען דערנעמט זיך דאָס אַלץ? אויף געלכען באַרג סיני האָב איך דאָס געשוואוירען אַייך צוצושטעלען נחת, וואָס וואוהין איך קעהר מיך נאָר, קוקען אַלץ בייזע אויגען אויף מיר? ערשט איך ווער געוואָהר, אַז דאָס האָט „ער" פֿערקאָכט אַזאַ קאַשע אויף מיר, פֿער׳מסר׳ט מיך פֿאַר גרויס און קליין, אַז איך וויל נישט חתונה האָבען. נאָר איך וועל איהם דאָס נישט לאָזען אַזוי אַריבערגעהן. און אַרויסגעהענדיג איינמאָל ביינאַכט הינטער דער שטאָדט מיט איהם, זאָג איך:

— דו ווייסט, אַז מיין שוועסטער חיה׳לע האָט שוין אַ געליעבטען?

— טאַקע? — פֿרעגט ער זיך פֿערוואונדערט.

— זי וויל אָבער נישט וואַרטען... — זאָג איך ווייטער — זי וויל חתונה האָבען, און איך מיט דיר, זאָגט זי, שטעהען איהר אין וועג...

ער דערהערט אַזעלכעס, שפּרינגט ער אויף:

— נו, איך ערלויב איהר חתונה צו האָבען...

אָט האָט איהר שוין, וואו עס ליגט דער הונט בעגראָבען... און איך געה אַהיים, נאָר משוגע צו ווערען.

איך האָב אַפילו נישט, פֿאַר וועמען מיין האַרץ אויסצוגיסען. אַ מענש נעמט און פֿערקייפֿט מיך הינטען אַרום. און דערצו נאָך, וואָס ער שעלט, בלייבט ער נאָך גערעכט אויף פֿאַר דער גאַנצער וועלט.

אין דער פֿריה, אַז איך בין אויפֿגעשטאַנען, זאָג איך: סיידען עס איז קיין גאָט נישטאָ אויף דער וועלט. אויב יאָ, מוז איך געוואָהר ווערען, וואָס פֿאַר אַ שלאַנג איך האָב געהאַלטען אויף מיין בוזעם.

און עס געהט נישט אוים קיין וואָך, דעמזעלבען שבת נאָך האָב איך זיך אַלץ דערוואוסט. אָנפֿאַנגס האָב איך געמיינט, אַז אין מיין מערכה איז שולדיג אפשר די שכנת׳טעס מויד. ווער ווייסט, טאָמער בעגעגענען זיי זיך ערגיץ; די וועלט איז אָפֿען, לאָנקעס און פֿעלדער פֿעהלען נישט. איך האָב איך געקלערט, אַז אפשר געדענקט ער נאָך די שיקסע פֿון יעקאַטערינאָסלאַוו. ווער קען אָבשאַצען יענעמס האַרץ? כאָטש געזאָגט האָט ער, אַז ער איז אַוועק — און „גאָר נישט"... נאָר איצונד האָב איך שוין פֿערשפּאָרט צו קלערען. דאָ איז גאָר געווען אַן אַנדער געשיכטע, מיט אַ יונג ווייבעל פֿון זיין שטעדטיל. זי איז געווען אַ שנייי־דערין, דער מאַן איז איהר געשטאָרבען אַ האַלב יאָהר נאָך דער חתונה, אַ קראַנקע צרה געווען. איז בשעת אויף דער גאַס איז געוואָרען אַן איבערגעלאָף: ר׳ שמואל׳ס זוהן איז געקומען פֿון די זעלנער, ר׳ שמואל׳ס זוהן געהט... אַזוי ווי אין אַ קליין שטעדטיל, בשעת קינד און קייט זענען איהם נאָכגעלאָפֿען פֿון הינטען קוקען אויף די זעלנערישע קנע־

פעלעך, האָט זי, דאָס ווייבעל, פּונקט איך דערזעהן איהם דורכ'ן פענ־סטער. און נישט קיין חידוש, איך וואָלט אויך נישט בעסער געווען. האָט זי באַלד געזאָגט: זי זאָל אַפילו וויסען מיט'ן קאָפּ צו פערלעגען, מוז הערשעלע זיין איהר מאַן.

דעם דאָזיגען שבת טאַקע, וועגען וועלכען איך דערצעהל דאָ, האָב איך דערזעהן, בשעת ער האָט אַרויסגענומען דאָס טאַשען־טיכעל פון קעשענע, געהענדיג מיט מיר אויפ'ן שאָסיי, איז נאָכגעפאַלען אויף דער ערד אַראָב אַ קליין צעקנייטשט בריוועלע...

גאָט מיינער, ווי דער יונג האָט אַ בלישץ געטאָן מיט די אויגען, זיך געשווינד אומקוקענדיג צו מיר, צי איך זעה נישט... און ווי געשווינד ער האָט זיך געגעבען אַ בויג אַראָב, אַריינכאַפּענדיג עס צוריק אין דער טאַש. אָבער איך מאַך מיך נישט זעהן, גלייך איך ווייס גאָר נישט, וואָס פאַר אַ פייער עס האָט זיך אין זיין פנים אָנגעצונדען פאַר שרעק...

„נו איצונד — דאַכט זיך מיר — וועט שוין זיין גענוג“...

איך זעה שוין נישט דעם וועג צוריק, אַזוי שווינדעלט מיר פאַר די אויגען. ער פיהרט מיך אָב אַהיים, לאָזט מיך צוריק אַריין אין שטוב, דערנאָך געהט ער ערגיץ אַוועק, און איך בלייב זיצען איינע אַליין ביים פענסטער.

אין הויסען שיינט די זון, נאָר מיר זענען די אויגען מיט טרערען פערגאָסען; בחורים און כלה־מיידלעך שפּאַצירען איבער דער גאַס, אַ ליכטיגע וועלט, — נור מיר איז די פינסטער געוואָרען....

---

אויף דער נאַכט שפּיר איך, ווי דאָס האַרץ קאָכט אין מיר, און איך וואַרט שוין נישט, ביז ער וועט מיך בעטען געהן שפּאַצירען, נאָר איך בעט איהם.

אַראָב נאָך דער בריקען־גאַס, לינקס אויף דער לאָנקע, שטעהט אַ קליין רוסיש „צערקוועלע“, און אַ זעלנער מיט אַ ביקס געהט אויף דער וואַכט. דאָרט פליסט אַ טייך, און נעבען דעם טייך געהען מיר אַראָב. שטיל איז אַרום, די לבנה שיינט, און מיר ביידע זעצען זיך אויפ'ן ברעג, און מען קוקט זיך איין, ווי דאָס וואַסער שטראָמט ביי די זייטען, יאָגענדיג רעדהלעך פון פאַליעס מיט אַ שטיל גערויש. דאָס וואַסער איז אַזוי לויטער, אַז מען זעהט אויפ'ן זאַמדיגען אָבגרונד אַנטקעגען דער שיין פון דער לבנה, ווי פישעלעך שטעהען מיט די רוקענדלעך אַרויף איבער איין אָרט און ריהרען זיך נישט, פּונקט ווי זיי וואָלטען אויך געפיהלט, אַז ס'איז שוין שפּעט אין האַלבער נאַכט. די גאַנצע וועלט זעהט אויס ווי אַיינגעהילט אין אַ שלאָף, נאָר די לבנה קוקט אַזוי מאָגנע

# די יודישע וועלט.

און בענקליך אראב. און איך ווייס נישט, פארוואס דאס הארץ איז אין מיר אזוי פערפרעסט געווארען, אז איך האב נישט קיין רשות איהם, הערשעלען, עפּיס צו זאגען.

— הערשעלע — הויב איך איהם אן צו זאגען — טייערער הערשעלע, זעה נור, ווי שטיל עס איז ארום אין דער וועלט.

ער קוקט זיך ארום און מאכט:

— נו איז וואס זשע? —

— איז גארנישט... — זאג איך — אבער ווען איינער קומט מיט א שטעקען און הייבט אן צו מישען אין טייך און מאכט אן אן אומרוהיגקייט צווישען די פישעלעך, וואס וואלטען אנגעהויבען צו שווימען אהין און צוריק מיט א שרעק — וואלט עפּיס גוט געווען?

— פארוואס — זאגט ער — זאל דאס איינער קומען מיט א שטעקען און מישען אין טייך?

— און פארוואס — זאג איך — זאל דאס איינער קומען נאך ערגער, ווי מיט א שטעקען, און מאכען, אז יענעמס געדאנקען זאלען אזוי ארומפליהען, פונקט ווי די פישעלעך?...

ער קוקט מיך אן.

— הערשעלע, איך האב דיר געוואלט זאגען עפּיס שלעכטס, ווען איך בין ארויס פון שטוב. נור קומענדיג דא אהער, האב איך דערשפירט, אז איך בין איינע אליין אויף דער וועלט און איך קאן מיט דיר קיין שלעכטס נישט טען'ען. פארוואס פיהרסט דו געשעפטען הינטער מיינע פלייצעס?

— וואס פאר א געשעפטען? — קוקט ער מיך אן.

— דאס בריוועלע האסט דו נאך?...

— וואס פאר א בריוועלע?

— אזוי? דו ווייסט גארנישט אויך, וואס פאר א בריוועלע? הערשעלע, ווי איך זעה, פערדריסט דיך. אבער איך וויל פון גארנישט וויסען. איך וויל נאר איינס: דו זאלסט מיר געבען דאס בריוועלע... אדער דו זאלסט מיר גארנישט געבען און זאגען מיר נאר: „בלייב געזונד, ברכה!“

— ווי איך זעה, ביזטו גוט משוגע, — זאגט ער און נעמט ארויס פון קעשענע און דערלאנגט מיר.

גאט אין הימעל, וואס פאר אן אומגליק צווישען אונז ביידע איז געשעהן! ער נארט מיך כסדר און דערלאנגט מיר גאר א לאטערייצעטיל.

— הערשעלע — שריי איך אים — וואס פאר א שפּיעל איז דאס? דו ווילסט מיר קיין אנדערס נישט געבען, דו האסט נישט קיין אנדערס?

— ניין.

— נאָר וואָס דען? דאָס?

— יאָ...

— און דאָס האָסטו די מיט אַזאַ דערשרעק אויפגעכאַפּט אויפ'ן שאָסיי, בשעת דער ווינט האָט עס געוואָלט אַוועקבלאָזען?

— יאָ...

נו מילא זעה איך דאָך שוין, אַז איך האָב נישט מיט וועמען צו טענ'ען. געהען מיר צוריק־צו־וועגס אַהיים, איך שוין אין איין זייט בריק און ער — אין דער צווייטער. און אַהיים קומענדיג, ווער איך אין מיר ווי איינגעשלאָסען, וויל צו קיינעם נישט טענ'ען קיין וואָרט, אַפילו צו די שטוב־מענשען.

די מאַמע הייבט מיר ווידער אָן צו זינגען פזמונות, איצט שוין נישט בלויז מיט בליקען, נאָר מיט בייזע רייד, און אין שטוב קאָכט זיך מיט מיר, ווי אין אַ קעסעל.

— מאַמע — שריי איך אויס איינמאָל — וואָס פאַר אַ געשעפטען האָסטו נאָך מיט מיר?

— דו מיינסט, אַז דו ביזט ערשט אַ מיידעלע, געבליבען דריי־צעהן יאָהר געוואָרען?.. — פרעגט זי מיך, און די אויגען בלישטשען ביי איהר.

— נו וואָס זשע ווילסט דו, — זאָג איך — אַז איך בין געבליבען נישט קיין דרייצעהן יאָהר געוואָרען? אַ זעלנער וועל איך אַלע מאָל קריגען....

אַז איך זאָג אַרויס אָט די ווערטער, איז הימעל עפען זיך: — דער טאַטע פאַלט אויף מיר אַרויף מיט אַ ציטערניש פון כעס, אַז ער שאָקעלט זיך אַזש, און די אויגען מיט'ן פנים זענען אַזש אָנגעגאָסען מיט בלוט.

— דו קלאַפּטשיסקאַ, האָב חתונה און הער אויף דעם יונגען מאַן אַרומצופיהרען ביים קאָפּ!

— וויל איך נישט! — האָב איך אויך אויסגעשריען, און אַנט־לאָפען אין צווייטען שטיבעל.

דער טאַטע יאָגט מיך נאָך:

— דו זאָלסט שוין אָבלאָזען דעם שידוך... און איך בין שוין געווען פערמישט, האָב נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, און בין אַנידערגעפאַלען אויף דער פּאָדלאָגע אין חלשות. . . .

. . . . . . . . . . . .

# די יודישע וועלט.

אָט דעמאָלט האָב איך געזעהן, וואָס עס הייסט שלעכטס אויף דער וועלט. אָט בין איך מיט איינענע אין איין שטוב, אונטער איין דאַך, און קיינער הייבט נישט אָן צו וויסען, וואָס ביי מיר אין האַרץ טוט זיך. אַן אומגליק איז דאָס, נישט קיין וועלט. און נאָך ערגער, וואָס אַז איך טענה צו איהם, הערשעלען, קיין וואָרט נישט און קוק נישט אין זיין זייט אַריין, ווי אַמאָל, ווען איך פֿלעג מיך שפּיגלען אין איהם. מיינען מענשען, אַז ער איז דאָס נעבעכעל, און אויף מיר קוקען אייגען מיט אַזוי פֿיעל פֿייער, נאָר צו פֿערברענען, ווי איך געה און שטעה, לעבעדיגערהייד כאָטש אין מיט'ן אָנטון...

נו וואָס זשע זאָגט מען צו אַזעלכע מיני געשעפֿטען? איך וואָלט געדאַרפֿט כאָטש אויפֿשניידען דאָס האַרץ, ווייזען, ווי חושך עס איז דערינען: נאָט אייך, מענשען, קוקט אַריין און זעהט... ערשט דעמאָלט וואָלטען זיי זיך אפֿשר מישב געווען...

אָבער וואָס טויג מיר דאָרט די רייד, אַז דאָס אומגליק איז גרויס? און פּונקט ווי דער שפּין זיצט אין ווינקעל, און די פֿליג ראַנגעלט זיך אין דער מיט שפּינוועבס, אַזוי זיצט ער אָב גאַנצע שעה'ן שטילשקערהייה ביי אונז אין שטוב. ער האָט שוין גאָר די אַרבייט אויך אַוועקגעוואָרפֿן און וואַרט נאָר, פּונקט ווי דער שפּין, צוצוגעהן און אַריינצושטעלן זיין נעדעלע דער פֿליג אין קעפּיל אַריין... אַ בראָך, אַן אומגליק זאָל דער פֿאַלשער וועלט געשעהן. וואָס זיצט ער נאָך און קוקט נאָך אויף דער שטוב מיט אַ פֿערלירענעם קאָפּ און מכלומר'שט תמ'עוואַטע אויגען? וואָס וויל ער מיר נאָך ווייזען, — אפֿשר זיינע טרערען אויך? איך ווייס דען נישט, אַז דער וואָס האָט שוין פֿערלירען אַ שיקסע אין יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט זיך די אויגען נישט אויסגעוויינט, וועט זיי ביים פֿערלירען מיך אויך נישט אויסוויינען? — נאָר פֿאַר דער וועלט דאַרף ער דאָס אפֿשר צו האָבען?... און מיין טאַטע, דער נאַר, הערט נאָך, וואָס מענשען קומען צו געהן, מכלומרשט אונטערגעשיקט פֿון איהם, הערשעלען, און טענ'ען צו איהם: ר' דאָס, ר' יענץ, פֿאַרוואָס לאָזט איהר אַזוינס געשטאַטען? פֿאַרוואָס מאַכט איהר נישט חתונה?..

אָבער דאָס קייגעל טראָגט אַזוי לאַנג וואַסער, ביז דאָס אויערל רייסט זיך נישט אָב. און אויך דאָ האָט עס דאַך געמוזט אַמאָל אַ שוואַרצע ענדע נעמען, און דער אמת זאָל אַרויס, ווי בוימעל אויפ'ן וואַסער. אין דעמאָלט האָט זיך ערשט הערשעלע בעוויזען מיט'ן גאַנצען קנאַק, וואָס ער איז און וואָס ער האָט געמיינט. אַ סוף, אַראָב די אַלע מאַסקעס פֿון פּנים.

דאָס איז געווען אין אַ שבת אין דער פֿריה. דער זייגער האָט

ערשט געמוזט זיין אַרום ניין, דער טאַטע איז שוין ביים השכמה־דאַווענען, און וואָס איך דער גאַס טוט זיך, האָבען מיר נישט אָנגעהויבען צו וויסען פון קיין שום פותר חלום. קומט פלוצלינג אַריינצולויפען אַ יונגעל מיט אַ פּראַל איף די טיר:

— געהט נאָר אַרויס, אייער הערשעלע מישטירט אַ גאַנצען באַטאַליאָן זעלנער אין מאַרק...

מילא, הערשעלע מישטירט אַ גאַנצען באַטאַליאָן זעלנער אין מאַרק, ווייס איך דאָך.... ער האָט נאָך דעמאָלט שבת אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ וועווערקע איבּ'ן פּעלד אַרויף צו די זעלנער. און אויף די תנאים אַפילו איז ער דאָך נאָך געזעסען אין זעלנערישען היטעלע... נאָר די מאַמע הייבט אָן צו טאַמלען און צוריק צו פאַלען, עס ווערט איהר פינסטער פאַר די איגען פון דער בשורה, און די שטוב אינגאַנצען, פונקט ווי זי וואָלט איינגעבראָכען געוואָרען. הערשעלע, וואָס דו קאָנסט! האָסט דאָך די נאַכט דאָ גענעכטיגט. ביזט אַוועק פון שטוב, איז געווען דער זייגער אפשר אַרום זעקס, ווען ביסט דו שוין געוואָרען „פּאָלקאָווניק?“... נור קלער היינט, קלער מאָרגען: הערשעלע, ווייס איך, קאָן אַליין... און דאָ אין דרויסען, דורך די פינסטער, זעה איך, איז שוין אַן איבערגעלאַף פון שכנים, איבערלאָזענדיג הפקר די שטובען, אַז מען האָט אַפילו נישט קיין צייט די איפגעפראַלטע טירען צו פערהאַקען נאָר זיך: הערשעלע מושטירט זעלנער, און די גאַנצע שטאָדט לויפט.

די יודען, וואָס זענען געווען אין שול, האָבען איך פון גאָרנישט געוואוסט. זיי געהען אַהיים פון דאַווענען, און דער טאַטע איך צווישען זיי, אַ גאַנץ בינטעל צוזאַמען, אַלע מיט טליתים איבער די אַקסלען אַריבער, אַזוי ווי שבת, און מען שמועסט צווישען זיך. ס'איז פונקט אַ שענער טאָג, די זון שיינט. ערשט מען קומט אין מאַרק אַריין, עס גיט אַ בלישץ פאַר די איגען פון אַלע זייטען. דער גאַנצער מאַרק בעלעגט מיט איסגעשטעלטע שורות זעלנער, אומעטום שורות אָנגעפרעסענע זעלנערישע פּנים'ער. „נאַטשאַלסטווע“ שטעהט אין דער מיט, בלישצענדיגע שיידען פון שווערדען ביי די זייטען, יום־טוב'דיג איסגעפוצט, מיט פּאַפּיראָסלעך צווישען די פינגערלעך, מיט די ווייסע הענטשקעלעך און אַרויסגעשטעלטע פיסלעך איף פּאָרענט, אַזוי אַז עס לעבט זיך... די גאַנצע שטאָדט, ווייבער און מענער אין די זיידענע קליידער מיט די שוואַרצע היטלען און חתנים מיט כלות, ליגען אַרום ביי די זייטען בעלעגט, ווי די פליגען, און הערשעלע געהט פון איין שורה זעלנער צו דער צווייטער. ס'איז אַ סמאָטר, מען האָט נייע אָנטוענס אַרויסגעגעבען,

און ער שטעלט זיך אָב ביי יעדען איינציגען, וואו מען דאַרף אַ קנעפּיל איבערשטעלען אָדער אַן אַרבעל עטוואָס איפּהויבען, און ער צייכענט דערוויל מיט אַ שטיק קרייד... ער האָט זיך אָנגעגעבען איף אַ צווייטער „סלוזשבע"...

מילא, עס איז פערפאַלען. דער טאַטע איז אַהיים געקומען מיט דעם פּאַטש אין פּנים... זיך געזעצט איף דער שלאָפבאַנק, אַפילו נישט אַראָבלעגענדיג דעם טלית פון זיך, און אַזוי שווער, פּונקט ווי מען וואָלט איהם די פיס אונטערגעהאַקט. פינדעסטוועגען האָט ער זיך גאָרנישט וויסענדיג געמאַכט. ער האָט דאָס פאַר ליעב אָנגענומען און געגאַנגען צום טיש, נישט ווילענדיג זיך פערשטערן דעם שבת.

נאָר געשוויגען האָבען מיר אַלע, קיינער האָט אַ וואָרט נישט גערעדט, אַזוי ווי טויטע זענען מיר שטיל איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען. און עפּיס אַ מאָרנע, פערחונקענע שטילקייט איז אויף דעם דרויסען הינטער אונזערע פענסטער איף געלעגען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די מענשען האָבען זיך ערגיץ ווי אָבגעשיידט פון אונז מיט אַ גרוים רחמנות. און נאָך דעם עסען, ווען מיר זענען שוין אַלע געלעגען איף די געלעגערס, האָב איך געזעהן, ווי אַלע וויילע הויקט זיך צו אַן אַנדער קינדערש פּנימ'ל צו דער שויב און וואַרפט אַ שטילען בליק אין שטוב אַריין...

חנטאָג אין דער פריה, איז דער טאַטע איפגעשטאַנען, אַוועקגעגאַנגען צום רב, געשיקט נאָך הערשעלען און צעריסען די תנאים.

נאָר אַהיים קומענדיג, האָט ער געזאָגט:

— קינדערלעך, מעהר וועל איך שוין נישט לעבען...

אין שטוב איז געוואָרען אַ געוויינעריי, איך האָב מיך איף פערבאָרגען און אין דער שטיל געשטיקט זיך מיט די טרערען. דער טאַטע איז שוין געווען געל, ווי אַ מער, פון נעכטיגען קלאַפּ און היינטיגען צולאָג, און וואָס אַ טאָג האָט ער אַלץ ערגער איסגעזעהן.

הערשעלע האָט זיך באַלד צוריק אָבגעזאָגט פון דער סלוזשבע, ווייל דאָס האָט ער דאָך נאָר אָבגעטאָן אַ שפּיצעל... איז אַהיים געפאָהרען, געשטעלט אַ חופּה באַלד אין אַלט טאָג אַרום, טאַקע מיט יענעם ווייבעל... און אין דריי חדשים אַרום איז מיין פאָטער געשטאָרבען! —

איף דער לויה איז אַפילו זיין איינציגער ברודער, הערשעלעס פאָטער, נישט געקומען. אָט אַזוי האָב איך געהאַט אַ געשוויסטער־קינד און אַ חתן!...

. . . . . . . . .

אַז ברכה׳לע האָט געענדיגט איהר מעשה דערצעהלען, האָב איך מיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— וואו געפינען מיר זיך עךשט?

— אויף דעם ביאַלער שאָסיי. — האָט זי געענטפערט.

עס איז שוין געווען שפעט אין דער נאַכט. דער הימעל איז געווען שאַרף אויסגעשטערנט. אָבער פון הערווייטענס, פון אַ דערפעל, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ שוואַרצער פלעק אין מיטען דער נאַכט, האָט זיך געהערט אַ קרעהען פון העגער שוין אויף טאָג.

מיר זענען צוריקגעקומען הינטער יענעם דערפעל און שטעהן געבליבען ביי אַ גרויסען שטיין, וואָס ליגט שוין פון יאָהרען לאַנג, און פון ווינטען, וואָס האָבען געבלאָזען, איז דאָס זאַמד פון אַרום זיינע זייטען געווען אָבגעקעהרט. ברכה׳לע איז געשטאַנען מיט די קניה צו־געשפאַרט צו דער זייט פון שטיין, כדי די פיס אָבצורוהען.

אַרום איז געווען שטיל, די הייזלעך אויסגעלאָשען, נאָר אַ צלם איך אַ בערגעל האָט געוואַכט איבער די דערפלעך פון דאָרף, אַ פערגלי־װערטער, שטעהענדיג אין דער נאַכט און קוקענדיג אין הימעל אַריין...

פלוצלונג האָט ברכה׳לע אויפגעהויבען איהר בלאַס געזיכט און געזאָגט מיט אַ שטילער פערזאָרגטקייט:

— אם ירצה השם, אַז אַ געליבטער וועט זיך מיר פאַרשלאָגען, וועל איך איהם הייסען שווערען נאָר אויף דעם אָרט...

איך האָב זי אָנגעקוקט פערוואונדערט.

— איהר קוקט?.. — פרעגט זי — יאָ, נאָר אויף דעם אָרט. דער שטיין איז אַ וואַילער עדות, ער שווייגט...

— איהר פלעגט דאָ שפּאַצירען מיט יענעם חתן?

זי האָט אַרויסגענומען אַ ווייס טיכעלע, און אָבווענדענדיג דאָס געזיכט, געווישט די אויגען...

— קומט, ברכה׳לע, אַהיים... — האָב איך צו איהר פלוצלונג גע־זאָגט — עס מוז שוין זיין שפעט. — — —

---

צומאָרגענס אין דער פריה, ווענד איך מיך צו איהר:

— ברכה׳לע — זאָג איך — דו ווייסט, נאָך וואָס איך בין גע־קומען, און דיין ברודער האָט מיך געשיקט?...

זי קלערט אַ ביסעל מיט פערטראַכטע, ווייט אויסגעשטעלטע אויגען. דערנאָך ווי אין חלום, אָדער ווי אַ שווערע שאלה וואָלט איהר געדריקט, הייבט זי אָן מיט האַלב־אָפענע ליפּלעך:

## די יודישע וועלט.

— ווי מיינט איהר וועגען דעם געכטיגען הערצעדהלען?
— אז וואס?
— איך מיין, וואס זעהט איהר, ער האט מיך געליעבט, צי נישט?
— ווער?
— דער חתן מיינער?
— ברכה׳לע, דו ווייסט נישט?...
זי האט געשוויגען אַ ווײלע. דערנאך האט זי אַ צוק געגעבען מיט די אַקסלען:
— איך ווײס נישט...
איך בין שטיל געבליבען. דערנאך האב איך מיך ווידער געווענדט צו איהר:
— הער, ברכה׳לע, איך האב דא, דאכט זיך, גאַרנישט וואס צו טהון. ווי מיינסט דו, זאל איך פאָהרען אַהיים?..
— פאָהרט געזונדערהייד...
— און אַ בריוועל כאָטש שרייבען?
— שרייבט, — שאָקעלט זי מיט׳ן קאָפּ.
איך בין אַוועקגעפאָהרען, נאָר נישט געשריבען.
אין אַ שטיקעל צייט אַרום אָבער פאַלט מיר אײן, אַז איך מוז זי אַליין נאָך אַמאָל זעהן, און איך פאָהר ווידער.
— גוט — זאָגט זי — וואס איהר זענט געקומען. שרייבען נאָך אײך בין איך נישט געווען דרייסט...
און, אַוועקרופענדיג מיך אָן אַ זייט, גיט זי, קינדעריש רויטווערענדיג און מיט אַ פינקעל מיט די אויגען, מיך אַ פרעג:
— אָבער איהר האט מיך ליעב?..
איך בין שטעהן געבליבען אַ פערגליווערטער, נישט וויסענדיג, וואס מיט מיר טוט זיך.
— הערט — זאָגט זי ווייטער — איך האב בעשלאָסען קיינמאָל נישט חתונה האָבען...
— און איך דעם האט איהר מיך געדאַרפט?...
— ניין, איך עפּיס אַנדערש... — לאָזט זי אַראָב דאָס קעפּיל.
— איך וואס?
— מען זאָגט דאָך, אַז אויב איינער האט איינע ליעב, קאָן ער טהון פאַר איהרטוועגען זאַכען גלאַט אַזוי, פאַר גאָרנישט... וואָלט איהר מיר געטאָן עפּיס אַ געפעליגקייט?.. — בלייבט זי שטעהן מיט צוויי פערשטעקטע פינגערלעך אין מויל.

— איבּ נאָר מעגליך,— זאָג איך.

— איהר זאָלט מיר געוואָהר ווערען, צי יענער האָט מיך געליעבּט...

— בּרכה׳לע, נאָך וואָס טויג דיר דאָס? יענער האָט דאָך שוין חתונה געהאַט?

— ניין. ס׳שאַדט נישט, גלאַט אַזוי...

— איך קאָן נישט.

— ווילט איהר נישט, הייסט עס? — האָט זי איף מיר אַ קוק געגעבּען, אַהיפּשאַרענדיג אַ פּאָר לאָקענדלעך איבּער׳ן אויער.

— איך קאָן נישט, האָבּ איך אַייך געזאָגט.

— אָבּער הערט: אין איין פאַל האָבּ איך בּעשלאָסען חתונה צו האָבּען — איבּ ער האָט מיך נישט געליעבּט... ווילט איהר שוין געוואָהר ווערען?

— גוט — זאָג איך — איך וועל געוואָהר ווערען. אָבּער, בּרכה׳לע, ווי אַזוי?

— פאָהרט אַריבּער צו איהם טאַקע און פרעגט איהם אַליין. איך מיין, אַז איצונד איז איהם שוין סיי ווי סיי אַלץ איינס, און ער וועט מיך ערשט נישט נאַרען...

— גוט — זאָג איך — איך פאָהר!...

איך לויף אַרויס אויף דער גאַס:

— הע, דראָזשקאַרזש, פיהר מיך אָבּ צו דער בּאַהן!...

— משוגענער, — קלאַפּט זי צו מיר אַרויס דורך דער שויבּ מיט אַ שמייכעלע — לויף נישט אַזוי, יאָג נישט אַזוי...

— א, טייער מיידעל — טראַכט איך — ערשט בּיזט דו שוין זיכער מיין... וואָרום ער האָט דיך נישט נור נישט געליעבּט, נור פאַלש געווען, טויזענד מאָל פאַלש!

און, קומענדיג דאָרט אַהין אין שטעדטיל, פאַל איך גלייך אַריין צו איהם אין שטוּבּ.

— גאָט העלף, — שריי איך אוים. און פאַר מיר שטעלט זיך אויף איינער מיט אַן אַריבּערגעוואָרפענער שניידערישער מאָס איבּער דעם האַלז, אין בּלויזען וועסטעל און אין די העמד־אַרבּעל, קוקענדיג מיר אין די אויגען אַריין, וואָס איך וויל.

— איהר וועט זיין אַזוי גוט — זאָג איך — און געהן מיט מיר אַרוים אַ בּיסעל שמועסען...

— וועגען וואָס? אַן אנצוג?

# די יודישע וועלט.

— ניין... — און, וואַרפענדיג, אַ בליק צום ווייבעל ביים קוימען, רוים איך איהם אַיין אין אויער — וועגען ברכהלעך...

— איך האָב נישט, וואָס צו שמועסען... — זאָגט ער און זעצט זיך צוריק אַנידער אויף זיין אָרט, קאַלט־בלוטיג, ווי אַ גזלן.

— אָבער מענש! — שריי איך אויס — איך האָב געלעגט צו אייך עקסטרא הוצאות, און איהר קאָנט נישט פערלאַנגען, אַז איך זאָל פאָהרען צו אייך אומזיסט!

ער כאַפּט געשווינד דאָס רעקעל אויף זיך אָן, ווי אַ ווינט, פליהט ער מיט מיר אַרויס פון שטוב, אַז דאָס ווייב ביים קוימען קוקט אַזש דערשראָקען.

— וואו וועלען מיר געהן?

— קומט אין אַ שענק אַריין.

און ביי אַ טישעל זעצען מיר זיך אַנידער אין אַ בעזונדער צימער.

— טפו! — גיט ער, אָנהייבענדיג דער ערשטער, אַ שפּיי — וועגען וואָס האָט זי אייך געשיקט צו מיר, וועגען מוחל זיין?..

„ע, פעטער — טראַכט איך — דו שפּייסט שוין. דו הויבסט שוין אָן אַ געשעפט מיט מחילה, אַזוי ווי ביי אונז, יודעלעך, עס פיהרט זיך, כדי געלד אויסצודרייסען“...

— ע, זייט אַזוי גוט — זאָג איך — שפּייט נישט. דאָ איז נישט קיין קליינינקייט. נישט נאָך קיין מחילה בין איך געקומען. נאָר דאָ האַנדעלט זיך וועגען צוויי נפשות...

— וועגען מיר און איהר?...

— וועגען אייך און איהר? פאַרוואָס נישט וועגען מיר און איהר?..

ער ענטפערט ניט.

— פאַרוואָס עפּיס וועגען אייך און איהר? — פרעג איך נאָך אַמאָל.

— טאָ וואָס זשע האָט זי פּאָרט געשיקט צו מיר?

— אַהיערנאָך הייבט זיך ערשט אָן אַ נייער מאַרק מיט אַ גיי מין דינגען... — זאָג איך — איהר וועט זאָגען, אַז איבער אייך און איהר, און איך — איבער מיר און איהר. טאָ ווי אַזוי זשע וועט די קאַץ קומען איבערן וואַסער? איהר מוזט דאָך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פערשטעהן די זאַך: אַז געליעבט האָט איהר זי נישט, די תנאים האָט איהר צעריסען. טאָ וואָס זשע נאָך?...

— געליעבט האָב איך זי נישט?

— וואָס, איהר וועט אפשר זאָגען, אַז יאָ? הייסט עס, אַז דאָ הויבט זיך ערשט אָן אַ נייער מין מאַרק?...

— איהר ליעבט זי דען איך?...

— — דאָס איז נישט קיין נפקה מינא...

— ניין — זאָגט ער — איך דאַרף דאָס וויסען.

— איהר דאַרפט וויסען? — פרעג איך — איך דאַרף וויסען, צי האָט איהר די געליעבט?

— ניין — ענטפערט ער ווייטער — איך דאַרף גיכער וויסען, צי איהר ליעבט זי, ווי איהר דאַרפט וויסען, צי האָב איך זי געליעבט. וואָרום דאָס איז שוין אַריבער...

„ס'אַנדערע — טראַכט איך — איהר האָט דאָך שוין סיי ווי סיי אַ ווייב"...

— יאָ, — זאָג איך — איך ליעב זי...

— אַנטלויפט!

— וואו זאָל איך אַנטלויפען?

— אין דער וועלט אַריין. אַבי נישט צוזאַמען מיט איהר...

— פאַרוואָס?

— יונגערמאַן, שעלט אייך נישט, — ס'איז נאָך אַזאַ מיידעל נישטאָ אין דער וועלט. דעם קאָפּ אין דער לבנה אַז איהר וועט האָבען, וועט זי אייך נישט נעמען...

— פאַרוואָס?

— איך ווייס נישט. נור אַזוי איז געווען ביי מיר...

— זי האָט דען אייך נישט געוואָלט?

— ניין. נישט שפּאַצירען געהן, נישט קוקען אַפילו אויף מיר.

— און איהר האָט זי יאָ געוואָלט?

— יאָ.

— און איהר האָט זי געליעבט?

— צי איך האָב זי געליעבט?

אָטאָ דאָ האָב איך שוין נישט געקאָנט איינהאַלטען און אויפגעשפּרונגען פאַר כעס.

— דאָס איז נישט מענשליך, איהר פערשטעהט?.. איהר בערעדט די נאָך. איהר האָט זי געלאָזט שטעהן אַליין אויפ'ן שאָסיי און איהר זענט אַוועקגעשפּרונגען צו די זעלנער. דאָס מיידעל האָט זיך דעמאָלט די אויגען אויסגעוויינט אַהיים קומענדיג.

— אַן אומגליק זאָל עס געשעהן! — גיט ער אַ קלאַפּ מיט אַ קופּעל פון ביר אין טיש אַריין — איהר גאַנץ פיהרען זיך מיט מיר איז געווען אויף אַזאַ אַרט... שטענדיג נאָר געלעגען אויפ'ן בעט און געוויינט. וועגען וואָס? ווייל זי האָט מיך געוואָלט, צי ווייל זי האָט מיך נישט געוואָלט? וועגען וואָס וויינט אַ מיידעל?..

## די יודישע וועלט.

— זאָגט איהר, אַז איהר האָט זי יאָ געוואָלט?

— פרעגט זיך ביי שטוב־מענשען און אַלע שכנים.

— דאָס איז אַ פערשאַרטקייט פון אייער זייט. און דאָס ברי־וועלע, וואָס איהר האָט אַראָבגעלאָזט איפ'ן שאָסיי?..

— מענש, זאָל איך ברענען, ווי אַ פייער, אויב זי האָט נישט געזוכט עקסטרא תּרוצים... וואָרום איך זאָל גלויבען, אַז עס האָט זיך איהר פערשטעלט פאַר די אויגען, קאָן איך איך נישט. וואָרום איך האָב דאָך איהר געוויזען שפּעטער, אַז עס איז אַ לאָטערי־צעטעל... און פאַרוואָס זשע האָט זי מיר נישט געגלויבט. האַ? האַ?

— און דאָס מיט דער צווייטער סלוזשבע?

— אַ שפּיצעל, בנאמנות... וואָרום איך האָב שוין געזעהן סיי ווי סיי, אַז איך בין אַ פערלירענער...

— און מעהר זענט איהר אין דעם גאָרנישט שולדיג?..

— גאָרנישט, ברודער, גאָרנישט! — האָט ער ביי דעם לעצטען וואָרט געגעבען אַ פאַל צוריק מיט די פּלייצעס אויף דעם אנלעהן פון דער שטול, ווי אַן אומבעהאָלפענער. און, פערטראַכטענדיג זיך אין דער הייטקייט אַריין, האָט ער אַ קרענקליכען שמייכעל געטאָן:

— דאָס ערשטע מאָל הערזעהן זי, ווען איך בין נאָר אין שטוב צו זיי אַריינגעקומען, גלייך פון די זעלנער, שטעהט זי מיר נאָך פאַר די אויגען...

איך האָב מיך געזעגענט מיט איהם, און אַרויסקומענדיג אויף דער גאַס, ערשט דעם אָטעם געכאַפּט:

— וואו געהט מען ערשט? וואָס זאָל איך איהר זאָגען?..

י. ל. פּרץ.

# מיינע זכרונות.

„הנצנים נראו בארץ” — עס הייבט אָן שפּראָצען אין פּוילין־לאַנד.

און דאַרפֿען זיך בעווייזען נייע שפּראָצונגען, איז (נאַטיר־ליך, אויסער וואַרשוי), זאַמושץ די שטאָדט מיט פֿולען רעכט אויך בכורים!

דער ג ע ב ר ו י ך וועט זיין!

אַפֿילו ראש־חדש רעטעכליך בעווייזען זיך ביי אונז (אַזוי ריהמט מען זיך) פֿריהער ווי אומעטום, אַזוי שפּעטער אַלע פּרוכטען. מעגליך, ווי עס פֿאַלט מיר יעצט איין, אַז דאַרום רופֿט מען אונז, ווי שוין דערמאָנט: „זאַמושצער פּרעסער!”

———

די השכלה, אַז זי וועט זיך בעווייזען, וועט ביי אונז קיין אַסימילאַטאָרישע פֿאַרבען נישט טראָגען. עס קען ביי אונז טאָגען. עס קען זיין, אַז גאָלדענפֿאַדען האָט רעכט, קלאַפּענדיג אין די לעדען: עס איז שוין לאַנג טאָג! מען דאַרף, עס איז שוין צייט אַרויסצוגעהן אין גאַס. אָבער אין גאַס וואַרטען אויף אונז די אומות העולם נ י ש ט, פֿון געארמט שפּאַצירען און געמיינזאַמע כּאָראָוואָדען איז דערוויל ביי אונז נישט וואָס צו רעדען...

קליין פּאַריז איז אַ בעזונדער, שאַרף־אָבגעגרעניצט וועלטיל.

עס פֿאַלט גאָר נישט איין, זיך מיט עמיצען צו מישען, און עס איז נישטאָ מיט וועמען!

אַ בעזונדער יידיש־בעל־בתיש קעניגרייך. אַ פֿיער־עקיגער מאַרק (אונטערגאַסען קומען צו שפּעטער) מיט אַ שתי וערב פֿון צוויי ברוקירטע גאַסען. שטעלט איהר אייך, למשל, אין מיט שטאָט, אויפֿ'ן פּונקט, וואו די ברוקירטע גאַסען לויפֿען זיך צוזאַמען, מיט'ן געזיכט צום מאַגיסטראַט מיט'ן זייגער־טהורם, — האָט איהר אַרום זיך די גאַנצע, שאַרף אָבגעגרעניצטע, רוהיג־בעל־בתישע מלוכה.

האָט איהר: פֿאַר זיך — אַ שמאָל געסיל צום טאַרג; פֿון טאַרג — אויך אַ שמאָלס, צו דער לובלינער בראָם.

רעכטס, עטוואָס אונטער זיך — די לעמבערגער בראָם...

אַמאָל — נאָהנט געווען לעמבערג. היינט דאַרף מען אַיין אויסלענדישען פּאַס, אַהין צו קומען. מיר זענען יוצא מיט טאָמאַשאָוו, פון פאַר דער גרעניץ, אין דער רעזידענץ פון „שמע ישראל“.

צווישען ביידע בראָמען, אין און איבערן וואַל — קאַזאַרמען. קאָשאַרען גרויסע, פעסטע, מיט רויטע ציגעל בעזעצטע, געדעקט מיט אַייזען.

לינקס, פיהרט די ברוקאָוואַנע גאַס צום שלאָס. אַ גערטיל, פון דער שטאָדט זייט — אָפען, הינטען — דרייקאַנטיג אַרומגעמויערט מיט הייזער, וואו די אָפיציערען וואָהנען. צווי דורכגענג, נישט זעהר צוגענגליכע, צווישען די הייזער, ביי די ווינקעל, וואָס פיהרען צו'ן אַ פּאָסע אַראָב, צום צעך־הויז, צום פּלאַץ פ'ן קוילען און האַרמאַטען, און דאָס אַלץ לויפט צו צום קאָסעמאַט ביי דער שעפּרשינער בראָם, וואָס איהר האָט אונטער זיך, לינקס, — אויף דער זעלבער, האַלב רונדער ליניע, — דאָס שמאָלע וועגיל, צום סמאָטריטעלס הויז, צום טייך; דער אָפיציערען־קלוב — די בלאַגאָראָדנאָיע סאָבראַניע. — פאַר'ן קלוב — די רייטשוהל, און ווייטער, ביז דער לעמבערגער בראָם ווידער — וואָלען, קאַזיאָנע געביידען א. ד. ג.

אַרום געקרייד...

וועמען האָבען מיר אין שטאָט פון פּאָליאַקען?

דעם אַפּטייקער, וואָס פערקויפט מיט אַ שטיל־שטאָלצער איינגעהאַלטענקייט פון איין אָבגעקומענעם שררה — מעדיקאַמענטען (דאָס מעדהרסט געהט „וויענער־טרענקעל“ און ביטער־וואַסער) און זיצט זיך, אויב ער האָט צייט, ביי זיך, אויפ'ן גאַניקעל אין מאַרק אַריין, און בלעטערט אַ בוך מיט בילדער פון אַלט־פּוילישע מלכים. זענען די שויבען־טהירען אין שטוב אַריין אָפען, הערט זיך פון דאָרט די פּיאַנע. דאָס ווייב און צוויי טעכטער שפּיעלען. זענען דאָס ווייב מיט ביידע טעכטער העסליך, ווי דריי אויסגעצויגענע שוואַרצע נעכט, און שפּיעלען נישט שען. — דער זוהן זיינער, וואָס וועט איהם אַמאָל פערטרעטען, שטודירט נאָך ערגיץ.

דעם קימענקעהרער־מייסטער, וואָס וואָהנט אין הייזעל מיט'ן גרויסען הויף לעבען דער רייטשוהל; פערברענגט די ווינטער־אָבענדען שפּילענדיג מיט'ן ווייב, (קיין קינדער נישט דאָ, ווענינסטענס — אויפ'ן אָרט) אין טערטיל־מערטיל. זעצט און פלאַנצט פריהלינגס־צייט זיין גערטיל אין הויף, און בעווייזט ער זיך זומער אַמאָל אין מאַרק, אויף דער פּאָדציענע, בליהען איהם די אייגאַליך,

רייטלען זיך די בעקאַליך, און מאַכט ער טריטליך, ווי אויף ריסאָרען; ווייכע, האַלב־רונד געהויבענע, — ווייכט מען איהם; האָט אַ שוואַכקייט — זיך צו קושען! נישט זיין שולד; נור זיין „בעהאַלטען“ ווייבס, וואָס קיינער זעהט פאַר די אויגען נישט! אַזאַ ווישניאַק שטעלט זי איהם. „א—ל—פ—ה מעט“; רעד אַ פּאָר ווערטער יודיש!

דעם דאָקטאָר סקרשינסקי, דעם גוט־האַרציגען, נאָר לע־בערליך צאָרניג־שוימענדיגען אַלטען „אינטעליגענט“ — אויך — אַ ווייב און דריי טעכטער, אויך — שוואַרצע נעכט. און ער אַליין — אויסגעוועבט. נאָכען עקזאַמען דאָס בוך פערמאַכט און מעהר נישט געעפענט. פערזאָרגט זיין פּאַך, געדענקט אויסענווייניג, קומט אין שפּיטאָל אַריין, געהט דורך צווישען די צווי רייהען בעטען, וואַרפט אַ בליק, הייסט ווייזען און בעקוקט די צונג, — רעכטס, צוריק־צו וועגס — לינקס, און לאָזט זיך אין קאַנצעליי אַריין. דער פעלשער נאָך, קומט צום טיש, פערשרייבט מיט אימעפּט עטליכע דרייסיג רעצעפּטען מיט אַמאָל און — „מאַש, פּשאַקרעוו“; גיט איבער דעם פעלשער...

וואָס עס איז געשעהען אין דער מעדיצין נאָך זיין עקזאַ־מען, — נישט זיין זאַך. שפּעטער, אַז מיין רייכע קאַלטע מוהמע, מיט די בריליאַנטען אין די אויערען, מיט׳ן קעלנעריל, אימגע־נייט מיט פּעריל, י. מ...ס קליין שמייכעלדיג ווייבעל, וועט קראַנק ווערען, און מען וועט אַראָפּברענגען אויף אַ קאָנסיליום אַ בעריהמטהייט פון וואַרשוי, און די בעריהמטהייט וועט אויסהערען דאָס האַרץ, — וועט זיך סקרשינסקי נישט אַיינהאַלטען, זאָפּען די פּלאַכע האַנד פאַר׳ן מויל און אַרויספּלאַצען מיט אַ געלעכטער:

— קאָלעגאָ, דו גלויבסט אויך אין די שוואַרצע קונצען?

ווענען נאָך?

איך געדענק נישט מעהר. אַ שבת־גוי? דאַכט זיך, גאָר אַ שבת־גוי׳ע...

עפּיס אַ „לאַפּיי“ — אַזוי רופט מען איין אַלטע, נישט־גאַנץ־ביים־שכל׳דיגע, גראָהע, אַזוי גערופענע „לאַפּיי“, וואָס געהט איבער דער שטאָט נישט איפ׳ן גאַנצען געשטעל פון פוס, נור אויף די שפּיץ פינגער, מיט די פוס־באַלען קאַפּויער, מיט׳ן גראָ־הען קאָפּ, וואַקלדיגע אויגען אין האַלב אָפּענעם מויל, מיט צווי קרומע צייהן, און מיט׳ן קאָפּ אַרויף, גלייך — צום הימעל מיט אַ טעמפּע טענה: צו וואָס האָסט דו מיך בעשאַפען? צו וואַשען

פּאָדליגים? — בין איך אָבער נישט זיכער, צי איז לאַפּיי נישט קיין יודיש קינד...

וואָס נאָך? איף דער לאַנגער פּאָדציענע זיצען אַלטע גוי'עס, ביי שטעלען פון דינע, שוואַרצע קעלבאַמים און חזיר-פּעטס... אין דער מיטף פון דער לינקער פּאָדציענע צום מאַגיסטראַט—אַ קריסטליך הויז פאַר אַלטע; שיטען זיך אַמאָל פון דאָרט אַרויס אַלטע גוי'עס (מענער זעהט מען נישט), געדויקערטע, בלינדליכע, געבויגענע, שוואַרץ געקליידטע, מיט שוואַרצע ציפּקיס איף די קעפּ, שוואַרצע קרייצען איף דער ברוסט, שוואַרצע „פּאַציאָרקים" איף שוואַרצע שנירליך — אויפ'ן האַלז. און עס געהט, און שטאָלפּערט, און ברומט עפּיס ביידליך, און מורמעלט עפּיס — צום קלויסטער צו און צוריק....

איין אָפּטער גאַסט אין שטאָט איז: „דיעדע". אַ מולער פון פּאָרשטאָט. אַ הויכער, שטענדיג שכור, שטענדיג שלעכט געגאָלט, אַ האָהריג געל פנים, ווי איין ערשט אָבגעשניטען פעלד, — געהט איבער די פּאָדציענעס, מיט די פערגעפּעלטע אויגען, עפּיס אין דער לופט זוכענדיג, גלייך, פאַר זיך, און קרועה-בלועה, אָבגעריסענע ליינוואַנד... שטאָלפּערט מיט די לאַנגע קרומע פיס, איבער וואָס עס ליגט איף דער פּאָדלאָגע, פערציעפּעט מיט די אומגעלומפּערטע הענד ביינעל אין איבס איף די שטעלען, און שילט מיט שוים איבער'ן מויל, און קיינער הערט נישט ווען. מען זאָגט: ווייב און קינד, וואָס האָבען איהם זיין געלד, וואָס ער האָט מיט מולעריי פערדיענט, אַז ער איז אַ שכור געוואָרען, צוגענומען; מיט'ן הויז, מיט אַ שטיק-פעלד, און איהם אַליין געלאָזט הפקר...

רעכטע פּריצים האָב'מיר נישט. איין אָרדינאַט זאַמיאָסקי, ווייזט ער זיך נישט... קומט, זאָגט מען, אַמאָל איף „קבר אָבות" אין ווייסען קלויסטער אַריין, • וואו זיי ליגען אין אַייזערנע, שטאָלערנע, בראָנז- און זילבערנע טרומניס אין די קעלער, און הענגען אין דער הייך אין קלויסטער אַלס פּאָרטרעטען אין דעליעס, מיט אַ מין שטריימליך איף די קעפּ און געלע שטיוועל איף די פיס. אָפּט קומען זיינע פּאָסעסאָרען. אַמאָל, זאָגט מען, זענען עס יודען געווען, איינציגווייז אַרויסגעשטופּט, איין י. מ. ביי'ן אַ פּאָסעסיע געבליבען קומען זיי אַמאָל איף רייט- און פעלד-וועגעליך, קויפען עפּיס איין, מענער — אין די אַייזען-געשעפטען, די פרויען — אין קאָלאָניאַל-האַנדלען, אַמאָל אויך אין איינציגען מאָדע-מאַגאַזין,

וואָס עס האַלט אַ יודישע אַלמנה מיט צוויי דיקע איבערגעוואַקסענע טעכטער (איף וועלכע מען רעד; אָפיציערען קומען אַריין) און— עסען אַמאָל אַ מיטאָג אין ק—נ׳ס ווינהאַנדעל איף דער „ברו־קאָוואַנע" גאַס.

בלייבט דאָס פּויערן־פאָלק אַרום... וואָס קומט זונטאָג אויפ׳ן מאַרק, זונטאָג און יעדער חגא נאָך אין קלויסטער אַריין. — אַ שטיל אונטערטעניג פאָלק... ערשט פון דער „פּאַנשצינא" בעפרייט; די אַלטע בענקען נאָך נאָך איהר, ווי מיר אַמאָל, נאָך מצרים צום פלייש־טאָפּ, די יונגע — ווייסען נאָך נישט, מיט דער פרייהייט וואָס צו טהון, לעבען נאָך אונטער דער השפּעה פון די אַלטע, פון וועלכע מען קריגט נאָך פּעטש, איב מען גריסט נישט דעם פּריץ מיט׳ן קאָפּ צו דער ערד, אָהן אַ היטעל, צו די קניהען צופאַלענדיג... אין שטאָט זענען זיי עפּיס אָבהענדיג, אונרוהיג־שרעקיג, קאָמיש־שטאָלפּערנדיג איף טרעפּ. געפעהרליך ווערען די יונגע לייט נור דאַן, ווען זיי קומען צו דער „סובּרעוויזיע" — בין המצרים: צוגענומען, פון דאָרף־רעזשים בעפרייט, אין מיליטערישע נאָך נישט אַריין, — מאַכט מען „סיקצעסען", אַ רים אַ יוד ביי׳ן אַ פּאה, אַ כאַפּ אַ בייגעל ביי׳ן אַ זיצערין; אויסגעהאַקט אַ שויב אין שענק... און ווידער שטיל און מיט דרך ארץ פאַר׳ן יוד, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געשטאַנען צווי־שען איהם און דעם פּריץ. אין דאָרף איז מען מיט מאָשקען „כל ולך". אָהן איהם געהט מען צו קיין רופא נישט, ראָט מען זיך מיט קיין אַדוואָקאַט נישט, — און ער איז אויך אָפט דער בורר אין דאָרף...

מיט׳ן „חם" זיך אַסימילירען?

בלייבט דאָס מיליטער אין שטאָט.

דעם סאָלדאַט לאָזט מען אַפילו נישט איבער דער פּאָרציענע. „אַ מזיק, לקהנ׳ט מיט די אויגען".... די אונטעראָפיציע־רען, די פעלדפעבעלס, שוין לייטישער, זיצען ביי מענדיל שענקער אין בעזונדערן אַלקער אין לאָזען זיך שמעקען די יודישע פּופּיקליך מיט די העלזליך, וואָס ווערען דאָרט געבראָטען. פערטרינקען זיי מיט י״ש און — רעדען אָן די טאָכטער צו שמד... קוים בעפרייט זי...

קיין „געזעלשאַפט" איז דאָס מיליטער נישט...

בלייבען די אָפיציערען...

מיט זיי האָט מען שוין מגע ומשא... זיי טרינקען ווין ביי ק—נ׳ען אין ווייך־הויז, צוברעכען נאָכ׳ן טרינקען די גלעזער, קריצען אויס זייערע נעמען מיט די דימענטענע פינגערליך אויפ׳ן גרויסען

שפּיגעל אין דער מאַפּאָנענער רעם; אויף די שויבען פון פענסטער... זיי פּאָרגען ק—נ'ס קליינער, בלאָנדער, שטילער טאָכטער רוסישע ביכליך... זיי „ביוועך" זעהר אָפט, נאָכפרעגענדיג אויף די ווייבער אָדער „גלאַט אַזוי" אין דערמאָנטען מאָדע-מאַגאַזין פון דער אלמנה מיט די צוויי בּוגרת'ן און (וואָס איך האָב נאָך נישט דערמאָנט) דעם זוהן — יונה'ציע...

אויף די טעכטער, ווי געזאָגט, רעדט מען... זיי זענען איך דער יצר-הרע פון נישט איין ישיבה בחור: „ווען אַ גרויסער, קנאַקענדיגער פּראָסט, ווען מען פאָהרט מיט איינע פון זיי, אַליין איינס וועלפע, אַליין אין אַ בויד... קאַלט, זי מוז זיך צורוקען... נענטער, נענטער..." און יונה'ציע — מוקצה מחמת מאיס... אַ דיקער, איין אַראָפּגעזעצטער, אַ רויט פּרצוף, אַ געגאָלטע מאָרדע, האַלט אין איין איסקראַצען זיך מיט די נעגיל די ווינפּערליך פון דער געגאָלטער מאָרדע... „שילאָטען-שמש" בּיי די אָפיציערען, טראָגט „בּריוועליך" און חבר'ט זיך מיט דיענסט-מיידען...

— פוי! און שטילערהייט — אַ ביסל מקנא...

פּיי ווי סיי — אַ פרעמדע וועלט. און דאָך עס הויבט זיך אָן שפּינען אַ שטיקעל בעציהונג... נישט חס ושלום קענען פּאַלאַקען... פּאָלאַקען זענען מיר הייסע! ווי לאַנג איז, ווי מיר האָבען תהלים געזאָגט פאַר'ן נצחון פון דער צווייטער מרידה?!

קיין פּויליש היל, קיין בּעוואָפּענטען פּאָלאַק האָבּ'מיר פאַר די אויגען נישט געזעהען. פון לעמבּערג איז אַ געהיימע דעפּעשע געקומען (דער פּאָסט-קאַסטען איז אַ לאָך אין מויער פון אַ פּאָדציענע-אַרקאַדע), אַז זאַמושץ איז גענומען; עס איז אַפילו נישט בעלעגערט געווען. אַפילו פון זייגער-גאַניקעל האָט מען אַרום און אַרום קיין בּעוואָפּענטען פּאָלק נישט געזעהן... זענען מיר יונגליך, חדר און בית-המדרש-יונגליך, פּויליש היל געווען! און אין גאַנצען איין איינציגען שונא געהאַט: אַ בּחור, ערשט פון בּיאַליסטאָק צו'ן אַ פעטער געקומען; אַ בּלינדען אויף איין אויג. האָבּ'מיר איהם טאַקי שיער נישט אויסגעקראַצט דאָס צווייטע, און אַזוי, איין מאָל, די בּיינער געבּראָכען, אַז ער איז חדשים לאַנג געלעגען און קוים זיך אויסגעלעקט... און ווער איז דער פּוילישער נאַציעלניק פּאָוויאַטו? ווער שיקט אַרויס אין וואַלד אַריין בּרויט מיט קליידער צוזאַמענגעקליבּענע, און אַמאָל איך אַ בּיסל אַמוניציע, פון צעך-הויז געגנבּ'עטע? י. מ.'ס אַ [פּעילאָרענער] זוהן... וואָס האָט איהם טאַקי, דעם פאָטער, אַז מען האָט איהם, צוריק פאָהרענדיג

פון וואַרשוי, אין וואַלד געכאַפּט, אין קעשענע אַ רוסישען פּאַס גע־פונען, און אין די שטיוועל — אַ קאָנטראַקט צוזושטעלען היי און האָבער פאַר קאָזאַקען — פון דער תליה אַראָבגענומען! גראָד אָנגעקומען....

און פונדעסטוועגען — פּאָדריאַדען! מען טרעפט זיך מיט אָפיציערען אין רייטשוהל... יודישע טעכטער זענען חנו׳דיג... אַ ביכעל אַ רוסיש באָרגט מען... אפילו מיך הייבט מען אָן צו לערנען רוסיש... נאָך „פקד־פקדתי״, נאָך „אָלענדאָרף״ אויף דייטש, מוז איך ענטלויפען פון גרעטשעס גראַמאַטיק, און פון לעהרערס (אַ „שרייבער״ אין פאָלק) מויל, פון וועלכען עס יאָגט „סיבוכא״...

עס שפּינט זיך עפּיס, און פּלוצלינג — דאָס שפּינוועבס רייסט זיך, אָבער איבער!

געקומען אַ בלבול!

— — — — — —

צווישען אונז און די אָפיציערען שטעלט זיך אַ וואַנד און זי וואַקסט...

אין גערטיל פאַר׳ן שלאָס, וואו די אָפיציערען וואָהנען, שטעהט, צווישען די קליינע גרינע ביימליך, די קאַסע פון פאָלק. בעוואַכט, פערשטעהט זיך, פון אַ זעלנער, אין שווערד און ביקס בעוואָפענט. קומט ווער אין זיינע ד׳ אמות — שיעסט ער!

אין איינמאָל, פאַר־טאָג, מען קומט איהם אָבוועקסלען, מיין סאָלדאַט מיט׳ן קיווער, מיט׳ן גאַנצען געווער ליגט אין אַ זאַק געבונדען. די קאַסע — אויפגעבראָכען, דאָס אייזערנע קעסטיל מיט׳ן געלד — פערשוואונדען!

דאָס אייזערנע קעסטיל געפינט דעם זעלבען טאָג אַ פייער אונטער דער שטאָדט, אויפגעשלאָגען און אין גראָז אַריינגעוואָרפען.

ווייס די גאַנצע שטאָט, וואָס דאָס אַלין בעטייט:

דער פּאָלקאָווניק — איין אַלטער מאַן, לאַנגע שפּיציגע וואָנסען, אַ געגאָלטער אַלטער קאָפּ, טריפענדיגע איגאַליך, אַ נאָגגע־שלעפּטער פוס, — דער פאָלקאָווניק האָט אַ יונג ווייב: מילך און בלוט און אַ „וואהלע״ — רייט אויף פערד, טרינקט שאַמפּאַניער, קלייבט זיך אין לובלין און אין וואַרשוי, ווערט פערשוואונדען אויף גאַנצע מעת לעת׳ן אין וועלדער אויף פּיקניקס... און דריי יונגע אָפיציערען, וואָס דרעהען זיך אַרום איהר — מאַכען חובות...

שטעלען אויס וועקסאַליך... צום טערמין טוישט מען די וועקסאַליך... און אַזוי לאַנג ווערט געטוישט, ביז מען מוז אַמאָל צאָהלען...

פאַר זיי האָט זיך דער צאַסאָוואָי, אַ פרישער סאָלדאַט פון קאָסטראָמאַ, אַ פויערן־יונג — געקאָנט דערשרעקען...

די שטאָט ווייסט, אָבער נישט דער שלאָס! בפרט, אַז איינער פון די דריי לעב־יונגען איז דער אודיטאָר אין פאָלק...

דעם קאָסטראָמער גבור וואַרפט מען קודם כל אין קאסעמאַט אַריין... איבערן וועג פאַלען אויפ'ן האַלב דערשטיקטען, פאַר שרעק האַלב טויטען סאָלדאַט קלעפ ווי האָגעל, מיט די שווערדען, מיט די קאָלבים — פערשוועכט דעם כבוד פון גאַנצען פאָלק! פון דער גאַנצער אַרמעע! דער שלאָס קלערט אַליין: וואָס טהוט מען? איז דער סאָלדאַט שוין צוויי טעג אויף ברויט און וואַסער, נאָר אָהן ברויט און וואַסער... און ערשט צום דריטען טאָג בעווייזט זיך אונזער אודיטאָר אין דער בעגלייטונג פון סאָלדאַטען מיט ריטער... מען שמייסט, און דער אודיטאָר פרעגט און פערשרייבט...

דער סאָלדאַט זאָגט: יודישע גנבים... געקומען פלוצלינג... באָרוויסע... דעם זאַק פון הינטען פערוואָרפען... ער האָט זיי קיינמאָל פריהער נישט געזעהען... נור יודען... באָרד און פאות... און — —

פערגעדהט אינ'ם בלוט...

אַליין איינס, — אונטערשרייבען סיי ווי סיי נישט געקאָנט. דער אודיטאָר שרייבט אונטער און שיקט צום פאָלקאָווניק דעם פראָטאָקאָל.... כתוב וחתום.

שיקט דער פאָלקאָווניק נאָך די סאָלדאַטען, וואָס זענען דערביי געווען.

— איהר האָט געהערט?

— טאַק טאָטשנאָ!

— וואָס?

— ער האָט געשריבען...

— וואָס האָט ער געשריבען?..

— ניע מאָגים זנאַט! (מיר קענען נישט וויסען)

— נישט גוט געהערט?

— טאַק טאָטשנאָ (ריכטיג).

—און דער אודיטאָר האָט געהערט?

— ער איז עפּיס אַנדערש, אוטשאָני! 

און שוין בייזליך:

— ער האָט געהערט?

— מן הסתם...

— זאָג בפירוש? שאַרף!!

— טאַק טאָטשנאָ!

— שווערען דערויף?!

— אַז מען וועט הייסען...

— ערליך שווערען?

— טאַק טאָטשנאָ...

בלייבט — „יודישע גנבים“...

געהט באַלד אַ פאַפּיער צום מאַגיסטראַט: היות די קאַסע, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזען, האָבען בעגנבעט יודישע גנבים, זאָל דאָס מאַגיסטראַט תיכף ומיד צושטעלען די אַדרעסען פון אַלע יודישע גנבים אין שטאָט...

ענטפערט דער מאַגיסטראַט: נישטאָ! געווען אַ יונגעל הרש׳ל, נעלם געוואָרען. נאָך אַ יונגעל, בע׳גנב׳ט אַ געוועלב מיט באַקאַליען, — זיצט ער תפוס אין שעברשין.... אויסער אויף דער ניישטאָט....

— זאָל זיין — ניישטאָט.

מאַכט מען אַ רשימה... שיקט מען נאָך די פּערציי־ענטע, ברענגט מען זיי פון דער ניישטאָט אין קייטען, און מען וואַרפט זיי אַריין אין פינסטער־נאַסען קאַסעמאַט אין וואַל...

קומען באַלד ווייבער און קינדער אין שטאָט אַריין מיט אַ געוויין... בערוהיגט מען זיי, דער אמת וועט אַרויס, ווי בוימעל איפ׳ן וואַסער, נישט אַמאָליגע צייטען!

„זיי זענען דאָך אָבער די נאַכט גאָר אין דער היים נישט געווען“...

„מיינער האָט געהאַט אַ גנבה אין“... און פערשלינגט דעם נאָמען פון אָרט.

„מיינער איז געווען אין שליחות אין דאָרף, ביים פּריץ“... איז דאָך גוט, וועלען זיי דאָס זאָגען, עדות שטעלען... און ווירקליך, גנבים זענען זיי דאָך, וועלען זיי זיצען אַ ביסל... געהט אָבער אַוועק אַ וואָך, נאָך אַ וואָך, און עס לאָזט זיך פּלוצלינג אַרויס אַ קול:

— מודה געווען!

נישט מעגליך... קומט אָבער צו די איערן: געניים!
איוף הייסע, אייזערנע פּליטעס בּאָרוויס געלאָזט... אונטער די נעגיל געבּרענט... נעגיל פון די פים מיט צווענגליך געריסען... האָהר פון די ברעמען געצופּט...
ווייטער א יללה פון ווייבּער און קינדער...
שווייגט מען שוין נישט. שרייבּט מען פּראָשעניעס. ווער שרייבּט? אונזער אַדוואָקאַט פ. ג....
שרייבּט ער פּיוליש, שיקט מען צוריק... שרייבּט ער רוסיש, קען ער ווירקליך קיין רוסיש נישט, שיקט מען ווייטער צוריק: פּאָ ניעגראַמאָטנאָסטי...
רופט מען מיין לעהרער... ער וויל נישט, ער טאָר נישט... גיסט מען איהם אַריין איין כּוס׳ע, אַ צווייטע, אַ דריטע אַ געמישטע, אַ פיערטע — אַ געמישטע מיט עפּיס צוגעמישט. מיין לעהרער צעוויינט זיך איוף אַ קול. כאַפּט זיך קושען... ער וועט שרייבּען, ער האָט אונז ליעב דאָס לעבּען, „גאָטאָוו“ פאַר אַ יוד צו געהן איוף סיבּיר; און ער שרייבּט...
דעם צווייטען טאָג — דער שרייבּער נעלם געוואָרען... מען האָט איהם מעהר נישט געזעהען. אָבער די פּראָשעניע האָט געפּועלט. געקומען אַ פּריקאַז פון העכער: נאָך אַמאָל איבּערפרעגען די תּפוסים, איבּערפרעגען אין מאַגיסטראַט, און דערבּיי זאָל זיין דער רב פון שטאָט...
זענען זיי זיך מודה, אין געגענוואַרט פון רב, ר׳ משה וואהל: זיי האָבּען דעם זאַק פערוואָרפען, די קאָסע בּערויבּט... דאָס קעסטיל איפגעהאַקט, אונטערגעוואָרפען...
ר׳ משה וואהל פרעגט:
— און וואו האָט איהר אַהין געטהון דאָס געלד?
מאַכט איהם דער אודיטאר איופמערקזאַם, אַז לויט׳ן פּריקאַז דאַרף אַלץ געשעהען: „וו יעווא, ראַווינאַ, פּריסוטסטוויע“, אָבּער קיין דעה האָט ער נישט. איבּערפרעגען טאָר ער נישט. און לעזט איבּער דעם פּראָטאָקאָל און פרעגט: ווערנאָ?
די תּפוסים ענטפערן: ווערנאָ...
און ר׳ משה וואהל מוז אונטער חתמענען...
און ער קומט אַראָבּ פון מאַגיסטראַט, און מען פרעגט איהם:
— האָט הערט זיך? ווי זעהען זיי אויס?
צעוויינט ער זיך, ווי אַ קליין קינד...
מוז מען שוין עפּיס טהון, זיך נעמען צו דער זאַך. מען

מיז דאָך דערגאַהען, מיט וואָס מען האָט איך זיי אַזאַ שרעק געוואָרפען... לאָז נור קומען י. מ. פון ווארשוי, ער זעט גע־וואָהר ווערען... אָבער אסיפות מאַכט מען, קלערען קלערט מען, טהון עפּיס מוז מען...

פּלוצלינג אַ נייע מעשה:

אַ קול לאָזט זיך אַרויס אין שטאָט, מען ווייסט נישט פון וואַנען, נור איך זיכער — איינער פון די יודען איז געשטאָר־בען אין קאַסעמאַט!

מען דערמאָנט זיך אָן ציאַסאוואַי'ס טויט; מן הסתם איך דערשמיסען. און מען ווייסט שוין איך קלאָר, אַז יציאת נשמה איז געווען נאָך פאַר עטליכע טעג... זיי ווילען איהם נישט אַרויס־געבען. אוים מורא, מען זאָל נישט זעהען, וואָס מען האָט איהם גע־טהון. זיי ווילען, ער זאָל פערפוילט ווערען... און אפשר וועלען זיי איהם ערגיץ אין אַ הייל אַריינוואַרפען, צי אין וואַסער, — דער יוד וועט גאָר צו קבר ישראל נישט קומען! און מען ווייסט שוין, ווער עס איז דער קרבן: משה! און אין אַלע גאַסען שטעהט איין קול: משה! משה! און נישט אָבגערעדט, מיט אַמאָל אַלט און יונג, קינד און קייט, מענער און ווייבער, — אַלאָז זיך גע־טהון צו די קאַסעמאַט! און איין געשריי, איין יללה:

— גיט אונז אָב דעם בר מנן!..

שטעהט איין אָפיציער ביים קאַסעמאַט: שרייט ער;

— משה לעבט...

און רופט אין קאַסעמאַט אַריין: זאָל ער זיך בעווייזען! און אין שמאָלען קאַסעמאַט פענסטעריל אין דער הייך בעווייזט זיך משה'ס קאָפּ, אַ לעבעדיגער —

מען גלויבט זיך קוים, שרייט מען צו איהם אַרויף:

— מאַך מיט'ן מויל, מאַך מיט די אויגען!

ער טהוט עס. איז נאָך ווייניג:

— שריי אַרויס אַ וואָרט:

ער מאַכט מיט די ליפען, הערען הערט מען נישט... קיין כח נישט צו רעדען... אָבער אַבי ער לעבט, מען גייהט אַהיים מיט אַ פרייד: ער לעבט, ער לעבט...

און דעמזעלבען טאָג געהט אַ דאָקלאַד קיין לובלין:

— יודען אַ בונט געמאַכט, בעפאַלען דאָס קאַסעמאַט, גע־

# די יודישע וועלט.

וואָלט איבערייסען... געמוזט זיי ווייזען די גנבים... געוואָלט זיי מיט געוואַלט בעפרייען... אַ מערכה דער און דער אָפּיציער... קריגט דער אָפּיציער אַ דאַנק, ווערט פאַרגעשטעלט אויף איין אָרדער: „זאַ כראַבראָסט“, און אין שטאָט ווערט אַיינגעפיהרט קריגס־צושטאַנד. נישט מאַכען קיין רעדליך. מעהר ווי צוויי צוזאַמען נישט געהען... נאָך אונטערגאַנג פון דער זון — די לעדען פערמאַכען, אין גאַס זיך ניט ווייזען... קיין אַסיפות נישט מאַכען, נישט אין בתי מדרשים, נישט אין הייזער... אין קאָזאַקען אויף פערד רייטען אַרום אַלס פּאַטרולען מיט נאַגייקעס... ביי נאַכט — טאָפּעלטע פּאַטרולען... בעווייזט זיך ווער — מיט נאַגייקעס אין קאַסעמאַט אַריין... פיעל ווערען אין מיט'ן גאַס בעפאַלען אויף ביי טאָג און בערויבט. געפינט מען עפּיס אַ צייכען וועגען ענין — מיט נאַגייקעס, אין קאַסעמאַט אַריין... אַ שרעק בעפאַלט...

לויפט מען אין בית־המדרש אַריין תהלים זאָגען, — מען צוטרייבט מיט נאַגייקעס... ווייבער לויפען אַיינרייסען די שוהל — קאָזאַקען רייטען אָן, רייטען אַרויף מיט די פערד... מען רייסט אַראָב די קאָפּקעס; די שאַלען, און ווערען נעלם... פון דער נייער שטאָט לויפט מען אויפ'ן בית עולם אַרויף, זאָלען זיך די טויטע מיהען... אַרויסגעלאָפען שטילערהייט, ביינאַכט, אין אַ פינסטערער נאַכט, צוגעפאַלען צו דער ערד, מיט די מיילער צו די מצבות, פערשטיקטע יללות... „בית פרעה“ — דער שלאָס דערהערט, אַרומגערינגעלט דאָס בית עלמין, איינציגווייז אַרויסגעלאָזט פון טויער.

זיי האָבען מורא פאַר טויטע!

איין אויסגעשטאָרבענע שטאָט... און י. מ., די איינציגע, די לעצטע האָפענונג קומט אַלץ נישט... טהייל זאָגען: קראַנק, אַנדערע: מורא צו קומען...

היוצא מזה: אל תבטחו בנדיבים...

און אין דער טויטער שטילקייט דערהערט זיך:

— אַ פעלד־געריכט געקומען...

אַ פּאָר טאָג שפּעטער:

— ווידער מודה געווען...

— געפּסקנט — תליה!

— אַוועקגעשיקט דעם פּסק צום בעשטעטיגען...

דערמאָנט מען זיך:

פערהאַן דאָך ערגיץ ידען, וואָס האָבען אַ דעה; וואָס קע־נען, וואָס מוזען העלפען!

אָבער ווי קומט מען צו זיי? די בראַמען — טאָ־פּעלט בעוואַכט, קיין פּעסער גיט מען נישט; קיין אויס־לענדישע וועט מען געוויס נישט געבען... קיין דעפּעשען וועט מען נישט אָננעמען, און ווער עס וועט גיהן מיט אַ דעפּעש, וועט אַריינפאַלען אין קאַסעמאַט...

זאָל זיך עמיץ מוסר נפש זיין, אַריבערלאַפען די גרע־ניץ אין טאָמאַשאָוו, דריי מייל אין גאַנצען, פון דאָרט קיין לעמ־בערג, פאַרהאַן דאָרט אַ פּרעדיגער לעווינשטיין, פון דאָרט טע־לעגראַפירען צו משה מאָנטיפיורע קיין לאָנדאָן, צו קרעמיע קיין פּאַריז...

— ווער וויל זיך קויפען עולם הבא, זוכה זיין אין איי־ביגען לעבען?

געפינען זיך אַזוינער...

אברהם מאַניס — זיין נאָמען; נאָכ׳ען ווייב: אברהם מאַניס דער ראַניאַכים; זיין ווייב הייסט ראַניע...

ווער איז ער?

אַ בעל הבית? אַ דאָזאָר? אַ מתעסק בצרכי צבור? אַ מושלם? אַ משכיל?

גאָר נישט פון דעם אַלעם...

איין אַלטער יוד, קרוב לשמונים, קלייבט זיך שוין לאַנג צו פאָדרען שטאַרבען קיין ארץ ישראל, נור זוגתו ראַניע תחי׳ וויל נישט. זי וויל נישט און קען נישט איבערלאָזען דאָס זאַמושציער בית עולם, וואו זי האָט איהר גאַנצע משפּחה... אין בית המקדש וואָלט זי אָהן די מתים אַ יתומה געווען... און אָהן ראַניען וועט אברהם מאַניס נישט פאָהרען... ווי פאָהרט עס אַ יוד אָהן אַ ווייב?

און שפּעטער מיט אַ צוויי יאָהר, אַז ער האָט זי איבער־געדייבערט, און זי פאָהרט מיט איהם, איז זי איהם פון צפת, וואו זי האָט איהם איבערגעגעבען אין זיכערע הענד אַריין, אונ־טער די הענד אַוועקגעקומען, אַהיים, צו׳ן איהר בית עלמין ענט־לאָפען... אַבי אברהם מאַניס איז בשלום אַריבער דעם ים!.. און צוגעפאַלען איז זי צום בית עלמין מיט אַ פרייד און אַ געוויין, די

ערד געקוישט און געקושט, קוים מען האָט זי אָבגעריסען...

ווי וועט דאָרט לעבען אָהן אידר אברהם מאניס? צוגעבונדען איז ער צו'ן אידר געווען... אַ בעל תוקע איז ער געווען, איינמאָל נאָך שחרית אַהיים געגאַנגען זיך איבערדרימלען, און געבּרענגט, אַ פערחושטער יוד, אויפ'ן אָרט פון קיטעל—ראָנים אַ ווייס העמד...

— נישט קשה, זאָגט ער, איין אשה צנועה ראָניע, אַ צדקת, מען מעג אין אידר העמד בּלאָזען...

וואָס נאָך איז ער געווען?

אַ חסיד — אַ בּטלן, פריהער אַ בּעהאַלטענער; שוהט געווען: אויף דער עלטער, אַז די אויגען זענען איהם אַ ביסעל שוואַך געוואָרען, זיך פון שחיטות אָבגעזאָגט, און ערשט דעמאָלט מודה געווען: ער איז אַ בעלזער חסיד. קיין מושלם אַלזאָ נישט; אפילו אַ שטיקעל עם הארץ אין תנ"ך... זאָגט אַמאָל, אין בעלזער'ס נאָמען, אַ נוטריקון איף יעקב אבינו'ס לייטער, און ווייסט נישט, אַז „סלם“ אין תנ"ך איז אָהן אַ וי"ו...

בּיי די דייטען האָב'מיר זיך דעמאָלט געהאַלטען!

און ער, דער אַלטער בּטלן, וועט פאָהרען...

און ער איז געפאָהרען...

די „אויסאַרבּייטונג“ וועגען ענין, וואָס מען איהם איבער געגעבען פאַר'ן פּרעדיגער לעווינשטיין, און אין וועלכער איך האָב איך אַ חלק געהאַט, האָט מען איהם אין העמד פערנייט... הדרך בּשלום די בּראָם... אַריבּער בּשלום, אָהן אַ פּאַס, די גרעניץ—

אין דריי טאָג אַרום:

בּטל דאָס משפט!

די אָפּיציערען האָט מען שפּעטער געזעהן אין וואַרשוי. אָהן עפּאָלעטען, אַפּילו אָהן שטיוועל... אָבגעריסענע...

— אַה, אַ זאַמושציער? שענק אַ פּאָר גראָשען...

— — — — — — — —

און מען פערגעסט די צרות... אברהם מאניס בּעגלייט מען קיין ארץ־ישראל מיט גרוים פּאַראַד און — מיט דער צייט הויבּט זיך אָן צו בּלעזולען אויפ'ס ניי... השכלה!

צו „בּלעזולען“, ווייל בּיי אונז אין קליין פּאַריז וועט דער פּראָצעס נישט זיין געפעהרליך, גאָר אָהן אַ הויכע טעמפּעראַטור. און אַז איך און מיין חבר יהוקאל וועלען זיך מיט אַמאָל,

אין אַ שיינעם העלען פרייטאָגדיגען טאָג, בעווייזען זיך פלוצלינג אין גאַס, איף די פּאָדציענים, אָנגעטהון „דייטש", און מאַריי־נאַרקים, — און אַז מיין חבר יצחקיל וועט אַריין אינ׳ם ניי־געע־פענטען פּראָגימנאַזיום, וועט צו קיין עקצעסען קעגען השכלה נישט קומען...

דער השכלה־פּראָצעס וועט חרבגעהן, ווי וויט מעגליך, שטיל, די געבורט אָהן גרויסע וועהען, — די הימלישע טאָכטער וועט נישט אָבגענומען ווערען מיט צוואַנגען, — דאָס קעפּיל איז גאָר נישט אַזוי גרויס, און קיין ערשטלינג וועט עס נישט זיין...

דערפון אָבער שפּעטער. —

נ. אייזען.

# עלעגיעס.

I

און ווי נאָר דער פריהלינג בעװייזט זיך אין פעלד,
דערפיהל איך זיך עלענד און שפל.
ביגעה, אום אויפ'ן גרויסען פאַראַד פון דער וועלט,
ווי צווישען חתנים אַן אָבל.

עס שלעפּען די פיס זיך אין גאָרטען, אין וואַלד,
און וואו נאָר אַ גרעזיל טוט גרינען;
דאָס האַרץ אָבער בלייבט צום אַרומיגען קאַלט
און קאָן זיך קיין טרייסט ניט געפינען...

וואָס פייניגט אַזוי מיך און וואָס אַזוי קלעמט,
ווען פול איז די וועלט מיט געזאַנגען;
וואָס פיהל איך אַזוי זיך דערשלאָגען און פרעמד,
ווען אַלץ איז פון ליעבע געפאַנגען?

און טריבע געדאַנקען, און שווערע ווי בליי
זיך פּלאָנטערן, קריכען אין מוח —
אָ, ניין, ניט פאַר מיר האָט צעבליהט זיך דער מאַי,
ניט מיר שיקט דער גאָרטען זיין ריח!...

II

מיך רייצען די דופטען און זאָגען מיט שפּאָט:
„דערשטיקט דיינע בעסטע פערלאַנגען".
אַ ווינטעל לויפט דורך און פערטרויט מיר אַ סוד:
„פערגאַנגען דיין פריהלינג, פערגאַנגען".

עס זאָגט מיר די חנ׳עווריג בליהענדע בלום:
„פערוועלקט איז דיין יוגענד אין שימעל".
„אַן אייביגע כמאַרע דיך וויקעלט אַרום",
פערנעם איך פון לויטערן הימעל.

„פערשלאָסען דיין גייסט, אין אַ שטייגעל פערשפּאַרט",
דער פויגעל־כאָר רופט אין זיין שאַלען.
„דו בלאָנדזשעסט אין חושך, בייטאָג ווי ביינאַכט" —
מיר, בלענדענדיג, זאָגען די שטראַלען.

און זעצט זיך די זון, און אַ טוי פאַלט אַרוים,
און שאָטענס פערשפּרייטען זיך קיהלע,
דאַן פּרוב איך זיך קניהען, נאָר כ׳ווייס שוין פאָראוים:
פערהאַסט און פערשעמט איז מיין תפילה...

ש. ל. ציטראָן.

# איינינע בעמערקונגען צום אַרטיקעל „דער „קול מבשׂר“ און זיין צייט“.

איך וויל דאָ מאַכען איינינע בעמערקונגען צו ה׳ צינבערג׳ס אַרטיקעל דער „קול מבשׂר“ און זיין צייט“ („די יודישע וועלט“ 1—4), ווי ווייט ער ריהרט אָן די געשיכטע פון דער מלחמה פאַר און קעגען יודיש אַלס ליטעראַטור־שפּראַך און די געשיכטע פונ׳ם „קול מבשר“ בכלל.

ראשית, מוז אָנגעמערקט ווערען, אַז דער קאַמף, וואָס האָט אויסגעבראָכען אָנהויב די זעכציגער יאָהרען פונ׳ם פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט פאַר און קעגען יודיש, איז לכתחלה געווען אַ ריין פעדאַגאָגיש־ערציהערישער, אָהן אַ שום שייכות צו עפּיס אַנדערש. די יודישיסטען פון יענער צייט האָבען געקעמפט פאַר יודיש אין דער שולע, וואו מ׳האָט דעמאָלט געלערנט אַלע למודים אין דייטשער איבערזעצונג, און אַ רעזולטאַט פון אָט דעם קאַמף איז שוין נאָכדעם געווען די מלחמה, וואָס עטליכע געצעהלטע מענשען, טאַקע יחידי־סגולה, אין וואָלין, מיט צעדערבוים׳ען בראש, האָבען אָנגעהויבען צו פיהרען פאַר יודיש אַלס צייטונגס־ און ליטעראַטור־שפּראַך.

נאָך עטליכע יאָהר, איידער צעדערבוים האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען דעם „המליץ“, איז ער געווען איינער פון די גרעסטע בילדונגס־עסקנים אין אָדעס. ער האָט זיך פיעל אָבגעגעבען מיט יודישע שול־אַנגעלעגענהייטען, מיט דער יודישער ערציהונג. דאָס האָט איהם געגעבען די געלעגענהייט צו זעהן, ווי ווייט די יודישע למודים ווערען צעשעדיגט אין די יודישע שולען, סיי אין די קהל׳שע, סיי אין די קרוינ׳שע, דורך דער דייטשער איבערזעצונג. אַרויסטרעטענדיג שאַרף קעגען זיין איידים, דעם דעמאָלט פיעל־בעוואוסטען יודישען פעדאַגאָג ד״ר יצחק גאָלדענבלום, וועלכער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון דער דייטשער איבערזעצונגס־סיסטעם, האָט צעדערבוים גענומען פיהרען אין „המליץ“ זעהר אַ הייסען קאַמף קעגען דעם דאָזיגען סדר־הלמוד און פאָדערן ענערגיש, אַז אַלץ אין די יודישע שולען זאָל געלערנט ווערען אין יודיש. טאָמער איז געקומען איינער אַ רוסישער פאַטריאָט און האָט פאָרגעלעגט, אַז מ׳זאָל אין די שולען פערבייטען דייטש אויף רוסיש, האָט זיך צעדערבוים מיט איהם אַריינגעלאָזען אין ויכוחים און אויפגעוויזען, ווי ווייט

זיין פאָרשלאָג טויג איך ניט, און גע׳טענ׳עט אין איין קול, אַז דווקא יודיש!

שלום יעקב אַבראַמאָוויטש, דער שפּעטערדיגער אַזוי בעריהמט געוואָרענער מענדעלי מוכר-ספרים, דער שעפער פון דער ניי-יודישער ליטעראַטור, איז געווען איינער פון די ערשטע הייסטע קעמפער פאַר יודיש אַלס לערן-שפראַך אין די יודישע שולען. אין אַ רייה אַרטיקלען אינ׳ם „המליץ“ האָט ער שאַרף קריטיקירט די דעמאָלטיגע אינטעליגענטען, וואָס האָבען געהאַלטען, אַז אין די יודישע שולען דאַרף אַלץ געלערנט ווערען אויף דייטש, אויף דער שפראַך פון די משכילים. מיט זעהר אַ ביטערן סאַרקאַזם האָט זיך אַבראַמאָוויטש פערהאַלטען צו דער דאָזיגער דייטשמערישער פראָגראַם און צו איהרע בעשיצער. בשעת אָבער די רעגירונג האָט זיך אין דערזעלבער צייט געווענדט דורכ׳ן „קיעווליאַניך“ צו יודישע כלל-טוער און שריפטשטעלער מיט דער פראַגע, וואָסער שפראַך איז גלייכער צו בענוצען ביים פערשפרייטען בילדונג צווישען יודען, איז אַבראַמאָוויטש געווען איינער פון די, וואָס האָבען אָנגעוויזען דווקא אויף העברעאיש. מיט גרוים התפעלות האָט אַבראַמאָוויטש אָבגעשלאָגען פאַר דער רעגירונג די טענות פון יענע, וואָס זאָגען, אַז העברעאיש איז אַ טויטע שפראַך און מ׳קאָן זי ניט געברויכען מיט נוצען אויף לעבעדיגע, טאָג-טעגליכע בעדערפענישען. צעדערבוים האָט זיך דעמאָלט אין אַ לאַנגער הערה שטאַרק אָנגעביזערט אויף אַבראַמאָוויטש׳ן: סטייטש, ווי פערוואַרפט ער דאָס ניט פאַר דער רעגירונג קיין איין-איינציג גוט וואָרט וועגען יודיש?! ווי פערשטעהט ער דאָס ניט, אַז אום צו בילדען די מאַסע, איז קיין אַנדער מיטעל חוץ יודיש ניטאָ? ווי וועניג צעדערבוימס בייזערן זיך האָט געווירקט אויף אַבראַמאָוויטש׳ן, קאָן מען זעהן דערפון, וואָס בעת דער קיעווער גענעראַל-גובערנאַטאָר אַניענקאָוו האָט גענומען רעדען וועגען גרינדען אין דרום-מערב-קאַנט אַ צייטונג ספּעציעל פאַר יודען, איז מיט איהם אַבראַמאָוויטש אַריין אין אונטערהאַנדלונגען מכח אַ נייער העברעאישער צייטונג, וואָס זאָל רעדאַקטירט ווערען דורך איהם בשותפות מיט חיים זעליג סלאָנימסקי, דעם געוועזענעם רעדאַקטאָר פון „הצפירה“. וועגען אַ יודישער צייטונג איז גאָר אַבראַמאָוויטש׳ן אייפ׳ן זינען ניט אַרויף.

איך בענוץ אָט די געלעגענהייט, כדי אָנצוווייזען אויף אַ פאַקט, וואָס איז וועניג בעקאַנט אין דער יודישער עפענטליכקייט. דער איינציגער, וואָס האָט דעמאָלט היים פערטיידיגט פאַר דער רעגירונג די נוצליכקייט פון אַרויסגעבען אַ ספּעציעל יודיש בלאַט אין דרום-מערב-קאַנט, איז געווען דער בעוואוסטער העברעאישער קריטיקער אורי קאָוו-

# די יודישע וועלט.

נער. אַט דערזעלביגער קאָוונער, וואָס זיין מיינונג וועגען דעם „המליץ“ איז ווייט געווען פון גוט, האָט זיך צעריסען ליבענדיג פאַר דער רעגירונג צעדערבוים'ס „קול-מבשר“ און פאָרגעלעגט איהם ווי אַ מוסטער פאַר דער ניי-פּראָיעקטירטער יודישער צייטונג. דערצו האָט נאָך קאָוונער גע-טענ'עט פאַר דער רעגירונג, אַז צוויי יודישע צייטונגען זענען וועניג, און ס'איז נויטיג אַ דריטע יודישע צייטונג פאַר ליטע בעזונדער. דער-ביי האָט קאָוונער אָנגעוואונקען, אַז די יודישע צייטונג פאַר די ליטווישע יודען דאַרף ערשיינען אין ווילנא אונטער דער רעדאַקציע פון אַייזיק מאיר דיק, „וועלכער שרייבט שענע און נוצליכע ערצעהלונגען פאַר דער מאַסע“.

צעדערבוים איז געווען דער ערשטער אין רוסלאַנד, וואָס האָט פער-שטאַנען, אַז ווירקען אויף דער יודישער מאַסע איז מעגליך נאָר אין איהר מוטער-שפּראַך, אין יודיש. אַ ביסעל האָט דאָס איהם בעוויזען די פּראַקטיק אויך. שוין באַלד דריי יאָהר, אַז ער האָט אַרויסגעגעבען דעם „המליץ“, און פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער נאָך אַפילו קיין 500 אַבאָנענטען ניט איינגעבראַכט. ס'איז שוין אַפילו דעמאָלט דער ווילנער „הכרמל“ אויך געווען, אָבער ביידע העברעאישע צייטונגען צוזאַמען האָ-בען נאָך קיין גאַנצע טויזענד אַבאָנענטען ניט געהאַט. 1000 אַבאָנענ- צווישען מיליאָנען יודען! אַט דאָס האָט אַרויסגעבראַכט צעדערבוים'ען אויפ'ן געדאַנק צו פּרובען זיך שאַפען אַ גרעסערן לעזע-פּובליקום דורך יודיש, און ער האָט געגרינדעט דעם „קול מבשר“.

צוטרעטענדיג צום „קול מבשר“, האָט נאָך אָבער צעדערבוים ניט דערוועגט זיך אַרויסצוזאָגען מיט אַ פולען מויל, אַז ער קומט דאָ עפּיס איפּטון פאַר דער פּאָלקס-שפּראַך. אויף דעם האָט ער נאָך ניט גע-האַט קיין דרייסטקייט. ער האָט אַליין גערעדט וועגען דער „פּראָסטער שפּראַך“, וועגען דער „המון-שפּראַך“. דערמיט האָט ער זיך נאָך אָבער ניט בעגענוגט, און אין נומער 18 פונ'ם „קול מבשר“ (ערשטער יאָהר-גאַנג) געפינט ער פאַר נויטיג מודיע צו זיין אין אַ בעזונדער הערה, אַז ער האַלט חלילה ניט דעם זשאַרגאָן פאַר אַ וואָסער עס איז בכבוד'ער שפּראַך, ווי די איבעריגע שפּראַכען. אין אַן אַנדער אָרט געפינען מיר ביי צעדערבוים'ען אַן מיינונג, אַז דער זשאַרגאָן איז נאָר אַן איבערגאַנגס-שפּראַך, אַ שפּראַך אויף אַ ווײלע, אַ שלענדעריאַן, פון וועלכען מ'וועט אין גיכען פטור ווערען. דאָס איז אָבער ניט געווען זיין גלייבען; ער האָט דאָס נאָר געזאָגט פון יוצא וועגען. און מ'האָט בעדאַרפט קענען צעדערבוים'ען מיט דער צעדערבוימישער פּסיכאָלאָגיע, כדי צו פערשטעהן, אַז דאָס האָט ער געוואָלט יוצא זיין ניט פאַר די חסידים פון דייטש

און פון רוסיש, נאָר פאַר די העבראַאיסטען, פאַר די לעזער פון „המליץ“, וואָס דער „קול מבשר“ האָט זיי געדאַרפט דינען פאַר אַן אומזיסטער פּרעמיע, פאַר אַ צוציהונגס-קראַפט. דאָס איז אויך די סיבה, וואָס אין די ערשטע נומערן האָבען זיך דאָס רוב אַרטיקלען פונ׳ם „קול מבשר“ אָנגערופען מיט העברעאישע נעמען. אָבער ווי געזאָגט, איז דאָס אַלץ געווען נאָר די ערשטע צייט. פון נומער צו נומער איז צעדערבוים דרייס-טער און זיכערער געוואָרען אין זיין מיינונג וועגען זשאַרגאָן און האָט דאָס בכלל גענומען רופען נאָר יודיש און יודיש.

צעדערבוים איז ניט געווען פון דעם סוג מענשען, וואָס, צוטרע-טענדיג צו אַ וועלכער עס איז אונטערנעמונג, זענען זיי זיך אַליין פריי-הער בודק, צי טויגען זיי און פאַסען דערצו לויט זייערע קענטנישען און פעהיגקייטען. זיין לאָגיק איז געווען, אַז קיים איז ער אַ רעדאַקטאָר פון אַ העברעאישער ציימונג, טאָ ווי אַזוי זאָל ער דאָס ניט קאָ-נען זיין קיין רעדאַקטאָר פון אַ יודישער צייטונג? אין אמת׳ן האָט אָבער צעדערבוים ווייניג וואָס געפאַסט צו רעדאַקטירען אַ יודיש בלאַט. וואָרום בעת ער האָט העברעאיש יאָ געקאָנט שרייבען, לויט די דעמאָל-טיגע השגות געוועהנטליך, האָט ער יודיש לגמרי ניט געקאָנט שרייבען. ה׳ ציגבערג האָט אַ צו גרויסען שפּרונג געגעבען, כאַפּענדיג באַלד רע-דען מיט התפּעלות, ווי שען די יודישע שפּראַך האָט זיך ענטוויקעלט אינ׳ם „קול מבשר“. ער האָט ניט גענומען אין אַכט, אַז אַ גאַנץ היבש ביסעל צייט, בעת צעדערבוים אַליין האָט אונטער פערשיידענע פּסעוו-דאָנימען אויסגעפילט כמעט דאָס גאַנצע בלאַט, איז דער לשון פונ׳ם „קול מבשר“ געווען אַ צעבראָכענער און אַ צעקאַליעטשעטער, אַ מין קידערוועלש פון מלך סאָביעסקי׳ס צייטען. און ס׳איז גאָר קיין וואונדער ניט. צעדערבוים האָט אַנדערש ניט געקאָנט שרייבען. אַליין אַ געבאָרענער אין גרויס-פּוילין (זאַמאָשץ, לובלינער גובערניע), וואו ער האָט פער-בראַכט, ביז ער איז אַראָב פון שווערהרס קעסט; דערנאָך אַ תושב פון וויפיעל יאָהרען אין אָדעס, וואו יודען האָבען נאָך דאַן ניט גערעדט דעם פיינעם, זאַפטיגען וואָלינישען יודיש, נאָר אַ מישמאַש פונ׳ם וואָ-לינער יודיש מיט׳ן גאַליציאַנער דיאַלעקט (אַ ירושה פון בראָד); דערצו איז נאָך די אומגאַנגס-שפּראַך אין צעדערבוימס הויז געווען דייטש (די השפּעה פונ׳ם דייטשען איידים ד״ר גאָלדענבלום), — דאָס אַלץ צו-זאַמען האָט גורם געווען, אַז ביי צעדערבוים׳ען האָט זיך אויסגעאַרבייט זעהר אַ פערדאָרבענער יודישער סטיל, וואָס האָט פּשוט געגרילצט אין די אויערן און אָפט געווען העכסט אומפערשטענדליך. די יודישע שפּראַך האָט זיך אָנגעהויבען צו ענטוויקלען אין „קול מבשר“ אין אַ צייט אַרום,

# די יודישע וועלט.

בעת צעדערבוים האט איפגעהערט צו זיין געצוואונגען אנצופילען דאס גאנצע בלאט דורכאויס נאר מיט זיינע אייגענע „שאפונגען“, און איבערהויפט זינט ס'האבען זיך ארום איהם גענומען גרופירען וואלינער שרייבער, און צווישען זיי אזעלכע סטיליסטען, ווי אבראמאוויטש, לינעצקי און אנדערע. אין מיין ארטיקעל „צו דער געשיכטע פון דער העברעאישער פרעסע“ („העולם“ 1912—1913) האב איך, רעדענדיג וועגען צעדערבוים'ען, אנגעוויזען אויף דעם פאקט, אז זיינע שטענדיגע גוטע רעדאקציאנעלע מיטארבייטער האבען געווירקט אויף דער ענטוויקלונג פון זיין העברעאישען סטיל. דאס אייגענע איז אויך געווען מיט זיין יודיש. אונטער דעם איינפלוס פון זיינע וואלינער מיטארבייטער האט ער אנגעהויבען צו שרייבען אליין בעסער און בעסער יודיש. מיט דער צייט האט ער אליין אויסגעארבייט אן אלגעמיינע שטענדיגע ארטאגראפיע פאר די שרייבער פונ'ם „קול מבשר“, האט גענומען אגיטירען פאר דער נויטיגקייט פון א יודישער גראמאטיק און אנדערע לעהר-ביכער און פארשלאגען, ווי זיין שטייגער איז געווען, פערשיידענע פלענער, ווי אזוי און וואס און ווען. כאראקטעריסטיש פאר צעדערבוים'ען איז דער פאקט, וואס ביי פערשיידענע געלעגענהייטען האט ער זיך געסטארעט אריבערצוטראגען די דאזיגע ספעציעל „זשארגאנישע“ פראגע אויך אין דעם העברעאישען „המליץ“. דאס איז געווען, בעת ער האט שוין די פאהן פון יודיש געטראגען הויך און שטאלץ.

ביי איינער פון די דאזיגע געלעגענהייטען איז געקומען צו א מיינונגס-פערשיידענהייט צווישען צעדערבוים'ען מיט ס מ א ל ע נ ס ק י' נ' ע ן. דאס איז געווען נאך, געוועהנטליך, אסך פריהער, איידער ס'האט זיך פון סמאלענסקי'נ'ס פעדער ארויסגעכאפט אין „השחר“ די אומגעלומפערטע פראזע: „א מענש א משכיל און שרייבט זשארגאן איז ווי צוויי קאנטראסטען אין א י י ן סוביעקט“ („משכיל וכותב בשפת ז'ארגון הם שני הפכים בנושא אחד“). דאן איז נאך דעם צוקינפטיגען רעדאקטאר פון „השחר“ אנגעשטאנען אריינצולאזען זיך מיט צעדערבוים'ען אין א מחלוקת וועגען דעם ליטווישען און דעם פוילישען יודיש. סמאלענסקי'נ'ען איז מעהר געווען געפעלען דער ליטווישער יודיש איבער פערשיידענע טעמים, און בעזונדערס איבער דעם, וואס ער טומעלט זיך ניט מיט דריי געשלעכטען און בענוגט זיך מיט מענליך און ווייבליך אליין, בעת דער פוילישער זשארגאן בענוצט אויך דעם דריטען געשלעכט („דאס“) און געברויכט עם דאס רוב ניט ריכטיג. סמאלענסקין האט געהאלטען, למשל, מיט דעם ליטוואק, וואס זאגט: „ד ע ר י ו נ ג ע ל“, „ד י מיידעל“ און ניט מיט דעם

ש. ל. ציטראָן. — וועגן „קול מבשר״.

פּוילישען יודען, וואָס זאָגט: „דאָס יונגעל״ און „דאָס מיידעל״, און צעדערבוים האָט געהאַלטען פּונקט פֿערקעהרט.

איך האַלט דעם ה׳ צינבערג פֿאַר אַ צו ערנסטען ליטעראַטור-היסטאָריקער, אַז איך זאָל בּיי זיך פּועל׳ן אַפילו אַ טראַכט צו טון, אַז שרייבענדיג וועגען די ערשטע יאָהרען פֿון „קול מבשר״ און צוגלייכענדיג זיי צו די ערשטע יאָהרען פֿונ׳ם „המליץ״, האָט ער פֿריהער ניט געפֿונען פֿאַר נויטיג זיך גענוי צו בּעקענען מיט׳ן אינהאַלט פֿון די דאָזיגע בּיידע צייטונגען פֿאַר דערזועלבער צייט. איך מוז אָבער בּעמערקען, אַז ס׳איז זעהר ניט ריכטיג, וואָס ער זאָגט, אַז „בּכלל איז לויט דעם אינהאַלט דער „קול מבשר״ די ערשטע צייט געווען זעהר עהנליך צו זיין עלטערן בּרודער — דעם „המליץ״ („יודישע וועלט״, יאַנואַר, זייט 97). דער „המליץ״ מיט׳ן „קול מבשר זענען אין אָנהויב לא די וואָס ניט געווען עהנליך איינער צום צווייטען, נאָר געווען ממש, ווי פֿייער און וואַסער. בּיים ערשטען אַרויסטריט פֿונ׳ם „המליץ״ האָט מען שוין געקאָנט זעהן, וואָס ער קומט דאָ איפּצוטון און וואָס ער וויל, וויל דער דאָזיגער ווילען האָט זיך בּאַלד גענומען אויסדריקען אין לייט-אַרטיקלען און סתם אַרטיקלען, געשריבּען דאָס רוב פֿון צעדערבוים׳ען אַליין און אויך פֿון אַנדערע שרייבּער; בּיים „המליצ״׳ס ערשטען אַרויסטריט האָט מען שוין געקאָנט אַרויסזעהן, אַז ער סטאַרעט זיך, צום ווייניגסטען, אָנצונעמען אַ פּראָגרעסיווע ריכטונג; אינ׳ם „המליץ״ האָט מען תיכף אָנגעהויבּען צו פֿיהלען דעם בּלאָזען פֿון נייע, בּיז אַהער אומבּעקאַנטע ווינטען; אינ׳ם „המליץ״ האָט מען בּאַלד גענומען הערען אַן אָפּקלאַנג פֿון אַ פֿרייען וואָרט. אין „קול מבשר״ אָבער איז לכתחלה פֿון די אַלע זאַכען אַפילו קיין זכר ניט געווען. דער פּובּליציסטישער טייל האָט אין איהם לגמרי געפֿעהלט. און דאָס איז ניט וויל צעדערבוים האָט ניט געהאַט וועגען וואָס צו רעדען מיט די לעזער פֿון „קול מבשר״, וויל ס׳האָט איהם געפֿעהלט שטאָף צו זיינע יודישע אַרטיקלען, נאָר דערפֿאַר, וואָס ער האָט די ערשטע צייט בּשום אופֿן ניט געקאָנט כאַפּען דעם שניט פֿון דער „זשאַרגאָנישער״ פּובּליציסטיק. מיט גרויס האַרץ-קלאַפּעניש איז צעדערבוים צוגעגאַנגען צו זיין נייער, „פּראָסטער״ — לויט זיין אויסדרוק — אידיטאָריע, מיט שרעק פֿאַר אַן איבּעריגען וואָרט, וואָס קאָן בּרענגען שאָדען, פֿאַר אַן איבּעריגער עצה, וואָס קאָן ווערען געפֿעהרליך. אָט דאָס האָט גורם געווען צו דער בּלאַסקייט, צו דער אָפּגעשטאָרבּענער פֿיזיאָנאָמיע פֿון „קול מבשר״. איך ווייס ניט, וועלכע זענען דאָס די „פּאָפּולער-וויסענשאַפֿטליכע אַרטיקלען וועגען יודישער געשיכטע, וועגען פּעדאַגאָגיק און ערציהונג און איבּערהויפּט וועגן נאַטור-וויסענשאַפֿ-

טען", וואָס דער ה' צינבערג האָט געפונען אין די ערשטע נומערן פון „קול מבשר". איך ווייס נאָר, אַז אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געדרוקט ניט נאָר אין די ערשטע נומערן, נאָר אין גאַנצען ערשטען יאָהר־גאַנג פונ'ם „קול־מבשר", איז געווען געשמאַקלויז און טויט אָהן אַ וואָסער עס איז ליטעראַרישען ווערט. אַפילו די נייס און פּאָליטיק פון „קול מבשר" זענען איבגעשטעלט געוואָרען אומגעלומפּערט, און די פון דייטש איבערגעזעצטע ערצעהלונגען האָבען געהאַט אַ נאָכגעשמאַק פון אַ „בבא־מעשה" און אַ „צענטוריע ווענטוריע".

און אַפילו אין די שפּעטערדיגע יאָהרען, בעת דער „קול מבשר" איז שוין אַרויס פון דער עפּאָכע פון „ווענטטאַפּעניש" און האָט שוין געפונען זיין ריכטיגען וועג, דעם וועג פון אַ פּראָגרעסיווער צייטונג, אַפילו דאַן איז ער געבליבען פיעל קאָנסערוואַטיווער פונ'ם „המליץ". דער „קול מבשר" איז געווען לעבעדיגער, ריהרעוודיגער, וויציגער און דעריבער איך אינטערעסאַנטער פאַר'ן „המליץ", איהם זענען אָבער שטענדיג פרעמד געבליבען יענע איבערקעהרעניש־שטרעבונגען מיט יענער הכעניש פון נייע ווערטען, וואָס האָבען געפונען זייער שאַרפסטען אויסדרוק אין „המליץ". די גרויסע רעפאָרם־בעוועגונג („תקונים בדת") מיט דעם מעכטיגען קאַמף קעגען די פינסטערע, פערשטיינערטע רבנים האָבען זיך אָפּגעשפּיגעלט נאָר אין „המליץ". דער „קול מבשר" האָט די אַלע מעשׂיות אינגאַנצען פערשוויגען. דער „קול מבשר" איז געווען פערטאָן נאָר מיט'ן הסידיזם, און אין דעם איך גאָר ניט קאָנסעקווענט, גאָר ניט אויסגעהאַלטען: דאָ מיט איהם מלחמה געהאַלטען, און דאָ איהם אַ קרענציל געפלאָכטען...

און נאָך אַלעצטע בעמערקונג.

אין אָנהויב פון יאָהר 1871 איז צעדערבוים אַריבערגעפאָהרען פון אָדעס קיין פּעטערבורג און האָט אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען דאָרטען זיין „המליץ" מיט אַ וועכענטליכער רוסישער צייטונג „וועסטניק רוסקיך יעווריעוו". איך אַריבערנעמען דעם „קול מבשר" אין פּעטערבורג האָט ער נאָך דערוויילע קיין ערלויבעניש ניט געהאַט, און ער האָט איהם געמוזט איבערלאָזען אין אָדעס „אויף פרעמדע הענד". דער דאָזיגער „פרעמדער", וואָס איך איהם האָט צעדערבוים איבערגעלאָזען דעם „קול מבשר", איז געווען דער בעוואוסטער העבראַאישער שריפטשטעלער משה ליב ליליענבלום. מען בעדאַרף מעהר ניט, ווי דורכבלעטערן דעם לעצטען יאָהרגאַנג „קול מבשר", וואָס אונטער ליליענבלומ'ס רעדאַקציע, כדי צו איבערצייגען זיך תיכף, איך וויפיעל ער צייכענט זיך אויס פון דעם ביז אַהעריגען „קול מבשר". דער דעמאָלט נאָך גאַנץ יונגער לי־ 60

ליענבלום האָט זיך איבערגעגעבן צו דער אַרבייט אין „קול מבשר" מיט זיין גאַנצען פּובליציסטישען טאַלאַנט און אידעאַליסטישער בעגייסטערונג. פיהלענדיג זיך פריי פון צעדערבוים׳ס השגחה, האָט ער באַלד אינגאַנצען איבערגעאַנדערשט דעם בלאַט. ס׳האָבען זיך געפעהלט די גלות־לאַנגע וואַסערדיגע צעדערבוימישע לייט־אַרטיקלען, עס זענען פערשוואונדען געוואָרען זיינע בייזיגע הערות, און ס׳האָבען זיך גענומען דרוקען קורצע, זאַפטיגע אַרטיקלען איבער וויכטיגע צייט־פראַגען. אויך אין די איבעריגע אָפּטיילונגען פון „קול מבשר" זענען געמאַכט געוואָרען דורך ליליענבלומען ראַדיקאַלע שינויים. דער גאַנצער טאָן פון „קול מבשר" איז געוואָרען אַ ביסעלע איפגעהויבענער, אַ ביסעלע שאַרפער, קעגען גבירים, קעגען מנהיגים... צו די ביזאַהעריגע וואָלינער מיטאַרבייטער האָט ליליענבלום צוגעצויגען צום „ק.־מ." ליטעראַרישע קרעפטען פון ליטע. אויף ליליענבלומ׳ס איינלאַדונג האָבען אָנגעהויבען צו אַרבייטען אין „קול מבשר" דער בעריהמטער העברעאישער פּאָעט יהודה ליב גאָרדאָן (זיין פעליעטאָן אין פערזען „דער קהל׳שער אינדיק" האָט איפגערודערט גאַנץ ליטע דורך זיינע רמזים), דער טאַלאַנטפולער סאַטיריקער ישראל בערנשטיין, וועלכער האָט געשריבען אונטער דעם פּסעוודאָנים „שלשים בר יענטע", דער מחבר פונ׳ם „המפתח", שאַצקעס, וואָס איז שפּעטער אַזוי פּאָפּולער געוואָרען. דורך זיין „ידישען פאַר פסח", און אַנדערע.

אָבער צי פון קנאה, צי וויל דער טאָן איז ביי איהם צו שטאַרק איבערגעקומען, אָדער איבער אַנדערע סיבות — ווי די זאַך זאָל ניט זיין: צעדערבוים איז פון ליליענבלומ׳ס „קול מבשר" זעהר ניט צופרידען געווען און האָט זיין ניט־צופרידענהייט איסגעדריקט אין „המליץ". די „פרעמדע הענד" — אַזוי האָט ער געשריבען — האָבען איהם איבערגעפיהרט דעם „קול מבשר"....

איז געקומען ה׳ ציננבערג, דער היסטאָריקער פונ׳ם „קול מבשר", און פּאָטאַקעוועט צעדערבוים׳ען און זאָגט איהם נאָך כמעט וואָרט ביי וואָרט:

„ביי די אומשטאַנדען (ד. ה. אָהן צעדערבוימ׳ען) האָט דער „קול מבשר" שוין געקאָנט האָבען אַ קנאַפּע השפעה. אמת, דער הויפּט־מיטאַרבייטער איז געווען דער בעוואוסטער העברעאישער פּובליציסט משה ליב ליליענבלום, דאָך האָט די בעדייטונג פון „קול מבשר" אָנגעהויבען פאַלען".

דאָס איז אָבער היסטאָריש פאַלש...

ב. צינבערג.

# מיין ענטפער.

ה' ציטראָנ'ס אַרטיקעל צווינגט מיך נאָך אַמאָל צו בערידרען דיזעלביגע טעמע: דער „קול מבשר“ און זיין צייט.

ה' ציטראָן איז פעסט איבערצייגט, „אַז דער קאַמף, וואָס האָט איס.געבראָכען אָנהויב די זעכציגער יאָהרען פאַר אַן קעגען יודיש, איז לכתחילה געווען אַ ריין פעדאַגאָגיש-ערציהערישער, אָהן אַ שום שייכות צו עפּים אַנדערש“. די דאָזיגע בעהויפּטונג איז אָבער צו איינזייטיג און זי גיט אַ ניט-ריכטיגען בעגריף וועגען דעם דאָזיגען קולטורעלן קאַמף איך האָב אין מיין אַרטיקעל שוין אָנגעוויזען, ווי אַזוי די מלחמה קעגען יודיש האָט זיך אָנגעהויבען, און האָט זיך געמוזט אָנהויבען, צוזאַמען מיט דער איפקלערונגס-בעוועגונג. מיט אָט דער מלחמה איז מען, נאַטירליך, אויסען געווען ניט נאָר „פעדאַגאָגיש-ערציהערישע“ צוועקען. שוין אין דער צווייטער העלפט פון די פופציגער יאָהרען, ווי נאָר יודישע אינטעליגענטען האָבען אָנגעהויבען צו טראַכטען וועגען גרינדען אַ ספּעציעלע ציטונג פאַר יודען, איז גלייך אַרויפגעשוואומען די „זשאַרגאָן-פראַגע“. בעת יוסף ראַבינאָוויץ און טאַרנאָפּאָל האָבען אין יאָהר 1856 דערלאַנגט פּיראָגאָו'ן אַ בעטשריפט, מען זאָל זיי ערלויבען אַרויסצוגעבען אַ יודישע ציטונג אויף רוסיש, האָבען זיי אין דער דאָזיגער בקשה געהאַלטען פאַר נויטיג אונטערצושטרייכען, אַז איינע פון די גרעסטע מניעות, וואָס פערשטעלען יודען דעם וועג צו בילדונג, איז דער „פערדאָרבענער זשאַרגאָן (испорченый жаргонъ) אויף וועלכען עס רעדען די רוסישע יודען“. און פּיראָגאָוו האָט טאַקע מסכים געווען מיט ראַבינאָוויצ'ן און טאַרנאָפּאָל'ן, אַז דער זשאַרגאָן איז שעדליך, און בעת ליפּשיץ האָט אין יאָהר 1861 געוואָלט גרינדען אַ ציי-טונג אין יודיש, האָט פּיראָגאָוו „ניט געפונען פאַר נוצליך צו אונ-טערשטיצען דעם דאָזיגען לעבערליכען דיאַלעקט“. אַז שפּעטער מיט אַ יאָהר האָבען אין וואַרשע אָנגעהויבען אַרויסצוגעהן דער „הצפירה“ און די יודיש-פּוילישע ציטונג „Jutrzenka“, איז אין איינעם פון די ערשטע נומערן „הצפירה“ (№ 5) דער בעקאַנטער הלל נאָמבערג אַרויס מיט אַן אַרטיקעל, וואו ער איז זיך שטאַרק מתרעם אויף די, וואָס רעכענען, אַז מען דאַרף פאַר'ן המון אַרויסגעבען ציטונגען און בי-כער אין דער פאָלקס-שפּראַך, אָט אין דעם פערדאָרבענעם דיאַלעקט, וואָס איז נאַקעט און בלויז, האָט נישט קיין געשטאַלט און קיין

פנים", אַז עס איז ממש אַ בושה, בעת דאָס לאַנדס־פאָלק הערט, ווי יודען „פישטשען" (ישמעו שריקתם) אויף זייער „מיש־מאַש־שפּראַך".

איך קאָן מיך דאָ לײדער ניט לענגער אויפהאַלטען אויף דעם דאָזיגען אינטערעסאַנטען עפּיזאָד פון אונזער קולטור־געשיכטע, און גײה איבער צו ה' ציטראָנ'ס בעהויפּטונג, אַז איך אין מיין אַרטיקעל „האָב אַ צו גרויסען שפּרונג געגעבען, כאַפּענדיג באַלד רעדען מיט התפּעלות, ווי שען די יודישע שפּראַך האָט זיך ענטוויקעלט אינ'ם „קול מבשר". זאָל מיר ה' ציטראָן מוחל זיין, נאָר זיין בעהויפּטונג איז ניט גאַנץ ריכטיג. איך זאָג דאָך אין מיין אַרטיקעל בפירוש („די יודישע וועלט", II, 83—4), אַז די שפּראַך פון „קול מבשר" האָט זיך אָנגעהויבען ליטעראַריש צו ענטוויקלען אונטער דער ווירקונג פון אַבראַמאָוויטש'ן, לי־נעצקי'ן און זייערע נאָכפאָלגער, אַלזאָ, ערשט אין די שפּעטער־היגע יאָהרען. אין טאַקע אין מיין אַרטיקעל (דאָרט, I, 96) ברענג איך אויך די ערקלערונג פון צעדערבוים'ען גופא, ווי שווער עס איז איהם לכתחילה אָנגעקומען אַרויסגעבען אַ צייטונג אויף יודיש. נאָר אַפילו אין דער ערשטער צייט האָט דאָך דער „קול מבשר" שוין געהאַט די גרויסע מעלה, וואָס ער האָט זיך געפלייסט זיין שפּראַך זאָל זיין פּראָסט, איינפאַך, אָהן דייטשמעריש, אַז יעדע מאַרק־יודינע זאָל איהם קאָנען פערשטעהן.

נאָך מעהר איז זיך ה' ציטראָן אויף מיר מתרעם, פאַרוואָס איך שרייב, אַז די ערשטע צייט איז דער „קול מבשר" געווען ענליך צו זיין עלטערן ברודער — דעם „המליץ". הער ה' ציטראָן זעהט אין דעם אַ שטיקעל פּחיתת־הכּבוד פאַר'ן „המליץ", און, ווי עס איז צו בעמער־קען אין ה' ציטראָנ'ס עטוואָס אויפגערעגטען טאָן, איז ער מיך חושד, אַז איך, אַלס יודישיסט, פליים דאָ מיך צו פערקלענערן די בעדייטונג פון העברעאישען „המליץ". דער ה' ציטראָן האָט אָבער אַ טעות. און דער טעות נעמט זיך פּשוט דערפון, וואָס ער בעמערקט נישט, ווי גרויס און בעדייטענד ס'איז דער מהלך צווישען דעם „המליץ" פון די ערשטע דריי־פיער יאָהר בערך, און דעם „המליץ" פון סוף די זעכציגער יאָהרען. איך האָב אין מיין אַרטיקעל אָנגעוויזען, וואָס פאַר אַ גרויסע שינויים עס זענען פאָרגעגאַנגען אין יודישען קולטו־רעלען לעבען אין מיטען די זעכציגער יאָהרען. און אָט די דאָזיגע שינויים האָבען טאַקע גורם געווען, אַז דער „המליץ" איז ווירקליך געוואָרען אַ פּראָגרעסיווע צייטונג; די פערשטאַרקטע אויפקלערונגס־בעוועגונג האָט מיט זיך דעם „המליץ" מיטגעריסען, זי האָט איהם אין אַ געוויסען פּרט געמאַכט פאַר איהר „מליץ", פאַר איהר פּאַרטיי־אָרגאַן. ניט ריכטיג איז

אָבער ה׳ ציטראָנ׳ס בעהויפּטונג, אַז שוין „בּיים ערשטען אַרויסטריט פונ׳ם „המליץ״, האָט מען שוין געקאָנט זעהן, וואָס ער קומט דאָ אויפצוטון און וואָס ער וויל... אַז אינ׳ם „המליץ״ האָט מען תיכף אָנגעהויבּען צו פיהלען דאָס בּלאָזען פון נייע, בּיז אַהער אומבּעקאַנטע ווינטען; אינ׳ם „המליץ״ האָט מען בּאַלד געצומען הערען אַן אָפּקלאַנג פון אַ פרייען וואָרט“. עס איז גענוג דורכצולייענען צעדערבּוימ׳ס פּראָגראַם=אַרטיקעל אין דעם ערשטען נומער „המליץ״, מען זאָל בּילד אַרויסזעהן, אַז צעדערבּוים, וואָס האָט אין די שפּעטערדיגע יאָהרען יאָ אַרויסגעוויזען אַ חוש פון אַן אמת׳ן פּובּליציסט, האָט נאָך דעמאָלט קיין שום השגה ניט געהאַט, וואָס פאַר אַן אויפגאַבּען אַ צייטונג דאַרף זיך שטעלען. אין דעם דאָזיגען בּרחניש=אומגעלומפּערטען אַרטיקעל בּעווייזט דער רעדאַקטאָר אַ קונץ אין רעכענט אַלע סדרות פון חומש, מאַכט אַ מיש=מאַש פון כל המינים, און עס איז ממש אוממעגליך אַרויסצובּעקומען ניט נאָר אַן „אָפּקלאַנג פון אַ פרייען וואָרט“. נאָר אַפילו פון עפּיס אַ פערנעפּעלטען געדאַנק. אמת, אין דעמזעלבּיגען נומער איז אָבּגעדרוקט אַ צווייטער אַרטיקעל, און וועלכען מען קאָן יאָ געפינען עפּיס אַן אָפּקלאַנג פון אַ מעהר אָדער וועניגער אייראָפּעאישען געדאַנק, נאָר דער דאָזיגער אַרטיקעל איז געשריבּען דוקא ניט אין העבּרעאיש, און האָט צום העבּרעאישען „המליץ״ אַ קנאַפּע שייכות: דאָס איז דער דייטשער אַרטיקעל פון ד״ר גאָלדענבּלום „דער צייטגייסט און דאָס יודענטום“. איין אויפגאַבּע האָט זיך דער „המליץ״ אַפילו יאָ געשטעלט שאַרף און בּעשטימט פון אָנהויבּ אָן: „זיין אַ פערמיטלער צווישען דעם יודישען פאָלק און דער רעגירונג“. דער דאָזיגער טיפּיש משכּילישער געדאַנק האָט זיך אָבער די ערשטע יאָהרען אַנטפּלעקט אין אַזויגע קינדיש=נאַאיווע און העכּסט פּרימיטיווע פאָרמען, אַז מען קאָן דאָ רעדען וועגען אַליץ, וואָס איהר ווילט, אָבער ניט וועגען „בּלאָזען פון נייע בּיז אַהער אומבּעקאַנטע ווינטען“. די ווינטען זענען דוקא שוין לאַנג בּעקאַנט געווען. און ערשט אין דער צווייטער העלפט פון די זעכציגער יאָהרען איז דער פּאַרבּליזער און בּלוטאָרימער „המליץ״ געוואָרען אַן איש מלחמה, אַ קולטור=קעמפער, דער נושא הדגל פון דער השכּלה. דער ה׳ ציטראָן שטרייכט דערבּיי אונטער מיט נצחון. אַז אין סוף פון די זעכציגער יאָהרען, איז דער „המליץ״ ניט אין אַן ערך פּראָגרעסיווער געווען, ווי דער „קול מבשר“, און אַלס בּעסטער בּעווייז דיענט דעם ה׳ ציטראָן די רעפאָרם=בּעוועגונג (תקונים בדת). וואָס פאַר זיי האָט דער „המליץ״ ממש מרעיש עולמות געווען, און דעם „קול מבשר“ אָבער האָט זי כמעט קיין שום אָפּקלאַנג ניט געפונען. און

אַט טאַקע דער פּרט, וואָס ה׳ ציטראָן שטרייכט אַזוי אונטער, בעווייזט בולט׳ער ווי אַלץ, אַז דער געעהרטער ה׳ ציטראָן און איך שטעהען אויף גאַנץ פערשיידענע שטאַנדפּונקטען. דערין, וואָס ה׳ ציטראָן זעהט דעם „קול מבשר׳ס" חסרון, זעה איך דוקא זיין גרויסע מעלה. דער „קול מבשר" איז געווען אַ פאָלקס־צייטונג, און די רעפאָרם־בעוועגונג — אויסשליסליך אַן אינטעליגענטען־בעוועגונג. ניט דאָס פאָלק, ניט די פּשוט׳ע מאַסע האָט געפיהלט אויף זיך די שווערע לאַסט פונ׳ם שולחן־ערוך; זי, די מאַסע, האָט די דאָזיגע לאַסט אָנגענומען באהבה און מיט ליעב און לעבען געווען איבערגעגעבען אַט די אַלע מנהגים, וואָס די פּוסקים אחרונים האָבען מיט זייער אויטאָריטעט געשטיצט. די פאָלקס־מאַסע האָט זיך דעמאָלט פיעל מעהר געניטיגט אין אַנדערע תקונים, און נאָך דער רעפאָרמירונג פונ׳ם עקאָנאָמיש־געזעלשאַפטליכען לעבען וואָלטען שוין במילא מיט דער צייט די רעליגיעזע מנהגים ביסלעכווייז אויך רעפאָרמירט און אומגעביטען געוואָרען, ווי עס האָט שוין דערויף אין יענער צייט ריכטיג אָנגעוויזען דער ניט לאַנג פערשטאָרבענער מיכל פינס טאַקע אין „המליץ" גופא. פאַר דער אינטעליגענץ אָבער, פאַר די דעמאָלטיגע משכּילים ביי זייער שטורמישען דראַנג צו אייראָפּעאישע לעבענספאָרמען, איז דער שולחן ערוך ווירקליך געווען אַ שווערע לאַסט; פאַר זיי, וואָס האָבען זיך גייסטיג שוין „רעפאָרמירט" פון פיעל רעליגיעזע מנהגים, וואָס זענען זיי געשטאַנען אין וועג — פאַר זיי איז טאַקע די רעפאָרם־פראַגע געווען, אויב נישט אַ לעבענס־פראַגע, דאָך ווענינגסטענס אַ בעפרייאונגס־פראַגע. זיי האָבען מיט גרויס התלהבות געקעמפט קעגען דעם שולחן ערוך, ווייל זיי האָבען אין דעם דאָזיגען קאַמף געזעהן דעם סימבאָל פון זעלבסט־בעפרייאונג, פון שטרעבונג צו נייע, פרייערע לעבענספאָרמען. אַט טאַקע דערפאַר האָט די מלחמה פאַר תקונים בדת געהאַט אַ דין אינ׳ם אָרגאַן פון די משכּילים, אינ׳ם „המליץ"; אינ׳ם פאָלקסטימליכען „קול מבשר" אָבער איז פאַר איהר גאָר קיין אָרט ניט געווען.

אין איין פּונקט בין איך גערן מסכים מיט ה׳ ציטראָן: בנוגע צום אונטערגאַנג פונ׳ם „קול מבשר". די אמת׳ע סיבות, פאַרוואָס צעדערבוים האָט סוף 1871, בעת דער „המליץ" איז אויף אַ שטיק צייט אַנטשוויגען געוואָרען, בעשלאָסען דעם „קול מבשר" אונטערצוברעכען — זענען מיר געבליבען אומבעקאַנט. דער פערשטאָרבענער ליליענבלום איז, נאַטירליך, געווען אַ גאַנץ טיכטיגער רעדאַקטאָר, נאָר אויף צו פיהרען מיט מאַטעריעלן ערפאָלג אַ צייטונג, דאַרף מען חוץ לזה זיין אויך אַ פעהיגער אַדמיניסטראַטאָר, און טאַקע פּשוט אַ געשעפטס־מאַן. האָב

## די יודישע וועלט.

איך דערפאַר גערעכענט, אַז דאָס אָבפאָהרען פונ'ם פראַקטישען צע-
דערבוים פון אָדעס, איז געווען די הויפּט-סיבה, וואָס דער „קול מבשר"
איז מעהר נישט געווען בכח זיך לאַנג צו האַלטען. דער ה' ציטראָן
איז אָבער ביי מיר אַ בעל סמכא, און איך בין גערן מסכים מיט זיין
השערה, אַז ביים שליסען דעם „קול מבשר" האָבען אַ געוויסע ראָלע גע-
שפּיעלט איך פערזענליכע פניות.

ד ר נתן בירנבוים.

# פון מערב.

II

די „געמישטע זווגים“ ביי יודען — אַ פערענטפערונג פון יודישען פראָבלעם, ביי נישט־יודען — אַ זעלבשטענדיגע פראַגע.

מיט אַ צייט צוריק איז אַרוים אין דער דייטשער שפּראַך אַ קליין ביכעל, וואָס האָט זיך אָנגערופען «Die Zukunft der Juden» („די צוקונפט פון די יודען“, פערלאַג דונקער און הומבלאָט, לייפּציג). און געווען איז עס אַ זאַמלונג פון ענטפערס פון בעוואוסטע פערזענליכקייטען אויף דער פראַגע, וויאַזוי זיי שטעלען זיך פאָר די צוקונפט פון יודען.

אַזוי ווי דאָס דאָזיגע ביכעל איז מכלומר'שט אַרוים מיט דער הסכמה פון פראָפ. זאָמבאַרט, האָט עס אָנגעמאַכט אַ גאַנצען רעש, וואָס עס האָט איהם דיכער נישט פערדיענט. צווישען אַלע ענטפערס זענען נישטאָ קיין דריי, וועלכע זאָלען זיך אויסצייכענען מיט טיעפקייט אָדער מיט אַ ביסעל בקיאות אין דעם ענין יוד; און ניט קיין ווייטערדיגע דריי, וועלכע זאָלען געבען אַ שטיקעל הסכמה אויף דעם קיום פון יודען און יודישקייט. און ווער שמועסט אָנערקענען פאַר אַ פאָלק מיט אייגענע תביעות צו זיך און צו דער וועלט, — דאָס קומט אַפילו קיין איין איינציגען אויפ'ן זינען ניט אַרויף. אויסגעשלאָסען און פערגעסען אַלצדינג, וואָס יודען, זענענדיג יודען, האָבען אויפגעטאָן פאַר דעם מענשליכען מין. אויסגעלאָשען און פערגעסען דאָס רעכט פון יעדער יחידי'ישער און פאָלקישער אינדיווידואַליטעט, זיך צו לעבען אויף דעם אייגענעם שטייגער און מקיים צו זיין די האָפענונגען, וואָס זענען בעהאַלטען אין דער אייגענער נשמה. אַפילו נישט אויסגעלאָשען, אָבער נאָר, ווייל קיינמאָל נאָך נישט געהאַט, דער מאָדערנער בעוואוסטזיין, אַז ס'איז מעגליך, יודען זאָלען נישט אַריינגעהן אין דעם פאָלק פון אַ לאַנד און פאָרט זיין היימישע און געטרייע מענשען אין דעם לאַנד... נאָר אפשר איז גאָר גוט אַזוי. מאַכט מען זיך כאָטש נישט קיין אילוזיעס, נאָר מען זעהט די לאַגע פון דער דייטשער און איבערהויפּט פון דער מערב'דיגער יודישקייט אַזוי, ווי זי איז. מען זעהט, ווי ס'ליגט אַן אויסגעצויגענע, אַן אויסגעטריקענטע, און אַרום איהר שטעהען די גוטע פריינד איהרע און קלייבען סימנים, ווען וועלען זיי שוין אַמאָל זוכה זיין, אַ נעם צו טון עס און ברענגען עס צו קבר עשו...

פערשטעהט זיך, אַז צווישען די דאָזיגע סימנים שפּיעלען אַ גרויסע

ראָליע די „געמישטע זווגים“. וואָס מעהר „געמישטע זווגים“, וואָס אָנגעלעגטער זיי ווערען ביי יודען און ביי גויים, אַליץ בעסער. פאַר קאָפּמענשען איז עס אַ פּשוטער חשבון, פאַר האַרצמענשען אַ מצוה, און אַזוי ווי ליטעראַטור ווערט אָנגעשריבען מיט'ן האַרץ און פאַר'ן האַרץ — אַזוי זאָגט מען — זענען „געמישטע“ פאָרלעך און „געמישטע“ פאָרפאָלקען געוואָרען אַ מצוה פאַר די ראָמאַנען און דראַמעס, וואָס פערנעמען זיך מעהר וועניגער מיט יודען. אָנגעהויבען האָט זיך עס אין די יונגע יאָהרען פון דער השכלה. די גאַנצע יודישע פּראָבלעם האָט זיך דאַן אַריינגעלעגט אין אַ „געמישט“ פּאָרעל. אָדער „ער“ איז אויסגעגאַנגען נאָך דער שענקייט פון יפת, וואָס ער האָט דוקא נאָר געפונען אין די בלאָנדע לאָקען פון זיין געליעבטער, אָדער „זי“ האָט אַוועקגעחלש'ט נאָך גויאיש פּריצישקייט. ממילא האָט זיך דעם גויאישען צד אויך עפּיס פערגלוסט נאָך יודישען חן אָדער נאָכ'ן יודישען ברען. און צום סוף האָט גאָט אָבער געהאָלפען, ס'איז טאַקע געווען אַ זווג, די יודישע פראַגע איז תיכף ומיד פערענטפערט געוואָרען. אָדער גאָט האָט נישט געהאָלפען, די נאַרישע אַלטע וועלט האָט נישט צוגעלאָזט — נו, איז וואָס? מאַכט זיך דאָך אויף דעם אַ נייע וועלט, וועט די פראַגע אַ ביסעלע שפּעטער פערענטפערט ווערען...

אַזוי איז דעמאָלט געווען דער אַלגעמיינער נוסח, און נאָר איין מאיר אהרן גאָלדשמידט אין זיין דענישען ראָמאַן „דער יוד“, וועגען וועלכען איך האָב שוין גערעדט אין מיין ערשטען אַרטיקעל „פון מערב“, האָט שוין מיט זיבעציג יאָהר צוריק געהאַט די דרייסטקייט אָבצוטיילען זיך פון צבור. דאָס הייסט, די גאַנצע יודישע פּראָבלעם געשטעלט אויף דעם „געמישטען זווג“ האָט ער אַפילו אויך, נאָר ער האָט כאָטש נישט געקליבען קיין האַנזיש נחת און נישט געכאַפּט קיין קלעבערנע התפּעלות. ער איז שוין דאַן דערגאַנגען — און אַליין עס איבערגעלעבט און איבערגעפיהלט, נישט געדרונגען עס פון טויטע שבל'דיגע פּראָגראַמעס — אַז לא זה הדרך, אַז געמישטע זווגים פערענטפערן נישט די שווערע אַלטע פראַגע, נאָר שטעלען אַדרבא זי אַוועק נאָך בולט'ער און נאָך געפעהרליכער.

אָבער גאָלדשמידט איז אין דעם פּרט ניט נאָר געווען אַן אויסנאַם אין זיין צייט, נאָר ער איז עס נאָך עד היום, אויף וויפיעל עס רעדט זיך וועגען אחינו בני ישראל. אָט האָט איהר, למשל, איינעם פון די נייסטע, על פּי מקרה, אויך אַ דענישער יוד, ה ע נ ר י נ אַ ט אַ נ ס ע ן. שרייבט ער אָן אַ דראַמע אין פיער אַקטען „הינטער ווענט“ (אין דער דייטשער איבערזעצונג: „Hinte פער-

לאַג. עסטערהעלד און קאָ., בערלין), און די וועלט רעש'ט זיך מיט איהר. מען נעמט זי תיכּף ומיד און מען איבּערזעצט זי אויף דייטש און מען שטעלט זי אין פערשיידענע טעאַטערן, און דער עולם קוויקט זיך. און ס'איז טאַקע דאָ, מיט וואָס זיך צו קוויקען. פאַרהאַן אַ יודיש הויז אין קאָפּענהאַגען, וואו יודען זאָגען נאָך „גוט שבּת“, ווען זיי קומען פרייטאָג-צו-נאַכטס אין שטוב אַריין; און אין שטוב איז דאָ אַ יונג מיידעל, איז עס איינגעליבּט אין אַ יונגען גויאישען פּראָפּעסאָר; און אַ טאַטע איז דאָ — בּעשטעהט ער נישט, ווייל דעם חתנ'ס טאַטע איז אַ רשע, האָט איהם אַמאָל יונגערהייד בּעליידיגט, און פאַרהאַן אַ מאַמע, איז זי, מיט אַ בּיטער האַרץ נעבּיך, אַ מליץ יושר פאַר דער טאַטער. נו, וואָס זאָל ער טון? בּעשטעהט ער שוין, דער אַלטער, און געהט מיט איהר, מיט'ן ווייב הייסט עס, צו די גויאישע מחותנים אויף אַ וויזיט. ווייזט זיך אָבּער אַרויס, אַז די כּלה האָט מסכּים געווען אויף חופּה וקדושין אין קלויסטער, און אַז די קינדער זאָלען דערצויגען ווערען אויף גויאיש. שטעלט עס דעם אַלטען יודען. קומט עס צו אַ קריגעריי, זידעלט דער אַלטער יוד דעם אַלטען גוי און געהט זיך מיט זיין פלונית'טע אַהיים. בּלייבּט די טעכטערל. הערט זי אָבּער פון חתן אַליין עפּיס צו קלוגע ווערטער וועגען דער אַנטיפּאַטיע צווישען יוד און גוי. ווערט איהר חושך. סיי ווי סיי האָט זי הרטה, וואָס זי האָט טאַטע מאַמע געלאָזט אַוועקגעהן און איז נישט מיטגעגאַנגען. אַנטלויפט זי, לויפט צו איהרע עלטערן. געפעלט עס דעם חתן, מוסר'ט ער גיך אָב דעם פאָטער זיינעם און יאָגט איהר נאָך. מען וועט שוין מעהר ניט די חופּה שטעלען אין קלויסטער, און די קינדער וועט זי נישט מוזען איבּערגעבּען צו דער שמד. ער זאָגט עס איהר צו. ווערט דער אַלטער יודישער טאַטע גאָר נתפּעל. נעמט ער די טעכטערל בּיי דער האַנד און פיהרט זי אַליין צו צום פּראָפעסאָר, ווי איינער זאָגט:

נאַ, נעם זי, האָסט דיר זי כּשר פערדיענט! מזל טוב!...

בּנאמנות, ווי שווער איז עס, נישט צו שרייבּען קיין סאַטירע!

מען נעמט אייך און מען פיהרט אייך אין אַ יודישער שטוב — געפינט איהר דאָרט אַ יודישע אַטמאָספערע, טאַקע, ווי די טעכטערל, נאָר מיט איהר מיין, דריקט זיך אויס: אַן אָבּגעשטאַנענער, אַ „טויטער ים“: אַ שבּת — איז ער קיין שבּת נישט, אַ מין געהן אין שול און אַ מין קומען פון שול — זאָל נאָר גאָט אָבּהיטען! מען זאָגט אייך: אָט האָט איהר אַ יודישע פאַמיליע מיט אַ יודיש געפיהל. איז דער געפיהל אַ מישעניץ פון טעמפּקייט און פון קליינטשיג בּעל-הבּתי'ש נחת. מען שטעלט אייך פאַר אַ יודישען טאַטען מיט אַ געפעהרליכען יודישען

שטאָלץ, — שטאַרקט זיך און צעלאָזט זיך דער דאָזיגער שטאָלץ צוויי מאָל אין אַ כּהרף עין, אָדער, דער עיקר, מען ווייזט איך אַ תּהום, וואָס הייסט, מען ווייזט אַייך? — חתן כּלה אַליין, די הויפּט־העלדען ווייזען אַייך אַ תּהום, אַ פּשוט'ען תּהום, ניטאָ קיין בריק, וואָס זאָל אַריבערפירען, און פּלוצלונג, נישט צוויי מינוט דערנאָך — נאָר וואָס די מיידעל איז אַנטלאָפען, נאָכגעלאָפען איהר טאַטע מאַמען — גיט זיך דער חתן אַ זאָג: „נישט קיין יודען און נישט קיין קריסטען זאָלען זיי ווערען (די קינדער), נאָר מענשען“. און וואָס דאַרפט איהר חתן־כּלה? פרעגט דעם דיכטער אַליין. אָט וואָס ער האָט ערשט אויסגעשטרעקט דעם פינגער און געוויזען אַייך דעם תּהום, געוויזען אַייך, אויב ער האָט עס אַליין פערשטאַנען, אַז דאָ קעמפען מענשען־מינים, אייגענטליך נישט איינער קעגען דעם אַנדערן, נאָר יעדער פאַר זיך, פאַר זיין קיום, פֿאַר זיין אינדיווידואַליטעט. און איהר האָט נאָך נישט צייט געהאַט, איבערצוקלערען דעם ענין, שיקט ער אַייך שוין צו עפּיס אַ נאַרישען ליידאַק, אַ ברודערל פון דעם טעכטערל און זאָגט איהם: בעבע! בעבעט ער, בעבעט ער וועגען אַ וואַנט — פון דעם שרעקליכען תּהום איז אַ וואַנט געוואָרען — און וועגען אינדרינען און אינדרויסען און וועגען דעם, וואָס אין דער וואַנט איז, דאַנקען גאָט, שוין אַ לאָך און אַז „מענשען זענען מיר אַלע“... פערשטעהט איהר דאָך ממילא, אַז ס'איז טאַקע נישטאָ קיין אַנדער רפואה צו דער אַלטער יודישער פראַגע־קרענק, ווי נאָר געמישטע שדוכים: האָט חתונה, יודישע בחורים מיט גויאישע מיידלעך און יודישע מיידלעך מיט גויאישע מענער!

וואָס זאָל דאָס זיין? זאָל זיך טאַקע גאָרנישט האָבען איבערגעביטען אין דער גאַנצער צייט? איז די דאָזיגע נאַטאַנסענשע תּורה טאַקע נאָך אַלץ דער „פּאָעטישער“, מישטיינס געזאָגט, אויסדרוק פון די מערב־יודישע שטימונגען? אויף דער דאָזיגער פראַגע איז קיין פּשוט'ער ענטפער נישטאָ. רעדט איהר וועגען די טיעפע אינסטינקטען פון די ברייטערע פאָלקסקרייזען, איז ניטאָ קיין שום ספק, אַז אין תּוך גענומען זענען זיי ס'רוב נישט מסכּים. רעדט מען אָבער וועגען דעם פאָלק, אויף וויפיעל די וואָלוועלע פראַזען פון דער השכלה האָבען איהם פערטויבט זיינע אינסטינקטען, לעקט עס די פינגער פון די סענטימענטאַלע און מכּלומר'שט מאָדערנע מעשיות מיט די געמישטע פּאָרלעך און פּאָרפאָלקען. פרעגט איהר די אַסימילאַטאָרישע אינטעליגענטען, טרעפט זיך, זיי זאָלען נישט זיין צופרידען מיט דער קנאַפּער קינסטלערשאַפט פון אַזוינע ביכער, ווי נאַטאַנסענס דראַמע, נאָר אין דער עצם זאַך בליבען זיי אודאי צופרידען. פאָרט זייער שטה! פרעגט

איהר אָבער די ציוניסטישע אינטעליגענטען — אין מערב זענען כמעט נישטאָ קיין אַנדערע נאַציאָנאַליסטען — זענען זיי אודאי אומצופֿרידען, אַפילו זעהר אומצופֿרידען. זיי ווערען ניט מיד אונטערשטרייכענדיג, אַז די געמישטע שידוכים זענען דאָס גרעסטע אומגליק פֿאַר דעם יודישען פֿאָלק, און עס איז קיין שום ספק נישט, אַז זיי גלויבען אַליין אין דעם, וואָס זיי זאָגען. נאָר הערט אַייך בעסער צו צו זייערע ווערטער, וועט איהר באַלד אויסגעפינען, אַז דאָס אַלץ זענען נאָר קאָפּ-סברות, די הערצער זייערע אָבער זענען נאָך פֿול מיט שטימונגען און געפֿיהלען פֿון דער אַנדערער זייט, זיי האָבען נאָך אַליין נישט געפּטר׳ט דעם יצר הרע. זענען עפּיס די יודישע מיידלעך נישט נושא חן ביי זיי, מכלומר׳שט צו וועניג נאַאיוו, האָבען צו גרויסע תּביעות צום לעבען. שרייבט אַ ציוניסטיש דייטש בלאַט, אַז „די ציוניסטישע בעוועגונג איז נישט בכּח צו הינדערן, אַז „געמישטע שידוכים" קומען וואָס אָפטער פֿאָר, אַפילו צווישען די אייגענע אָנהענגער", און אַז „מען קאָן וועגען די, וואָס האָבען חתונה מיט גויאישע פרויען, לחלוטין נישט זאָגען, אַז זיי זענען אַלע, אָדער אַפילו דאָס רוב פֿון זיי, די שלעכטערע יודען".

אַ כּלל, קומט ווידער אויס אַ מצוה. און אויב אַ מצוה — ווי געשיקט זיך, ס׳זאָל זיך צו איהר נישט צוטשעפּען אַ ליטעראַטור? נאָר דעם אמת געזאָגט, ווייס איך נישט, צי איז עס שוין געשעהן. איך ווייס נאָר פֿון אַן אינטערעסאַנטער, פֿיין געשליפֿענער ערצעהלונג פֿון אַ דיכטער, אַ ציוניסט, וואָס וועגען איהר איז מיר נאָך נישט קלאָר, וואו איך זאָל זי אַריינרעכענען. איך מיין די «Aufzeichnungen über eine Familie Klopfer» („נאָטיצען וועגן אַ פֿאַמיליע קלאָפּפּער". פערלאַג אַלבערט לאַנגען, מינכען) פֿון אַרנאָלד צווייג.

שטעלט זיך פֿאָר אַזאַ זאַך: אַ יוד האָט חתונה געהאַט מיט אַן איטאַליענערין און האָט געהאַט קינדער מיט איהר: אַ זוהן און אַ טאָכטער, און דעם דאָזיגען זוהן און די דאָזיגע טאָכטער זעהען מיר אין דעם קומענדיגען ירושלים אין דער קומענדיגער יודישער מלוכה. און מיר זעהען כמעט נאָר זיי, מיר הערען נאָר דעם יונגענמאַנס ווערטער. מיר הערען נאָר זיינע קאַלטע גריבלערייען וועגען זיך, וועגען די ביידע געפֿלטען און די ביידע מאַמשטאַבען, וואָס קריגען זיך אין איהם, וועגען זיין אָבגעשיידט זיין פֿון דעם פֿאָלק, וואָס ער „פֿעראַכט עס, האָבענדיג עס ליעב", „פֿון דעם דאָזיגען מורא׳דיג אַלטען און יונגען פֿאָלק, וואָס איז תּמיד געווען און איז עד היום ריזיג גרוים און שרעקליך נידעריג אינאיינעם". מיר הערען פֿון איהם, אַז ער און זיין שוועסטער

זענען די „לעצטע איראָפּעער“ „אין דעם דאָזיגען פאָלק, וואָס הויבט אָן אַזיאַטען צו ווערען“, אַז זיי זענען „אָבגעריסען פון אַלע וואָרצלען, פון אַלע געזעצען, פון אַלע מנהגים, ניט אָנקומענדיג צו קיין אָבּ־שאַצונג, נישט צוגעצייגען פון קיין שׂכר, נישט געשרעקט פון קיין עונש, אָהן חרטה און אָהן צוקונפט“.

וועט איהר פרעגען: מאי קא משמע לן? וואָס מיינט ער? וויל ער אונז עפּיס זאָגען וועגען געמישטע זווגים, וואָס לעגט ער עס אָב אויף ימים הבאים עלינו? און וויל ער אונז עפּיס דערצעהלען וועגען ארץ־ישׂראל, וואָס טויגען איהם געמישטע זווגים? ווי קומען די ריבען אין דעם זאַק? ווידער: גאָרנישט, אַן אויסגערוהטער קאָפּ און אַ כח הדמיון דערצו — טראַכט ער אויס! נו, טראַכט זיך דען טאַקע אַזוי פון דער העלער הויט? זאָל עס טאַקע זיין על פּי מקרה, וואָס אַרנאָלד צווייג'ס כח הדמיון טיילט אָב אַזוי מעכאַניש שאַרף דעם גלות־„זווג“ פונ'ם אין ארץ־ישׂראל פערענטפערטען יודישען פּראָבלעם? אָדער איז עס נישט אפשר דערפאַר, ווייל אין אמת'ן, ד. ה. אין דער רעאַליטעט און אין דער אידעע האָט איהם נישט אָבגעגאָלטען, אַרויסצוטרייבען דעם זווג־דיבוק פון דער יודישער פראַגע? אפנים, דער דיבוק בעל־הבית'עוועט נאָך אין איהם, פונקט אַזוי ווי אין די, וואָס אויף דער אַנדערער זייט יודישקייט, נאָר אויף אַן אַנדער אופן...

און די נישט־יודישע דיכטער, וואָס האָבען זיך אין דער לעצטער צייט גענומען צו יודישע מאָטיווען און טעמעס? האָבען, פערשטעהט זיך, אויך האַלט, זיך אָבצושטעלען אויף די געמישטע זווגים. נאָר ערשטענס, נישט האָבענדיג קיין שום שייכות צום יודישקייט, ווער דען, אַז נישט זיי? און צווייטענס, זיי בעציהען זיך גאַנץ אַנדערש, גאַנץ פריי צו דער פראַגע. ס'איז טאַקע אַן אייגענע פראַגע פאַר זיי, אַ זעלבשטענדיגע, נישט אַ מין סימבאָל פאַר דער יודישער פראַגע. און צו אָט דער זעלבשטענדיגער פראַגע טרעטען זיי צו מיט זעלבשטענדיגע, ניט אין פּראָגראַמעס געוועגדטע חושים און אינסטינקטען, זיי קוקען זיך נאָר איין אין דעם פאַקט פון געמישטע זווגים און אין זיינע קאָנ־סעקווענצען, פאָדערן אָבער פאָדערן זיי גאָרנישט, נישט הויך און נישט שטיל־ערהייד, נישט מען זאָל זיך „מישען“, און נישט דעם היפוך, מען זאָל זיך נישט „מישען“.

ביי האַנז פאָן קאַהלענבערג (פסעוודאָנים פון אַ שרייבערין) אין איהר ראָמאַן „Ahasvera“ („אַהאַסווערא“ — פערלאַג וויטא, בער־לין־שאַרלאָטענבורג) קאָן זיך אַפילו דאַכטען, אַז זי פאָדערט דוקא יא דעם היפוך. און דאַכטען קאָן זיך עס, ווייל די „מישונג“, וואָס אויף

אידער באַזידט דער גאַנצער ראָמאַן, איז נישט געלונגען. מיט אַ גרויס טאַלאַנט דערצעהלט די דיכטערין די געשיכטע פון אַ דייטשען גראַף און זיין יודישער פרוי, דער טאָכטער פון אַן איפּגעקומענעם עושר; ווי דער גראַף, אַ טעמפּער און שווערער, הויכער און ברייטער דייטש, נעמט זיך פאַר צו זיין אַ גוטער מאַן צו זיין שטילינשקער און קלוגער, קליינער און דאַרער יודישער פרוי, ווי ס'גיט זיך איהם אָבער נישט איין, נאָר כ'שטעהט ווי אַ וואַנט צווישען איהם און איהר, און די וואַנט ווערט וואָס אַ טאָג גרעבער. ער האָט אַפילו דרך ארץ פאַר איהר, גרויס דרך ארץ, נאָר זי איז עפּיס נישט פון זיין וועלט, אַ פרעמדע מיט אַ פרעמדער פיינקייט, וואָס ער פיהלט עס, נאָר ער ווייסט נישט, „מיט וואָס עסט מען עס". און אָבגעלעבט כמעט אַ גאַנץ לעבען מיט איהר, צום סוף צעשיידען זיי זיך. נאָר נישט זיי אַליין צעשיידען זיך, נאָר אויך זייערע ביידע זיהן, — דער וואָס איז אין טאַטען געראָטען, מיט דעם, וואָס איז אין דער מאַמען געראָטען. און די דאָזיגע צווייטע צעשיידונג, וואָס האָט זיך נאָך אָנגעהויבען אין די קינדערשע יאָהרען, איז אַ סך שאַרפער, אַ סך ווילדער פון דעם ערשטען. דער הויכער בלאָנדער יונגער גראַף האָט שוין נישט קיין דרך ארץ פאַר דעם מאָגערן שוואַרצען ברודער, ער האַלט איהם איבערהויפּט נישט פאַר זיינס גלייכען, האָט איהם פיינט, פעראַכט איהם, דעם „יוד", דעם שוואַרצען, קרענקליכען, מיט די טונקעלע ברענענדיגע אויגען, דעם באַנקקוועטשער, דעם ראַדיקאַל, וואָס, אַרויסטרעטענדיג אויף פאָלקספערזאַמלונגען, קאָמפּראָמיטירט ער זיין גרעפליכע פאַמיליע. ביידע צעשיידונגען אָבער ווירקען ווי סימבאָלען, ווי גוואַלדיגע סימבאָלען. נאָר ס'ווייזט אויס, אַז די דאָזיגע סימבאָלען האָט די דיכטערין אַרויסגעשטעלט נישט בעוואוסטזיניג, ניט מיט אַ כוונה: מען זאָל זיך אַ ראיה נעמען, נישט מיט אַ רמז: אַזוי מוז זיך אויסלאָזען פון יעדען געמישטען שידוך. ס'ווייזט אויס, אַז פאַר איהר זענען דאָס נאָר פאַקטען, וואָס טרעפען זיך איהר אויף איהר דיכטערישען בעטראַכטונגס-וועג, און אויב זי איז איבערהויפּט עפּיס אויסען, איז זי נאָר אויסען, אָנצו-ווייזען אויף יודען, ווי אויף אַ נביא'ישער, אַפּאָסטאָלישער ראַסע, וואָס טראָגט אין זיך און מיט זיך די האָפענונגען פון דער מענשהייט אויף אויסלייזונג און בענייאונג, אַרויסצושטעלען דעם גוואַלדיגען מאָטאָרישען כח פון „אַהאַסווער", דעם אייביגען יוד צווישען די אומות העולם. „און אויף דיין וועג, וואוהין ער זאָל נישט פיהרען, וויל איך געהן", זאָגט צום סוף בוך די יודישע גרעפין צו דעם יודיש געראָטענעם זוהן. „אָבער ער נעמט דאָך קיינמאָל נישט קיין עק", זאָגט ער, „און ביי וואָסער ציעל דו זאָלסט

נישט זיין, פיהרט ער אַליץ אַריבער, אַליץ ווייטער. דו קענסט דעם וועג, וואָס אונזער שטאָם איז אויף איהם געגאַנגען? אַהאַסוועראַ איז אויף איהם געגאַנגען". ענטפערט זי: „נעם מיך מיט דיר, אויף אַהאַסווערס וועג".

נאָך אַ נישט-יודישער דיכטער האָט אונז דאָ נישט לאַנג געשענקט אַ דראָמאַן, וואָס האָט אַ שטיקעל שייכות צו דער פראַגע פון געמישטע פּאָרען: קאַרל הויפּטמאַן. מיט איהם קלינגט ניט אַזוי, ווי מיט זיין ברודער גערהאַרט הויפּטמאַן. נאָר פערדינען פערדינט ער לכל הפחות נישט ווייניגער אויפמערקזאַמקייט פון יענעם: אַ דיכטער אַן ענו, אַ שטילער און פיינער בעשאַפער. ווער ס'איז בעסער בעקענט מיט זיינע ווערק, ווייסט אויך, אַז ער האָט שוין פריהער אַמאָל עפּיס געשריבען, וואָס יודען דאַרפען זיך דערמיט אינטערעסירען: די דראַמע „מאָזעס" (משה), און אַז ס'זענען נישטאָ קיין סך מענשען, אַפילו צווישען יודען, וואָס זאָלען האָבען אַזוי גוט אַרויסגעפיהלט די גוואַלדיגע פערזענליכקייט פון משה רבינו, און דעם געטליכען כח זיינעם, וואָס ער האָט אויסגעשטראַלט איבער טויזענדער יאָהרען, איבער דעם יודישען פאָלק און איבער דער גאַנצער וועלט. אין זיין ראָמאַן "Ismael Friedman" („ישמעאל פרידמאַן", פערלאַג ערנסט ראוואהלט, לייפּציג) האָט קאַרל הויפּטמאַן אַפילו נישט זיך אויפגעהויבען צו אַזוינע הויכע אויפגאַבען, נאָר פּשוט גענומען אַ זוהן פון אַ משומד פון היינטיגע צייטען און פון אַ גוי'אישער מאַמע און איהם אַוועקגעשטעלט מיט זיין גאַנץ לעבען און פיהרען זיך. דערביי קומט איהם צוויי מאָל אויס צו פערנעמען זיך מיט אַ „געמישטען" זווג: איינמאָל, בשעת ער רעדט וועגען די עלטערן פון ישמעאל פרידמאַן, דעם אַנדערן מאָל, ווען ער דערצעהלט וועגען דער ליעבע, וואָס ישמעאל פרידמאַן פיהרט מיט אַן אַריסטאָקראַטיש מיידעל. און ביידע מאָל זעהט מען נישט, אַז דער דיכטער זאָל זיין מעהר אויסען, ווי מאָלען אַ בילד פון דער „געמישטער" געזעלשאַפט. אויפ'ן ערשטען קוק איז אַפילו נישטאָ קיין איין איינציגער סימן, אַז זיינע „געמישטע" זווגים זענען נישט קיין גליכע זווגים. דאָס אַלטע פּאָר פאָלק לעבט זיך אוים זיינע יאָהרען בשלום ובשלוה. דער אַלטער, אַ גרויסער און דרייסטער אונטערנעמער פון אַ שטאַרק נצחונ'דיגער אַקטיווקייט איז צערטליך און פיין צו זיין פרוי, ווי אַ פּאַסטוך אין אַ ראָמאַנטיש מעשה'לע, און זיין פרוי, אַ „שטילע טויב", אַ מאַטענס אַ גלח'ס אַ טאָכטער, האָט שטאַרק דרך ארץ פאַר איהם — און אויב אַפילו, ווייזט אוים, מעהר דרך-ארץ ווי ליעבשאַפט, שאַדט אויך נישט, נישט געפעהרליך ביי איהר. און ווייטער די יונגע חתן-כלה האָבען זיך אויך זעהר ליעב, און אויב די מיידעל טויט זיך צום סוף, איז דאָס חלילה נישט מחמת דעם ראַסען-אַנטאַגאָניזם צווישען איהר און

אידער חתן, נאָר מחמת אויסטערלישע, פערזענליכע תכונות, וועלכע זי פערמאָגט. א כלל, אין דער גאַנצער מעשׂה איז, דאַכט זיך, נישטאָ קיין רמז פון אַ כיון, פון אַ מיין. און פאַרט איז איין זאַך אַ ביסעל פריקרע: דער יונגער פרידמאַן אַליין. ווי קומט ער, דער פיינער און פיינקעפיגער, אָבער אומאַקטיווער, אומדרייסטער און תמיד זיך קווענקעלדיגער ישמעאל צו אָט דעם האַמערשטאַרקען טאַטען און צו אָט דער קאַלט-פשוט'ער מאַמען? נעמט עס נישט אָן ביים האַרצען, זעהענדיג איהם, דעם אויסגעפיינטען און אויסגעצערטעלטען אומגליקליכען עפיגאָן נעבען זיין טאַטען, דעם גבור, דעם „סעלפמיידמאַן", אָדער גאָר להבדיל נעבען משה רבינו דעם בעפרוכפערער פון פעלקער און יאָהרטויזענדער? איז ער אפשר גאָר אַליין בכבודו ובעצמו אַן אָנצוהערעניש אויף די פירות פון געמישטע זווגים? אַן אָנצוהערעניש בעל כרחו? נאָר וואָס איז דער הילוק? וואָס איז דער חילוק פאַר אונז?

ווי כ'זאָל נישט זיין, על כל פנים זעהען מיר, אי ביי קאַרל הויפטמאַנ'ען, אי ביי האַנז פאָן קאַהלענבערג, אַז לאָ די וואָס עס פאַלט זיי נישט איין, די גאַנצע יודישע פראַגע צו פערענטפערן מיט געמישטע זווגים, און לאָ די וואָס זיי צייכענען זיך אויס מיט אַ טיעפען פסיכאָלאָגישען קוק אויף די פרטים און קאָנסעקווענצען פון דער דאָזיגער ערשיינונג — נאָר ס'לעבט אויך אין זיי אַ שטיקעל נאַטירליכע סימפּאַטיע צו יודען, אַ שטיקעל געפיהל פאַר דער היסטאָרישער גרויסקייט און פאַר דעם ברייטען לעבענס-כח פון דער יודישער ראַסע. דאָס אָבער, וואָס זיי האָבען אויך נאָך די מעלה אין פערגלייך מיט די יודישע דיכטער אין מערב — דאָס איז שוין אַזאַ ביטערער אמת, אַז מען שעמט זיך איהם אַרויסצוזאָגען. נאָר אַ ברירה האָט מען?

ד"ר ר. זעליגמאַן.

# ריכאַרד וואַגנער און זיין בעציהונג צו יודען.

בעת מיר רעדען פֿון וואַגנער'ן, דאַרפֿען מיר נישט פֿערגעסען, אַז מיר האָבען דאָ נישט צו טון מיט אַ פּשוט'ען מוזיקער, וואָס איז גרויס און וויכטיג מעהר נישט ווי אין די ד' אמות פֿון האַרמאָניע און מעלאָדיע, נאָר אַז מיר זעהען דאָ פֿאַר אונז איינעם פֿון יענע גרויסע קינסטלער-טיפּען, וואָס האָבען אָבגעשפּיגעלט אין זיך דעם רוחניות'דיגען פּרצוף פֿון אַ גאַנצער עפּאָכע, און אין דערזועלביגער צייט אַרויפֿגעלעגט דעם שטעמפּעל פֿון זייער אייגענער קינסטלערישער פיזיאָנאָמיע אויף די עסטעטישע נטיות פֿון זייער דור. אַרויסגעהענדיג פֿון אַזאַ שטאַנדפּונקט, מוזען מיר וואַגנער'ן אַוועקשטעלען אין איין שורה מיט אַזעלכע מוזיקאַלישע גאונים ווי באַך, מאָצאַרט און בעטהאָווען, נישט ווייל מיר מיינען, אַז די ריין קינסטלערישע ווערדע פֿון וואַגנערס יצירות זאָל קאָנען אויסהאַלטען דעם פֿערגלייך מיט די מוזיקאַלישע גאונות פֿון אַ באַך אָדער אַ מאָצאַרט, אָדער אַ בעטהאָווען, נאָר ווייל וואַגנער האָט, ווי איטליכער איינציגער פֿון אָט די דאָזיגע קינסטלער, געפֿונען אַ מוזיקאַלישען אויסדרוק פֿאַר דער רוחניות'דיגער קולטור פֿון אַ גאַנצער געשיכטליכער תקופה. בעת מיר הערען דעם נאָמען פֿון באַך, קומט אונז תיכף אַרויף דער געדאַנק פֿון אַ גרויסער רעליגיעזער אידעע, וועלכע האָט אין אַ משך פֿון כמה דורות געפֿיהרט די ממשלה איבער גאַנצע פֿאָלקס-מאַסען; ווען מיר רעדען פֿון מאָצאַרט'ן, מוזען מיר זיך נישט ווילענדיג דערמאָנען אָן די עלעגאַנטע סאַלאָנען פֿון דעם 17-טען יאָהרהונדערט מיט זייער פֿיינעם און שפּיעלענדיגען גייסט, און דער נאָמען פֿון בעטהאָווען וועקט אין אונזער כח הדמיון די פֿאָרשטעלונג פֿון יענעם גרויסען און ערנסטען דור, וואָס איז געשטאַנען אויפֿ'ן שוועל פֿון דעם 19-טען יאָהרהונדערט, אַ דור, וואָס האָט אָקאָרשט איבערגעלעבט די חבלי לידה פֿון אַן אומבעשטימטען און פֿערבעהאַלטענעם עתיד, וואָס איז שוין אַפֿילו געווען אַ ביסעל געבראָכען, נאָר וואָס האָט נאָך נישט פֿערלאָרען דעם מוט און דעם צוטרויען צו זיינע אייגענע כחות. און אַזוי אויך מיט וואַגנער'ן, וואָס זיינע מוזיקאַלישע אידעען זענען אָנגעזאַפּט מיט די עסטעטישע שטרעבונגען פֿון דעם גאַנצען פֿערגאַנגענעם דור, וואָס איז געווען זעהר רייך מיט טיעפֿע איבערלעבענישען, נאָר ער איז שוין געווען גייסטיג שטאַרק דערשלאָגען, ווייל די האָפֿענונגען, וואָס מען האָט געלעגט אויף דער קולטור הן פֿון דעם כלל, הן פֿון דעם יחיד, זענען מקוים געוואָרען

אין זעהר א קליינער און בעגרעניצטער מאס, און דערפאר האט דער נייער דור געזוכט אומצוקעהרן זיך צוריק צו דער פשוט'ער נאטור.

אז מען זאל זיך צוקוקען א ביסעל אויפמערקזאמער צו דער ענטוויקלונגסגעשיכטע פון דער מענשהייט, וועט גאר נישט שווער זיין צו דערזעהן, אז דער עצם יאגען זיך נאך נאטור און נאטירליכקייט איז אן ערשיינונג, וואס חזר'ט זיך איבער כמעט תמיד ביי איטליכען קולטור-פעריאד, וואס האט שוין אויסגעשעפט אלע זיינע מעגליכקייטען און איז געקומען צום גרעניץ פון זיין מאכט. אזוי איז געווען מיט גריכענלאנד אין דעם דריטען יאהרהונדערט פאר קריסטוס, בשעת עס האט זיך אנגעהויבען די בעוועגונג פון די קיניקער, וועלכע האבען געזוכט ארויסצוווארפען פון זיך אלע קולטור-געוועהנהייטען, און אזוי איז געווען מיט פראנקרייך אין מיטען פון דעם 18-טען יאהרהונדערט נאך קריסטוס, בשעת רוסא האט גערופען דעם געבילדעטען עולם אומקעהרען זיך צוריק צו דעם מצב פון די ווילדע, און זיינע אידעען האבען זיך אנגעהויבען צו פערשפרייטען כמעט אין אלע קרייזען פון דער פראנצויזישער געזעלשאפט. עס איז אבער פאראן א טיעפער חילוק צווישען די מאדערנע שטרעבונגען פון דעם סוף פון פערגאנגענעם און דעם אנהויב פון דעם איצטיגען דור — און אזעלכע מיני נטיות, ווי מיר זעהען זיי ביי רוסא און די קיניקער, און מיר דארפען נישט צונויפמישען איינס מיט דעם אנדערן. רוסא און די קיניקער זענען אין דעם פרט געווען אהן אן ערך נאאיווער און עהרליכער. בשעת זיי האבען גע'דרש'ענט מכח דעם אומקעהרן זיך צוריק צו דער נאטור, האבען זיי געמיינט די זאך פשוטו כמשמעו: מען זאל אוועקלאזען אלע שטעדטישע גענג, אבשאקלען פון זיך דעם גאנצען יאך פון דער אויסענווייניגסטער און אינעווייניגסטער, דער גשמיות'דיגער און רוחניות'דיגער קולטור, און אנהויבען פיהרען א פרייען לעבען אין וואלד און אויפ'ן פעלד, אזוי ווי עס טוט נאך עד היום דער פרימיטיווער מענש, וועלכער האט נאך קיינמאל קיין מגע ומשא נישט געהאט מיט קיין שום קולטורעלע אידעען. דעם מאדערנעם מענשען אבער קומט גאר נישט ארויף אויפ'ן זינען אוועקלאזען זיין קולטורעלע סביבה, כדי צו געהן זוכען די נאטור דארט, וואו זי געפינט זיך אויף אן אמת. ווארום ער ווייס גאנץ גוט, אז אין זיין אייגענער נשמה ליגט א שטיק נאטור, וואס איז נאר פון אויבען אויף איבערגעצויגען מיט א דינער הויט פון שכל און מוסר, און אז מען קאן פיהרען א פולען קולטורעלן לעבען, און דערביי בלייבען א ווילדער מענש אין דעם אופן, ווי אזוי מען פיהרט עס. בעת דער מאדערנער מענש רעדט פון נאטור און נאטירליכקייט, מיינט ער יענע

האַלב בעוואוסטזיניגע, אינסטינקטיווע, לאַאָטישע פּראָצעסען, וואָס טוען זיך אָב אין זיין אייגענער נשמה, און וואָס איבּער זיי האָט דער שכל נאָך קיין שליטה נישט. דערפאַר האָט זיין צוריקקומען צו דער נאַטור גאָר אַן אַנדער מיין און אַן אַנדער בעטייט. מיט דעם צוריקקומען צו דער נאַטור מיינט ער קיין אַנדער זאַך נישט, ווי דעם איבערגעבען זיך צו די בלינדע און לאַאָטישע כחות פון זיין אייגענער אינדיווידועלער טבע. ער מיינט דעם פערזינקען זיך אין יענעם תהום פון דער מענשליכער נשמה, וואָס צו אידם קומט נישט צו קיין שטראַהל פון שכל און קלאָרער רעכענשאַפט. ביי רוסאָ און די קיניקער האָט דער בעגריף פון נאַטירליכקייט געהאַט אַ גאַנץ בעשטימטען איינהאַלטליכען באַטייט. זיי האָבען גאַנץ קלאָר געוואוסט, וואָס זיי ווילען אָננעמען, און וואָס זיי ווילען אַוועקוואַרפען, און קודם כל האָבען זיי געוואָלט אַראָבוואַרפען פון זיך אַלץ, וואָס מען רופט דאָס אָן מיט דעם נאָמען בילדונג. ביי דעם מאָדערנעם מענשען האָט דער גאַנצער ענין פון נאַטירליכקייט מעהר נישט, ווי אַ פאָרמאַלען בעטייט, דעם בעטייט פון אַ געוויסען מעטאָד. אידם אַרט נישט אַזוי פיעל דער תוך פון דער זאַך, ווי די פאָרם, וואָס אין איהר דריקט זיך אויס די זאַך, — און פון דער פאָרם פערלאַנגט ער, זי זאָל האָבען דעם בלינדען כח פון אַ נאַטור-קראַפט. דערפאַר איז ער גרייט אָנצונעמען איטליכע שטרעבונג, וואָס איז געבוירען געוואָרען אין דעם גרויסען קולטור-פּראָצעס, וואָס די מענשהייט האָט ביז אַהער דורכגעמאַכט, נאָר מיט דעם תנאי, אַז אָט די דאָזיגע שטרעבונג זאָל זיין אינסטינקטיוו, אימפּעטיג און לאַאָטיש, ווי איטליכע בלינדע נאַטור-קראַפט.

און אָט פאַר די דאָזיגע נטיות פון דעם מאָדערנעם מענשען האָט וואַגנער געפונען אַ שאַרפען מוזיקאַלישען אויסדרוק. ער האָט בעשאַפען אַ וואונדערליכע מוזיקאַלישע שפּראַך פאַר אַלע פערפלאָנטערטע, בין-השמשות'דיגע געפיהלען, וואָס ליגען פערבעהאַלטען אין די טיעפענישען פון דעם מענשליכען האַרצען, און וואָס זענען ביז אַהער געבליבען שטום, אַזוי ווי זיי וואָלטען געווען פער'כישופ'ט דורך אַ בייזען טייוועלישען כח. וואַגנער איז געקומען — און האָט פון זיי אַראָבגענומען דעם כישוף, האָט זיי געגעבען אַ שטאַרקע, אויסדרוקספולע שפּראַך, און דער לעבעדיגער לאַאָס האָט אָנגעהויבען צו רעדען און אויסצוגיסען זיך אין אַ געזאַנג, וואָס האָט אַפילו געהאַט פאַר די מוזיקאַלישע אויערן אַ משונה'דיגען קלאַנג. נאָר פון אידם האָט מען אַרויסגעהערט אַ ווילדע קראַפט, די מאַכט פון דער טיעפעניש, די מאַכט פון דער נאַכטיגער זייט אין דער מענשליכער נשמה. ווער עס האָט זיך איבּ-

מערקזאַם צוגעהערט צו דער מוזיק אין צווייטען אַקט פון „לאָהענגרין“, אין דעם פאָרשפּיעל צום ערשטען אַקט פון „געטער־דעממערונג“, אין דעם טרויער־מאַרש פון דעם דריטען אַקט אין דערזעלביגער אָפּער, און ווער עס האָט בשעת מעשה געפיהלט, וואָסערע שוואַרצע שאָטענס עס לעגען זיך דאָ איפ'ן אָרקעסטער, וואָס פאַר אַ טיעפער מוזיקאַלישער אָבגרונד עס עפענט זיך דאָ אויף, — דער וועט פערשטעהן, וואָס מיר מיינען מיט דער נאַכטיגער זייט פון דער מענשליכער נשמה, וואָס פון איהר רעדען מיר איצט, און וואָס פאַר איהר האָט וואַגנער געפונען אַזאַ פּאַסיגע מוזיקאַלישע פאָרם.

אָבער וואַגנער בעקומט גאָר אַ בעזונדערע חשיבות אין אונזערע אויגען, ווען מיר בעטראַכטען זיין פערהאַלטען זיך צום יודישען פאָלק און צו יודישקייט. וואַגנער איז בעוואוסט מיט זיין שנאה צו יודען בכלל, און צו יודישער מוזיק בפרט. די דאָזיגע מוזיק, וואָס וואַגנער איז אויף איהר אָנגעפאַלען מיט אַזאַ כעס, וואָלט בעצם ריכטיגער געווען אָנצורופען זי — די מוזיק פון די יודען, ווייל אָט די דאָזיגע מוזיק האָט אין זיך געהאַט זעהר ווייניג יודישקייט, און איז כמעט אינגאַנצען איפגעבויט געווען אויף פרעמדע יסודות. וואָרום אויב מייערבער האָט אפילו אַרויסגעוויזען אַ שטאַרקען יודישען גייסט און אַ סך ערטער, וואו ער האָט אָנגערירט רעליגיעזע טעמעס, ווי מען זעהט דאָס בעשיינפערליך אין זיין אָפּער „דער פראָפעט“, און אויב אין מענדעלסאָנ'ס ווייכער ליריק קאָן מען צייטענווייז אַרויסהערען אַ ריינעם יודישען טאָן — טראָגט דאָך פונדעסטוועגען זייער גאַנצע מוזיק אַ מערב־אייראָפּעאישען כאַראַקטער, ווייל קיינער פון זיי בידען האָט נישט געשעפּט פון יודישע מקורים. וואַגנער'ס שאַרפער חוש האָט אָבער אומעטום דערשפירט דעם יודען. און מיר מיינען, אַז די שנאה זיינע צו דער יודישער מוזיקאַלישער נשמה איז נישט געווען גאָר אינגאַנצען אַ געוועהנליכער אַנטיסעמיטיזם, ווי עס קאָן אויסווייזען אויף דעם ערשטען קוק, נאָר אַז דערין זענען אויך געווען פּרינציפּיעלע מאָמענטען, וואָס זענען גאָר נישט שייך צום אַנטיסעמיטיזם גופא. אמת, אַז אין די ערשטע יאָהרען פון וואַגנער'ס אַרויסטרעטען האָט קנאה און קאָנקורענץ דאָ אַ סך מיטגעווירקט: מייערבער האָט דעמאָלט בעהערשט אַלע אייראָפּעאישע בינעס, און מענדעלסאָן — אַלע קאָנצערט־זאַלען. אָבער שפּעטער, בשעת וואַגנער האָט שוין דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון זיין מאַכט און האָט שוין נישט געהאַט, וואָס מורא צו האָבען פאַר דער יודישער קאָנקורענץ, האָט ער זיין מיינונג וועגען דעם יודישען עלעמענט אין דער מוזיק נישט אומגעביטען. מיר ווילען דערביי

גאָרניט אָבלייקענען דעם פֿאַקט, אַז אין דעם מיאוס'ען אופֿן פֿון זיין פֿאָלעמיק איז געווען אַ סך פשוט'ער, גראָבער אַנטיסעמיטיזם, נאָר מיר מיינען, אַז די עצם התנגדות זיינע צו דער יודישקייט אין דער מוזיק קומט אַרויס פֿון אַן אַנדער מקור, און אַז וואַגנער וואָלט נישט געווען בטבע אַן אַנטיסעמיט, וואָלט זיין פֿערהאַלטען זיך צום יודען אין דער מוזיק אפשר געווען אָנשטענדיגער און פֿיינער, אָבער ער וואָלט אין גרונד געבליבען דערזעלביגער געגנער בנוגע צו דער יודישקייט, ווי ער איז איצט. וואָרום דער גאַנצער כאַראַקטער פֿון דער דאָזיגער יודישער מוזיק איז איהם געווען פֿערהאַסט.

וואַגנער'ן האָט אָבגעשטויסען פֿון דער יודישער מוזיק דער שטאַרק בולט'ער פֿערזענליכער עלעמענט, וואָס דער יוד טראָגט אַריין אומעטום אין זיין ליריק; ער האָט פֿיינט געהאַט דעם מעלאָדיקער, דעם בעל־ניגון, וואָס פֿערלירט קיינמאָל נישט פֿון זיינע אויגען די גרעניץ, וואָס טיילט אָב די אָבגעשלאָסענע מענשליכע פֿערזענליכקייט פֿון דעם גרייטען און ווילדען כאַאָס, וואָס אין איהם איז זי איינגעטונקט. וואָרום מיר דאַרפֿען נישט פֿערגעסען, אַז אין דעם ניגון דריקט זיך אויס דער אָרגאַניזירטער, לאָגישער טייל פֿון דער מענשליכער נשמה, און אַז איהר כאַאָטישער טייל, וואָס איז אַ סך ענגער פֿערבונדען מיט דער דרויסענדיגער נאַטור, גיסט זיך אויס גאָר אין אַן אַנדער פֿאָרם, אין דעם געשריי, וועלכער געפֿינט זיך אויף'ן גרעניץ צווישען פֿערזענליכקייט און נאַטור. מיר דאַרפֿען נישט פֿערגעסען, אַז די מעלאָדיע האָט אין זיך אַן אינעווייניגסטע לאָגיק, וועלכע מאַכט, אַז אַלע איהרע טיילען זענען פֿעסט פֿערבונדען מיט אַנאַנד, און אַז ווען מען נעמט אַרויס איין טייל פֿון איהר, בעקומט די דאָזיגע מעלאָדיע גאָר אַן אַנדער כאַראַקטער. דערזעלביגער סיסטעמאַטישער אויפֿבוי, וואָס שטעקט אין איטליענער לאָגישען געדאַנק, ווייזט זיך אַרויס אויך אין איטליענער מוזיקאַלישען ניגון. און דערפֿאַר זעהען מיר טאַקע, אַז גאָר אַ דענקענדיגע בעשעפֿעניש, ווי דער מענש, קאָן אויסדריקען זיינע געפֿיהלען אין אַ מעלאָדיע.

עס וואָלט אַדאי געווען זעהר פֿאַלש צו זאָגען, אַז אין וואַגנער'ס מוזיק האָט די מעלאָדיע פֿערנומען גאָר אַ קליינעם פּלאַץ. וואָרום אין וואַגנער'ס אָפּערעס ציהט זיך אַ גאַנצער שטראָם פֿון שענע ניגונים, וואָס צווישען זיי זענען צעזייהט אמת'ע פֿערלען. עס איז אָבער אוממעגליך נישט צו דערקענען ביי איהם די שאַרפֿע טענדענץ צוצופֿיהרען די מוזיק צו איהר גרעניץ, צו דעם פּונקט, וואו זי הערט שוין אויף צו זיין מוזיק און גערט איבער אין געשריי. אמת, וואַגנער אַליין

האָט נישט האָלט געהאַט זיך לאַנג אויפצוהאַלטען ביים דאָזיגען גרעניץ. די מוזיקער אָבער, וואָס זענען אַרויס פון זיין חדר, האָבען געמאַכט דעם לעצטען אויספיהר און געבראַכט די מוזיק אין אַ מצב פון אַ משונה'דיגען כאַאָס. אייניגע קריטיקער האָבען וואַגנער'ן כאַראַקטעריזירט אַלס אַן אימפּרעסיאָניסט, און דאָס איז אין אַ געוויסען מאָס זעהר ריכטיג. וואַגנער האָט נישט האָלט די שאַרפע ליניע, וועלכע גרעניצט אָב איין מעלאָדיע פון דער אַנדערער און מאַכט זי צו אַ זעלבשטענדיגען אָרגאַניזם — אָט דיזעלביגע שאַרפע ליניע, וועלכע צייכענט אויס דעם „איך” פון דער מענשליכער פּערזענליכקייט, וואָס הגם ער איז פערבונדען און פערקניפּעלט דורך טויזענדער פעדים מיט זיין אַרומיגער סביבה, איז ער דאָך פאָרט אַ בעזונדערע וועלט פאַר זיך מיט זיינע אייגענע חוקים און זיין אייגענער איינריכטונג.

דער יוד אָבער היט שטאַרק אָב דעם תחום פון זיין פּערזענליכקייט, און נישט אַזוי גרינג קומט איהם אָן אַריבערצוטרעטען די ליניע, וואָס שיידט אָב דעם בעוואוסטזיין פון דער אומבעוואוסטזיניגער וועלט. צו פערלירען דעם בעוואוסטזיין איז פאַר דעם יודען דער שרעקליכסטער געדאַנק, און אין דעם פּרט איז עס ריכטיג, וואָס מען זאָגט, אַז דער יוד איז צוגעבונדען צום לעבען. אַז דאָס זאָל אָבער קומען דערפון, וואָס דער יוד איז אַזאַ מורא'דיגער ראַציאָנאַליסט — אָט די מיינונג האַלטען מיר פאַר פאַלש. אַ סך מעהר ווי ער איז אַ ראַציאָנאַליסט, איז ער בטבע אַ לי־ריקער און זעהר עלול צו התפּעלות און דבקות, מעהר נישט, אַז זיין לי־ריקע טראָגט אַ שטאַרקען פּערזענליכען כאַראַקטער און געהט זעלטען אַרויס פון דעם תחום פון זיין „איך”. אין הערזעלביגער מאָס, ווי ער איז ווייט פון גשמיות'דיגער שכרות מיט אַלע איהרע עקסטאַזען און ווילדקייטען, איז ער אויך ווייט פון רוחניות'דיגער שכרות מיט אַלע איהרע טיעפענישען און אָבגרונדען. אַז דער יוד איז ווייניגער, איידער אַלע אַנדערע, מסוגל אויפצונעמען אין זיך דאָס לעבען פון דער אויסענווייניגסטער נאַטור, דערין ליגט אַודאי אַ שטיק אמת. וואָרום דער יוד קאָן נישט אַזוי לייכט פועל'ן ביי זיך, ער זאָל זיך אויסטון פון זיין אייגענער נשמה און פערזינקען מיט זיינע געפיהלען אין דער אומבעוואוסטזיניגער וועלט. און דאָס האָט וואַגנער געוויס געשפּירט, כאָטש ער האָט דאָס קיינמאָל נישט קלאָר פאָרמולירט.

ש. רודניאנסקי.

# אנרי בערגסאָן וועגען עסטעטיק.

ניט לאַנג האָט דער בעריהמטער פֿראַנצויזישער דענקער אַרויסגעזאָגט איינינע געדאַנקען וועגען דער קונסט. מ'האָט זיך געקאָנט ריכֿטען, אַז אַ מענש, ווי בערגסאָן, וואָס האָט דער ערשטער אין אונזערע צייטען אָנגעטאָן ווידער די פֿילאָזאָפֿיע אין די שענע, קינסטלערישע פּלאַטאָנישע קליידער — האָט געהאַט וואָס צו זאָגען וועגען דעם קינסטלערישען שאַפֿען. ביז אַהער אָבער האָט בערגסאָן פֿונקענווייז געוואָרפֿען זיינע עסטעטישע געדאַנקען אין מיטען די ריין-פֿילאָזאָפֿישע אָבהאַנדלונגען (ווי, צ. ב., אין זיינע פֿאָרלעזונגען — «La perception du changement»), און איצט האָט ער אויך ניט אָנגעשריבען קיין גראָבען בוך, ניט אויפֿגעשטעלט קיין שווערע, קאָמפּליצירטע „סיסטעם", ניט אויפֿגעקלערט „דאָס שענע" אין פֿיעל קאַפּיטלען און פּאַראַגראַפֿען. בלויז טיעפֿער אַריינגעקוקט אין אונזער עסטעטישען פֿערמעגען, אָנגעדרוקט איינינע בעציהונגען צווישען אונז און דער „ווירקליכֿקייט", איבערגעגעבען זיי אין אַ קלאָרער, דורכֿזיכֿטיגער שפּראַך, ווי עטוואָס זעלבסטפֿערשטענדליכֿעס.

צווישען אונז און דער ווירקליכֿקייט... ווען ניט די צווישען-אינסטאַנצען, וואָס טיילען אונז אָב פֿון די זאַכֿען, וואָלטען אונזערע חושים געהאַט אַ גלייכֿען וועג צו דער אויסענווייניגסטער וועלט, וואָלטען מיר אוממיטעלבאַר דערקענט אונזער נשמה — וואָלטען מיר, הייסט עס, ניט בעדאַרפֿט קיין קונסט: דאַן וואָלטען מיר אַלע געווען קינסטלער. אונזער אויג וואָלט געשניטען פֿונ'ם רוים וואונדערליכֿע בילדער, אונזער זכּרון וואָלט זיי בעוואָרענט פֿאַר דער צייט. מיט איין אונזער בליק וואָלטען מיר פֿון עלאַסטישע, בויגעוודיגע מענשליכֿע קערפּערס געשאַפֿען שענע מירמעל-ווייסע סטאַטועס. אין די טיעפֿענישען פֿון אונזער נשמה וואָלטען מיר געהערט די אונענדליכֿע מעלאָדיע פֿון אונזער אינעווייניגסטען לעבען. יאָ, אַליין פֿאַר זיך איז אונזער זעהען, איז אונזער הערען קינסטלעריש. די מעשה דערפֿון איז אָבער, אַז קודם כּל מוזען מיר לעבען, און לעבען הייסט זעהן, הערען, פֿיהלען פֿאַר אונז, פֿאַר די נויטיגסטע בעדערפֿענישען אונזערע. לעבען הייסט ניט רוהיג בעטראַכֿטען, נאָר טון, נעמען פֿון די זאַכֿען בלויז די נוצליכֿסטע איינדרוקען, רעאַגירען אויף זיי געשווינד דורך די צוגעפּאַסטע מואונגען. די אַנדערע, „ניט-נוצליכֿע" תּכונות פֿון די זאַכֿען

געהען אונז ניט אָן אין אונזער אַלטעגליכען לעבען — זיי זענען גלייך ווי אָבגעטיילט פֿון אונז דורך אַ דיקען שלייער. און דאָס זענען דאָך די אינטימסטע תּכונות, וואָס אונטערשיידען איין זאַך פֿון דער צווייטער. מיר דאַרפֿען אָבער ניט די אונטערשיידען; מיר זעהען בלויז די עהנליכקייטען. אמת, אין דעם פּרט שטעהען מיר העכער פֿאַר אַנדערע חיות. דעם וואָלפֿס אויג מאַכט ניט קיין אונטערשייד צווישען אַ ציגעלע און אַ שעפּעלע: דאָס איז פֿאַר איהם איין און דיזעלבע אָפּפֿער פֿאַר זיין הונגער. מיר, פֿערקעהרט, אונטערשיידען שוין איינס פּנים צווייטען, ניט אָבער איין ציג פֿון דער אַנדערער, איין שעפּס פּנים אַנדערן. זייער זעלבשטענדיגע אינדיווידועלע געשטאַלט איז פֿאַר אונז גלייכגילטיג — בלויז צוויי, דריי אַלגעמיינע סימנים, מעהר דאַרפֿען מיר נישט.

זעהען מיר דען אייגענטליך, ווי עס דאַרף צו זיין? גענוג, אַז מיר ווייסען, צו וואָסער מין, צו וואָסער קאַטעגאָריע געהערט די אָדער יענע זאַך; גענוג, אַז מיר לייענען איבער די עטיקעטקעס, וואָס זענען אָנגעקלעפּט אויף די זאַכען. אָט די „עטיקעטקעס“ דרייקען מיר אויס דורך די ווערטער. יעדעס וואָרט איז אַ סימבאָל, איז אַ געוויסער שטאַנדפּונקט, פֿון וועלכען איך בעטראַכט די זאַך, אַ געוויסע זייט פֿון דער ווירקליכקייט. איך שטעל מיך אויף אַזאַ אופֿן אויסער דער זאַך, אויסער דער ווירקליכקייט, איך דערקען ניט דער עצם פֿון איהר, נאָר בלויז דעם אויבערפֿלאַך. מען דערצעהלט מיר פֿון אַ מענשען, מ'גיט מיר איבער די שטריכען פֿון זיין פּנים, זיינע בעוועגונגען, זיינע ווערטער און מעשים. דאָס זענען אַלץ אויסווייניגסטע שטאַנדפּונקטען. זיי סימבאָליזירען, שטעלען מיר פֿאַר פֿערשיידענע תּכונות. איז עס אָבער דער מענש גופֿא, אָט דער לעבעדיגער, איינצעלנער מענש, וואָס אַחוץ די אַלגעמיין־מענשליכע תּכונות, איז ער דאָך אָריגינעל, זעלבשטענדיג אין דעם אָדער יענעם פּרט, ניט עהנליך צו אַנדערע? געוויס ניט: איך מוז איהם קענען פּערזענליך, מוז מיך איבערטראָגען אין זיין אינעווייניגסטען לעבען, מיטזעהן, מיטהערען, מיטפֿיהלען מיט איהם — נאָר דאַן האָב איך דאָס רעכט צו זאָגען, אַז איך קען איהם פֿולקום.

סימבאָליש דערקענען, הייסט פֿונאַנדערטיילען די זאַך אין איהרע איינצעלנע בעשטאַנד־טיילען, אַנאַליזירען זי כּסדר; הייסט צוגעהן צו דער זאַך פֿון דרויסען. דערצו דיענט אונז דער שכל: ער מוז זיך צופּאַסען צו אונזערע לעבענס־בעדערפֿענישען, ער מוז אַליין בעגרעניצען זיין פֿעלד. אונזער מוח קלייבט זיך אויס פֿון דער ווירק־

ליכקייט דאָס, וואָס איהם איז וויכטיג אין איצטיגען מאָמענט. יא, די פערגאַנגענהייט לעבט אין אונזער זכרון — דאָרט ווערט איפגעהיט אַלץ, וואָס מיר האָבען אַמאָל געזעהן, געהערט, געפיהלט, איבערגעטראַכט. ניט אַלץ איז אָבער גלייך וויכטיג: מיר דערמאָנען זיך דערפון נאָר דאָס נויטיגסטע, דאָס איבעריגע — ליגט זיך רוהיג אונטער דער שוועל פון אונזער בעוואוסטזיין.

פאַראַן אַ צווייטער מין דערקענען: די פערזענליכע, אינטימע בעציהונג צו דער זאַך. לאָמיר זאָגען צום מענשען, וואָס מיר האָבען פון איהם בלויז געהערט, און פלוצים ווערען מיר מיט איהם בעקאַנט, ריהרען אָן זיין האַנד, הערען זיין שטים, קוקען אַריין אין זיין פנים און זוכען דאָרט דעם אויסדרוק פון זיינע פערבאָרגענע געדאַנקען און געפיהלען. אינטים דערקענען הייסט, אַלזוי, תופס זיין די זאַך אין איהר גאַנצקייט און זעלבשטענדיגקייט, הייסט אַריינדרינגען טיעף אין איהר עצם, און דער מיטעל דערצו איז אונזער אינטואיציע. קורץ געזאָגט: סימבאָליש דערקענען, הייסט רעלאַטיוו תופס זיין די זאַך פון דעם אָדער יענעם שטאַנדפונקט, געפינען זיך אויסער איהר; אינטואיטיוו דערקענען הייסט אַבסאָלוט, מיט איין מאָל בענעמען די זאַך, געפינען זיך אין איהר.

דער צווייטער פאַל טרעפט ביי די געלעהרנטע, סיסטעמאַטישע פילאָזאָפען זעהר זעלטען. שאָפענהויער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז ס׳זענען פאַראַן זעהר ווייניג מענשען, וואָס טראַכטען וועגען די זאַכען גופא, וואָרום בכלל טראַכטען מענשען בלויז וועגען די ביכער, וועגען דעם, וואָס אַנדערע מענשען האָבען געזאָגט. טראַכטען וועגען די זאַכען הייסט קינסטליך בעפרייען זיך פון די אַלטעגליכע אינטערעסען, אָבווענדען פון זיי קינסטליך אונזער אויפמערקזאַמקייט. קיין גרינגע זאַך איז עס אוודאי ניט: דערצו איז נויטיג אַ לאַנגער צוגרייטונגס-פּראָצעס. מען מוז שטרענג רעווידירען די אַלע אָנגענומענע ווערטען איף דער אייגענער האַנד, איף דער אייגענער אחריות. ס׳איז אָבער דאָ נאָך אַן אַנדער מין אַריינדרינגען אין דער אמת׳ער ווירקליכקייט. פון צייט צו צייט — זאָגט בערגסאָן — ווערען געבוירען דורך אַ גליקליכען צופאַל מענשען, וואָס זענען — צי דורך זייער חוש, צי דורך זייער מוח — ווייניגער צוגעבונדען צום לעבען, צו דער אַלטעגליכער פּראַקטיק. פשוט אַ פערזעהעניש ביי דער נאַטור: זי האָט פערגעסען צו פערבינדען זייער פעהיגקייט צו בעאָבאַכטען מיט זייער פעהיגקייט צו טון, צו ווירקען. ווען זיי בעמערקען אַ וואָסער עס איז זאַך, זעהען זיי עס בלויז פאַר איהרעטוועגען, ניט פאַר זיך גופא. זיי טראַכטען ניט

וועגען דער זאַך — זיי בעטראַכטען זי איינפאַך — בעטראַכטען ניט, כדי צו טון, צו ווירקען. ניין, זיי בעטראַכטען, כדי צו בעטראַכטען, און וואָס מעהר זאַכען זיי זעהען, אַלץ אַגרעסערע הנאה האָבען זיי דערפון.

אָט די וואונדערבאַרע מענשען, וואָס זיי גיט זיך איין אָבצודעקען איף אַרגע דעם סודות־פולען שלייער, וועלכער טיילט אונז אָב פון דער נאַטור, פון אונזער אייגענעם בעוואוסטזיין — דאָס זענען די קינסטלער. זיי דאַרפען ניט הורכמאַכען דעם שווערען פּראָצעס פונ'ם דענקער, וואָס וויל טראַכטען וועגען די זאַכען גופא — ביי זיי איז עס נאַטירליך: פשוט, זיי קאָנען ניט אַנדערש זעהן, אַנדערש הערען, פיהלען, פאָרשטעלען זיך. נאָר איב דער קינסטלער בעפרייט זיך נאַטירליך פון דער אַלטעגליכער ווירקליכקייט, כדי אַריינצודרינגען אין די טיעפענישען פון דער וועלט, בעפרייט ער זיך דאָך ניט אַלזייטיג. וואָרום דעמאָלט וואָלט ער בעטראַכט אַלע זאַכען אין זייער ריינקייט: די בילדער, די פאַרבען און די טענער פון דער מאַטעריעלער וועלט, גלייך ווי די קלענסטע בעוועגונגען פון זיין אינעווייניגסטען לעבען. בעשערט איז אָבער געוועהנליך דעם קינסטלער אָבצודעקען דעם „סודות־שלייער" נאָר פון איין אייציגער זייט. יעדע פון אָט די זייטען איז שייך נאָר צו אַגעוויסען חוש, וועלכער איז פאַרהאַן ביי דעם אָדער ביי יענעם קינסטלער. דערפון שטאַמט די פערשיידענקייט פון די קונסטען, וואָס שטאַמט פון דער פערשיידענקייט ביי די קינסטלער גופא. איינער וועט זיך, צ. ב., האַלטען ביי דער פאַרב, ביי דער אויסווייניגסטער געשטאַלט — בײם קאָנטור. אמעטום אין דער וועלט וועט ער קודם כל זעהן אָט די צוויי עלעמענטען און דורך זיי וועט ער אונז ווייזען דעם אינעווייניגסטען לעבען פון די זאַכען. ער וועט קעמפען מיט אונזער אַלטעגליכען אופן צו זעהן, אַזוי ווי ס'האָבען געקעמפט אַלע גרויסע מאָלער. דרינגט הער מאָלער באמת טיעף אַריין אין דער פאַרב, אינ'ם ליכט — וועט ער אונז מיט דער צייט צווינגען, מיר זאָלען זעהן די נאַטור מיט זיינע אויגען. אַזוי איז עס געשעהן מיט בעקלין'ען, און איב מיר האָבען אידם סוף כל סוף נאָכגעגעבען, איז עס דערפאַר, ווייל מיר האָבען שוין פריהער געזעהן דאָס, וואָס ער האָט אונז געוויזען אין זיינע אומשטאַרבליכע בילדער. מיר האָבען עס אָבער דאַן ניט דערזעהן, אונזערע איינדריקען האָבען מיר ניט געקאָנט אויסטיילען: דאָס פּראַקטישע לעבען האָט זיי צונויפגעמישט מיט אַנדערע אונזערע ערפאַהרונגען און געמאַכט פון זיי אַנעפעלדיגע מאַסע אָהן פאַרב, אָהן געשטאַלט. דער קינסטלער האָט,

פֿערקערט, א י ז אָ ל י ר ט, אויסגעטיילט און אָבגעגרעניצט זיינע איינ־
דרוקען, זיינע זעה־בילדער האָט ער איבערגעטראָגען אויפ'ן לייווענט
און דאָרט זיי בעפֿעסטיגט — דאָס לעבען האָט ער איינגעצויבערט אין
זיינע געשטאַלטען.

פֿאַרהאַן אַנדערע קינסטלער, וואָס, אָנשטאָט זיך צו ווענדען צו
דער אויסווייניגסטער וועלט, בלייבען זיי ביי זיך גופא, ביי זייער
א י י ג ע נ ע ר נ ש מ ה. זיי הייסען, אַז אונטער דעם אויבערפֿלאַך פֿונ'ם
וו אָ ר ט פֿליסט די טיעפֿע כוואַליע פֿונ'ם ג י י ס ט. דאָס וואָרט איז ווי
אַן איבערגעריבענע מטבע, וואָס גערט אַדורך דורך יעדענס הענד. עס
קאָן אויסגעצייכענט אויסדריקען די פֿלאַכע געדאַנקען, די נידעריגערע
געפֿיהלען. דאָס פּערזענליכסטע, דאָס אינטימסטע אין אונזערע איבער־
לעבונגען איז פֿערדעקט דורך אָט די אַלגעמיינע אויסדרוקען, אָבער עס
איז דאָך פֿאַרהאַן ביי אונז — ווי וואָלטען מיר דען אַנדערש געקאָנט
בענעמען דעם דיכטער, דעם קינסטלערישען ערצעהלער? ווען אָט די
דאָזיגע קינסטלער שטעלען אונז פֿאָר פֿערשיידענע צושטאַנדען פֿונ'ם גייסט,
וועקען זיי אויף ביי אונז די געהעריגע סטרונעס פֿון געפֿיהל.
מיר בעמערקען דורכדעם אַזוינע שאַטירונגען, ניואַנסען פֿון עמפֿינדונגען
און געדאַנקען, וואָס הגם מיר האָבען זיי איך פֿריהער ג ע ה אַ ט, האָ־
בען מיר זיי דאָך ניט אַ י י נ ג ע ז ע ה ן, ביז עס איז געקומען דער
דיכטער: גלייך ווי די פֿאָטאָגראַפֿישע קלישע ווערט „אויפֿגעקלערט“ נאָר
דאַן, בשעת זי ווערט איינגעטונקט אין דער געהעריגער כעמישער פֿלי־
סיגקייט, אַזוי זענען אונזערע אינטימסטע איבערלעבונגען אויפֿגעקלערט
געוואָרען דורך דעם דיכטער, געליטערט אין זיין געניאַלען מח. ווי אַזוי
קומט עס צו אַזאַ ווירקונג, הגם דער דיכטער האָט דאָך אויך צו
טון מיט ו ו ע ר ט ע ר? ער ווייס זיי אָבער אַזוי איינצואָרדענען, קאָמ־
בינירען, צוזאַמענשטעלען, אַז די ווערטער בילדען ביי איהם גלייך, ווי
אַ לעבעדיגען אָרגאַניזם, און אַזויערנאָך גיבען זיי אונז איבער זאַכען,
וואָס די געוועהנטליכע שפּראַך איז ניט ביכולת זיי אויסצודריקען.

נאָך טיעפֿער גראָבען זיך אין אונזער נשמה די מ ו ז י ק ע ר. שוין
דער דיכטער ווירקט אַליין שטאַרקער, וואָס מוזיקאַלישער עס איז זיין
שפּראַך—אַליין שטאַרקער און אַליין א י י נ פֿ אַ כ ע ר, א ו מ מ י ט ע ל ב אָ ר ע ר.
דער מוזיקער אַנטפּלעקט אונטער דעם שטרוים פֿון אונזערע פֿריידען
און ליידען עפּיס אַזוינס, וואָס איז איינגעוואָרצעלט אין אונזער אינ־
סטינקט — די א י נע ו ו י י נ י ג ס ט ע ג ע ז ע צ ל י כ ק י י ט פֿון אונזער טרויער
און שמחה, זייער אייגיגען, איינפֿאַכען ר י ט ם. די מוזיק צווינגט אונז,
אַז מיר זאָלען דייטליך הערען אָט דעם ריטם, און ניט ווילענדיג מוזען

מיר זיך אונטערגעבען אונטער איהר ווירקונג, אַזוי ווי אַוואַנדערער שטעהט צו, פאַרבייגעהענדיג, צום קאַראַהאָד. יעדע קונסט איז גייסטיג אין דעם זינען, וואָס זי איז תּופס אוממיטעלבאַר די ווירקליכקייט, דרינגט אַריין אין איהר עצם. די מוזיק איז די גייסטיגסטע פון אַלע קונסטען: דורך איהר בעקומען מיר דעם אַיינדרוק פון דער ריינער בעוועגונג, וועלכע איז ניט פערבונדען מיט וואָסער עס איז זאַך, וואָס בעוועגט זיך, מיט וואָסער ס'איז שטאָף. איינפאַך, אוממיטעלבאַר, אָהן אַן איפּהער פליסט די טיעפע כוואַליע פון אונזער לעבען; דאָס פערגאַנגענע געדויערט אין איהר אַזוי, ווי עס געדויערט די געגענוואַרט — דער איצט אַזוי, ווי דער נעכטען. אַ געוויסע עמפּינדונג דערפון גיט אונז די מוזיקאַלישע מעלאָדיע דאַן, בשעת מיר הערען זיך צו איהר צו מיט דער גאַנצער אויפמערקזאַמקייט, בשעת מיר רייסען זיך אָב פון אַלע רוימליכע פאָרשטעלונגען — פון דעם אינסטרומענט, וואָס איך איהם ווערט געשפּיעלט די מעלאָדיע, פון די נאָטען א. ד. גל.

איך האָב איבערגעגעבען בערגסאָנ'ס אָנשויאונגען כמעט מיט זיינע אייגענע ווערטער, בענוצט זיינע אייגענע ביישפּיעלען — און דאָך איז עס נאָר אַ מעהר-ווייניגער געטרייער בעגריף. דעם ריכטיגען איינדרוק בעקומט מען ערשט דאַן, בעת מען לייענט בערגסאָנ'ס ווערק אין אָריגינאַל — אין דעם אומפערגלייכליכען קריסטאָל-ריינעם פראַנצויזיש — דער שפּראַך פון דעקאַרט און פּאַסקאַל. „דער טאָן מאַכט דאָס ליעד“ C'est le ton, qui fait la chansou זאָגען די פראַנצויזען — אין ביז צו אַ געוויסער מאָס לאָזט זיך דאָס אויך זאָגען וועגען דער קינסטלערישער פאָרם פון בערגסאָנ'ס געדאַנקען. ניט צופעליג איז עס, וואָס דער „בערגסאָניזם“ איז ענטשטאַנען גלייכצייטיג מיט דעם סימבאָליזם — מיט דער נייער ליטעראַרישער און בכלל קינסטלערישער שטרעמונג: דאָס בעסטע ווערק פון בערגסאָנ'ען, וואָס האָט בעהאַנדעלט די אוממיטעלבאַרע פאַקטען פונ'ם בעוואוסטזיין“ (Essai sur les donnéss immédiates de la conscience) איז פערענדיגט געוואָרען נאָך פאַר דעם יאָהר 1884, הגם דאָס ברייטע פובליקום האָט זיך מיט איהם בעקענט ערשט אין אייניגע יאָהר שפּעטער. בערגסאָן האָט פיעל מיטגעהאָלפען די סימבאָליסטען — ער האָט זיי געגעבען די פילאָסאָפישע וואָפען, און ניט אומזיסט זענען זיי זיך סומך אויף איהם אַזוי אָפט. ס'איז גענוג צו פערגלייכען אַ רייהע ציטאַטען אין „Essai sur le symbolisme“ פון טאַנקרעד דע וויזאַן.

גלייכצייטיג מיט בערגסאָנ'ען האָט ווערלען געשטעלט אַלס אַ

לאָזונג פון דער נייער פּאָעזיע — איפּהויבען דעם מוזיקאַלישען עלעמענט אין דער שפּראַך (דעם מוזיקאַלישען און ניט בלויז דעם מעלאָדישען), אַנטפּלעקען די טיעפע, פערבעהאַלטענע פער־בינדונגען צווישען דער נשמה און דעם וואָרט. „קודם כל די מוזיק" — האָט ער געהייסען אין זיין „פּראָגראַם־געדיכט" De la musique avant touts chose" וואָרום די מוזיק גיט איבער מיט איהרע האַלבּ־טענער די קלענסטע ניואַנסען, און „מיר ווילען בלויז דעם ניואַנס, ניט די שריי־ענדיגע פאַרב". — זאָגט ווייטער ווערלען — „דען נאָר דער ניואַנס פּאָרט צוזאַמען דעם טרוים מיט'ן טרוים, די פליימע מיט דעם האָרן":

«Car nous voulons la Nuance encor,
Pas la couleur, rien que la Nuance.
Oh! La nuance seul fiance
Le rêve au rêve et la flûte au cor.»

דער ראָמאַנטיזם האָט געוואָלט איבערגעבען דעם געדאַנק, דעם געפיהל דורכ'ן בילד — דער סימבאָליזם וויל איבערגעבען דעם געדאַנק און דעם געפיהל, בעזונדערס די שטימונג, דורך דער ענטוויקלונג פון דער איניגסטער מעלאָדיע פונ'ם וואָרט, דורך זיין ריטם גופא. אָט די מעלאָדיע און ריטם זענען פערבונדען מיט דער רייה פון בילדער אַזוי, ווי דער פליסענדיגער איבערפלאַך פון טייך איז פערבונ־דען מיט דער אָבשפּיגלונג פון הימעל, פון וואָלקענס, פונ'ם ברעג. דער הימעל נעמט אָן פערשיידענע געשטאַלטען, דער ברעג פערענדערט זיך מיט דער צייט — איינפאַך, אומטיילבאַר, אָהן אַן איפּהער פליסט די טייך, און איהר וויגענדיגע מעלאָדיע דערמאָנט אונז די טיעפע נוואַליע פון אונזער אייגענעם גייסט. אַרויסרופען אַזאַ ווירקונג — דאָס איז די עצם איפגאַבע פון דער אמת'ער קונסט.

ק׳ זשיטאמירסקי.

# וועגען דער וויזועל־פּאַנעטישער מעטאָדע צו לערנען יודיש.

איטליכע מעטאָדע צו לערנען לייענען און שרייבען א קינד, וואָס קאָן נאָך גאָרניט לייענען און שרייבען, מוז זיין צוגעפּאַסט צו דער שריפט־סיסטעם פון יענער שפּראַך, וואָס מען וויל זי אויסלערנען. ס׳איז נישט מעגליך צו לערנען לייענען כינעזיש לויט דער קלאַנגען־מעטאָדע אָדער לויט דער צונויפזעצונגס־מעטאָדע, וואָרום די צייכענס פון כינעזיש בעצייכענען ניט קיין קלאַנגען, נאָר ווערטער, און דער כינעזישער תּלמיד מוז זיך איינ׳חזר׳ן גלייך פון אָנהויב אָן אַ גרויסע צאָהל צייכענס. אָפּטמאָלס קומט אויס אויך דעם ענגלישען לעהרער אָנצו־ווענדען די כינעזישע מעטאָדע, וואָרום אויך אין ענגליש בעצייכענען די אותיות אָפטמאָלס מעהר ניט ווי דעם בעגריף, און ניט די קלאַנגען פון וואָרט. למשל, דאָס וואָרט יו אין ענגליש קאָן בעטייטען: הוגאָ (אַ נאָמען), אַ שאָף, איהר, אַ פאַרב, און שרייבען שרייבט מען עס: Hugh, ewe, you, hue. אַזעלכע ווערטער קאָן מען אַנדערש ווי אויפ׳ן כינעזישען שטייגער ניט לערנען לייענען. פאַר אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכען, חוץ פראַנצויזיש, וועט בעסער פּאַסען די צונויפזעצונגס־מעטאָדע (עֶם — אַ — מאַ) אָדער די קלאַנגען־מעטאָדע (אְם — אַ — מאַ).

פרעגט זיך, וואָסער מעטאָדע צו לערנען לייענען פּאַסט בעסער פון אַלץ פאַר יודיש.

די מעטאָדע צו לערנען לייענען, וואָס מען בענוצט זי אין די חדרים, איז טעאָרעטיש גאַנץ צוועקמעסיג. פּעדאַגאָגיש מעהר ניט איז דאָס געווען שלעכט אַוועקגעשטעלט, נאָר אין דעם אַרטיקעל בין איך ניט אויסען צו קריטיקירען די דאָזיגע מעטאָדע (פּתח מים מאַ). איך וויל נאָר בעמערקען, אַז די דאָזיגע מעטאָדע איז צוועקמעסיג ביי דער העברעאישער שרייב־סיסטעם. די שרייב־סיסטעם פון יודיש אונטערשיידט זיך אין כּמה פּרטים פון דער שרייב־סיסטעם פוז העברעאיש, און דעריבער מוז די מעטאָדע צו לערנען יודיש אַזעלכע קינדער, וואָס קענען נאָך ניט לייענען העברעאיש, על פּי הכרח זיין אַנדערש. פערשטעהט זיך, אז דערפון וועט מען ניט ווערען דרינגען, אַז מען בעדאַרף פריהער אויס־

לערנען לייענען העברעאיש, און דערנאָך ערשט איבערגעהן צו יודיש. דאָס טאָר ניט זיין. ווארום איצט איז שוין אַן אָנגענומענער כּלל, אַז נאָר אויף דער מוטער-שפּראַך מוזען געגעבען ווערען די ערשטע התחלות פון בילדונג.

ווידער אַנדערע פּעדאַגאָגען מיינען, אַז עס איז פאַרהאַן אַן אַלגעמיינע מעטאָדע צו לערנען לייענען, אַ מעטאָדע, וואָס איז גילטיג פאַר אַלע שפּראַכען גלייך. דאָס איז די אַזוי אָנגערופענע קלאַנגען=מעטאָדע, וואָס אין משך פון די לעצטע 50 יאָהר האָט זיך גערעכענט פאַר אַ פּעדאַגאָגישער אַפּיקורסות זי צו קריטיקירען. די לעצטע צייט, פערקעהרט, האָט מען שוין אַ ביסעל צופיעל אָנגעהויבען אַראָב צו=וואַרפען די דאָזיגע מעטאָדע. מען ווייזט אויף, אַז די „צונויפגיסונג” (פון די קאָנסאָנאַנטען מיט די וואָקאַלען), וואָס דערויף איז דער עיקר בעגרינדעט די דאָזיגע מעטאָדע, קאָנען פאַקטיש די שילער ניט אַרויסברענגען אָהן דער הילף פונ׳ם לעהרער. דאָס איז טאַקע ריכטיג. נאָר די פערטיידיגער פון דער דאָזיגער מעטאָדע האַלטען, אַז נאָך 50 יאָהר וועט מען מוזען זוכען אַ מיטעל, ווי אַזוי צו שטאַנד צו ברענגען די דאָזיגע צונויפגיסונג. אָבער פאַרוואָס די צונויפגיסונג גיט זיך ניט איין — דאָס וויסען ניט ניט די אָנהענגער און ניט די געגנער פון דער דאָזיגער מעטאָדע. איך וויל דאָ בקיצור דערקלערען, פאַרוואָס דאָס גיט זיך ניט איין, און שטעל אויף די הנחה, אַז די „צונויפגיסונג”, וואָס מען פאָדערט ביי די קינדער, איז פיזיאָלאָגיש ניט מעגליך. איך מוז זיך דאָ בעגנוגען מיט די אַלגעמיינסטע שטריכען; דער לעזער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט דער פראַגע, וועט געפינען געגויערס אין דער מעטאָדישער איינפיהרונג, וואָס מיר האָבען אָנגעשריבען צום אַלף-בית=לעהר=בוך „די נייע שול” *.

מיט וואָס בעצם בעדאַרף זיך אונטערשיידען די קלאַנגען=מעטאָדע פון דער צונויפזעצונגס-מעטאָדע?

דער אידעאַל פון דער קלאַנגען=מעטאָדע בעשטעהט אָט אין וואָס. אויב מען זאָל איטליכען אות אָנרופען אַזוי, ווי ער ווערט מיט אַן אמת אויסגערעדט, דעמאָלט וועט זיין גענוג איבערצולייענען כּסדר אַלע אותיות פון אַ וואָרט, ד. ה. אָנרופען זייערע נעמען, און מ׳וועט בעקומען די קלאַנגען פונ׳ם וואָרט, אַזוי ווי מען רעדט איהם שטענדיג אויס. אויב דאָס וואָרט „מאַמע” וואָלט אין דער אויסשפּראַך באמת ניט אַנדערש געקלונגען, ווי די צונויפזעצונג פון די פיער נעמען פון די אותיות: מָ, אַ, מָ,.. ע, — דעמאָלט וואָלט טאַקע אַזוי געווען. די צרה איז אָבער, וואָס די דאָזי=

* ערשיינט אין „ווילנער פערלאַג” פון ב. א. קלעצקין.

גע כּלומר׳שט פאָנעטישע נעמען האָבען אין זיך אַזעלכע קלאַנגען, װאָס אין װאָרט „מאַמע“ זענען זײ גאָר ניטאָ. אמת, דער תּלמיד לערנט זיך אויס, סוף כּל סוף, צו אַבּסטראַהירען, אַרויסצונעמען פון די נעמען, װאָס מען גיט איהם, יענע קלאַנגען, װאָס ער האָט נויטיג, און אויף אַזאַ אופן לערנט ער זיך אויס לײענען. נאָר דאָס קומט אַרויס ניט מיט דער הילף פון די דאָזיגע „פאָנעטישע“ נעמען, נאָר זײ צו להכעיס. דער חילוק צװישען דער קלאַנגען=מעטאָדע און דער צונויפזעצונגס=מעטאָדע בּעשטעהט נאָר דערין, װאָס די לעהרער, װאָס האָבּען בּענוצט די אַלטע מעטאָדע, האָבּען געװאוסט, אַז דאָס װאָרט „מאַמע“ װערט ניט אויסגערעדט: פַּתַּחְמֶמְסֶגֻלְמֶם און ניט: עֶמְאַעֶמְאַ, און די, װאָס לערנען לויט דער קלאַנגען=מעטאָדע, זענען איבּערצײגט, אַז „מאַמע“ װערט אויסגערעדט: מְאַמְעֶ. און אויסלערנען זיך לײענען קאָן מען, פערשטעהט זיך, לויט איטליכער מעטאָדע, און אַפילו אויף להכעיס אַלע מעגליכע מעטאָדעם.

בּכדי צו בּעװײזען אונזער הנחה, אַז די אַזוי אָנגערופענע קלאַנגען=מעטאָדע איז פיזיאָלאָגיש ניט אויסגעהאַלטען, מוזען מיר װאַרפען אַ בּליק אין דער קלאַנגען=פיזיאָלאָגיע.

אַלע קלאַנגען, װאָס דער מענש געבּרויכט בּײם רעדען, װערען אַרויסגעבּראַכט דורך דער לופט, װאָס ער אָטעמט אַרויס. אונזער געװעהנליכער אָטעם איז אָבּער אַזוי שװאַך, אַז מ׳קאָן איהם כּמעט ניט אַרויסהערען. בּכדי מען זאָל די קלאַנגען, װאָס װערען געבּוירען בּײם אַרויסאָטעמען, קאָנען הערען בּײם רעדען, פּרעסען מיר צונויף דעם לופט=שטראָם, מאַכען מיר איהם געדיכטער. ס׳זענען פאַרהאַן אַזעלכע קלאַנגען, װאָס אָהן אַזאַ צונויפפּרעסונג בּײ אַ מחיצה, װאָס איז מיט אַ כּיװן געמאַכט צוליעבּ דעם, קאָן מען זײ בּכלל ניט אַרויסרעדען. למשל, בּכדי אַרויסצורעדען דעם קלאַנג פּ מוז מען צונױפּרעסען די ליפּען, און דער לופט-שטראָם װערט אין דערזעלבּיגער רגע געדיכט; אַז מיר עפענען מיט אַמאָל די ליפּען, בּעקומען מיר דעם אויפרײס=קלאַנג (עקספּלאָסיװ=קלאַנג) פּ, װאָס איז גלײך צום קלאַנג, װאָס בּעקומט זיך בּײם אַרויסנעמען דעם קאָרק פון אַ פלאַש מיט גאַז=װאַסער. די מחיצות פאַר דעם לופט=שטראָם װערען געמאַכט אין דרײ ערטער: 1) בּײם אַרויסגאַנג פון דער קעהל (שלונד) זענען פאַרהאַן בּײ אונז צװײ עלאַסטישע בּענדלעך מיט אַ בּרײטען שפּאַלט צװישען זײ. בּײם געװעהנטליכען אָטעם=ציהען איז דער דאָזיגער שפּאַלט בּרײט פונאַנדערגעעפענט. נאָר, אַז מיר װילען, קאָנען מיר דעם שפּאַלט מאַכען שמעלער אָדער אינגאַנצען פערמאַכען. אַז מיר פערמאַכען דעם דאָזיגען שפּאַלט, דעמאָלט פּרעסען מיר צונויף די לופט אין דער קעהל

גופא. און אַז מיר עפענען איהם דערנאָך, בעקומען מיר דעם עקספּלאָסיוו־קלאַנג אָ (דאָס איז דער קלאַנג פון געוועהנטליכען הוסטען, וואָס מ׳קאָן עס הערען ביי אַן אומגעניטען אָראַטאָר פאַר׳ן אָנהויבען רעדען). 2) אַ מחיצה קאָן אויך ווערען געמאַכט דורך צודריקען דעם צונג צו פערשייד־דענע ערטער פונ׳ם גומען ביז צום שאַרף פון די ציינער; אָבריישענדיג דעם צונג, בעקומען מיר פונ׳ם אויפרייס פונ׳ם לופט־שטראָם די קלאַנגען: ק, טש, צ, ט, — לויט דעם אָרט פון גומען, וואו דער צונג האָט אָנגע־רידהרט. 3) ביים צונויפפרעסען די ליפען; בשעת׳ן עפענען זיי בעקומען מיר פּ.

ווען אָנשטאָט צו מאַכען אַ *דורכאויסיגע* מחיצה, ווילען מיר בלויז שטאַרק צונויפציהען די שטים־בענדער אָדער צולעגען נאָהענט דעם צונג צום גומען אָדער דערנעהענטערן די ליפען צו אַנאַנד, איבערלאָזענדיג אַ שמאָלען שפּאַלט, — דעמאָלט וועט די לופט זיך אויך אָנקלייבען געדיכטער פאַר׳ן שפּאַלט, נאָר בכדי אַרויסצובעקומען דעם קלאַנג, וועט ניט נויטיג זיין צו דערווייטערן איין אָרגאַן פונ׳ם אַנדערן; דער קלאַנג וועט זיך סיי ווי בעקומען דורך דער *רייבונג* פון די לופט־טיילכעלעך אָן די ווענטעלעך פונ׳ם מויל און פון דעם שמאָלען שפּאַלט. אויף אַזאַ אופן בעקומען מיר די פריקאַטיווע אָדער רייב־קלאַנגען: ה (צווישען די שטים־בענדער), ס, *ch, ש, כ (צווישען צונג און די פערשיידענע טיילען פון גומען־געוועלב), פ (צווישען דער אונטערשטער ליפּ און די אויבער־שטע ציינער). ס׳פערשטעהט זיך, אַז די פריקאַטיווע קלאַנגען קאָן מען לאַנג ציהען, בעת די עקספּלאָסיווע זענען מאָמענט־קלאַנגען.

בכדי צו בעקומען די איבעריגע קלאַנגען, געברויכען מיר שוין ניט קיין פשוט׳ן אָטעם־ציהען. צום קלאַנג, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט דורכ׳ן אויפרייס אָדער דורך דער רייבונג פונ׳ם לופט־שטראָם, קומט צו נאָך אַ מוזיקאַלישער טאָן, וואָס נעמט זיך דערפון, וואָס די אָנגעצויגענע שטים־בענדער טוען ציטערן (וויברירען), ווי סטרונעס. דער דאָזיגער קלאַנג הייסט די *שטים* אָדער דער *הילך*. ווען מען ברענגט איהם אַרויס בע־זונדער, דערמאָנט ער דעם זשוזשען פון אַ פליג אָדער פון אַן אָנגע־צויגענער סטרונע. פון דער צומישונג פונ׳ם דאָזיגען קלאַנג ווערען

די קלאַנגען: ק, טש, צ, ט, כ, ש, ch, ס, פ, פ.

פערענדערט אין: ג, דזש, דז, ד, r**, זש, י, ז, ב, וו.

אין די דאָזיגע קאָנסאָנאַנטען בעשטעהט דער עצם־קלאַנג איג׳ם אויפרייס אָדער אין דער רייבונג, די הילכיגקייט (למשל, אין

* אזוי ווי אין דייטשען ich, רוסיש хь.

** ווי אין קליין־רוסיש און רוסיש Господь.

װ, ז און אַזױ װ.) איז נאָר אַ טפל־זאַך. אין די איבעריגע קאָנסאָנאַנטען (ל, מ, נ, ר) איז די הילכיגקייט דער גרונד־קלאַנג, און די רייבונג אַ טפל־זאַך, װאָרום אויב מ'זאָל זיי װעלען אַרויסרעדען געפּרעפּעלט (געשעפּטשעט, אָהן אַ שטים), קאָן מען זיי כּמעט ניט הערען. פון זיי װערט דער רְ אַרויסגערעדט, בעת דער לופט־שטראָם װערט איבערגיצהאַקט דורכ'ן ציטערנדיגען שפּיץ־צונג אָדער צינגעל ביים קעהל־איינגאַנג (דער כאָרכעלדיגער ריש). דער לְ װערט אַרויסגעבראַכט, װען מען בלאָזט דורך דעם לופט־שטראָם דורך דער טרייבעל, װאָס װערט ביים צונויפדרעהען דעם שפּיץ צונג. די קלאַנגען נְ און מְ װערען אויסגערעדט ביים אויסאָטעמען דורכ'ן נאָז: מְ מיט פערמאַכטע ליפּען, נְ מיט פערמאַכטע צייהן. לאָמיר דאָ, אַגב, בעמערקען, אַז די דאָזיגע פיער קלאַנגען, װאָס בעשטעהען כּמעט פון ריינער הילכיגקייט, זענען בכּח צו זיין, פונקט אַזױ װי עכטע װאָקאַלען, טראַפּבילדענדיג *. אין אונזער שפּראַך זענען געװעהנטליך טראַפּבילדענדיג („װאָקאַלען") די קלאַנגען לְ און נְ, למשל: פּי—דל, הי—טל בי—כל, זאָ—גן, האַל—טן, קלאַ—פּן און אַז. װ. (מ'שרייבט: פידעל, היטעל, זאָגען און אַז. װ., אָבער אין דער אמת'ען איז דאָ קיין שום עְ ניטאָ; מ'שרייבט עס נאָר, בכדי נאָכצוטון די טייטשען, װאָס אַפילו בײ זײ איז עס אויך איבעריג); זעלטען װען בעגעגענען זיך אויך טראַפּבילדענדיגע מ און ר, למשל, אין דר ערד, דר מוטער (לָאֵם, נאָר „דער מוטער" — לזאת האם), דם פאָטער (לאב, נאָר „דעם פאָטער" — לזה האב).

װי אַזױ זשע װערען אַרויסגערעדט די עצם װאָקאַלען?

בשעת עס ציטערט אַ סטרונע, בעקומט זיך, חוץ דעם מוזיקאַלישען טאָן, װאָס עס גיט אַרויס די גאַנצע סטרונע, נאָך אַ רייה זעהר הויכע טענער (אויבערטענער). װאָס נעמען זיך דערפון, װאָס געװיסע איינציגע טיילען פון דער סטרונע ציטערן מיט אַ גרעסערער גיכקייט, איידער די גאַנצע סטרונע; די דאָזיגע אויבער־טענער זענען אָבער אַזעלכע שװאַכע, אַז מיר הערען זיי ניט. בכדי זיי צו דערהערען, מוז מען זיי פערשטאַרקען דורך רעזאָנאַטאָרם **. אויף איטליכען טאָן קלינגט אָב נאָר איין רעזאָנאַטאָר פון אַ בעשטימטען היקף אָדער בעשטימטער פאָרם. העלמהאָלץ האָט בעוויזען, אַז די װאָקאַלען זענען קאָמבינאַציעס אָדער אַקאָרדען פון אויבערטענער. אַז מען זאָל צוקלייבען עטליכע פערשיידענע קאַמערטאָנם און פערשטאַרקען זייערע קלאַנגען דורך רעזאָנאַטאָרם, קאָן

* לויט ה' טשעמערינסקי'ס פאָרשלאָג געברויכען מיר דער טערמין טראַף אַנשטאָט זילבע.

** גענויער װעגען דעם אין אונזער ביכעל.

מען בעקומען די וואָקאַלען אָהן אַ מענשליכער שטים. בכדי אַרויסצורעדען די וואָקאַלען, טיילען מיר פונאַנדער דורכ'ן צונג אָדער אויף אַנדערע אופנים דעם חלל פון מויל אויף עטליכע רעזאָנאַטאָרם פון אַזאַ פאָרם, וואָס איז נויטיג אויף אויסצוטיילען פון דער הילכיגקייט יענע אויבערטענער, וואָס בילדען דעם וואָקאַל. אַרויסרעדענדיג, אַשטייגער, דעם וואָקאַל i, טיילען מיר פונאַנדער די מויל אויף עטליכע רעזאָנאַטאָרם מיט דעם היקף און דער פאָרם, וואָס מיר האָבען נויטיג. ווי נאָר מ'הויבט אויף אַ ביסעל העכער דעם צונג צום גומען, און די פאָרם ווערט געשטערט. — דעמאָלט טויגען שוין די חלל'ס ניט פאַר רעזאָנאַטאָרס, און מיר וועלען הערען ניט דעם וואָקאַל i, נאָר דעם רייב=קלאַנג יְ (= j).

איצטער לאָמיר זיך פאָרשטעלען, אַז מיר ווילען אויסרעדען אי'טליכען קלאַנג בעזונדער, ווי מען מוז דאָס טון ביי דער קלאַנגען-מעטאָדע צו לערנען לייענען. דער קלאַנג מוז ווערען אויסגערעדט גאַנץ דייטליך און שטאַרק. דאָס הייסט, אַז דער לופט=שטראָם מוז ערגיץ וואו ווערען פערהאַלטען און צונויפגעפרעסט. די עקספלאָסיוו=קלאַנגען (אְ, קְ, טְשְ, צְ, טְ, פְּ, גְ, דְזְ, דְ, בְּ), וויבאַלד אַז זיי ווערען דאָך שטענדיג אַרויסגערעדט מיט אַ געפרעסטען לופט=שטראָם, רעדען מיר טאַקע אַרויס אַזוי, ווי זיי ווערען באמת אַרויסגערעדט ביים רעדען. די רייב=קלאַנגען ווידער ווערען אַרויסגערעדט אָהן פולקומענער אײַנפרעסונג פונ'ם לופט=שטראָם, וואָרום די לופט ביים שפּאַלט האָט שטענדיג אַ דורכגאַנג. מיר קאָנען טאַקע צוליעב דעם שטאַרקער צונויפדריקען די לונגען, דעמאָלט וועלען מיר בעקומען די קלאַנגען: הְ, כְ, סְ, פְ, שְ, יְ, זְ, וְ, זְשְ אין זייער ריינער געשטאַלט. נאָר געוועהנטליך טוען מיר ניט אַזוי. מיר פערמאַכען די שטים-שפּאַלט, און די לופט ווערט שוין צונויפגעפרעסט פריהער אין קעהל, אַזוי אַז אין מויל קומט שוין אַריין אַ געדיכטער לופט=שטראָם. נאָר בשעת מיר טוען אַזוי, בעקומען מיר אַפריהער ביים עפענען די שטים=שפּאַלט דעם קלאַנג אְ, און ערשט נאָכדעם רעדען מיר אַרויס די דויער=קלאַנגען. אויך אָנשטאָט סְ, פְ, שְ, זְ, וְ, זְשְ (הְ, כְ, יְ רעדען מיר שטענדיג אַרויס ריין), בעקומען מיר: אְסְ, אְפְ, אְשְ, אְזְ, אְוְ, אְזְשְ. די דאָזיגע נעמען פון די אותיות שטימען שוין ניט מיט די עצם קלאַנגען, וואָרום זיי זענען כולל אין זיך דעם איבעריגען קלאַנג אְ. אמת איז, אַז מיר קאָנען זיי אַרויסרעדען אויך אָהן אְ, אויב מיר וועלען זיין פאָרזיכטיג. נאָר וואָס טוען מיר ביים אַרויסרעדען אַזעלכע קלאַנגען, וואָס ביי זיי ווערט דער לופט=שטראָם גאָרניט צונויפגעפרעסט, ד. ה. מְ, נְ, לְ, רְ און אויך אַלע וואָקאַלען? מיר קאָנען זיי בעזונדער ניט אַרויסרעדען, אויב מיר האָבען אַפריהער ניט צונויפגעפרעסט די לופט אין קעהל. הייסט דאָס, אַז

# ק. זשיטאמירסקי.—אַ מעטאָדע װעגן יודיש.

אײדער מיר זאָגען מְ אָדער אַ, מוזען מיר פערמאַכען די שטים־שפּאַלט. בעת מיר עפענען זי אויף, בעקומען מיר אַפריהער דעם אֶ, און דערנאָך ערשט דעם נויטיגען קלאַנג. לויט דער קלאַנגען־מעטאָדע הייסען טאַקע די קלאַנגען אַזוי, ד. ה. די קלאַנגען m, n, l, r, a, o, u, i, e הייסען אֶם, אֶן, אֶל, אֶר, אַ, אָ, אֻ, אִ, אֶ, (אa, אo, אu, אi, אe). בשעת דער לעהרער בעװייזט דעם תּלמיד s און a, און רופט אָן דעם ערשטען אות סְ און דעם צװייטען אַ, לייענט דער תּלמיד סְאַ (רוסיש сьа), און ניט סַ; אַז ער בעװייזט איהם m און o און רופט זיי אָן אֶם און אָ, לייענט דער תּלמיד אֶמְאָ, און ניט מָ.

דאָס איז די סיבּה, פאַרװאָס די צונויפגיסונג גיט זיך ניט אַיין, און פאַרװאָס די רײנע קלאַנגען־מעטאָדע קאָן ניט אויסהאַלטען. פּונקט אַזוי װי אין דער מעטאָדע פון עֶם—אַ—מאַ מוזען די תּלמידים זיך אָנשטויסען, װאָס בעדאַרפען זיי לייענען פון דעם, װאָס זיי האָבען געהערט, און װאָס זיי בעדאַרפען איבּערהיפּען, — אַזוי האָט אויך די זעלבּיגע אַרבּייט דער תּלמיד, װאָס לערנט זיך לויט דער מעטאָדע אֶם—אַ—מאַ. מעהר ניט װאָס אין דער לעצטער מעטאָדע דערלאָזט ניט דער לעהרער כּסדר דעם תּלמיד, ער זאָל זיך אָנשטויסען, װאָס מען װיל פון איהם.

די עכטע קלאַנגען־סיסטעם פאָדערט, אַז דער נאָמען פון איטליכען קלאַנג זאָל שטימען מיט דעם, װי ער װערט אַרויסגעזאָגט בּיים רעדען. נאָר װאָס איז דאָס אַיין קלאַנג? פרעגט בּיי אַ מענשען, װאָס קאָן ניט לייענען, װיפיעל קלאַנגען געפינט זיך אין'ם טראַף יו, װעט ער בעשטימט ענטפערן: איין קלאַנג. פרעגט דאָס אייגענע בּיי אַ מענשען, װאָס קאָן יאָ לייענען, װעט דער בּילד זיך אומבּייטען. דער װאָס קאָן לייענען נאָר יודיש, װעט אַייך זאָגען, אַז או האָט צװיי קלאַנגען און יו האָט אויך צװיי קלאַנגען (װאָרום ער שרייבּט זיי מיט צװיי אותיות); דער װאָס לייענט נאָר דייטש װעט זאָגען, אַז או איז איין קלאַנג (ער שרייבּט איין אות u), און יו האָט צװיי קלאַנגען (ער שרייבּט ju); דער װאָס לייענט נאָר רוסיש װעט זאָגען, אַז סיי או און סיי יו האָבען נאָר איין קלאַנג (ער שרייבּט איין אות y און ю). דאָס לעצטע קאָנט איהר געפינען אין אַלע רוסישע לעהרבּיכער, בּיי די גדולים פון דער רוסישער פּעדאַגאָגיק, אַזעלכע װי װאַכטעראָװ, טיכאָמיראָװ און אַנד. פרעגט בּיי אַ פראַנצויז, װאָסערע קלאַנגען זענען פאַרהאַן אין'ם טראַף gna,—װעט ער אַייך זאָגען: דער װייכער קאָנסאָנאַנט gn (רוסיש нь) און a. פרעגט בּיי אַ רוס װעגען דעם טראַף ня (פראַנצויזיש gna און רוסיש ня װערען געלייענט דורכאויס גלייך),—װעט ער אַייך זאָגען: דער קאָנסאָנאַנט н און דער װייכער װאָקאַל я. די שריפט פערהיפּנאָטיזירט דעם מענשען, װאָס קאָן לייע־

ענען, און ער פלאָנטערט זיך שטענדיג צווישען די קלאַנגען און אותיות. פאַר אַ מבין אין מוזיק איז אַן אַקאָרד עטליכע קלאַנגען, פאַר אַ מענשען, וואָס האָט קיין מוזיק ניט געלערנט, איז אַן אַקאָרד איין קלאַנג. אַקוסטיש זענען או, יו און פו גלייכע קלאַנגען, הגם זיי זענען צונויפגעשטעלט פון עטליכע עלעמענטען. רוסיש зя איז איין קלאַנג, הגם עס בעשטעהט פונ׳ם קלאַנג ה̣ + ה + דער הילכיגקייט + ְ + דעם וואָקאַל, a, וואָס איז אַליין אַ קאָמבינאַציע פון דריי פערשיידענע איבערטענער אָבער די אַלע זעקס קלאַנגען זענען אקוסטיש, פאַר׳ן געהער, נאָר איין קלאַנג.

לויט דער ראַציאָנאַלער מעטאָדע צו לערנען לייענען מוז די קאָמבינאַציע פון אַ קאָנסאָנאַנט מיט אַ וואָקאַל געגעבען ווערען ווי איין קלאַנג, כאָטש דערפאַר אַליין, וואָס מיר קאָנען ניט געבען בעזונדער קיין וואָקאַל (אָנשטאָט אַ רעדען מיר אוים a א), און טיילמאָל אויך ניט קיין קאָנסאָנאַנט (אָנשטאָט מְ זאָגען מיר אֶם). נאָר די דאָזיגע מעטאָדע איז בעקוועם אָנצו־ווענדען דעמאָלט, בשעת די שרייב־סיסטעם איז אַזאַ, אַז די קאָמבינאַציע ווערט אויסגעדריקט דורך איין אות און ניט דורך צוויי. אַזוי איז עס טאַקע אין העבּרעאיש, וואו די וואָקאַלען ווערען גאָרניט אָנגעצייכענט אין די ביכער פאַר דערוואַקסענע, און פאַר ניט־געניטע אין לייענען ווערט עס נאָר אָנגעמערקט דורך די נקודות, ווי אַ טפל־זאַך, ווי אַ קלאַנג־פאַרבּונג: בַּ אָדער מַ זענען ניט בלויז איין קלאַנג, נאָר אויך איין אות, און דער פּתח בעצייכענט נאָר די פאַרבונג, און ניט קיין בעזונדער קלאַנג, וואָס מ׳זאָל אידם קאָנען אויסזאָגען בעזונדער. דער פּתח איז לחלוטין ניט קיין אַ, ווייל ער איז ניט כּולל אין זיך דעם קאָנסאָנאַנט אָ. די סיסטעם איז שטרענג אויסגעהאַלטען, וואָרום דער קלאַנג א האָט זיין בעצייכענונג און ווערט געשריבען דעמאָלט, ווען ער ווערט אַרויסגערעדט, און אויב ער ווערט געשריבען אַמאָל אין אַזאַ פאַל, ווען ער ווערט ניט אַרויסגערעדט, ווערט דאָס אָנגעמערקט דורכדעם, וואָס עס בלייבט אויסען די נקודה.

מ׳קאָן אַפילו אָבפרעגען, אַז אויף אַזאַ אופן איז דאָך אין דער יודישער שריפט אָנגענומען די אייראָפּעאישע סיסטעם, וואָרום די וואָקאַלען ווערען דאָך בעצייכענט דורך אותיות, און ניט דורך נקודות: העבּרעאיש מַ וועט זיין אין יודיש מאַ, פּונקט אַזוי ווי אין די אייראָפּעאישע שפּראַכען ma. דאָס איז אי ריכטיג אי ניט ריכטיג. לאָמיר זיך נעהענטער צוקוקען צום ענין.

אין די יודישע טעקסטען, וואָס זענען געדרוקט מיט נקודות, אַשטייגער אין סידורים מיט עברי־טייטש, שטעהען די נקודות אונטער די קאָנ-

סאָנאַנטען=צייכענס און ניט אונטער די וואָקאַלען=צייכענס: מַא און ניט מאַ.
די טעקסטען פון די מאָדערנע אויסגאַבען ווערען אינגאַנצען געדרוקט אָהן
נקודות, פונקט ווי די העבּרעאישע טעקסטען. אויב מען שטעלט אַמאָל
אונטער אַן אַלף אַ קמץ אָדער אַ פּתח, זענען דאָס נור דיאַקריטישע צייכענס און
ניט קיין נקודות (אַזוי ווי די אַקצענטען אין די פראַנצויזישע é, è, ê).
דאָס אייגענע קאָן מען זאָגען וועגן צירה אונטער עֵ; דאָס איז אַ די=
אַקריטישער צייכען, בכדי צו אונטערשיידען איהם פונ'ם ע=אֶ. והראיה,
אַז קיין שום נקודה שטעלט מען ניט אונטער ע=אֶ, י=אִ, ו=אֹ וכדומה.
וואָס איז שייך צו די גאַזעטען און צו די שולהויף=אויסגאַבען, איז טאַקע
אמת, אַז מען שטעלט דאָרט נקודות אונטער אַלע וואָקאַל=צייכענס. נאָר
דאָס איז בּעשיינפּערליך געמאַכט נאָר פון איין זייט, בכדי צו מאַכען
גרינגער דעם דרוקער, און פון דער אַנדער זייט, בכדי צו מאַכען דעם
אָנשטעל, אַזוי ווי דער טעקסט וואָלט געווען אינגאַנצען מיט נקודות,
וואָרום דאָס פאָלק איז אַזוי געוועהנט צו זעהן געדרוקט יודישע ביכער
בּיז דער לעצטער צייט, אין די תחינות, טייטש=חומשים וכדומה נאָך בּיי
היינטיגען טאָג. ס'איז קלאָר, אַז די אַלע קונצען זענען געמאַכט נאָר
בכדי דעם לעזער צו פערבלענדען די אויגען, און אַזעלכע גענג זענען
ממש ניט פּאַסיג פאַר ערנסטע אויסגאַבען.

היינט אויב מיר זאָלען טאַקע נעמען אין אַכט נאָר טעקסטען,
וואָס זענען געדרוקט אָדער אינגאַנצ'ען מיט נקודות אָדער לחלוטין אָהן
נקודות, דעמאָלט איז ניטאָ קיין פּרינציפּיעלער אונטערשייד צווישען דער
העבּרעאישער שריפט=סיסטעם און דער יודישער. די נפקא מינה איז נאָר
דערין, וואָס אין העבּרעאיש שטעלט מען שטומע קאָנסאָנאַנטען-צייכענס
נאָר נאָך לאַנגע וואָקאַלען (אי דאָס ניט שטענדיג), און אין יודיש שטעלט
מען דיזעלבּיגע שטומע קאָנסאָנאַנטען-צייכענס (אָנשטאָט ה ווערט גע=
בּרויכט ע) שטענדיג: דאָס יודישע וואָרט מאַמע קאָן מען אויך אין העבּ=
רעאיש שרייבען מָאמֶה אָדער מאמה, וואו א, ה און ע זענען ניט קיין
צייכענס פאַר וואָקאַלען, נאָר שטומע קאָנסאָנאַנטען-צייכענס. אויב די יו=
דישע שריפט וואָלט זיך געהאַלטען פאַר'ן אייראָפּעאישען פּרינציפּ, וואָלט
זי אַוועקגעלאָזען דעם א פאַר וואָקאַלען אויך דעמאָלט, ווען א ווערט
אויסגערעדט. נאָר מיט אַן אמת שרייבען מיר אָנשטאָט דייטש יך, ויך,
יין, ונד, ייזען — איך, אויך איין, אונד, אַייזען. דאָס אייגענע ווערט אויך
דייטש ערינגערונג געשריבען, לויט דער אויסשפּראַך אין בּיידע
שפּראַכען: עראינערונג, וואו דייטשען רעדען אויך אויס דעם א, נאָר
זיי שרייבען איהם ניט. נאָר מ'וועט מיר זאָגען, אַז דער דאָזיגער פּרינ=
ציפּ ווערט דאָך ניט אָבּגעהיט בּיי די קלאַנגען aא, oא און eא, וואָס

ווערען געשריבען ניט אַא, אאָ, אע, נאָר ווי אין דייטש פּשוט: אַ, אָ, ע. איז אָבער די מעשה ניט אַזוי. דאָ איז אַדרבא נאָך מעהר אָבגעהיט געוואָרען דער פּרינציפּ פון העברעאיש צו שרייבען אָהן שטומע קאָנסאָנאַנטען־צייכענס, און דערביי שרייבט מען פּאַר׳ן וואָקאַל e (סגול) אָנשטאָט דעם אַספּיראַט א — אַן ע, וואָס אין אונזער שפּראַך ווערט ער אַרויסגערעדט פּונקט. ווי א. אויף אַזאַ אופן, בלייבען אין די ווערטער „אַלע, אָדער, עֶר“ די אותיות א און ע טאקע צייכענס פאַר קעהל־קאָנסאָנאַנטען, און די וואָקאַלען ווערען בעצייכענט דורך נקודות. אויב מיר שרייבען „אַלע, אָדער ער“, זענען דער פּתח און דער קמץ אונטער׳ן אַלף בלויז דיאַקריטישע צייכענס. און אַלע ווערטער זענען בעצם אָנגעשריבען אָהן נקודות; דער א און דער ע בלייבען קאָנסאָנאַנטען־צייכענס.

וויבאַלד, אַז יאָ אַזוי, וויבאַלד, אַז די יודישע שריפט־סיסטעם שטימט פולקום מיט דער העברעאישער (חוץ די שולהויף־אויסגאַבען און גאַזעטען), קאָן מען טאַקע די מעטאָדע צו לערנען העברעאיש בענוצען אויך ביים לערנען יודיש. פון דער אַנדער זייט האָבען מיר דאָך אין יודיש מאַסען העברעאישע ווערטער, וואָס ווערען, אמת, אויסגערעדט לויט דער יודישער שפּראַך, נאָר דאָס איז דאָך מחייב צו לערנען גלייכצייטיג מיט יודיש אויך לייענען העברעאיש, וואָרום דער אופן אויסצולעגען די דאָזיגע ווערטער בלייבט דאָך דערזעלביגער, וואָס אין העברעאיש. צי דען קאָן מען שרייבען אין אַן אַלף־בית־לעהרבוך די העברעאישע ווערטער אָהן נקודות? אַודאי ניט. היינט וויבאַלד אַז ניט, מוז מען דאָך גלייכצייטיג לערנען לייענען אויך לויט דער שרייב־סיסטעם; על כל פּנים אין טראַפּען, וואָס די טראָפּ ווערט געשטעלט אויף זיי, קאָן מען די נקודות ניט אויסען לאָזען און ניט אומבייטען זיי. מען מעג שרייבען שַׁבַּת, אָדער שַׁבָּת; דער־אַפילו שַׁבֶּת (לויט דער אויסשפּראַך), אָבער מ׳טאָר ניט שרייבען שאַבּת אָדער שאַבעת.

אַרויסגעהענדיג פון די דאָזיגע הנחות, האַלט איך, אַז די עכטע קלאַנגען־מעטאָדע קאָן פולקום אָנגעווענדט ווערען צו יודיש. מיט קיין שום „צונויפגיסונגען“ (וואָס זענען פיזיאָלאָגיש אוממעגליך) בעדאַרף מען די קינדער ניט מוטשען. דעם קינד בעדאַרף מען אַפריהער ווייזען דעם צייכען מַ אָדער מָ און דערביי עס אויסרעדען (אָהן שום אְמ—אַ—מַ). נאָכדעם ווי דאָס קינד האָט שוין גוט בענומען די שריפט־סיסטעם. דע־מאָלט בעדאַרף מען איהם בעווייזען, אַז אָנשטאָט אַ פּתח אונטער׳ן אות קאָן מען שרייבען אַן אות א אין דער שורה, ד. ה. אָנשטאָט מ — צוערשט מַא, דערנאָך מא (מאַ), אָנשטאָט מִ — צוערשט מִי, דערנאָך מי. אַ סך פּעדאַגאָגען קלערען, אַז אויב מ׳וועט אויסלערנען אַ קינד לייענען

טעקסטען, אַשטייגער ווי אַזאַ: מ֗ר גֶען אִן חֵדֶר לֶרְנֶן לֶעֱנֶן און שְׁרַייבְּן, וועט עס זיך אויף לאַנג צוגעוועהנען צו שרייבען „פאַלש”. איך האַלט, אַז דאָס איז ניט אַזוי, הגם בעווייזען דאָס מיט אותות ומופתים קאָן איך ניט. נאָר מען בעדאַרף גאָר ניט געבען דורכאויס אַזעלכע טעקסטען. גענוג איז, אַז מען וועט עס טון מיט די ערשטע עטליכע ווערטער איטליכם מאָל ביים איינ׳חזר׳ן אַ נייעם אות, אָדער מען קאָן אַפילו נאָר אין איין וואָרט געבען פון אָנהויב די קאָמבינאַציע פון די קאָנסאָנאַנטען־צייכענס מיט די געהעריגע נקודות אָהן די שטומע אותיות אעוי, אין די טעקסטען בעדאַרף מען מעהר ניט אומעטום שטעלען נקודות, אַפילו ניט אויסגענומען דעם שוא, כל זמן די קינדער קאָנען נאָך ניט פריי לייענען. די אותיות א, ע, ו, י, ה מעג מען שרייבען אומעטום, נאָר מ׳טאָר וועגען זיי לעת עתה ניט רעדען. די קינדער וועלען וויסען, אַז מען דאַרף זיי ניט לייענען, דערפון, וואָס אונטער זיי וועט ניט שטעהן קיין נקודה, למשל: דִי מַאמֶע הָאט מִיךְ גֶעשִׁיקְט אִין חֵדֶר לֶערְנֶען; היות ווי אונטער׳ן אות פון וואָרט־אויס שטעהט בכלל ניט קיין נקודה, קאָן אַ מאָל דאָס קינד פרובען לייענען די אותיות אהעוי וואָרט־אויס, אָבער דאָס קאָן קיין שאָדען ניט ברענגען, וואָרום א, ה און ע קאָן מען סיי ווי ניט אויסרעדען וואָרט־אויס, און ו און י בעגעגענען זיך זעהר זעלטען סוף וואָרט (אָי, מאַי), געוועהנטליך שרייבט מען: יי און וו.

אָדער מען קאָן אַזוי טון: דרוקען די שטומע אותיות אעויה אין די ערשטע לעקציעס מיט אַן אַנדער וועניגער דייטליכער פאַרב, אָדער וועניגער דייטליכער שריפט, אַז די אותיות, וואָס ווערען יאָ אויסגעלייענט, זאָלען זיך בולט וואַרפען אין די אויגען.

ווי זשע זאָל מען אָנרופען פאַר׳ן קינד די אותיות און נקודות? איך קלער, אַז מען בעדאַרף זיי בכלל קיין נאָמען ניט געבען, און דערייבער טאַקע האָב איך אָנגערופען די סיסטעם וויזועל־פאָנעטיש. בַּ הייסט טאקע בַּ, און בעזונדערס די עלעמענטען בעדאַרפען ניט אָנגערופען ווערען; וואָס איז שייך צום ב אָהן נקודה, וואָס בעגעגענט זיך סוף וואָרט (און דאָס הייסט לחלוטין ניט בעזונדער), דאָס ווערט אויסגעלערנט אויפ׳ן בעוואוסטען שטייגער, ווי עס איז אָנגעוויזען אויך אין אונזער אויבענדערמאָנטען ביכעל; דער פתח ווידער בעגעגענט זיך גאָרניט בעזונדער, וואָרום אַ איז ניט קיין פתח, פונקט אַזוי ווי פַּ אדער גַ איז ניט קיין פתח.

נאָר דאָס הייסט לחלוטין ניט, אַז דער לעהרער זאָל בכלל אויסמיידען אָנצורופען מיט נעמען די אותיות און נקודות. ער קאָן זיי אָנרופען, ווי ער וויל: אלף, בית, פתח, קמץ א. אַז. וו. אָדער אַ, בָּ, גָ, אַ, אָ,

א. אַז. וו. אָדער אָ, בָּ, גָ א. אַז. וו. נאָר מיר דוכט, אַז בעסער איז אָנרופען אַלף, בּית א. אַז. וו., ווייל די דאָזיגע נעמען האָבען אויפ׳ן אויסרעדען ביים לייענען קיין אײנפלוס ניט. אָבער דער לעהרער טאָר בשום אופן ניט פאָדערן פון די תּלמידים, אַז זיי זאָלען געברויכען די דאָזיגע נעמען אָדער סטאַרען זיך זיי אײַנצוחזר׳ן. מ׳קאָן גאַנץ גוט זיך אויסלערנען שרייבען, אָהן צו וויסען, ווי עס הייסט אַפען, פאַפּיר און טינט, וויבאַלד אַז מ׳וויים גאָר, ווי אַזוי זיי צו בּענוצען. ערשט דעמאָלט, אַז די קינדער קאָנען שוין לייענען, בּעדאַרף מען זיי אויסלערנען די נעמען פון די אותיות און נקודות. אויב דער לעהרער וועט בּעסער וועלען אָנרופען די אותיות, ווי עס איז אָנגענומען לויט׳ן קלאַנגען=סיסטעם, זאָל ער לכל הפּחות ניט ציהען לאַנג די דויער־קלאַנגען, ווארום מְ קאָן מען נאָך אויסרעדען אַזוי, אַז דער אְ זאָל זיך ניט הערען, פערקעהרט מְמְמְ וועט שטענדיג קלינגען אְמְמְמְ, און דאָס קאָן פערטומלען דעם מוח גראָד די פעהיגסטע קינדער.

בּיי דער וויזועל=פאָנעטישער מעטאָדע האָט קיין שום בּעדייטונג ניט, אין וואָסער סדר מ׳לערנט די אותיות און נקודות. בּכן קאָן דער מחבּר פון אלעהר=בּוך פונאַנדערשטעלען די אותיות אין אַזאַ סדר, אַז צום ערשט זאָלען ווערען געלערנט די אותיות, וואָס ווערען אָפטער געבּרויכט בּיים רעדען. דאָס איז זעהר וויכטיג אין דעם פּרט, וואָס אויף אַזאַ אופן איז גרינגער צונויפצושטעלען טעקסטען צום לייענען מיט אַן אינהאַלט. בּנוגע צום אויסרעדען אָבער איז אין אונזער מעטאָדע קיין שום נפקא מינה ניטאָ צווישען די איתיות. אמת איז, אַז מְ אָדער רְ איז גרינגער אויסצורעדען, איידער קְ אָדער אְ, אָבער מַ אָדער קַ, רָ אָדער אָ איז גלייך גרינג אויסצורעדען.

אינ׳ם דאָזיגען אַרטיקעל קאָן איך ניט אַרומרעדען די מיטלען און געננ, ווי אַזוי אָנצוהויבען אויסצולערנען נייע אותיות אָדער נקודות אָדער קאָמבּינאַציעס פון עטליכע אותיות וכדומה אַזעלכע זאַכען; וועגען דאָס אַלץ ווערט גערעדט בּפרוטרוט אין אונזער אויבּען דערמאָנטען בּיכעל. נאָר איך געפין פאַר נויטיג צו מאַכען דאָ עטליכע בּעמערקונגען וועגען דער אָרטאָגראַפיע, וואָס דאַרף ווערען געבּרויכט אין אַ לעהר=בּוך פון אַלף=בּית.

1) מוז מען זיך האַלטען וואָס נעהענטער צו דער אמת׳ער פאָלקס=אויסשפּראַך און וואָס ווינציגער נאָכטאַנצען די דייטשען. בּכן בּעדאַרף מען קודם כּל אַרויסוואַרפען די טאָפּעלטע איתיות (ער זאָל, און ניט ער זאָלל); אַרויסוואַרפען דעם ה׳, וואָס קיינער בּעדאַרף עס ניט האָבען, און וואָס די

מייטשמערישע משכּילים. וואָס האָבען קיין דייטש באמת ניט געקענט, האָבען עס געשטעלט אַפילו דאָרט, וואו די דייטשען האָבען עס אויך ניט. מען בעדאַרף שרייבען מער, און ניט מעהר, זיי גֵעען און ניט געהען, און אפשיטא שוין: פאַראַן און ניט פאַרהאַן, טיי און ניט טהיי אָדער טהעע וכדומה. ניט שרייבען: ליעבּ, ליעד, נאָר ליבּ, ליד וכדומה.

2) די מעהרצאָהל=ענדונג פון די פערקלענערונגס=ווערטער הייסט אין יודיש לאַך (מיידלאַך), און ניט לעך אָדער ליך (פאַר די קעהל=קלאַנגען א, ע, כ, געגאָרגעלטען ר האָבען אַלע אומבעטאָנטע יודישע וואָקאַלען די נטיה איבערצוגעהן אין a).

3) יודיש, פּונקט אַזוי ווי ענגליש, אונטערשיידט גענוי אין סוף וואָרט די הילכיגע קלאַנגען פון די ניט=הילכיגע און פערבייט זיי ניט ביים אויסרעדען, ווי דייטש און רוסיש; דעריבער מוז מען שרייבען אַזוי, ווי מ'רעדט אויס: ווינט (פרגל. ווינטעלע), פריינד (פריינדליך), קינד (קינדיש), לעבעדיק (לעבעדיקער), נאָר ביליג (ביליגער). דאָס אייגענע בעדאַרף זיין אָפּ, און ניט אָבּ.

4) היות ווי אין יודיש זענען פאַרהאַן אַ סך סלאַווישע ווערטער, וואָלט מען בעדאַרפט אַיינפיהרען עפּיס אַ צייכען פאַר דער פערווייכונג (פּאַלאַטאַליזירונג) פון די קאָנסאָנאַנטען, אַשטייגער ווי די פּאָלאַקען האָבען דאָס געטאָן: גָאטנ׳ו, סָאס׳ע, מָאט׳ע, קאָל׳ע מאַכן וכדומה.

5) פאַר׳ן וויכטיגסטען נייס, לכל הפחות, אין אַן אלף=בית=לעהרבוך האַלט איך פאָלגענדעס.

איך ווייס ניט, פון וואַנען די ליטווישע יודען האָבען דאָס גענומען, אַז ניט בלויז זייער לשון, נאָר אַפילו זייער אויסשפּראַך איז די „ריכטיגע“. לאָמיר זיך ניט האַמפּערן וועגען דעם, וואָס הייסט בכלל אין אַ שפּראַך ריכטיגקייט (וויסענשאַפטליך בעטראַכט איז איטליכער דיאַלעקט „ריכטיג“). נאָר וויכטיג איז דאָך אַיינצוהיטען די איינהייט פון די ליטעראַטור=שפּראַך און גלייכהייט אין דער אָרטאָגראַפיע פאַר אַלע יודישע דיאַלעקטען, אָבער ס׳איז כּלל ניט נויטיג די איינהייט פון דער אויסשפּראַך ביי אַלע יודען. דאָס ערשטע קאָן מען טאַקע דערגרייכען, בפרט נאָך אַז אין פּרינציפּ האָט די יודישע אָרטאָגראַפיע דאָס שוין אָנגענומען. למשל, אַלע יודען שרייבען גלייך מאָגן (דייטש Magen) אָדער העבראיש מָגֵן (וואָס פלעגט אויך אויסגערעדט ווערען Magen), נאָר אויסרעדען רעדען ניט אַלע גלייך: די ליטווישע: mogn, די איבעריגע: mugn. די ליטווישע יודען רעדען אויס o ביידע העברעאישע קמצ׳ן, בעת דער רוב פונ׳ם יודישען פאָלק אונטערשיידט דעם קמץ גדול פונ׳ם חטף קמץ (וואָס נעמט זיך פון חולם): דאָס ערשטע לייענט מען u, דאָס לעצטע — o. אין העב=

# ק. זשיטאָמירסקי. — אַ מעטאָדע וועגען יודיש.

דעאישע ווערטער היטען נאָך די ליטוואַקעס אָב די פערשיידענע שרייבונג פון ביידע קמצ׳ן, אבער אין ווערטער, וואָס שטאַמען פון דייטש אָדער סלאַוויש, מאַכען זיי קיין אונטערשייד ניט אינ׳ם שרייבען, פונקט אַזוי ווי אינ׳ם אויסרעדען. אין וואָלין, אין פוילין, אין גאַליציען, רומעניען, אין דרום־רוסלאַנד ווידער ווערט שטרענג אָבגעהיט דער אונטערשייד אין לייענען, למשל חֳדָשִׁים (אַלט־העברעאיש: chodâschim) לייענען די ליטוואַקעס chodoschim, די איבעריגע יודען אָבער choduschim. לויט אָט דעם מוסטער בעדאַרף מען שטעלען די נקודות אויך אין דייטשע און סלאַווישע ווערטער. אַנדערש וועט אַ לעהרבוך, וואָס טויג פאַר דער ליטא, ניט טויגען פאַר אַלע איבעריגע יודען. בכן, בעדאַרף מען שטעלען די נקודות (לכל הפחות, אין לעהרביכער) אויף אַזאַ אופן: אָדער (דייטש Ader, ליטוויש oder, וואָליניש uder), אָבער אָֽדער (oder אין אַלע דריי דיאַלעקטען); וואָרים (דייטש warum, ליט. worim, וואָל. wurim), אָבער וָֽארים (דייטש Wurm, אין אַלע יוד. דיאַל. worim), ער פָארט, אָבער פָֽרט (דאָך); זָקן (אַלט־העבר. zaken, ליט. — zokn, וואָל. — zukn), נאָר זָֽאקן (דייטש Socken, אין אַלע יוד. דיאַל. zokn); נָאָכדעם (nachdem, nochdem, nuchdem) אָבער נָֽאך (noch) און אַז. וו. וְֽאָך, גָֽאט, דָֽארט, זָֽארג א. אַז. וו. דאָס אייגענע אויך אין סלאַווישע ווערטער: סלאָווע (רוסיש Slâwa, ליטוו. slowe, וואָל. sluwe), סָאד (רוס. sad, ליטוו. sod, וואָל. sud), בָאבע (רוס. baba, ליטוו. bobe, וואָל. bube) און אַז וו.; נאָר בָֽאטש (אומעטום o), לָֽאפּעטע, קָֽאטשערע, סטָֽאיקע א. אַז. וו. דעם איינענעם מזל האָט אויך געהאַט ביי ליטוואַקעס דער צירה, וואָס זיי אונטערשיידען איהם געוועהנטליך ניט פון סגול, הגם דער רוב יודען היטען אָב זעהר שטרענג דעם אונטערשייד. נאָר דאָ קאָן מען אויך מאַכען אַן אויסבעסערונג: אומבייטען אין די געהעריגע ערטער די נקידה, למשל, בעֶטן דאָס בעֶט, נאָר בעֵטן גאָט. די ליטוואַקעס וועלען לייענען ביידע גלייך. די וואָלינער פערשיידען. קיין שום מיה וועט די דאָזיגע אויסבעסערונג די ליטוואַקעס ניט קאָסטען: אַרט זיי דאָך ניט, וואָס עס שטעהט חֳדָשִׁים, קֳדָשִׁים — זיי לייענען ביידע צייכענס גלייך, וועלען זיי אויך לייענען ריכטיג אויף זייער דיאַלעקט ער פאָרט פאָֽרט. די איבעריגע יודען ברענגען גרעסערע קרבנות דער אַלגעמיין־נאַציאָנאַלער אידעע, בשעת זיי מאַכען ביים שרייבען אַן אונטערשייד צווישען חירק און מלופּם, הגם אין זייער אויסשפּראַך איז דער הילוק אַזוי קליין, אַז זיי בעמערקען עס גאָרניט, כאָטש זיי היטען איהם פּאַקטיש אָב.

י. לעשצינסקי.

# פראַגען פון יודישען עקאָנאָמישען לעבען.

III *

הונדערט יאָהר איז אַוועק — פון די „לעק“= און „שמעק“=פּרנסות זענען נאָך דאָ גענוג איבערבלייבענישען, סאָציאַלער אַלטוואַרג; דער תחום קרענקט נאָך גענוג עד היום פון די לעצטע רעשטלעך, פון די אַמאָליגע „לופט=מענשען“ און „שטעקעלעך=ידען“ — אַ טרויעריגע ירושה פון די פריהערדיגע צייטען, ווען דאָס גאַנצע פאָלק כמעט האָט געמעקלערט און געפּאַקטאָרט; נאָך איצט זענען דאָ ביי אונז גענוג „פרעהליכע אביונים“ און „לוסטיגע קבצנים“, וואָס לעבען מיט קאָמבינאַציעס, פון דער לופט געכאַפּטע, וואָס דער „יאַרידעווען“ אַליין פאַר זיך איז זייער „פּרנסה“; סאָציאַלע נפשות „דאזלין ערטילאין“, עקאָנאָמישע פאַנטאַזיאָרען פון מנחם מענדיל'ס שניט — אַ היסטאָרישע נאָכוועהעניש פון יענעם סאָציאַלען צושטאַנד פון פאָלק, וואָס מענדעלי האָט איהם אַזוי ריכטיג און אַזוי קינסטלעריש כאַראַקטעריזירט: „אַ יוד אפילו בשעת דער גסיסה, קוים דערהערט ער נאָר עפּיס געשעפט, ווערט ער לעבעדיג, און דער מלאך=המות אַפילו קען דענסטמאָל צו איהם אויך נישט צוטרעטען“ („פישקע דער קרומער“).

די דאָזיגע סאָציאַלע, ריכטיגער, אַנטי=סאָציאַלע עלעמענטען, וואָס איהר וועט פאַר זיי בשום אופן ניט געפינען ניט קיין נאָמען אין דער וויסענשאַפט און ניט קיין גלייכעניש אין דער געשיכטע פון וואָסער ניט איז פאָלק, פערנעמען שוין אָבער אין יודישען לעבען איצט ניט דעם איבען=אָן, זיי זענען פערדרוקט אין אַזאַ ווייטען און שמאָלען ווינקעל, אַז מען מעג שוין רעדען וועגען זייער גסיסה, וועגען זייערע לעצטע מינוטען. די פאָלקס=פּסיכאָלאָגיע גופא האָט זיך אַזוי שטאַרק געביטען, אַז די דאָזיגע „פרעהליכע אביונים“ און „לוסטיגע קבצנים“, וואָס זענען אַמאָל געווען שטאַרקע מיוחסים אין יודישען קהל און האָבען געשפּיעלט אַ ראָלע פון עקאָנאָמישע כלי קד״ש, אויב מען קען אַזוי זאָגען, האָבען אָנגעוואָרען דעם גאַנצען חן זייערן און צוגלייך זייער פרעהליכקייט. פיהלענדיג אויף זיך די פעראַכטונג און שנאה פונ'ם נייעם יודישען פאָלק, זענען זיי שטאַרק געפאַלען ביי זיך. דעם ברייטען שטח פונ'ם אויסגעוואַקסענעם יודישען

* זעה „די יודישע וועלט“ נומ. 7.

לעבענס־פּלאַץ האָבען פערנומען בעשטימטע סאָציאַלע שטאַנדען און קלאַסען — איינינע שוין גענוג אויסגעבילדעטע און אויסגעקריסטאַליזירטע, און דעריבער מיט אַ בעשטימטער און געשטעלטער צורה, אַנדערע האַלטען ערשט אין פּראָצעס פון וואַקסען, פון ווערען, איז זייער צורה אַ ביסעל מטושטש און נאָך ניט קיין איינגעשטעלטע.

די יודישע איינפאַכע און כמעט איינהייטליכע קרעמעריי איז אויסגעוואַקסען און האָט זיך צעטיילט אין גרויס־ און קליין־האַנדעל, אין גרויס־ און מיטעל־אינדוסטריע. די יודישע פּרימיטיווע מלאכה איז ניט ווייניגער אויסגעוואַקסען און איז צעשפּאָלטען געוואָרען אין האַנדווערקעריי אין ענגען זין פון וואָרט און קליין־ און מיטעל־פאַבריקאַציע. אין די ראַמען פון יעדער פון די דאָזיגע סאָציאַלע גרופּעס איז פאָרגעקומען אַ ווייטערדיגע דיפערענצירונג — ס'איז בעשאַפען געוואָרען אַ יודישע האַנדעלס־בורזשואַזיע און אַ יודישער האַנדעלס־פּראָלעטאַריאַט; ס'איז אויפגעקומען אַ יודישע קליין־ און מיטעל־אינדוסטריע־בורזשואַזיע און צוזאַמען מיט איהר אַ יודישער פאַבריק־ און ווערקשטאַט־פּראָלעטאַריאַט; אין רוסלאַנד האָבען ביז צוויי הונדערט טויזענד יודען זיך גענומען פאַר אַגראַר־ווירטשאַפט, און אין פערשיידענע טיילען פון אַמעריקע און אין ארץ ישראל זענען אין משך פון לעצטען דור אויסגעוואַקסען ביז 75 טויזענד קאָלאָניסטען און פערמערס*. די גרויסע מאַסען פון „ליידיג־געהערס“ און „שטערען־קוקער“ זענען צוגעצויגען געוואָרען צו דער יודישער האַנדווערקעריי און פאַבריקאַציע, הן אַלס בעלי־בתים־אונטערנעמער, הן אַלס געדונגענע אַרבייטער. אין אַלע אויספאָרשונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרען נאָך אין די זעכציגער יאָהרען, ווערט אָנגעוויזען אויף אַ גרויסע צאָהל יודישע בעלי־מלאכות, פאַבריקאַנטען, אַרבייטער און לערן־יונגלעך. מעהר קלאָרע און ריכטיגע דאַטען גיט אונז די פאָלקס־צעהלונג פון 1897־טען יאָהר: נעמען מיר נאָר די זעלבשטענדיגע גלידער פון דער יודישער בעפעלקערונג, ד. ה. די נפשות, וואָס פערנעמען זיך מיט אַ וואָסער עס איז פּראָפעסיע, בעקומען מיר, אַז צו די אַרבייטענדיגע עלעמענטען (אַגראַר־ווירטשאַפט, מלאכה און פאַבריקאַציע, קאָמוניקאַציע און פוהרעריי, פּריוואַטע דינסט־

* מיר האָפען, אז דער לעזער, וואָס האָט געלייענט די ערשטע צוויי פּרקים פון אונזער ארטיקעל, וועט זיך ניט וואונדערן, וואָס מיר רעכענען אריין אין חשבון די אמעריקאנער און ארץ־ישראל'דיגע יודען, ווייל ער האָט געמוזט בעמערקען, אז מיר רעדען וועגען אלע מזרח־יודען, ווי פון איין גאנצען אָרגאניזם. ניט דאָ איז אָבער דער אָרט צו בעגרינדען אונזער דאָזיגע מיינונג.

לייט, משרתים און דינסט־מיידלעך, פשוט'ע אַרבייטער) געהערען מעהר פון 53 פראָצענט פון אַלע זעלבשטענדיגע יודען*. פערגלייכען מיר צווישען אַנאַנד אַפילו נאָר צוויי קאַטעגאָריעס: די, וואָס זענען פערנומען אין האַנדעל, פערמיטלער, מיט די, וואָס זענען פערנומען אין מלאכה און פאַבריקאַציע, פראָדוצירער, זעהען מיר, אַז די ערשטע מאַכען אויס סך־הכל 31,0 פראָצענט, בעת די לעצטע זענען 36,3 פראָצענט פון אַלע זעלבשטענדיגע יודען**. דאָס איז קלאָר און בולט, אַז פאַר אונז איז שוין ניט קיין יריד־פאָלק, ניט קיין מאַרק־נאַציע, קיין בייט־און צווישען־קלאַס. אַרבייט, פשוט'ע, גראָבע, פיזישע אַרבייט און קוואַליפיצירטע, העכערע, גייסטיגע אַרבייט, אָבער ניט קיין רוחניות'דיגע גימנאַסטיק און אינטעלעקטועלער ספאָרט, וואָס פלעגען פאָרקומען אין אונזערע קלויזען און ישיבות, — פראָדוצירענדע און שאַפענדע אַרבייט האָט איבערגעאַנדערשט די סאָציאַלע סטרוקטור, דעם סאָציאַלען תוכן, און אויך די סאָציאַלע פערהעלטנישען, די סאָציאַלע פאָרם, פון גאַנצען יודישען לעבען.

ס'איז זעהר מעגליך, אַז די קראַפט פון אַמעריקאַנער יודישען קיבוץ ליגט גראָד דערין, וואָס דאָרט איז דער פראָצעס פון'ם איבערגעהן פון פערמיטלעריי צו אַרבייט געגאַנגען אַ סך גיכער. מחמת אַ גאַנצער שורה אָביעקטיווע און סוביעקטיווע סיבות איז דער יודישער לופט־מענש, דער גמרא־בחור, דער „ויידענער איידעם", דער יורד, דער טויגעניכטס, די שענע בעל־הבית'ישע טאָכטער, און אַ סך, אַ סך אַנדערע עלעמענטען, וואָס האָבען אין תחום אַרומגעבלאָנדזשעט, ווי שאָטענס, — גיך איבערגעקאָכט געוואָרען אין אַמעריקאַנער קעסעל און ביים אַרבייטס־טיש אַוועקגעשטעלט געוואָרען. טאַקע אַוועקגעשטעלט געוואָרען, כמעט מיט געוואַלד, פון דער אומבּרחמנות'דיגער געשיכטליכער נויטווענדיגקייט. וואָרום דער יודישער מעקלער־און לופט־גייסט, דער יודישער האַנדעל־און וואַנדעל־רוח, וואָס האָט אַזאַ לאַנגע און גלענצענדע געשיכטע הינטער זיך, גיט זיך ניט אַזוי לייכט אונטער. אָט וואָס עס

* זעה ב. ברוצקוס: „די פראָפעסיאָנאַלע צוזאַמענשטעלונג פון דער יודישער בעפעלקערונג אין רוסלאַנד" ז. 8.

** דאָרט. אין דער גרופּע פראָדוצירער געהען אריין ניט נאָר די אַרבייטער, די אמת'ע פראָדוצירער, נאָר אויך די בעלי בתים, די אָרגאַניזאַטאָרס פון די אונטערנעמונגען, מחמת די רוסישע פאָלקס־צעהלונג האָט פשוט ניט פונאַנדערגעשיידט די דאָזיגע צוויי מינים.

שרייבט, למשל, איינער פון די אַמעריקאַנישע יודישע פובליציסטען: „דער יודישער אַרבייטער איז אַ נעבעכדיגער קרעמער און אַ מאָרגענדיגער פעדלער. דער יודישער סוחר איז אַ נעבעכדיגער בעל=מלאכה און אַ מאָרגענדיגער סאָציאַלער מיש=מאַש, ניט קיין געשעפטס=מאַן און ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער מענש"*. די דאָזיגע פעסימיסטישע ציטאַט ווייזט אונז נאָר אויף די שווערקייטען פון פּראָצעס, וואָס מיר רעדען וועגען איהם, ווייזט אונז נאָר, ווי שטאַרק דער אין דער לייב=און=זעל איינגעבאַקענער יריד=גייסט ראַנגעלט זיך מיט די בייזע פאָדערונגען פונ'ם נייעם לעבען. אין דער געשווינדקייט פונ'ם פּראָצעס אַליין קאָנען פונדעסטוועגען קיין ספקות ניט זיין, ווייל ס'זענען דאָ פעסטע דאַטען, וואָס בעווייזען דאָס. נאָכ'ן צענזוס פון 1900=טען יאָהר האָט זיך די דערוואַקסענע בעשעפטיגטע בעפעלקערונג פון ניו=יאָרק פערנומען מיט פאָלגענדע פּראָפעסיעס: פון אַלע דערוואַקסענע אין ניו=יאָרק האָבען זיך פערנומען מיט מלאכה און פאַבריקאַציע: מענער — 38,04, פּראָצ. און פרויען — 36,07 פּראָצ.; מיט האַנדעל און קאָמוניקאַציע: מענער — 36,80 פּראָצ. און פרויען — 17,78 פּראָצ.; מיט הויז=דינסט: מענער — 18,70 פּראָצ. און פרויען — 39,93 פּראָצ. דאָס איבעריגע פאַלט אויף פרייע פּראָפעסיעס און ערד=אַרבייט. נעמען מיר די „רוסען" (יודען) בעזונדער, האָבען מיר פאָלגענדע ציפער: מיט מלאכה און פאַבריקאַציע: מענער — 61,08 פּראָצ. און פרויען — 71,30; מיט האַנדעל און קאָמוניקאַציע: מענער—30,45 פּראָצ. און פרויען — 14,45 פּראָצ.; מיט הויזדינסט: מענער — 5,08 און פרויען — 12,55 פּראָצ.**.

אונז אינטערעסירט דאָ ניט, פאַרוואָס די יודישע בעפעלקערונג פון ניו=יאָרק אונטערשיידט זיך אַזוי שטאַרק פון די איבעריגע איינוואוינער לויט איהרע פּראָפעסיעס. מיר זוכען איצטער אַ תשובה אויף דער פראַגע: וואָס איז געוואָרען מיט די הונדערטער טויזענדער יודען, וואָס זענען ערשט נעכטען און אייערנעכטען אַוועקגעפאָהרען פון רוסלאַנד און וואָס זייערע בעשעפטיגונגען אין דער אַלטער היים קענען מיר זעהר גוט. ווייזט זיך אַרויס פון די געבראַכטע דאַטען, אַז ביז 75 פּראָצ. פון דער יודישער דערוואַקסענער בעשעפטיגטער בעפעלקערונג פון ניו=יאָרק זענען פערנומען ביי אַרבייט: ביי מלאכה און מאַנו=

* י. ב. סאלוצקי אינ'ם יובילײ=ביכעל פון „צוקונפט", יאנואר 1912, אינ'ם ארטיקעל: „דער יודישער זשורנאל".

** זעה רובינאָוו: די עקאָנאָמישע לאגע פון די יודען אין ניו=יאָרק „וואָסכאָד" 1905 בוך I.

דיקאַציע און הויז־דינסט, ווען אין רוסלאַנד זענען נאָר 47,8 פּראָצענט פֿון דער יודישער בעשעפֿטיגטער בעפֿעלקערונג פֿערנומען אין די דאָזיגע ווירטשאַפֿטס־צווייגען*.

IV

מיר זעהען אויך נאָך אַ סימפּטאָם, וואָס בעווייזט, אַז דער יודישער סאָציאַלער אָרגאַניזם אין אַמעריקע בעגייט זיך און ווערט געזינטער, אויב מען קאָן זיך אַזוי אויסדריקען. דאָס איז די פֿאַרם־און קאָלאָניזאַציאָנס־בעוועגונג.

מיר זענען גאַנץ ווייט פֿון צו גלויבען, אַז די גאַנצע קאָלאָניזאַציאָנס־שטרעמונג צווישען די רוסישע יודען אין דער ערשטער העלפֿט פֿון 19־טען יאָהרהונדערט איז געווען אַרויסגערופֿען בלויז פֿון דער דעמאָלטיגער רוסישער רעגירונג און פֿון די פּאָר ביכער פֿון די דעמאָלטיגע משׂכּילים. ס'זענען געווים געווען אַ סך טיעפֿערע סיבות, וואָס האָבען געטריבען דעם ליטווישען און ווייס־רוסישען מעקלער־יודען אין די ווייטע סטעפּעס פֿון נײַ־רוסלאַנד צו בעאַרבייטען ערד. אָט וואָס אָרשאַנסקי האָט געשריבען: „...אָט דאָס גרינגע לעבען (פֿון האַנדעל און וואַנדעל — י. ל.) איז אַזוי ניט גרינג און ניט־רויח'דיג, אַז מען בלייבט גאָר אָהן לעבען, אַזוי אַז אַ סך יודען, אָהן יעדען אָנטייל און הילף פֿון דער רעגירונג, האָבען בעשלאָסען אַוועקוואַרפֿען דאָס שטעקעלע, דעם סימבאָל פֿון מעקלעריי, און זיך נעמען פֿאַר'ן פֿלוג" („די יודען אין רוסלאַנד" ז. 120). גאַנץ גרויסע גרופּעס יודען האָבען געבעטען, אַז מען זאָל זיי געבען ערד אין די גובערניעס, וואו זיי האָבען געוואוינט פֿון לאַנג, און זיי ניט שיקען אין פֿרעמדע און אומבעקאַנטע ווייטע מקומות. די בקשות זענען, פֿערשטעהט זיך, געבליבען ניט ערפֿילט. ניקיטין דערצעהלט אין זיין זעהר אינטערעסאַנטען בוך וועגען די יודישע קאָלאָניעס אין רוסלאַנד גענוג אַזוינע פֿאַקטען. ער ברענגט אויך דעם פֿאַקט, אַז אין יאָהר 1847 זענען געקומען פֿון פֿערשיידענע ערטער פֿון תחום קיין אָדעס 250 יודישע משפּחות, ביז 2000 נפשות, און געבעטען, מען זאָל זיי געבען ערד אין כערסאָנער אָדער טאַווּרישער גובערניע. דער גורל פֿון דער דאָזיגער גרופּע איז געווען זעהר אַ טרויעריגער, מחמת אַפילו אין די דרום'דיגע גובערניעס, ניט נאָר אין סאַמע צענטער פֿון תחום, האָט שוין געפֿעהלט פֿרייע ערד. זעהר אינטערעסאַנט איז די שתדלנות פֿון אַ גרופּע יודען אין יאָהר 1840, מען זאָל זיי געבען 5000 דעסיאַטין ערד אין בעסאַראַביען. די שתדלנים שרייבען: „טויזענדער הענד, כמעט ליי־

* זעה ברוצקוס: „די פּראָפֿעסיאָנעלע צוזאַמענשטעלונג" א. אז. וו. ז. 8.

דיגע, וואָלטען געקאָנט דורך אַרבייט האָבען פיינע און עהרליכע חיונה, די איבעריגע וואָלטען דאַן געקאָנט האָבען פון מלאכה און האַנדעל, אויב ניט קיין מותרות׳ן, איז כאָטש גענוג צום לעבען.... ס׳וואָלט זיך אויפגעשטעלט אַ גלייכגעוויכט, און די ערד-אַרבייט וואָלט בעקומען אַליין מעהר בעלנים צווישען די יודען"*. די מחברים פון דער דאָזיגער שתדלנות האָבען געוויס זיך ניט אָבגעגעבען קיין קלאָרען דין וחשבון, וויפיעל היסטאָרישען תוכן און סאָציאָלאָגישען פאָראויסזעהן זייער „פראָגראַם" פון „אויפשטעלען אַ גלייכגעוויכט" אין יודישען לעבען האָט געטראָגען אין זיך. דער גאַנצער אויפלעבונגס-פראָצעס פון יודישען פאָלק אין משך פון די לעצטע הונדערט יאָהר, אומבעוואוסט אין פאָלק און בעוואוסטזיניג פון דער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, אָנגעהויבען פון די ערשטע משכילים און געענדיגט מיט די ציוניסטען און טעריטאָריאַליסטען, איז דאָך דורך און דורך דורכגעדרונגען פון׳ם צענטראַלען רצון און צענטראַלען געדאַנק אויפצושטעלען דעם פערלאָרענעם גלייכגעוויכט צווישען די פערשיידענע טיילען פון פאָלק, מאַכען די איינזייטיגע יודישע עקאָנאָמיק פיעלזייטיגער און פולזייטיג, אומקעהרען דעם אַמאָליגען נאַציאָנאַלען אָרגאַניזם, וואָס פון איהם איז געוואָרען אַ שוואַכער און אָבגעריסענער איבער־קלאַס, צו זיין אַמאָליגען עקאָנאָמיש-זעלבשטענדיגען מצב.

מיר קאָנען זיך אויף דער דאָזיגער ערנסטער פראַגע ניט אָבשטעלען לענגער. אונז וועט מסתמא נאָך אויסקומען זיך צו איהר אומצוקעהרן, און דאַן וועלען מיר פרובען בעווייזען, און מיר האָפען, אַז ס׳וועט זיך אונז איינגעבען, אַז אין תוך פון אַלע יודישע געזעלשאַפטליכע בעוועגונגען אין לעצטען יאָהרהונדערט ליגט איין צענטראַלער געדאַנק: נאָרמאַליזירען דאָס יודישע סאָציאַלע לעבען, ברענגען דעם יודישען קיבוץ צו יענעם נאָרמאַלען צושטאַנד, אין וועלכען ס׳געפינען זיך געוועהנטליכע נאַציאָנאַלע קיבוצים. מיר קעהרען זיך אום צו אונזער ענין.

פון די וועניגע איינצעלנע פאַקטען, וואָס מיר האָבען געבראַכט, איז קלאָר גענוג, אַז די שטרעבונג צו ערד מצד די רוסישע יודען, דער ציהען זיך צו דער „סאָכע" מיט איהר „מזל ברכה", איז ניט געווען אָנגעהאַנגען פון דרויסען, איז ניט אַרויסגערופען געוואָרען דורך די הנחות און הבטחות טובות, וואָס די רעגירונג האָט געמאַכט און נאָך מעהר צוגעזאָגט די קאָלאָניסטען, און געוויס נעמט זיך עס אויך ניט פון די

* זעה לערנער: „די יודען אין ניי-רוסישען קאנט" ז. 19.

פסוקים פון חומש און גמרא, וואָס די משׂכּילים האָבען געבראַכט, כּדי צו כּשר'ן די „עבֿודת־האדמה“, וועלכע איז אין טומעל פון מעקלער־גלות פּסול געוואָרען אין די אויגען פון גאַנצען פאָלק. די נויטיגקייט איבערצוגעהן צו אַרבייט, צו פּראָדוצירענדער אַרבייט, האָט געמוזט אַ שטופּ טון אַ טייל פון פאָלק צו אַגראַר־ווירטשאַפט. און ווען ביי די אומגליכע בעדינגונגען אין רוסלאַנד (לכתּחילה האָט מען געגעבען ערד נאָר אין ווייטע וויסטע מקומות, באַלד הערט מען אויך דאָרט אויף צו געבען ערד, און דאַן בעגרעניצונגען אויפ'ן שאָק, וואָס דאַרפען דערווייטערן דעם יודען פון דאָרף בכלל, און בפּרט פון דער ערד) — ווען, זאָגען מיר, ביי די דאָזיגע שלעכטסטע תּנאים האָבען זיך אין משך פון 19־טען יאָהרהונדערט פונדעסטוועגען ביז 200 טויזענד יודישע נפשות דערשלאָגען צו חיונה פון ערשטען נאַטור־קוואַל, פון דער מוטער־ערד, איז עס אַ בלתּי־ספק'דיגער סימן, אַז די בעדערפעניש אין ערד איז געווען אַ טיעפער היסטאָרישער מוז, און דערצו נאָך אין אַ סך אַ גרעסערער און שטאַרקערער מאָס, ווי די בעפרידיגונג דערפון קאָן דערצעהלען. מיר שטעלען זיך איצט ניט אָב אויף די סוביעקטיווע שטערונישען, וועלכע האָבען געמוזט און מוזען נאָך עד היום פערהאַלטען אַפילו ביי די גינציגסטע דרויסענדיגע תּנאים דעם איבערגאַנג צו ערד־אַרבייט פונ'ם יודען, פונ'ם דאָזיגען נפש מיט אַ גאַנצען באַרג ירושה פון שטאָדטישער פּסיכאָלאָגיע און פון בייט־געוועהנהייטען.

ווענדען מיר זיך צו דער פאָרם־ און קאָלאָניזאַציאָנס־בעוועגונג אין אַמעריקע, מוזען מיר זי בעטראַכטען ווי אַ נאַטירליכען המשך פון דער שטרעבונג צו ערד צווישען די רוסישע יודען אין דער אַלטער היים. די תּנאים, די דרויסענדיגע, האָבען זיך אָבער שטאַרק געביטען. די פּסיכישע מניעות אויפ'ן וועג צו ערד־אַרבייט זענען נאָך גענוג שטאַרק אויך אין אַמעריקע, אָבער זיי ווערען דאָרט אָבגעשוואַכט שוין דורכדעם, וואָס דער אַמעריקאַנער יוד לעבט ניט מעהר אין דער היסטאָרישער מעקלער־לופט, געפינט זיך נישט מעהר אונטער'ן איינפלוס פון דער היסטאָרישער בייט־אַטמאָספערע. די גוטע דרויסענדיגע תּנאים אָבער העלפען אויך מיט גובֿר צו זיין די פּסיכישע שטערונישען, שוין אָבגערעדט דערפון, אַז זיי גיבען דעם פּראָצעס אַליין די מעגליכקייט פריי אַרויסצוווייזען אַלע זיינע כּחות און טענדענצען. און ווען נאָך אַן אַרבייט פון צוויי צעהנדליג יאָהר* זעהען מיר אין פערשיידענע טיילען פון

* די קאָלאָניעס, וואָס זענען געווען געגרינדעט אין די אכציגער יאָהרען, זע־

אַמעריקע ביז 65 טויזענד פערמערס און קאָלאָניסטען, און דערבײ איז אַזאַ צושטאַנד, אַז מען קאָן ביז אַ געװיסען גראַד רעדען װעגען עטליכע קלײנע קאָלאָניזאַציאָנס־צענטרען, װאָס האַלטען בײ װערען צוציהונגס־פונקטען פאַר טויזענדער און צעהנדליגער טויזענדער, װאָס זוכען ע ר ד, — מוזען מיר קומען צום בעשלוס, אַז דער היסטאָרישער פּראָצעס פון איבערגעהן פון פערמיטלערײ צו אַרבײט, פון נאָרמאַליזירען די יודישע עקאָנאָמיק דורך פ ו ל ז ײ ט י ג ק ײ ט און פ י ע ל ז ײ ט י ג ק ײ ט, האָט אין אַמעריקע געפונען די בעסטע דרויסענדיגע תנאים, די פולסטע מעגליכקײטען און די רײכסטע פּערספּעקטיװען.

ס'איז אָבער גאָר קײן ספק ניט, אַז די אַרבײטענדע עלעמענטען בילדען בײ איצטיגען מאָמענט שױן אַ סך אַ גרעסערן פּראָצענט פון דער יודישער בעפעלקערונג, װי דאָס װײזען די אויבען־געבראַכטע דאַטען. װאָרום אין די סאַמע לעצטע יאָהרען האָט דער איבערגאַנג צו פאַבריקאַציע און מלאכה, צו אינדוסטריע און ערד־אַרבײט אָנגענומען ממש אַ סטיכישען כאַראַקטער.

און ערשט אויפ'ן באָדען פון די אַלע כאָציאַלע שנויים, װאָס מיר האָבען קאָנסטאַנטירט, איז מעגליך געװאָרען דער אויפקומען פון אַ עולמישער יודישער נאַציאָנאַלער אינטעליגענץ, װעלכע איז פערבונדען מיט די מאַסען ניט נאָר אידעאָלאָגיש, און אויך ניט נאָר דורכ'ן ראַסען־בלוט, נאָר עקאָנאָמיש, נאָך ריכטיגער ס אָ צ י אַ ל.

פונ'ם אײגענעם יודישען קערפּער, װאָס האָט פון זיך אַרויסגעטײלט די עלעמענטען, װאָס װעגען זײ האָבען מיר ביז איצט גערעדט, זענען נאָך אַ ר ו י ס ג ע װ אַ ק ס ע ן אין משך פון די לעצטע פופצי—זעכציג יאָהר אַ רײכע געלד־ און אינדוסטריע־גרויס־בורזשואַזיע און אַ גרויסע גרופּע יודען — אינטעליגענטען. די דאָזיגע צװײ גאַנץ אויבערשטע שיכטען שטעהען א ו י ס ע ר און א י ב ע ר דער אײגענטליכער יודיש־נאַציאָנאַלער װעלט, אַרײנדרינגענדיג, להכעיס אַלע שטערענישען, אין די־זעלבע קלאַסען בײ די אַרומיגע שטאַרקערע פעלקער; דאָך זענען נאָך אַפילו די דאָזיגע שיכטען מיט אַזעלכע שטאַרקע פעדים צוגעבונדען צו דער יודישער גאַס, אַז זײ קאָנען נאָך פעררעכענט װערען פאַר אַן איבר פון יודישען קערפּער, װאָס איז אמת קראַנק, אָבער דאָך איז ער אַן איבר.

הכלל, דאָס פשוט'ע אײנפאַרביגע און אײנטאָניגע יודיש־לעבען

נען כמעט אלע צעפאַלען געװאָרען. אויף די סבות פונ'ם דאָזיגען צעפאַלען קאָנען מיר זיך איצט ניט אָבשטעלען.

איז צעשפּאָלטען און דיפערענצירט געוואָרען, איז רייכער און פאַרבען און טענער געוואָרען; דאָס יודישע „מילבען"-לעבען איז פערוויקעלטער און קאָמפּליצירטער, ברייטער און טיעפער געוואָרען; דער יודישער יריד- און שענק-טומעל איז אָנטשטומט געוואָרען פאַר אַ נייעם לעבען, וואָס איז פיעלזייטיגער און טאַקע אויך שענער און עטישער...

V

די סאָציאַלע דיפערענצירונג האָט שוין אין אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט אַרויסגערופען נייע פאַרבען אויף דער גרויער קאַרטע פון דער יודישער מעקלער-וועלט, האָט שוין דענסטמאָל געלאָזט אַריינרייסען זיך נייע טענער אין'ם איינטאָניגען יודישען שענק-און יריד-כאָר; נאָר ערשט די אויסגעוואַקסענע און גענוג פערטיעפטע סאָציאַלע געגענזאַצען און סתירות האָבען צום סוף פון פאָריגען און אָנהויב פון איצטיגען יאָהרהונדערט געמאַכט די דאָזיגע פאַרבען גענוג בעשטימט און העל, די טענער גענוג קלאָר און דייטליך — דער סאָציאַלער קאַמף אויף דער יודישער גאַס ציהט אַריין די ברייטסטע מאַסען אין פּאָליטישען און קולטורעלען לעבען פון לאַנד, וואַרפט אַריבער אַ בריק צווישען די יודישע מאַסען און אַלמענשליכע סאָציאַלע און פּאָליטישע אידעאַלען. די השכלה האָט אָבגעריסען יחידים פון יודישען אָרגאַניזם און האָט זיי בעהעפט צו דער רוסישער קולטור דורך דער רוסישער קולטור; דער סאָציאַלער קאַמף האָט אַרויסגעריסען דעם יודישען אָרגאַניזם גופא, דעם גאַנצען יודישען פאָלק, פון זיין מיטעלאַלטערליכער פערגליווערטקייט און האָט איהם בעהעפט צו דער אַלמענשליכער קולטור דורך דער נאַציאָנאַלער קולטור. און די יודישע מאַסען האָבען צום ערשטען מאָל אָנגעהויבען צו נעמען אַן אָנטייל, אַ דירעקטען אָנטייל, אין יודישען קולטורעלען שאַפען. וואָס פאַר אַ טרייבענדער פאַקטאָר דאָס איז געוואָרען פאַר אונזער גאַנצען נאַציאָנאַלען לעבען, וואָס פאַר אַ נייע פּערספּעקטיווען דאָס עפענט אויף פאַר אונזער נאָהענטער און וויטער צוקונפט — וועגען דאָס אַליין וועט אונז נאָך אויסקומען צו רעדען שפּעטער. איצט וועלען מיר נאָר אָנווייזען נאָך אויף איין סאָציאַלער ערשיינונג, וואָס איז אַליין אַרויסגערופען פון דעם פּראָצעס, וואָס מיר האָבען כאַראַקטעריזירט, ווי דעם איבערגאַנג פון פערמיטלעריי צו אַרבייט, און וואָס האָט פון איהר זייט געהאַט דעם גרעסטען איינפלוס אויף'ן פּאָליטישען און קולטורעלען בענייען פון יודישען לעבען — מיר מיינען דעם פאַקט, וואָס די יודישע מאַסען זענען קאָנצענטרירט געוואָרען אין די גרויסע שטעדט.

ביי אונז רעדט מען אָפט וועגען יודען, אַלס שטאָדטישע אַיינ=
וואוינער. פּאַקטיש איז דאָס ניט ריכטיג, וואָרום ערשט צוריק מיט איינע
הונדערט יאָהר האָט געלעבט זעהר אַ גרויסער פּראָצענט יודען אין די
דערפער. אמת איז, אַז לעבענדיג אין די דערפער, זענען די יודען גע=
ווען שטעדטישע לויט'ן מהות פון זייערע פּראָפעסיעס, לויט זייער סאָ=
ציאַלען כאַראַקטער; זיי זענען אָבער דענסטמאָל געווען צעזייהט און צע=
שפּרייט, ווי איינציגע און איינזאַמע זאַנגען אויף אַ גרויסען און ברייטען
פעלד. און די יודישע קליינע שטעדטעלעך זענען דאָך אויך מעהר ניט
געווען, ווי ספּעציעלע יודישע דערפער מיט אַלע כאַראַקטעריסטישע
שטריכען און קנייטשען פון אַ דאָרפס=לעבען, אַ ביסעל איבערגעניצעוועט
אויף אַ יודישען שטייגער. דער כאַראַקטעריסטישער שטריך פון די לעצ=
טע פופציג יאָהר איז קאָמפּאַקטקייט — די יודען הויבען אָן זיך
קלייבען אין גרויסע מאַסען אויף איין אָרט, לעבען קאָמפּאַקט און קאָנ=
צענטרירט. די דאָזיגע קאָמפּאַקטקייט טראָגט אין זיך אַ סך נייעם שטאָף,
נייעם מאַטעריאַל פאַר אַ מאָדערנעם יודישען לעבען.

די יודישע מעקלערייע און קרעמערייע האָבען געטריבען איין יודען
פונ'ם אַנדערן, האָבען צעטיילט און צעשפּרייט, צעשפּאָלטען און דעז=
אָרגאַניזירט. און אין משך פון 17=טען און 18=טען יאָהרהונדערט זעהען
מיר אין די פּנקסים, ווי איין קהלה פיהרט מלחמה מיט דער צווייטער,
ניט לאָזענדיג צו זיך קיין „פרעמדע", אַרויפלעגענדיג שווערע צינ=
זען אויף די „פרעמדע" יודען און ניט דערלאָזענדיג זיי, ווען זיי האָבען
זיך יאָ אַריינגעכאַפּט, צו די וואַהלען און קהל. די יודישע קהלות
האָבען דעמאָלט געבילדעט אייגענאַרטיגע, אויפ'ן אייגענאַרטיגען יודישען
עקאָנאָמישען באָדען אויסגעוואַקסענע, מעקלער= און קרעמער=גילדיעס, וואָס
האָבען פאַר זיך מאָנאָפּאָליזירט יעדע אַ בעזונדער פּלאַץ מיט אַ גע=
וויסער צאָהל איינוואוינער. ערשט אין 19=טען יאָהרהונדערט הויבען זיך
אָן בילדען גרעסערע יודישע קהלות, וואָס ווערען צענטרען פון יודישער
אַרבייט. די יודישע אַרבייט בעהעפט און בינדט צונויף, ציהט צו און
קאָנצענטרירט, פעראייניגט און אָרגאַניזירט. אין דעם זין איז זעהר
אינטערעסאַנט די געשיכטע פון די יודישע קהלות אין בערדיטשעוו און
אין וואַרשע. צוריק מיט הונדערט יאָהר האָט בערדיטשעוו, דער דאָזיגער
ירושלים פון וואָלין, געשפּיעלט זעהר אַ גרויסע ראָלע אין עקאָנאָמי=
שען לעבען פון די רוסישע יודען. צוריק מיט פופציג—זעכציג יאָהר איז
אין בערדיטשעוו געווען ניט ווייניגער יודען, ווי אין וואַרשע. און איצט
זענען אין וואַרשע דאָ פינף מאָל מעהר יודען, ווי אין בערדיטשעוו,
און זייערע עקאָנאָמישע ראָלען אין לעבען פון די רוסישע יודען קאָן

מען גאָרניט פֿערגלייכען. דער אויפֿבליהען פֿון דער װאַרשעװער יודישער קהלה און דער װעלקען פֿון דער בערדיטשעװער לאָזט זיך הערקלערען נאָר דורכדעם, װאָס די ערשטע איז אַ צענטער פֿון אַ יודישער מלאכה און פֿאַבריקאַציע און די צװייטע — פֿון יודישער פֿערמיטלעריי.

די קאָמפּאַקטקייט פֿון די יודישע מאַסען איז געװאָרען איינע פֿון די שטאַרקסטע פֿאַקטאָרען פֿאַר׳ן יודישען נאַציאָנאַלען, קולטורעלען און פּאָליטישען אויפֿלעבען. די אַרבייט, װאָס האָט געשאַפֿען די מעגליכקייט פֿאַר די דאָזיגע מאַסען זיך צו קאָנצענטרירען, האָט אויך געמאַכט די דאָזיגע מאַסען זעלבשטענדיגער אין זייער סאָציאַלען לעבען, דערפֿאַר אויך זעלבשטענדיגער און פֿרייער אין זייער קולטורעלען שאַפֿען, זעלבשטענדיגער און אָרגאַניזירטער אין זייער פּאָליטישען טוּן.

אַלע די דאָזיגע ערשיינונגען געהען האַנד ביי האַנד — די יודישע מאַסען געהען איבער צו אַרבייט און קאָנצענטרירען זיך אין גרויסע קהלות און אַלס אַרבייטענדע און קאָמפּאַקטע מאַסען הייבען זיי אָן צו שאַפֿען אַ זעלבשטענדיג סאָציאַל, פּאָליטיש און קולטורעל לעבען און אַנדערשן אויף אַזאַ אופֿן איבער דעם אַמאָליגען ביט־און אָבהענגיגקייט־כאַראַקטער פֿון יודישען קיום.

װי װייט דער איבערגעהן צו אַרבייט פֿאַר׳ן לעצטען יאָהרהונדערט האָט געגרייכט, האָבען מיר איבען געזעהן; װי װייט דער קאָנצענטרירען זיך דערגעהט, װעלען מיר װייזען אין קומענדיגען קאַפּיטעל.

ב. באָראָכאָוו.

# אווגוסט בעבעל.

חעם 13-טען אַווגוסט (31-טען יולי) איז ער אַוועקגעגאַנגען, „אונזער אַווגוסט“ פון די דייטשע אַרבייטער. דער, וואָס זיין לעבען פערקערפערט די געשיכטע פונ׳ם דייטשען אַרבייטער-קלאַס, דער, וואָס זיין פערזענליכקייט שפּיגעלט אָב אין זיך די וואַקסענדיגע אינדיווידואַליטעט פונ׳ם דייטשען פּראָלעטאַריאַט. דער גליקליכסטער מענש פון אונזער צייט, די האַרמאָנישסטע און גראָטעסטע סימבאָליזירונג פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, פון אָט דער גראָטעסטער פּאַרטיי צווישען אַלע פּאַרטייען.

שרייבען זיין ביאָגראַפיע הייסט שרייבען די געשיכטע פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. איטליכע פּאַרטיי האָט אירע פיהרער, קעמפער, נביאים; פיעל פּאַרטייען האָבען אַזוינע פּערזאָנען, וואָס אין זיי חדיקט זיך בעסער, חי אין אַלע, אוים די בעוועגונג. בעסער ווי אין אַלעמען דריקט זיך אויס די קלוגע עסטרייכישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין איהר קלוגסטען, אין וויקטאָר אַדלער, די הייסבלוטיגע פראַנצויזישע בעוועגונג — אין איהר טעמפּעראַמענט-פולען זשאַן זשאָרעס. בעבעל איז דער אויסדרוק פון דער האַרמאָנישער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. און ניט נאָר דער בעסטער — דער פולסטער אויסדרוק. בעבעל איז געווען דער צווייטער „איך“ פונ׳ם בעוואוסטזיניגען דייטשען פּראָלעטאַריאַט, אַזוי בעליעבט און פּאָפּולער איז ער געווען, ווי קיין אַנדער מענש אין דער געשיכטע פון די פּאָליטישע אידעען-בעוועגונגען. מאַרקס און ענגעלס, ליבקנעכט, אַפילו דער פאָלקס-טריבון לאַסאַל אַליין, האָבען ניט זוכה געווען צו אַזאַ הייסער, לעבעדיגער סימפּאַטיע מצד די אַרבייטער-מאַסען, ווי אַווגוסט בעבעל. יענע גרויסע זענען געקומען צו דעם אַרבייטער-קלאַס פון דרויסען, זיי זענען געווען אינטעליגענטען, וואָס האָבען געבראַכט דעם פּראָלעטאַריאַט זייערע ריזיגע קענטענישען, זייער שאַרפען גייסט פון קריטיק און פון נביאות. בעבעל איז אָבער געווען האַרץ פונ׳ם אַרבייטערס האַרץ, אַ שטיק מח פון דעם קאָלעקטיווען נערווען-סיסטעם, דער וואַקסענדיגער און קעמפענדיגער קלאַס האָט זיך בעבעל׳ן געשאַפען בצלמו ובדמותו. זיין אויס-

זעהן, זיין וואָרט, זיין מאַך מיט'ן האַנד זענען געווען עכט־דייטש, עכט־פאָלקסטימליך, עכט־פּראָלעטאַריש. די הערער האָבען פאַר זיך געפיהלט זייער מענשען.

בעבעל האָט איבערגעיאָגט נאָר די יחידים פון זיין קלאַס, אָבער ניט דעם קלאַס גופא. דאָס טיילט איהם אָב, למשל, פון אַן אַנדער אַרבייטער, ווילהעלם ווייטלינג, וואָס איז צו פריה געבוירען געוואָרען און האָט צו פריה דערשפירט דעם קומענדיגען סאָציאַליזם, בעת זיין אייגענער קלאַס, על כל פנים אין זיין אייגענעם לאַנד, איז נאָך גאָר ווייט געווען פון אַ סאָציאַליסטישער דערקענטעניש. ווייטלינג איז איפגעשטאַנען אין די 40־ער יאָהרען, ווען די אַרבייטער־בעוועגונג איז נאָך געווען אַן אידעאַל, אַ מחשבה, ניט קיין פאַקט פון לעבען; בעבעל איז אינאיינעם מיט איהר געוואַקסען. געהענדיג תמיד פון פאָרענט, איז בעבעל קיינמאָל ניט פערלאָפען צו ווייט, קיינמאָל ניט אַוועק אין אַ זייט. דאָס טיילט איהם אָב, למשל, פון אַן אַנדער אַרבייטער יאָהאַן מאָסט, וואָס האָט געלעבט מיט בעבעל'ן אין איין צייט און איז געווען אויך פּאָפּולער. מאָסט האָט זיך געלאָזען אָפּרייסען אָן אַ זייט פון דער בעוועגונג, האָט זי סוף כל סוף געמוזט פערלאָזען און זיך אָבגעבען דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע.

* *

*

פערדינאַנד־אַווגוסט בעבעל איז געבוירען געוואָרען דעם 22־טען פעברואַר 1840 אין קעלן אין אַ קאַזאַרמע, וואו זיין פאָטער יאָהאַן גאָטליב איז געווען אונטעראָפיציר. זיין פאָטער האָט געשטאַמט פון אַן אַלטער דייטשער משפחה, וואָס בעגעגענט זיך נאָך אין'ם זעכצעהנטען יאָהרהונדערט, זיין מוטער ווילהעלמינע־יאָהאַנע האָט געהאַט גאַנץ בעל־הבית'ישע קרובים. דאָך האָט די קליינע פאַמיליע געלעבט אין דחקות. איהר גאַנצע חיונה האָט זי געצויגען פון פאָטערס שכירות. און וואָס האָט געקאָנט האָבען אַן אונטעראָפיציר, בפרט נאָך אין יענע צייטען! פונ'ם שווערען דינסט און שטענדיגען אונטערדרונגערן איז בעבעל'ס פאָטער פריהצייטיג קראַנק געוואָרען, און נאָך אַ שווערער, לאַנגדויערנדיגער קראַנקהייט, איז ער געשטאָרבען. אַווגוסט איז דעמאָלט אַלט געווען קוים דריי יאָהר. אין אַ יאָהר אַרום האָט די מוטער חתונה געהאַט פאַר איהר ערשטען מאַנס צווילינג־ברודער, דער איז אָבער אויך געשטאָרבען אין צוויי יאָהר אַרום, און די אַלמנה איז געבליבען איינע אַליין מיט צוויי יתומים — יונגלעך (אַווגוסט דער עלטסטער) אָהן שום מיטלען צום לעבען.

די קראַנקע מאַמע האָט אָבער געזאָרגט, אַז אידרע קינדער זאָלען בעקומען כאָטש וועלכע ניט איז בילדונג: אין זיין קינדהייט איז אויגוסט געגאַנגען אין אַ דאָרפישער פאָלקס־שול, און דערנאָך אַ קורצע צייט אין אַ שטאָדט־שול. די מוטער איז געשטאָרבען, ווען אויגוסט איז אַלט געווען דרייצעהן יאָהר, זיין ברודערל איז אויך אין גיכען געשטאָרבען, און דער קליינער בעבעל איז געבליבען איינער, עלענד, ווי אַ שטיין. אָבער זיין גליקליכער, לעבענסלוסטיגער, פרישער כאַראַקטער האָט דעם יתום אויפגעהאַלטען און געמאַכט פאַר אַ מענשען. די ערשטע צייט האָט ער געלעבט ביי אַ מומע, נאָר אין אַ יאָהר אַרום האָט ער אויפגעהערט צו געהן אין שול און איז אַוועק זוכען אַרבייט.

אָנגעקומען איז ער צו אַ טאָקער אין וואַרשטאַט. די אַרבייטס־צייט איז, ווי דער שטייגער ביי „פאַטריאַרכאַלע” בעדינגונגען, געווען שרעקליך לאַנג, געוועהנטליך פון 5 אין דער פריה ביז 7 אין אָבענד אָהן שום הפסקה. געצאָהלט האָט מען, נאַטירליך, פאַר דער שטרענגער אַרבייט גאָרניט, און דער איינציגער פערדינסט בעבעל'ס איז בעשטאַנען פון די 6—7 קאָפּ. אַ וואָך, וואָס ער פלעגט בעקומען פאַר טראָגען וואַסער פון אַ וויטען ברונים פיר מאָל אַ טאָג צו צוויי עמער יעדעס מאָל. זיצענדיג זונטאָג און יום־טוב אין שטוב, האָט אויגוסט פיעל געלייענט, — אַלץ בירגערליכע ראָמאַנען (וואַלטער סקאָט א. אַנד.) און פאַטריאָטישע היסטאָריקער. ער פלעגט זיך אַמאָל אין שפאַס בערידמען, אַז ער האָט דעמאָלט געקאָנט אויף אויסווייניג אויסרעכענען כסדר אַלע כראָנאָלאָגישע דאַטען, וואָס זענען שייך צו די פרייסישע פירשטען, גענעראַלען און מלחמות...

געענדיגט זיין לערנען ביים מייסטער, איז אונזער בחור אַוועק וואַנדערן, אויסגעגאַנגען צופוס גאַנץ דייטשלאַנד מיט טיראָל, און אומעטום געאַרבייט אַלס טאָקער. אַ סך איז איהם דערביי אויסגעקומען צו הונגערן, וואַלגערנדיג זיך אָהן אַרבייט. אין דער צייט האָט ער פון סאָציאַליזם קיין השגה ניט געהאַט. פערקעהרט, אין זאַלצבורג איז ער אין 1860 יאָהר געוואָרען אַ מיטגליד פון אַ קאַטוילישען פעראיין פון בעלי־מלאכות־געזעלען. צוריקגעקומען קיין דייטשלאַנד, האָט ער אין לייפציג צום ערשטען מאָל דערזעהן אַ שטיקעל התחלה פון אַן אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע. דאָס איז געווען אַן *אַרבייטער־בילדונגס־פעראיין*, געגרינדעט פון פראָגרעסיווע בירגערליכע כלל־טוער. דאָ הויבט זיך ערשט אָן בעבעל'ס פאָליטישע ערציהונג.

## ב. באָראָכאָוו — אַוגוסט בעבעל.

* *
*

ווי אַזוי איז בעבעל געוואָרען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט? ענטפערן אויף דער פראַגע, הייסט שילדערן, ווי אַזוי דער אַרבייטער־קלאַס אין דייטשלאַנד איז געוואָרען סאָציאַל־דעמאָקראַטיש. די ערשטע סימנים פון אַ סאָציאַליסטישער בעוועגונג (דער „בונד פון די גערעכטע" און הערנאָך „דער קאָמוניסטען־בונד"), וואָס האָבען זיך געלאָזט פיהלען פאַר דער רעוואָלוציע פון 1848 יאָהר און זענען אויסגעוואַקסען אונטער מאַרקס און ענגעלס'עס פיהרונג, זענען נאָך דער מפּלה פון דער רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד אינגאַנצען נעלם געוואָרען. ערשט נאָך צעהן יאָהר פון פינסטערער קאָנטר־רעוואָלוציע הייבט זיך אָן אַ נייע אויפלעבונג ביים דייטשען בירגערטום, ס'הויבען אָן זיך צו ריהרען אַלץ לעבעדיגער און לעבעדיגער די אַלטע צוויי בירגערליכע פּאַרטייען, די פּראָגרעסיווע (בערך ווי אונזערע „קאַדעטען") און די דעמאָקראַטישע (ווי אונזערע „טרודאָוויקעס"). דער אונטערשייד צווישען זיי האָט זיך בולט'ער פאַר אַלץ אויסגעדריקט אין זייער בעציהונג צו די צוויי הויפּט־פּראָבלעמעס פונ'ם דעמאָלטיגען דייטשלאַנד: אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע מכּח דער פעראייניגונג פונ'ם דייטשען פאָלק און אין דער פּאָליטישער פראַגע מכּח דער אויספיהרונג פון יענע דעמאָקראַטיזירונגס־אויפגאַבען, וואָס די רעוואָלוציע פון 1848 יאָהר איז ניט בכּח געווען זיי צו לייזען. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז בעשטאַנען דערין, וואָס דאָס דייטשע פאָלק איז צעבּרעקעלט געווען אויף צענדליגער קליינע פירשטענטימער, הערצאָגטימער, קעניגרייכען, אַלץ גאַנץ זעלבּשטענדיגע מלוכות און מלוכה'לעך, וואָס איטליכע פון זיי האָט געהאַט אייגענע גרעניצען מיט אייגענע געזעצען, אייגענע פּאָסט און מטבעות, אייגענע שטייערן און גרעניץ־אָבצאָהלונגען וכּדומה.

צווישען די צפון־דייטשע מלוכות האָט די ערשטע פידעל געשפּיעלט פּרייסען, און פּרייסען האָט אויך געשטרעבט אַרום זיך צו גרופּירען אַלע איבעריגע — די דרום־דייטשע מלוכות. די פּראָגרעסיסטען זענען געשטאַנען אויף פּרייסענס צד, ווייל פּרייסען איז פון אַלע דייטשע מדינות צו דער צייט געווען מעהר פאַר אַנדערע ענטוויקעלט אינדוסטריעל, און די ליבעראַלע בורזשואַזיע, צומיינסט קאָנצענטרירט אין פּרייסען, האָט געהאָפט דורך דער פּרייסישער רעגירונג צו בעקומען די שליטה איבער דעם גאַנצען פאָלק. אַקעגען פּרייסען איז געשטאַנען עסטרייך, און אין דער פיינדשאַפט פון בּיידע מלוכות

האבען זיך אבגעשפיגעלט ווירטשאפטליכע מיט דינאסטישע אינטערע-
סען. ווירטשאפטליך איז עסטרייך שטארק אבגעשטאנען פון פרייסען,
אפילו פון אנדערע קלענערע מלוכות, נאר די עסטרייכישע האבסבורגער-
דינאסטיע האט נאך געהאט אלטע היסטארישע תביעות אויפ'ן טרוין
פון דער אלדייטשער אימפעריע.

די דעמאקראטען האבען זיך ניט געקאנט שטעלען ניט
אויף פרייסענס, ניט אויף עסטרייכ'ס צד. עסטרייך האט בעטייט די
ערגסטע קלעריקאל-ביוראקראטישע רעאקציע, אבער די פרייסישע הער-
שער, די האהענצאלערנס, זענען אויך געווען ווייט פון וועלכע ניט
איז הנחות פאר די אמת'ע פאלקס-אינטערעסען. אלזוי, קיין עסטרייכיש-
פריינדליכע פארטיי איז אין פאלק שוין פון לאנג ניט געווען, און
די נפקא-מינה פון ביידע בירגערליכע פארטייען האט זיך אויסגעדריקט
אין די צוויי לאזונגען: קליין-דייטשלאנד און גרויס-דייטש-
לאנד. די פראגרעסיסטען האבען געוואלט א מעכטיגע, פעסטע פעראיי-
ניגונג פונ'ם דייטשען פאלק, ווען דאס זאל אפילו ווערען פערווירק-
ליכט אהן די עסטרייכישע דייטשען; די פראגרעסיסטען זענען, אלזוי,
געווען אנהענגער פון קליין-דייטשישער פאליטיק, — קאנסטיטוציאנעל-מא-
נארכישעם דייטשלאנד מיט פרייסען בראש, אבער אהן עסטרייך. די
דעמאקראטען זעהענדיג, אז דער סכסוך צווישען ביידע דינאסטיעס מוז
צעשפאלטען דאס דייטשע פאלק, האבען געשטרעבט אבצושאפען בכלל
אלע דינאסטיעס און בילדען איין איינהייטליכע גרויס-דייטשע רעפובּ-
ליק, וואו פון עסטרייך זאלען אריין בלויז די דייטשע פראווינצען,
דערביי זאלען די סלאווישע, איטאליענישע און אונגארישע פראווינצען
פון עסטרייך בלייבען מחוץ לתחום. אין פאליטישער בעציהונג האבען די
פראגרעסיסטען געפיהרט די געוועהנטליכע ליבעראלע טאקטיק: רעפאר-
מעס האט זיך זיי שטארק געוואלט, אבער פאר ראדיקאלע מיטלען,
כדי די רעפארמעס צו דערגרייכען, האבען זיי מורא געהאט. די דע-
מאקראטען, פערקעהרט, האבען געטריי אבגעהיט די רעוואלוציאנערע
טראדיציעס און געטרוימט וועגען אן אלגעמיינעם אויפשטאנד פון פאלק.

כל זמן די דייטשע ארבייטער זענען נאך ווייט געווען פון קלא-
סען-בעוואוסטזיין, האבען ביידע פארטייען געהאט אויף זיי א גרויסע השפעה.
די פראגרעסיסטען האבען געהאט א מעלה — דעם רעאליזם, וואס זייער
„קליין-דייטשע" פראגראם איז צוגעפאסט געווען צו דער ווירטשאפט-
ליכער ענטוויקלונג פון פאלק: פרייסען איז העכער געשטאנען עקאנאמיש,
איידער מאכט איז אליין געוואקסען, און ס'איז שוין כמעט קיין ספק ניט
געבליבען, אז זי וועט אינ'ם מאמענט פון אן ענדגילטיגען קאמף גובר

זיין דאָס אָבגעשטאַנענע עסטרייך. חוץ דעם האָבען די דייטשע אַר־בייטער געשפירט, אַז אויף עסטרייך ליגט די שווערע משא פון די פרעמדע, ניט־דייטשע נאַציָעס, וואָס געהערען צו דער האַבסבורגער קרוין; דערפאַר אַליין האָט פרייסען געהאַט מעהר צוציהונגס־קראַפט פאַר רע־אַליסטיש־געשטימטע דייטשע נאַציאָנאַליסטען. די דעמאָקראַטען ווידער האָבען געהאַט אָבער נאָך אַ גרעסערע מעלה פון אַרבייטער־שטאַנדפונקט: זייער רעוואָלוציאָנערע טאַקטיק, זייער עהרליכקייט, פאָלקסטימליכקייט. די פראָגרעסיסטען זענען געווען די אידעאָלאָגען פון גרויס־קאַפּיטאַל, די דעמאָקראַטען — פונ׳ם שטעדטישען קליין־בירגערטום און פון די פויערים.

אויסנוצענדיג די אומבעוואוסטזיניגקייט פון די אַרבייטער, וואָס האָבען אָבער גראָד דעמאָלט, אין דער אַלגעמיינער אויפלעבונג שטאַרק געשטרעבט צו בילדונג, האָבען זיך די פּראָגרעסיווע אינטעליגענטען גענומען אָרגאַניזירען בילדונגס־חברות פון אַרבייטער. איינער פון די ערשטע בילדונגס־פעראיינען איז געווען דער לייפּציגער, וואָס האָט זיך געגרינדעט דעם 19־טען פעברואַר 1861. ביי דער גרינדונגס־פערזאַמ־לונג איז אויך געווען אַווגוסט בעבעל ווי אַ זייטיגער צוהערער. דאָס איז געווען די ערשטע פערזאַמלונג אין בעבעל׳ס לעבען. זי האָט אויף איהם געמאַכט אַ גרויסען רושם, און ער האָט זיך דאָ אויפ׳ן אָרט פערשריבען פאַר אַ מיטגליד. אין פעראיין האָט בעבעל בעקומען אַ גרויסען טייל פון דער בילדונג, וואָס האָט איהם אַזוי געפעהלט. ער האָט זיך מיט דער גאַנצער ענערגיע אָבגעגעבען דעם פעראיין, און אינגיכען איז ער אויסגעקליבען געוואָרען אין קאָמיטעט. שוין דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזען זיין ריזיגער רעדנער־טאַלאַנט, מ׳האָט איהם גלייך ליעב בעקומען.

אין פעראיין איז געווען אַ געוויסע גרופּע פון אַרבייטער, וואָס האָבען שוין געהאַט אַ ביסעל געהערט פון סאָציאַליזם. האָבען זיי געוואָלט בעפרייען דעם פעראיין פון דער בירגערליכער פיהרונג און צוגעבען איהם אַ מעהר פּאָליטישען כאַראַקטער. די דאָזיגע אָפּאָזיציע איז אין 1862 יאָהר אַרויסגעטרעטען פון פעראיין, — דערביי האָט בעבעל, וואָס האָט דעמאָלט פון סאָציאַליזם און קלאַסען־פּאָליטיק ניט געוואָלט הערען, פיעל מיטגעהאָלפען די אָפּאָזיציע אַרויסצושטופּען. זי האָט געשאַפען אַ בעזונדער פעראיין „פאָרווערטס“, וואָס האָט תיכף אָנגעהויבען צו דיסקוטירען די פראַגע מכח צונויפרופען אַן אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער־קאָנגרעס. בעבעל האָט זיך אויך אינגיבען איבערצייגט, אַז די פּראָגרעסיסטישע פּאַרטיי טויג ניט: זי האָט

אַליין צו דעם געבראַכט, ווען זי האָט אין 1863 יאָהר בעשלאָסען, אַז אַרבייטער טאָרען זיך ניט פערנעמען מיט „פּאָליטיק“, אַז זייער ישועה בעשטעהט נאָר אין אָבשפּאָרען געלד, און זיי קאָנען ניט זיין קיין פול-בערעכטיגטע מיטגלידער פון פּאַרטיי, זיי זענען נאָר „גייסטיגע מיטגלידער“! אין דערזעלבּיגער צייט איז פון לאָנדאָן געקומען קיין לייפּציג מאַרקס׳ס תלמיד ליבקנעכט, האָט אָנגעהויבען צו האַלטען רעפעראַטען אין בעבעל׳ס פעראיין און ערציהען דעם עולם אין אַ מעהר סאָציאַליסטישען גייסט. אַזוי ווי ליבקנעכט אַליין האָט סימפּאַטיזירט מיט די „גרויס-דייטשע“ דעמאָקראַטען, האָט ער סוף כל סוף אַריבערגעצויגען דעם בילדונגס-פעראיין אויף דער דעמאָקראַטישער זייט.

אינ׳ם פעראיין איז בעבעל געוואָרען אַ דעמאָקראַט, און נאָך אַ צייט לאַנג איז ער געווען אַ בעוואוסטזיניגער געגנער פון סאָציאַליזם. אין דער צייט (1866) האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ מאָדיסטין-אַרבייטערין, מיט׳ן נאָמען יוליע. אין זיינע זכרונות שרייבט בעבעל, אַז ער האָט אויף זיין שידוך קיין מאָל קיין חרטה ניט געהאַט, אַז קיין איבערגעגעבענערע פרוי, וואָס זאָל זיין מעהר גרייט אויף קרבנות יעדע מינוט, קאָן ער זיך גאָר ניט פאָרשטעלען. זיין פרוי איז געשטאָרבען מיט דריי יאָהר צוריק (נאָוו. 1910), און די טאָכטער פרידא, אַן אלמנה, מיט איהר זוהן ווערנער בלייבען היינט די איינציגע פערטרעטער פון בעבעל׳ס משפחה.

*

לייפּציג איז אין די 60-ער און 70-ער יאָהרען געווען דער צענטער פון דער דייטשער אַרבייטער-בעוועגונג. ווי בעקאַנט, האָט לאַסאַל אין 1862 יאָהר געלעגט דעם פונדאַמענט פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. זיין „אָפענער ענטפער-בריעף צו דעם לייפּציגער צונרייטונגס-קאָמיטעט פון אַן אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער-קאָנגרעס“ (1863) און נאָך פריהער זיין רעדע מכח דעם „מהות פון קאָנסטיטוציע“ (1862), האָבען געמאַכט אַ ריזיגען רושם אויף די אַרבייטער, און ס׳האָט זיך לאַסאַל׳ן איינגעגעבען צו גרינדען דעם „אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער-פעראיין“ (23-טען מאַי 1863). לאַסאַל איז געשטאַנען אויפ׳ן „קליין-דייטשען“ שטאַנדפּונקט, אָבער נישט דאָס איז פאַר איהם געווען דער עיקר: ער האָט שאַרף געקעמפט קעגען חער ניט-איינגעהאַלטענער טאַקטיק פון די פּראָגרעסיסטען, האָט אַלע זיינע האָפנונגען געלעגט אויף דעם אַלגעמיינעם וואהלרעכט און אויף דעם מלוכה-קרעדיט פאַר אַרבייטער-פּראָדוקציאָנס-קאָאָפּעראַטיוועז. דאָס האָט לאַסאַל׳ן געבראַכט צו אונטערהאַנדלונגען מיט׳ן בעריהמטען פּרייסישען מלוכה-פיהרער ביסמאַרק

און צו שאַרפע חלוקי דעות מיט מאַרקס און ענגעלס. בעבעל, אַלס דע־מאָקראַט און „גרויס־דייטשער" רעפובליקאַנער האָט פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט מסכים זיין צו לאַסאַל'ס אונטערהאַנדלונגען מיט דער רעגירונג פון דער קאָנטר־רעוואָלוציע. ער איז שוין דעמאָלט געווען און איז זיין גאַנץ לעבען געבליבען אַ רעוואָלוציאָנער, האָט דאָס איהם געשטערט צו פערשטעהן אַפילו די גוטע זייטען פון לאַסאַל'ס געדאַנקען. לאַ־סאַל'ס לעבענספעהיגע געדאַנקען זענען געווען: די זעלבשטענדיגע קלאַ־סען־אָרגאַניזירונג פונ'ם פראָלעטאַריאַט און דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט. דגם לאַסאַל האָט פערזענליך געהאַט אַ מערקווירדיגע השפּעה אויף די מחות פון די אַרבייטער, דאָך איז זיין „מאָנאַרכיש" אָרגאַניזירטער פעראיין, מיט אַן אומבעגרעניצטען פרעזידענט בראש, נאָך זיין טויט געבליבען זעהר קליין און שוואַך. דער גרויסער רוב אַרבייטער, וואָס בעבעל איז ביי זיי שוין געווען איינער פון די אָנערקענטע פיהרער, איז נאָך אַלץ געבליבען פערבונדען מיט די בירגערליכע דעמאָקראַטען. אויך ליבקנעכט, וואָס האָט פערשפרייט מאַרקס'עס אידעען צווישען די אַרבייטער, האָט געהאַלטען יד אַחת מיט די דעמאָקראַטען אין זייער רעוואָלוציאָנערער און גרויס־דייטשער פּאָליטיק.

אין יאָהר 1866 האָט די העכסטע פראַגע פון דער דייטשער פּאָ־ליטיק, די נאַציאָנאַלע פעראייניגונגס־פּראָבלעם, בעקומען איהר איבער־געוואַלדיגע לייזונג: פרייסען האָט אין אַ בלוטיגער מלחמה מנצח געווען די עסטרייכישע דינאַסטיע, געפלאַצט האָבען אַלע חלומות מכּה אַ גרויס־דייטשער גאַנצקייט, און צוגלייך אויך די האָפענונג אויף אַ דעמאָקראַטי־שער רעפובליק. אין דער דאָזיגער צייט פון דער לעצטער און העכסטער נאַציאָנאַלער סכּנה האָט מען נאָך ווייניגער געקאָנט טראַכטען וועגען זעלבשטענדיגע קלאַסען־אינטערעסען: בעבעל און ליבקנעכט האָבען פי־בערהאַפט געזוכט צו שטיצען די קליינבירגערליכע נאַציאָנאַלע דעמאָקראַטיע, וואָס האָט געהאַלטען אין פאַלען. מיט דער גרעסטער געשווינדקייט רופען זיי צונויף קיין כעמניץ אַ צוזאַמענפאָהר פון אַלע זאַקסישע אַר־בייטער־פעראיינען און גרינדען דאָרט די „זאַקסישע פאָלקס־פּאַרטיי". דאָ האָט מען אויסגעאַרבייט אַ פּראָגראַם, וואָס האָט געזאָלט בעפרידיגען אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען, אי די דעמאָקראַטען, אי די לאַ־סאַליאַנער. די זאַקסישע „פאָלקס־פּאַרטיי" איז צוגעשטאַנען צו די דעמאָקראַטען, אָבער, אַזוי ווי די פרייסיש־עסטרייכישע מלחמה איז שוין געווען געענדיגט, און דער גרויס־דייטשער רעפובליקאַנישער געדאַנק אין לעבען לגמרי בעזיגט, זענען די בירגערליכע דעמאָקראַטען אין גיכען צעפאַלען געוואָרען, האָבען אָהן גרויסע האַרצוועהטאָג געשלאָסען

שלום מיט ביסמאַרק'ן, וועמעס שטערן עס האָט דעמאָלט געהאַלטען אין אויפ=
געהן, — און די אַרבייטער האָבען בעקומען די לעצטע לעקציע, וואָס
האָט זיי בעוויזען, וואָס פאַר אַ ממשות עס האָט די קליינבירגערליכע
פּראַזעאָלאָגיע. בעבעל'ס „זאַקסישע פאָלקס=פּאַרטיי" האָט ניט געהאַט קיין
לאַנגען קיום. שוין אין אַווגוסט 1869 האָבען ביידע חברים, בעבעל מיט
ליבקנעכט'ן, וואָס זענען דאַן געשטאַנען אין אַ שטענדיגער פערבינדונג
מיט מאַרקס און ענגעלס אין לאָנדאָן און מיט'ן ערשטען סאָציאַליסטישען
אינטערנאַציאָנאַל, צונויפגערופען אין אַייזענאך דעם גרינדונגס=צוזאַ=
מענפאָהר פון דער סאָציאַל=דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אָט די גאַנצע פערפלאָנטערטע ענטוויקלונג האָט בעבעל דורכגע=
מאַכט רוהיג און קאָנסעקווענט, מיט זיין בטבע'דיגער ענטשלאָסענקייט
און ענערגיע, אָהן אינעווייניגסטע שווערע מלחמות מיט זיך אַליין, אָהן
אַ קרענקליכען בראָך. אַזוי גליקליך און האַרמאָניש האָט זיך דער
דייטשער אַרבייטער=קלאַס צוגערוקט צום וויסענשאַפטליכען סאָציאַליזם,
און ליבקנעכט מיט בעבעל'ן זענען געגאַנגען די ערשטע, ווייזענדיג
דעם וועג.

* * *

ביז איצט האָט בעבעל נאָך אַליץ געלעבט פון טאָקערײ און
פלעגט יעדען טאָג אָבשטעהן ביי דער אַרבייט פון 6 אין דערפריה ביז
7 אין אָבענד; דאָס פּראָלעטאַריער=לעבען האָט איהם אָבער ניט געשטערט
זיין גאַנץ ביסעל פרייע צייט אָבצוגעבען דער בעוועגונג. ערשט דער לעמ=
ניצער צוזאַמענפאָהר האָט איהם אַ ביסעל בעפרייט פון דאגות פּרנסה,
ער איז געוואָרען אַ „פּראָפעסיאָנאַל", ד. ה. די פּאַרטיי האָט איהם גע=
שאַפען די מעגליכקייט, ער זאָל זיך אינגאַנצען אָבגעבען דער געזעל=
שאַפטליכער טעטיגקייט. פון דחקות און נויט האָט איהם דאָס אָבער
נאָך ניט אויסגעלייזט, ווייל די פּאַרטיי איז געווען יונג און אָרים.
אין דער צייט איז ער פיעל אַרומגעפאָהרען, אַגיטירענדיג און אָרגאַ=
ניזירענדיג; בעגלייט אומעטום מיט זיין מעלאָדישען קול, שאַרפען הומאָר
און טעמפּעראַמענט, און דערצו מיט זיין טיעפען ערנסט, האָט
ער אין גיכען אין גאַנץ דייטשלאַנד אָנגעהויבען צו שמ'ען פאַר אַן
אמת'ן פאָלקס=טריבון. נאָך איידער די סאָציאַל=דעמאָקראַטישע פּאַרטיי
איז געגרינדעט געוואָרען, האָט מען איהם שוין אויסגעקליבען אין נאָרד=
דייטשען גרינדונגס=רייכסטאַג (1867), און זינט יענער צייט אָן איז ניט
געווען קיין שום פּאַרלאַמענטס=וואַהלען אין דייטשלאַנד, וואו בעבעל זאָל
ניט אויסגעקליבען ווערען. בעבעל איז פון אַלע סאָצ.=דעמ. דער
ערשטער און דער עלטסטער רייכסטאַג=דעפּוטאַט. און דע=

מאָלט שוין האָבען די מעכטיגע פאַר איהם דרך ארץ און מורא בע־קומען. „דער איינציגער, דעפוטאַט, וואָס פאַר איהם האָבען מיר מורא, איז בעבעל“, האָט זיך מודה געווען דער מיניסטאָרען־געהילף פאַר אינע־ווייניגסטע ענינים וועדטקע.

בשעת דעם פרייסיש־פראַנצויזישען קריג האָבען בעבעל מיט ליב־קנעכט׳ן שטאַרק אַגיטירט, אַז ס׳איז שוין צייט צו מאַכען אַ סוף צו דער מלחמה און שליסען שלום. מיט אומגעהייערן מוט זענען ביידע אַרויסגעטרעטען אַקעגען דעם בעגייסטערטען שאָוויניזם פון דער דייטשער געזעלשאַפט און האָבען געוואָרנט, מ׳זאָל ביי די פראַנצויזען ניט צו־נעמען עלזאַס מיט לאָטאַרינגען. נאָך היינט זעהט מען, וואָס פאַר אַ נביא׳ישער אמת איז געווען אין בעבעל׳ס אזהרה, אַז די אַנעקסיע פון עלזאַס־לאָטאַרינגען וועט אָנפילען די פראַנצויזישע נאַציע מיט אַ פלאַ־מענדיגער שנאה צו דייטשלאַנד און וועט שאַפען אויף צעהנדליגער יאָה־רען אַ תהום צווישען ביידע קולטור־פעלקער. די דאָזיגע אַגיטאַציע האָט אַקעגען זיי שטאַרק אויפגעבראַכט די געזעלשאַפט, און שטיצענדיג זיך אויף דער שאָוויניסטישער שטימונג, האָט ביסמאַרקס רעגירונג געהייסען אַרעסטירען בעבעל, ליבקנעכט און העפנער, אָנקלאָגענדיג זיי פאַר פאָ־טערלאַנד־פעררעטעט (דעם 17־טען דעצ. 1870). הערמיט האָט זיך אָנגעה־הויבען דער בערי׳המטער „לייפציגער פראָצעס פון הויך־פעררעטט“, וואָס האָט אַליין געהאַט די גרעסטע אַגיטאַטאָרישע ווירקונג פאַר די סאָצ.־דעמ. אידעען. זיצענדיג אין תפיסה זענען אַלע דריי אויסגעקליבען גע־וואָרען אינ׳ם ערשטען רייכסטאַג פונ׳ם פעראייניגטען דייטשען רייך, און די רעגירונג האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי זיי אַרויס־צולאָזען. דער משפט אַליין האָט זיך געצויגען צוויי וואָכען, און די געשוואָירענע ריכטער האָבען זיי פער׳משפט צו צוויי יאָהר זיצען. פיעל אַרבייטער, וואָס האָבען עפענטליך פראָטעסטירט אַקעגען דעם דאָזיגען משפט, זענען אויך פער׳משפט געוואָרען צו זיצען.

דאָ איז כדאי צו בעמערקען, אַז בעבעל האָט אינגאַנצען פער־בראַכט אין תפיסה 56 חדשים פון זיין לעבען; בעת׳ן זיצען פלעגט ער אָבער ניט מפסיק זיין די פאַרטיי־אַרבייט און פלעגט אַפילו קאַנדידירען ביי די וואַהלען. אין יאָהר 1872 האָט דערביי פאַסירט אַ קאָמיש־כאַ־ראַקטעריסטישער פאַל. בעבעל׳ן האָט מען אויסגעקליבען אין רייכסטאַג, נאָר די רעגירונג האָט גע׳פועל׳ט, מ׳זאָל פסל׳ען זיין מאַנדאַט, ווייל ער זיצט אין תפיסה. אָבער אַזוי ווי לויט׳ן געזעץ מעג מען יאָ קאַנדי־דירען, ניט געקוקט אויפ׳ן אַרעסט, האָט בעבעל באַלד ווידער אַרויס־געשטעלט זיין קאַנדידאַטור און האָט דאָסמאָל בעקומען נאָך מיט פיער

טויזענד שטימען מעהר, ווי דאס פאריגע מאל! זיין ארעסט האט בעבעל שטארק אויסגענוצט פאר זיין גייסטיגער ענטוויקלונג, האט זיך פיעל געלערנט און אנגעקליבען א סך וויסען, וואס איז איהם שפעטער צונוץ געקומען ביים שרייבען זיינע גרעסערע ווערק. זיצענדיג אין געפענגניש, האט ער אויך אנגעשריבען עטליכע בראשורעס. די תפיסה אין הרעזודען, וואו ער איז געזעסען, רופט מען איצט „בעבעלבורג"...

בעפרייט פון תפיסה, האט בעבעל זיך גענומען צו פעראייניגען די צעטיילטע ארבייטער-בעוועגונג. סוף כל סוף האט זיך איהם איינגעגעבען, ניט געקוקט אויף ליבקנעכט'ס ווידערשטאנד, צונויפצורופען ביידע צווישען זיך שארף שטרייטענדיגע פארטייען, די לאסאליאנער און די „אייזענאכער" (מארקסיסטען) אויף א פעראייניגונגס-קאנגרעס אין גאטא פון 22-טען ביז 27-טען מאי 1875 יאהר. דא האט זיך קאנסטיטואירט די היינטיגע דייטשע סאצ.-דעמ. פארטיי, נאר די גאטא'ער פראגראם איז געווען א מיש-מאש פון מארקסיסטישע און לאסאליאנישע פרינציפען. בעבעל האט ניט געוואלט שטארק מחמיר זיין אין פרינציפיעלע טעארעטישע פראגען, האט ער, אקעגען דעם צו פרינציפיעלען ליבקנעכט'ס ווילען, געפועל'ט, אז מ'זאל מאכען די לאסאליאנער געוויסע הנחות (ווי דער „אייזערנער געזעץ פון שכירות", „די גאנצע בורזשואזיע אלס א דורכאויס-רעאקציאנערע מאסע" און „פראדוקטיווע ארבייטער-אסאציאציעס מיט מלוכה-הילף"), הגם בעבעל אליין איז אויך געווען פרינציפיעל אקעגען די דאזיגע געדאנקען. אין זעכצעהן יאהר ארום, ווען מ'האט די פראגראם איבערגעמאכט, האט מען די לאסאליאנישע פונקטען אויסגעמעקט. אזוי ארום **האט בעבעל פאר דער דייטשער ס.-ד. אויך דעם פערדינסט פון פעראייניגען דעם ארבייטער-קלאס אין איין פארטיי.**

די פעראייניגטע פארטיי איז געשווינד געוואקסען, ביז זי האט ביי די וואהלען אין יאהר 1877 צונויפגעקליבען א צעהנט-חלק פון אלע שטימען און אריינגעבראכט אין רייכסטאג 12 דעפוטאטען. דא האט זיך ביסמארק אנטשלאסען צו א שווערען שריט: ער האט אריינגעבראכט און דורכגעפיהרט אין רייכסטאג דעם „אויסנאמס-געזעץ אקעגען די פאר'ן כלל געפעהרליכע שטרעבונגען פון דער סאצ.-דעמאקראטיע", וואס האט געגעבען דער רעגירונג און פאליציי די מאכט צו דערקלערען בעלאגערונגס-צושטאנד, שליסען פעראיינען, פערמאכען צייטונגען, ארעסטירען מענשען, ארויסשיקען זיי א. אז. וו. וואס פאר א רדיפות די ס.-ד. האט געהאט אויסצושטעהן בעת דעם אויסנאמס-צושטאנד, איז אלעמען בעקאנט. בעבעל האט אין דער שווערער צייט פיעל-פיעל געטאן אויפ-

צומונטערן די פּאַרטיי, וואָס האָט זיך גאָרניט געגרייט צום קלאַפּ. אין דער צייט האָבן די געוועהנטליכע מוסדים פון דער פּאַרטיי ניט געקאָנט ווירקען, און די גאַנצע פיהרונג איז אַריבער צו דער איינ־ציגער אינסטאַנץ, וואָס איז געבליבען פריי פון פּאָליציייאישען דרוק: דאָס איז געווען די ס.־ד. רייכסטאַג־פראַקציע. און בעבעל, וואָס איז געווען דער פּאָרזיצענדער פון דער פראַקציע, האָט אויף זיך געטראָגען דעם גרעסטען טייל פון דער אחריות'דיגער אַרבייט. ווי בעוואוסט, האָבן די אכזריות'דיגע רדיפות גאָרניט געפּועל'ט. די ס.־ד. איז כסדר געוואַקסען, און אין 1890 יאָהר האָט זי בעקומען כמעט אָנדערהאַלבען מיליאָן שטימען, מעהר ווי אַלע אַנדערע פּאַרטייען, און 35 דעפּוטאַטען, אַזוי אַז די רעגירונג האָט שוין ניט געהאַט קיין מוט צו בענייען דעם געזעץ, ווען זיין טערמין (1־טען אָקט. 1890) איז געקומען. אַזוי האָט זיך געענדיגט דער פּרוב צו דערווערגען די אַרבייטער־בעוועגונג, און זי איז אַרויס פונ'ם נסיון אַ געפעסטיגטע און מעכטיגער ווי געווען. פיעל געגנער, וואָס האָבן די גערודפ'ט מיט פייערדיגער שנאה, האָבן געמוזט אומבייטען דעם צאָרן אויף יראת הכבוד, זעהענדיג די העלדישקייט פון די גערודפ'טע: אַזוי איז פראַנץ מעהרינג, פריהער אַ דם־שונא פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וועלכען אַלע פּאָליציי־רדיפות זענען געווען קאַרג, און ער האָט לכתחילה פערלאַנגט אפילו, אַז מ'זאָל דאָס אויסנאַהמס־געזעץ נאָך שטרענגער אָנווענדען, מיט דער צייט אַליין געוואָרען אַן איבערגעגעבענער פּאַרטיי־מיטגליד. קאַרל קויטסקי, אין אָנהויב אַ געגנער פון דער בעוועגונג, אַ בעוואוסטזיניגער אָנהענגער פון דער בירגערליכער דעמאָקראַטיע, האָט אויך ניט געקאָנט בלייבען פון דערווייטענס, זעהענדיג די רדיפות, און איז געוואָרען דער בעסטער טעאָרעטיקער און פערטיידיגער פון דעם גערודפ'טען געדאַנק. בעבעל'ס און ליבקנעכט'ס אַגיטאַציע האָט ניט ווייניג מיטגעהאָלפען צו דעם ערפאָלג, וואָס דער ס.־ד. זענען צוגעקומען אַזוינע שענע קרעפטען.

* *

*

מיר האָבן געזעהן, ווי בעבעל דיענט דער פּאַרטיי מיט זיין ענערגיע, זיין פלאַמענדיגען רעדנער־טאַלאַנט, זיין פּאָלעמישער קראַפט. מיר קענען בעבעל'ן, אַלס פלאַמענדיגען קעמפער און פאָלקס־טריבון, מיר אַלע האָבן געהערט פון זיינע הילכיגע דיסקוסיעס מיט ביסמאַרק, ביולאָוו, בעטמאַן־האָלוועג, מיר ווייסען, ווי דער רייכסטאַג פלעגט זיין פול, ווען בעבעל האָט געוואָלט רעדען, וואָסער אַ היסטאָרישער טאָג פלעגט שטענדיג זיין אין פּאַרלאַמענט בעבעל'ס אַרויסטרעטונג. מיר האָבן עס אַלע

איבערגעלעבט, ווי פאַר בעבעל׳ס וואָרט האָבען געציטערט די אדירים פון לאַנד, ווי דער גרוי-גרייזער קעמפער האָט פערשטאַנען פון דער פאַרלאַמענטס-טריבונע צו זאָגען טאַקטפולען און שטעלעדיגען מוסר דעם דייטשען קייזער, דעם „יונגען הער“ — דעם קרוינפרינץ. ווער קאָן איבערדערצעהלען בעבעל׳ס רעדעס אין פאָלקס-פערזאַמלונגען, אין פאַרלאַמענט, אויף פאַרטיי-צוזאַמענפאָהרען, אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען? אומעטום האָט ער בעוויזען צו „נעמען“ דעם עולם, און איטליכעס מאָל האָט ער גערעדט אַנדערש, לויט׳ן מעמד פונ׳ם פובליקום נאָך, און תמיד איז ער געבליבען זיך געטריי. שוין זיין רעדנער-קראַפט אַליין וואָלט גענוג געווען אונז צו געבען פערשטעהן, פון וואַנען ס׳נעמט זיך בעבעל׳ס צוציהונגס-קראַפט און די גרויסע אַכטונג, וואָס עס האָבען געהאַט צו איהם אַפילו די געגנער.

אָבער דאָס איז ווייט ניט אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן און וואָס ער האָט בעטייט פאַר זיין בעוועגונג פאַר די פופציג יאָהר, וואָס זי עקסיסטירט. מאַרקס האָט דער פאַרטיי געגעבען אידעאַלען און אַוויסענשאַפטליכען וועלט-קוק, לאַסאַל — דעם אידעאַליסטישען „שוואונג“ און די גרויסע דרייסטקייט, ענגעלס האָט דעם וועלט-קוק פאָפולאַריזירט, ליבקנעכט — פראָפּאַגירט, קויטסקי — אַ ברייטען פירוש געשאַפען, — און וואָס האָט בעבעל אַריינגעבראַכט? בעבעל האָט פעסטגעשטעלט און בעשטימט די פראַקטישע פרינציפען פון דער פאַרטיי, אָבער טאַקע אַלע פרינציפען און אַליין בעשטימט. ער האָט אַוועקגעפיהרט די דייטשע ס.-ד. אויפ׳ן וועג פון שטענדיגען כסדר׳דיגען קאַמף פאַר טיילווייזע בהדרגה׳דיגע פערבעסערונגען פונ׳ם אַרבייטער-לעבען. דאָס איז געווען בעבעל׳ס איפּטש, און ער האָט דאָס דורכגעפיהרט, ניט געקוקט אויף ליבקנעכט׳ס שאַרפער אָפּאָזיציע. אין יאָהר 1869, בעת דער נאָרד-דייטשער רייכסטאַג האָט אָנגעהויבען צו בעטראַכטען די תקנות מכח מלאכה („געווערבע-אָרדנונג“), האָט זיך ליבקנעכט אָבגעזאָגט צו בעטייליגען אין די דעבאַטען. בעבעל האָט אָבער פערשטאַנען מיט זיין פראַקטישען אַרבייטער-שכל, אַז דאָ רעדט זיך מכח די אַלטעגליכע אינטערעסען פון די אַרבייטער, ער האָט זיך ניט צוגעהערט צו ליבקנעכט׳ס טענות, אַז דאָס איז „רעאַקציאָנער“, „אָפּאָרטוניסטיש“, האָט געאַרבייט ביים אַרומרעדען דעם געזעץ און האָט שוין דעמאָלט גע׳פועל׳ט אַ סך וויכטיגע רעפאָרמעס, קודם כל די אָבשאַפונג פונ׳ם אַרבייטס-ביכעל. שפּעטער האָט ער מיטגעאַרבייט ביי דער בעהאַנדלונג פון אַרבייטער-שוץ-געזעצען, וואָס אַדאַנק דעם, ווי אויך איבער פיעל אַנדערע טעמים, האָבען

זיי דערגרייכט אין דייטשלאַנד אַזוי פריה צו אַזאַ הויכער מדרגה. בּעבּעל האָט אַליין אויסגעפאָרשט די שרעקליכע אַרבּייטס-בּעדינגונגען בּיי די בּעקער און אָנגעשריבּען וועגען דעם אַ שאַרפע בּראָשור. — דאָס האָט געצוואונגען די רעגירונג צו גרינדען אַ סטאַטיסטישע קאָמיסיע אויסצופאָרשען די זאַך. זינט יענער צייט אָן ווערט סיסטעמאַטיש געפיהרט אין דייטשלאַנד אַן אָפיציעלע אַרבּייטס-סטאַטיסטיק מצד דער רעגירונג. דאָס איז, בּכן, ווידער דער עיקר בּעבּעל׳ס פערדינסט. אויפ׳ן גרונד פון בּעבּעל׳ס שילדערונגען פונ׳ם אַרבּייטער-לעבּען איז אויסגעאַרבּייט געוואָרען אין רייכסטאַג דער ערשטער געזעץ מכח אַ מינימאַלען אַרבּייטס-טאָג. בּעבּעל׳ס אַיינדרוקספולע אָנפראַגען אין פאַרלאַמענט וועגען די יסורים, וואָס סאָלדאַטען ליידען אין די קאַזאַרמעס, האָבּען געצוואונגען די רעגירונג אויך אין דעם פּרט מאַכען אַ טאָלק. בּעבּעל איז געווען דער מוסטער-לעדהרער פון דער פאַרלאַמענטאַרישער טאַקטיק ניט נאָר פאַר חוץ דייטשער ס.-ד., נאָר פאַר דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער בּעוועגונג.

ער האָט אויך אָנגעפיהרט דעם קאַמף פון דער פאַרטיי אַקעגען די צוויי אינעווייניגסטע סכנות: דעם אַנאַרכיסטישען טעראָריזם, וואָס האָט געפונען זיין מליץ-יושר אין יאָהאַן מאָסט, און אַקעגען דעם אָפּאָרטוניסטישען רעוויזיאָניזם, וואָס האָט זיך צום בּולט׳סטען אויסגעדריקט אין בּערנשטיינ׳ס אַגיטאַציע. דאָ טרעט פאַר אונז אויף בּעבּעל אַלס דער היטער פון דער פאַרטייאישער אָרטאָדאָקסיע, אַלס אידהר קאָנסערוואַטיווער און קאָנסערווירענדיגער גייסט. אין גאָטאַ האָט מען, די לאַסאַליאַנער צוליעב, אָנגענומען אַ פונקט, אַז די פאַרטיי קעמפט מיט אַלע געזעצליכע מיטלען. נאָכ׳ן ערשיינען פונ׳ם אויסנאַמס-געזעץ האָט מען דאָס וואָרט „געזעצליך״ אויסגעמעקט, און אַריינגעשטעלט „מיט אַלע מיטלען״; פונדעסטוועגען האָט בּעבּעל גלייכצייטיג געפועל׳ט, מ׳זאָל מאָסט מיט זיינע חברים, וואָס זענען נוטה געווען צום אַנאַרכיזם, אויסשליסען פון דער פאַרטיי. דער גלענצענדיגער נצחון פון דער פאַרלאַמענטאַרישער טאַקטיק איבּער דער רעגירונג מיט אידהר אויסנאַמס-געזעץ, האָט נאָך שטאַרקער פערפעסטיגט די פאַרטיי אויף דעם שטאַנדפונקט פון לעגאַלען קאַמף. ווען ענגעלס האָט געשריבּען אין יאָהר 1895, קורץ פאַר זיין טויט, אַז „די געזעצליכקייט איז געווענדט אַקעגען אונזערע שונאים, און די ס.-ד. בּעקומט פון אידהר רויטע בּאַקען״, איז דאָס געווען דער אויסדרוק פון יענער מעטאָדע, וואָס בּעיקר האָט בּעבּעל דורכגעפיהרט אין זיין פאַרטיי. אין גיכען האָבּען אָבּער פיעל פאַרטיי-פיהרער אָנגעהויבּען צו מאַכען פונ׳ם געזעצליכקייטס-שטאַנדפונקט אַ פועל יוצא, וואָס

בערנשטיין האָט אויסגעדריקט אינ'ם זאַץ, אַז „דער ענדצוועק איז גאָר=
ניט און די בעוועגונג אַליץ", מיט אַלע אָפּאָרטוניסטישע מסקנות דערפון.
און בעת קויטסקי האָט דעם רעוויזיאָניזם בעקעמפט טעאָרעטיש, האָט
בעבעל דאָס געטאָן מיט דער גאַנצער קראַפט פון זיין הייסען טעמ=
פעראַמענט און בייסעדיגען וויץ, אויסנוצענדיג זיין גאַנצען איינפלוס
אויף די אַרבייטער=מאַסען.

אויף אַזאַ אופן איז בעבעל דער אייגענטליכער בעשעפער פונ'ם
„אָרטאָדאָקסאַלען" סאָציאַל=דעמאָקראַטישען מינימום=פּראָגראַם. ער האָט
תמיד פערשטאַנען איינצוהאַלטען „די גילדערנע מיט" צווישען די עקסטרע=
מען. אויך זיין בעציהונג צו די אויסער=פּאָליטישע פאָרמען פון דער
אַרבייטער=בעוועגונג איז העכסט כאַראַקטעריסטיש אין דעם זינען: קיינ=
מאָל ניט לאָזענדיג, אַז די פּראָפעסיאָנעלע אָדער קאָאָפּעראַטיווע אָר=
גאַניזאַציעס זאָלען זיך צו פיעל דערווייטערן פון די סאָציאַליסטישע
פּרינציפּען פון קלאַסען=קאַמף, האָט ער, פון דער אַנדער זייט, שטענדיג
פערטיידיגט זייער פּאָליטישע נייטראַליטעט און פלעגט זיך ניט אָפּ=
שטעלען פאַר אַ קאָנפליקט מיט די טעאָרעטיקער=מחמירים, ווי קויטסקי
אָדער רויזע לוקסעמבורג. דער בעקאַנטסטער פערדינסט בעבעל'ס איז
אָבער זיין איניציאַטיוו אינ'ם אויפהויבען די פרויען=פראַגע פאַר דער
סאָציאַליסטישער וועלט. זיין ווערק „די פרוי און דער סאָציאַליזם", וואָס
האָט צום ערשטען מאָל ערשיינט אין יאָהר 1883 (די ערשטע צעהן
אויפלאַגען האָבען געטראָגען אַן אַנדער קעפּעל: „די פרוי אינ'ם עבר
הוה און עתיד") האָט אינ'ם יאָהר 1910 דערגרייכט די פופציגסטע
אויפלאַגע און איז איבערגעזעצט געוואָרען אין צעהנדליגער לשונות.
דאָרט האָט ער מיט זיין געוועהנליכער התלהבות אויפגעשטעלט דעם
זאַץ, אַז „דער סאָציאַליזם געהערט דער צוקונפט, ד. ה. אין ערשטער
ליניע דעם אַרבייטער און דער פרוי", און האָט געגעבען אַ מעכטיגען
שטויס צו דער בילדונג פון דער אַרבייטערינס=בעוועגונג. בעבעל האָט אויך
דער ערשטער פאָרמולירט דעם פערהאַלטען זיך פון דער סאָציאַל=
דעמאָקראַטיע צו דער אַנטיסעמיטישער בעוועגונג (זיין רעדע „דער אַנ=
טיסעמיטיזם און די סאָציאַל=דעמאָקראַטיע" 1894), בעת ער האָט אַרויס=
געפונען אידרע עקאָנאָמישע סיבות און אַרויסגעפּידרט, אַז „דער אַנ=
טיסעמיטיזם איז דער סאָציאַליזם פון די נאַראָנים".

אָבהויפענדיג דיך, ווי מיר זעהען, אַליין, לויט זיין אייגענער
איניציאַטיוו, פריהער פאַר אַלע זיינע חברים, אויף אַלע לויפענדיגע
ערשיינונגען פונ'ם געזעלשאַפטליכען לעבען, איז בעבעל פונדעסטוועגען
די גאַנצע צייט געבליבען אַ טרוימער. יאַ, אַ טרוימער. אַזוי איז שוין

## ב. באָראָכאָוו — אווגוסט בעבעל.

די פסיכאָלאָגיע פונ׳ם דייטשען אַרבייטער, — וואָס איז אין בעבעל׳ן פער־קערפערט: צו זיין פינקטליך, פּראַקטיש, און גלייכצייטיג סענטימענטאַל, פערחלומ׳ט, פערטראַכט מכּה דעם, ווי שען, ווי איינגעאָרדענט וועט אַלצדינג זיין אין דער ווייטער צוקונפט. בעבעל איז געווען דער נביא פונ׳ם צוקונפטס־שטאַט. ער האָט דעם בעגריף געשאַפען, איהם האָט ער אָבגעגעבען אַ דריטען טייל פון זיין גרעסטען ווערק („די פרוי און דער סאָציאַליזם") און האָט איהם פערטיידיגט אַקעגען די בירגערליכע און פריצישע געגנער (אין דער פּאַרלאַמענטס־דעבאַטע וועגען דעם צוקונפטס־שטאַט). טון און טרוימען — דאָס האָט זיך רייך און האַרמאָניש צונויפגעקניפּט אין בעבעל׳ס נשמה.

* * *

אַז מיר פרעגען איצט, וואָס איז בעבעל געווען, בעבעל אַלס מענש, בעבעל אַלס יחיד, — האָבען מיר קיין אַנדער תּשובה ניט, ווי די: בעבעל איז געווען אַ דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַט, ניט וועניגער, און ניט מעהר. דער בעסטער פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטען, און דערפאַר אויך דער בעסטער פון גאָר דער וועלט, ווייל זיין פּאַרטיי איז די בעסטע, די גרעאָטענסטע. אין זיין בעציהונג צו דער פרויען־פראַגע, צו דער יודען־פראַגע, צו דער רעליגיע האָט יעדער געוועהנטליכער מענש עפּיס אייגענס, חוץ זיין פּאַרטיי־קוק, חוץ זיין פּאַרטיי־געפיהל; בעבעל׳ס בעציהונג צו דעם אַלעמען איז געווען איינהייטליך און איינפאַך; די בעציהונג פון אַ קלוגען, טעמפּעראַמענטפולען סאָציאַל־דעמאָקראַט, ניט וועניגער, און ניט מעהר. זיין פערהאַלטען זיך צו זיך אַליין — אויך דאָסזעלביגע: זיינע זכרונות „פון מיין לעבען", וואָס ער האָט דאָ ניט לאַנג פערעפענטליכט (צוויי בענד; דעם דריטען ניט פערענדיגט), שרייבט ער ניט אַלס מענש, וואָס דערמאָנט זיך אָן זיינע פערזענליכע איבערלעבונגען אויסערהאַלב פון דער סאָציאַלער סביבה זיינער: ער שרייבט זכרונות וועגען דער געשיכטע פון דער דייטשער אַרבייטער־בעוועגונג, ניט וועניגער, און ניט מעהר.

אין דער לעצטער צייט האָט די דייטשע פּאַרטיי אָנגעוואָרען פיעל וויכטיגע פיהרער: ליבקנעכט, אויער, זינגער. אָבער די אבדה פון בעבעל׳ן שטייגט אַריבער אַלע איבעריגע איינאיינעם גענומען. ווייל אין בעבעל׳ן האָט זי פערלאָרען איהר בעסטען מיטגליד, איהר פערקערפּערונג, איהר צווייטען „איך".

ב. רובשטיין.

# די וואַהלען צום גאַליציש׳ען סיים.

(בריעף פון גאַליציען)

דער וואַהל=געזעץ צום גאַליציש׳ען סיים האָט שוין אַ גאַנץ בכבוד׳יגען עלטער, ער איז אַרוים צוריק מיט 52 יאָהר (פעבר.=פאַטענט פון 1861). לויט דעם דאָזיגען געזעץ ווערט די גאַנצע וועהלערשאַפט איינגעטיילט אין פיר קוריעס: 1) גרויסגרונד=בעזיץ מיט 44 מאַנד. 2) האַנדעלס=קאַמערען — 3 מאַנד., 3) שטעדט — 26 מאַנד. און 4) די דאָרף=געמיינדעס מיט 76 מאַנד. אַחוץ דעם זענען נאָך דאָ 12 ווירילּיסטען, ד. ה. מענשען, וואָס בעקומען זייערע מאַנדאַטען אַדאַנק זייער הויכער שטעל — בישאָפען און רעקטאָרען פון די גאַליצישע הויכשולען. די וואַהלען אין די שטעדט און דערפער זענען געבויט אויפ׳ן פרינציפּ פון פערמעגענס=צענז, און די ברייטע ניט פערמעגליכע מאַסע איז אויף אַזאַ אופן אויסגעשלאָסען פון די וואַהלען. אַחוץ דעם זענען די וואַהלען ניט קיין געהיימע און אין די דערפער אויך אומדירעקטע. ס׳פערשטעהט זיך, אַז דער אומענטוויקעלטער אָרימער גאַליצישער פויער, וואָס איז כמעט אינגאַנצען אָבהענגיג פונ׳ם פריץ, און אפילו די שטאָדטישע וועהלער, וועלכע מוזען לעבען בשלום מיט די שטאָדט=פערוואַלטונגען, האָבען זעהר זעלטען דעם מוט אָפען צו שטימען קעגען די רעגירונגס=קאַנדידאַטען. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז די גאַנצע מאַכט האָט אוזורפירט אַ קליין הייפעלע פוילישע אַדעל־לייט. דער גאַליצישער סיים האָט דעריבער געמוזט אַרויסרופען אַ שטאַרקע אומצופרידענקייט ביי דער שטאָדטישער און דאָרפישער דעמאָקראַטיע, וואָס איהרע עקאָנאָמישע אינטערעסען איז דער סיים ניט פעהיג געווען צו בעפרידיגען. די פוילישע שלאַכטיצען האָבען זיך אָבער ניט בעגנוגט בלויז מיט זייער קלאַסען־הערשאַפט און האָבען פונ׳ם סיים געמאַכט אַ ווערקצייג צו אונטערדריקען די ניט=פוילישע נאַציעס — די יודען און רוטענער. ס׳איז גענוג צו דערמאָנען, אַז אין פאָריגען סיים זענען געווען ס״ה 5 יודען (צווישען זיי 2 פון די שטעדט לעמבערג און קראַקוי, די איבעריגע פון די האַנדעלס=קאַמערען) און 17 רוטענער, בעת די רוטענער זענען 42 פראָצ. פון דער גאַנצער גאַליצישער בעפעלקערונג. נאָכדעם ווי עס איז איינגעפיהרט געוואָרען דאָס אַלגעמיינע וואַהלרעכט צום רייכסראַט, האָבען די גאַליצישע דעמאָקראַטען און בעזונדערס די רוטענער אָנגעהויבען צו פאָדערן אַ רעפאָרם פונ׳ם וואַהל־געזעץ צום סיים, און שוין די ערשטע רוטענישע דעפוטאַטען, וואָס זענען אַריינגעטראָטען אין גאַליצישען סיים נאָך דער איינפיהרונג פון די אַלגעמיינע וואַהלען צום רייכסראַט, האָבען מיט זיך אויך מיטגעבראַכט דעם לאָזונג: „רעפאָרמירען דעם וואַהלגעזעץ צום סיים". די דאָזיגע פאָדערונג האָט געשטיצט די רוטענישע גרופע אין רייכסראַט, וואָס מיט איהר האָט, מחמת אַ גאַנצער רייה סבות, — וואָס מיר קאָנען זיך דאָ ניט אויף זיי אָבשטעלען, — די צענטראַלע רעגירונג געמוזט רעכענען זיך און אָנווענדען איהר גאַנצען איינפלוס לטובת דער דאָזיגער רעפאָרם. ביי אַזעלכע גינציגע תנאים איז קיין הידוש ניט, וואָס דער דאָזיגער לאָזונג האָט גיך אַרויסגערופען אַן אמת׳ע פאָלקס־בעוועגונג. און ווייל די הויפּט=אָנפיהרער פון דער דאָזיגער בעוועגונג זענען געווען די פאָרשטעהער פון אַן אונטערגעדריקטען פאָלק, האָט די דאָזיגע בעוועגונג גיך אָנגענומען אַ נאַציאָנאַלען כאַראַקטער: נאַציאָנאַלע גלייכבערעכטיגונג, און ווי אַ גאַראַנטיע, אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטער (אַ רשימה פון די איינוואוינער לויט זייער נאַציאָנאַליטעט) — איז געוואָרען דער צענטראַל=פונקט פון דער דאָזיגער בעוועגונג.

ווי האָבען זיך געהאַלטען די יודען אין דער דאָזיגער בעוועגונג? די אַסימילאַטאָרען — און זיי זענען דאָך די ראשי־המדברים און ראשי־

הקהלה — האָבען זיך באַלד געאײַלט צו פערדיכערן זייערע אַדונים, די פּאָלאַקען, אַז „מיר, יודען, ווילען ניט קיין רעליגיעזען קאַטאַסטער און ווילען קעמפען קעגען דער דאָזיגער „רעאַקציאָנערער“ פאָדערונג מיט אַלע אונזערע כּחות. און די ציוניסטען? זיי האָבען דאָך נאָך עד היום ניט קיין הכשר אויף „גלות=אַרבייט“, און אָהן אַזאַ הכשר האָבען זיי דאָך ניט געקאָנט אַריינטרעטען אין'ם דאָזיגען קאַמף. אמת, אין די וואַהלען צום רייכסראַט פון יאָהר 1907 האָבען זיי זיך זעהר ענערגיש בעטייליגט און האָבען גאָר אינגאַנצען פערגעסען אָנ'ם הכשר. אָבער דאַן האָט זיך גערעדט וועגען אַ באַלדיגען ריוח אין דער פאָרם פון דעפּוטאַטען=מאַנדאַטען, און דערויף זענען די גאַליצישע ציוניסטען גראָד זעהר גרויסע בעלנים. אָבער קעמפען אין גלות—דאָס איז דאָך אַן אַרויסגעוואָרפענע זאַך, און זיי האָבען דעריבער פאַר קליגער געפונען דיפּלאָמאַטיש אָבצוואַרטען די רעזולטאַטען פון'ם דאָזיגען קאַמף. אויך די יודישע סאָצ. אַרבייטערפּאַרטיי (זש. פּ. ס.) האָט זיך שטאַרק פערזינדיגט. די אַסימילירטע פּ. פּ. ס.=יודען האָבען זיי איבערגעגעבען אין'ם נאָמען פון דער פּאַרטיי, אַז אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטער איז רעאַקציאָנער און אַנטי=סאָציאַליסטיש, און זיי האָבען בתמימות געגלויבט, אַז דאָס איז תורת אמת. ערשט נאָך דער בעריהמטער רעדע פון'ם פּוילישען סאָציאַליסטישען פיהרער דאַשינסקי ביי דער שטאַט=האַלטעריי וועגען די צוויי נאַציעס פון גאַליציען און דער פאָדערונג פון אַ נאַצ. קאַטאַסטער פאַר די רוטענער, האָבען די זש. פּ. ס. אָנגעהויבען צו פערשטעהן דעם אמת'ן ווערט פון דעם, וואָס עס האָבען זיי געפּרעדיגט די אַסים. פּ. פּ. ס. יודען, און ביי זיי האָט זיך אָנגעהויבען אַן איבערראַשונג פון די פריהערדיגע ווערטען. די איינציגע, וואָס האָבען פון אָנהויב אָן פערשטאַנען, אַז דער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטער, ניט געקוקט אויף זיינע אַלע חסרונות, איז דאָך די בעסטע לייזונג פאַר דער נאַציאָנאַלער פראַגע, און האָבען זיך פון אָנהויב אָן געשטעלט אויף דער זייט פון די רוטענער, זענען די „פּועלי ציון“. זיי זענען אָבער געווען די איינציגע אויף דער יודישער גאַס, און דעריבער האָט זיך זיי ניט איינגעגעבען—כּאָטש מיה האָבען זיי אַוועקגעלעגט ניט ווייניג — אַרויסצורופען אַ שטאַרקע יודישע בעוועגונג, וואָס די ניט=יודישע וועלט זאָל זיך מוזען רעכענען מיט איהר. די רוטענער, וואָס זענען אין אָנהויב געווען אַרויסגעטרעטען אין אחדות מיט די יודען און אַלס זייערע פערטיידיגער, האָבען, ניט זעהענדיג אין די יודען קיין פּאָליטישע מאַכט — פערלאָזט זייער יודענפריינדליכע פּאָליטיק און האָבען אָנגעהויבען „מאַכען שבת פאַר זיך“. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז פון דער דאָזיגער דעמאָקראַטישער בעוועגונג איז באַלד געוואָרען אַ ריין רוטעניש=נאַציאָנאַלע בעוועגונג. אָנשטאָט צו אָנווענדען אַלע כּחות וואָס מעהר צו דעמאָקראַטיזירען דאָס נייע וואַהל=געזעץ, אין וואָס די רוטענער זענען דאָך סוף כּל סוף פעראינטערעסירט דערין ניט ווייניגער פון די יודען, איז ביי זיי דער הויפּט=ציעל געוואָרען אויסצוקעמפען זיך אַ גרעסערע צאָהל רוטענישע מאַנדאַטען. ווי אַ הנחה די פּוילען, האָבען די רוטענער אויסגעמעקט פון זייער פּראָגראַם די יוד. נאַצ. גלייכבערעכטיגונג, און אויך זיי האָבען אָנגעהויבען צו רעדען וועגען אַ גערעכטער איינטיילונג פון די מאַנדאַטען צווישען די צוויי גאַליצישע נאַציעס. נאָך אַ לאַנגען קאַמף און יאָהריגער אָבסטרוקציע זענען די פּוילישע און רוטענישע פּאַרטייען מושוה געוואָרען בנוגע צום נייעם וואַהל=געזעץ. לויט דעם דאָזיגען געזעץ=פּראָיעקט ווערט איינגעפיהרט געהיימע וואַהל=רעכט, ווי אויך אַ סינגטע שטאָדטישע קוריע מיט אַלגעמיינעם וואַהל=רעכט. דערביי בעקומען די רוטענער 27,4% פון דער גאַנצער צאָהל מאַנדאַטען, פון זיי 5 אין דער שטאָדטישער צענזוס=קוריע און 3 אין דער אַלגעמיינער שטאָדטישער קוריע; און פאַר די שטאָדטישע רוטענישע וועהלער ווערט געשאַפען אַ נאַציאָנאַלער קאַטאַסטער. דער דאָזיגער אָבמאַך האָט אַרויסגערופען פייערדיגע פּראָטעסטען מצד דעם דעמאָקראַטישען טייל פון די גאַליצישע יודען, און אין די גרעסטע יודישע צענטרען זענען אָבגעהאַלטען געוואָרען צאָהלרייכע יודישע פּראָטעסט=פערזאַמלונגען. דאָסמאָל

# די יודישע וועלט.

זענען די זש. פ. ס. צום טייל אויך צוגעשטאַנען צום יודישען פּראָטעסט קעגען דעם פערשווייגען די עקסיסטענץ פונ'ם דריטען גאַליצישען פאָלק. בכלל אָבער זענען אַלע יודישע פּאַרטייען געווען אין אַ געוויסער מאָס צופריעדען מיט דעם רוטעניש-פּוילישען אָבמאַך. שוין דאָס אַליין, וואָס מ'האָט געזאָלט איינפיהרען די געהיימע אָבשטימונג, ווי אויך די 5-טע שטאָדטישע קוריע אויפ'ן יסוד פון אַלגעמיינעם וואַהלרעכט, וואָלט געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אינ'ם ווייטערדיגען קאַמף פון דער גאַליצישער דעמאָקראַטיע קעגען דער העגעמאָניע פון די פּריצים. אַחוץ דעם, וואָלט דער דאָזיגער אָבמאַך געבראַכט אויך אַ געוויסען אומדירעקטען נצחון די יודען, ווי אַ נאַציע. די יודען אין גאַליציען זענען אמת ניט אַזוי שטאַרק קאָנצענטרירט אין די שטעדט, ווי למשל, אין רוסיש-פּוילין און אין תחום, דאָך אָבער בילדען זיי אַ בעדייטענדען טייל פון דער שטאָדטישער בעפעלקערונג, בעזונדערס אין מזרח-גאַליציען. אין אַ גאַנצער רייה שטעדט פון מזרח-גאַליציען זענען די יודען קוואַנטיטאַטיוו שטאַרקער פון די פּוילען, און דעריבער האָט זיך ביי דער קונציגסטער וואַהל-געאָמעטריע (און דערויף זענען דאָך די פּוילען גרויסע בריה'ס) ניט געקאָנט איינגעבען אויסצושניידען די וואַהל-קרייזען אַזוי, אַז די יודען זאָלען אומעטום בילדען אַ מיעוט. אין אייניגע וואַהל-קרייזען האָבען יודען געבילדעט אַ מאַיאָריטעט, און אין אַנדערע כמעט די העלפט פון דער בעפעלקערונג. די יודען האָבען, אַלזוי, געהאַט 9 געזיכערטע מאַנדאַטען אין דער צענזוס-קוריע און 2 אין דער אַלגעמיינער קוריע, און ביי גינציגע בעדינגונגען וואָלטען זיי נאָך געקאָנט בעקומען נאָך 6, אַזוי אַז די צאָהל פון די יודישע מאַנדאַטען וועלט געווען אינ'ם קינפטיגען סיים פון 12 ביז 17. אויב אין פערגלייך מיט אונזער צאָהל, אינטעליגענץ אין שטייער-פעהיגקייט, איז אַזאַ צאָהל מאַנדאַטען אַ צו קליינע, איז עס אָבער דאָך אַ גרויסער נצחון, ווען מיר פערגלייכען עס מיט דעם, וואָס מיר האָבען ביז איצט געהאַט.

אָבער אומגעריכט פאַר דער גאַנצער גאַליצישער געזעלשאַפטליכער מיינונג האָבען די פּוילישע מאַכטהאָבער אינ'ם לעצטען מאָמענט הרטה געהאַט, און פונ'ם גאַנצען געזעץ-פּראָיעקט איז גאָרנישט געוואָרען. די רעגירונג האָט פונאַנדערגעלאָזען דעם סיים און האָט בעשטימט אויף דעם 23-טען יוני — ביז 3-טען יולי נייע וואַהלען. דער צענטראַלער פּונקט פון דער וואַהל-אַגיטאַציע איז, פערשטעהט זיך, געווען די פראַגע וועגען דער וואַהל-רעפאָרם. דאָס מאָל האָבען די יודען אַרויסגעוויזען אַ גרויסען אינטערעס צו די וואַהלען. און די דאָזיגע וואַהלען האָבען פאַר אונז אַ סימפּטאָמאַטישען ווערט. אין לעמבערג האָט, ווי אַלע מאָל, אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אַלס פ ע ר ט ר י ע ט ע ר פ ו ן ד י י ו ד ע ן דער הזקה-דעפּוטאַט לעווענשטיין „פאָן דראהאביטש" (דעם טיטעל האָט ער בעקומען פון די יודען פאַר דער יודישער בלוטבאָד, וואָס ער האָט געמאַכט אין דראָהאָביטש אין יאָהר 1911), נאָכדעם ווי ער האָט, כדי צו געפעלען די פּוילישע אדונים, אומפערשעמט אַריינגעטראָגען דעם ערשטען און איינציגען אויסנאַם-געזעץ בנוגע צו יודען: אַז אין פאַל, אויב ס'וועט זיך אַרויסווייזען, אַז די יודען קאָנען פערכאַפּען אין זייערע הענד די ביידע מאַנדאַטען פון דער אַלגעמיינער קוריע אין לעמבערג און קראַקוי, זאָל מען קאָנען אומבייטען די וואַהל-סיסטעם אָהן דעם נויטיגען קוואָרום. די דאָזיגע חוצפּה פונ'ם יודישען בוגד האָט אויפגערעגט אַפילו די מעסיגסטע טיילען פון דער יודישער בעפעלקערונג, אַפילו די לאָיאַלע ציוניסטען האָבען צוזאַמענגערופען אַ פּראָטעסט-פערזאַמלונג קעגען די פינסטערע מה יפית-יודלעך. אימפּאָזאַנטער ווי אַלע איז אָבער געווען די פערזאַמלונג, וואָס עס האָבען צונויפגערופען צוזאַמען די פּוע"צ און זש. פ. ס., וואָס אויף איהר זענען אויך געקומען די ציוניסטען. די זש. פ. ס. האָבען דערקלערט, אַז זייער פּאַרטיי האָט בעשלאָסען אַרויסצושטעלען אַן אייגענע אַרבייטער-קאַנדידאַטור אַלס פּראָטעסט קעגען די קהלניקעס. די פּוע"צ האָבען בעגריסט דעם דאָזיגען בעשלוס און האָבען צוגעזאָגט זייער הילף. אויך די ציוניסטען זענען אַרויסגעטראָטען מיט התלהבות'דיגע רעדעס וועגען נאַצ. קאַמף און דג"ל. אָבער די דאָזיגע התלהבות

האָט זיך גיך אָבגעקיהלט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָבען שוין די ציוניסטען אויף זייער איינענער פערזאַמלונג געגעבען אַ נייעם פּאַראָל: ניט קעמפּען קעגען די אַסימילאַטאָרען, נאָר בלויז אָבהאַלטען זיך פון דער וואהל. דער סוף איז געווען, אַז די קאַנדידאַטור פון'ם זש. פּ. ב. האָט בעקומען זעהר אַ קליינע צאָהל פון שטימען. אָבער אויך לעווענשטיין איז דורכגעפאַלען, און דאָס איז געווים אַ גרויסער נצחון איבער'ן קאָרומפּירטען „קהל". אמת, די שמעלקעס פאָן האראַוויץ און זייערע טעלערלעקער האָבען „ענטשעדיגט" לעווענשטיינ'ען דערמיט, וואָס זיי האָבען איהם „פערטרויט" דעם מאַנדאַט פון דער האַנדעלס-קאַמער, אָבער אינ'ם נאָמען פון'ם יודישען פאָלק וועט שוין דער דאָזיגער „העלד" ניט קאָנען אַרויסטרעטען, און דאָס האָט זיך איהם דאָך אַזוי שטאַרק געוואָלט!

אויך אין קראַקוי איז דאָסמאָל ניט דורכגעגאַנגען קיין יוד. די קהלניקעס האָבען זיך ניט געקאָנט אויסגלייכען מיט די „אונאָבהענגיגע יודען", און פאַר דעם יודישען מאַנ. קאַנדידאַט ד"ר דראָבנער האָבען די ציוניסטען ניט געוואָלט שטימען. בלויז אין בראָד איז איצט צום ערשטען מאָל געוועהלט געוואָרען אַן אַסימילירטער יוד ר"ר אשכנזי (געה. צו די פּויל. דעמ.). אין אַלגעמיין איז דער רעזולטאַט פון די וואַהלען פאָלגענדער: קאָנסערוואַטיווע האָט זיך די צאָהל פון די רעפאָרם-געגנער פערגרעסערט בערך אויף 10 שטימען *, דערפאַר אָבער איז די אָפּאָזיציע קוואַליטאַטיוו שטאַרקער געוואָרען. די וואַהל-רעפאָרם וועט זיך אַודאי ווידער אָבלעגען אויף אַ לאַנגער צייט, אָבער פון דער צווייטער זייט קאָן מען אויך זאָגען מיט זיכערקייט, אַז בנוגע צו דער רוטענישער פראַגע וועט די אָפּאָזיציע אויף קיין שום הנחות ניט געהן.

וואָס איז שייך צום יודישען ס"ה, איז ער פאָלגענדער: די פּוילישע מאַכטהאָבער האָבען זיך בעת די לעצטע וואַהלען איבערצייגט, אַז כזב ושקר האָבען זיי געזאָגט די אַסימילאַטאָרען, אַז דאָס יודישע פאָלק איז מיט זיי; די לעצטע וואַהלען האָבען זיי בעוויזען, אַז די יודען זענען גרייט צו קעמפען פאַר זייער נאַציאָנאַלער בעפרייאונג. אַז די יודען זענען, אָדער ריכטיגער, זיי וועלען מיט דער צייט ווערען אַ קראַפט, וואָס מיט איהר וועט מען זיך מוזען רעכענען. און אינטערעסאַנט איז צו בעמערקען, אַז שוין איצט איז פאָרגעקומען אַ שינוי אין די בעציהונגען פון איינינע פּוילישע פּאַרטייען בנוגע צו די יודען. זיי הויבען אָן מורא צו האָבען פאַר גרויסע נאַציאָנאַל-בעוואוסטע יודישע מינאָריטעטען אין די פּוילישע וואַהל-קרייזען, און ס'הויבען זיך אַפילו שוין אָן צו הערען איינציגע שטימען לטובת אַ יודישען קאַטאַסטער. דאָס איז דאָך עפּיס.

* צום בעדויערן מוז מען דאָ בעמערקען, אַז מחמת זייער אומוויסענהייט האָבען אין איינינע ערטער די יודען מיטגעהאָלפען דעם נצחון פון די אַנטיסעמיטען איבער דער רוטענישער דעמאָקראַטיע (זאַרעמבאַ קעגען ראַמאַנטשוק).

# נייע ביכער.

## פון דער העברעאישער ליטעראַטור.

נתיבות, בימה הפשית לעניני החיים והספרות. ספר ראשון. ורשה, תרע"ג.

צווישען דער יודישער ליטעראַטור און דער העברעאישער איז פאַרהאַן ניט נאָר אַ שפּראַך־אונטערשייד. אין דעם גייסטיגען און סאָציאַלען פּנים פון דער אוידיטאָריע איז אויך פאַרהאַן צווישען זיי אַ חילוק. די לעזער פון דער יודישער ליטעראַטור זענען די ברייטע פאָלקסמאַסען און די אינטעליגענץ, וואָס איז גייסטיג בעהעפט מיט זיי. פערקעהרט, די העברעאישע ליטעראַטור האַלט זיך איצט אויף אַ געוויסען מין בעל־הבתים און בעל־הבת'ישע אינטעליגענטען. געווים איז פאַרהאַן אַ לעזער־קרייז, וואָס האָט אַן אינטערעס פאַר ביידע ליטעראַטורען; אָבער אינאיינעם מיט אָט דעם שותּפ'ישען לעזער, האָט יעדע פון זיי נאָך אַ ספּעציפישע אוידיטאָריע, וואָס לעגט אויף דער ליטעראַטור אַרויף איהר שטעמפּעל. אין אָט דעם זין זאָגען מיר, אַז דער ספּעציפישער לעזער פון דער איצטיגער העברעאישער ליטעראַטור איז אַ געוויסער מין בעל־הבית און גייסטיג מיט איהם פערבונדענער אינטעליגענט. זייער גייסט שוועבט אויף דער העברעאישער ליטעראַטור; זייערע בענקענישען, זייערע אמת'ען און ספקות דריקט זי אויס, זייערע בעדערפענישען וואַלט זי צו בעפרידיגען. וואָס זענען עס פאַר אַ בעדערפענישען? פריהער ווי אַלץ „יודישע". זיינע אַלגעמיינע קולטורעלע בעדערפענישען שטעלט דער טיפּישער לעזער פון דער העברעאישער ליטעראַטור צופרידען דורך דער קולטור פון'ם פאָלק, וואָס מיט איהם איז ער (שפּראַכליך, ווע־ניגסטענס) אַסימילירט (אין רוסלאַנד — דורך דער רוסישער קולטור, אין פּוילין — דורך דער פּוילישער א. אַז. וו.) אחד העם, וואָס איז אויך אין דעם פּרט עהרליך און קאָנסעקווענט, האָט די לעזער פון „השלח", וואָס ער האָט רעדאַקטירט, געראַטען לייענען אין „וועסטניק יעווראָפּי" וועגען אַלגעמיינע פראַגען; דער „השלח" האָט זיך אָבגעגעבען נאָר מיט יודישקייט־פראַגען. און אַפילו די, וואָס האָבען געהאַלט ברייטער מאַכען די ראַמען פון דער העברעאישער ליטעראַטור און אַריינגעמען אין איהר אויך אַלגעמיינע ענינים, האָבען עס געוואָלט נאָר צוליעב „יגדיל תורה ויאדיר", כדי די העברעאישע שפּראַך, וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ צוועק, אַ נאַציאָנאַלער ווערט, זאָל רייכער ווערען אויף דעם אופן, און די העברעאישע ליטעראַטור זאָל שענער, לייטישער אויסזעהן. אין דער אמת'ען זוכען אויך זיי אין דער העברעאישער ליטעראַטור נאָר יודישקייט און ווידער אַמאָל יודישקייט. אַפילו די, וואָס גיבען זיך ערנסט אָב אין איהר מיט אַלגעמיינע קולטור פּראָבלעמעס, טוען עס אויך דער עיקר צוליעב דער יודישקייט־פּראָבלעם: זיי ווילען טיפער און ברייטער מאַכען דורך דעם די „יהדות", פערבינדען און בעהעפטען זי מיט דער „אנושיות" (מענשהייט). קיינער פיהלט ניט אַזוי טיף און אַזוי שמאַרצליך ווי זיי, די האַלב־אַסימילירטע, די פון פאָלק אָבגעריסענע און נאָך יהדות בענקענדיגע, דעם ריס, די סתירה צווישען „יודישקייט" און „מענשליכקייט". טוען זיי און לעגען לאַטעס אויף אָט דעם ריס, טוען און זוכען תירוצים אויף אָט דער סתירה. כמעט די גאַנצע ערנסטע העברעאישע ליטעראַטור (איך רעד דאָ, פערשטעהט זיך, ניט פון דער בעלעטריסטיק) איז פערנומען די לעצטע יאָהרען מיט אָט דעם ענין. אונז, פּשוט'ע יודען, וואָס דאָס פאָלקס־לעבען שטעלט אונז גאָר אַנדערע פראַגען, קומט אויס אַ ביסעל פריקרע און אַמאָל אויך קאָמיש אָט דער אייביגער גריבלען זיך אין דער שאלת קיום היהדות, אָט דער אייביגער זוכען אַ תכלית און אַ זין פאַר „אונזער" לעבען. פאַר די אָבער, וואָס גיבען זיך אָב דערמיט, איז עס זעהר אַ וויכטיגער ענין. פאַר זיי זענען עס אַלץ דברים העומדים ברומו של עולם, זאַכען, וואָס אויף זיי האַלט זיך דאָס גאַנצע ביסעל יודישקייט זייערע... דער נייער העברעאישער זאַמעלבוך „נתיבות" איז אין דעם

פרט ניט קיין אויסנאם. אויך דא זענען כמעט אלע ניט בעלעטריסטישע זאכען (אחוץ דער ארבייט פון הלל צייטלין: „בחביון הנשמה“) פערנומען מיט דער יודישקייט־פראגע. די דיקע פינף בענד „העתיד“, וואס זענען ארויס די לעצטע יאהרען און זענען אנגעשטאפט מיט יהדות־פראבלעמען, האבען דעם עולם, ווי עס ווייזט, נישט אנגעזעטיגט. מען וויל נאך. מיט עפים א קרענקליכער, האלבסאדיסטישער הנאה גריבעלט מען זיך אין די וואונדען פון דער אייגענער „יודישער נשמה“. אזוי ווי דער גלויביגער האלט גאטס נאמען אויף די לעפצען תמיד, אזוי טראגען זיי, די ניט־גלויביגע אונזערע, זיך אום כסדר מיט זייערע ספקות. איין אויער איז שטענדיג ביי זיי צוגעבויגען, ווי אום'ן בעקאנטען בילד ביי בעקלינ'ען, צום פידעל, וואס סקריפעט: וועסט שטארבען, וועסט שטארבען... אט עפענט אויף די „נתיבות“ איינער פון די טיפסטע און אויפריכטיגסטע פארשטעהער פון דער דאזיגער היפאכאנדרישער פובליציסטיק, מיכה יוסף בערדיטשעווסקי. ער הויבט אן צו רעדען וועגען די הסרונות פון דער ליטעראטור אויף העברעאיש („בקיעי הספרות“), וואו עס איז, לויט זיין מיינונג, „ניטא קיין ארט פאר א לעבעדיגען גייסט, ניטא קיין ארט פאר דרייסטקייט און פאר אלץ, וואס געהט אין זיין אייגענעם וועג“. נאר ער בלייבט נישט ביי דער ליטעראטור; זיין פען הויבט גלייך אן צו סקריפען וועגען דער טויטקייט און דעם טויט פון דער יודישקייט בכלל. „ס'איז געקומען, זאגט ער, די צייט, מיר זאלען וויסען, וואס איז אזוינס פאר אונז אט דאס ביסעל, וואס אונז איז פערבליבען אין דער ליטעראטור און [צו וויסען], אז אויב ניט איצט, ווער ווייס, צי וועט זי נאר האבען א קיום... עס איז שוין צייט צו וויסען, אז דאס לעבעדיגע ווארט, וואס אונז איז געבליבען, דאס געשריבענע לעבעדיגע ווארט, וואס געהט איבער פון מויל צו מויל, איז די איינציגע זאך, וואס קאן אונז נאך אויפהאלטען א געהיסע צייט“, און אז די דאזיגע איינציגע זאך, די ליטעראטור, ווערט חרוב, זאגט איהם דאס הארץ, אז ס'איז דער „לעצטער הורבן“. און ער זינגט זיין לידעל: ניטא קיין האפענונג, ניטא קיין טרייסט. מיר זענען געפערליך קראנק, מיר שטארבען, מיר שטארבען... איז עס נאר זיין לידעל? ניין, עס זינגען עס אלע די, וואס האבען זיך אבגעריסען פון פאלק, פון זיין לעבען, פון זיין שטרעבען. אין דער יודישער בורזשואזיע, אפילו אין דער „נאציאנאלער“, צווישען די „עברית־און רוסית“־בעלי־הבתים קאן אן אויפריכטיג יודיש הארץ קיין טרייסט ניט געפינען. דארט איז אלץ האלב גוייש, פאלאווינא יודיש, דארט איז אלץ צעריסען, צעבראכען, צעקראכען. דארט איז ניט קיין ריס, נאר א תהום א גאנצער צווישען „יודישקייט“ און „מענטשישקייט“. דארט איז די יודישקייט, כאטש מען הערט ניט אויף צו בעריהמען און צו צאצקען זיך מיט איהר, אזוי געפאלען, אז פאר יעדען פרייען געדאנק ציטערט מען, ער זאל ניט פיהרען, חלילה, צו שמד. א ספעציעלער ארגאן איז בעשאפען געווארען, „ה ע ת י ד“, וואס זיין צוועק איז צו בעווייזען, אז... מען דארף בלייבען יודען. שוין פינף דיקע ביכער זענען ארויסגעגעבען געווארען, פיעל פון די בעסטע העברעאישע שריפטשטעלער האבען אין זיי אנטייל גענומען — און דער צוועק איז נאך אלץ ניט דערגרייכט געווארען. אונזערע פילוסופים און אזוי בעלי בתים חשובים ווייסען נאך אלץ ניט — און זיי מוזען עס וויסען: עס געהט זיי ממש אין לעבען — וואס איז עס אזוינס יודישקייט און צו וואס טויג עס אונז. „און מיר שטעהען נאך אלץ צעטומעלט“ (ואנחנו עומדים נבוכים כשהיינו) זאגט בר טוביה אין סוף פון זיין ארטיקעל, וואס רעדט נישט מעהר און נישט וועניגער, ווי „וועגען דער פערגאנגענהייט און וועגען דער צוקונפט“. און ש"י איש הורוויץ, דער מאניאק פון שאלת קיום היהדות, דער, וואס האט אמאל בעשטימט א פרעמיע פאר דעם, וואס וועט אנשרייבען א בוך, וואו עס זאל בעוויזען ווערען דער מהות און דער יחוס פון יודישקייט, און וואס אונטער זיין רעדאקציע געהט ארויס דער אויבענדערמאנטער „העתיד“ — ש"י איש הורוויץ שטעהט אויך איצט, נאך די פינף בייכיגע, מיט תורה און

# די יודישע וועלט.

חכמה אָנגעשטאָפּטע „העתיד'ס", און טען'עט זיין אַלטע טענה: געוואַלד, צו וואָס טויג דער קאַמפּער, וואָס מיר נעמען איין, צו וואָס טויג דער ציוניזם מיט זיינע קאָנגרעסען, אַז דאָס איז אַלץ — פּיזעם! לאָזט אונז שטאַרבען, לאָזט אונז שטאַרבען! און זאָל מען ניט חושד זיין דעם כשר'ן בעל־הבית, וואָס איז איינגעטונקט אין יודישקייט, אַזוי ווי אַ יוד אין טלית, בעת ער דאַווענט, — זאָל מען איהם ניט חושד זיין, חלילה, אין בייזע כונות, אין שמד־כונות. זאָלען די כשר'ע בעלי־הבתים אונזערע אַזוי זיכער זיין מיט זייערע קינדער, ווי מיר זענען זיכער מיט זיי. נישקשה, זיי וועלען געווין שטאַרבען יודען, מעג אפילו אויסען בליי־ען די פּרעמיע פון ש"י איש הורוויץ, און מעג אפילו זיך נישט דרוקען דער המשך פון דער אַנקעטע וועגען קיום היהדות. זייערע זיהן און טעכטער — אָט ווער עס שרעקט זיי! און אָט פאַרוואָס עס פיהלט זיך אַזאַ וועהטאָג און אַזאַ ערנסט אין דעם אין פלוג גאַנץ קינישען פאָרשלאָג: בעווייזט אונז, אַז מיר דאַרפען זיך ניט שמד'ן! זייט זיכער, אַז ניט פאַר זיך אַליין פאָדערן זיי אָט דעם בעוויז, נאָר פאַר דער דענאַציאָנאַליזירטער און דעמאָראַליזירטער בורזשואַזער סביבה, וואו זיי בעקומען זייערע ביטערע, מיאוס'ע יאוש־איינדרוקען. אָט די אייגענע העררן, וואָס פּערזעהען „דעם העלפאַנד", די מיליאָנען, די מאַסען פון יודישען פאָלק, ווייל זיי זענען אָבגערוקט פון זייער סאָציאַלען קוק־פעלד, — די אייגענע העררן האָבען דוקא זעהר אַ פיינעם חוש פאַר דער סאָציאַלער סביבה, וואָס רינגעלט זיי אַרום: זיי פיהלען די געמאַכטקייט, די היסטעריק פון די הידד־געשרייען, זיי שפּירען דעם בית־עולם־ריח פון די תחיה־בלומען. און פונקט אַזוי ווי עס איז פון זייער זייט אַ מורא'דיגע קורצזיכטיגקייט, וואָס זיי אידענטיפיצירען זייער ענגע האַלב־אַסימילירטע קלאַסען־סביבה מיט דעם גרויסען יודישען פאָלקס־אָרגאַניזם, אַזוי איז עס, פערקעהרט, זעהר ניט קלוג זיך איינצורעדען, אַז זייערע טענות זענען נאָר טענות פון יחידים. ניין, ניט זיי אַליין, ניט אָט די פּעסימיסטישע יחידים, נאָר די גאַנצע פון פאָלק דעדווייטערטע, נאַציאָנאַליסטיש געשטימטע און דאָך פּאַקטיש אַסימילירטע אָדער האַלב־אַסימילירטע סביבה שרייט פון זייער מויל, ווי אַ דבוק. עס איז ניט קיין צופאַל, וואָס אין דער העברעאישער ליטעראַטור הויבט זיך אָן פונאַנדערצובליהען אַ צווייג, וואָס מען האָט געוועסט גערעכענט, אַז זיין נאַטירליכער אָרט איז אויפ'ן פּרוכטלויזען בוים פון דער אַסימילאַציע. מיר מיינען די אַפּאָלאָגעטיק. די אַפּאָלאָגעטיק איז געווען אַמאָל אַ פּריווילעגיע פון דער „יודענטום"־ליטעראַטור אויף ניט־יודישע שפּראַכען. דעם גוי אָדער דעם פערגויישטען יודען האָט מען געדאַרפט כסדר לאָזען בלישצען פאַר די אויגען די דימענטען פון דער יודישער אמונה, די פּערל פון דער יודישער ליטעראַטור. בעזונדערס דעם פערנוישטען יודען, דעם ערב־משומד האָט מען געדאַרפט מינטערן נאָכאַנאַנד: זעה, ווי שעהן דאָ איז, זעה, ס'אַרא יחוס דו האָסט, זעה, דו זאָלסט זיך ניט אָבנאַרען, בייטענדיג דעם רענדיל! אָבער דער העברעאיש־לעזער! מוז מען מיט איהם אויך ערשט לערנען אלף־בית און, ווי אַ קליינעם קינד, וואַרפען קאָפּיקעס און צוקערקעס „פון הימעל"? איז אויך איהם אַזוי שווער איינצוהאַלטען אין „הדר"? אַזוי איז עס אפנים. אויך אין דער העברעאישער ליטעראַטור הערט מען ניט אויף צו אַגיטירען פאַר יודישקייט. פריהער זענען קלוגע מענשען איינגעלאַדען געוואָרען אויפ'ן קאַנציל פון „העתיד", כדי מיט גוטען זיך „דורכצורעדען" מיט אונזערע „אחר'ס" און זיי צו איבערציינגען, אַז דאָס „יודענטום" איז געווען, איז פאַראַן און וועט זיין — און דאַרף זיין. האָט דאָס נישט געהאָלפען, כאָטש אַ געוויסע צייט זענען יודישע שרייבער אומגעגאַנגען פערטראַכטע, פערטראָגענע, פער'מוח'טע, און אַלץ געגרייט זיך צום גרויסען — ויכוח מיט דעם ערגיץ אין זייער אייגענעם האַרצען פערבאָרגענעם... כומר. איז איצט אין נתיבות געקומען בר־טוביה און האַלט ווייטער אין איין בעווייזען, אַז די בעסטע פון אַלע אמונות איז די יודישע. זי האָט אַרויסגעגעבען די שענסטע מאָראַל, דאָס שענסטע רעכט א. אַז. וו. א. אַז. וו. איך

# נייע ביכער.

בין נישט קיין מומחה אין אַזוינע פראַגען און ווייס ניט, צי בר טוביה איז גערעכט, צי אומגערעכט. איך ווייס נאָר, אַז איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, לייענענדיג דעם אַרטיקעל, אַז פאַר בר טוביה'ס גייסטיגע אויגען איז בעת'ן שרייבען געשטאַנען עפּיס איינער, וואָס האָט זיך אײַנגעשפּאַרט און אַליץ גע'טענ'עט, אַז גוישקייט איז בעסער פון יודישקייט, און ער, בר טוביה, האָט זיך אָנגענומען יענעם צו דערווייזען, אַז ער, דער עקשן, איז זיך טועה: ניין, יודישקייט איז בעסער... און אָנגענומען זיך עס צו טון האָט ער דערפאַר, ווייל ער האַלט, אַזוי ווי אַלע זיינע חברים (ובתוכם אויך די, וואָס שיטען פעך און שוועבעל אויף ש"י איש הורוויץ), אַז אָהן יהדות „קאָן דער קיום פון דער יודישער אומה גאָר ניט געמאָלט זיין, און מען דאַרף איהם גאָר אויך ניט". ער האַלט אַזוי, כאָטש אַפילו ער איז אַליין מודה, אַז אין דעם ענין פון יהדות הערשט אַ מורא'דיגע מחלוקת און אַן „ערבוביה", ד. ה. אַ מיש־מאַש... אין דעם אייגענעם זאַמעלבוך, וואו מיר דערוויסען זיך, אַז אָהן בר טוביה'ס יהדות זענען מיר ניט ווערט, וואָס מיר לעבען אויף דער וועלט, שרייבט ד"ר האָראָדעצקי, אַז די עצם יהדות „וואָלט ניט געקאָנט און גאָר ניט געדאַרפט האָבען קיין קיום" אָהן... קבלה. היינט געה טרעף, וואָסער דאָקטאָר צו פאָלגען. געה בוי דעם קיום פון דער אומה אויף אַזאַ מין פונדאַמענט, וואָס זיינע יהדות־שטיינער זענען ניט קיין שטיינער, נאָר... סברות. און מען בויט דאָך פאָרט אויף דעם!

נאָר וואָס זאָל טון איינער, וואָס טרינקט זיך, אויב ניט אָנכאַפּען זיך כאָטש פאַר אַ שטרויעלע? וואָס זאָלען טון די, וואָס פונ'ם לעבעדיגען פאָלק זענען זיי אָבגעריסען און זיינע כחות קענען זיי ניט און פון זיינע קוואַלען טרינקען זיי ניט, — אויב ניט שאַפען זיך עפּיס אַן אָבגאָט, אַ פעטיש, וואָס זאָל פערבייטען דעם לעבעדיגען גאָט פונ'ם לעבעדיגען פאָלק? וואָס זאָלען זיי טון, אויב ניט שאַפען זיך, אָנשטאָט דעם אייביגען יודען, אַן אייביגע „יודישקייט"? וואָס איז אונז נאָך געבליבען, אַחוץ דעם ספר? פרעגט בערדיטשעווסקי. און ניט נאָר ער אַליין פרעגט עס: דאָס פרעגט אויך אחד העם, דאָס פרעגט אויך דער „השלח", דאָס פרעגט די גאַנצע ערנסטערע, טיפערע העברעאישע פובליציסטיק. און טאַקע: וואָס איז זיי געבליבען, אַחוץ דעם אַלמער ספרים, אַלטע און נייע? האָבען זיי דען אַ סאָציאַל־עקאָנאָמישע סביבה, וואָס זאָל זיי פערבינדען און מאַכען פון זיי איין קיבוץ? ציהען זיי כאָטש יניקה פון דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישען בעהעפט־זיין פון די ברייטע יודישע מאַסען? האָבען זיי כאָטש אַ רעליגיע, אַ שפּראַך, וואָס זאָל זיי פערבינדען אינאיינעם? דאָס לעצטע איז פאַראַן אין זייערע אַרטיקלען, אין זייערע ספרים — האָבען זיי עס אָבער אויך אין לעבען? ניין, בערדיטשעווסקי איז גערעכט, ווען ער פרעגט: „און איצט, אַז די ווענט פון אונזער שול פאַלען איין, אַז דאָס רעליגיעזע לעבען הערט אויף — וואָס בלייבט אונז איצט, אַחוץ דעם נייעם ספר אונזערן?"

די נתיבות זענען, אינאיינעם מיט דעם „עתיד", אַ לעבעדיגער בעווייז, אַז דער געדאַנק פון אַ געוויסען — ניט דעם ערנסטען געוויס — טייל פון אונזער „העברעאישער" אינטעליגענץ האָט זיך אָבגעשלאָגען איגגאַנצען פונ'ם לעבעדיגען יודישען פאָלק מיט זיינע ליידען און פריידען און זיך קאָנצענטרירט אויפ'ן ספר, אויף דער אָבסטראַקטער יהדות אָט זעהט: „נתיבות" איז „אַ פרייע בימה פאַר לעבען און ליטעראַטור"; ליטעראַטור איז דאָ פאַראַן גענוג, איבערגענוג: אָבער צי איז פאַראַן דאָ אויך לעבען? צי איז פאַראַן דאָ כאָטש איין אַרטיקעל, וואָס זאָל האָבען אַ שייכות צו די גרויסע סאָציאַלע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּראָבלעמען פון דער יודישער געגענוואַרט? דער נאָמען פון בר־טוביה'ס אַרטיקעל איז אין דעם פּרט כאַראַקטעריסטיש: „וועגען דער פערגאַנגענהייט און וועגען דער צוקונפט". פון דער פערגאַנגענהייט וויל מען גלייך מאַכען אַ שפּרונג צו דער צוקונפט — און וואו איז די געגענוואַרט? שפּיעלט די שוין גאָר קיין ראָלע ניט אין דעם איבערגעהן פון דער פערגאַנגענהייט צו דער צוקונפט, אין דעם פערבינדען

# די יודישע וועלט.

די ערשטע מיט דער לעצטער?

„נתיבות“ איז „אַ פרייע בימה“, אָהן אַ בעשטימטער ריכטונג. די אַרויסגעבער זאָגען צו געבען פּלאַץ יעדען, וואָס האָט אין זיך „אַ פונק פון טאַלאַנט און אַ לעבעדיגען געדאַנק“. נאָר אין דעם, וואָס דער ערשטער בוך פונ'ם אַלמאַנאַך האָט ניט געגעבען; פיהלט זיך דאָך אַ שיטה. דאָס איז, ווי מיר האָבען געזעהן, די שיטה, וואָס פילט אָן די לעצטע יאָהרען די גאַנצע ערנסטערע און כאַראַקטעריסטישערע העברעאישע פובליציסטיק, די שיטה, וואָס ביי איהר איז דער עיקר יודישקייט און ניט יודען, די שיטה, וואָס איז בנוגע צו יודען פעסימיסטיש, און דערפאַר ממילא אַפּאָלאָגעטיש בנוגע צו יודישקייט. אַזוינע שרייבער, ווי ש״י א״ש הורוויץ און דער ניט אין ערך טיפערער און פיינערער בערדיטשעווסקי, וואָס פערנעמען ביידע (בעזונדערס דער לעצטער) אַ חשוב'ען אָרט אין נתיבות, זעהען אויס, ווי אָפּאָזיציאָנערן פון דער נאָר וואָס געבראַכטער שיטה, אָבער אין תוך גענומען שטעהען זיי אויך אויפ'ן שטאַנדפונקט פון דער יהדות, מעהר נישט וואָס זיי זענען אויך בנוגע צו איהר, יעדער אויף זיין אופן, סקעפּטיש און כאַפּען זיך אַרויס אָפט מיט אַן אַפּיקורסיש וואָרט *.

— — —

אַרטיקלען וועגען יודישקייט איןברייטען זין פון וואָרט וואָלטען אין עצם אָבער זעהר נוצליך געווען, ווען זיי וואָלטען נאָר געטראָגען אַ מעהר אָדער וועניגער אָביעקטיווען, וויסענשאַפטליכען כאַראַקטער. מיר וואָלטען דאַן געוויס בעדאַרפט זעהן איבערצוגעבן דעם אינהאַלט פון אַזוינע אַרטיקלען דעם יודישען לעזער. אין דער ליטעראַטור אויף יודיש גיט מען זיך דערווייל, ליידער, אָב זעהר וועניג מיט די פּראָבלעמען, פון דער אַלטער יודישער קולטור, מיט איהרע היסטאָרישע אוצרות און ווערטען; דעם יודישען לעזער איז דעריבער נויטיג צו בעקענען זיך מיט די דאָזיגע ערנסטע פראַגען, לויט דער העברעאישער ליטעראַטור, וואו זיי פערנעמען אַזאַ חשוב'ען אָרט. אין נתיבות אָבער זענען די אַרטיקלען וועגען די דאָזיגע פראַגען (ד״ר ש. א. האָראָדעצקי'ס אַרטיקעל וועגען קבלה, ווי וועגען דער וויכטיגסטער און שענסטער זאַך אין דער וועלט פון דער יודישער רעליגיע, און דעם זהר, ווי דעם דריטען גרויסען רעליגיעזען ספר, נאָך דעם תנ״ך און דעם תלמוד; בר־טוביה'ס אַרטיקעל וועגען די פיער ביכער „העתיד“, אַן אַרטיקעל, וואו וועגען דעם עצם ענין, דעם „עתיד“, רעדט זיך נאָר אין די לעצטע שורות; הלל צייטלינ'ס פרקים פון אַ בוך וועגען רעליגיעזען בעוואוסטזיין בכלל)— צו סוביעקטיוו, צו פול מיט ראיות, וואָס לאָזען זיך בויגען אַהין און אַהער. קאָן מען דערפאַר ניט בענוגענען זיך מיט איבערגעבען איינפאַך דעם אינהאַלט פון די דאָזיגע אַרטיקלען. מען מוז זיי קריטיש אַנאַליזירען. דאָס דאַרפען טון מומחה'ס — און ניט אין אַ ביבליאָגראַפישער נאָטיץ.

אַחוץ די אויסגערעכענטע און אַנדערע, קלענערע, אַרטיקלען זענען פאַראַן נאָך אין נתיבות קריטישע אַרבייטען פון פ. לחובר וועגען מ. י. בערדיטשעווסקי און פון בן־אביגדור וועגען אחד העם. מחמת מיר האָבען דאָ מעהר קיין אָרט ניט, וועלען מיר רעדען וועגען דעם, ווי אויך וועגען דעם גאַנץ בעדייטענדען בעלעטריסטישען טייל פון נתיבות, דעם קומענדיגען מאָל.

ש. ג.

* נאָר אין ארץ־ישראל הויבט די העברעאישע ליטעראַטור אָן ביסלעכווייז אַרויסצוגעהן פון די יהדות ד' אַמות און צו פערגינען זיך אַמאָל אמת'דיגע אפּיקורסות. זעה „הפּועל הצעיר“ און „האחדות“ — צוויי העברעאישע אָרגאַנס, וואָס זייערע לעזער זענען ניט קיין בעלי בתּים חשובים.

# נייע ביכער.

## פון דער יודישער ליטעראַטור.

### ד"ר חיים זשיטלאָווסקי'ס שריפטען.

דער ניו־יאָרקער „ד"ר זשיטלאָווסקי יובילעאום־קאָמיטעט" מעג מיט פולען רעכט זיין שטאָלץ אויף זיין אויפטו. ער האָט די יודישע מאַסען, וואָס זענען אַזוי דאָרשטיג נאָך אַן ערנסטען וויסענשאַפטליכען וואָרט, אונטערגעטראָגען אַ רייכע מתנה: ד"ר חיים זשיטלאָווסקי'ס שריפטען. דערווייל האָבען מיר פיער בענד, וואָס זענען מיט אַן אמת, ווי עס איז געזאָגט אין דעם פאָרוואָרט פון די אַרויסגעבער, „אַן אוצר פון געדאַנקען, מיט וועלכע יעדער דענקענדער מענש מוז זיך בעקאַנען, אַ רייכטום פון געפיהלען, וועלכע מוזען שלאָגען אין יעדען יודישען האַרץ".

וואונדערליך זענען די וועגען פון דער יונגער יודישער ליטעראַטור, גאַנץ אַנדערש קומט פאָר איהר ענטוויקלונג, איידער מיר זענען דאָס געוועהנט צו זעהן אין די ליטעראַטורען פון די בעל־התים־פעלקער. בנוגע צו דער שעָנער ליטעראַטור האָט שוין פרץ דערויף אַמאָל אויפמערקזאַם געמאַכט. אין גאַנץ אייראָפּע איז די פערשפרייטונג פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורען געגאַנגען פון די הויפען און סאַלאָנען צו די קעלערס און פויערים־שטיבלעך. די ערשטע נאַציאָנאַלע דיכטער האָבען געקאָנט עקזיסטירען און ענטוויקלען זיך נאָר אַדאַנק די נדבות פון רייכע מעצענאַטען־ליעבהאָבער פון ליטעראַטור, אַדאַנק די מתנות פון מלכים און שרים, וואָס פאַר זיי איז די דיכטונג געווען אַ מין אידעל שפּיעלצייג, איין תענוג פון אַלע איבעריגע תענוגים פון דער וועלט. ערשט שפּעטער, מיט דער דעמאָקראַטיזירונג פון דער אייראָפּעאישער געזעלשאַפט האָט די ליטעראַטור אָנגעהויבען אַריינצודרינגען און צו ווירקען אין די נידעריגע געזעלשאַפטס־שיכטען. אונזער ליטעראַטור, פערקעהרט, איז אין דער נידער געבוירען געוואָרען. טיפע בעדערפעניסען פון די אָרימסטע פאָלקסשיכטען האָבען זי צום לעבען אַרויסגערופען, די שטרעבונג צו מענשליכער קולטור און נאַציאָנאַלער זעלבסטבעשטימונג האָבען זי געשפּייזט, און דער קאַמף פאַר פרייהייט האָבען איהרע כחות געשטאַרקט. ביי אונז האָט דער המון אויף זיינע אייגענע אַקסלען אונזער יונגע ליטעראַטור אויסגעטראָגען. די בירגערליכע קרייזען שטעהען נאָך עד היום פון דערווייטענס, צום טייל פיינדליך קעגען איהר. און אודאי איז די שנאה צום „זשאַרגאָן" און זיין ליטעראַטור מצד אונזער בורזשואַזיע אַ טייל פון דער אַלגעמיינער שנאה צום יענעם קלאַס אונזערן, וואָס זיין לעבען איז מעהר פון אַלעמען פערבונדען מיט דער ענטוויקלונג פון דער יודישער שפּראַך. ערשט דער וואוקס פון דער סאָציאַלער און קולטורעלער מאַכט פון אונזערע אַרבייטענדע מאַסען צווינגט די העכערע שיכטען פון יודישען פאָלק זיך צו רעכענען מיט דער יודישער ליטעראַטור, רופט אַרויס אַ געוויסען אינטערעס צו איהר.

דאָס איז גערעדט וועגען דער יודישער שעָנער ליטעראַטור. נאָך מעהר איז דאָס ריכטיג בנוגע צו דער וויסענשאַפטליכער ליטעראַטור. אויך אין דעם פרט איז שוין פאַרהאַן אַן אָנהויב, און דעם דאָזיגען אָנהויב האָבען מיר צו פערדאַנקען דורכאויס דער אויפּהאַלטונג פון די אַרבייטער־מאַסען. קיין אַקאַדעמיעס אָדער לכל הפחות וויסענשאַפטליכע חברות פערמאָגען מיר ניט, אַפילו ניט קיין איינצעלנע יחידים, וואָס זאָלען זיך פערנעמען מיט וויסענשאַפט לשמה. דער איינציגער וויסענשאַפטס־צווייג, וואָס האָט פעראינטערעסירט ברייטערע יודישע קרייזען, איז געווען ביז איצט נאָר די וויסענשאַפט וועגען דער געזעלשאַפט, אי דאָס מיט דעם שפּיץ איהרען, וואָס איז געווענדט צו דער פּראַקטיק. אונזערע פערשיידענע פאַרטייען האָבען געפּרובט בעגרינדען זייערע פּראָגראַמעס אויף וויסענשאַפטליכע יסודות, און אַזוי איז געשאַפען דער אָנהויב פון אַ וויסענשאַפטליכען יודישען סטיל.

דעם גרעסטען פערדינסט אין דעם פרט האָט ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, איינער פון די גרעסטע אידעאָלאָגען פון די אַרבייטענדע מאַסען אין אונזער דור, איינער פון די שענסטע פאָרשטעהער פונ'ם מאָ־

דערנעם יודישען גערדאַנק בכלל. אַ שלל פון נייע געדאַנקען און אידעען האָט ער אַריינגעבראַכט אין דער יודישער ליטעראַטור, בעוויזען בעשיינפּערליך, ווי אַזוי מען דאַרף שרייבען אין יודיש וועגען וויסענשאַפטליכע זאַכען, און געוואָרען דער פּראַקטישער לעהרער פון דער יונגער יודישער וויסענשאַפטליכער פּובליציסטיק.

ביז איצט אָבער זענען זשיטלאָווסקי'ס ווערק געוועזען פערשפּרייט אין צייטונגען און אין זיין זשורנאַל „דאָס נייע לעבען"; דער גרעסטער טייל אָבער — און דער ווערטפולסטער — איז נאָך גאָרניט געדרוקט געוועזען ביז איצט. דאָס זענען די לעקציעס, וואָס זשיטלאָווסקי האָט געלייענט איבער פילאָסאָפישע און סאָציאָלאָגישע טעמעס אין ניו־יאָרקער אַרבייטער־אודיטאָריעס. דאָ זעהען מיר ממש בחוש, ווי יודישע אַרבייטער ווערען די סביבה, וואו דער יודישער וויסענשאַפטליכער געדאַנק קאָן זיך אַנטפלעקען. אין דער דאָזיגע אודיטאָריע איז צייטיג געוואָרען, בכדי אויפצונעמען אַן ערנסט וואָרט, האָט זשיטלאָווסקי געאַרבייט נאָר אין דער רוסישער און דייטשער ליטעראַטור; דער גאַנצער סכום פון גייסטיגער ענערגיע איז פאַר אונז פערלאָרען געגאַנגען. ערשט איצט איז מעגליך געוואָרען די השבת אבדה, און דער „זשיטלאָווסקי־קאָמיטעט" קלייבט זיך מאַכען אונז בעשענקען מיט נאָך אַכט בענד פון זשיטלאָווסקי'ס שריפטען, און אַ טייל פון זיי אַזעלכע, וואָס ער זעצט זיי איבער פון פרעמדע לשונות.

די פיר בענד, וואָס ליגען פאַר אונז, שטעלען פאָר די לעצטע סטאַדיע אין דער ענטוויקלונג פון זשיטלאָווסקי'ס געדאַנקען־גאַנג. מיר געפינען דאָ לעקציעס און אַרטיקלען וועגען פילאָסאָפישע (עטישע און דערקענטעניש־טעאָרעטישע) און סאָציאָלאָגישע טעמעס, דער עיקר וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע. אין איטליכען אַרטיקעל כמעט האָבען מיר אַן אַלגעמיינע טעאָרעטישע הקדמה, און אויך איינצעלנע בעמערקונגען, וואו זשיטלאָווסקי דערקלערט אונז זיין פאָרשונגס־מעטאָדע, ווי אויך גאַנצע אַרטיקלען, וואָס פערנעמען זיך ספּעציעל מיט די פראַגען פון מעטאָדע. צווישען די אַרטיקלען וועגען דער נאַציאָנאַלער פראַגע געפינען זיך אי אַזעלכע, וואָס בעריהרען טעאָרעטיש די דאָזיגע פראַגע בכלל, אי אַזעלכע, וואָס בעהאַנדלען איינציגע פּונקטען פון דער יודישער נאַציאָנ. פּראָבלעם.

אין געוויסער מאָס אַלס אַיינפיהרונג צו דער זאַמלונג איז אַוועקגעשטעלט די לעקציע „טאָלסטאָי, ניצשע און קאַרל מאַרקס". דאָ איז דורכגעפיהרט אַן אינטערעסאַנטע און טיפע פּאַראַלעל צווישען די דריי גרויסע דענקער, וואָס זענען אין פלוג הימעלווייט פון אַנאַנד. זשיטלאָווסקי קומט נאָך אַ בפרטיות'דיגען אַנאַליז פון זייערע הויפּט־אידעען צו דער מסקנא, אַז „טאָלסטאָי, ניצשע און מאַרקס זענען אין תוך אַריין ניט קיין הפכים. די „ירושה", וואָס זיי לאָזען אונז איבער, איז איין איינהייטליכער יושר, אויסגעאַרבייט פון די בעסטע דענקער פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, און צונויפגעפרעסט אין זייערע דריי סיסטעמען, וואָס זענען אויף דעם ערשטען בליק אַזוי פערשיידען איינס פון דעם אַנדערן" (ז. 61). זשיטלאָווסקי האָט בכלל ליעב צו פעראייניגען, צו סינטעזירען. זיין בליק איז שטענדיג געשאַרפט; ער נעמט איטליכען געדאַנק אַרום מיט אַמאָל פון אַלע זייטען, ער לאָזט זיך ניט בעוועלטיגען פון קיין דאָגמע, פון קיין אָנגענומענעם „אמת". דעריבער האָט ער דעם כח אַרויסצוגעפינען אַזעלכע שטריכען, וואָס בלייבען פאַר אַנדערע פערבאָרגען. אַ בעזונדער מעלה איז פאַרהאַן ביי איהם, וואָס ער איז מסוגל מעהר, ווי עמיצער אַן אַנדערער, זיך אַריינצוטראַכטען אין געדאַנקען־גאַנג אַפילו פון אַ געגנער; די געדאַנקען, וואָס ער קריטיקירט זיי, פערשטעהט ער אַרויסצוגעבען אָפטמאָלס מיט מעהר קלאָרקייט, איידער אַפילו זייערע פערטיידיגער. אַזוי, למשל, איז זיין אויסלעגונג פונ'ם היסטאָרישען מאַטעריאַליזם, וואָס ער איז זיין שטענדיגער פּרינציפּיעלער געגנער, און וואָס ער הערט ניט אויף כסדר צו קעמפען קעגען איהם, איינע פון די בעסטע און קלאָרסטע. אָבער אין אַ געוויסען זין איז דאָס אויך אַ שוואַכקייט: קיין איינהייטליכע סיסטעם איז זשיטלאָווסקי ניט בכלל אָנצונעמען, ניט אַליין צו שאַפען. די ספקות זענען שטענדיג ביי איהם מעהר ווי די ודאות. נאָר דאָס הייסט ניט, אַז ער איז עקלעקטיש, ווי אַנדערע מיינען, אַז ער האָט בכלל קיין איינענעם אמת ניט. זיין אמת קאָנט איהר געפינען

## נייע ביכער.

פאַרמולירט כמעט אין אַלע זיינע וויכטיגערע אַרבייטען. אין דער אויבען דערמאָנטער לעקציע ווערט ער פאָרמולירט אַזוי: „ווי עס זאָל זיך ניט בייטען דער אינהאַלט פון דעם אמת, דעם יושר, דער שענקייט, — עס זענען פאָרט דאָ איינציגע אמת'ן, איינציגע געדאַנקען וועגען יושר און גאָר אַ סך פּראָדוקטען פון שענקייט, וואָס זענען נאָך עד היום אַזוי יונג און פריש, ווי אין דער צייט, ווען זיי האָבען דערבליקט די ליכטיגע שיין פון דער וועלט. און ווי די אַנדערע אמת'ן, יושר'ס און שענקייטען זאָלען זיך ניט בייטען מיט יעדען דור, — וועלען אַלע אונזערע אידעאַלען זיך אַלע מאָל אַיינטיילען אין דער אויבען־דערמאָנטער איינציגער פאָרמעל: „דאָס וואַהרע, שענע און גוטע“, וואָס מיר ווילען איבערזעצען אין יודיש: „אמת, יושר און חן“. (ז. 53—54). אָט די גרונד־הנהה, וואָס פערמאָגט, אמת, גאָר אַ פאָרמאַלען ווערט, איז דער לייט־מאָטיוו פון זשיטלאָווסקי'ס וויסענשאַפטליכען געדאַנק, מיט איהר טרעט ער צו צו אַלע ערשיינונגען פון מענשליכען לעבען און מענשליכען געדאַנק.

די דאָזיגע גרונד־הנהה זשיטלאָווסקי'ס איז אויך אַן אָנווייז דערויף, אַז דער עיקר איז זיין געדאַנק געווענדט אויף פּראַקטישע פּראָבלעמעס, אַז די וויסענשאַפט, וואָס פערנעמט איהם מעהר ווי אַלע, איז די עטיק. דאָס איז שוין אַן עכט יודישער שטריך. און טאַקע מיט עטישע פּראָבלעמעס, אָבער צום טייל אויך רעליגיעזע, פערנעמט ער זיך אין די איבעריגע דריי לעקציעס פונ'ם ערשטען באַנד, הגם זיי זענען אָנגעשריבען אויף ליטעראַרישע טעמעס. ער רעדט וועגען: אַנדרעיעווס „אַנאַטעמאַ“, מעטערלינקס „בלויען פויגעל“ און וועגען ספר איוב. אָבער ניט אַלס ליטעראַרישער קריטיקער טרעט זשיטלאָווסקי דאָ אַרוים. ער זוכט צו פעראינטערעסירען די לעזער מיט די פילאָסאָפישע פּראָבלעמעס, וואָס ווערען געשטעלט און קינסטלעריש בעהאַנדעלט אין די דאָזיגע ווערק. און עס איז אַן אמת'ער גייסטיגער תענוג צו לייענען זשיטלאָווסקי'ס פירושים צו די סימבאָלען פון מעטערלינק און אַנדרעיעוו און צו די אייביג יונגע רייד פונ'ם גרעסטען יודישען רעליגיעזען דענקער. אמת'ער טאַלענט און ברייטער וויסען גלענצען אַרויס פון איטליכער שורה. עס וואָלט געווען אַן אומזיסטע מיה איבערצוגעבען באָטש בקיצור דעם רייכטום פון געדאַנקען, וואָס זענען פערשפּרייט אין די דאָזיגע לעקציעס. מען מוז זיי אַליין לייענען, און ווער ס'וועט אָנהויבען, וועט זיך שוין ניט קאָנען אָפּרייסען. דערצו קומט נאָך צו אָט וואָס. אין די דאָזיגע לעקציעס ווערט גערעדט וועגען די פיינסטע און טיפסטע פּראָבלעמען פונ'ם מאָדערנעם געדאַנק — און דאָך ווי פּראָסט, ווי קלאָר די שפּראַך! מען בעדאַרף להלוטין ניט האָבען קיין צוגרייטונג, בכדי צו פערשטעהן אינגאַנצען, וואָס זשיטלאָווסקי וויל אונז אַרויסגעבען. דאָס איז די אמת'ע פּאָפּולאַריזאַציע, וואָס מאַכט מעגליך, אַז די העכסטע שאַפונגען פון מענשליכען גייסט זאָלען זיך פערשפּרייטען צווישען די ברייטסטע פאָלקס־שיכטען. דיזעלביגע פּראָסטקייט און קלאָרקייט פון דער אויסלעגונג בעוואונדערן מיר אויך אין זשיטלאָווסקי'ס אַנדערע לעקציעס און אַרטיקלען, אפילו אין די, וואָס בעהאַנדלען טעמעס פון די אַבסטראַקטסטע וויסענשאַפטען: לאָגיק און דערקענטניש־טעאָריע. אַזעלכע האָבען מיר אין 2־טען און 3־טען באַנד: „צוויי פאָרלעזונגען איבער דעם נאַטור־פילאָסאָפישען מאַטעריאַליזם“, „היסטאָרישע אידעען־פערבינדונגען“, „די געשיכטס־פילאָסאָפיע און דער ענד־ציעל“. זשיטלאָווסקי לא די וואָס ער געברויכט אומעטום די פשוט'סטע ווערטער און ווערטער־פערבינדונגען, די פאָלקסטימליכסטע אויסדרוקען, נאָר ער פערשטעהט שטענדיג אַריינצושטעלען דעם פאַסיגען למשל, בכדי דורכדעם צו קאָנקרעטיזירען דעם אַבסטראַקטען געדאַנק. עס זענען פאַראַן ביי איהם משלים, וואָס זענען פאַר זיך גאַנצע קונסט־בילדער, — און ס'איז באמת אַ שאָד, וואָס דער דוחק אין אָרט ערלויבט אונז ניט צו ברענגען דאָ עטליכע מוסטערן פון זשיטלאָווסקי'ס סטיל.

אויב אין די פילאָסאָפישע אַרטיקלען האָבען מיר פאַר אונז זשיטלאָווסקי'ן דעם זעלטענעם מסביר פון זיינע אייגענע און פרעמדע געדאַנקען, טרעט ער אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע אַרויס ווי איינער פון די בעגרינדער פונ'ם מאָדערנעם

# די יודישע וועלט.

סאָציאַליסטישען נאַציאָנאַליזם. ניט אומזיסט איז נראָד איהם אויסגעפאַלען דער כּבוד צו שרייבען די טעאָרעטישע בעגרינדונג פון דער נאַציאָנאַלער פּראָגראַם, וואָס די עסטרייכישע סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָט אָנגענומען אויפ'ן בּרינער פּאַרטייטאָג. די געדאַנקען וועגען נאַציאָנאַליזם און אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס זשיטלאָווסקי האָט זיך דער ערשטער אין דער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור אַרויסגעזאָגט, ווערען אַלץ מעהר דער אייגענס פונ'ם מאָדערנעם סאָציאַליזם. אין דער זאַמלונג האָבען מיר אין דעם פּרט די „צוויי פּאָרלעזונגען וועגען דער צוקונפט פון די פעלקער אין אַמעריקא", וואו ער זוכט צו בעווייזען, אַז די אַמיגראַציאָנס-טענדענצען, וואָס פיהרען די פערשיידענע נאַציעס צו „אַמעריקאַניזירונג", זענען גאָרניט אַזוי מעכטיג, ווי עס קאָן אויסדוכטען פון ערשטען בליק, און אַז די פערשטאַרקונג פון דער מאָראַלישער קולטור ביי די איינגעוואַנדערטע פעלקער מוז על פּי הכּרח פיהרען צו זייער נאַציאָנאַליזירונג. דאָס אייגענע פיהרט ער אויס אין זיינע „צוויי פּאָרלעזונגען וועגען איד און מענש", וועלכע ער ענדיגט מיט די ווערטער: „זייט מעהר מענשען, וועט איהר זיין בעסערע אידען, ווייל... וואָס מעהר מענש, אַלץ מעהר איד"! (ז. ב. II, ז. 186).

אויף די איינצעל-פראַגען פון דער יודישער נאַציאָנאַלער פּראָבלעם האָט זשיטלאָווסקי זיך אָבגערופען מיט די אַרטיקלען „וועגען דער פעראייניגונגס-פראַגע", „אידיש און העבּרעאיש", „רעליגיע און נאַציע" און אַנד., וואָס פערנעמען דעם גרעסטען טייל פון IV-טען באַנד. די דאָזיגע אַרטיקלען האָבען, הוץ זייער פּרינציפּיעלער בעדייטונג, נאָך אַ היסטאָרישען ווערט, ווייל אין זיי קומען צום אויסדרוק יענע פראַגען, וואָס האָבען פערנומען די מוחות און די געמיטער פון דער יודישער יוגענד אין די לעצטע עטליכע יאָהר. מ'קאָן דאָ מיט אייניגע הגהות, און בּפרט פּראַקטישע מסקנות, ניט מסכּים זיין; מ'קאָן, למשל, זאָגען, אַז די „פעראייניגונגס-פראַגע" איז ניט פערענטפערט געוואָרען. אָבער דאָך איז די פּראָבלעם פון אַן איינהייטליכען סינטעטישען יודישען סאָציאַליזם אַוועקגעשטעלט פּרינציפּיעל גענוג בּרייט און טיף, און איטליכער טעאָרעטיקער און טוער אויפ'ן געביט פונ'ם יודישען סאָציאַליזם וועט זיך מוזען אָבשטעלען אויף זשיטלאָווסקי'ס געדאַנקען.

צו רעדען בּפּרוטרוט וועגען זשיטלאָווסקי'ס אַרבּייטען אויפ'ן געביט פון דער נאַציאָנאַלער פראַגע איז אַוודאי קיין אָרט ניט אין אַ קורצער ביבליאָגראַפישער נאָטיץ. נאָר סיי ווי וועט אונז נאָך אויסקומען זיך אָפטמאָלס אומצוקעהרען אין אונזער זשורנאַל צו זשיטלאָווסקי'ס אַרבּייטען, וואָרום פיעל און וויכטיגס האָבען מיר נאָך ביי איהם צו לערנען פון דעם, וואָס ער האָט שוין אָנגעשריבען, און הוץ דעם ווילען מיר האָפען, אַז ער וועט אונז נאָך אַ סך אַ סך נייס געבען. וואָרום ער האַלט, „אַז אויפבּויען אַ ראַדיקאַלע יודישע קולטור, פון וועלכער עס זאָל זיך קאָנען נעהרען אויך די יודישע אינטעליגענץ, און אויף אַזאַ'ן אופן צוגעבּונדען ווערען צום יודישען פאָלק, איז די וויכטיגסטע אויפגאַבע פאַר אונזער עפּאָכע, די היסטאָרישע אויפגאַבע פון יודישען פאָלק פאַר דער איצטיגער צייט" (דאָס נייע לעבען, אַווגוסט 1913). אין די פיר בענד, וואָס ליגען פאַר אונז, האָט זשיטלאָווסקי אַוודאי אַ סך מיטגעהאָלפען אויספיהרען די דאָזיגע אויפגאַבע.

ק—ן.

# ליכט און שאטען.

דער „פלגש בגבעה" אין רחובות.—פון ציוניזם צו נאַציאָנאַליזם.—„מיר" און „זיי".

## דער „פלגש בגבעה" אין רחובות.

„ס'איז דאָך קלאָר, מיר קוקען אויף רחובות און אויף אַנדערע עהנליכע קאָלאָניעס נישט ווי אויף דעם אייגענטום פון עטליכע יודישע בעלי־בתים — ווייל דאַן האָבען מיר נישט וואָס צו טהון ניט נור אין רחובות, נור אין גאַנץ פּאַלעסטינא, מיר דאַרפען דאַן קיין איין שעה נישט פערבלייבען אין דער דאָזיגער בלאָטע — נור מיר בעטראַכטען עס ווי אַ חלק פונ'ם יודישען ישוב, ווי אַ פינטעלע פון אונזער פאָטערלאַנד, וואָס מיר ווילען ערווערבען". די ווערטער האָט געזאָגט אַ יודישער פועל אויף אַ פערזאַמלונג אין רחובות, וואו מ'האָט אַרומגערעדט, אויב יודישע פועלים זאָלען בלייבען אין רחובות — נאָך דעם נייעם „פלגש בגבעה", וואָס די בעלי־בתים פון דער קאָלאָניע זענען בעגאַנגען קעגען דעם ישוב, אָדער זיי זאָלען פערלאָזען די קאָלאָניע (לויט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון „פריינד").

אַז די פועלים אין ארץ־ישראל זאָגען אַזוי — ווי זאָלען מיר שוין דאָ זאָגען? האָט מען אונז דאָך געלערנט די גאַנצע צייט, אַז מיר זענען נאָר אַ דור המדבר, בעשאַפען נאָר צו דעם, כדי אויסצושטאַרבען, און איינער פון אונזערע טויזענדער, פון אונזערע מיליאָנען וועט די זכיה האָבען צו בעזעצען זיך אין לאַנד, און פון זיי וועט געבויט ווערען דאָס יודישע פאָלק. מיר דאָ זענען פערמשפט צום טויט, צו גייסטיגער פערלענדונג.

אונזער גאַנצע ענערגיע וויל מען אַוועקשענקען ארץ־ישראל. זיצט איצט אין וויען אַ יודישער קאָנגרעס—און זיין גאַנצע אַרבייט איז אַוועקגעשאָנקען נישט אונז אין גלות, נישט די מיליאָנען יודען פון גלות, נאָר די עטליכע טויזענד יודען פון דעם נייעם ישוב. די אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זענען געשאַפען געוואָרען פאַר דעם פאָלקס־גראָשען, דער קאָלאָניזאַציאָנס־באַנק, דער נאַציאָנאַל־פאָנד און אַנדערע — אַלע אַרבייטען זיי פאַר דעם נייעם ישוב. אַפילו די אַסימילאַטאָרישע אינסטיטוציעס, ווי אַ יק"א, ווי אַ אי"קא — און די חברות מיט די אַלע ראשי תיבות'ן, וואָס דער א"ב פערמאָגט — זענען שוין געוואָרען איבערגעציינט, אַגיטירט — די ציוניסטישע אידעע איז שוין אויך צו זיי אַריינגעדרונגען, און אַלע ווענדען שוין אָן זייער ענערגיע צום נייעם ישוב. אונזער שפּראַך, אונזערע קולטורעלע בעדערפענישען, אַלץ ווערט אויסגעלאַכט, פערשפּאָט, פערלאָזט (צוליעב וואָס עפּיס טון דערפאַר? עס איז סיי ווי פער'משפט צום אונטערגעהן), און מען געהט שוין קלייבען אַ נאַציאָנאַל־פאָנד פאַר די קולטורעלע בעדערפענישען פון דעם נייעם ישוב. און אַפילו די אַסימילאַטאָרישע אינסטיטוציעס מיט די ראשי תיבות'ן פון דעם גאַנצען א"ב — אַרבייטען קולטורעל אין ארץ־ישראל. אויף יעדען איינוואוינער אין ארץ־ישראל וועט זיין אַ שולע, אויף יעדען קינד, וואָס ווערט געבוירען, אַ לעהרער־בוך—אַלץ, אַלץ זאָל זיי אַוועקגעשאָנקען ווערען: די גאַנצע יודישע ענערגיע, די גאַנצע יודישע אויפוואַכונג. מיר דאָ, די מיליאָנען, דאָס פאָלק, דער גלות—צום טויט פער'משפט. ווער עס האָט זיך דערוועגט אַנדערש צו דענקען, ווער עס האָט זיך דערוועגט אַרויסצו־ווייזען עטוואָס מיטגעפיהל פאַר די דאָ, פאַר'ן גלות, פאַר די צום טויט פער'משפט'ע, זאָל פערטריבען ווערען פון דער מחנה — זיי זענען אַפיקורסים, כופרים, בוגדים אין דעם אידעאַל, וואָס פאַר איהם מעג מען מלחמה האַלטען מיט אַלע מיטלען.

האָבען מיר דאָך שוין געמיינט, אַז על כל פנים דער קליינער ישוב — אין ארץ־ישראל, וואָס צו איהם זענען געווענדט אונזערע בליקען, אונזערע דאָרשטיגע נשמות, — אַז ער, אָט דער קליינער ישוב, וואָס האָט געקאָסט און קאָסט דעם יודישען פאָלק דאָס געלד פון זיינע רייכע, די פאַנטאַזיעס פון זיינע באַראָנען און דעם אידעאַל פון זיינע אידעאַליסטען — אַז דאָס האָבען מיר דאָס רעכט צו בעטראַכטען, „ניט ווי אַן אייגענטום פון בעלי־בתים, נור ווי אַ פינטעלע פון אונזער

# די יודישע וועלט.

לאַנד, וואָס מיר ווילען ערווערבען". די בעלי־בתּים אָבער טראַכטען נישט אַזוי. זיי זענען קודם כּל בעלי־בתּים, אייגענטימער פון זייער ערד — צווערשט די קעשענע, דערנאָך דער אידעאַל.

דאָרטען, וואו דער אידעאַל פערלאַנגט נישט די קעשענע, נור פערקעהרט, ברענגט נאָך עפּים אין דער קעשענע אַריין, ווי למשל, ביי די קולטורעלע פראַגע, וועגען שולען, וועגען לשון קודש, — איז רחובות די סאַמע אידעאַלסטע קאָלאָניע. די פעסטונג פון לשון קודש אין ארץ ישראל איז רחובות. דאָרטען איז שוין אינגאַנצען פערטריבען געוואָרען יודיש — אַלע קינדער רעדען לשון־קודש, און אַלע פּועלים רעדען שוין לשון קודש. אַלע פּועלים — אַחוץ די מערדער פון די יודישע שומרים, די שונאים פון יודישען ישוב, די זאַרניגער אַראַבער. נאָר עס איז דאָ אַן אַנדער אידעאַליזם, וואָס קאָסט עפּים דער קעשענע — און אויף דעם אידעאַליזם זענען די בעלי־בתּים פון דער רחובות'ער קאָלאָניע גאָר ניט קיין גרויסע בעלנים. נאָר צו דער זאַך.

נאָך די פּאָגראָמען פערלוירען דעם גלויבען אין דער רוסישער רעוואָלוציע, אין רוסישען פרייען געדאַנק, זענען הונדערטער און הונדערטער יודישע יונגע לייט פון רוסלאַנד און פּוילין אַוועק קיין ארץ־ישראל. געטריבען פון אַן אינערליכען דראַנג, פונ'ם דאָרשט נאָך עפּים אייגענס, נאָך אַן אייגענער פאָרם, נאָך אַן אייגענעם לעבען, האָבען זיי אַוועקגעוואָרפען די רוסישע גראַמאַטיקעס, די רוסישע שולען און אוניווערסיטעטען און זענען אַראָב קיין ארץ־ישראל גרייט צו שטעלען זיך ווי אַרבייטער די ערד צו בעאַרבייטען. איך האָב געזעהן די דאָזיגע יונגעלייט ביי מיין זיין אין ארץ־ישראל. זיי האָבען געגלויבט ביי זייער אַראָפּקומען, אַז זיי וועלען אָנגענומען ווערען פון זייערע עטליכע ברידער, די איינגעזעסענע קאָלאָניסטען, (וועלכע זענען אַמאָל אויך געווען דיזעלבע אידעאַליסטען נאָך די פּאָגראָמען פון די אַכציגער יאָהרען), מיט אָפענע אָרעמס. נאָר זיי האָבען זיך ענטוישט. פאַר דער צייט איז דער אידעאַליזם — אָדער די אידעאַליסטען — אויסגעשטאָרבען, און די בעלי־בתּים, פערוועהנט, פער־עקשנ'ט, ווי אַ בן־יחיד פון יודישען פאָלק, זענען געוואָרען זעהר פּראַקטישע מענשען. זיי טוען שוין נישט די נאַרישקייט צו ווערען פערזאָרגער פאַר'ן גאַנצען יודישען כלל, צו ווערען ערד־אַרבייטער. שולען זענען דאָ גענוג אין ארץ־ישראל, די „פּויערישע" קינדער שטודירען אין דער אָנפאַנגס־שולע אין דער קאָלאָניע, דערנאָך פאָהרט מען שטודירען אין אויסלאַנד. די טעכטער — שיקט מען אַוועק אין די רוסישע גימנאַזיעס, אָדער זיי זיצען אין דערהיים, שפּיעלען פּיאַנאָ — און וואַרטען אויף אַ חתן. פון אַלע רחובות'ער בעלי־בת'ישע קינדער האָב איך נאָר געטראָפען, ווען איך בין געווען אין רחובות, צוויי זיהן פון קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען זיך אָבגעגעבען מיט ערד־אַרבייט. די איבעריגע קינדער פון דער קאָלאָניע האָבען שטודירט, און די טעכטער פּיאַנאָ געשפּיעלט, רוסישע זשורנאַלען געלעזען. איך בין ביי זיי אַ גרויסער מענש געווען — דערפאַר, ווייל אין „מעאַטער אי איסקוסטוואָ" איז געווען געדרוקט אַן אַרטיקעל איבער מיר. אַליין בעאַרבייט מען נישט די ערד, מען לאָזט זי בעאַרבייטען דורך די אַראַבישע שכנים, וועלכע קלייבען זיך אַרום יעדער קאָלאָניע. אַרום יעדער יודישער קאָלאָניע וואַקסט אויס אַ גרעסערע אַראַבישע קאָלאָניע פון אַראַבישע אַרבייטער, וואָס ציהען זייער היונה פון דער יודישער קאָלאָניע.

פון די יונגעלייט, די אידעאַליסטען, וואָס האָבען אָנגעבאָטען זייער אַרבייט אָנשטאָט די אַראַבער, האָט מען חוזק געמאַכט, אויסגעלאַכט אי זייער אידעאַליזם, אי זייער קערפּערליכע שוואַכקייט. מען האָט זיי אויפגעהאָרפען, אַז זיי זענען געקומען נור שאָדען דעם ישוב, אַז זיי זענען אַן אומגליק פאַר'ן ישוב. פיעל פון זיי האָבען טאַקע זיך מיאש געווען, פערלאָזט דאָס לאַנד, אַנטלאָפען, וואו די אויגען האָבען געטראָגען. די שטאַרקערע פון זיי — זענען דאָך געבליבען און ווי עס איז גענויט די בעלי־בתּים דורך דער יודישער עפענטליכער מיינונג — צוצונעמען אויך יודישע פּועלים. זיי האָבען זיך געשטעלט אַרבייטען ביי די ערגסטע בעדינגונגען. מען האָט אויסגענומען מיט זיי תנאים, נישט צו האָבען קיין איין „אפּיקורסי־

# ליכט און שאָטען.

„שען" געדאַנק, נאָר צו זיין דאָס שיינדעל, דאָס ליכטעל צו בעהעלען דעם נייעם ישוב. זעלבסטפערשטענדליך, האָבען זיי געמוזט צוערשט צוזאָגען, נישט צו רעדען קיין אַנדער שפּראַך, אַחוץ לשון קודש; ניט אַריבערצוטראָגען דעם רוסישען „בונד" קיין ארץ־ישראל — וואָס איז אַ סכנה פאַר׳ן ישוב.

איך האָב געטראָפען אַסך פון די יונגעלייט אַרבייטען אויפ׳ן פעלד אין אַן אומגעוועהנטליכער טראָפּישער היץ. אין יענער צייט איז אוממעגליך געווען פאַר אונזערן אַ מענש צו געפינען זיך פון 10 אין דערפריה ביז זון־אונטערגאַנג אויסערן געצעלט. דאָך זענען געשטאַנען די יונגעלייט אויפ׳ן פעלד — די הענטלעך פון זייער געצייג האָבען זיך אָנגעקלעפּט אָן זייערע הענד, נאָר זיי האָבען געאַרבייט מיט התלהבות. און אַז איך האָב זיי געפרעגט: פון וואַנען נעמט איהר כוחות? האָבען זיי מיר געוויזען אויף די ווייסע הייזלעך, וואָס זעהען זיך פון דערווייטענס: „דאָרט קעגענאיבער איז יבנה געווען". דאָס גיט זיי כח די היץ און די שווערע אַרבייט איבערצוטראָגען.

זעלבסטפערשטענדליך, האָבען זיי זיך געשטעלט אַרבייטען פאַר׳ן זעלבען לוין, וואָס די אַראַבער, ווען איך בין זיך ניט טועה פאַר 35 קאָפּ. אַ טאָג, לויט אונזער געלד. פאַר זיי איז אוממעגליך געווען צו לעבען פאַר דעם לוין, אָבער זיי האָבען געוואָלט ווייזען, אַז זיי קאָנען קאָנקורירען מיט דעם אַראַבישען אַרבייטער, און נישט בלויז, וואָס זיי האָבען געשטאַרקט זיך אַזוי פיעל צו אַרבייטען, ווי די אַראַבער, נור נאָך איבערצואָגען די אַראַבער, כדי די בעלי־בתים צו איבערצייגען, אַז דער יודישער פועל שטעהט נישט נידעריגער פאַר׳ן אַראַבישען אַרבייטער. זעלבסטפערשטענדליך, האָבען די בעלי־בתים אויסגענוצט די קאָנקורענץ פון די אַרבייטער און אַרויסגעצויגען פאַר זיך פון דעם וואָס מעהר פּראָפּיט. די אַרבייטער האָבען נישט געקאָנט לעבען פאַר דעם געלד — האָבען זיי זיך געמאַכט אַן אייגענע אַרבייטער־קיך. צווישען זיי האָט זיך אויך געפונען אַ ברודער פון אַ קאָלאָניסט, וועלכער האָט געאַרבייט ביי זיין ברודער אַלס פועל; ער האָט אויך נישט געוואָלט עסען ביים ברודער, — נאָר מיט די אַרבייטער, כדי צו ווייזען, אַז דער יודישער פועל ווערט נישט „משפחה׳דיג" מיט דעם בעל־הבית.

אַז מען טוט שוין די „מצוה" און מען גיט יודישע „פועלים" אַרבייט, דאַרף מען עס דאָך אויסנוצען לשם אידעאַל אויך. מיר זענען דאָך עפּיס שטיקלעך אידעאַליסטען. אויף דערנאָכט, נאָך דער אַרבייט, זעה איך, ווי אַנשטאָט דער פועל זאָל זיך געהן אָפּרוהען — לעגען זיך אויפ׳ן פעלד, שפּאַצירען געהן, טרייבט מען זיי אַלע אין בית־עם אַריין. דער לעהרער פון דער קאָלאָניע האַלט פאַר זיי אַ רעפעראַט וועגען איבסען׳ס „פער גינט" אויף לשון קודש. איך זעה, ווי די אַרבייטער שטעהען ביים רעפעראַט מיט פערמאַכטע אויגען טויט מידע, און אַז איך פרעג איינעם פון זיי: „אום צו זיין אַ פועל, מוז מען הערען אַ רעפעראַט וועגען „פער גינט"? וואָס געהט איהר נישט ליעבער רוהען? איהר פאַלט דאָך פון די פיס". ענטפערט ער מיר: „גאָט איז מיט אייך, ווי הייסט? ווייסט איהר נישט, אַז דער פּאַראָל איז: „כל פועל שאינו יכל לדבר עברית, אין אָנו צריכים לו", אַז דאָס לערנט מען אונז עברית רעדען נישט בלויז וועגען טעגליכע זאַכען — נאָר אויך וועגען העכערע ענינים?"

נאָר דער יודישער פועל האָט באַלד בעוויזען, אַז נישט בלויז זיין „בענקעניש", זיין „אידעאַליזם" מאַכט איהם פאַר אַ גוטען אַרבייטער, פאַר דעם געווינשטען עלעמענט אין נייעם ישוב, נאָר אַז ער קאָן זיך אויך פשוט מקריב זיין פאַר דאָס „פינטעלע פון אונזער פאָטערלאַנד". מוט און קראַפט האָט ער געוויזען און איבערצייגט די ווילדע אַראַבער, אַז יודיש אייגענטום איז נישט הפקר. די פועלים האָבען אויף זיך גענומען די געפעהרליכסטע פּאָזיציעס אין נייעם ישוב. אַרומגערינגעלט מיט שונאים — שטעהט דער יודישער וועכטער, אין די טונקעלע נאַכט פון ארץ־ישראל און היט אָב יודיש גוטס. פיעל קרבנות האָבען זיי שוין, די מוטיגע יודישע

וועלטער, געבראַכט און געהייליגט זייער נאַציע מיט דעם יונגען בלוט, וואָס זיי האָבען פערגאָסען פאַר דעם נייעם ישוב. די אַראַבער האָבען זיי שוין געצוואונגען צו רעכענען זיך מיט יודישען מוט, מיט יודישען אידעאַליזם.

אָבער די בעלי־בתים פון דער קאָלאָניע רחובות האָבען זיי נאָך ניט איבערגעציינט — יענע ניבען נאָך די אַרבייט די אַראַבער — פון דעם נאָהענטען דאָרף זאַרניגי. דער אַראַבער איז דאָך בעקוועמער, ווי דער נייער קאָנקורענט אויף אידעאַליזם, (וואָרום ביז צום יודישען פועל איז ער, דער קאָלאָניסט, געווען דער בן־יחיד פון יודישען פאָלק, וואָס איהם האָט געקומט די גאַנצע בכורה). דער דאָרף זאַרניגי ווערט פון טאָג צו טאָג פעטער, ווי יעדער דאָרף אַרום די יודישע קאָלאָניעס. די קאָלאָניסטען האָבען נישט אָבגעלאָזען די אַראַבער. נ״ין, פערקעהרט, דער אַראַבער איז געוואָרען דער אַרבייטער, און דער פועל דער שומר. דעם יודישען שומר איז אויסגעקומען צו היטען דאָס יודישע גוטס פון אַרומיגע שונאים, פון זיינע פערזענליכע שונאים. די אַראַבער זענען נאָך אויסען געווען צו איבערציינגען די יודישע קאָלאָניסטען, אַז דער יודישער שומר איז נישט אין שטאַנד אָבצוראַטעווען דאָס יודישע גוטס, און האָבען אָנגעהויבען צו מאַכען עפּעס־ע אָנפאַלען אויף די יודישע דערפער—ביז ס'איז אויסגעבראָכען דאָס לעצטע געשלעג, וואו די אַראַבער טאַקע פון דעם דאָרף זאַרניגי האָבען גע'הרג'עט דעם יודישען שומר פרידמאַן, אין די אויגען פון די יודישע קאָלאָניסטען פון ודי הנין, און די קאָלאָניסטען זענען נישט געקומען ראַטעווען זייער חבר. נאָך מעהר — די קאָלאָניע רחובות האָט נאָך גענויט די יודישע אַרבייטער צו אַרבייטען צוזאַמען מיט זייערע רוצחים פון דעם דאָרף זאַרניגי. — לעזט די ביטערע ווערטער, דעם אמת, וואָס דער אַלטער יודישער פועל האַלפערן האָט געוואָרפען דעם נייעם ישוב אין פנים אַריין אויף דעם קבר פון זיין חבר. דער האַלפערן, וואָס האָט זיין ווייב, זיינע קינדער און פערמעגען איבערגעלאָזט — און שטעהט איצט מיט דער ביקס אין האַנד אין די נעכט פון ארץ־ישראל פאַר דער יפו'ער גימנאַזיע — אַלס וועכטער, היטענדיג די יונגע יודישע אינסטיטוציע, האָט אַזוי בעקלאָגט זיין יונג געפאַלענעם חבר (לויט אַ קאָרעספאָנדענץ פון „פריינד"):

„פאַרצייטען, ווען ביי יודען האָט זיך געפונען אַ „חלל", אַ דער'הרג'עטער, פלעגען די מענשען פון דער נאָהנטער שטאָדט בריינגען אַן „עגלה ערופה". ס'פלעגען אַרויסגעהן די עלטערע לייט פון שטאָדט, אָנלעהנען זייערע הענד אויף דער „עגלה ערופה" און זאָגען: „ידינו לא שפכו את הדם הזה" — אונזערע הענד האָבען ניט פערגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט". צי קאָנט איהר אָבער, קאָלאָניסטען, זאָגען אַצינד: „ידינו לא שפכו את הדם הזה"? פרידמאַן איז נאָכלויפענדיג די אַראַבער פון ראשון אָבגעשטאַנען פון זיינע חברים און געבליבען אַליין. געבען ודי הנין (נס ציונה) האָבען איהם די אַראַבער נעטראָפען. ער האָט זיך געוואָלט ראַטעווען פון זיי און אַריינהאַפען זיך אין דעם דערבייאיגען ביידעל פון דעם הויפט־וועכטער פון ודי הנין, נאָר יענער האָט איהם ניט נור ניט אַריינגעלאָזט צו זיך אין ביידעל אַריין, נאָר אָנגעוויזען אויף איהם און געהאָלפען די רוצחים איהם צו האַפען. און ביים ביידעל פון אַ וועכטער אויף יודישען באָדען איז ער דער'הרג'עט געוואָרען. עטליכע יודישע קאָלאָניסטען פון ודי הנין האָבען דאָס פון ווייטען צוגעזעהן און ניט געקומען צו הילף, ווען מ'האָט אויסגעהויבען אַזאַ „טרעוואָגע" אויף דעם גאַנצען העג; אויך פון ראשון זענען אַחוץ די וועכטער און די אַרבייטער זעהר ווייניג קאָלאָניסטען געקומען העלפען זייערע ברידער אין אַזאַ געפעהרליכען מאָמענט. אין רחובות, איז די, וואָס האָבען אַוועקגעשטעלט יודען צו היטען זייער האָב־און־גוטס, האָבען אַרומגערינגעלט דעם יודישען וועכטער מיט אַ פיינדליכען, פרעמדען אַרבייטער־עלעמענט, אַריינגעבראַכט אין דער קאָלאָניע די דאָזיגע, געגען וועמען דער יודישער וועכטער דאַרף זיך שיצען און פערהיטען, און אויף אַזאַ אופן אַיינגעשטעלט זייער לעבען אין אַ שטענדיגע סכנה; און ווער זענען דען די רוצחים, וואָס האָבען אַזוי אכזריות'דיג פערגאָסען דאָס בלוט, אויב ניט די אַרבייטער פון רחובות;

# ליכט און שאָטען.

די טרייע דיענער פון די רחובות'ער קאָלאָניסטען? און איצט פרעג איך אייך, צי קאָנט איהר נאָך דעם אַלעם זאָגען: „אונזערע הענדע האָבען ניט פערגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט"?

אָבער מיינט ניט, אַז די קאָלאָניסטען האָבען הוזר בתשובה געווען נאָך דעם פערגאָסענעם בלוט. וואָרום וואָס איז דען געשעהן? אַרבייטער האָבען זיך געשלאָגען — אַ יודישער אידעאַליסט איז געפאַלען. וועט זיין איינער ווינציגער. דער קאָרעספּאָנדענט פון „פריינד" דערצעהלט ווייטער:

„אויף מאָרגען אין דער־פריה האָט ווידער די גלאָק אין דער געוועהנליכער צייט געקלונגען און גערופען צו דער אַרבייט די זאַרניגער אַראַבער, און גלייך ווי נעכטען וואָלט נאָרנישט געשעהן, האָט זיך דער רחובות'ער קאָלאָניסט געקאָמאַנדעוועט ביי דער אַרבייט מיט זיינע נעכטיגע רוצחים און היינטיגע אַרבייטער. דער פאַקט האָט זעהר אויפגערעגט די יודישע אַרבייטער און וועכטער פון רחובות און זיי האָבען געפאָדערט פון ועד, ער זאָל צונויפרופען אַן אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון דער קאָלאָניע, וואו מ'זאָל בעשליסען אָבוואַשען פון זיך דעם דאָזיגען פלעק, און אָבזאָגען די זאַרניגער אַראַבער. דער ועד האָט זיך מיט כל'ערליי תירוצים אַרויסגעמאַכט און ניט צונויפגערופען קיין אַלגעמיינע פערזאַמלונג. מוצאי־שבת איז דעריבער פאָרגעקומען אַ צווייטע פערזאַמלונג פון די אַרבייטער און וועכטער און מ'האָט ווידער בעטראַכט די פראַגע וועגען פערלאָזען די קאָלאָניע אַלס פּראָטעסט געגען איהר שענדליכער אויפפיהרונג. די פערזאַמלונג האָט בעשלאָסען נאָכאַמאָל, דאָס לעצטע מאָל, זיך ווענדען וועגען דעם צום ועד המושבה. אויף דער דאָזיגער פערזאַמלונג האָט איין אַרבייטער אַרויסגעזאָגט פאָלגענדע עטליכע ווערטער:

„ס'איז דאָך קלאָר, מיר קוקען אויף רחובות און אויף אַנדערע עהנליכע קאָלאָניעס ניט ווי אויף דעם אייגענטום פון עטליכע יודישע בעלי־בתים — וויל דאַן האָבען מיר ניט וואָס צו טהון ניט נור אין רחובות, נור אין גאַנץ פאַלעסטינא. מיר דאַרפען קיין איין שעה נישט פערבלייבען אין דער דאָזיגער בלאָטע. נור מיר בעטראַכטען עס ווי אַ חלק פונ'ם יודישען ישוב. ווי אַ פינטעלע פון אונזער פאָטערלאַנד, וואָס מיר ערווערבען".

און וואָס זאָלען מיר זאָגען? מר, וואָס מיר זענען פער'משפט געוואָרען צום אונטערגעהן, וואָס אונזער חוב איז זיי, די קאָלאָניסטען, אַוועקצוגעבען אונזער גאַנצע ענערגיע, מקריב זיין פאַר זיי אונזערע אינטערעסען, אונזער לעבען; וואָס אונזערע קינדער וואַלגערן זיך אַרום אין די רוסישע גימנאַזיעס, און פאַר זייערע קינדער דאַרפען מיר שאַפען פאָנדען; אונזערע עמיגראַנטען לאָזען זיך אויף גאָטס חסד איבער שבעה ימים, און פאַר זיי בעשאַפען מיר קאָלאָניזאַציאָנס־באַנקען, פאָנדען, קאָנגרעסען,—צי דען, דאַרפען מיר זיי, די קאָלאָניסטען, אָט די „צוקונפט־בויער", נישט זאָגען — „גלויבט איהר נישט אין דעם נייעם ישוב, זאָרגט איהר נאָר פאַר אייערע אינטערעסען,— מאַכט צום ווענינסטען נישט הוזק, לאַכט נישט אויס, פערשפּאַט ניט די הייליגסטע געפיהלען, דעם אידעאַל, די צוקונפט און די האָפענונג פון פועל, וואָס איז זיך מקריב פאַר אייך, גיט איהם ניט איבער אין די הענד פון די אַראַבער. שוינט אונזערע מענשליכע געפיהלען — דאָס האָבען מיר דאָך רעכט צו פערלאַנגען פון אייך!"

שלום אַש.

## פון ציוניזם צום נאַציאָנאַליזם.

(וועגען „פריישטאַטט").

מיט דעם ציוניזם איז געשעהן דאָס אייגענע, וואָס מיט יענעם, וועלכער האָט אַרויסגעכישופט רוחות פון אונטער דער ערד, און אַז ער האָט געהייסען זיי דערנאָך געהן צוריק אין

## די יודישע וועלט.

זייער רוח אַריין, האָבען זיי איהם שוין מעהר ניט געפאָלגט. אַזוינע ווידערשפעניגע רוחות, דורך דעם ציוניסטישען שם אויף דער ליכטיגער וועלט אַרויסגעמאַניעט, שוועבען איצט אַרום, דעם ציוניזם אויף צו להכעיס, זעהר אַ סך אין דער יודישער לופט, און דער האַר איבער זיי אַלעמען איז דער שד, וואָס רופט זיך „גלות־נאַציאָנאַליזם“. דער „גלות־נאַציאָנאַליזם“ איז אַ שטראָם, וואָס האָט זיך אַזוי ברייט צעגאָסען, אַז ער איז מעכטיגער געוואָרען פונ'ם קוואַל, וואָס האָט איהם „געבוירען“. אין רוסלאַנד און אַמעריקע, בכלל דאָרט, וואו יודען וואוינען מאַסענווייז, האָט מען שוין לאַנג געקאָנט זעהן און פאָראויסזעהן, אַז די פּראַקטישע פּראָגראַם פונ'ם ציוניזם מוז ווערען מיט דער צייט אַ פּונקט, אַ קענטיגער און וויכטיגער, אָבער דאָך נישט מעהר ווי אַ פּונקט אויפ'ן ברייטען שטח פון דער נאַציאָנאַלער יודישער אויפלעבונג. אין רוסלאַנד, גאַליציען און אַמעריקע האָבען מענשען מיט אַ ברייטערן קוק (דובנאָוו, בירנבוים, זשיטלאָווסקי) שוין לאַנג פערשטאַנען, אַז די צוויי זיילען פונ'ם ציוניזם, די לאַנד און די שפּראַך פון די אָבות, זענען נאָך ניט אַלע זיילען, וואָס זענען נויטיג, כדי אויפצוריכטען און אויפצוהאַלטען דעם בנין פון דער יודישער צוקונפט. אין דייטשלאַנד אָבער האָט מען נאָך אַלץ געקוקט אויף די צוויי זיילען, ווי אויף דעם בנין פון דער נאַציע און איהר אויפלעבונג. דאָרט האָבען די „נאַציאָנאַל־יודען“ זייער זאַפט און קראַפט געצויגען נאָך אַלץ פונ'ם קוואַל, פונ'ם ענגען, מיט איין אָרט פערבונדענעם קוואַל, ניט פון דעם איבער כל תפוצות ישראל צענאָסענעם שטראָם; דאָרט האָט יודישער נאַציאָנאַליזם נאָך אַלץ געהייסען — ציוניזם.

אַזוי איז געוועזען אינעווייניג ביי יודען, און אַזוי האָבען אויך די אומות העולם אין מערב־איירָאפּע געגלויבט, אַז ווען עמיצער רעדט וועגען יודען, ווי וועגען אַן אומה, ניט נאָר ווי וועגען אַ רעליגיעזער געמיינדע, הייסט עס, אַז ער איז אַ ציוניסט. דער ציוניזם איז געוואָרען אַ שם־הכולל פאַר אַלץ, וואָס איז און וויל זיין יודיש.

די ציוניסטען האָבען געמיינט, אַז ס'איז אַ מעלה. ס'איז געוועזען אָבער אַ רעה פאַר זיי. אַ בעגריף, וואָס וואַקסט איבער דעם אינהאַלט, וועלכער איז אין איהם פון אָנהויב אָן אַריינגעלעגט געוואָרען, הערט אויף צו דינען דעם דאָזיגען אינהאַלט, הערט אויף צו זיין אַ מיטעל, איהם אָבצושפּיגלען און אויסצודריקען. אַ בעגריף, וואָס האָט אַריינגענומען אין זיך, אַחוץ דעם לכתחילה'דיגען תוך, אַנדערע, נייע, צוגעקומענע אינהאַלטסטיילען, הערט אויף צו זיין קלאָר. יעדער געברויכט איהם אויף זיין אייגענעם שטייגער, און עס טרעפט, אַז מענשען, וואָס ענטפערן אָמן אויף איהם אין איין קול, זענען אויסען נאָר פערשיידענע ברכות. אַזוי האָט טאַקע געטראָפען מיט דעם ציוניזם, וואָס מען האָט אָנגעהויבען אויסצוטייטשען איהם, אַזוי, ווי די תורה, להבדיל, אויף זיבעציג אופנים און פיהלען אין איהם, ווי אינ'ם מן, אַלע טעמים. ניט נאָר זייטיגע מענשען, אויך די ציוניסטען אַליין האָבען אויפגעהערט צו פערשטעהן איינע די אַנדערע: די קאָנגרעסען זענען געוואָרען קאָנגרעסען פון אַ מין דור־הפלגה, ניט פון אַ פּאַרטיי. האָט דאָס, וואָס אין מזרח־איירָאפּע און אין אַמעריקע האָבען די נאַציאָנאַליסטען, פריהער די סאָציאַליסטישע, דערנאָך די דעמאָקראַטישע, אָבגעטיילט זיך און אָבגעגרעניצט פריהער פונ'ם „אָפיציעלען“ — און דערנאָך בכלל פונ'ם ציוניזם, — געבראַכט דעם לעצטען אין איין פּרט מעהר נוצען, ווי שאָדען — אינ'ם פּרט פון קלאָרקייט. דער ציוניסטען־קאָנגרעס האָט געוועסט אויפגעהערט צו זיין אַ „פּאַרלאַמענט פון מיינונגען“, און עס איז געוועזען צו האָפען, אַז ער וועט „שוין מעהר ניט מאַכען קיין אָנשטעל פון אַ „נאַציאָנאַלען פּאַרלאַמענט“: אין מזרח־איירָאפּע און אין אַמעריקע האָבען שוין אַלע דערוואוסט זיך, אַז ציוניזם און יודישער נאַציאָנאַליזם זענען ניט קיין שמות נרדפים, מען איז דערגאַנגען, אַז ניט יעדער ניט־ציוניסט איז אַן אַסימילאַטאָר און אַז, פערקעהרט, ניט יעדער ציוניסט איז אין אַלע פראַגען פונ'ם יודישען לעבען — אַ נאַציאָנאַליסט. אין מערב־איירָאפּע אָבער האָט מען נאָך אַלץ, ווי געזאָגט, אידענטיפיצירט דעם יודישען נאַציאָנאַליזם מיט דעם ציוניזם.

# ליכט און שאָטען.

און אָט הויבט מען אָן זיך אַרומצוזעהן אויך דאָרט, אַז ס'איז געווען אַ טעות אין חשבון. די נאַציאָנאַלע שטימונג, וואָס דער ציוניזם האָט אָהן קיין שום ספק געהאָלפען זי צו פערשטאַרקען, האָט אויך דאָרט גענומען זיך איבערגיסען איבער די ענגע ארץ־ישראל־ראַמען פונ'ם איצטיגען ציוניזם. דער אויסדרוק פון אָט דער נייער שטימונג איז „די פּריישטאַטט, אַלליודישע רעווי“, אַ מאָנאַטשריפט פאַר יודישער קולטור און פּאָליטיק אויף דייטש, וואָס האָט היי־יאָהר אָנגעהויבען אַרויסצוגעבען אין בערלין איינער אַ יונגער, טעמפּעראַמענט־פולער דייטשער יוד, יוליוס קויפמאַן, און וואָס די ציוניסטישע פרעסע האָט אין אָנהויב געוועסט געפּרובט פערשווייגען און איצט וועהרט זי זיך שוין קעגען דעם מיט אַלע מיטלען... דער ארץ־ישראל־ציוניזם פּסקנ'ט, אַז נאָר „דאָרט, וואו די צעדער“ בליהט, קאָן וואַקסען ישראל, די גאַנצע וועלט אָבער איז אַ מדבר פאַר איהם. פיהלען די נייע עלעמענטען, וואָס גרופּירען זיך אַרום דער „פּריישטאַטט“, אַז דאָס איז אַ סתירה צו זייער אויסגעוואַקסענעם נאַציאָנאַלען געפיהל, אַ לעהמונג פון זייער נאָך מעשים דאָרשטיגען נאַציאָנאַלען ווילען, ווען מען פּסקנ'ט אָב, אַז דאָ אין „גלות“ מוזען מיר זיך אַסימילירען. נאָך מעהר: זיי פיהלען, אַז ס'איז אַ סתירה צו אַלע לעבענס־פאַקטען און לעבענס־טענדענצען. די קולטור־אויפוואַכונג פון די ברייטע יודישע פאָלקסמאַסען, זייער איבערגאַנג צו פּראָדוקטיווער אַרבייט און די גרויסע נייע יודישע צענטרען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען אין אַמעריקע און אין אַ סך גרויסע שטעדט אין אַנדערע לענדער האָבען מעגליך געמאַכט די אויפבליהונג און איראָפּעאיזירונג פון דער יודישער שפּראַך און ליטעראַטור, די שאַפונג פון אַ יודישער פרעסע, פון אַ יודישען טעאַטער און פון אַ גאַנצער רייה אַנדערע געזעלשאַפטליכע, עקאָנאָמישע און פילאַנטראָפּישע יודישע אָרגאַניזאַציעס; ווייזט עס דען ניט, אַז דער איבערגאַנג צו אַ מעהר וועלטליכען און מעהר פּראָדוקטיווען לעבען פון די יודישע פאָלקסמאַסען איז אַ נאַציאָנאַליזירונגס־פּראָצעס און ניט (ווי עס איז געווען דערזעלביגער איבערגאַנג ביי דער יודישער בורזשואַזיע) אַן אַסימילאַציאָנס־פּראָצעס? זעהט מען דען ניט, אַז אין די לענדער פון מזרח־אייראָפּע און אין אַמעריקע, וואו יודען וואוינען מאַסענווייז, און וואו דער פעסטער צעמענט פון פּראָדוקטיווער אַרבייט, צו וועלכער זיי געהען איבער, מאַכט פון זיי אַלץ מעהר און מעהר אַן עקאָנאָמיש איינגעפונדעוועטען און סאָציאַל אָרגאַניזירטען נאַציאָנאַלען קיבוץ, — זעהט מען דען ניט, אַז דער יודישער נאַציאָנאַלער מצב ווערט דאָרט אַלץ זיכערער און האָפענונגס־פולער, נישט געקוקט אויף די אַלע נגישות און רדיפות, וואָס זיי האָבען דאָרט אויסצושטעהן? זעהט מען דען ניט, אַז מיר לעבען איצט אין אַ תקופה, ווען נייע גרינע כחות שפּראָצען פון דער ערד אַרויס, און ניט אין אַן אלול־צייט, ווי עס ווילען אונז איינשמועסען אונזערע אייביגע קלאָג־מוטערס און פּראָפעסיאָנעלע קברים־רייסער? זענען די פערוויינטע אויגען, וואָס זעהען דאָס אַלץ ניט, ניט קיין קורצזיכטיגע אויגען? און די „פּריישטאַטט“ מיהט זיך, ווי ווייט זי קאָן, צו היילען אָט די קורצזיכטיגקייט. זי טוט און טייטעלט מיט'ן פינגער אויף מזרח־אייראָפּע, וואו דאָס נאַציאָנאַלע יודישע לעבען איז ניט קיין הוילער פרומער וואונש, ניט קיין מליצה, נאָר אַ פאַקט פון לעבען, אויף מזרח־אייראָפּע, וואו עס געפינט זיך דער צענטער, און ניט נאָר, ווי אין מערב, די פעריפעריע פונ'ם יודישען פאָלק. זי האָט איינגעפיהרט אַ ספּעציעלע אָבטיילונג „יודישע (אָדער: יידדישע, ווי מען שרייבט עס איצט אין אייראָפּע) דיכטונג“, וואו עס ווערען געבראַכט מוסטערן און פּראָבעס פון דער יודישער פּאָעזיע (אין אָריגינאַל, נאָר מיט לאַטיינישע אותיות און מיט אַ דייטשער איבערזעצונג), זי האָט איינגעלאַדען פאַר מיטאַרבייטער יודישע שריפטשטעלער פון מזרח־אייראָפּע, כדי צו האָבען לעבעדיגע גרוסען פון דאָרט, וואו עס לעבט דער גרעסטער און שטאַרקסטער און געזינטסטער טייל פונ'ם יודישען פאָלק. אויף אַזאַ אופן וויל זי דערנעהענטערן דעם מערב צו דעם מזרח, און פערשטאַרקען דעם איינפלוס פונ'ם לעצטען אויפ'ן ערשטען. פאַר דעם מערב־אייראָפּעאישען יודען, אַפילו פאַר דעם, וואָס איז נאַציאָנאַל געשטימט, איז דער בעגריף „יודיש פאָלק“ נאָך אַלץ אַן אַבסטראַקציע, ניט קיין לעבעדיגער אָרגאַניזם, מיט פלייש און בלוט.

# די יודישע וועלט.

די „פריישטאַטט“ וויל אָט דעם מערבֿ־יודען געבען צו שפּירען דאָס לעבעדיגע פלייש און בלוט פונ׳ם יודישען פאָלק. זי האַלט מלחמה מיט די ציוניסטען, וואָס אידענטיפיצירען די „קליינע פאָלקסווינספע פּאַלעסטינע מיט דעם גרויסען אייביגען פאָלק“,—מיט די ציוניסטען, וואָס מאַכען דעם אָנשטעל, אַז זיי בענעהרען פ י ע ל, און אין דער אמת׳ן איז עס „ביטער וועניג“ און „עס ציהט אָב דעם מערבֿ־יודען (און אויך דעם מזרח־יודען, וועלען מיר מוסיף זיין) פון די יודישע ווירקליכקייטען, פון דעם... וואָס רופט זיך ד ע ר אָ ר ג אַ נ י ז ם פ ו נ׳ם י ו ד י ש ע ן פ אָ ל ק“ (№ 1, ז. 6, אינ׳ם אַרטיקעל „די ערשטאַרקונג דער וועסטליכער יודישקייט“). „דער ציוניזם, שטעהט ווייטער אין דעם אָקאָרשט ציטירטען אַרטיקעל, האָט בעקומען זיין פאָרם און ריכטונג פון בורזשואַזע אינטעליגענטען, וואָס זענען אָבגעריסען פון פאָלק. שטעהט דער ציוניזם איצט ווי אַ מחיצה צווישען דעם מערבֿ־יודען און דער יודישער ווירקליכקייט און האַלט אָב די יונגע, וואָס אין זיי ברענט פיעל בענקשאַפט און עהרליכער ווילען, פון אומצוקעהרען זיך צוריק צום פאָלק“...

אין וואָס קאָן און דאַרף בעשטעהן דער אומקעהרען זיך צום פאָלק פונ׳ם מערבֿ־יודען, וואָס איז אָבגעריסען פון די ברייטע פאָלקסמאַסען ניט בלויז גייסטיג, נאָר אויך פיזיש, — די דאָזיגע פראַגע איז ביז איצט אין „פריישטאַטט“ נאָך ניט פערענטפערט געוואָרען. עס איז טאַקע שווער זי צו פערענטפערן. אַבער שוין דאָס יסא, וואָס אָט די שווערע און וויכטיגע פראַגע ווערט ערנסט און עהרליך געשטעלט, שוין דאָס גופא, וואָס אָט דער ו י ל ע ן אומצוקעהרען זיך צום פאָלק ווערט געוועקט און געשטאַרקט,--האָט אַ גרויסען מאָראַלישען ווערט. עס צעשטערט די בורזשואַזע זעלבסטצופרידענקייט פון דעם מערבֿ־איירָאָפּעאישען ציוניסט, עס וועקט דעם נאַציאָנאַלען געוויסען פונ׳ם „נאַציאָנאַל־יודען, גיט דער יודישער יוגענד אין דייטשלאַנד גאָר אַ נייע ערציהונג און געוועהנט בכלל צו די מערבֿ־יודען דרך־ארץ צו האָבען פאַר דעם נאַציאָנאַלען לעבען און שאַפען פון די יודישע פאָלקסמאַסען און צו שטרעבען דערצו, אַז אויך זייער לעבען און שאַפען זאָל בעקומען וואָס ווייטער אַלץ מעהר יניקה פונ׳ם לעבעדיגען שורש פונ׳ם יודישען פאָלקסבוים...

מיר ווינשען דעם בעסטען ערפאָלג אונזער חבֿר־אָרגאַן אין דער דייטשער שפּראַך, וואָס פיהרט אַזאַ ענערגישע און מוטיגע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַלע ווערטען פון דער נאַציאָנאַלער יודישער בעוועגונג און וואָס העלפט דעם בעסערן טייל פון דער יודישער אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד צו מאַכען דעם טריט, וואָס אין מזרח־אייראָפּע איז ער שוין לאַנג געמאַכט געוואָרען, — דעם טריט, וואָס פיהרט פונ׳ם פאָלקס־פרעמדען ציוניסטישען פּאַראַד־און קאָנגרעס־נאַציאָנאַליזם צום לעבעדיגען שאַפענסדאָרשטיגען יודישען פאָלקס־אָרגאַניזם.

אַ ו י ל נ ע ר.

# „מיר“ און „זיי“.

מיר קלאָגען זיך אָפט אויף די אומות העולם, וואָס זיי קענען אונז ניט. מיר קענען זיי בעסער: „אוי קענען מיר זיי!“ זאָגט אַ יוד ביטער־איראָניש. און ער איז גערעכט, דער יוד. אין אַ סך פּרטים קענען „מיר“ „זיי“ טאַקע בעסער, איידער „זיי“ — „אונז“! אָבער אויך „אונזער“ קענען „זיי“ איז אַ האַלבער, אַן איינזייטיגער...

אינ׳ם בעוואוסטזיין פונ׳ם דורכשניטליכען יודען ווערען די גויים איינגעטיילט, אַזוי ווי די פאַרשוינען אין אַ מעלאָדראַמע, אין צוויי כּתּות: רשעים און צדיקים, שונאי ישראל און חסידי אומות העולם. מיר קוקען אויף די גויים נאָר פון איין שטאַנדפּונקט — .אַ יודישען — זעהען מיר זיי דערפאַר טאַקע נאָר פון איין זייט, פון דער זייט, וואו מיר קומען מיט זיי אין בעריהרונג, וואו מיר כאַפּען פון זיי קלעפּ אָדער... קאָמפּלימענטען. די אינעווייניגסטע זייטען פון זייער לעבען בלייבען פערהוילען פון אונז. דאָס, וואָס „זיי“ טוען און טוען אויף

# ליכט און שאָטען.

ביי זיך אין דערהיים — דאָס אינטערעסירט נאָר אונזער אינטעליגענץ, וואָס אין דעם פרט פון וויסען, וואָס ביי אַנדערע פעלקער אין טעפיל קאָכט זיך, האָט זי דערגרייכט געוויס די העכסטע מדרגה. אָבער אויך אונזער אינטעליגענץ קען נאָר דעם „טעפיל" פּנים הערשענדען פאָלק, — דעם טעפיל לינזען. וואָס געהען איהר אָן פעלקער, וואָס זייער קולטור־בעל־הבית'ישקייט איז ניט קיין איינגעפונדעוועטע, ניט קיין זיכערע? זי דאַרף דאָך האָבען אַ פאָלק, וואָס זי זאָל קאָנען מאַכען מיט איהם „שותפות": זיין געלד, איהר שכל — וועט זי, די קלוגע, ווערען אַ שותפ'טע פון אַן אביון? זי איז אַוועק פון דערהיים, מחמת איהר איז „ענג" געוועזען דאָרט אין דער „אָרימקייט" — וועט זי געהן צו אַ נייער „אָרימקייט"? ניין, זי וועט געהן בעסער צו די רייכע, צו די שטאַרקע. אַז טרפות עסען — זאָל רינען פון באָרד. אַז שוין קלייבען ברעקלעך פון פרעמדען טיש, זאָל דער טיש זיין כאָטש אַ רייכער, מען זאָל קענען אָבלעקען אַ ביינדיל. רייבען זיך אונזערע אַסימילירטע אינטעליגענטען טאַקע נאָר אַרום די פעטע קולטור־טעפ, און אַזוי ווי אַלע אונזערע ידיעות פון דער וועלט פלעגען מיר בעקומען ביז אַהער דערהויפּט פון זיי, פון אָט די וועלט־מענשען אונזערע, ווייסען מיר פונ'ם לעבען און שאַפען פון די „אָרימע", אונטערגעדריקטע פעלקער וועניג, כמעט גאָרניט. פאַר אונז עקסיסטירט אין רוסלאַנד, אַחוץ דער פוילישער קולטור, וואָס איז דאָך אויך אַ הערשענדע ביי זיך אין דערהיים, נאָר איין קולטור־די רוסישע, ד. ה. די גרויס־רוסישע. צו איהר טוליען מיר זיך, דורך איהר גלויבען מיר זיך איינצו־וואָרצלען, איינצובירגערן זיך אין לאַנד, זי שטעלט אונז צו „אַלגעמיינמענשליכע ווערטען". אין דער שענער אוקראַאינע זינגען אונזערע קינדער קליינרוסישע לידעלעך, מיר בעניצען זיך אפשר טיילווייז אויך מיט דער שפּראַך פון דער דאָרטיגער בעפעלקערונג, נעמען איבער פון דער לעצטער געוויסע מנהגים, און יחידים אַסימילירען זיך אפשר אינגאַנצען מיט איהר, — בכלל אָבער בעגעהען מיר זיך מיט די קליינרוסען, אַזוי ווי מיט אַלע אַנדערע ניט־הערשענדע פעלקער, לויט דעם בעקאַנטען נוסח פון שיילאָק: מיר זענען גרייט צו האַנדלען מיט זיי, צו פיהרען מיט זיי כלערליי וואָכעדיגע בעקענטשאַפטען, אָבער אינטערעסירען זיך מיט זייער אינעווייניגסטען געזעלשאַפטליכען לעבען, מיט דעם פּראָצעס פון זייער נאַציאָנאַלער און קולטורעלער אויפוואַכונג — דאָס ניט. מיר זענען אַפילו וועניג אינפאָרמירט וועגען דעם. וועגען פעלקער, וואָס לעבען ווייט פון אונז און וואָס קיין שום פּראַקטישע פערבינדונגען מיט זיי האָבען מיר ניט, ברענגען די צייטונגען אונזערע מעהר ידיעות, ווי וועגען די ליטווינער, די בעלאָרוסען, די לעטען און די איבעריגע „קליינע" אומות, וואָס מיר לעבען מיט זיי אין שכנות. פון אַלע שכנים אונזערע הערט מען ביי אונז רעדען נאָר וועגען די פּאָלאַקען: זיי לאָזען זיך הערען. די לעטען, די ליטווינער, די בעלאָרוסען „באָיקאָטירען" אונז ניט — האָבען מיר צו זיי קיין שייכות ניט.

אין דער אמת'ן אָבער האָבען מיר צו זיי ניט קיין קלענערע, אויב נישט נאָך אַ גרעסערע שייכות, ווי צו די „וועליקאָראָסען", וואָס מיר זענען זוכה זיי צו זעהן (אָהן אַ קאָקאַרדע) נאָר, ווען מיר כאַפּען זיך אַריבער דעם גרעניץ פון תחום. מיט די גרויסרוסען זענען מיר פערבונדען דורך דער מלוכה, מיט די „קליינע" פעלקער אָבער קומען מיר אין אוממיטעלבאַרע פערבינדונגען טאָג־טעגליך. דער קליינשטעדטילדיגער יוד רייבט זיך נאָך עד היום אָפט זעהר אַרום דעם „גוי", ד. ה. אַרום דעם בעלאָרוס, דעם מאַלאָרוס, דעם ליטווין, דעם לעט. פון אָט די לעצטע זענען מיר אין תחום פשוט אַרומגערינגעלט פון אַלע זייטען. אין די גרויסע שטעדט, וואָס זענען (ניט אָהן אונזער הילף, אַגב) רוסיפיצירט געוואָרען, פיהלט זיך זייער ווירקונג איצט ניט בעזונדער שטאַרק. אָבער אויך דאָרט בעגעגענען מיר זיך מיט זיי אויף טריט און שריט. און ווידער וועט דאָך דער פּראָצעס פון דער איבערגוואַלדיגער רוסיפיקאַציע פון די פעלקער, וואָס וואוינען אין צפון־מערב־און דרום־רוסלאַנד, ניט שטענדיג זיין אַזוי שטאַרק און אַזוי אומברחמנות'דיג, ווי איצט. וואָרום איצט שוין שטויסט זיך די רוסיפיקאַציע

# די יודישע וועלט.

צונויף מיט די קעגען־ווירקונגען פון דעם אויסוואָכענדיגען נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, פון די נאַציאָנאַלע בעוועגונגען, וואָס ווערען אַלץ טיפער און ברייטער צווישען די אונטערגעדריקטע נאַציעס. סוף כּל סוף וועלען אָט די אַלע פעלקער, אָרגאַניזירטע און פעראייניגטע, קומען צו זייער רעכט, און דאַן וועלען מיר דעם איצט פערשטיקטען אָטעם פון זייער מאַטעריעלער און גייסטיגער קולטור דערשפירען אויך אין די שטעדט; זייער סאָציאַל און גייסטיג לעבען וועט, ווערענדיג פרייער, אויך רייכער ווערען. אומעטום וועלען מיר בעגעגענען זייערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס, מיט זייערע פאַרטייען וועלען מיר זיך צוזאַמענטרעפען אין די אָרגאַנס פון דער אָרטיגער זעלבסט־פערוואַלטונג, ביי די וואַהלען צו דער דומע... דאַן ערשט וועלען מיר זעהן בחוש, אַז דער מרחק צווישען אונז און זיי איז ניט אין ערך קלענער, ווי דער מרחק צווישען אונז און דעם איצטיגען „ווירט־פאָלק". מיר וועלען פערשטעהן, אַז וויבאַלד מיר האָבען אַ שותּפ'ישען באָדען אונטער אונזערע פיס, מוזען מיר גוט קענען די אַלע, וואָס טרעטען און בעאַרבייטען אָט דעם היימישען באָדען, די אַלע, וואָס קוקען אויף איהם, ווי אויף זייער היסטאָרישער און קומענדיגער נחלה. דאַן וועלען צווישען „אונז" און „זיי" אפשר אויסברעכען פון צייט צו צייט קאָנפליקטען, עס איז אָבער קלאָר, אַז תּמיד וועלען מיר האָבען מעהר שותּפ'ישע, ווי אַנטאַגאָניסטישע אינטערעסען. וואָרום נאָר מיט פעראייניגטע כּחות וועלען מיר קאָנען אויסקעמפען און אָבהיטען די אָרטיגע זעלבסטפערוואַלטונג... יעדענפאַלס איצט מוזען געוויס אַלע אונטערגעדריקטע געהן האַנד אין האַנד, און ניט בלויז אין פוילין — אויך אין אַנדערע געגענדען פון תּחום מוז די יודישע דעמאָקראַטיע, די איינציגע שיצערין פון אונזערע בירגערליכע און נאַציאָנאַלע רעכט, זיך בעפריינדען אַלץ נעהנטער און נעהענטער מיט די דעמאָקראַטישע עלעמענטען פון די נאַציעס, צווישען וועלכע מיר לעבען. בעפריינדען זיך אָבער הייסט פריהער ווי אַלץ — זיך בעקענען. בעקענען זיך מיט דעם, וואָס זיי זענען און וואָס זיי ווילען זיין, צו וואָס זיי שטרעבען. דאָס לעצטע איז פאַר אונז בעזונדערס וויכטיג. די נאַציאָנאַלע שטרעבונגען און אויך די וועגען און מיטלען אונזערע זענען אין אַ סך פּרטים ענהליך צו זייערע. ווי מיר, אַזוי מיהען זיך אויך זיי און אָן מאַטערן זיך אומצוקעהרען צוריק צום פאָלק די אַסימילירטע אינטעליגענץ. אַזוי ווי ביי אונז, אַזוי קעמפט אויך ביי זיי אַ יונגע שפּראַך און נאָך נישט קיין איינגעפונדעוועטע ליטעראַטור פאַר איהר רעכט און מאַכט. אַזוי ווי מיר, אַזוי בעגעגענען אויך זיי אויפ'ן וועג פון זייער קולטורעלער אויפוואַכונג און נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, אַחוץ די אינעווייניגסטע שטערונגען, נאָך אַ סך דרויסענדיגע מניעות. אויך זיי מוזען שווער און ביטער קעמפען פאַר יעדער נייער פּאָזיציע און, אויסגעקעמפט, זי אָבהיטען מיט מסירת נפש פון די אינעווייניגסטע און אויסענווייניגסטע פיינד... איז דעריבער נוצליך פאַר אונז צוצוקוקען זיך מיט קאָפּ צו דעם, וואָס זיי טוען און טוען אויף אין דעם פּרט. געוויסע אינסטיטוציעס, וואָס זיי האָבען געשאַפען, וואָלטען אויך אונז געקאָנט טויגען; געוויסע אָרגאַניזאַציאָנס־אידעען, וואָס זענען אויסגעוואַקסען ביי זיי, וואָלטען אויך ביי אונז געקאָנט פרוכטבאַר זיין, ווען מען זאָל זיי, פערשטעהט זיך, ניט איבערנעמען מעכאַניש, ניט נאָכקרימען זיי גלאַט אין דער וועלט אַריין, נאָר טיף אינעווייניג אין אונזערע געדאַנקען אַריינגעמען, איבערקאָכען און צופּאַסען צו די בעזונדערע תּנאים פון אונזער לעבען.

וועגען דאָס אַלץ מוז ערנסט געטראַכט און גערעדט און — דער עיקר — געטאָן ווערען. דאָ אין דער נאָטיץ האָבען מיר געוואָלט נאָר שטעלען די דאָזיגע פראַגע אויפ'ן סדר היום און מיטטיילען, אַז „די יודישע וועלט" פּרובט מאַכען אַ התחלה אין דעם פּרט און הויבט אָן נאָר אינגיכען צו דרוקען אַ סעריע אַרטיקלען, וואָס זאָלען, ווענינגסטענס, אין אַלגעמיינע שטריכען, געבען אַ בילד דעם לעזער פון די אינעווייניגסטע און אויסענווייניגסטע לעבענס־תּנאים, וואָס אין זיי קומט אויס צו לעבען און קעמפען די אונטערגעדריקטע נאַציעס, וואָס רינגלען אונז אַרום.

א ווילנער.



אַ גרופּע יודישע דעלעגאַטען אויפ׳ן קיעווער צוזאַמענפאָהר פון די רוסלענדער קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען.

דר. ח. ד. הורוויץ.

# אין דער יודישער וועלט.

(איבערזיכט)

די געבורטס־טראַגעדיע פונ'ם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט. — דער טרויעריגער גורל פון אונזערע יודישע וועבער. — פאַר דעם משפּט פון דער היסטאָריע. — די געשיכטע פון אַ יודישען שטעדטיל. — די אומזיכערע לאַגע פון יודישער אַרבייט אין די וואַרשטאַטען. — די יודישע געזעלשאַפט און דער יודישער האַנדווערק. — דער שרעק פון אונזערע ביאַליסטאָקער פאַבריקאַנטען. — מעמענטאָ מאָרי! — דער פער'כשופ'טער קרייז. — צייט שוין. — נייע קלאַנגען וועגען גזירות און „ישועות“! — אַ ווייסער קראַנץ אויף אַ שוואַרצען אָרון. — דער אַלרוסלענדער קאָאָפּעראַטיווער צוזאַמענפאָהר.

אין אונזער יודישער וועלטיל געהט צו דער אויסבילדונגס־פּראָצעס פון יודישען פּראָלעטאַריאַט פיעל פערפלאָנטעטער און שמאַרצהאַפטער, איידער ביי אַלע אַנדערע אומות. און שולדיג איז דערין די יודישע בורזשואַזיע, דער יודישער קאַפּיטאַל. די יודישע בורזשואַזיע, וואָס האָט, ווי דער פּראָפעסאָר זאָמבאַרט האָט אָקאָרשט דערוויזען, געשפּיעלט אַזאַ געוואַלדיגע און פאָרטשריטליכע ראָלע אין דער אויפבויאונג פון דער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפטס־אָרדנונג, האָט אויף דער יודישער גאַס גאָרנישט בעשאַפען און נאָר צעשטערט. דער יודישער קאַפּיטאַל האָט אין אונזער אייגענער סביבה כסדר אָבגעשטויסען פון זיך די יודישע אַרבייט און קיינמאָל ניט געוואָלט מיט איהר זיך צו פערבינדען. אומעטום אין אַלע לענדער האָט דער קאַפּיטאַל מיט געוואַלד געצויגען די אַרבייטער־מאַסען פון פעלד און פון וואַרשטאַט אין די פאַבריקען, וואָס ער האָט אויסגעבויט. ביי אונז האָט אונזער קאַפּיטאַל בלויז הרוב געמאַכט די יודישע וואַרשטאַטען, איבערלאָזענדיג די אַרבייטער אָהן ברויט און אָהן פערדינסט אויף יענער זייט שוועל פון דער פאַבריק. אונזערע ברייטע פאָלקס־שיכטען זענען נישט אַמאָל זיכער מיט זייערע וואַרשטאַטען: זיי מוזען שטענדיג זיך היטען, דער יודישער קאַפּיטאַל זאָל זיך אַהין נישט אַריינקלייבען און פעריאָגען פון דאָרט די יודישע אַרבייט.

מיר האַלטען איצונד שוין ביים סוף פון דעם עקאָנאָמישען רעוואָלוציאָנס־פּראָצעס אין דער יודישער וועבעריי. דער דאָזיגער פיעל־פערשפּרייט געוועזענער יודישער אַרבייטס צווייג איז ביכלעכהייז איבערגעוואַנדערט פון דער וואַרשטאַט אין דער פאַבריק, און דער מעכאַנישער וועבשטול האָט שוין כמעט אינגאַנצען אַרויסגעשטויסען די האַנד־אַרבייט. די יודישע וועבעריי איז דורך דער דאָזיגער איבערקעהרעניש געוואַלדיג געוואַקסען, און מיט איהר — אויך דער יודישער קאַפּיטאַל אין וועבעריי־אינדוסטריע. וואו זשע אָבער איז געבליבען די יודישע אַרבייט? געהט אָקאָרשט פּרובט אויפזוכען די גרויסע מחנה יודישע וועבער, וואָס האָבען געצויגען זייער חיונה פון זייער עהרליכער און שווערער אַרבייט. פיעל פון זיי זענען פּשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער און קעלט מיט זייערע אומגליקליכע געזינדען. פיעל האָט די נויט צעזייהט און צעשפּרייט איבער'ן גאַנצען תחום, און פיעל וועבער האָבען געמוזט וואַנדערן איבער ימים און אָקעאַנען, אום ווייט פון זייער געבורטס־לאַנד צו זוכען זיך אַ נייע היים מיט נייע פערדינסטען. זייער אָרט אין דער וועבעריי האָבען פערנומען אַנדערע.

דער גרויסער דייטשער דראַמאַטורג, גערהאַרט הויפּטמאַן, האָט אין זיין גלענצענדסטער דראַמע „די וועבער“ אונז אויסגעמאָלט דאָס טרויעריגע בילד פון דער אָבשטאַרבענדיגער האַנדוועבעריי אין שלעזיע. די אומגליקליכע שלעזישע וועבער פּרובען אין זייער גרויסען יאוש דער־

# די יודישע וועלט.

קלערען אַ מלחמה דער מעכטיגער מאַשין, און זיי פאַלען אין שלאַכט־פעלד, בעצאָהלענדיג מיט זייער לעבען דערפאַר, וואָס זיי האָבען זיך דערוועגט מיט זייערע שוואַכע כחות אָבצושטעלען דאָס ראָד פון מענשליכען פאָרטשריט. אונזערע יודישע וועבער זענען קיינמאָל אַזוי בלינד נישט געווען. זיי האָבען נישט געפּרובט צו ראַנגלען זיך מיט דער מאַשין, און בלויז געוואָלט ביי דער מאַשין אַרבייטען. און דאָך איז עס זיי ניט געלונגען, און זייער מערכה איז אין קיין פּרט נישט בעסער געווען פאַר דעם גורל פון די שלעזישע וועבער...

די אייגענע, העכסט־טרויעריגע ערשיינונג הזר'ט זיך איבער אין אַלע אַנדערע יודישע פאַבריק־צווייגען.

„אויב די אייראָפּעאישע בורזשואַזיע — זאָגט דעריבער מיט רעכט אונזער בעגאַבטער פּובליציסט ה. ד. נאָמבערג — האָט צווישען לאַנגען צעטיל חטאים אויפצווייזען אויך נישט איין פערדינסט, שטעהט די יודישע בורזשואַזיע אָרים און נאַקעט. זי שטעהט פאַר דעם משפט פון דער היסטאָריע אָהן שום פערדינסטען פאַר איהר פאָלק. די ניט־יודישע בורזשואַזיע האָט רעגירט, אָבגעהיט די קולטור־אוצרות פון איהרע פעלקער. וואָס זשע אָבער האָט אונזער בורזשואַזיע געטהאָן פאַר איהר נאַציאָן? מיט וואָס האָט זי זיך צו בעווייזען? פון איין זייט קענען מיר זי נור: זי וואַרפט אַרויס יודישע אַרבייטער פון איהרע וואַרשטאַטען" („פריינד" — 1911. № 33).

כ'וואָלט, פערשטעהט זיך, אין מיין כראָניק נישט אָנגעריהרט די דאָזיגע אָנגעוועהטאָגטע פּראָבלעם פון אונזער עקאָנאָמישען לעבען, ווען עס וואָלט ניט זיין פערבונדען מיט אַן אַנדער ערשיינונג, וואָס הויבט אָן צו בעווייזען זיך אין אונזער יודישער וועלטיל און ברענגט אונז די לעצטע צייט אַ רייה זעהר טרויעריגע פאַקטען. כ'מיין דערמיט — דאָס פערהאַלטען זיך פון אונזער קליין־בורזשואַזיע, פון אונזערע האַנדווערקער — צו דער יודישער אַרבייט אין זייערע וואַרשטאַטען.

ערשט די טעג איז אין „פריינד" געווען בעשריבען אַ געשיכטע פון דער שטעדטיל יאַנאָוואַ (גראָדנער גובערניע). די דאָזיגע שטעדטיל ציהט אַ שטיק היונה פון סטאָלעריי. יאַנאָווער ביליג מעבעל האָט זיך קונה־שם געווען אויף די ווייטע מערק אין און אויסער'ן תחום. מען פערקויפט יעהרליך די דאָזיגע סחורה אויף אַ גרויסער סומע געלד, העכער, ווי אויף הונדערט טויזענד רובל. די אַרבייט פון דעם פאַך איז פופציג יאָהר געלעגען דורכאויס אין יודישע הענד. נאָר אָט קומט דאָס יאָהר 1905. די שטרייק־כוואַליע פון יענער שטורעמדיגער צייט דערגרייכט ביז צו יאַנאָוואַ. די יודישע פּועלים אין די מעבעל־וואַרשטאַטען שטרייקען און דערשלאָגען זיך צו אַ געוויסער אויסבעסערונג פון זייער קאַרגען לוין און פון די אופנים פון זייער אַרבייט. זענען זיך מישב די בעלי־הבתים פון די וואַרשטאַטען און הויבען אָן ביסלעכווייז אויסרוימען די יודישע אַרבייטער פון דעם יאַנאָווער סטאָלערשען פאַך. און זייער ציעל האָבען זיי גאַנץ גוט דערגרייכט. איצונד זענען אין דער סטאָלעריי פון יאַנאָוואַ פערנומען ביז 80 פּראָצענט ניט־יודען. קיין יודישע לערן־יונגלעך נעמט מען פאַר קיין געלד נישט אַריין.

אַן אַנדער פאַקט פון דער כראָניק פון פערגאַנגענעם חודש:

אין וואַרשעווער בוי־סטאָלערישע וואַרשטאַטען, וואָס גרייטען צו בוי־מאַטעריאַלען פאַר פערשיידענע בנינים, זענען שטאַרק בעטייליגט אי יודישע אונטערנעמער, אי יודישע אַרבייטער. ווערט אַ סכסוך צווישען די יודישע בעלי־בתים פון די וואַרשטאַטען מיט זייערע פּועלים. די פּועלים זענען יודען און פּאָלאַקען. די אונטערנעמער פּרובען זיך מאַכען אַ לאָקויט, אום צו ברעכען די עקשנות פון זייערע אַרבייטער. און אַז דאָס גיט זיך נישט איין, הויבען זיי אָן מבער צו זיין פון זייערע וואַרשטאַטען — די יודישע אַרבייטער. איצונד האָט מען אין אייניגע גרעסערע וואַרשטאַטען אָבגעזאָגט די לעצטע יודישע אַרבייטער („היינט" № 151). די אייגענע מעשה בעגעגענען מיר אין שניידערשען פאַך:

בים יודישען וואַרשעווער שניידער, ה' ל—אָ, הויבען אָן צו שטרייקען די יודישע

# ד"ר ח. ד. הורוויץ. — אין דער יודישער וועלט.

אַרבייטער. מאַכט ער קיין סך שהיות נישט און נעמט אויף זייער אָרט כשר'ע פּאָלאַקען. און אַז די יודישע אַרבייטער הויבען אָן טענ'ען מיט זייערע חברים, אַז דאָס איז קיין גאַנג נישט צו שעדיגען יודישע פּראָלעטאַריער, לערנט דער בעל-הבית אַליין מיט זיינע פּוילישע פּועלים אַ פּרק אַנטיסעמיטיזם און זוכט זיי צו דערווייזען, אַז יודישע פּועלים זענען גאָר קיין אַרבייטער נישט, און מיט זייערע טענות האָט מען זיך נישט וואָס צו רעכענען („פריינד" № 176).

אַזעלכע פאַקטען וואָלט איך געקאָנט ברענגען פיעל מעהר. זיי הויבען שוין אָן ביי אונז צו ווערען אַ כראָנישע קרענק און חזר'ן זיך איבער די לעצטע צייט פון מאָנאַט צו מאָנאַט.

קעגען אָט דעם אבשטוים פון יודישער אַרבייט אויפ'ן געביט פון דער יודישער מלאכה מוזען מיר שטרייטען מיט אַלע מעגליכע מיטלען. צום גליק האָט אונזער געזעלשאַפט באמת מיטלען, אום אָבצושטעלען דעם נייעם אָנשטורעם פון האַנדווערקשען קאַפּיטאַל אויף דער יודישער אַרבייט, און די דאָזיגע מיטלען מוזען איצונד אויסגענוצט ווערען, ווי חייט עס לאָזט זיך נאָר.

די יודישע האַנדווערקער לעבען איצונד איבער אַ שווערע איבערגאַנגס-צייט. זיי מוזען זיך צופּאַסען צו די נייערע, פולקומענערע אופנים פון אַרבייט און אָבזאַץ, וואָס הערשען אין היינטיגען האַנדווערק. זיי מוזען דעריבער האָבען אומעטום אַ גרעסערן קרעדיט, מוזען בענוצען זיך מיט אָבענד-קורסען אין האַנדווערקשולען, מוזען, וואו מעגליך, גרינדען אייגענע קאָאָפּעראַטיווען צום איינקויף פון מאַטעריאַלען און צום פערקויף פון די אויסגעאַרבייטע פּראָדוקטען. דאָס אַלץ איז זיי אוממעגליך צו דערגרייכען אָהן אַ ברייטער מיטהילף פון דער יודישער געזעלשאַפט.

און מען מוז זאָגען דעם אמת, די יודישע געזעלשאַפט האָט זיך די לעצטע צייט שטאַרק פעראינטערעסירט מיט דער לאַגע פון יודישען האַנדווערק. די יודישע פּרעסע פערנעמט זיך שטאַרק מיט דער פראַגע, ווי אַזוי צו בעפעסטיגען אונזער יודישע קליין-אינדוסטריע. („דער מאָמענט" האָט ספּעציעל געמאַכט אַ בעזונדער אַנקעטע וועגען דעם, וואָס בעלייכט די פראַגע פון פערשיידענע זייטען). דער פּעטערבורגער האַנדווערקער-פאָנד איז שוין צוגעטרעטען צו זיין אַרבייט און קלייבט אַ סטאַטיסטיק וועגען יודישער מלאכה. אין באָברויסק און אין מאָהילעוו איז שוין די האַנדווערק-סטאַטיסטיק געמאַכט געוואָרען מיט ערפאָלג („נאָווי וואָסכאָד", №№ 29—31). אין קיעוו זענען זיך איצונד צונויפגעפאָהרען דעלעגאַטען פון די יודישע קאָאָפּעראַטיווען, און עס ווערט דאָרט, צווישען אַנדערע פראַגען, בעהאַנדעלט אויך די פראַגע וועגען האַנדווערק-קאָאָפּעראַטיווען און וועגען אַ גרעסערער שטיצע פאַר די האַנדווערקער מצד אונזערע לייה-און שפּאָר-קאַסעס, און געוויס וועט אין דעם פּרט עפּיס אויפגעטאָן ווערען. נאָר די לעצטע צייט האָבען זיך געעפענט נייע האַנדווערקער-קאָאָפּעראַטיווען (פון סטאָלער אין בענדין, פון טאַפּעצירער אין וואַרשע א. אַז. וו.), און זיי וועלען זיכער ברויכען שטיצע און הילף.

עס איז קיין ספק נישט, אַז אונזער געזעלשאַפט וועט ווירקליך טון אַ וויכטיגע אַרבייט, ווען זי וועט קומען צו הילף אונזער יודישען האַנדווערק און פערהעלפען איהם, ווי ווייט מעגליך, צו בעפעסטיגען זיינע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. מיר טאָרען נישט פערגעסען, אַז די מלאכה איז דערווייל דער איינציגער כמעט אַ ר ב י י ט ס-י ס ו ד פון אונזער יודישען עקאָנאָמישען לעבען, און ווען מיר זאָלען דעם דאָזיגען פיעל פערצווייגטען אַרבייטס-געביט לאָזען פאַלען, אַזוי גראָבען מיר מיט אייגענע הענד אונטער דעם עקאָנאָמישען פונדאַמענט פון אונזער פאָלק און בלייבען הענגען אין דער לופטען.

די יודישע געזעלשאַפט מוז אָבער, שטיצענדיג און אַרבייטענדיג צוזאַמען אויף דער חייטערדיגער אויפבוי פון אונזער האַנדווערק, פאָדערן דורכאויס: אַז אין די וואַרשטאַטען זאָלען בלייבען די יודישע אַרבייטער אויך דאַן, ווען זיי וועלען פערגרעסערט און פערבעסערט ווערען און איבערגעהן צו העכערע טעכנישע

# די יודישע וועלט.

פאָרמען. דער אַרויסשטויס פון יודישען אַרבייטער טאָר פאַר קיין פאַל דערביי נישט דערלאָזט ווערען.

מיר פערשטעהען אַלע זעהר גוט, אַז די אויפלעבונג און בנייאונג פון יודישען האַנדווערקער מוז, קודם כל, געשעהן דורך די האַנדווערקער אַליין. אָהן זייער אייגענער אַרבייט קאָן די געזעלשאַפט גאָרנישט ממשות'דיגס בעשאַפען אין דעם קלענסטען צווייג פון דער יודישער מלאכה. און אויך אין דעם שטרייט קעגען דער שענדליכער און שעדליכער אַרויסשטויסונג פון יודישער אַרבייט מוזען די ערשטע זיין — אונזערע האַנדווערקער אַליין. די לעצטע צייט האָט געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף דער גאַנצער פסיכאָלאָגיע און געמיטס-שטימונג פון אונזערע האַנדווערקער. זיי זענען בעוואוסטזיניגער און מוטיגער געוואָרען. זייער בליק איז שאַרפער געוואָרען, און זיי אינטערעסירט שוין אויך דער מאָרגענדיגער, ניט נאָר דער היינטיגער טאָג. עס קאָן דעריבער נישט געמאָלט זיין, אונזערע האַנדווערקער אַליין זאָלען נישט איינזעהן, אַז, אַרויסשטויסענדיג די יודישע אַרבייט פון זייערע וואַרשטאַטען, זענען זיי דערמיט אונטער דעם מעכטיגען בוים פון דער יודישער מלאכה און גרייטען זיך אַליין צו זעהר אַ טרויעריגען סוף...

אָט נעמען מיר אַפילו אונזער גרויס-בורזשואַזיע, די שטאָלצע און תקיפ'ע יודישע פאַבריקאַנטען. זיי זענען ביי זיך גאָר ברייט אין דער דעה, אינטערעסירען זיך נישט מיט דער יודישער געזעלשאַפטליכער מיינונג, לייענען נישט די יודישע פרעסע און זענען איבערגעצייגט, אַז זיי זענען קליגער פון אַלעמען, און וואָס זיי טוען איז גוט און רעכט. פונדעסטוועגען הויבען אויך זיי אָן די לעצטע צייט צו פיהלען זיך אַ ביסעל ניט זיכער. אין אַלע אונזערע צייטונגען איז געווען צו לייענען, אַז די לעצטע גרויסע שטרייקען אין דער וועבעריי-אינדוסטריע האָבען נישט אויף קיין קאַטאָוועס איבערגעשראָקען אונזערע „פאַבריק-מאַגנאַטען". בעזונדערס אין ביאַליסטאָק, וואו דער וועבער-שטרייק האָט ווי מיט אַ פלאַם-פייער אַרומגענומען בלויז די יודישע פאַבריקען און וואו אין די גרעסערע וועבער-פאַבריקען איז שוין לאַנג קיין איינציגער יודישער אַרבייטער נישטאָ. האָבען די קאַפּיטאַליסטען נישט אויפגעהערט צו קלאָגען זיך, אַז דער שטרייק טראָגט אַן אַנטיסעמיטישען שטעמפעל, און זיי האָבען כלומר'שט אָדער ערנסט גענומען רעדען וועגען דער נויטיגקייט צוצוציהען אין זייערע פאַבריקען יודישע הענד. און אַפילו אין לאָדז, וואו דער שטרייק האָט אַרומגענומען גלייך אַלע פאַבריקען, יודישע, ווי ניט-יודישע, האָבען זיך די לעצטע צייט געהערט אַנדערע דבורים פון די דאָרטיגע יודישע פאַבריקאַנטען בנוגע צו יודישע אַרבייטער, און אין אַ לאָדזער יודישער צייטונג איז געווען געדרוקט אַן אויפרוף, אונטערגעשריבען פון עטליכע פאַבריקען-פערוואַלטערס (מסתמא נישט אָהן דעם הסכם פון זייערע האַרען, די בעלי-הבתים פון די פאַבריקען), אַז עס איז נויטיג וואָס גיכער צו גרינדען מעכאַנישע אָבענד-קורסען פאַר יודישע דערוואַקסענע וועבער, בכדי צו פערגרינגערן די יודישע אַרבייטער דעם צוטריט צו דער פאַבריק. אייניגע פון אונזערע פובליציסטען האָבען דערין אַפילו געזעהן אַ שפּיצעל פון די יודישע פאַבריקאַנטען, וואָס האָבען כלומר'שט בדעה אויף אַזאַ גאַנג צו בעשאַפען פאַר זיך אַ קאַדר פון שטרייק-ברעכער. כ'גלויב אָבער נישט אין אַזעלכע פערשפּיצטע השדים, נישט דערפאַר, ווייל איך האַלט, אַז אונזערע גרויס-קאַפּיטאַליסטען זענען אויף אַזאַ זאַך נישט פעהיג, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל כ'פערשטעה, אַז אונזערע פאַבריקאַנטען קענען זעהר גוט די יודישע גרויסע פאָלקס-מאַסע, און זיי ווייסען, אַז זי וועט זיך קיינמאָל נישט ערלויבען אָנצופאַלען אויף אַרבייטער פון הינטערן רוקען אין דער צייט פון אַ מלחמה און אויסנוצען אַ פרעמד אומגליק, אום דורכדעם צו קריגען פאַר זיך דאָס רעכט אויף דער פאַבריק און דער מאַשין. דערצו זענען די אַרבייטער-שיכטען פון אונזער פאָלק צו בעוואוסטזיניג, זיי זאָלען נישט פערשטעהן, אַז דורך אַזעלכע מיני שטרייק-ברעכערישע גענג וועלען זיי נאָר שאָדען דעם פּראָלעטאַריאַט בכלל און קיינמאָל נישט בעקומען קיין פעסטע שטעלונג אין דער פאַבריק-

# ד״ר ח. ד. הורוויץ. — אין דער יודישער וועלט.

אינדוסטריע. כ'בין דעריבער נוטה אָנצונעמען, אַז די פאַבריקאַנטען אונזערע הויבען אָן צו פיהלען, אַז ווען די עקאָנאָמישע דיפערענצירונג זאָל ווייטער געהן, ווי איצטער, און זאָל פיהרען דערצו, אַז שטענדיג אין די מאָמענטען פון שאַרפערע צוזאַמענשטויסען צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, זאָל אויף איין זייט שטעהן די יודישע בורזשואַזיע און אויף דער אַנדער זייט בלויז דער ניט-יודישער פּראָלעטאַריאַט, אַזוי קאָנען דורך דעם זעהר גרינג, בעזונדערס ביי אַ געהעריגער אַגיטאַציע פון באָיקאָטיסטען און אַלערהאַנד יודען-פרעסער, פערפלאַנצט ווערען אין די אַרבייטער-קרייזען אַנטיסעמיטישע טענדענצען, און די דאָזיגע שנאה צו יודען, ווען זי וועט ציהען איהר יניקה פון דעם מעכטיגען און לעבעדיגען עקאָנאָמישען קאַמף צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט, קאָן ווערען אַ געפאַהר אויך פאַר'ן יודישען קאַפּיטאַל. ביאַליסטאָק ליגט צו נאָהענט צו פוילין, ס'קאָן דעריבער זעהר מעגליך זיין, אַז אין לעצטען שטרייק האָט זיך טאַקע געלאָזט מערקען אַן אַנטיסעמיטישער שטריך, און ווען די יודישע פאַבריקאַנטען האָבען דערין געזעהן אַ מין מעמענטאָ מאָרי, זענען זיי זיך נישט אינגאַנצען טועה: עס איז ריכטיג, אַז נאָר דאַן, ווען יודישע אַרבייטער וועלען שטענדיג שטעהן, אין אַ קענטיגער צאָהל, פעראייניגט אין אַרבייט מיט זייערע ניט-יודישע ברידער, וועט דער שטענדיגער און נאַטירליכער ווידעראַנאַנד צווישען קאַפּיטאַל און אַרבייט טראָגען אַ ריינעם קלאַסען-כאַראַקטער, און דאָס וועט זיין נישט נאָר אַ גרויסער געווינס פאַר יודישע אַרבייטער, אָבער אויך אַ זיכערער שוץ, אַז דער בעוואוסטזיין פון ניט-יודישען פּראָלעטאַריאַט זאָל נישט פערטונקעלט ווערען דורך שאָוויניסטיש-נאַציאָנאַליסטישע און אַנטיסעמיטישע געפיהלען, וואָס קאָנען נישט ווייניג שאָדען דער גערעכטער זאַך פון די אַרבייטער בכלל.

עס קאָן דעריבער זיין, אַז דער שרעק פון אונזערע פאַבריקאַנטען פאַר דעם אמת'ן אָדער דאָסמאָל כלומרשט'ן, אַרבייטער-אַנטיסעמיטיזם זאָל דאָך אַרויסרופען אַ געוויסע ענדערונג אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אונזער גרויס-בורזשואַזיע און פיעל ניט איז האָבען אַ ווירקונג אויף איהר ווייטערדיגען פערהאַלטען זיך בנוגע צו דער יודישער אַרבייט.

אפשר וועט דורכדעם, סוף כל סוף, צעריסען ווערען דער פער'כשופ'טער קרייז, וואָס שטויסט אָב אונזערע יודישע אַרבייטער פון דער פאַבריק, און די יודישע עקאָנאָמישע עוואָלוציע וואָלט אויך ביי אונז אַוועקגעהן מיט איהר נאַטירליכען גאַנג...

צייט איז עס שוין געווים!

* *

*

דער פּרק גירושים און רדיפות אויף יודען איז זיך אין פערגאַנגענעם חודש געגאַנגען מיט זיין געוועהנליכען טעמפּ. קיינע איבעראַשונגען. דער סענאַט האָט ווידער אַרויסגעגעבען אַ נייע ערקלערונג, וואָס בעגרעניצט דאָס וואוינרעכט פון פרויען, ווען זיי האָבען החתונה מיט מענער, וועלכע האָבען ניט אַזעלכע רעכט, און זיי בלייבען אלמנות אָדער גט'ן זיך מיט זיי. דער בעסאַראַבער גובערנאַטאָר פערווערט דער קישינעווער האַנדווערקער-אופּראַווע אַרויסצוגעבען דיפּלאָמען יודישע בעלי-מלאכות. נישטאָ קיין סמך אין געזעץ — אויך קיין נייעס נישט. מען טרייבט אַרויס אַ יודען שאַפּירא פון אַ דאָרף, ווייל זיין שוויגער פערנעמט זיך מיט האַנדעל, און די שוויגער לאָזט מען וואוינען אויף ווייטער, ווייל זי האָט כשר'ע רעכט — אויך צו אַזעלכע קוריאָזען זענען מיר געוועהנט. געוויסע זאָרגען רופט אַרויס די מעלדונג, אַז פון אינערן-מיניסטעריום איז צעשיקט אַ צירקולאַר, מען זאָל צושטעלען גענויע ידיעות וועגען יודישע האַנדעלס-אונטערנעמונגען, ווייל מען איז משער, אַז דאָס האָט עפּיס אַ שייכות צום פּראָיעקט וועגען נאַציאָנאַליזירען דעם האַנדעל, וואָס איז איבערגעבליבען בירושה פון סטאָליפּינ'ען. דערפאַר אָבער האָבען מיר זוכה געווען צו אַ מעלדונג וועגען „ישועות“. ס'זאָל, הייסט עס, אויסגעאַרבייט ווערען אַ נייע רשימה פון דערפער, וואָס זאָלען איבערגעמאַכט ווערען אין שטעדטלעך. אין פּלעווע'ס צייטען האָבען די „נייע שטעדטלעך“ געוועקט האָפענונגען אויף אַ נייעם פּאָליטישען קורס. איצונד אין

# די יודישע וועלט.

„קאָנסטיטוציאָנעלן" רוסלאַנד ווייס מען גאַנץ גוט, אַז עטליכע נייע שטעדטלעך וועלען דעם פּאָליטישען קורס, ווענ׳גסטענס, אין דער נאָהענטער צוקונפט נישט בייטען.

מיט ביילים׳עס פּראָצעס האַלטען מיר שוין, משמעות, ביי דער נעילה. לויט ווי עס שרייבען די צייטונגען, זאָל דער דאָזיגער משפט פאָרקומען דעם 25־טען סעפּטעמבער. די שוואַרצע מאות און די בעשיצער ביילים׳עס גרייטען זיך צום לעצטען אַקט. אין דעם דאָזיגען וויכטיגען מאָמענט שטאַרבט איינער פון די העכסט־איינגעאַרטיגע בעשיצער פון ביילים׳ן — דער פּראָפעסאָר און מיטגליד פון גאָסוד. סאָוועט פּיכנא. עס געהערט באמת צו די רעטענישען פון רוסלענדישען לעבען דער פערהאַלטען זיך פּיכנא׳ס צום קיעווער בלוט־בלבול. פּיכנא — דער טאַטע פון די קיעווער שוואַרצע מאות, וואָס האָבען אַזאַ גרויסען חלק אין ביילים׳עס פּראָצעס, דער רעדאַקטאָר פון „קיעווליאַנין" (קיעווער „נאָוואָיע ווערעמיאַ"), וואָס האָט שטענדיג אויפגעהעצט די בעפעלקערונג קעגען יודען, נישט ווייניג מיטגעהאָלפען צו בעפעסטיגען די רעאַקציע, וואָס פון איהר ליידען מעהר ווי אַנדערע גראָד די יודען, שטעלט זיך פּלוצלונג אָב פאַר ז י י ן לעצטען קרבן און וויל איהם ראַטעווען. און אַליין דער קרבן פערגעסט, אַז פּיכנא איז דער גרויסער שונא־ישראל, ער זעהט נאָר זיין לעצטע גוטע און גערעכטע טאַט און דריקט איהם אויס זיין דאַנק, אַרויפלעגענדיג אַ קראַנץ פון ווייסע רויזען אויף זיין שוואַרצען ארון...

———

דער אַלרוסלענדער קאָאָפּעראַטיווער צוזאַמענפאָהר אין קיעוו, וואָס איז פאָרגעקומען פון 1־טען ביז׳ן 7־טען אַווגוסט, וועט בלי ספק האָבען זעהר אַ גרויסע בעדייטונג פאַר דער ווייטערדיגער ענטוויקלונג פון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג אין לאַנד בכלל, און פאַר דער יודישער קאָאָפּעראַציע בפרט. די לעצטע איז אויפ׳ן איצטיגען צוזאַמענפאָהר דעם ערשטען מאָל געווען שטאַרק פערטרעטען אין כמות (איבער 200 יודישע דעלעגאַטען צווישען דער אַלגעמיינער צאָהל דעלעגאַטען פון 1300). זי איז אָבער אויך צום ערשטען מאָל אַרויסגעטרעטען אויף דער אַלגעמיין־קאָאָפּעראַטיווער אַרענע, ווי אַ זעלבשטענדיגער און בעדייטענדער פאַקטאָר. ניט אַלעמאָל האָט זיך דער יודישער דעלעגאַציע, מחמת אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע סבות, איינגעגעבען קלאָר צו בעגרעניצען איהר פּאָזיציע. אָבער יעדער האָט געקאָנט איינזעהן, אַז אַזאַ פּאָזיציע איז ביי איהר פאַראַן, און אין אַ גאַנצער רייה פון פראַגען איז דער שטאַנדפּונקט פון דער יודישער קאָאָפּעראַציע דורכגעפיהרט געוואָרען אויפ׳ן צוזאַמענפאָהר.

אַ בעזונדערס וויכטיגע בעדייטונג ספּעציעל פאַר דער יודישער קאָאָפּעראַציע האָט געהאַט די בעראַטונג פון די יודישע דעלעגאַטען, וואָס איז פאָרגעקומען גלייכצייטיג מיט׳ן צוזאַמענפאָהר. דאָס איז די ערשטע יודישע קאָאָפּעראַטיווע בעראַטונג, וואָס האָט בעהאַנדעלט די וויכטיגע פראַגע וועגען דער פעראייניגונג פון די יודישע קאָאָפּעראַטיווען אויפ׳ן יסוד פון זעלבסט־טעטיגקייט און געפונען די פּאַסיגע פאָרמען פאַר אַזאַ פעראייניגונג.

הן דער אַלגעמיינער צוזאַמענפאָהר און הן די יודישע בעראַטונג האָבען, חוץ זייערע בעשלוסען וועגען פיעל פּראַקטישע פראַגען, פערדינט אונזער אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט אויך מחמת די בעדייטענדע פּראָבלעמען, וואָס זיי האָבען אין דער צייט פון זייער אַרבייט אָנגעמערקט, כאָטש קיין ענטפער אויף זיי איז נאָך דערווייל ניט געגעבען געוואָרען.

די בעשלוסען פון צוזאַמענפאָהר און פון דער בעראַטונג און די נישט פערענטפערטע שאַלות און ספקות, וואָס זענען דאָרט אויפגעוועקט געוואָרען, פערדינען בלי ספק, מען זאָל זיי בעזונדער און בפרוטרוט בעטראַכטען. דאָס וועט געטאָן ווערען אין אַ ספּעציעלן אַרטיקעל אין נאָהענטען בוך פון אונזער זשורנאַל. דערווייל וועלען מיר זיך בעגנוגען דערמיט, וואָס מיר וועלען פּשוט געבען אַ רשימה פון די וויכטיגסטע בעשלוסען.

דער צוזאַמענפאָהר האָט אָנגענומען אַ געזעץ־פּראָיעקט, וואָס דאַרף רעגולירען די גרינדונג און דעם אינעווייניגסטען לעבען פון די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס. ביז היינטיגען טאָג

## ד״ר ה. ד. הורוויץ. — אין דער יודישער וועלט.

פעהלט נאָך אין רוסלאַנד אַן אַלגעמיין קאָאָפּעראַטיווער געזעץ, הגם די קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג איז בעדייטענד אויסגעוואַקסען. ווי אויף אַלע געביטען פון רוסישען געזעלשאַפטליכען לעבען, טוען די אַדמיניסטראַטיווע אָרגאַנען, וועמען ס'איז איבערגעגעבען געוואָרען די השגחה איבער די קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציעס, לויט זייער הארץ געלוסט. אויפ'ן צוזאַמענפאָהר איז אויך געלעגט געוואָרען דער יסוד פאַר אַ פערטרעטונגס־אָרגאַן פון דער רוסלענדער קאָאָפּעראַציע אין דער געשטאַלט פון דעם „ראַט פון די קאָאָפּעראַטיווע צוזאַמענפאָהרען". דאָס איז דער גרעסטער פערדינסט פון צוזאַמענפאָהר אויפ'ן געביט פון זעלבסט־אָרגאַניזאַציע. אין דעם קאַמף צווישען די צענטראַליסטישע און אַווטאָנאָמיסטישע שטרעבונגען אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג האָבען אויפ'ן צוזאַמענפאָהר געזיגט די לעצטע, און דאָס האָבען מיר דער עיקר צו פערדאַנקען דער יודישער דעלעגאַציע, וועלכע האָט דעם אַווטאָנאָמיסטישען פרינציפּ פערשאַפט אַ נצחון ניט בלויז מיט איהרע שטימען, נאָר אויך מיט איהרע אינטעלעקטועלע כחות, וואָס זי האָט אַרויסגעשיקט אין קאַמף. די יודישע דעלעגאַציע איז אָבער ניט נאָכגעגאַנגען בלינד נאָך דער אַווטאָנאָמיסטישער גרופּע, וואָס האָט זיך אויפ'ן צוזאַמענפאָהר געבילדעט דער עיקר צווישען די אוקראַאינער. אין דער פראַגע וועגען דער גרינדונג פון קאָאָפּעראַטיווע פערבאַנדען און בענק, וואו ס'האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט די גענעראַלשלאַכט צווישען ביידע שטרעמונגען, האָט די יודישע דעלעגאַציע דורכגעפיהרט איהר שטאַנדפונקט, וועלכער שליסט אויס ניט בלויז דעם צענטראַליזם אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג, נאָר אויך דעם אַווטאָנאָמיזם נאָר פאַר בעשטימטע טעריטאָריאַלע איינהייטען (ראַיאָנען, געגענדען א. אז. וו.), ווי עס האָבען געטייטשט דעם דאָזיגען פרינציפּ די אוקראַאינער. דער גרופּען־אַווטאָנאָמיזם — דאָס איז געווען די נייע אידעע, וואָס די יודישע דעלעגאַציע האָט אַריינגעבראַכט אין דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג און וואָס האָט אויפ'ן היינטיגען צוזאַמענפאָהר געזיגט.

די יודישע בעראַטונג האָט אַוועקגעלעגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ פעראייניגונג פון די יודישע קאָאָפּעראַטיווען דורך איהר בעשלוס צו גרינדען אַ דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט אויף צו צו העלפען מאָראַליש די יודישע קאָאָפּעראַטיווען אין זייער אַרבייט דורך ליטעראַטור, אינסטרוקטאָרים וכדומה, און דורכדעם וואָס זי האָט בעשלאָסען דורכצופיהרען אין לעבען דעם פּראָיעקט פון אַ צענטראַלען פינאַנציעלען אינסטיטוט פאַר דער יודישער קאָאָפּעראַציע. וויכטיג איז אויך דער בעשלוס פון דער בעראַטונג צוצוטרעטען צו דער אַרויסגאַבע פון אַ פּעריאָדישען קאָאָפּעראַטיווען אָרגאַן אויף יודיש.

אַלץ צוזאַמען גענומען מאַכט דעם קיעווער צוזאַמענפאָהר און די בעראַטונג פאַר אַ וויכטיגען עטאַפּ־פונקט אין דער ענטוויקלונג פון דער אַלגעמיינער און פון דער יודישער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג, און ס'לוינט זיך נאָך אומצוקעהרען צו זייער אָפּשאַצונג אַ צווייטען מאָל.

רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ב. א. קלעצקין.

## צו די לעזער.

— מחמת דוחק אין פּלאַץ, איז אין דעם דאָזיגען נומער ניט אַריין די כראָניק, און אַ גרויסען טייל פון טעקסט האָט מען געמוזט לייִדער דרוקען מיט קליינע אותיות.

— אין קומענדיגען נומער פון „דער יוד. וועלט" וועט זיך דרוקען אַ ניי ווערק פון ר' מענדעלי מוכר ספרים.

— די, וואָס האָבען נאָך נישט געענטפערט אויף די אַנקעטע־בויגענס פון זשורנאַל, בעטען מיר אַריינשיקען זייערע ענטפערים (מיט אַ 7 קאָפּיקענע מאַרקע) ניט שפּעטער ווי דעם 20־סטען סעפּטעמבער.

# אינהאלט:


אברהם רייזען. — ליעדער און פאַנטאַזיעס. 3

א. מ. ווייסענבערג. — דאָס רעטעניש. 6

י. ל. פרץ. — מיינע זכרונות. 37

ב. אייזין. — עלעגיעס. 52

ש. ל. ציטראָן. — איינינע בעמערקונגען צום אַרטיקעל „דער קול מבשר און זיין צייט". 54

י. צינבערג — מיין ענטפער. 62

ד"ר נ. בירנבוים. — פון מערב. 67

ד"ר ר. זעליגמאַן. — ריכאַרד וואַגנער און זיין בעציהונג צו יודען 76

ש. רודניאַנסקי. — אַנרי בערגסאָן וועגען עסטעטיק. 82

ק. זשיטאָמירסקי. — וועגען אַמעטאָדע צו לערנען יודיש. 89

י. לעשצינסקי — פראַגען פון יודישען עקאָנאָמישען לעבען. 103

ב. באָראָכאָוו. — אווגוסט בעבעל. 114

ב. רובשטיין. — די וואַהלען אין גאַליצישען סיים (א בריעף פון גאַליציען) 130

נייע ביכער: פון דער העברעאישער ליטעראַטור — ש. נ.
פון דער יודישער לטעראַטור — ק—ן. 134

ליכט און שאָטען — דער נייער „פלגש בגבעה" אין רחובות פון שלום אַש.

פון ציוניזם צו נאַציאָנאַליזם. „מיר" און „זיי". — פון אַ ווילנער. 143

ח. ד. הורוויץ. — אין דער יודישער וועלט (איבערזיכט). 149

אילוסטראַציעס; אַווגוסט בעבעל (פאָרטרעט), די יודישע גרופּע אויף דעם קיעווער צוזאַמענפאָהר פון די קאָאָפּעראַטיווע געזעלשאַפטען.

# ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

## סעריע-ווינטער 1913.

ש. אַש.—מעשה'לעך פון חומש באַנד I
בר. 75 ק. געב. 1 ר.

ש. אַש.—מערי
בר. 1,25 ר. געב. 1,55 ר.

ש. אַש.—ארץ ישראל
בר. 60 ק. געב. 85 ק.

מ. ריבקין.—דער וועליזשער בלוט-בלבול
בר. 1,25 ר. געב. 1,55 ר.

אַ. ווייטער.—דער שטומער
בר. 40 ק.

ע. פירער.—געשיכטע פון יודישען פאָלק אין צייט פון בית שני (2 בענדער)
בר. 2,50 ר. געב. 3 ר.

ד. בערגעלסאָן.—נאָך אַלעמען
בר. 1,50 ר. געב. 1,80 ר.

ד. בערגעלסאָן.—אַרום וואָקזאַל, 3-טע אויפלאַגע
בר. 50 ק. געב. 75 ק.

ד. איינהאָרן.—מיינע לידער
בר. 50 ק. געב. 75 ק.

ש. גאָרעליק.—די ליעבע פּראָווינץ
בר. 60 ק. געב. 85 ק.

ר. קיפּלינג.—דאָס בוך פון דזשאָנגל
געב. 2 ר. אין 8 איינצעלנע העפטען צו 20—30 ק.

בעל-מחשבות.—שריפטען באַנד III
בר. 1 ר. געב. 1,30 ר.

די גאַנצע סעריע: בר. 10 ר., געב. 13 ר. (אויסער פּאָרטאָ).
פאַר אַבאָנענט. פון „די יודישע וועלט"
בר. 9 ר., געב. 12 ר.)

# פערלאג „אמעריקא"

## שריפטען — זאמעלבוך — ב. I.

### אינהאלט:

דוד אינגאַטאָװ — דער גבור; װאלט װהיטמאַן — Salut au Monde (אידיש פון י. שװארץ); ר. אײזלאַנד — די יונגע; זישא לאַנדױ — רערנער, מײדעלשע געזאַנגען; מאַני לײב — פון די ליעדער „אָבענד און נאַכט"; י. אָפּאַטאָשו — אַ ראָמאַן פון אַ פערד גנב! נאָטיצען — „אונזער קריטיק", די „אַלטע" און די „יונגע", ד"ר חיים זשיטלאָװסקי צװישען אײגענע, ערקלעהרונג.

פרײז 1,20 ר.

## שריפטען — זאמעלבוך — ב. II

### אינהאלט:

מ. ל. האַלפּערן — אין דער פרעמד; א. ראַבאָי — דער לײבטורעם ל. מילער. — ליעדער; מ. באסין — פערלאָרענע טרוימען; י. אָפּאַטאָשו — מאָרים און זײן זוהן פיליפּ; פרץ הירשבײן — ראָם ליע, פון דעם נאַר; י. י. שװאַרץ — פון דער טיפעניש; ב. ריבקין — צום נײען ראָמאַנטיזם; זישא לאַנדױ — גאַמען; מאַני לײב — מעשה-ליעדער; ד"ר אינגאַטאָװ — אין קעסעלגרוב; אבא אסטראָװסקי — 1) אַ בריעף פון דער הײם, 2) פון יענע טעג; װאלט װהיטמאַן — (בילד), ערקלעהרונגען, פאָדער-בלעטער און צײכנונגען פון ז. מאוד.

פרײז — 2 ר.

**הױפּט-פערקױף: װילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.**

# די יודישע וועלט.

איך האָב איבערגעפירהרט אַ פולען טאָפּ מיט אייער, און די צוויי לאַנגע, שוואַרצע שטאַנגען, מיט די מעשענע גאלקים צו פאָר־האַנגען, וואָס די מאַמע לאָזט נישט קיפען („משוגע מיינע שונאים!") און וואַלגערן זיך דעריבער אַרום אויפ'ן בוידעם, — די אַלע דריי מציאות (די ליעבשאַפט צו מציאות, וואָס איך האָב געירשנט!) האָט דער טאַטע אויף דער ליציטאַציע ביי דעם יוסל אין דאָרף געקויפט.

— „רע־פוילין"... איינציגווייז אין שטאָט אַריין געטריבען.

— ווער איז געבליבען? איין י. מ....

— איז ער דאָך י. מ.!

אָבער די פּאָטעסאָרען זענען געווען „אויסגעמישט" מיט פריצים, געפירהרט זיך פריציש, געקומען און געברענגט אין שטאָט אַריין פריצישע מנהגים, ווי די „לייפסקער סוחרים" פון לייפציג — אַ ביסעלע דייטש! — (די דייטשקע, וואָס איז אַ גלגול געוואָרען!)

— אַ מהלך קיין לייפסק!

— גזלנים אויפ'ן וועג!

— מען פלעגט דאָך פאַר'ן פאָהרען שרייבען צוואות, אי־בערגעלאָזען גיטן על תנאי...

— נישט אונזערע צייטען!

— — — — — — —

— אָבער געהערט האָט מען, פערצייהלט האָט מען!

און „אונזערע צייטען" זענען אויך נישט אַזוי שלעכט. ערשט נאָך אייזענבוים, צעדערבוים און אַנדערע. עס קומט קיין זאַמושץ צו י. מ. אין הויז אַריין — יעקב רייפמאַן, דער גרויסער אפּיקורס" און „חוקר קדמוניות".. מיין פעטער, וואָס וועט זאַמ־לען מיינע כתבים — מיינע חטאת נעורים, טראָגט זיך דייטש־מעריש, נישט גאָר קורץ, אָבער נישט איבער די קניען. (צוויי מאָסען געווען: ביז צו קניען — דייטשמעריש. גאָר קורץ, אַ מען זעצט זיך און די מאַרינקע ריהרט קוים אָן מיט די זוימען דאָס געזעס — עכט דייטש). פאָהרען דורך בראָדער זינגער, קומען זיי צו איהם, זינגען... ביי איהם איז דאָ אַ סך קליינע ספרימלעך אין אַ „גלעזערנער" שאַנק. צווישען אַנדערע: ד"ר עטינגערס „סער־קעלע", זיין „קוגעל", וואָס ער האָט איבערגעמאַכט פון שילערס „גלאָקע", און די משלים... און דעם אַלטען ר' זלמנ'ס הויז? ער אַליין — אַ פערצייטישער פליישיגער יוד. אין אַ בריטען טוזליק אין

דער האַנד — אַ שטאָק מיט אַ זילבערנע גאַלקע, געהט (צוזאַמענ=
מאַכענדיג נדבות) מיט'ן שטאָק פאָראויס, דער שמש טראָגט נאָך
די זילבערנע פושקע... זיין ווייב (איהר נאָמען האָב איך פער=
געסען), אַ יודענע מיט „אַ דריי=גאָרענדיגען=גוידער", נישט קיין גע=
ליעבערטע אויערען; די „געהענגען" — לאַנגע ברילאַנטענע אוי=
ערינג — באָמבלען זיך אויף זיידענע פעדעם פון שטערענטיכעל
אַראָב, און אין זייער הויז: אַ גערטיל אין מיט'ן הויף, אַ היל=
צערנער גאַניק, וואָס לויפט אַרום שטאָק, פאָרהאַנגען אין די
פענסטער. און אונטער די פאָרהאַנגען (איז לינדער דאָס וועטער —
אויפ'ן גאַניק, זומער=צייט — איז אין גערטיל, אויף אַ באַנק אַרום דעם
איינציגען בוים אין דער מיט, אין מיט'ן קראַנץ פון אַלערליי
בלומען אַרום), זיצט אַ טאָכטער איין אלמנה, צוויי מיידליך (אַ העלס
און אַ שוואַרצ'ס) און לערנען פראַנצויזיש פון אָלענדאָרף און
לעזען דייטש „ווי אַ וואַסער", עפּיס אַ גרויסע ביבליאָטעק דאָרט
פאַרהאַן, שפּעטער האָב איך פון איהר אַרויסבעקומען אַ פיזיק.

און א.... ל... טראָגט זיך שוין אַליין דייטש, עלט דייטש,
וואוינט אין עק שטאָט, רעכטס (פון מאַרק גערעכענט) צום אָפּי=
ציערען=קלוב, אין אַ בעזונדער הייזעל, שוין מיט אַ גרויסען
גאָרטען, הויך מיט ברעטער אַרומגעצוימט, איז דורך די שפּאַל=
טען פון צווישען די ברעטער, אַז מען געהט זיך באָדען, — עס איז
ביים שמאָלען וועגעל, — זעהט מען, ווי אין גאָרטען דרעהט זיך אַרום
זיין איינציגע טאָכטער, אַ הויקעריל, וואָס שעמט זיך אַרויסצווייזען
אין גאַס אַריין, און רייסט בלומען אָדער קוקט אַריין אין אַ ביכעל.

פערהאַן אין גערטיל עפּיל=און באַרען=ביימליך. — מיר קרי=
כען נישט איבערן פּלויט. דרך=ארץ און אָבשיי פאַר'ן קליינעם געביל=
דעטען הויקער און — פאַרן כמאָטריטעלס הינטעל....

און ק... דער וואָס האַלט דעם ווייןהאַנדעל, וואו די אָפּיצירען
טרינקען און פריצים פון אַרום — עסען און קויפען אַהיים וויין
און באַקאַליע. פערהאַן דאָרט אַ פיין, בלאָנד „פאָרצעלייען" מיידעל,
מיט זיידענע, לאַנגע בלאָנדע צעפּ (זי וועט דערמאָנט ווערען),
וואָס לעזט ביכער, געבאָרגטע פון פריצים און אָפּיציערען.

און י. מ.'ס הויז, וואו גרויסע אָפּיציערען שפּיעלען פּרע=
פעראַנץ, וואו אַהין דער גרויסער אַפּיקורס יעקב רייפמאַן וועט
קומען אַלס לעהרער?! און — אַ היימיש מנין דאָרט פערהאַן,
מעהר פאַר די קינדער; י. מ. אַליין איז דאָס מעהרסט אין וואַרשוי.
פאַר'ן עמוד אַלס חזן פּראָדוציערט זיך אַ היטעל=מאַכער, דער

כאהר — זיינע ברידער, איך היטעל־מאכער. נישט זעהר קיין פרומע יודען. א ברודער האבען זיי א שטיקעל אפיקורס — א לערער פון קאליגראפיע, וואס שרייבט יודישע שירים, אלא עטינגער! איינער פון די „זינגער“ וועט אין קורצען געהען פון דער וועלט, וועט מען פערציילען, אז ער האט זיך, פאר גסיסה, געהייסען געבען א ווארמיגע פלוים צו עסען. אז מען וועט אויף יענער וועלט שמייסען און אויסרופען פאר וואס, און מען וועט דערמאנען די ווארמיגע פלוים, וועט ער וויסען — א סוף! און זיי זאגען אלע „עברי!“, נישט ליטוויש, דאס וואלט מען נאך דעמאלט נישט פערטראגען. א ליטוואק איז „א צלם קאפ“. א ליטוואק זעצט זיך אין א קרעטשמע ביין איין ערלית און לערנט. און זאגט צום פערגאפטען אורח: „איהר ווייסט גאר נישט, איין אשה צנועה דאס איז!“ זי איז דאך איהם מאכיל ומשקה און לאזט איהם נישט מפסיק זיין פון לערנען! (זעה — „דער חלום פון ליטווישען מלמד“). א ליטוואק, אז דער צווייטער רופט איהם צו שמד, ענטפערט: „ווארט, איך וועל נור אבדאווינען מנחה“ — און א ליטוואק איז נאך איקר המציאות אין דער גאנצער געגענד. אין זאמושץ געוועןן איינער, אפילו גראדה א פיינער, גאר א פיינער יונגער מאן. טאקי ר׳ זיינוועלס אידעם, איז ער, נעביך, אוועקגעקומען; די אלמנה וויל פערזיצען...

זיי זאגען פוילישע עברי. שמחת תורה, די גבירה אין די גרויסע ברילאנטען אין די אויערן, מיט׳ן קעלנעריל, מיט פעריל אויסגעשטיקט, איבער׳ן האלז (אזוי אין לעבען, ווי אויפ׳ן פארטרעט אין סאליע). — די גבירה שמייכעלט ליעבליך און דערלאנגט כבוד: טארט (איך מיין, איהר שוועסטער און מיין באבע באקט איהם), ניס, ביער, צוקער־בראנפען; עטוואס ווײן אויך. און זיי, דער חזן מיט די משוררים, זינגען לידער: „דער תעודה מיט׳ן האמער, קלאפט שוין אין קאמער“, און גאלדפאדען — מיט די פויסטען אין יודישע לעדען אריין, „שוין טאג! די אומות העולם ווארטען אויף אייך!“ אין זאמושץ — עטוואס קאמיש, ווי דערמאנט — ווער זענען די אומות העולם? אבער עס זינגט זיך!

און דאס מנין זאגט קיין פייט נישט. צו יזכור טרעפט זיך דער געמישטער, נישט פעריתומ׳טער עולם, פון מענער שטוב און פון דער וויבער־שטוב (די סאליע) אין הויז — איין התחלה פון פלירט. יום כפור איז מען זיך געגענזייטיג מכבד מיט הארץ־טראפען, אבער פריהער מוז מען וויזען די צונג, צי מען פאסט...

און דאָרטען דאַווינט קינדערפריינד, אַיין אַלטער בחור, אַ געגאָלטער, האָט אַ סדור און אַ מחזור מיט דייטשער איבערזעצונג. ווייסט פון „מעדאָן", רעד פון „יערוזאַלעם", — פרעגט מיך אַמאָל:

— וואָס איז אַייער פערלאַנג, ר' דער און דער?

איך געדענק הללן און זאָג: ואָהבת לרעך כמוך. ער זאָגט: ניין, אָנכי, דאָס איז דער יסוד!

אמת, אין דער זעלבער געזעלשאַפט אַריין, אַז עס איז אַמאָל (איך געדענק שוין נישט, צוליעב וואָס) אַריינגעקומען אַ געוויסער רפאל עסיגמאַכער, אַ שטאַמעלדיגער יוד, וואָס האָט איין עסיג־פאַבריק, און וואָס איז ערשט געקומען פון ערגיץ, צוליעב איין אָפעראַציע, פון אויסלאַנד, און האָט פערציילט, בעיני ראיתי, ער האָט אַליין געזעהען, אַ וואָגען איז געפאָהרען אָהן פערד,— האָט מען זיך אַזוי צעלאַכט, אַזוי לאַנג חוזק געמאַכט, אַזוי לאַנג זיך געוויצעלט און אַזוי לאַנג מיט ווערטליך געשטאָכען, ביז דער יוד ר' רפאל האָט געמוזט „מודה" זיין, ער האָט „משטה" געווען, אויסגעטראַכט... אָבער אַיין התחלה איז שוין געווען! אַ זאָמען פאַר נייע צייטען — שוין געוואָרפען!

און אַפילו אַ פשוטער יוד, דאַכט זיך, נישט זעהר קיין ניכטערנער, פאַלט אַמאָל איין און ער קומט פלוצלינג אין חדר אַריין, וואו זיין איינציג יצחקל לערנט, און זאָגט:

— רבי! (אַ גרוים־פוילישער, מיט דער ריש) נייע צייטען; מען דאַרף זיין געבילדעט! מיין בן דאַרף אַ חתן ווערען!

— וואָס איז אַייער פערלאַנג, ר' דער און דער?

קיין פסוק וויל ער נישט. קיין אַפקורס, וויל ער נישט, ער זאָל ווערען, אָבער —

— אַ פרק קאָנקאָרדאַנציע מעגט איהר מיט איהם לערנען! יעדען טאָג אַ פרק!

און עס דרעהט זיך נאָך אַרום אין שטאָט, דאַכט זיך, אַ קאַנדידאַט אויף דער „תוכחה", עפּיס איין אָרימער, אַלטער, הויכער, געלער, בּרייט־פּלייציגער יוד. דעם פאַמיליען־נאָמען קיינמאָל נישט געהערט, דער צונאָמען — נישט דרוקפעהיג, מיט'ן נאָמען „יואל", וואָס האָט גאָר ערגיץ אין רוסלאַנד אַ זוהן, וואָס שיקט איהם געלד מיט דער פאָסט, אַ „פאָלנעם יעדנעראַל!" (רוסיש־פויליש־פעסטונג־לשון בנוגע צו מיליטער־זאַכען).

קיין שטאָך־אַרבייט וועט פאַר דער השכלה נישט זיין!

ערגיץ אַנדערש פילדערט, רווישט. חסידים שמייסען די משׂכילים איף קאָנקארדאַנציעס, — משׂכילים שרייבען מיט איין איין האַנד שירים בשבח ההשׂכלה און וועגען די פיער צייטען פון יאָהר, און אָדען — דאַנק-און לויב-געזאַנגען צו דער ממשלה, פאַר איהר חסד צו כנסת ישׂראל און מיט דער צווייטער האַנד — מסירה-לעך איף די שוואַרצע... און אַ מלחמה מיט תּקיפים און קהל, אַ מלחמה מיט רבּים, אַ מלחמה מיט חסידים, מיט רבנים...

ביי אונז — פון דעם אַלעם קיין צייכען.

אויב איך וועל קלאָגען אַמאָל:

אַכט און צוואַנציג גראָשען פלייש אַ פונד...

און צום גראַם:

„אַרוים צו וואַרפען פאַר די הינד".

און קרעכצען:

„און אַ פונד, אוי, אַ גרויסע קלאָג!

„שטיינער און ביינער און אַ פאַלשע וואָג"...

און נאָך שפּעטער, אין „ספּורים בשיר" (צוזאַמען מיט מיין געוועזען שוואָגער ג"י ליכטענפעלד געדרוקט) אַ פּאָעמע „חנה", וואו די העלדין מיט דעם נאָמען ווערט פערשוועכט פון ראש הקהל'ס זוהן, און דער ראש הקהל דער תּקיף א. א. וו.... וואָלט עס זיין נישט מעהר ווי אַ נאָכמאַכעכץ... ווי איך האָב נאָכגעמאַכט היינען... נור מיט מעהר געשמאַקלאָזיגקייט. געווען ביי אונז אַ פאַכט (ענליך צו דער „טאַקסע"), אָבער אָהן שווינדעל און רויבעריי, און — אויך בטל געוואָרען. דער אידעאַל פון אַ ראש הקהל אין זאַמושץ איז (ביז אין דער לעצטער צייט כמעט!) אַ יוד, וואָס קען נישט רעַ- דען, און וועט נישט פלוידערן אין מאַגיסטראַט, — וואָס קען זיך נישט אונטערשרייבען (און וועט נישט חתמינגען אָהן קהל'ס וויסען; דער חותם פון דאָזאָר ליגט ביי'ן אַ בעל-הבית!) און בעקומט פּעטש פון ווייב, פאַר וואָס ער מאַכט נישט בעסער חתונה די טעכטער... קיין רבּיים לאָזט מען אין זאַמושץ נישט אַריין. מען וויל נישט קיין מחלוקת. הערט זיך, עמיץ פאָהרט, לויפט מען צום נאַציעלניק, שטעלט ער וואַכען ביי אַלע בראָמען. דעם עומד על גביהם, אַ יוד, גיט קהל. בעווייזט זיך די בויד:

— קודי? נאַזאַד!

ר' גירשון העניך „פון תּכלת" (אַזוי פלעגט מען איהם רופען) וויל דוקא אַריין קיין זאַמושץ, און אַ בעל נצחון — קויפט ער זיך אין שטאָט אַ הויז. מען וועט דאָך נישט אַרויסטרייבען קיין בעל-

הבית? ליתר „תוקף ועוז" גנבעט ער זיך אריין ביינאכט! — אין דער פריה, עוף השמים... מען ווייסט שוין; ארויסגעפיהרט, נישט מיט גרויס כבוד!

חסידים זענען ווייניג אין דער צאהל און האבען גאר קיין דעה נישט. לעקען זיך ערשט אויס פון די „וואונדען", וואס זיי האבען בעקומען, אין גאונ'ס צייט, פון קהל און זיינע פאר־שטעהער. א יונגער־מאן, נאטירליך פון דער פרעמד, קריעגט בענקשאפט, חאפט זיך ארויס, לויפט צו'ן א רבי'ן. — מען שיקט נאך רייטער, מען חאפט איהם, מען מאכט איהם א פעקיל. מען פיהרט איהם אזוי איבער דער גאס, אין דער היים — מקיים פסק, דערנאך צום רב. אבגעגעט און — היידא! נאך איין אייגענעם זיצט מען שבעה! א גאנץ „מנין" אז מען חאפט, פיהרט מען אין מאגיסטראט אריין, שערט מען אב מיט גויישע הענד די פאות און מען גאלט האלבע בערד... מענשען געדענקען עס נאך.

היינט, דאנקען גאט, שטיל! דאס הייסט — זיי דאנקען גאט! אז דער אישביצער רבי וועט, מיט יאהרען שפעטער, וועלען אי־בערפסקענען דעם זאמושצער רב'ס (דוקא שוין נישט קיין שם־דבר!) א דין תורה, וועל'מיר זיי לעגען אין חרם אריין: מיר — דייטשען די אישביצער חסידים!

וועל'מיר אפשר מלחמה האלטען מיט'ן רב?

איז אונזער רב, מיין פערהערער, מיין שפעטערער ר' זי־שעלע, — ר' משה וואהל.

אבער איהם קומט א מדור מיוחד!

— — — — — — —

ר' משה וואהל — דעם ליסער'ס תלמיד. ער ציטירט זיין דעה און שרייבט: ותלמידי הגאון... געווען א גבירישער איידעם, געווארען סוחר; דאס געלד פערלוירען — רב אין זאמושץ. א שונא בצע, זיצט ער שוין אויף דער שטוהל א יובל, און לאזט זיך נישט געבען קיין הוספה. „מאכט מיר נישט קיין רייכען האלז!" רח"ש נעמט ער נישט! דין־תורה־געלט צעטיילט ער צווישען די ביידזיצער — דיינים אדער בוררים. נעמט נישט אין מויל אריין, וואס זיין רביצין קאכט נישט. אויף א סעודת מצוה ניפט ער אביסל, א ברכה צו מאכען; עסט א טרוקענעם כזית, צוליעב וואשען און בענשען.

און — א קליין זים יודאלע, א וויים זילבערן בערדאלע. אוי־גען — ווירקליך „טויבען־צוגלייך"! קינדער — דאס גאנצע לעבען!

אין גאַס, אין ביהמ״ד, ער בעווייזט זיך נור, רינגעלט איהם די יונגע חבֿרה אַרום, זעהט מען איהם אַרוים קוים עטוואָס העכער – איין עלטערס צווישען הענדליך. און האָבען האָט דאָס יודאַלע אַ קינדיש ציטעריג קָל׳עכיל—אַ פיין זילבערן גלעקעלע. און אַז ער דאַווינט, וואָס זיין חזקה איז, כל נדרי אין שוהל, קלינגט עס, קלינגט עס, צעגיסט זיך עס און מען הערט עס אין דער גרויסער טיעפער שטילקייט, אין אַלע ווייטסטע ווינקאַליך, ווי אונטען אַזוי אויבען אין דער ווייבערישער שוהל... און — אַ גאַנץ יאָהר אַ מיקל. אַליץ כשר און כשר. איין אָרימע כנסת ישראל, אַליץ איז הפסד מרובה, אַזאַ בעשטענדיג יקרות... אויסער פסח; ווי אַ פיש אין וואַסער ציטערט ער פאַר כרת שבמשהו!

און פסקינען פסקיט ער גלייך פון דער גמרא אַרוים.

זאָגט מען, און, פערשטעהט זיך, נישט אַבי ווער: דער און דער פון די גדולי הפוסקים זאָגט אַנדערש, ענטפערט ער שמייכלענדיג:

— אין מיין צייט און אין מיין שטאָט בין איך דער איינציגער פוסק!

שוין. רעד מען שוין נישט מעהר דערפון.

און פאַר דעם קליינעם, צושמייכעלטען יודאַלע, ציטערט מען אימת המלכות; פון גביר ביז׳ן חסיד, ביז׳ן קל שבקלים... ער איז מעניש! דאָכ הייסט: נישט חס ושלום, ער, אָבער קלאָר ווי דער טאָג: מען נעמט זיך פאַר איהם אָן. איהם צוליעב אָדער — זכות אָבות?

דער סוף פון שמעי׳ גבור, וואָס האָט איהם אונטער די אויגען אַקעגען גערעד, בעריהמט זיך: ער לויפט, איהם אַראָבּרייסען דאָס שטריימעל פון קאָפּ, ווייסט איהר אפשר, אַניט לעזט די סקיצע אונטער׳ן העלד׳ס נאָמען.

אַז צוליעב זיין כבוד איז נענש געוואָרען דער טריסקער!

די טריסקער חסידים לייקענען נישט. די מעשה — אַזוי געווען: קומט אַמאָל קיין זאַמושץ דער טריסקער, (פון דעמאָלסט אָן לאָזט מען טאַקי קיין רביים נישט אַריין), פאַלט איהם איין, זיך נוהג צו זיין, ווי אין אַנדערע, זיינע שטעטליך, נעמט ער דעם גבאי און שיקט נאָכען רב. שמייכעלט ר׳ משה וואַהל און ענפערט: „געה, זאָג איהם, אַז דער כבוד התורה פערלאַנגט, מען זאָל פריהער קומען צום מרא דאַתרא!“ — פאָלגט ער נישט, דער טריסקער, פאָהרט ער אָב און איז נישט מוציא שנתו...

— געווען — זאָגען די טריסקער פון רבינ'ס צד אַ שגגה היוצאת מפני השליט...

און צוגעגעבען ווערט, נישט אָהן גדלות:

— און מיט אַזאַ צדיק יסוד עולם ווי אַ טריסקער, איז מען טאַקי מדקדק כחוט השערה!

און אַז יעקב רייפמאַן קומט צו אונז, צו י. מ. אין הויז אַריין, אַלס לעהרער אָדער העכערער מלמד, און עמיץ וואַרפט אונטער קעגען איהם אַ חרם, אַ חסידישע קונץ... און ר' משה וואַהל לאָזט אויסרופען, אַז ווער עס איז מחרים אָהן דער ידיעה פון מרא דאַתרא און זיין בית דין צדק, איז אַליין בשמתא... און דאָס זעלבע יאָהר שטאַרבט אַ חסידישער יונגער מאַן, — ווייסט מען אויף זיכער, איז ברור כשמש, אַז אַזועקגעקומען איז דער חרם־אונטערוואַרפער! אַז דאָס איז זיין עונש געווען.

מען הייבט אָן צו נעמען צום מיליטער. מיין טאַטענס עצה, מען זאָל נישט געהען, „קיין וועלט זעצט מען נישט איין", געפינט נאַטירליך, ביי קיינעם קיין אָבקלאַנג נישט. עס געגענט די סופ־רעוויזיע, עס בלייבט, אַז די, וואָס וועלען אַוועקגעהען, דאַרפען בעקומען פון שטאָט שטיצונג. אויפ'ן וועג און פאַר דער פאַמיליע אין דער היים. ר' משה וואַהל שטעלט אַ פושקע ביי זיך אין דער צווייטער שטוב, און לאָזט אויסרופען, אַז דער יושר איז, אַז אַלע בעלי־בתים זאָלען אַריינוואַרפען אין פושקע מעשר פון זייערע רוחים... געוואָרפען ווערט, ווי געזאָגט, אין דער צווייטער שטוב, ביחידות, קיינער זעהט נישט, אָבער מען האָט אַזוי מורא עובר צו זיין אויף זיין „גזרה"! אַזוי פיעל פחד פאַר אַ טעות אין חשבון, אַז— מען געפינט „שרפ'ט"!

גאַפט מען!

און ווי עס פאָלגט דאָס וויבער־פאָלק!

איהר וואָלט געדאַרפט זעהען, ווי מען ענטלויפט פ'ן די פעסליך און שעפליך פיש אויף שבת, אויב דער פישער וויל טייערער מיט אַ גראָשען, און ר' משה וואַהל, מורא האָבענדיג, אַז אָרימע לייט וועלען צו קיין פיש נישט קומען, קיין רעכטען שבת נישט האָבען, שיקט אַרוים דעם שמש: קיינער זאָל נישט קויפען!

ווי פון אַ פייער ענטלויפט מען!

און י. מ. דער גביר אַליין?

21 ר' משה וואַהל לעבט מיט איהם זעהר גוט. „ישיעלע!"... און

פֿון דערטוועגען, אַז מען רופֿט „ישיעלען" צו'ן אַ דין תורה און ער שיקט נאָך איהם דעם שמש, און יענער האָט געסט: דעם פלאַץ־מאַיאָר, דעם סמאָטריטעל און נאָך... און לאָזט זאָגען... ער האָט צינד קיין צייט נישט, לאָזט ר' משה וואַהל איהם אָב־ענפֿערן: אלהים נצב בעדת אל. און ווער עס האָט פֿאַר גאָט קיין צייט נישט, קען גאָט, חס ושלום, אַמאָל פֿאַר יענעם קיין צייט נישט האָבען...

לויפֿט מען שוין!

און דער קל שבקלים?!

איינמאָל, פֿרייטאָג צו נאַכטס, חאַפּט ער זיך אויף שפעט אין דער נאַכט. עפּיס אַ שאַרך האָט איהם אויפֿגעוועקט, קוקט זיך אום, גנבים שטעלען אַרויס די שויבען פֿון פֿענסטער. אַ קאָפּ בעווייזט זיך, אַיין אינו ישראל. דאַנקט ער און לויבט דעם אייבערשטען, וואָס „רוב גנבי ישראל" האָט נישט מחלל שבת געווען! דער גנב איז דערוויל אַריין, נישטערט און טרעפֿט צו די שבת'דיגע לייכטער. ווען די לייכטער שוין אָבקויפֿען אַ יוד,— איז ער מפֿקיר די לייכטער! בענשט די רביצין איין שבת אין מעשענע לייכטערליך. אַ יודענע — לאָזט זי אַביסעל טרערען ביים ליכט בענשען. שוין! דעם צווייטען ערב שבת, מען ברענגט אָב די לייכטער. צוויי יודען פֿאַכערס האָבען זיי געקויפֿט, איז איינעם אַוועקגעקומען דאָס ווייב, דעם צווייטען — אַוועקגעפֿאַלען אַ קינד, לא עליכם, אויף אסכרה.

און דער ר' משה וואַהל אַליין האָט שוין, ווייסען אַלע, שוין אַ יאָהר דרייסיג קיין ספֿר אין האַנד אַריין נישט גענומען. געדענקט ש"ס ופוסקים אויסווענינ. וואו מען הייבט אָן, זאָגט ער, אַז מען דאַרף, ווייטער; ווי לאַנג ער וויל, בעל פה. און לעזען לעזט ער דוקא די קליינע „ביכלעך". פֿון וואַנען נעמט ער זיי?

זיצט ביי'ן איהם אין בית־דין־שטוב אַ דיין אַ תם. קיין בעלי־דינים נישט דאָ, געהט ר' משה וואַהל, מיט אַ ספֿר'ל אין דער האַנד, אויף און אָב אין קהל־שטוב, און שטעלט זיך אָב פֿאַר'ן תם, און גיט אַ פֿרעג:

— ווי מיינסטו? איז מעגליך אַ מענש זאָל אַרומגעהן בורוויס אויף צובראָכען גלאָז?

געמיינט חרבונה'ן; געלעזען „מסתרי פאַריז"...

— — — — — — —

אַרבײט נישט האָבען. עס װעט זײן, אַ ראָמאַנטישע זאַך. יונגליך װעלען אַרום געהען אין מאַרק און דעקלאַמירען בײ׳ם שײן פון דער לבנה: „ציון, ציון“, „החמלה“, „יונה הומיה“...

און דערבײ װאַרפען פערבענקטע אױגען אין די געװעלבער אַרײן, װאו כלה־מײדליך זיצען... אַ משכיל װעט דורכפאָהרען פון ערגיץ. װעט זאָגען:

— דאָס ערשטע — מען עסט נישט! יודען עסען נישט! אידר זאָלט זעהען, װי מען עסט בײ די אומות העולם!

און די קלײדער װעט מען אונטערהאַקען!

און פון דעםטװעגען בעקום איך שכר השכלה!

— — — — — — —

(סוף פון קאַפּיטעל אין קומענדיגען נומער).

ד. מארשאק.

# מיין בת־מלכּה.

ניט אין פּאַלאַצען גין־גאָלדען
זיצט מיין בת־מלכּה פערשפּאַרט;
ס'קומט קיין ריטער זי בעפרייען,
און קיין ליעבעס־לוין איהם וואַרט. —
אין אַ הינטערגאַס בעהאַלטען,
אָבגעטיילט פון וואלד און פעלד,
אָבגעשיידט פון זון און הימעל,
שטעהט איהר עלענדער געצעלט.
כמאַרנע, קויטיג איז דאָס געסיל,
וואו איהר פענסטער קוקט אַרויס,
און ס'פערשטעלט איהר איינציג פענסטער
שוואַרצע מויער, ריזיג גרויס.
און אָט דאָ אין ענגען געסיל,
וואו דער בלייכער פּחד וואַכט,
אין איהר שטיבעל שטיל בעהאַלטען
מיין בת־מלכּה איינזאַם שמאַכט.
און איך זעה זי: שוואַרצע וועלען
פליסען, פאַלען פריי אַראָב
אויף די אַקסעל אויף די שמאָלע,
און די אויגען — טיעף אין קאָפּ
איינגעזונקען, איינגעגראָבען,
גלאַנציג שוואַרצע קויהלען צוויי, —
צאַרטע מיידעלשע פאַנטאַזיע
ליגט בעהאַלטען טיף אין זיי.
דאָך פון שרעק פערשטיינט, פערגליווערט
איז איהר מיידעל־חלום לאַנג, —
און עס קוקט פון איהרע אויגען
נאָר נאָך שוואַרצער יאוש באַנג.
אויף די בלאַסע ליפּען איהרע
שפּיעלט קיין טראָפּען פרישעס בלוט,
ניט קיין מיידעלשער געלעכטער,
ניט קיין שיין פון פרייען מוט — — — —

## ד. מאַרשאַק.—מיין בת־מלכּה.

דאָך אין מיטען שרעק און אַנגסטען
און אין ליידען שווער און פיעל
אָפּט פערגעסט זיך מיין בת־מלכּה,
און זי חלומ'ט מילד און שטיל...
פון אַ גאָט־געקרוינטען ריטער
אויף אַ פייערדיגען פערד
טרוימט זי, פון אַ האַנד אַ שטאַרקער
מיט אַ פלאַמענדיגען שווערד,
טרוימט פון פעלדער, ליכט בעגאָסען,
און פון היימיש פרייען וואַלד — —
און עס שמייכעלט מיין בת־מלכּה,
און איהר בלייכער פּנים שטראַלט.
הייסע, האָפנונגספולע תּפילות
שעפּטשעט זי אין שטילער לוסט —
צאַרטע רויזקייט פאַרבט די באַקען
טרערען ריִנען אומבעוואוסט — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —
אָ, ווי שען ביזטו, בת־מלכּה,
וואָס אין שוואַרצער שרעקענס־נאַכט
זעהסטו ליכטיגע חלומות,
פול מיט קינדיש ריינער פּראַכט!
גרויס אין ליידען, ווי אין חלום —
ציהסט מיך צו, בעצויבערסט מיך.
אָ, ווי שען ביזטו, בת־מלכּה,
און ווי מעכטיג ליעב איך דיך!

יונה ראָזענפעלד.

# דער פלאַנטער.

(ערצעהלונג).

צווישען פאַר־פאָלק בעריל און כימע האָט זיך עפּיס אַזוי ווי „אַ ניט־גוטער“ אַריינגעכאַפּט און האָט אָנגעהויבען אונטערצוגראָבען זייער שטיל אָרענטליך פאַמיליען־לעבען. ער האָט זיך שטיל אויפ׳ן עכט טייוולאָנישען אופן געטאָן די אַרבייט זיינע... ער האָט זיך פערקליבען אין זייערע הערצער שטיל, אומבעמערקט פאַר זיי אַליין, און האָט זיי, ווי שעדליכע באַצילען, געפרעסען, געפּייניגט אומרחמנות׳דיג, און ניט ער, און ניט זי האָבען ניט געוואוסט, וואָס אַזעלכעס עס קומט פאָר צווישען זיי. עס האָט זיך פערדרעהט אַ מאָדנער פלאָנטער, אַן אומגעוועהנטליכער, אַ ניט־פערשטענדליכער, אַ טיף־פערגראָבענער, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין ווערטער און קיין געדאַנקען. ער האָט אין זיך ניט געהאַט קיין שפּור פון יענע טאָג־טעגליכע פאַסירונגען, וואָס גראָבען אָפט אונטער דאָס פאַמיליען־לעבען; איך מיין יענעם געפעהרליכען וואָרים — אייפערזוכט, וואָס לאָזט זעלטען דורך אַ יונג פאַר־פאָלק. ניין, ביי זיי איז עפּיס אַנדערש פאָרגעקומען, כאָטש די סיבה איז דאָ אויך געווען אַ דריטע פּערזאָן...

אין די ערשטע פאָר טעג, ווען די דריטע פּערזאָן, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, האָט ביי זיי אַ צימער פערנומען, האָט זיך „די אַרבייט“ גענעבען צו שפּירען. עס האָט דעם פאַר־פאָלק — אָנגעהויבען צו פערדריסען, וואָס דער יונגער־מאַן, דער שכן, האַלט זיך פון זיי פון וייטען. די ערשטע האָט זי בעמערקט, אַז „ער האָט פליי אין נאָז“, אַזוי האָט זי טאַקע געזאָגט: „דער יונגער מאַן האָט פליי אין נאָז“. פאַר זיך האָט איהר ניט געאַרט. זי איז אַ פרוי, אַ ווייבעל — וואָס קאָן ער מיט איהר האָבען? בעליידיגט האָט זי זיך געפיהלט פאַר׳ן מאַן... נאָך איהר מיינונג איז דער מאַן איהרער ניט געווען אַזעלכער, וואָס עס זאָל ניט דאַרפען אָנשטעהן אַזאַ פאַרשוין, ווי יענער איז, מיט איהם צו רעדען. ער ווידער, דער מאַן, האָט זיך שטאַרק געפונען בעליידיגט פאַר דער ווייב. עפּיס האָט ער דערפיהלט אין יענעמס קוקען אַזוינס, ווי ער וואָלט געזאָגט: „און איך וואָלט קיינמאָל אַזעלכע ניט גענומען“. אַזוי אַרום איז אין אַ קורצער צייט צווישען פאַר־פאָלק געשאַפען געוואָרען אַ מאָדנע אָנגעשטרענגט־אומגעלומפּערטע בעציהונג, אַזוי ווי צוויי מענשען וואָלטען דורך אַן אומבעוואוסטער סיבה אַריינגעפאַלען אין אַ זומפּ אַריין, און, ווילענדיג איינס דאָס צווייטע אַרויסשלעפּען, נאָך טיפער געזונקען אין בלאָטע.ביידע האָבען זיך אין אַן אונאָנגענעמער לאַגע

געפיהלט, האָבען זיי איינס דאָס אַנדערע געוואָלט איבערהויבען, און אַזוי אַרום זיך אָנגעהויבען צו פערפאָלגען.

דער ערשטער קאָנפליקט איז ביי זיי פאָרגעקומען, ווען זי איז אַריינגעגאַנגען צורוימען דאָס צימער זיינס, דעם שכנ'ס. אַז זי איז גע־שטאַנען און פערשפרייט דאָס בעט, איז צוגעגאַנגען דער מאַן (דער שכן איז געוועהנטליך דעמאָלט ניט געווען) און געזאָגט, זי זאָל איהם בעסער לאָזען צוקלייבען דאָס צימער. ס'שטעהט איהם ניט אָן, זיין ווייב זאָל ביי יענעם זיין אַ דינסט. האָט זי געוועהנטליך ניט געלאָזט. דאָס איז ניט קיין אַרבייט פאַר קיין מאַנסביל, און מעג יענער זיין, ווער ער וויל, נאָר קוים זיצט ער ביי איהר און צאָהלט איהר געלד, דאַרף זי איהם האַלטען ריין דאָס צימער, און חוץ דעם, זי פערשטעהט ניט, איבער, דער מאַן, וויל ניט, זי זאָל זיין אַ דינסט, וויל זי, די ווייב, ניט, אַז ער זאָל זיין ביי איהם אַ משרת. האָט ער געזאָגט, אַז פאַר איהם זאָל איהר ניט אַרען. האָט זי געזאָגט, אַז איהם זאָל פאַר איהר ניט אַרען. האָט ער געזאָגט, אַז זי האָט ניט קיין אייגען־ליעבע, האָט זי איהם זיך אַוועקגעשטעלט בעווייזען, אַז ער האָט עס ניט, והא ראיה, ער קריכט צו איהם אין צימער אַריין, ווען יענער בעט איהם ניט. האָט עס איהם פערדראָסען, האָט ער געזאָגט, אַז פאַר איהם זאָל איהר דער קאָפּ ניט דאַרען, לאָז זי בעסער קוקען אויף זיך, ווי זי געהט אַרום פערשלומפערט, אַז ס'סלאַמט איהם פשוט דאָס פנים פאַר'ן שכן. האָט זי געזאָגט. לאָז ער זיך בעסער צוהערען, ווי דער שכן לאַכט פון איהם, אַז ער צעלאָזט זיך מיט זיין מענה־לשון... און אַזוי ווייטער און ווייטער. דאָס וואָרטלען זיך איז אַריבער אין אַ קריג, און דער שכן איז ווילענדיג ניט ווילענדיג אויסגעוואַקסען צווישען זיי ווי אַ הויכע פעסטע וואַנט, און זיי — צוויי ווערים, האָבען זיך געלאָזט קלעטערן אויף איהר, נאָר אַראָבגעפאַלען, איינס אויף דאָס צווייטע געפאַלען, און געדרעהט זיך, געקאָרטשעט זיך פון וועהטאָג...

בעריל האָט ניט געקוקט אויף די פראָטעסטען פון דער ווייב, אַלע אָבענד בעזוכט דעם שכן. ער האָט עס איהר ניט געטאָן אויף צו־להכעים, נאָר ס'האָט איהם עפּיס געצויגען אַהינצו. ער איז עס אַליין ניט געוואָר געווען, ער האָט אַליין אויך פערשטאַנען, אַז ער דאַרף אַהינצו ניט „קריכען“, אַז יענער האַלט זיך פאַר אַ גאַנצען „יאַ טעבע דאַם“. און כאָטש ער אַליין, בעריל, האָט געוואוסט, אַז יענער איז ניט העכער פון איהם, כ'הייסט, אַז ער איז ניט נידעריגער, איז דאָך מיט יענעמס האַלטען זיך געשאַפען געוואָרען אַזעלכעס, וואָס ער האָט זיך דאָך גע־פיהלט נידעריגער. און דאָ איז געלעגען דער סוד, וואָס עס האָט איהם

געצויגען צו יענעם, גלייך ער וואָלט מיט יעדען בעזוך זיך איבערוועגען מיט איהם, ווער וועמען ס׳וועט אַריבערציהען. ער האָט זיך אויסגעזוכט רייד פון דער וועלט, געוועהנטליך געמיינט, אַז אַלץ, וואָס ער רעדט, איז לויטער חכמה, און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער שכן האָט געשוויגען, און במילא ניט געזאָגט ניט קיין נאַרישקייטען און ניט קיין חכמות, האָט ער דאָך ניט געקאָנט אויסראָטען פון זיך דאָס געפיהל, אַז דער לעצטער איז קליגער פון איהם. איהם האָט זיך אויף קיין פאַל ניט אַיינגעגעבען אַיינצוהאַלטען זיך מיט יענעם, ווי מ׳זאָגט, אויף איין ברעט... האָט ער אין דעם שווייגען אין יענעמס געבריה׳ט זיך צו געפינען נאַרישקייטען... „דאָס איז קיין קונץ ניט, דאָס איז קיין חכמה ניט“ — האָט ער זיך גענומען אַיינרעדען. אַ קונץ איז צו רעדען און ניט זאָגען קיין נאַרישקייטען. און דאָך האָט איהם דעם שכנ׳ס שווייגען גערייצט און דערנידעריגט. און אַ צוגאָב דערצו: קיינמאָל ניט געבעטען זיצען... „ער איז פשוט אַ גראָבער מענש“ — האָט אַלע מאָל אַ געדאַנק אויסגעשריגען — אַ גראָבער יונג, ווייטער גאָרנישט“... ווען ער, בעריל, זאָל שוין אַפילו דערלאָזען, אַז ער, בעריל, איז טאַקע אַ גאָרניט, אַ פּראָסט מענשעלע, ניט קיין געלערנטער, אַ הענדלער אין גאַס, נו איז וואָס? טאָר מען איהם ניט בעטען זיצען? נו איז דאָך קלאָר, אַז יענער איז אויך אַזוי פיעל טעמפּ, אַז ס׳פאַלט איהם ניט אַיין צו בעטען זיצען אַ מענשען אין דער צייט, ווען ער אַליין זיצט. אָדער ער איז טאַקע אַזוי, ווי ער האָט פריהער געקלערט — אַ גראָבער מענש. בעריל האָט גאַנץ לאָגיש געטראַכט, נאָר די געפיהלען האָבען זיך אויף קיין פאַל ניט געוואָלט, אָדער ניט געקאָנט, זיך צונויפגיסען מיט די געדאַנקען... דאָס געפיהל, אַז דער שכן איז העכער פון איהם, איז געבליבען אומבעריהרט. פערקעהרט, וואָס מעהר ער האָט עס געוואָלט דערשטיקען, אַלס שטאַרקער, פעסטער האָט זיך עס איהם אַיינגעפרעסען אין האַרצען, אין בלוט און יעדער אבר. און צו בעוואונדערן, וואָס נאָך דעם אַלעמען האָט ער איהם דאָך ניט פיינט געהאַט.

ער האָט איהם געוואָלט פיינט קריגען, נאָר ניט געקאָנט. געטראָפען האָט אַפילו ניט זעלטען, אַז יענעמס אַ קוק (אַזאַ קוק איז עס געווען) האָט דאָס גאַנצע האַרץ זיינס מיט ליעבע פערשווענקט, די ליעבע איז אָבער ניט געווען אַזעלכע, ווי צו זיינס אַ גלייכען, נאָר דאָס איז מעהר געווען אַ הינטישע ליעבע, אַזעלכע, ווי אַ געטרייער קנעכט פיהלט צו זיין בעל־הבית...

דער ווייב פלעגט אַלע מאָל אָנקומען מיט צרות אַרויסצושלעפען איהם פון שכן. אַריינגעגאַנגען אין דער צייט, ווען ביידע, דער מאַן און דער

לעצטער זענען דאָרטען געווען, איז זי אַהין קיינמאָל ניט... נאָר געדרי־
פען האָט זי איהם, געשריגען און לעצטענס געקלאַפּט אין טיר, ער
זאָל אַרויסגעהן. אַרויסגעקומען איז ער פון דאָרטען תמיד אַ פערפּלאָמטער,
די אויערן, די באַקען זענען געווען רויט. די שווארצע אויגען האָבען גע־
גלאַנצט, ווי אַן אויסגעפּוצטער שוך; עפּיס איז ער תמיד, ווען ער
איז דאָרטען געשטאַנען, אַרויס פון גלייכגעוויכט, תמיד איז ער, אַמאָל
מעהר אַמאָל ווינציגער, געווען אויפגערעגט; דאָס בלוט האָט עפּיס ווי
פּלייסיגער, היציגער געפליסט אין זיינע אָדערען.

— איך וואָלט געוואָלט וויסען, וואָס דו טענ'עסט דאָרטען?! —
איז זי אַלע מאָל צוגעשטאַנען צו איהם מיט איין און דערזעלבער
פראַגע. און מאָדנע, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס זי האָט דעם מאַן
ניט געהאַלטען פאַר קיין נאַר, איז זי אַלע מאָל זיכער געווען, אַז ער
מוז דאָרטען רעדען נאַרישקייטען און דער געדאַנק האָט זי ניט געלאָזט
רוהען...

—... דערצעהל מיר כאָטש אַמאָל, וואָס דו טענ'עסט דאָרטען.
איך הער דאָך, אַז דו רעדסט כּסדר! — איז זי אָפט צוגעשטאַנען
צו איהם, און רעדענדיג אַזוי, האָט זי איהם צורעכט געמאַכט דאָס
שניפּסעל, וואָס איז געווען פעררוקט אָן אַ זייט, אָדער אָנגענעצט אַ
פינגער און אָבגעשקראָבעט אַ פלעק פון דער לאַץ... געטאָן האָט זי
עס דוקא דאַן, ווען ער איז פון שכנ'ס צימער אַרויס, און דאָס ניט
מיט צערטליכקייט, ווי עס טוען עס אָפט פרויען, נאָר עפּיס מיט אַ
שטיל איינגעהאַלטענעם פערדראָס, מיט נערוועז־ציטערדיגע הענד.

דער מאַן, ניט געוועהנט צו אַזעלכע צערטליכקייטען, איז גע־
שטאַנען „כאָטש מעלק איהם אויס”. נאָר איינמאָל איז ער אַריינגעפאַ־
לען אין אַזאַ קעלבערנער התפעלות, אַז ער האָט איהר פּלוצים גע־
געבען אַ כאַפּ אַרום און אַ קוש געטאָן. און זי, ניט נאָר וואָס זי האָט
מיט אַזעלכעס ניט גענטפערט, נאָר פערקעהרט, זי האָט איהם מיט
אַ געוואַלדיגער קאַלטבלוטיגקייט אָבגעשטופּט פון זיך, און אין די גרויע
אייגעלעך האָט זיך בעוויזען אַ פערדראָסיג פייערל פון דעם פּלוצלינג אויפ־
געבליצטען געדאַנק, אַז דער שכן וואָלט אַזעלכע, ווי זי ניט געקושט.

— וואָס? האָט ער תמ'עוואַטע געפרעגט.

— איך זאָג דיר נאָך אַמאָל אָן! — האָט זי אין אַ פּאָר מינוט אַרום
אויסגעשריגען, מעגליכסט אויף אַזוי פיעל, דער שכן זאָל ניט דער־

# די יודישע וועלט.

הערען — דו זאָלסט זיך ניט דערוועגען אַריבערצוטרעטען די שוועל זיינע..
דו הערסט, וואָס איך זאָג דיר, צו ניין?

———————

— אַ גוטען אָוונד! — האָט בעריל געזאָגט צו דער ווייב, קומענדיג פון גאַס מיט'ן קויש „צעלניק“, וועלכער איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ שטיק ברעזענט.

— אַ גוט יאָהר! — האָט זי געענטפערט.

פון פינסטערן קאָרידאָר האָט זיך צוזאַמען מיט איהם אַריינגעריסען אַ קאַלט פייכט ווינטעל, דורכגעזאַפט מיט אַ מאָדנעם ניט=אָנגענעמען ריח, ווי דער קאָרידאָר וואָלט געווען אָנגעפילט מיט קויטיגע וועש, צעפוילטע שמאַטעס און מויזען=קויט... פון איהם אַליין, פון בערלען, האָט זיך אויך געשפירט אַ פוילע פייכטקייט, מיט וועלכער עס זענען געווען אָנגעזאַפט די אַלטע בגדים זיינע. די שוואַרצע אויגען זענען געווען מאַט; דאָס טונקעלע, קיילעכיג אַרומגעשוירענע בערדיל צעקאָשעט; דאָס האַרטע „קעסעלע“ איז פון פאָרענט געווען אַיינגעקנייטשט, דער פאַפירענער קאָלנער צעווייקט, ווייך, ווי אַ שטיקעל לעדער; דאָס שניפסעל פערדרעהט אָן אַ זייט, — און דאָס אַלץ האָט איהם, אַחוץ זיין נאַטירליכען, נעבעכדיגען אויסזעהן נאָך מעהר רחמנות צוגעגעבען. ער האָט זיך אַרומגעווישט מיט אַ קויטיג טיכעלע דאָס פנים און געזאָגט אין טיכעלע אַריין:

— אַ פּאָגאָדע!

ער האָט זיך פאַמעליכקע, שטיל אַוועקגעזעצט ביים טיש, און די ווייבעל איז אַריינגעגאַנגען צוגרייטען אָוונד=ברויט. אין אַ צעהן מינוט אַרום איז שוין געשטאַנען אַ הערינג, פוטער און ברויט, און פון דאָרטען, פון קיך, האָט זיך געלאָזט הערען דאָס זשומען פון דער שפּירט=מאַשינקע.

— אַ פּאַסקודנעס טאָג היינט געהאַט! — האָט ער שטיל געזאָגט, וואַרפענדיג אַ קוק אויף איהר. דערפיהלענדיג ביי דער זייט דעם שכן, האָט זי געפונען פאַר נויטיג איהם צו טרייסטען:

— מילא, איז וואָס דאַרף מען זיך אַוועקלייגען?... דאַכט זיך, מ'דאַרף שוין ביי דיר קיין נייס ניט זיין... ביי גרעסערע סוחרים פון דיר געהט דער פדיון אין אַזעלכע פּאָגאָדעס שוואַך...

איהם איז אַפילו ניט איינגעפאַלען זיך צו וואונדערן, וואָס פריהער, איידער דער שכן האָט ביי זיי געוואוינט, האָט זי זיך אַלע

מאָל געבלאָזען, ווען ער איז געקומען מיט אַ קליינעם פּערדינכט, און פון יענער צייט, וואָס ער וואוינט דאָ, איז זי אַזוי גוט און פרום געוואָרען!...

נאָכ'ן עסען האָט ער אַרויסגענומען פון בוזים־טאַש אַ נאָטיץ־ביכעלע מיט אַ בלייפען, פעררוקט דעם קאַפּעליוש און צונויפגערעכענט דעם פדיון פון טאָג. געלייזט האָט ער פינף רובל מיט קאָפּיקעס, פערדינסט— אַ רובעל מיט פופציג.

— אַ רובעל מיט פופציג! — האָט ער געזאָגט דער ווייב, אַז זי האָט איהם צוגעטראָגען אַ גלאָז גרויע קאַווע.

נאָכ'ן טרינקען האָט ער פעררויכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך אָנגעהויבען אַרומצודרעהען אינ'ם פעררוקטען קאַפּעליוש איבער'ן שטערן. אַרומגעדרעהט האָט ער זיך, ווי דער שטייגער זיינער, אין דער לענג פון דער וואַנט, וועלכע איז געווען אינגאַנצען ליידיג אי אויבען, אי אונטען אויף דער פּאָדלאָגע. זיין אַרומדרעהען זיך האָט זי תמיד אַרויסגעבראַכט פון געדולד, ווייל ער האָט זיך פשוט אויסגעריבען די אַרבעל. זי האָט אָבגעשאַרט אין איין העלפט טיש דאָס ברויט מיט די גלעזער און האָט זיך גענומען פאַר איהר שטוביגער אַרבייט.

פון יענער זייט וואַנט, נעבען וועלכער ער האָט זיך אַרומגעדרעהט, און וואו עס האָבען געוואוינט אומבעקאַנטע מענשען, וואָס ניט זי און ניט ער האָבען זיי קיינמאָל ניט געזעהען, נאָר אָפט געהערט קוויטשען פון קינדער, געשרייען פון גרויסע מענשען, — האָט זיך דערהערט דאָס שלאָגען פון זייגער. און אַזוי ווי ביידע, דער מאַן און די ווייב, האָבען געוואָלט וויסען, וויפיעל איז דער זייגער, האָט זיך דער ערשטער אויפגעהערט אַרומצודרעהען, די לעצטע — אַוועקגעלעגט די אַרבייט, און, ווי פערגליווערטע, יעדער פאַר זיך, שטיל אין זיך נאָכגעצעהלט יעדען קלאַנג און געקוקט אויף דער ליידיגער וואַנט מיט אַזאַ אָנשטרענגונג, ווי זיי וואָלטען ניט הערען, נאָר עפּיס זעהן געוואָלט...

אַז דאָס קלינגען האָט זיך געענדיגט, האָט זיך געעפענט די טיר. די וויבעל האָט געטאָן אַ קנויל צונויף די גאַטיעס, וואָס זי האָט געהאַלטען אין האַנד, געבליבען שטעהן אין אַ צעשראָקען צעמישטער פּאָזע. פון דער טיר האָט זיך בעוויזען דעם שכנ'ס קאָפּ... מיינענדיג, אַז ער דאַרף דאָ עפּיס האָבען, האָבען ביידע איהם געבעטען אַריינגעהן. נאָר ער האָט גאָרניט געדאַרפט, האָט נאָר געפרעגט, וויפיעל דער זייגער האָט געשלאָגען.

— צעהן! — האָבען מאַן און ווייב געענטפערט.

ער האָט בעדאַנקט און געוואָלט צומאַכען די טיר. נאָר אין דעם אויגענבליק איז דער בעל-הבית'ל אונטערגעשפרונגען, אַריין צו יענעם אין צימער און פערמאַכט הינטער זיך די טיר.

— אַ געפעהרליך וועטער אין דרויסען! — האָט בעריל אויסגערופען, אָנשפּאַרענדיג זיך מיט'ן בויך אָן אַ שפּיץ פון טישעל, וואָס איז געשטאַנען צוגעשפּאַרט האַרט צום פענסטער-ברעט.

— שרעקליך! — האָט דער שכן געענטפערט, אַוועקזעצענדיג זיך ביים זעלבען טישעל, אַריבערגעלעגט אַ פוס איבער אַ פוס.

אויפ'ן טישעל האָט געברענט אַ קליין לעמפּיל, נאָר מיט אַ גרויס לויטער פייער; אויך דאָס גלעזעל איז געוועזען ריין, קענטיג, אויסגעווישט פון אַ געניטער פליסיגער האַנד. דאָס טישעל איז געוועזען ריין צוגעקליבען, פערשפּרייט מיט אַן אַלט ריין טישטוך און פון אויבען אַ צייטונג, און ניט געקוקט דערויף, וואָס דאָ און דאָרטען איז געוועזען אָנגעוואָרפען טיטון מיט הילזען און פאַרטיגע פּאַפּיראָסען מיט טישו-ביקלעך, וואָס האָבען בעדאַרפט אַרומגעשוירען ווערען, איז דאָך די ריינקייט ניט געשטערט געוואָרען. אין גאַנצען צימער האָט זיך גע-שפּירט אַ האַנד פון אַ בעל-הבית'טע: דאָס אייזערנע בעטעל, וואָס איז געשטאַנען מיט'ן צוקאָפּען-ווענטיל ביים פענסטער-וואַנט, איז געוועזען פער-שפּרייט מיט אַ ווייסער פּיקייענער דעקע, פערלעגט מיט אַ פּאָלב. פון אויבען איז פּאָפּערעק געשטאַנען דאָס קישען מיט צוויי שאַרפע שפּי-צען, און דער גרויסער קויש, וואָס איז ניט ווייט פון בעטעל געשטאַנען, איז געוועזען פערשפּרייט מיט צייטונגען. דער שכן, אַ בלאָנדער יונגער-מאַן, אַ הייכער, מיט אַ גוט, געזונט, עהרליך און ערנסט געזיכט, מיט קלוגע, ברוינע, שאַרפע אויגען, וועלכע האָבען טאַקע געהאַט עפּיס שטאָל-צעס, האָט דעם גאַנצען צימער צוגעגעבען עפּיס אַ מין שטיל-געמוט-ליך, נאָר פאָרזיכטיג-שטרענג אויסזעהן. אין יעדער בעוועגונג זיינער האָט זיך געשפּירט אַ מאָדנע שטילע געלאַסענקייט, און דאָס אַליין האָט עפּיס שטאַרק געגעבען צו פיהלען, אַז דער מענש פערמאָגט עפּיס אייגענאַר-טיגס, עפּיס געהיימעס, און דער עיקר אַזעלכעס, וואָס האָט ניט צו-געלאָזט צו זיך און שטום געזאָגט: איך בין איך, איך ביז ניט דו, כאָטש בטבע איז ער גאָר קיין שטאָלצער ניט געוועזען. ער האָט אַ קוק געגעבען אויפ'ן בעל-הבית'ל, און אין קוק איז געלעגען עפּיס אַזעלכעס, ווי ער וואָלט געפרעגט: „וואָס טוסטו דאָ, שוטה איינער?“. דער לעצטער האָט עס גלייך דערשפּירט, און איהם איז, ווי אַלע מאָל 32

אין אַזעלכע צופאַלען, אָנגעפאַלען אַ פיינליכער חשק, צו דערווייזען איהם, אַז ער, דער שכן, איז אַ גרעסערער שוטה פון איהם, נאָר דאָס טראַכטען האָט איהם ווינציג וואָס געהאָלפען. ער איז פאָרט ווי אַ געפלעפטער געשטאַנען, זיך ניט געקאָנט פריי בעוועגען און ניט געקאָנט אַריבערטראָגען יענעמס אויגען, וואָס זענען איהם געוואַלדיג אָבשטויסענדיג געווען און איינצייטיג געוואַרימט און געצויגען צו זיך. ער איז איצט, ווי אַלע מאָל געפינענדיג זיך אין זיין געגענוואַרט, אַרויס פון נאָרמאַלען רוהיגען צושטאַנד. עפּיס האָט זיך דאָרטען אין האַרצען און מוח, אין בלוט געדרעהט אַזעלכעס, אין וואָס ער האָט זיך ניט געקאָנט אָבגעבען קיין רעכענונג, נאָך וואָס ער „קריכט“ אַהער, וואָס אַזעלכעס ציהט איהם צו דעם מענשען, וואָס ער האַסט איהם, און האָט איהם דאָך ניט פיינט... וואָס אַזעלכעס ציהט איהם צו דעם מענשען, וואָס פערטיליגט איהם מיט זיינע שמייכלענדיג איראָנישע בליקען? און אויף לעצט, ווי קאָן ער אַריינגעהן צו אַזעלכען, וואָס האָט איהם נאָך קיינמאָל ניט געבעטען זיצען? בעריל האָט איהם דאָס מאָל געוואָלט בעווייזען, אַז ער רעכענט זיך ניט מיט איהם, אַז ער וועט זיך שוין דוקא אַוועקזעצען אומגעבעטען, און אַזוי אַרום יענעם געבען צו פיהלען, אַז ער איז אַ גראָבער יונג...

דער שכן האָט זיך גענומען צו זיין אַרבייט, האָט געשטאָפּט פּאַפּיראָכען. דער בעל־הבית האָט איהם געקוקט אין די הענד אַריין, און עס האָט זיך איהם שטאַרק געגלוסט אָבצושערען די טשובּיקלעך פון די אָנגעשטאָפּטע פּאַפּיראָסען... געוועהנטליך האָט עס וויט געהאַלטען דערפון, ער זאָל עס טון, און וועלענדיג פערטױבען דאָס געפיהל, האָט ער גענומען אַ הילזע אין די הענד אַריין און זיך גענומען פאָרען מיט איהר... כלומר׳שט דאָס האָט ער געוואָלט טון, ניט יענץ... האָט זי פערדרעהט און אָבגעדרעהט, נאָכדעם אָנגעהױבען רייסען פון איהר שטיקלעך און ברעקלעך. האָט לעצטענס איבערגעריסען דאָס קאַרדאָנדעל, און אַזוי אַרום געוואָלט בעווייזען, אַז ער פיהלט זיך גאַנץ פריי דאָ... ער האָט זיך דאָס מאָל בעשלאָסען גאָרניט רעדען, אַזוי ווי יענער רעדט ניט, און לאָז ער ניט איבערקלערען, אַז ער, בעריל, זוכט מיט איהם צו רעדען... נאָר איהם האָט די שטילקייט געשטיקט און געוואָרגען... איהם האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע צימער איז אָנגעפילט געוואָרען מיט אַ שווער־אומזיכטיגער משא... עס האָט זיך געדאַכט, אַז יעדע זאַך, דער טיש, די בענקלעך, דער קאָרב, די שאַפע, דאָס בעטעל האָבען בעקומען אַ טאָפּעלע וואָג, אַליין איז שווער, אומגעהייער שווער געוואָרען. יעדער זאַך בעזונדער איז עפּיס ווי אַריין אין זיך, זיך פערטיפט וועגען דער אייגענער שווערקייט, און אויך דער שכן האָט בעקומען אַן אומבעגרעניצטע וואָג, און דער שאָטען 33

זיינער, וואָס האָט דריי פערטיל צימער פערגאָסען, האָט נאָך מעהר געגעבען צו שפירען די שווער־פערהאַרטעוועטע שטילקייט, די געדיכטער געמאַכט. און געדאַכט האָט זיך איהם, אַז פון איהם איז פערשוואונדען געוואָרען, ווי דורך אַ מין כשוף, איינער פון זיינע פינף חושים... ער האָט ניט געוואוסט וואָס, נאָר געפיהלט, אַז עפּיס פעהלט, און אַז דער ליידיגער פלאַץ האָט ווי דאָס גאַנצע צימער מיט אַ בלייענער שווערקייט אָנגעגאָסען. און געפיהלט האָט ער, אַז ווייטער אַזוי זיצען איז אוממעגליך: אָדער פערלאָזען דאָס צימער, אָדער איבעררייסען די שטילקייט. נאָר אי דאָס ערשטע, אי דאָס צווייטע איז איהם שווער געווען ביי זיך צו פועל'ן... ער האָט זיך לאַנג געיישוב'ט און בעשלאָסען, גלייכער עפּיס אָנהייבען צו רעדען, איידער אַרויסגעהן... נאָר פון וואָס הויבט מען אָן?... ער האָט זיך ענדליך דערמאָנט אָן „אַ קלוג" שפיצעל, וואָס ער האָט היינט אָפגעטאָן אַ קונה, און געפונען פאַר צוועקמעסיג דאָס צו דערצעהלען דעם שכן.

ער האָט אַ הוסטעלע געטאָן, אַ שמייכעל בעוויזען און איז אַרויס מיט לשון:

— איך האָב היינט אָפגעטאָן אַ קונה אַ שפיצעל — האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ פערגליווערט שטיל קול — איהר מעגט דאָס אויסהערען... היינט געהט צו מיר צו אַ יונגער מאַן... און וויל ביי מיר קויפען אַ בייטעלע. געפעלט איהם צוויי בייטעלעך! צוויי בייטעלעך אין פערשיידענע פרייזען, איינס אַ טייערערס און דאָס צווייטע אַ ביליגערס. פרעגט ער מיר, וואָס קאָסט דאָס, וואָס קאָסט יענס. פאַלט מיר איין צו זאָגען איהם, אַז דאָס וועלוועלערע, וואָס קאָסט וועלוועלער פונ'ם טייערערן אויף צוואַנציג קאָפּיקעס, קאָסט נאָך טייערער פונ'ם טייערן מיט פינף קאָפּיקעס... הערט, איהר מעגט עס אויסהערען... בעטראַכט ער זיי ביידע, בעקוקט, טאַפט, רייבט, עפענט זיי און פערמאַכט, און איך שטעה און קוק, וואָס וועט דאָ זיין דער סוף. מילא, טראַכט איך, וועל איך אַריינפאַלען, איז איך פערפאַלען... דערויף איז מען דאָך אַ סוחר... שפעקולאַציע... ס'הייסט, איך האָב דאָ ניט געוואָלט קיין מסחרים מאַכען, נאָר מיר האָט זיך גלאַט פערגלוסט אַ תוספות'ל.... מ'מיינט דאָך, אַז אונזערע לייט האָבען שוין גאָר ניט קיין שכל אין קאָפּ.... דערצו אומעטיג אויפ'ן האַרצען איז... קיין געלד לייזט מען ניט... זעה איך, ווי ער האַלט זיך מיט'ן טייערערן... מיט'ן וועלוועלערן, ס'הייסט טאַקע מיט'ן טייערערן, נאָר וואָס איך האָב איהם געזאָגט, אַז ס'קאָסט וועלוועלער פונ'ם וועלוועלערן... ניט קיין נאַר, טראַכט איך... נאָר מיין האָפענונג האָב איך נאָך אַלץ ניט פערלוירען. ער האָט נאָך 34

ניט אַוועקגעלעגט דאָס וואָלוועלע, ס'הייסט דאָס, וואָס איך האָב בּכּיון געזאָגט, אַז ס'קאָסט טייער, און קאָן זיך קיין עצה ניט געבען, אַוועלכעס צו קויפען. בּקיצור, ער נעמט זיך דינגען און דינגען, דינגט בּיידע, דערנאָך ווערט ער, הייסט עס, נעמען וואָס איהם ווערט געפעלען. אַ צעהנער אַראָב, אַ צעהנער אַרויף, און דאָס וועלוועלערע שטעהט אַלץ מיט פינף קאָפּיקעס טייערער אויסגעדונגען. פרעגט ער מיך: זאָגט מיר, איך בּעט אייך, פאַרוואָס קאָסט דאָס טייערער פון יענעם? מיר דאַכט זיך, אַז דאָס בּיליגע איז בּעסער פונ'ם טייערן. זאָג איך צו איהם: „נו דאָס קאָנען נאָר מיר, פאַך-לייט, וויסען, וואָס פאַר אַ סחורה ס'איז בּעסער און וואָסערע ס'איז ערגער". בּקיצור, איך וועל אייך מאַכען אין קורצען: ער האָט געקויפט. ער האָט געקויפט דאָס טייערע, ס'הייסט דאָס געמיינערע, נאָר וואָס האָט געקאָסט מיט פינף קאָפּיקעס טייערער פונ'ם טייערן און מיר געלאָזט... און מיר געלאָזט דאָס בּיליגע, ס'הייסט דאָס טייערע, וואָס האָט געקאָסט טייערער פונ'ם טייערן מיט צוואַנציג קאָפּיקעס...

— גוואַלד, האָט אויף מיר רחמנות! — האָט דער שכן פלוצים אויסגעשריגען, אַ כאַפּ געבענדיג בּיידע הענד צו די אויערן, האָט זיך שטיל מיט אַ גוט-מוטיג געלעכטער אויפגעהויבען און, ניט אַראָבנעמענדיג די הענד פון די אויערן, אַרומגעשפּרייזט פון איין עק צימער צום אַנדערן און אַ פּאָר מאָל איבּערגע'חזר'ט: „גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!" — און געלאַכט.

— בּעריל! בּעריל! האָבען זיך איינס נאָך דאָס אַנדערע דערהערט סימעס קולות, פּונקט ווי זי וואָלט זיך דאָרטען אָבגעבּריהט מיט הייסען וואַסער.

ער האָט שוין פערשטאַנען, וואָס מ'רופט איהם. ער האָט אַן איינגעבויגענער, אַן איינגעהויקערטער, ווי אַן אָרים יתומ'ל, זיך בּעוויזען צו איהר און דערזעהן... ניין, ער האָט זי ניט דערקענט. אַ טייוועל, אַ מכשפה איז פאַר זיינע אויגען געשטאַנען... די אויגען האָבען געבּליצט, די בּאַקען און די אויערן געפלאַמט. זי האָט גאָרניט גערעדט, נאָר איינגעגראָבען אַלע פינגער אין פּנים, פון וואָס עס האָבען זיך אָבגעצויגען די אונטערשטע לעדלעך פון די אויגען און בּעקומען עפּיס אַ מין ווילד אומגעלומפערט משונה'דיג אויסזעהן... שפּעטער האָט זי, נאָך אַלץ גאָרניט רעדענדיג, זיך אָנגעהויבען צו רייסען די האָר, פּאַמעליך, מיט אַ שטיל פערבּיסען עקשנות האָט זי פונ'ם קאָפּ בּיז די עקען, אָנגשטרענגענדיג אַלע קרעפטען, געריסען זשמוטענווייז די האָר. אויף לעצט איז זי

איהם מיט איהר צעווילדעוועט פנים אַריין און מיט אַ האַרטער, פערביסענער, איינגעהאַלטענער שטילקייט געפרעגט:

— זאָג מיר, וואָס איז דאָרטען געווען?...

— איך האָב דיר ניט, וואָס צו זאָגען — האָט ער שטאַמלענדיג געענטפערט, אויפהויבענדיג די אַקסעלעך, פון וואַנען עס האָט זיך נאָר אַרויסגעזעהן דער האַרבער קאַפעליוש —.... גאָרניט, וואָס האָט דאָרטען געהאַט צו זיין?...

— ת—אַ—אַ—מ'עץ! — האָט זי איהם אַריינגעזאָגט אין פנים אַריין.

אין אַ פופצעהן מינוט אַרום זענען שוין ביידע געלעגען אין די ברייטע הילצערנע בעטען מיט די הויכע קאָפען־ווענטלעך, וואָס זענען געשטאַנען איינס אַנטקעגען דאָס אַנדערע, פונאַנדערגעטיילט דורכ'ן גרויסען פענסטער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט אין פינסטערן הויף, פון וואַנען עס האָט זיך פון צייט צו צייט געלאָזט הערען פרעמדע טריט און דאָס איינטאָניגע צאַפען זיך פון די רינעס אויף דער אויסגעשטיינערטער ערד. ביידע זענען לאַנג געלעגען, ניט געקאָנט איינשלאָפען. ביידע האָבען געהערט, ווי דער זייגער פון יענער זייט וואַנט, וואו עס האָבען געוואוינט פרעמדע אומבעקאַנטע מענשען, האָט געשלאָגען צוועלף, און האָבען אין די געדאַנקען נאָכגעצעהלט: איינס!... צוויי!... דריי!... און אַרום דעם קלינגען האָבען זיך געדרעהט שוואַרצע שווער־דריקענדיגע געדאַנקען...

———

בעריל האָט אַלע יאָהרען, ס'הייסט, זינט ער איז צום שכל געקומען, געגלויבט, אַז ער פערמאָגט אויסער־געוועהנליכע פעהיגקייטען צו מסחר. ביי איהם אין קאָפ האָבען זיך, זינט ער האָט אָנגעהויבען צו האַנדלען, געדרעהט פערשיידענע אונטערנעמערישע פלענער, וואָס עס האָט איהם געשטערט זיי איבערצופיהרען זיין מאַטעריעלע לאַגע. ער האָט געגלויבט, אַז ער וואָלט מיט איין צעהן־הונדערטער געקענט איבערקעהרען אַ וועלט, אַזאַ קאָמבינאַטאָר איז ער עס, נאָך זיין מיינונג, געווען. און וואונדערליך: פון יענער צייט אָן, וואָס דער שכן וואוינט ביי איהם, האָט ער אויפגעהערט צו גלויבען אין זיין געניאַליטעט... און אָנהויב האָט ער זיך אָפט געפלייסט צו בעווייזען, אַז צו לעהרעריי (דער שכן איז אַ לעהרער) דאַרף מען ניט האָבען קיין בעזונדערע פעהיגקייטען. יעדער איינציגער, אַבי ער קאָן נאָר (און קענטעניש, אַבי מ'וויל נאָר, קאָנען עס אַלע דערגרייכען) קאָן זיין אַ לעהרער, אָבער ניט אַלע מענשען קענען זיין סוחרים. מ'דאַרף דערצו געבוירען ווערען, מ'דאַרף האָבען 

קודם כּל דעם גוטען דרעה־קאָפּ; מ'דאַרף פערמאָגען אַ גוואַלדיגע ענערגיע, און אויב ער וויל גאָר וויסען — דער שכל, — טאַלאַנט, מ'דאַרף פּשוט האָבען טאַלאַנט דערצו... אַז מ'גיט אַ קוק אויף אַ קונה, דאַרף מען איהם קאָנען דורכנעמען מיט'ן אויג און וויסען, וואָס אַזעלכעס איהם ווייזען אין וואָס פאַר אַ פּרייז אויסצובעטען, קורץ, ער האָט זעהר פיעל גערעדט וועגען דעם. ער האָט, אַגב, זעהר ליעב געהאַט (ער האָט עס נאָך היינט אויך ליעב) צו לעזען אַנאָנסען, ווי אַזוי געוויסע פירמעס אַנאָנסירען זיך, און האָט ער אָנגעטראָפען, נאָך זיין מיינונג, אַ גוטע אַנאָנס, האָט ער פּשוט אָנגעקוואָלען. ס'האָט איהם ווילד הנאה געטאָן, וואָס יאָקיל אָדער פייביש האָט אָבגעדרוקט אַ גוטע רעקלאַמע, און ער איז זיי, די פירמעס, פאַר זייער חכמה געוואָרען דער בעסטער גוטער פריינד. ער אַליין, בעריל, טראָגט זיך שוין אַ יאָהר פינף אַרום מיט אַ „סוד“, ווי צו מאַכען אַזאַ מין זאַלב, וואָס וואָלט אָנגעמאַכט אַ גרויסען רושם. נאָר פאַרוואָס פער־עפענטליכט ער איהם ניט, ווייסט ער אַליין ניט. אפשר דערפאַר, וואָס ער האָט זיך שוין איינמאָל אָבגעבריהט, ווען ער האָט גע'פּטר'ט די צוויי הונדערט קאַרבען, וואָס ער האָט גענומען נדן, אויף זייף מאַכען...

נאָר זינט דער שכל האָט זיך צו זיי אַריינגעקליבען, האָט ער פּשוט פערלוירען דעם באָדען פון אונטער די פיס. ער האָט פערלוירען זיין „איך“. ער האָט זיך ניט געקאָנט אָבגעבען קיין רעכענונג, צי איז ער אַ גוטער, אַ שלעכטער, אַ נאַר אָדער אַ קלוגער, אָדער אפשר פערמאָגט ער גאָר־ניט, ניט קיין נאַרישקייט און ניט קיין חכמה. צומאָל, אַז ער האָט עפּיס געטראַכט, האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ניט ער טראַכט, אַז ער האָט עפּיס געפיהלט — אַז ניט ער פיהלט. אַזעלכע געדאַנקען זענען איהם צום מיינסטען איינגעפאַלען, ווען ער איז אין שטוב געווען, פיהלענדיג פון איין זייט די ווייב, פון דער צווייטער — דעם שכן... ער ווייסט ניט, צי זאָל ער רעדען, ווען ס'ווילט זיך רעדען, צי זאָל ער געהן, ווען ס'ווילט זיך געהן. ניטאָ, ניט געבליבען קיין אייגענער ווילען. עפּיס פיצלעך מיט ברעקלעך, אַ צוזאַמענשמעלץ פון פרעמדס און אייגענס, און ער קאָן זיך ניט פונאַנדערקלייבען, וואָס איז זיינס און וואָס פרעמדס...

— דו זעהסט אויס, ווי אַן אמת'ער אידיאָט! — האָט איינמאָל די ווייב בעמערקט, ווען ער איז געזעסען פערטיפט אין דעם פּלאָנטער.

געוועהנליך האָט זי ניט אָנגעהויבען צו וויסען, וואָס פאַר אַן איבער־קעהרעניש עס איז ביי איהר מאַן געוואָרען אַדאַנק זייער שכן און אַדאַנק איהרע אָפטע אָנפאַלען אויף איהם. זי האָט פון טאָג צו טאָג, האָבענדיג דעם שכן ביי זיך, אַלץ מעהר חסרונות אויפ'ן מאַן דערזעהן... זי האָט

אינסטינקטיוו געפיהלט, אז יענער שטעהט פיעל העכער פונ'ם מאן, און געוואלט האט זי אויפהויבען דעם מאן, מאכען פון איהם עפּיס אנדערש, ווי דאס, וואס ער איז, נאר ניט געוואוסט, וואס און ווי אזוי. עס וואלט איהר אפילו גענוג געווען צו וויסען, אז דער שכן גלויבט, אז זי האלט דעם מאן העכער פון איהם, מעג עס אין דער אמת'ן אפילו ניט זיין אזוי.. האט זי אבער — ווער ווייס, דורך וואס פאר א קוועלע — גע־וואוסט, אז יענער ווייס, אז ס'איז פונקט פערקעהרט. האט עס איהר געקרענקט, איז זי געווען ככדר אויפגערעגט... זי אליין פאר זיך האט זיך שוין דוקא געוואוסט, ווי אזוי זיך צו האלטען. זי האט געמאכט אזא אנשטעל, אז איהר שטעהט גאר ניט אן מיט איהם צו רעדען, נאר דער עיקר איז דא געווען דער מאן... ס'איז קיין וואונדער ניט, וואס זי האט פאר א ליאדע קליינינקייט, פאר גארנישט, פאר א ווארט אויסגעגאסען די גאנצע כאך אויפ'ן מאן, און ער ווידער האט ניט געקאנט פערשוויגען, וואס זי טשעפעט זיך צו איהם אומזיסט... האבען ביידע איינס אויף דאס אנדערע געטראגען שווערע הערצער. אין דער לופט איז געווען עפּיס א מין אומרוהיגער עלעמענט, וואס איז גרייט געווען אלע טאג, אלע שעה, אלע מינוט אויפצופלאמען און אנמאכען א געוואלדיגען חורבן, און ניט זי און ניט ער האבען קיינע פערהיטונגס־מיטלען ניט געקאנט פאר־נעמען. די גרעסטע געפאהר איז בעשטאנען אין דעם, וואס איינער פון צווייטען האט נישט געוואוכט, וואס יענעם דריקט. עס זענען קיין ווער־טער ניט געווען, וואס זאלען קאנען אויסדריקען דאס, וואס זיי האט אזוי אומרחמנות'דיג געפייניגט... צומאל האבען זיי אפילו אן שכן אינ־גאנצען געהאט פערגעסען, נאר א שאטען פון איהם איז צווישען זיי געשטאנען און געדריקט, ווי א שווערע גרויע וואנט. זיי האבען זיך, ווי געשעמט צו בעווייזען צערטליכקייט איינער צום אנדערן, דער שאטען האט זיי עפּיס ווי פערהיפנאטיזירט און ניט אבגעטראטען אפילו אין די אינטימסטע מינוטען... זיי האבען שוין אפילו אויסגעהערט צו טראכטען פון איהם מיט ווערטער, נאר ער איז געווארען ביי זיי א טייל פון זיי־ערע געדאנקען, פון זייערע געפיהלען. ביי איהר איז עס אזוי ווייט דער־גאנגען, אז עס האט זיך איהר געלאזט גלויבען, אז זי וואלט איהם ניט געקאנט, אז זי וואלט קיין דרייסטקייט ניט געהאט, צו געבען איהם א ווידערשטאנד, ווען ער זאל צושטעהן צו איהר. און די זיכערקייט, אז אזעלכעס וועט קיינמאל ניט טרעפען, ס'הייסט, אז איהם וועט ניט אנ־שטעהן צוגעהן צו איהר, האט אויסגעארבייט א פערלאנג, אז אזעלכעס זאל יא געשעהן... זי האט געוואלט דערשטיקען אין זיך דאס געפיהל, זיך געוואלט איינרעדען, אז ער וואלט געקראגען פון איהר אזא פסק,

אַז ער וואָלט זי גערהאַט צו געדענקען, נאָר ס'האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען... איז זי געוואָרען בייז, ווי אַ טייוועל, אַ טאָפּעלע בייזקייט: איינמאָל, וואָס ער וועט קיינמאָל ניט צוגעהן צו איהר, און דאָס צווייטע, וואָס ווען ער וואָלט צוגעגאַנגען, וואָלט זי קיין דרייסטקייט ניט געהאַט איהם אָבצושטויסען. און וואונדערליך, וואָס אויך ער, דער מאַן, האָט ניט איינמאָל וועגען דעם געטראַכט. אויך איהם האָט געפרעסען דער גע־דאַנק, אַז דעם שכן וועט ניט אָנשטעהן אַריינצולאָזען זיך מיט זיין ווייב אין נאָהענטע בעציהונגען. אויך ער האָט זיך דערפון בעליידיגט געפיהלט... און ביידע האָבען געזעהן מיט אַלע מעגליכקייטען זיך צו בעהאַלטען איינס פאַר דאָס אַנדערע מיט די געדאַנקען. זיי האָבען זיך בכלל געזעהן צו בעהאַלטען מיט אַלעמען, וואָס האָט אַ שייכות געהאַט צום שכן. און ניט געקוקט אויף דעם, וואָס דער לעצטער האָט ניט ווילענדיג אָנגעמאַכט צווישען זיי די גאַנצע בורע, האָבען זיי זיך צו איהם בערך גאַנץ גוט פערהאַלטען און זענען גרייט געווען פאַר איין גוט וואָרט צעשמאָלצען ווערען פאַר איהם. אַזעלכעס האָט איינמאָל געטראָפען, ווען ער האָט אַריינ־געטראָגען זיין פאַלטאָ און געבעטען, זי זאָל איהם צונייהען אַ הענגער. זי האָט זיך דערפרעהט, ווען ער האָט איהר צוגעטראָגען דעם פאַלטאָ, און האָט זיך גלייך גענומען צו ערפילען זיין בקשה.

ער איז געשטאַנען ניט ווייט פון איהר אָנגעשפאַרט ביים טיש און איהר געקוקט אין די הענד אַריין. זי האָט איהם געבעטען זיצען, נאָר ער האָט גוטמוטיג געדאַנקט, און זי האָט אַ טראַכט געטאָן: „שטעהט איהם ניט אָן". אַז זי האָט שוין געהאַלטען ביים ענדיגען די אַרבייט, איז איהר געלונגען צו פערבינדען מיט איהם אַ שמועס. ער האָט איהר געזאָגט, אַז ס'איז איהם זעהר לאַנגווייליג, זיך בעקלאָגט, אַז ער האָט דאָ ניט קיין בעקאַנטע, וואוהין ער זאָל קאָנען אַריינגעהן פערברענגען אַ פאָר שעה. האָט זי זיך אָנגעכאַפּט אָן די פאָר ווערטער, האָט זיך אויך פערקלאָגט פאַר איהם אויף איהר אומעט, און אום צו דערווייזען איהם, ווי ווייט מ'קאָן זיך דאָ פיהלען פרעמד אין אַ גרויסער שטאָדט, האָט זי איהם דערצעהלט פאָלגענדען עפּיזאָד:

— מיר וואוינען שוין דאָ, אין דער דירה, דאָס פערטע יאָהר, ס'הייסט, פון דער התונה אָן. און אַנטקעגען אונז דאָ אין דעם קאָרידאָר וואוינט אַ שכן, וואָס האָט שוין דאָ געוואוינט פריהער, איידער מיר האָבען זיך אַריינגעקליבען אַהערצו... נומער דריי און פופציג ... אַנטקעגען... בע־קענט זענען מיר ניט, כאָטש מיר בעגעגענען זיך אַלע טאָג אויף די טרעפּ ביי די טירען. נאָר קענען קען איך זיי אַלע פונ'ם בעגעגענען טאַקע, ס'הייסט איך קען זיי אויף די פנימ'ער, איך ווייס, פון זיפּיעל מיטגלידער

עס בעשטעהט די פאַמיליע, איך וויים, אַז דער אַלטער איז דער אַלטערס מאַן, און די אַלטע דעם אַלטענס ווייב... די יונגע איז זייערע אַ מאָכטער, דער יונגער — זייערער אַ זוהן, דאָס יונגעלע — זייערס אַ יונגעלע און אַ מיידעלע — זייערס אַ מיידעלע. מעהר האָב איך ניט בעגעגענט. איינמאָל... פאַר־אַיאָהרען איז עס געווען, דערהערען מיר, איך מיט מיין מאַן, גאַנץ פריה אַ געוויין. עפענען מיר די טיר, און — אַ יללה, פונקט, ווי מ׳בעווינט אַ טויטען, ניט דאָ געדאַכט. שטעהען מיר, איך מיט מיין מאַן, ביי דער טיר, הערען זיך איין און פרעגען איינס דאָס אַנדערע: ווער האָט דאָ געקאָנט פּלוצים שטאַרבען? מיר זענען לאַנג געשטאַנען, ציקאַווע געווען צו וויסען, ווער ס׳איז געשטאָרבען. פאַר דער צייט האָבען מיר געזעהן דעם אַלטען אַרויסגעהן און אַריינגעהן, געזעהן דעם יונגען אַריינגעהן און אַרויסגעהן, געזעהן די יונגע, וואָס מיידעלע, דאָס יונגעלע, און זי, די אַלטע, האָבען מיר געהערט וויינען. ווער זשע פאָרט האָט דאָ געקאָנט שטאַרבען, ווען אַלע דרעהען זיך אַרום? איך וועל אייך מאַכען בקיצור: דאָרטען ביי דער אַלטער איז געווען אַן אַלטע מומער אַ געליימטע, ניט פאַר אונז געדאַכט, און זי, די אַלטע איז עס פּלוצים ביינאַכט געשטאָרבען, און מיר, אָבוואָינענדיג צוויי־דריטהאַלבען יאָהר אַ טיר אַנטקעגען אַ טיר, האָבען ניט אָנגעהויבען צו וויסען, אַז דאָרטען איז דאָ אַן אַלטע יודינע, אַ געליימטע...

דער שכן האָט זיך, קענטיג, פעראינטערעסירט מיט דער מעשה, וויל ער האָט זיך ערנסט, טיפזיניג פערטראַכט, האָט פערדרויכערט אַ פאַפּיראָס און, בלאָזענדיג דעם רויך צום פענסטער צו, ט׳פזיניג בעמערקט:

— און איהר מיינט, אַז מ׳ווייב שוין, ווי אַזוי אַ מענש הייסט, און וואָס ער טוט, קען מען איהם שוין?... מ׳קען אָבלעבען מיט אַ ווייב, מיט אַן אייגענער ווייבעלע יאָהרען, און דער מאַן זאָל ניט וויסען, ווער דאָס ווייב איז, און זי — ווער דער מאַן איז...

— יאָ, איך פערשטעה! — האָט זי געזאָגט אַ צופרידענע, וואָס ער האָט זיך אָבגערופען אויף איהר ערצעהלונג, און אין האַרצען, איז געווען אַזוי וואַרים, אַזוי וואַרים — יאָ, איך פערשטעה, עס טרעפען אַמאָל אַזעלכע זאַכען אויך. איך מיין אָבער, אַז ניט אַלע ווייבער...

זי איז פּלוצים אַנטשוויגען געוואָרען, בעמערקענדיג אויפ׳ן שכנ׳ס ליפען אַ טרוקען סאַרקאַסטיש שמייכעלע. זי האָט דערשפּירט אַ קעלט אין די שפּיץ פינגער, ווי עס וואָלט פּלוצים ביי איהר עפּיס אָבגעשטאָרבען, און אויפ׳ן האַרצען איז געוואָרען אַזוי שווער, אַזוי אומעטיג, אַזאַ פּוסטעניש. אין אַ פּאָר מינוט אַרום, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט פערענטפערן, האָט זי געזאָגט מיט אַן אונטערטעניג־געפאַלענעם טאָן:

—... איך ווייס ניט, אפשר האָב איך ניט פערשטאַנען. וואָס איהר האָט געמיינט. — נאָר דער שכן האָט שוין ניט געענטפערט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט „אָבשאָקלען" פון איהר, האָט אָבגעבלאָזען צום פענסטער דעם רויך און זיך פערקוקט אויף אַ באַלקאָן, וואו עס איז געשטאַנען אַ פרוי און אויסגעשאָקעלט אַ קאָלדרע.

מיט דעם האָט זיך דער שמועס געענדיגט. ער האָט איהר ניט גע-ענטפערט, און ביי איהר האָט שוין אָבגענומען דאָס לשון. זי האָט אָבגעגעבען דעם פּאַלטאָ מיט'ן צוגענייהטען העֶנגער. ער האָט איהר בע-דאַנקט און איז אַריין צו זיך אין צימער, פערמאַכענדיג פעסט הינטער זיך די טיר. און דערפיהלט האָט זי זיך אַזוי בעליידיגט, אַז זי האָט זיך נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געפיהלט. און אין אָוונד, ווען דער מאַן איז געקומען, האָט זי זיך ניט געקענט אָבהאַלטען ניט אויסצודריקען דעם שמערץ, וואָס האָט זי אומרחמנות'דיג געשטיקט. זי האָט פּלוצים אַ זאָג געגעבען:

— דאָ וועט עס טרעפען עמיצען אַ בראָך!...

ער האָט גלייך פערשטאַנען, וועמען זי מיינט, און געפונען פאַר צוועקמעסיג צו ענטפערן:

— און דו מיינסט, אַז ער וועט אַמאָל חתונה האָבען!...

— פאַרוואָס זשע האָסטו חתונה געהאַט?...

— און ער, מיינסטו, וועט ניט חתונה האָבען? — האָט ער שוין צוריק גערעדט, ווילענדיג כאָטש אַזוי אַרום אַוועקשטעלען דעם שכן מיט זיך אויף איין ברעט...

— האָסט דאָך נאָר וואָס געזאָגט, אַז ער וועט ניט חתונה האָבען! האָט זי מיט אַמאָל איסגעשריגען — און איצט זאָגסטו שוין, אַז ער וועט יע חתונה האָבען.

ער האָט אַ ווײלע געטראַכט, ווי זיך אויסצודרעהען פון דעם פּלאָנ-טער... ער האָט פערלירען דעם פאָדים. צי איז גלייכער צו זאָגען, אַז ער וועט יאָ חתונה האָבען, צי גלייכער צו זאָגען אַז ניט?... ער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן הינטערן אויער און פּלוצים אויסגערופען:

—...ער איז דאָך אַ קראַנקער!...

— ווער איז אַ קראַנקער?... האָט זי פערוואונדערט געפרעגט.

—... „ער"!

— נו...

— וועט ער ניט חתונה האָבען! — האָט ער נאָך אַ לאַנגער פּויזע געענטפערט.

— פֿאַרוואָס זשע האָסטו חתונה געהאַט? — האָט זי דאָס צווייטע מאָל כמעט ווי אומבעוואוסטזיניג געפרעגט...

— איך בין דען אַ קראַנקער?...

— איך פרעג עס גלאַט אַזוי...

— וואָס הייסט, פֿאַרוואָס? ווייל אַלע מענשען האָבען חתונה!

— ביזטו דאָך אַ מאַלפּע!...

— וואָס אַ מאַלפּע?...

זי האָט ניט געענטפערט. און ער, פיהלענדיג, אַז דאָ האַנדעלט זיך עפּיס וועגען זיין און „יענעמס" פערזענליכקייט, האָט זעהר געוואָלט אַרויס־קריגען „אַן איינגעוואַשענער" פון דעם פּלאָנטער. די געדאַנקען האָבען זיך געקניילט: אָט כאַפּט ער דעם עק, און אָט פערלירט ער איהם ווייטער; און אָבלאָזען עס אַזוי, ווי ס'איז, האָט ער אויך ניט געקאָנט, ווייל דער גאַנצער שמועס איז איהם גאַנץ אָנגענעם געווען.

— וואָס אַ מאַלפּע? — האָט ער דאָס צווייטע מאָל געפרעגט, און די אויגען האָבען בעקומען אַ טעמפּ פערגליווערט אויסזעהן...

— אַ מאַלפּע! אַ מאַלפּע! — האָט זי זיך צושריגען — דו ביזט אַ מאַלפּע, אַ אידיאָט און ווייטער גאָרניט.

בעקומענדיג זיין פּאָרציע, איז ער נעביך געבליבען זיצען ווי אַן אָבגעשמיסענער, אונטערגעשפּאַרט מיט איין האַנד דעם קאָפּ, און מיט דער צווייטער האָט ער מיט'ן אָנגווייזפינגער געקנעטען אַ שטיקעל ווייך ברויט אויפ'ן טיש. און איהר, וואָס איז געזעסען איהם אַנטקעגען מיט פערלעגטע הענד אויף דער האַרער ברוסט, האָט פערדראָסען, פֿאַרוואָס ער ענטפערט איהר עפּיס ניט, פֿאַרוואָס ער קען זיך ניט אויסדרעהען. זי האָט איצט מעהר ווי אַלע מאָל געגאַרט פון איהם עפּיס אַזעלכעס, וואָס זאָל איהם, דעם מאַן, קענען אַוועקשטעלען, אויב ניט העכער, איז כאָטש גלייך מיט'ן שכן. און אין נאָך אַ פּאָר מינוט צייט אַרום, קוקענ־דיג אויף איהם מיט גליהענדיגע אויגען, האָט זי עטליכע מאָל אויסגע־שריגען:

— אידיאָט!... אידיאָט!... טום—טאַם! — און געלאַכענער צוגעגעבען:

— וואָס ביזטו געקומען אויף מיינע יאָהרען? — און ער איז זיך שטיל קאַלטבלוטיג געזעסען און ווי פאַר זיך געמורמעלט:

— משוגע! משוגע!... משוגע, זאָל איך אַזוי לעבען!

ענדליך האָט זי זיך אַריינגעוואָרפען מיט'ן אָנטון אין בעט, מיט'ן פּנים צו דער וואַנט, און ער איז אַליין געזעסען אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ... ביידען האָט עפּיס שווערעס, געוואַלדיג שווערעס און אומדייטליכעס גע־דריקט... זיי האָבען זיך דאָס מאָל אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד געפיהלט

איינס פֿון דאָס צווייטע, אַז מאָמענטענווייז האָט זיך זיי ביידען ניט געגלויבט, אַז זיי זענען מאַן און ווייב... ביידע האָבען געפֿיהלט, אַז צווישען זיי קומט פֿאָר עפּיס אויסערגעוועהנליכעס. זיי האָבען געפֿיהלט, אַז צווישען זיי האָט זיך עפּיס אַ מין טייוועל אַריינגעכאַפּט, אַ ביט־גוטער, וואָס צעשטערט פֿון טאָג צו טאָג דאָס לעבען זייערס.

— משוגע! — האָט בעריל אויסגערופֿען, ווי פֿאַר זיך, אויפֿהויבענדיג זיך פֿון טיש — משוגע! — האָט ער מיט דעמזעלבען טאָן געזאָגט, זיך נעמענדיג אויסטון — משוגע! — האָט ער געזאָגט, אויסלעשענדיג דעם לאָמפּ — משוגע! — האָט ער געוואָרטשעט, אַריינלעגענדיג זיך אין בעט אַריין. און געדאַכט האָט זיך, אַז ניט ער, נאָר אַן אַנדערער, גאָר קיין מענש ניט, נאָר עפּיס אַ מין גייסט, אַ בייזער גייסט, וואָס איז געווען אין דער לופֿט צעגאָסען, האָט די ווערטער איינטאָניג, מיט אַ מאָדנער הירכֿדרינגענדיגער האַרטער שטילקייט געזאָגט: משוגע! משוגע!... משוגע!

———

נאָך אַ לאַנגער רייה כמאַרנע, פֿייכטע, נאַסע טעג האָט זיך אין איינעם אַ פֿריהמאָרגען אין אַ ווינקעל הימל בעוויזען אַ ראָזער פֿלעק, וואָס האָט פֿערכאַפּט די איבערשטע צוויי גאָרען, עטליכע פֿענסטער אין מערבֿ־זייט און אַ פֿאָר פֿענסטער אין דרום און משופּע מיט אַ שאַרפֿען שפּיץ זיך אַראָפּגעלאָזט צום דריטען גאָרען און אויך דאָרטען פֿערכאַפּט אַנדערהאַלבען פֿענסטער. ווייטער איז דער גאַנצער הימל געוועזען פֿערהילט אין אַ געדיכטען קאַלטען שאָטען און שטיל, ווי פֿערזונקען אין טיפֿע, טרויעריגע מחשבֿות, אַריבערגעקוקט אין יענעם פֿרעהליך ליכטיגען ווינקעל. און די אין שאָטען פֿערהילטע פֿענסטער האָבען, דאַכט זיך, מיט קנאה, מיט אַ שטיל פֿערבאָרגענעם וועהטאָג, אַריבערגעקוקט צו זייערע שכנים, וואָס האָבען פֿרעהליך געבלאַנקט אַנטקעגען דער זון, וועלכע קומט זעלטען ווען צו צו זיי, צו די מקנאים, אַפֿילו אין די גרויסע לאַנגע זומער־טעג.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס צום פֿאָר־פֿאָלק האָט די זון ניט אַריינגעשיינט, איז דאָך אויך דאָרטען ליכטיג געוואָרען פֿריהער, ווי אין יענע טעג, ווען די זון איז ניטאָ. און בעריל איז אויפֿגעשטאַנען מיט אַ האַלבער שעה פֿריהער, ווי ער שטעהט אויף געוועהנליך. ער האָט אויסגעריבען און אויסגעפּוצט דעם פֿאַלטאָ, וואָס איז פֿון הינטען געווען פֿערשפּריצט מיט בלאָטע כמעט ביזן קאָלנער; דאָסזעלבע האָט ער געטאָן מיט די הויזען, וואָס זענען אַזוי געווען פֿערשליאָכעט, אַז מ'האָט שוין גאָרניט אַרויסגעזעהן דאָס, אויף וואָס די בלאָטע האָט זיך געהאַלטען. נאָכדעם

האט ער זיך ארומגעוואשען און, אנטועגדיג זיך, א טראכט געגעבען, אז ער וואלט שוין בעדארפט האבען א נייעם קאלנער, נאר אזוי ווי ער האט אזעלכען ניט געהאט, האט ער ארויסגענומען דעם אלטען, וועלכער איז שוין אזוי קוים געווען, אז ס'איז שווער געווען צו דערקענען זיין פאפירענעם פרצוף.

ער האט אבגעדאווענט, זיך געמאכט איף דער מאשינקע א גלאז טיי, איף לעצט ארויפגענומען דעם קויש אויפ'ן טיש, אויסגעלעגט די כחורה און איז ארויסגעגאנגען אין גאס.

דאס ווייב איז ניט געשלאפען. זי האט אפילו געהאלטען צוגעמאכט די אויגען, נאר געשלאפען איז זי ניט. זי האט געהערט, ווי דער מאן האט זיך געפארעט, זיך ארומגעדרעהט און מאמענטענווייז זיך ניט געקאנט אבגעבען קיין רעכענונג, וואס א מענש קאן זיך אזוי פיעל דארפען ארומדרעהען... צומאל זענען די געדאנקען פערוויקעלט אין א ווייכען ווארימען נעפעל, און ס'האט זיך איהר געדאכט, אז ס'דרעהט זיך ארום א פרעמדער, א ווייטער, אן אומבעקאנטער...

דער קלאפ פון טיר האט זי צולעצט ארויסגעפיהרט פון דעם האלב־דרימלענדיגען, האלב־וואכענדיגען צושטאנד. זי האט געעפענט די אויגען, און כאטש זי האט פריהער, האלטענדיג זיי פערמאכט, אויך געוואוסט, אז ער איז אוועק, האט זי זיך עס איצט דאס צווייטע מאל דערוואוסט, נאר עפיס אנדערש ווי פריהער... דייטליכער... און ווער ווייסט פארוואס איהר איז פלוצים גוט געווארען דערפון, וואס דער מאן איז אויפגעשטאנען פריהער פאר איהר און זי געלאזט ניט זיצען אדער ארומגעהן, נאר ליגען אין בעט?... דאס דאזיגע משונה'דיגע בעגעהר צו בלייבען ליגען אין בעט נאכ'ן מאנס אוועקגעהן האט זי שוין בעהערשט א לענגערע צייט... עפיס האט זיך געדרעהט א נעפעלדיגער געדאנק, אז ס'וועט זיך עפיס ענדערן, נאכדעם וואס דער שכן וועט זי איין מאל טרעפען ליגען אין בעט... קוקען, ס'הייסט, קוקען וועט ער ניט, נאר ער וועט זיך, ווי עס פיהרט זיך ביי איידעלע מענשען, שטיל, הכנעה'דיג איף די שפיץ פינגער דורכגעהן די שטוב און וועט טראכטען, אז זי שלאפט.... זי האט געגארט, אז ער זאל כאטש איין מאל פיהלען צו איהר דאס אומדייטליכע, צערטליכע און עטוואס אכטענדע געפיהל, וואס ס'פיהלט א וואכעדיגער, פארבייגעהענדיג א שלאפענדיגען... און וואס וועט זיין? וואס וועט זיין, אז ער וועט צוגעהן צו איהר? זי האט אין דעם געדאנק ניט געגלויבט, האט געוואוסט, אז ער וועט ניט צוגעהן, און פערשפארט פארצונעמען מיטלען. נאר אזוי ווי זי איז עס גערן געווען, דערפאר, וואס אזוי ארום וואלט ער זיך מבזה געמאכט, האט זי קאלט־בלוטיג געטראכט, ווי אזוי

אין מיט וואָס פאַר אַ ווערטער זי וועט איהם זידלען, און איבּ סוועט נאָר האַלטען שמאָל, וועט זי איהם דערלאַנגען אין די ציינער אַריין.

פון די געדאַנקען איז איהר אַזוי ליכטיג געוואָרען אין מוח, אַזוי גוט געוואָרען אויפ'ן האַרצען, פּונקט ווי איינעם, וואָס האָט לאַנגע יאָהרען געשמאַכט אין תפיסה, און פּלוצים אין איינעם אַ שענעם פריהמאָרגען זיך דערזעהן אויף דער פריי... בּיי איהר האָט זיך, אַחוץ דאָס ריין מענשליכע, וואָס האָט זיך געפונען בּעליידיגט פון שכנ'ס אָבשיידליכעס האַלטען זיך, אויך דערוועקט און געפונען שטאַרק בּעליידיגט די פרוי... די לעצטע בּעליידיגונג איז געווען פיעל שווערער, אומדערטרעגליכער פון דער ערשטער, און די געדאַנקען זענען אַוועק אויף דעם טאַנץ, ווי אַזוי צו נעמען נקמה פאַר אַזאַ בּעליידיגונג...

עס האָט זיך דערהערט אַ סקריפּ פון בּעטעל... דאָס האַרץ האָט ווילד אָנגעהויבּען צו קלאַפּען... זי האָט זיך אינסטינקטיוו געגעבּען אַ הויבּ אונטער און מיט בּיידע הענד פערוואָרפען אַרונטער די האָר, וועלכע זענען פריהער אין אונאָרדנונג געווען צעוואָרפען איבּער'ן קישען. נאָכדעם איז זי געבּליבּען ליגען אַ פערגליווערטע, גלייך ווי אַ געוויסער טייל לעבּען וואָלט זיך פון איהר אָבּגעטיילט און אַוועק אין אַן אומבּעשטימטען אָרט... די געדאַנקען זענען פּלוצים ווי אויסגעלאָשען, און געפיהלט האָט זי אין קאָפּ עפּיס אַ מאָדנע שווערע רוהיגקייט. נאָר געדויערט האָט עס ניט לאַנג, זי האָט זיך אַרומגעקוקט, און געדאַכט האָט זיך איהר, אַז דערווייל איז אַוועק אַ לאַנגע, לאַנגע צייט, און אין דער צייט איז פאָרגעקומען עפּיס זעהר וויכטיגעס, נאָר אומדייטליכעס.

עס האָבּען זיך דערהערט טריט. דאָס האַרץ האָט ווידער אָנגעהויבּען קלאַפּען, און די געדאַנקען זענען ווידער אַוועק אַ ווילדען טאַנץ... עס איז ניט געבּליבּען פיעל צו וואַרטען, און אין דער קורצער צייט האָט זי בּעדאַרפט אויפלייזען זעהר אַ שווערע אויפגאַבּע, וועלכע איז נאָך פאַר איהר אַליין אַזוי אומקלאָר, אַזוי אומדייטליך געווען, אַז מאָמענטענווייז האָט זי גאָר אינגאַנצען פערגעסען דעם תוך, וואָס האָט זי אַריינגעבּראַכט אין דער פערצווייפעלטער איפּרעגענדער לאַגע... זי האָט נאָר געפיהלט, אַז איבּער איהר רעגירט עפּיס אַזוינס, וואָס זי איז ניט אין שטאַנד אָבצוהאַלטען, און געשעהן וועט עפּיס, וואָס איז דערווידער איהרע געפיהלען און פערלאַנגען, און כּדי אַז עס זאָל געשעהן, דאַרף זי טון אַזעלכעס, אַז דאָס זאָל ניט קענען ניט געשעהן... און ווען זי האָט פּלוצים פון זיך געטאָן אַ שליידער אַראָבּ די קאָלדרע, איז איהר אַלץ קלאָר און דייטליך געוואָרען... עטליכע מינוט צייט איז זי געלעגען אין אַ מאָדנער פערגליווערונג... מאָמענטענווייז האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס האַרץ האָט

אײנגאַנצען אױפגעהערט צו קלאַפּען, און אין די געדאַנקען איז געװאָרען אַ מאָדנע געמישעכטס, אַ מאָדנער פּלאָנטער. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז פון איהר אײנער איז צװײ געװאָרען. אײנע אַ ממשות'דיגע, װעלכע ליגט אַזױ פרעך און װאַרט אױף יענעמס אַרײנקומען, און אַ צװײטע, װאָס ליגט טאַקע אין דער ערשטער, אַ שטיל אָרענטליך װײבעל, װעלכע װאָלט זיך אַפילו געשעמט אַ נאַקעטע האַנד צו בעװײזען... די ערשטע, װאָס זי האָט זי אַפילו מיט צוגעמאַכטע אױגען געזעהן, האָט זיך איהר געדאַכט, איז ניט זי — אַ פרעמדע איז עס, אַ פרעמדער קערפּער, װעלכער װעט באַלד אױפ'ן נידערטרעכטיגסטען אופן בעשמוצט װערען, ניט בעװײזענדיג אַפילו דעם קלענסטען װידערשטאַנד... זי האָט עס געפיהלט... זי האָט געפיהלט, אַז זי, יענע, הײמט עס, װאָס ליגט אָבגעדעקט, איז עס געליװערט דער קערפּער פון קעלט און פון אומגעדולדיג-נײגעריגער ערװאַרטונג, װעט ניט קײן כח האָבען צו בעװײזען קײן װידערשטאַנד. און כאַפּען צוריק זיך צודעקען איז פּונקט אַזױ אוממעגליך, אַזױ שװער געװעזען, װי דאָס ערשטע, װי עס װאָלטען פּלוצים געלײמט געװאָרען הענד און פיס...

זי האָט אַזױ װי דורכ'ן שלאָף געהערט, װי ס'האָט זיך געעפענט די טיר, און געדאַכט האָט זיך איהר, אַז די טיר געפינט זיך אַזױ װײט, אַזױ װײט פון איהר, און — אַ לאַנגע, פײנליך-דריקענדיגע שטילקײט... קײן שאָרך... און געדאַכט האָט זיך איהר, אַז די שטילקײט איז עפּיס אַ מין חלום... עס חלומ'ט זיך, אַז ס'איז שטיל... שטיל, שטיל... און װי אין אַ װײטען חלום האָט זיך געדענקט, אַז ס'האָט זיך געעפענט אַטיר, און װי אין חלום האָט זי געפיהלט און געהערט דאָס װײטערדיגע, װאָס מיט איהר האָט געטאָן עפּיס אײנער אַ פרעמדער, אַ װײטער, אַן אומבעקאַנטער...

— — — — — — — —

זי איז לאַנג געלעגען מיט צוגעמאַכטע אױגען, האָט מורא געהאַט צו עפענען זײ. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז זי װעט אַן אַנדער שטוב דערזעהן, אַן אַנדער לופט: אַלץ, אַלץ, האָט זיך איהר געדאַכט, װעט זי אַנדערש, װי ס'איז געװען, דערזעהן... זי האָט זיך געשעמט די אױגען צו עפענען, פאַר די פיר װענט האָט זי זיך געשעמט... זי איז לאַנג געלעגען אין אַן אומבעשרײבליכער פּאָזע, קײן ריהר זיך ניט געגעבען, גלײך װי זי װאָלט זיך געװאָלט אָבהאַלטען, ניט געבען מיט אַ װעלכער עס איז בעװעגונג זיך צו פיהלען, אַז דאָס איז זי, זי טאַקע, זי און ניט קײן אַנדערע, בעגאַנגען דאָס שרעקליכע פערברעכען. און ביז װאַנען זי איז אַזױ אומבעװעגליך געלעגען, ביז װאַנען זי האָט ניט

געעפענט די אויגען, האָט זי ווירקליך ניט געפיהלט אַזוי שטאַרק די גרויסע שווערע שולד. עפּיס איז ביי איהר געווען ווי אין אַ געדיכטען נעפּיל פערהילט. נאָר גלייך ווי זי האָט געעפענט די אויגען, האָט זי שאַרפער, בולטער דערפיהלט, וואָס מיט איהר איז דאָ פאָרגעקומען, — און אַ ים טרערען האָבען זיך אַ לאָז געטאָן איף די באַקען, אויף דער נאָז, געריננען אין מויל אַריין... זי האָט געקריצט מיט די צייהן, געקנייפּט, געריסען פון זיך שטיקער פלייש... וואָס איז דאָ מיט איהר פאָרגעקומען, ווען און וואָס און ווי אַזוי איז דאָס געשעהן?... וואָס פאַר אַ טייוולאָנישע קראַפט האָט זי אין דער שענדליכער נעכט אַריינגעדרעהט?... ניין, זי האָט עס אויף קיין פאַל ניט געקענט פערשטעהן... אַ מאָדנער פלאָנטער אין קאָפּ, ניטאָ קיין אָנהייב, ניטאָ קיין ענדע. נאָר קלאָר איז איהר געווען איין זאַך, אַז איהר פרויען-עהרע איז בעשמוצט געוואָרען, בעשמוצט פון אַזעלכען, וואָס זי האַסט מיט איהר גאַנצער נשמה, בעשמוצט געוואָרען דורך אַן אומקלאָרען, אומפערשטענדליכען פלאָנטער...

זי האָט טיף פערגראָבען דאָס פנים אין קישען, די אַקסלען, די פלייצע האָבען זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפען פון די טרערען, וועלכע האָבען זי געשטיקט אין האַרצען, געוואָרגען אין האַלז. פון צייט צו צייט האָט זיך געלאָזט הערען אַ שלוכץ, עהנליך אויף דעם, ווי מ'שטיקט עמיצען.

די ספּאַזמעס האָבען זיך אין אַ גרעסערער מאָס איבערגעחזר'ט, ווען זי האָט זיך אָן איהר מאַן דערמאַנט, וואָס זי האָט אָן 'איהם, צום בעוואונדערן, גאָר אינגאַנצען געהאַט זיך פערגעסען. און מאָדנע: זי האָט זיך ניט געפיהלט שולדיג אַנטקעגען איהם, נאָר זי האָט רחמנות געהאַט אויף איהם... דאָס רחמנות איז געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי שאַרף, אַז ס'האָט ווי מעסער געשניטען דאָס האַרץ.

זי איז פון בעט ניט אויפגעשטאַנען, געלעגען און אָהן אויפהער געגאָסען מיט טרערען.

און פאַרנאַכט, ווען ער, דער מאַן, איז געקומען עסען מיטאָג, האָט זי בעקומען אַזאַ היסטעריקע, אַז ס'איז אוממעגליך געווען אַיינצושטילען זי מיט היימישע מיטלען, און ער, דער מאַן, האָט געמוזט ברענגען אַ דאָקטאָר, וועלכער האָט נאָך לאַנג בעטראַכטען זי, געזאָגט, אַז ביי איהר איז פאָרגעקומען אַ גוואַלדיגע נערווען-צעטרייסלונג. ער האָט איהר פערשריבען אַ בערוהיגונגס-רעצעפּט, נאָר בערוהיגט האָט עס זי ניט. פערקעהרט אַרום גיין אַ זייגער אין אָוענד האָט זי אָנגעהויבען שטאַרק צו פיבערן און בעקומען היץ. דער מאַן, זיצענדיג נעבען איהר, האָט

## די יודישע וועלט.

געהאַלטען פערבראָכען די הענד און מיט אַן אומבעשרייבליכען שרעק זיך איינגעהערט צו דעם אומפערשטענדליכען פלאָנטער, וואָס האָט זיך דאָרטען געדרעהט ביי איהר אויף דער שפּיץ צונג.

אַרום צוועלף אַ זייגער איז זי איינגעשלאָפען. בעריל, פּיהלענדיג זיך מיד, האָט זיך אין אָנטון צוגעלעגט אַנטקעגען ביי זיך אין צווייטען בעט. נאָר שפּעט ביינאַכט האָט איהם אויפגעריסען פון שלאָף אַ גוואַלדיג געהדער און שרעקליכע געשרייען. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און צו זיין גרויס פערוואונדערונג ניט געטראָפען די ווייב אין בעט, און די געשרייען דערהערט פון שכנ׳ס צימער. ער איז פייל פון בויגען אַריינגעשפּרונגען אַהינצו און דערזעהן אַ שרעקליך בילד: דאָס ווייב אין איין העמד מיט צעשויבערטע האָר, אַ פלאַמענדיג פּנים און גליהענדיגע אַרויסגעשטאַרצע אויגען יאָגט זיך אַרום נאָכ׳ן שכן מיט אַ מעסער אין האַנד....

אין דער פריה האָט די היץ אַ ביסעל אָבגעטראָטען, און זי האָט גאָרניט געדענקט, וואָס מיט איהר איז ביינאַכט פּאָרגעקומען. זי האָט געבעטען דעם מאַן, ער זאָל זיך זעצען נעבען איהר אויפ׳ן בעט, געקוקט אויף איהם מיט צערטליך־טרויעריגע אויגען און געגאָסען מיט טרערען. און, דערזעהענדיג פלוצים דעם שכן אַרויסטראָגענדיג דעם קויש מיט די זאַכען, האָט זי בעקומען אַזאַ היסטעריקע, אַז עס זענען זיך צונויפגעלאָפען די אַרומיגע נאָהענטע פרעמדע שכנים, און יעדער בעזונדער האָט געטאָן זיינע מיטלען צו בערוהיגען זי. און נאָכדעם, ווען זי האָט זיך בערוהיגט, איז זי געבליבען אַזוי אָהן כוחות, אַז זי איז אַלע צעהן—פופצעהן מינוט אַריינגעפאַלען אין אַ טיפען חלשות, און יעדעס מאָל איז אָנגעקומען מיט פיעל מיה צו ברענגען זי צום בעוואוסטזיין. און פון איין חלשות צום צווייטען האָט זי אַזוי יאָמערליך געוויינט, פונקט ווי מ׳בעקלאָגט אַ טויטען...

אין דעם אַרויסציהען זיך פון שכן האָט זי עפּיס נאָך דייטליכער, שאַרפער דערפיהלט די גרויסע טיפע בעליידיגונג... פאַר איהר איז פיעל גרינגער געוועזען צו האָבען די שאַנדע אין שטוב, אײדער ערגיץ אַנדערש וואו... עס האָט זי טיף אינערליך וועהטאָגדיג פערדראָסען, וואָס ער, דער שכן, וועלכער איז געווען די סיבה פון איהר געפעהרליכער לאַגע, פערהאַלט זיך אַזוי לייכטזיניג צו איהר... זי איז גערן געווען, אַז ס׳זאָל ניט זיין אַזוי... עפּיס אַנדערש... זי האָט זיך אַזוי אַרום נאָך מעהר בעליידיגט געפיהלט... דער מאַן איז געזעסען ניט אָנגעטאָן נעבען איהר בעט און געפיהלט האָט ער, אַז עפּיס איז דאָ געשעהן, געשעהן אַזעלכעס, וואָס האָט אויף תמיד, אויף אייביג קאַליע געמאַכט זייער פאַמיליען־לעבען...

ער האָט געפיהלט, אַז דאָ האָט זיך עפּיס אַ מין שוואַרצער טייוועל אַריינגעדרעהט, האָט אָבגעטאָן אַ שטיק טייוולאָנישע אַרבייט, האָט עפּיס אָנגעדרעהט אַזעלכעס, וואָס וועט איהם תמיד דריקען, וועט אַלע יאָה־רען מאַטערן און פּייניגען, און ער וועט קיינמאָל ניט וויסען, וואָס דאָס איז...

ער האָט זיך פון צייט צו צייט אָבגעדרעהט אין אַ ווינקעל און שטיל יאָמערליך געוויינט. זי האָט איהם שטיל נאָכגעקוקט און האָט אויך געגאָסען מיט טרערען. דאָס לעבען פון ביידע אומגליקליכע נפשות האָט זיך דייטליך געלאָזט הערען אין דער שטילקייט, און ניט ער און ניט זי האָבען קיין איין טרייסט־וואָרט ניט געפונען איינס פאַר דאָס צווייטע. און צוזאַמען מיט זייער שווייגען האָט זיך געפיהלט, ווי פון מינוט צו מינוט ווערט עפּיס פערהאַרטעוועט אין דער לופט; עס ווערט פערהאַרטעוועט עטוואָס שוידערליכעס, — עס גליווערט עטוואָס שרעקליכעס און עס פערקלייבט זיך, פערהיקט זיך ערגיץ ווייט טיף אין די הערצער, אין די נשמות. און געפיהלט האָבען זיי, ווי זיי טיילען זיך אָב איינס פון דאָס צווייטע, ווערען איינס פאַר דאָס אַנדערע דאָס, וואָס זיי זענען פריי־הער ניט געווען, דאָס וואָס עס וואָלט ניט בעדאַרפט זיין, און ס'איז אָבער געשעהן אַזעלכעס, וואָס איז אוממעגליך, ס'זאָל אַנדערש זיין... — — —

ש. ניגער.

# בריעף וועגען דער נייער יודישער ליטעראטור.

## * III

## נאָך אַלעמען **

„יודען האָבען אויף איהר געקוקט,
אויף דער שטוב, וואָס שטעהט
פּוסט און האָט קיין יורש ניט...“
„נאָך אלעמען“ ז. 314.

אַ שווערער אומעט, אַ האַרבסט-שטימונג הענגט ווי אַ וואָלקען איבער'ן גאַנצען בוך. מירעל, די „העלדין“ פון ראָמאַן, איז עלענד און אָבגעריסען פון דער סביבה, וואָס אַרום; זי איז שטאַרק ניט צופרידען מיט איהר לעבען; זי בענקט נאָך עפּיס אַנדערש, אָבער זי קאָן זיך נישט העלפען אַליין: זי איז אַ פּאַסיווע... אומעט, עלענדקייט, אומצופרידענקייט, בענקשאַפט, פּאַסיוויטעט — זענען עס דען ניט קיין אַלטע מאָטיווען? בעגעגענען זיי זיך דען ניט אויף שריט און טריט — אין די ערצעהלונגען וועגען דעם לעהרער און דעם בוכהאַלטער און דעם עקסטערן און דער קורסיסטין אין איינזאַמען צימערל אויפ'ן פינסטערן שטאָק, אין אַט די אונז אַלעמען אַזוי גוט בעקאַנטע און אַזוי מאוס געוואָרענע אינטעליגענטיש-אינדיווידואַליסטישע סקיצען און נאָוועלען? און איז עס דען ניט קיין סתירה צו דער מיינונג, וואָס מיר האָבען אַרויסגעזאָגט אינ'ם ערשטען בריעף אונזערן, אַז דער ראָמאַן אויף יודיש איז מעגליך געוואָרען דוקא דאַן, ווען, אַריינגעמענדיג אין זיך דעם גייסט פון דער נייער צייט, האָט די ליטעראַטור אונזערע פערגעסען אָנ'ם אַלטען בחור און גענומען זיך פאַר'ן משפחה-מענשען, געלאָזען דעם פרט און פערטיפט זיך אינ'ם כלל, אַוועקגעוואָרפען דעם בלאַט און געווענדט זיך צום צווייג און צום בוים און צום וואָרצעל פונ'ם בוים? איז עס דען ניט אַ סתירה צו דער מיינונג, אַז דער איבערגאַנג פון דער סקיצע צום ראָמאַן האָט אַ שייכות צו דעם איבערגאַנג פונ'ם אינטעליגענטישען אינדיווידואַליזם צו דער בענקעניש נאָכ'ן טיף אַיינגעוואָרצעלטען און ברייט צעצווייגטען סביבה- און כלל-

* זעה „די יודישע וועלט“ 6, 7.

** דוד בערגעלסאָן: נאָך אַלעמען, ראמאן און 4 טיילען. ווילנער פערלאג פון ב. א. קלעצקין 1913

לעבען? וואו איז אין בערגעלסאָנס ראָמאַן דער איבערגאַנג פונ׳ם אינ־דיווידואַליזם צום סביבה־ און כלל־לעבען?

— וואו?! — חדוש׳ט איהר זיך אויף מיין פראַגע — אין יעדען קאַפּיטעל, אויף יעדען זייטעל! פיהרט אונז דען דער מחבר ניט אַריין אינעווייניג אין הויז פון ר׳ גדליה דעם יורד? גיט ער אונז דען ניט צו עטעמען די לופט פון דעם אויפגעקומענעם בורנעס׳עס פאַמיליע? פון די טאַראַבייס, אָט די שוין כלומר׳שט אויסגעאיידעלטע פאַר־ווענו׳ם? פון די זיידענאָווסקי׳ס, — די שוין האַלב פערגרעבטע מיוחסים? שטעהט דען ניט פאַר אונזערע אויגען דאָס קליין שטעדטיל, וואו מירעל וואוינט מיט איהרע עלטערן? פיהלען מיר דען ניט דעם אָטעם פונ׳ם כרך און זיין פאָרשטאָדט, וואוהין מירעל קלייבט זיך איבער דערנאָך?

יע, ענטפער איך, דאָס איז ריכטיג, אָבער דאָס זענען דאָך אַלץ נאָר בייזאַכען אין בערגעלסאָנ׳ס ראָמאַן, ניט דער עיקר. דער עיקר איז מירעל. ניט נאָר דאָס האַרץ פון וועלוויל בורנעס, פון שמואל׳יק זיידענאָווסקי, פון מאָנטשיק, פון נתן העלער און אַלע אַנ־דערע יונגע לייט, פראָסטע און איידעלע, קלוגע און נאַרישע — ציהט צו מירלען, ווי די זומערפליגעלע צום פייער — אַלץ, וואָס אין ראָמאַן איז פאַרהאַן, ציהט זיך צו איהר, צו דער „העלדין“, ווי דער ראַדיוס צום מיטעלפונקט פון קרייז; אַלץ, וואָס אין ראָמאַן ווערט גע־שילדערט, איז נאָר אַ ראַם פאַר איהר בילד. און אויב „נאָך אַלעמען“ ענטציקט אונז מיט זיין טעכניק, איז עס דאָך טאַקע נאָר מחמת אָט דער „איינהייט אין דער פערשיידענאַרטיגקייט“, וואָס האָט אין קיין ווערק אויף יודיש ניט דערגרייכט צו אַזאַ הויכער מדרגה, ווי דאָ; איז עס דאָך גאָר צוליעב דעם, וואָס מירעל, אָט די שוואַכע, ציטעריגע, טרויעריגע פרינצעסין, זיצט אויך אין ראָמאַן, אַזוי ווי אויף אַ טרוין, וואָס דערהויבט זיך איבער אַלץ, וואָס אַרום, און מאַכט אַלץ און אַלעמען זיך אונטערטעניג; און וואָס דערפאַר האָט מיט אַ סך מעהר רעכט, ווי אַש׳ס ראָמאַן „מערי“, וואָס מיר וועלען שפּעטער וועגען איהם רעדען, בערגעלסאָנס ראָמאַן געקאָנט טראָגען דעם נאָמען פון זיין הויפּט־העלדין — מירעל.

מירעל איז דאָ ניט די הויפּטזאַך, זי איז אַלץ.

און דערפאַר מוז מען אויפדעקען מירעל׳ס שורש אין דער סביבה, אין דער פאַמיליע, וואו זי איז אויסגעוואַקסען, אויב מען וויל ווייזען, אַז בערגעלסאָנס ראָמאַן איז אויך אַ סביבה־ און פאַמיליען־ראָמאַן, ניט נאָר אַן אינדיווידועל־פּסיכאָלאָגישער ראָמאַן. מען מוז אויפהויבען מירעל׳ס אומעט

און מירעל'ס בענקשאפט צו עפּיס אַ כלל-אומעט און אַ כלל-בענקשאַפט, אויב מען וויל צייגען, אַז דאָס איז ניט דער נודנער אומעט און די נודנע בענקעניש פון די אונז גוט, שוין צו גוט בעקאַנטע איינזאַמע אינטעליגענטישע צימערלעך. ערשט דאַן וועט בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען" זיין אַ ראַיה, און ניט קיין סתירה צו דער מיינונג, וואָס מיר האָבען אַרויסגעזאָגט, אַז אויך דער אַיינוועבען-זיך אינ'ם כלל-געוועב, ניט נאָר דער בעזונדערער טאַלאַנט פונ'ם שרייבער, שפּילט אַ ראָלע ביי אונזער אומקעהרען זיך צוריק צום ראָמאַן. און ערשט דאַן וועט קלאָר ווערען, אַז אַ הייסער ראָמאַנטישער פונק גליהט אונטער דער קיהלער רעאַליסטישער שאָלעכ'ץ פון בערגעלסאָנס ראָמאַן, און אַז אָט דער פונק איז דער הייסער יאָדער פונ'ם ווערק.

אָבער ווי קאָן מען אויפדעקען די סביבה-וואָרצלען פון מירלען, פון אָט דער איינזאַמער צווישען איינזאַמע? ווי קאָן ווערען פון מירלען אַ העלדין פון אַ סאָציאַלען ראָמאַן — פון מירלען, וואָס איז צו קיינעם, אַחוץ אפשר צו איהר פאָטער, ר' גדליה'ן, ניט צוגעבונדען, פון מירלען, וואָס אין פלוג ליעבט זי קיינעם און קיין זאַך ניט, און אַז זי האָט שוין צום סוף חתונה, וויל זי קיין קינד נישט האָבען מיט איהר מאַן, און אַז זי שפּירט עס אונטער'ן האַרצען, פיהלט זי אַן עקעל צו דעם? ווי קאָן מען, אַלזוי, אָט דעם איינזאַמען אָבגעריסענעם פעדימעל, וואָס רופט זיך מירעל, אַיינוועבען אינ'ם כלל-געוועב?

עס איז נישט אַזוי לייכט, אָבער מען מוז עס טון, גלויב איך, אויב מען וויל, עס זאָל נישט פערלאָרען געהן דער טיפער, פערבאָרגענער זין פון אָט דעם בוך, וואָס מיט זיין גאַנצקייט און וואונדערליכער אָבגעשלאָסענקייט מאַכט ער אויף אונז דעם אַיינדרוק פון אַן עכטען קונסט-אָרגאַניזם. מען מוז זיך פערטיפען אין דער סאָציאַלער און פאַמיליען-סביבה, וואו מירעל איז אויסגעוואַקסען און וואו זי פערברענגט איהרע טרויעריגע, וואָלקענדיגע טעג, אויב מען וויל טרעפען די רעטעניש פון איהר מאָדנעס, קאַפּריזנעס, שטאָלצען, שוואַכען, עקשנות'דיגען, בת-יחידה'שען איך. אַז מען נעמט זי אַליין, ווי זי איז, פאַר זיך, פערשטעהט מען גאָר ניט דעם חן, וואָס שטראַלט פון איהר אַרויס, קען מען ניט דעם מקור פונ'ם טיפען טרויער, וואָס לייכט אין איהרע בלויע אויגען, אונטער די לאַנגע, שוואַרצע וויעס. נאָר בעת מען ווייס, פון וואַנען זי שטאַמט און פאַרוואָס זי טויג ניט פאַר'ן לעבען, ערשט דאַן הויבט מען אָן צו פיהלען אַ טעם אין איהר, אַ טעם פון עפּיס זעהר אַ פיינער און איידעלער זאַך, ערשט דאַן הויבט מען אָן צו פערשטעהן דעם כשוף, וואָס ליגט אין אָט דער שלאַנקוואיקסיגער בת יחידה. און די פרטים פון איהר

לעבען, וואָס יעדער פון זיי בעזונדער איז, דאַכט זיך, גאָרנישט ניט ווערט, איז אַ קאַפּריז, אַ משוגעת, — הויבען אָן צו וועבען פאַר אונזערע אויגען דעם טרויער פון איהר נשמה, — פון אָט דער איידעלער, צאַרטער נשמה, וואָס „די נודנע ליעדער פון דער ערד“ קאָנען איהר גישט פערבייטען די קלאַנגען פון דער וועלט, וואו זי איז געווען אַמאָל און וואוהין עס בענקט זיך איהר אַזוי...

וואו־זשע איז זי געווען אַמאָל, מירעל? וואָס פאַר אַן אומרוהיגע נשמה איז מגולגל געוואָרען אין איהר, און מאַכט זי טרויעריג, און מאַכט זי שוואַך, און מאַכט זי שטאָלץ און פילט זי אָן מיט אַזוינע פיינע, געווירצטע, געהיימע אַראָמאַטען?

דאָס איז די נשמה פון דער אַלטער פאַמיליע הורוויץ. יע, אין מירל׳ן לעבט, ריכטיגער, אין איהר שטאַרבט די ליכטיגע נשמה פון אַ כלל, וואָס, אונטערגעהענדיג, פערשפּרייט ער אַרום זיך דורכזיכטיגען טרויער און שטראַלענדיגע וואָלקענדליך און אַ לעצטען שענעם, שטילען פאַרבען־שפּיל. ווי די זון, בעת זי פערגעהט — גאָר אין אָנהויב הארבסט. די אַלטע פאַמיליע הורוויץ איז ניט גלאַט אַזוי אַ מיוחס׳דיגע משפּחה. זי איז אַ צווייג פון דער אַלטער יודישער אַריסטאָקראַטיע. אַמאָל איז דער צווייג געווען אַ דעמב, דאָס גאַנצע פאָלק האָט אין זיין שאָטען געטאָן רוהען. האָבען אָבער טריקענע גענומען די זאַפטען אונטען, און אויבען האָט אויסגעפעהלט זון, — זענען די צווייגען פערדאַרט געוואָרען; נאָר אין יעדען וועלקענדיגען צווייג בליהט דער שטאָלץ פונ׳ם בוים, און דער ריח פון טיף אין דער ערד אַיינגעגראָבענע וואָרצלען גרייכט צו אונז פונ׳ם בלאַט, וואָס פאַלט אָב... וואָס איז ר׳ גדליה הורוויץ, מירעלס פאָטער? אַ יוד, וואָס די געשעפטען געהען איהם שלעכט. נאָר זעהט, ווי יודען פערהאַלטען זיך צו איהם. ווי צו אַ יורד? מיט אַ געפיהל פון רחמנות? ניין, מיט טיפסטער אַכטונג. קיין זאַך גיט אונז ניט צו פיהלען אַזוי דעם פערבאָרגענעם יחוס־אַראָמאַט פון אָט דעם האַלב־פערוועלקטען צווייג, ווי דער פערהאַלטען זיך צו איהם פון די אַרומיגע. מען שפּיגעלט און מען צאַצקעט זיך מיט איהם, ווי מיט אַ טייערן ירושה־בעכער. טון אַ שידוך מיט איהם — האַלט יעדער פאַר אַ זכיה. אַפילו דערנאָך, אַז ער איז שוין גאָר פעראָרימט, איז ער זיך מתחתן מיט די זיידענאָווסקי׳ס, וואָס זענען גרויסע גבירים, און דערצו נאָך שטיקלעך יחסנים אויך. און אַז ער שטאַרבט, ר׳ גדליה, איז דאָס גאַנצע שטעדטיל ווי פעריתומ׳ט; ניטאָ, ווער עס זאָל זיין אָרט פערנעמען... אַלע פיהלען, אַזוי ווי אומבעוואוסט פאַר זיך אַליין, אַז ר׳ גדליה איז אַ לעצטער. דאָס, וואָס אויפגעקומענע האָבען אַזוי

שטארק חשק זיך משדך זיין מיט איהם, מאכט דעם איינדרוק, ווי ווען זיי וואלטען וויסען, אז דאס איז די לעצטע מעגליכקייט איינצוקויפען זיך אין יחוס, איינצופלעכטען זיך אין דער גאלדענער קייט פון דער יודישער אריסטאקראטיע, און זיי איילען זיך אריינצוכאפען אט דעם גליק. קיין אנדערע קינדער, אחוץ מירלען, בלייבען נישט נאך ר׳ גדליה׳ן: אונטערגעהענדיגע אריסטאקראטישע משפחות פרוכפערן זיך נישט און מעהרען זיך נישט. און וויל די אויפגאבע פון דעם ראמאן איז צו שילדערן אויף אן איינגענארטיגען שטייגער אט דעם אונטערגאנג, אט די ירידה, אט די געפאלענקייט, צייגט אונז בערגעלסאן דעם יחוס ר׳ גדליה׳ס ניט אין זיין גלאנץ, ניט אין זיין לייכטען, נאר אין זיין לעשען זיך. מיר פיהלען איהם, אט דעם יחוס, ניט דאן, ווען ר׳ גדליה קומט אהיים אויף שבת און פערפאהרט צום רב, כדי צו פיהרען איהם אין באד אריין, אדער ווען מען גרייט זיך אויפ׳ן נגידישען שטייגער צו מירעלס חתונה ביי ר׳ גדליה׳ן אין שטוב; מיר פיהלען איהם, דעם יחוס, דוקא דאן, ווען די געשעפטען געהען שלעכט ביי ר׳ גדליה׳ן, ווען מען האט מירעלס נדן שוין פערטאן און די עטליכע טויזענד רובעל פון עפיס א קרוב, אט קומען די בעלי־חובות, די ווייב ר׳ גדליה׳ס, גיטעלע, איז גרייט צו פאהרען ערגיץ, די צירונג פערלעגען, און שטוב איז שטיל, ר׳ גדליה שווייגט: דער טרויעריגער סוד פון אן אלטער שענער משפחה, וואס איז געקומען אהער פון ערגיץ ווייט, און איצט געהט זי צום גרונד, פיהלט זיך אין זיין שווייגען. און נאך מעהר פיהלט ער זיך, אט דער טרויעריגער סוד, אויף מירעלס תנאים, ווען ר׳ גדליה׳ן דוכט זיך אויס, אז שוין ניט צוליעב איהם זענען די אלע געסט געקומען אהער, נאר צוליעב די זיידענאוסקי׳ס, די רייכע מחותנים פונ׳ם ווייטליכען כרך. „ר׳ גדליה איז פון בייטאג אן געווען שטארק אומעטיג און געפאלען און נישט געוואוסט, וואס מ׳רעדט צו איהם. זיצענדיג נעבען דעם מחותנ׳ס לינקער האנד, האט ער די גאנצע צייט געשוויגען. געהאט אן אראבגעלאזענעם קאפ מיט יורד׳ישע געדאנקען און געוואוסט, אז די אלע געסט זענען זיך שוין אהער צונויפגעפאהרען נישט צוליעב איהם, ר׳ גדליה דעם אנזעצער, נאר צוליעב׳ן רייכען מחותן יעקב יוסלען, וואס האט ביי א האלבען מיליאן און קנאקט אויפ׳ן גבירישען שטייגער; אז ער, דער גאוה׳דיגער און מונטערער מחותן, ווייס דערפון, און קוקט זיך צו איהם דערפאר נישט אום. און זיי, די געסט, האבען דערפאר אויף איהם, ר׳ גדליה׳ן, רחמנות און לאזען איהם אויך צו רוה“... דער „רחמנות“, וואס די געסט פיהלען צו איהם, איז אבער, קאן זיין, גארניט קיין איינפאכער 54

רחמנות, נאָר עס ליגט פערבאָרגען אין איהם דער אָבשיי, וואָס ר׳ גדליה׳ס שוויגעדיגע טרויעריגקייט וועקט אויף אין די אָרומיגע. אָבער עס ווערט דערפון נישט גרינגער אויפ׳ן האַרצען ר׳ גדליה׳ן. אינעווייניג, אין זיך, פערשטעלט פון פרעמדע אויגען, טראָגט דעם האַרבסט ר׳ גדליה, און נאָר אין דער טיפעניש פון זיין אייגענער נשמה פערנעמט ער די ווייטע, מידע קלאַנגען פון דעם אָבגעשטאָרבענעם פריהלינג, פון דער שענער צייט, ווען זיין בוים, דער שטאָלצער דעמב, האָט געבליהט און איז פול געווען מיט זאַפטען, און זיין שאָטען איז בּרייט געווען, און זיינע וואָרצלען — מעכטיג... ווי אַ לייכטער וואָלקען שוועבט זיין חשיבות אַרום איהם, דען דער שאָטען פון זיין טרויער, דער אָבקלאַנג פון זיין טריט, פון יעדען וואָרט זיינעם לויפט פאַר איהם און וואָרענט שטיל: ר׳ גדליה געהט, ר׳ גדליה רעדט... האָבען אַלע אָבשיי. אָבער פיהלען, אָבער פערשטעהן איהם קאָן נאָר מירעל, וויל אויך זי זעהט, ווי עס פאַלען געלע בּלעטלעך פון די בּוימער, וואָס האָבען געבליהט אַמאָל, וויל אויך אין איהר האַרץ איז קיהל דער האַרבּסט, און טרויעריג און רופענד דער אָבקלאַנג פונ׳ם פריהלינג, וואָס האָט געבליהט אין איהר נשמה, איידער זי איז געבּוירען געוואָרען אין איהר איצטיגער האַרבּסטיגער געשטאַלט.

און אָט די פסיכישע נאָהענטקייט מירעל׳ס צו ר׳ גדליה׳ן, אָט דעם פאַר׳ן גאַנצען ווערק זעהר וויכטיגען פאַקט גיט אונז בּערגעלסאָן צו פיהלען, ווי זיין שטייגער איז, דוקא דורך אַ קליינינקייט. ער דערצעהלט, ווי אַזוי זיצענדיג עלענד און טרויעריג און שווייגענדיג צווישען די געסט, וואָס זענען געקומען אויף מירעלס תנאים, האָט זיך ר׳ גדליה „אַ ביסעל דערשראָקען פאַר גיטעלען, וועלכע איז צו איהם פלוצים נאָך זיינע שליסעלעך צוגעגאַנגען. איינגעהויקערטערהייד האָט ער זיך אויף די פיס אויסגעשטעלט, נישט געוואוסט, וואו ער איז אין דער וועלט, און האָט לאַנג מיט טאַפּענדיגע הענד אַרומגעשאַרט פון איין קעשענע צו דער צווייטער. מירעל האָט דאָס געזעהן פון דער וויט. די האַרץ האָט מיט גרויס רחמנות צו איהם אַ ציה געטאָן, איז זי צו איהם צוגעגאַנגען.

— אָט זענען זיי דאָך, די שליסעלעך... ביי דיר אין אויבערשטען טאַש ליגען זיי.״

איבערלייענענדיג די דאָזיגע אין פלוג גאַנץ אומבעדייטענדע פאָר שורות, האָב איך דערזעהן דעם קיק, וואָס מירעלס טרויעריגע, בּלויע אויגען האָבען בעת מעשה געטאָן אויף ר׳ גדליה׳ן, און אָט דער קוק, וואָס האָט פלוצלינג פאַר מיר לעבעדיג געמאַכט מירעלס אויגען און זייער

טרויער, האָט געעפֿענט פֿאַר מיר דעם שותּפֿ׳ישען מקור פֿון זייערע ביי= דענס, ר׳ גדליה׳ס און מירעלס, נשמות. און אַז איך טראַכט איצט וועגען דעם, וואונדער איך זיך נאָר אויף אָט דער שטילער און נאָר דעם אמת׳ען קינסטלער געגעבענער פֿעהיגקייט, וואָס בערגעלסאָן פֿערמאָגט, צו אַנטפּלעקען דאָס בעדייטענדע דורך דאָס אומבעדייטענדע, צו עפֿענען פֿאַר אונז אַ מענשליך האַרץ און אַן אָבגרונד פֿון אַ האַרץ דורך איין וואונק, דורך איין מאַך מיט דער האַנד... אָבער דאָס געהערט ניט צום ענין. פֿאַר אונז איז וויכטיג דאָ דערוויל ניט דער דיכטער, נאָר זיין ווערק. זיין ווערק, וואָס ניט אַלע פערשטעהען איהם ריכטיג, כאָטש זיין צויבער פיהלען אַלע. פֿאַר אונז איז וויכטיג אין דעם מאָמענט ר׳ גדליה און זיין יחוס און זיין געפאַלענקייט. פֿאַר דעם פֿערפֿאַסער איז דער עיקר געווען מירעל. דורך איהר צאַרטער, איידעלער, בת=יחידה׳שער נשמה, דורך איהר אַריסטאָקראַטיש=יורד׳ישער אומבעהאָלפענקייט און עקעל צו די אַרומיגע, דורך איהר פיינליכער גלייכגילטיגקייט צו די, וואָס ליעבען זי, דורך דער פיינקייט און ראַפינירטקייט פֿון איהרע געפיהלען, וואָס קיי= נער קאָן זיי ניט פֿערשטעהן און נאָך וועניגער צופֿרידענשטעלען — האָט ער אונז געוואָלט געבען און טאַקע געגעבען צו פיהלען דעם סוד און די טראַגעדיע פֿון דער אונטערגעהענדיגער אַלטער יודישער אַריסטאָ= קראַטיע אין דער צייט, ווען פֿון אַלע זייטען רינגלען אַרום און בעלאַגערן און בעלעסטיגען זי פארוועניו׳ס, אויפגעקומענע גבירים, וואָס ווילען זיך איינקויפֿען אין יחוס, אָדער פּראָסטע מענ= שען, וואָס מיט זייער געזונטען אינסטינקט פיהלען זיי די טרויעריגע, ניט צו דערגרייכענדיגע שענקייט פון דער דאָזיגער אונטערגעהענדיגער וועלט, נאָר וואָס זיי פעהלט די צאַרטקייט זי צו געניסען... מירעל, אָט דער סימבאָל פון אַ רייך=ווערען צום טויט און צו אַ נייעם קינפטיגען לעבען, אָט דער סימבאָל פון אַ גאָלדענעם האַרבסט, וואָס עפּיס אַ פער= באָרגענע האַנד האָט די רייכע פרוכטען פון איהם אָבגעריסען און איהם אין טרויעריגער, איינזאַמער, ציטעריגער נאַקעטקייט געלאָזען, — מירעל איז ביים פֿערפֿאַסער געווען די הויפט=זאַך; אַנדערע פערזאָנען דאַר= פען איהר נאָר געבען די געלעגענהייט זיך אַרויסצו=ווייזען. האָט דער מחבר דערפֿאַר נאָר פֿון יענע, פֿון אָט די אַנדערע פאַרשוינען, וואָס זענען ניט שטאַרק קאָמפּליצירט און ווענדען ניט אויף זיך צו פיעל די אויגען פונ׳ם לעזער, געגעבען אונז גאַנצע און פולע פאָרטרעטען. פֿון אַ ר׳ גדליה׳ן אָבער, ווען ער וואָלט זיך מיט איהם פיעל אָבגעגעבען און ניט בעגענוגט זיך מיט עטליכע שטריכען, פֿון אַ ר׳ גדליה׳ן וואָלט אויסגעוואַקסען אַ פיגור, אַ געשטאַלט, וואָס וואָלט אפשר קאָנקורירען מיט

מירלען און ניט לאָזען איהר ווערען דער צענטער פונ׳ם ווערק. פון אַזאַ פעהלער וועט אַ ליטעראַרישען אַרכיטעקט, ווי בערגעלסאָן, שוין אָבהיטען דער קינסטלערישער אינסטינקט, וואָס לעבט אין איהם. האָבען מיר פון ר׳ גדליה׳ן דערפאַר טאַקע נאָר ראשי פּרקים אין ראָמאַן. מיר אָבער, — וואָס מיר ווילען ניט נאָר מיטפיהלען און מיטלעבען מירעלס טרויער און שענקייט, נאָר אויך דערגעהן דעם מקור, פון וואַנען זיי שטאַמען, מיר מוזען זיך אָבשטעלען לענגער, ווי דער פערפאַסער, אויף ר׳ גדליה׳ן.

ר׳ גדליה איז דער וועג און דער שליסעל צו מירעלס נשמה. דורך דעם יחוס פון אַט דעם יורד איז זי געוואָרען דאָס, וואָס זי איז. ר׳ גדליה איז דעריבער דער איינציגער מענש, וואָס זי גיט זיך איהם אונטער, ווען ס׳איז נויטיג. אַט די שוואַכע, צאַרטע, אומבעהאָלפענע מיידעל קאָן, אפשר אומבעוואוסט פאַר זיך אַליין, זיין גרויזאַם אי צו זיך, אי צו אַנדערע, ווען זי דאַרף אָבהיטען איהר בת־יחידה׳שע פערזענליכקייט; צוליעב ר׳ גדליה׳ן אָבער איז רעכט ביי איהר חתונה האָבען מיט אַ מענשען, וואָס זי פיהלט צו איהם אַן עקעל — מיט שמואליק זיידענאָווסקי. האָט זי איהם אַזוי ליעב, איהר פאָטער? ניין, זי טוט עס ניט אַזוי אויס ליעבע, ווי ווידער אַמאָל אויס שטאָלץ: אַ בעליידיגונג פאַר ר׳ גדליה׳ן (אַ באַנקראָט, צום ביישפיל) וואָלט געווען אויך פאַר איהר (כאָטש געווים גאָר אויף אַן אַנדער אופן) אַ בעליידיגונג. און ניט פאַר איהר אַליין, נאָר פאַר די אַלע דורות, וואָס לעבען אין איהר. דורך ר׳ גדליה׳ן איז אין איהר בלוט אַריינגעגאָסען געוואָרען דער יחוס פון אַט די דורות.

נאָר ר׳ גדליה איז שוין, ווי געזאָגט, דער לעצטער רינג און קייט. דער לעצטער און דער שוואַכסטער. (און אויך דאָס איז אַ סיבה, פאַרוואָס דער חילוק, די דיסטאַנץ צווישען איהם און די אַרומיגע איז אויסערליך ניט אַזוי גרויס. ניט נאָר מאַטעריאַל איז ער אַ יורד; ער איז אויך פיזיש קראַנק, און אין זיין גאַנצען בענעמען זיך פיהלט זיך די שוואַכקייט און אומבעהאָלפענקייט פון אַ דעגענערירענדיגער אַריסטאָקראַטישער משפחה... פון מירעלס טראַגעדיע איז ר׳ גדליה דאָך ווייט. ער איז דאָך נישט אינגאַנצען קיין יורד. אמת, אין דער וועלט פון מסחר און געשעפט געוועלטיגט שוין ניט ער, נאָר די נייע, די איפגעקומענע טאַראַבאַי׳ס און בורנעס׳עס אָדער די רעשטלעך פונ׳ם אַלטען יחוס, וואָס האָבען זיך ווי עס איז צוגעפּאַסט צום נייעם לעבען — די זיידענאָווסקי׳ס. אָבער גייסטיג איז ער נאָך דער יחסן. אפילו אַ נחום טאַראַבאַי, וואָס פּרובט שוין נאָכצומאַכען די אַרומיגע פּריצים,

און וואָס זיין טאָכטער האָט שוין אויסגעהאַלטען אויף 6 קלאַסען, און זיין קלענערער זוהן, איסאַק, „ווערט, אי״ה, איבער צוויי יאָהר איגזשינער“ — אַפילו נחום טאַראַבײ, אָט דער זעלבסטצופרידענער פּאַרוועניו, ווייס און פיהלט, אַז דער אמת'ער שענער יוד איז — ר' גדליה. ר' גדליה האָט, אַגב, ניט בלויז דאָס אײדעלע בלוט, — ער האָט אויך די פיינע, רייכע גייסטיגע, רעליגיעזע קולטור פון דער אַלטער פאַמיליע הורוויץ, פון דער אַלטער יודישער אַריסטאָקראַטיע — געירשנט. ר' גדליה פיהלט דערפאַר גישט קיין פוסטקייט אין לעבען, ווען אַפילו די אַלע אַרומיגע זענען איהם ניט גאָר צום האַרצען. און אויך זיין עלענדקייט איז ניט אַזוי גרויס, ווייל אין דעם גייסטיגען פערמעגען, וואָס ער האָט געירשנט, האָבען דאָך אַ שטיקעל חלק אויך די נייע, די אויפגעקומענע: מאַכט עס זיי נעהנטער צו איהם און פערקלענערט זיין איינזאַמקייט. וואָלט ער געקאָנט דערפאַר רוהיג שטאַרבען, ווי רוהיג און גלייכגילטיג עס פאַלט אַראָב אַ בלאַט פון בוים, ווען עס פערוועלקט. און אין פלוג דוכט זיך, אַז ער שטאַרבט טאַקע גאַנץ רוהיג. פאַר'ן טויט בעט ער נאָר, מען זאָל איהם אָנטון אַ העמד, וואָס איז איהם געבליבען, אַ סברה, בירושה פון זיינעם אַן עלטער-עלטער-זיידען, און אַז מען ציהט אַרויף אויף איהם די ווייסע העמד, זעהט ער אויס „געהייליגט און ריין, ווי אום יום-כפור פאַרנאַכט, נאָך אַ מעת-לעת פאַסטען“. נאָך זיין טויט אָבער דערוויסען מיר זיך פון אַברמ'יל דעם רב, אַז „שוין גאָר ביים לעצט“ האָט ער, ר' גדליה, איהם אַ זאָג געטאָן: „וואָס ווייסטו?... נאַר איינער, ווען איך פיהל, אַז איך לאָז עמיצען איבער נאָך זיך, וואָלט איך געגאַנגען אַהין, ווי צום טאַנץ“. און מיר דערוויסען זיך, אַז אויך ר' גדליה האָט איבערגעלעבט שווייגעדיגערהייד אַ טראַגעדיע, כאָטש געוויס ניט אַזאַ שווערע, ווי שפּעטער זיין טאָכטער מירעל.

ר' גדליה האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ לעצטער אין דער משפּחה הורוויץ, ניט אַ לעצטער יוד — איהם האָט איינגעהאָרן אין זיינע ליעדער בעזונגען; ר' גדליה קען נאָר דעם איביגען, ניט דעם לעצטען יודען, — נאָר אַ לעצטער יודישער מיוחס, מיט דעם טאָפּעלטען קרוין — פון תורה און גדולה. ר' גדליה שטאַרבט אָהן אַ יורש פאַר אָט דעם אַלטען הייליגען קרוין. מירעל ירשנ'ט דאָס אײדעלע, יחוס'דיגע בלוט דעם טאַטענס, אָבער ניט זיין תורה, ניט זיין גייסטיג פערמעגען: מירעל לעבט שוין אין דער לופט פון דער נייער, ניט יודישער קולטור. און אַזוי ווי אַ חורבה פון אַן אַלטען שלאָס, פון אַן אַלטען טעמפּעל בלייבט שטעהן איהר טאַטענס שטוב נאָך זיין טויט. און די פוסטקייט פון אָט דער חורבה,

פֿון אָט דעם טעמפעל, קלייבט זיך אַריין אין האַרצען צו מירלען.
אַ פּוסטקייט, וואָס איז פֿול מיט געשפּענסטער פֿון אַלטע צייטען, מיט
געשפּענסטער, וואָס שעפּטשען זיך שטיל און רופען ערגיץ און לאָזען
ניט רוהען. אַ פּוסטקייט, וואָס די אויגען פֿון צעהנדליגער דורות קוקען
אַרויס פֿון איהר, ווי די שטערן פֿונ'ם טונקעלען הימעל, ווי די שטערן
פֿונ'ם שיקזאַל, און שרעקען און מאָנען עפּיס און זאָגען עפּיס צו...
מירעלס גאַנצער טרויער נעמט זיך דערפֿון, וואָס די „פּוסטקייט", וועל-
כע האָט זיך בעזעצט ביי איהר אין האַרצען, איז די פּוסטקייט פֿון
אַ טעמפּעל, וואָס אין זיינע רואינעס פֿלאַטערן אום נאָך די עכאָ'ס פֿון הייליגע
געזאַנגען... נאָר דער, וואָס האָט כאָטש איין רגע אין זיין לעבען געפֿיהלט דעם
אייביגקייטס-יחוס פֿון זיין פֿאָלק, וועט פֿערשטעהן די רעטעניש פֿון מי-
רעלס נשמה, כאָטש ער האָט דעם „זין" פֿון אָט דער אייביגקייטס-
רגע ניט פֿערשטאַנען אָדער, ריכטיגער, ווייל ער האָט איהם ניט פֿער-
שטאַנען. מירעלס גאַנצע בענקעניש נעמט זיך דערפֿון, וואָס זי פֿיהלט,
אַז אין איהר לעבט עפּיס אַ כח, אַ ווילען, אַ זין, נאָר זי קאָן איהם
ניט אויסדריקען, זי קאָן איהם ניט פֿערקערפּערן.

אָט דאָס, וואָס זי איז אומפֿעהיג דעם ווילען איהרען אויסצודריקען,
מאַכט זי אַזוי אומרוהיג, אָבער דאָס, וואָס אין איהר לעבט דאָך אָט
דער ווילען, גיט איהר אין די ביטערסטע מינוטען דעם גלויבען, אַז
דאָס, אויף וואָס זי וואַרט, וועט קומען. ווי אַזוי? דאָס ווייס זי ניט.
זי ווייס נאָר, אַז ס'וועט קומען. אויף וואָס וואַרט זי? דאָס ווייס זי אויך
ניט אויף קלאָר, אַזוי ווי עס האָט עס, אַגב, ניט געוואוסט אויך ר' גדליה
און אַזוי ווי עס ווייס עס ניט דער נאָך גרעסערער מיוחס און נאָך
גרעסערער יורד, ווי ר' גדליה — דאָס פֿאָלק ישראל, ווען עס זאָגט
יעדען טאָג, הויך אויפ'ן קול אָדער שטילערהייד אין האַרצען ביי זיך:
ואַף על פּי שיתמהמה, און מעג ער זיך זאַמען, וואַרט איך טאָג-איין
טאָג-אויס אויף זיין קומען. אָט אַזוי איז שוין די טבע פֿונ'ם אַריסטאָקראַט,
וואָס איז געוואָרען אַ יורד, צו וואַרטען און גלויבען, אַז אָט-אָט וועט
עפּיס געשעהן, און ער וועט קומען צוריק צו זיין רעכט און צו זיין רוהם...

אָט דער דאָזיגער אייביגער וואַרטען, דער דאָזיגער אומבעשטימ-
טער גלויבען איז דאָס איינציגע, אַחוץ'ן בלוט, וואָס מירעל האָט גע-
ירשנ'ט פֿון די פֿריהערדיגע דורות: ביי זיי איז עס אָנגעקליידט געווען
אין אַ פֿאָרם, אין דער פֿאָרם פֿונ'ם משיח-גלויבען; זי האָט די פֿאָרם
פֿערלאָרען, אָבער דער תוך איז, ווי אַ הייס, אומרוהיג פֿייער, געבליבען
אין איהר ברוסט. און עס טרעפֿען מינוטען, ווען זי פֿיהלט און ווייס, אַז
ניט פֿון זיך אַליין, נאָר פֿון עפּיס אַ ווייטען פּלאַץ צינדט זיך אָן אין

איהר פלוצלינג אָט דער הייליגער פייער. דאַן דוכט זיך איהר אויס, „אַז פון דאָרט, פון רויטען עק הימעל, קוקט צו איהר אַרויס אַ צווייטע פייערדיגע מירעל און ווינקט צו איהר פון דער ווייט: „קיינער, ווינקט זי צו איהר, וויס נישט, צוליעב וואָס ס'בלאָנדזשעט אַרום מירעל הורוויץ. און איך, מירעל, וואָס איך ברען אין פייערדיגען עק הימעל אויפ'ן האָריזאָנט, — כ'האָב שוין אַמאָל אויך אַרומגעבלאָנדזשעט און האָב אויך נישט געוואוסט, צוליעב וואָס...“

און מירעל ווערט אין אונזערע אויגען אַ סימבאָל — אַ סימבאָל פונ'ם איביגען אַהאַסווער, וואָס בלאָנדזשעט אַרום איבער דער וועלט, פון איין עק האָריזאָנט צום צווייטען, און וויס נישט, צוליעב וואָס. מירעל ווערט אַ גייסט. טויזענדער יאָהרען האָט ער אַרומגעשוועבט, דער גייסט, אינ'ם חלל פון דער וועלט, פול מיט גלויבען און געוויסהייט, אָהן קשיות און אָהן ספקות. פלוצלינג האָט ער זיך אָבגעשטעלט, דער־זעהן, אַז אַ מדבר, אַ וויסטעניש, אַ פוסטקייט רינגעלט איהם אַרום פון אַלע זייטען, און ער פרעגט, וואוהין, צוליעב וואָס געהט ער. פרעגט — און געהט ווייטער. זעהט דעם פוסטען רוים, וואָס אַרום; זעהט אָבער אויך דעם שטערן, וואָס ווינקט איהם פון טונקעלן הימעל, ווינקט און רופט...

מירעל ווערט אַ גייסט.

אָבער נאָר איין אויגענבליק שטעהט מירעל אויף אָט דער העלפ־טער הויך. בערגעלסאָן איז צופיעל קינסטלער, זיין גייסטיג אויג — צו־פיעל געוועהנט צו זעהן אַלץ, וואָס עס זעהט, אין בילד, אין פלייש און הויט אָנגעטאָן, אַז ער זאָל אויף לאַנג לאָזען שוועבען די געשטאַלט פון מירלען, ווי לייכט און שוועבעוודיג זי זאָל ניט זיין, אין וואָלקענס, אין דער לופטען; נאָר אויף איין אויגענבליק לאָזט ער אונז זי זעהן דאָרט. די גאַנצע צייט אָבער האַלט ער זי דאָ אונטען אויף דער ערד; אַן ערדישע, אין פערשיידענע קליידער ציינט ער זי אונז, אין וואָ־כעדיגע און אויך אין יום־טוב'דיגע, אָבער זיי, די קליידער, זענען תמיד רעאַלע, ממשות'דיגע, כאָטש דער שטאָף, וואָס זיי זענען געמאַכט פון איהם, איז זעהר אַן איידעלער... אויב מיר האָבען געפרובט אַראָבצוציהען אויף אַ ווײַלע דעם שלייער פון מירעלס גייסט און אויסזאָגען (ניט זאָגען) פון איהם מעהר אפשר, ווי דער פערפאַסער האָט געוואָלט, איז עס נאָר, כדי, אַז אָט „די פייערדיגע מירעל“, די מירעל של מעלה, וואָס אַנטפלעקט זיך פאַר אונז אויף איין רגע אין עק הימעל, זאָל אונז העלפען צו פערשטעהן די לײדען פון דער איינפאַכער מירעל, וואָס פון איבען־אויף קאָנען זיי מאַכען דעם אַיינדרוק פון אַ... „קליינ־

שטעדטילדיגער טראַגעדיע", װי עס רופט עס אָן הערץ האַלב אירא־ניש, האַלב ערנסט.

כדי צו פערשטעהן דעם אמת'ן זין פון דער דאָזיגער טראַגעדיע, מוז מען זיך דערמאָנען אויפ'ן אונטערשייד, װאָס ס'איז פאַרהאַן צװישען ר' גדליה'ן און מירלען. ר' גדליה האָט, אינאיינעם מיט'ן גייסט פון די אַלטע, מיוחסדיגע דורות, געירשנ'ט אויך אַ לבוש פאַר דעם דאָזיגען אידעלען גייסט, אַ לבוש, װאָס אויך אַנדערע קליידען זיך אין איהם, אַליין איינס, צי ער קליידט זיי, צי ניט: דאָס איז די תורה, דער אַלטער יודישער קולטור־פערמעגען, די יודישע רעליגיאָנס־פאָרמען. מי־רעל אָבער טראָגט אין זיך נאָר דעם גייסט און נאָר דאָס בלוט, דאָס אַריסטאָקראַטישע, — דאָס, װאָס ביי די אויפגעקומענע, און אויך ביי די „שרייִם", ביי די עפּיגאָנען פונ'ם אַלטען יחוס, איז עס ניטאָ: האָט זי זיך ניט דערפאַר װאו אַהין צו טון, און זי געפינט זיך קיין אָרט ניט אין לעבען. זי איז אַרומגערינגעלט פון מענשען, פון קרובים, פון פריינד — און איז איינ־זאַם. אַלעמען ציהט צו איהר, אָבער זי ציהט צו קיינעם ניט. איהר האַרץ איז דאָרשטיג, און ס'איז ניטאָ, װער עס זאָל שטילען איהר דאָרשט. װי אַ פער'כשופ'טע פרינצעסין, װאַרט זי האַלב װאַך אויפ'ן פרינץ, װאָס װעט קומען און אויסלייזען זי — און ער קומט ניט. עס קומען אַנדערע — ניט ער.

ס'קומט װעלװיל בורנעס. ער איז דער זוהן פון אַן אויפגעקומענעם גביר, אַן אויסגעאיידעלטען עם־הארץ. „גאַנצע פיר יאָהר — אַזוי הויבט זיך אָן דער ראָמאַן — האָט זיך צװישען זיי געצויגען דער היימישער קליינשטעדטילדיגער שידוך, און געענדיגט האָט ער זיך אָט װי אַזוי:

— זי, ר' גדליה הורװיצ'ס בת יחידה, מירעלע, האָט איהם סוף כל סוף די תנאים אָבגעשיקט און אַליין װידער אָנגעהויבען אַרומצושפּאַצירען מיט'ן קרומען סטודענט ליפּקיס". צוליעב װאָס האָט זי געטאָן אָט דעם שידוך און פאַרװאָס האָט זי איהם אָבגעלאָזט? געטאָן האָט זי איהם מסתמא דערפאַר, װאָס ר' גדליה'ס געשעפטען זענען שוין דאַן געגאַנגען זעהר שלעכט, און זי האָט ניט געקאָנט לאָזען, פערשטעהט זיך, דעם טאַטען פאַלען. און אפשר איז עס געװען, פשוט, אַ קאַפּריז פון אַ בת־יחידה, און אפשר האָט זי געגרייצט די ליעבע, װאָס האָט אָנגע־פילט ביז איבער די ברעגעס װעלװילס ריינע און ענגע נשמה און ניט געלאָזען דאָרט קיין אָרט פאַר קיין שום אַנדערע געפיהלען. דאָס איז אויך מעגליך. אַזאַ נאַאיװע טיפע ליעבע, װי װעלװילס, האָט געמוזט כאָטש איין סטרונע אַ פערבאָרגענע אויפװעקען אין דער דאָרשטיגער פרויען־האַרץ. עס ציהט דאָך עפּיס גאָר װי אַ כישוף אָט דעם קינדיש־פּראָסטען בחור צו

זיין קאָנטראַסט — דער ראַפינירט=אידעלער, געפּיעסטעטער בת=יחידה (די שילדערונגען פון וועלווילס שטילער, שטומער, איינגעשפּאַרטער ליעבע צו מירלען געהערען צו די שענסטע זאַכען אין דער יודישער ליטעראַטור), און מירעל איז דעם גאַנצען לעבען טאַקע דאַנקבאַר איהם דערפאַר. אָבער קאָן דען דאַנקבאַרקייט פערבייטען ליעבע? ליעבען וועלוועלען האָט מירעל נישט געקאָנט. ער איז צו איינפאַך, און זי — צו קאָמפּליצירט פאַר אַזא ליעבע. זי איז אַ געטין אין זיינע אויגען, אָבער איהר איז נויטיג, ער זאָל זיין אַ גאָט. דערצו איז איהר ענג דאָ אין שטעדטיל, און חתונה האָבען מיט וועלוועלען הייסט דאָך בלייבען דאָ אין שטעדטיל, אין בורנעבעס הויז, אינ'ם הויז, וואו עס לעבט וועלווילס טאַטע, דער אויסגעאיידעלטער עם הארץ, און זיין מאַמע, די נידעריגע און שטאַרק=גראָבע יודינע מיט'ן אַסטמא=פעהלער; אינ'ם הויז, וואָס די ביימלעך פאַר זיינע פענסטער זענען יונג, וויל „ביי יעדען אויפגעקומענעם גביר זענען שוין, אַ פּנים, יונג און קליין די ביימלעך, וואָס פאַר די פענסטער". בלייבען דאָ אין שטעדטיל הייסט פערברענגען די טעג און אָוונדען אין דער געזעלשאַפט פון דעם הינקענדיגען סטודענט ליפּקיס, פון דעם פּראָוויזאָר=געהילף סאַפּיאַן, פון דעם לעהרער שאַבאַד, פון דער אַקושערקע שאַ'ך, הייסט פאָהרען אויף „בעלער" צו די טאַראַביי'ס, וואו שטעלענדיג צום טיש אַלע מאָל נייע פולע פלעשער, געוואַלדעוועט עפּיס אַ מבושמ'דיגער, רויטער און פערשוויצטער געשוועסטערקינד טאַראַביי'ס מיט אַן אומגעלומפּערט הויכען קול און מיט אַ ניגון פון „אַתה הראית":

„— אַט דאָס שטעלט דער פעטער נחום פאַר'ן עלטערן זוהן באָריס'ן, וואָס דיענט אין לאָדזער באַנק און וועט, איה"ש, אינגיכען ווערען די—רעק—טאָר:

— אַט דאָס שטעלט די מוהמע נחמקע פאַר דער עלטערער טאָכטער, טאַניען, וואָס האָט פאַר סכות אויסגעהאַלטען אויף זעקס קלאַסען!

— אַט דאָס שטעלט דער פעטער פאַר'ן קלענערן זוהן, איסאַק'ן, וועלכער וועט, איה"ש, איבער צוויי יאָהר אינזשינער!"

יעדער וועט מודה זיין, אַז מירעל מיט איהר נאַטירליכען פיינעם געשמאַק מוז פיהלען אַ טיפען עקעל צו אָט דער געזעלשאַפט. די שטילע מייסטערשאַפט, וואָס מיט איהר האָט בערגעלסאָן אונז געגעבען צו פיהלען דעם פּאַרוועניו=כאַראַקטער פון די אויפגעקומענע שטעדטילדיגע גבירים און גבירישע קינדער (די אויסגעצייכענטע באַל=שילדערונג!) און די פּאַרבלויזיגקייט און גייסטיגע אָרימקייט פון דער שטעדטילדיגער אינטעליגענץ — פערשפּאָרט

אונז צו רעדען אַ סך וועגען די סיבות, פאַרוואָס מירלען איז ענג און שלעכט און לאַנגווייליג געווען אין שטעדטיל. די אַקושערקע שאַץ, די ליטווישע מיידעל מיט דעם איראָניש־שמייכעלדיגען געזיכט, איז די איינציגע, וואָס מירעל קאָן נאָך מיט איהר אַמאָל אויסרעדען אַ וואָרט אָדער שווייגען אַ מינוט. אָבער אויך זי, די האַלב־מאַנסבילדיגע אַקושערקע מיט דעם פאַפּיראָס אין מויל, איז נעהענטער סוף כל סוף צום פּראָוויזאָר־געהילף סאַפּיאַן מיט די פאַרבלויזע אויגען, ווי צו מירלען. און דער נאַרישער פערליעבטער סטודענט ליפּקיס איז דאָך איהר, מירלען, געוויס ניט קיין חבר. זי דאַרף איהם נאָר, כדי ער זאָל איהר נאָכהינקען, ווען זי געהט אין שטעדטיל אָדער הינטער'ן שטעדטיל איבער די שנייפעלדער שפּאַצירען, כדי זי זאָל איהם קאָנען לאָזען אין מיטען דערינען און אָבקעהרען זיך צו איהר געוועזענעם חתנ'ס שטוב, כדי זי זאָל, ענדליך, האָבען איך וועמען אויסצוגיסען איהר אומעט... וועלוויל בורנעס, איהר חתן אַליין, געהערט אייגענטליך ניט צו די „אינטעליגענטען“ און ניט צו די „בעלי־הבתים“ פון שטעדטיל: מירעל און זיין ליעבע צו איהר האָבען אַזוי ווי איבערגעלאָזען אויף איהם עפּיס אַ צאַרטען אָבשיין, אַזוי ווי אַרומגערינגעלט איהם מיט עפּיס אַ שווייגען, וואָס זונדערט איהם אָב פון די אַרומיגע. נאָר וועלוויל, האָבען מיר שוין געזאָגט, איז צו פּרימיטיוו, צו וואָכעדיג פאַר מירלען.

דערצו קומט דאַן אַן אַנדערער, אַן „אינטערעסאַנטערער“ — נתן העלער. ער קומט פון שטאָדט, אַ חנ'עוודיגער און אַ יונגער בחור. אויף אַ ווייַלע פּעראינטערעסירט ער זי. זי הערט אומעטיג, „ווי ער חזר'ט איבער דאָס זעלבע, וואָס ער האָט שוין איבערגעחזר'ט נעכטען און איינעכטען:

— וועט זי זיך מיט איהר חתן — וועלוויל בורנעס — פונאַנדערגעהן, און ער וועט דעם פּאָליטעכניקום ענדיגען, וועט אַן אינזשינער אין אַ ווייטער פאַבריק ווערען און וועט דאָרט מיט איהר, מירלען, אינאיינעם אין אַ פערוואַקסענער שטיבעל וואוינען“. הערט זי עס און הערט, ביז „אינמאָל אין שפּעטע פרידהלינג־בין־השמשות האָט זיך איהר, מירלען, אַזוי קלאָר פאָרגעשטעלט, ווי אין צוויי יאָהר אַרום נאָך דער חתונה מיט העלער'ן ליגט זי נאָך דער פאַרנאַכטיגער טיי אויפ'ן דיוואַן, וואָס אין יענער פערוואַקסענער פאַבריק־שטיבעל, ליגט דאָרט איינע אַליין און טראַכט גלייכגילטיג און אָהן אַ שום ווילען אין האַרץ:

— ער... נתן... ער האָט זיך שוין אַזוי פיעל מאָל פון דער פאַבריק

אַהיים איף נאַכטלעגער אומגעקעהרט... געווים וועט ער היינט אויך אַהיים קומען.

און נאָך אין יענע זעלבע בין השמשות האָט זי העלער'ן איבער'ן שטעדטיל געזוכט, איהם צולעצט געפונען און איהם געזאָגט:

-- ס'וועט פון דעם גאָרנישט ניט זיין, און ער, העלער... ער מעג נאָך היינט פון שטעדטיל אַוועקפאָהרען". זי האָט אינסטינקטיוו דערפיהלט, אַז העלער איז ניט דער, וואָס זי וואַרט אויף איהם, ניט דער, וואָס וועט זי פון דער אַרומיגער וואָכעדיגקייט אַרויספיהרען. העלער זוכט שפּעטער אין דער גובערניע-שטאָדט אַ שותף צו אַ קאָפּיקע-צייטונג — דאָס איז זיין בעסטע כאַראַקטעריסטיק. העלער איז אַ פאָרשטעהער פון דער גרויסשטאָדטישער יודישער אינטעליגענץ, אַזוי ווי אַ סאַפּיאַן אָדער אַ סטודענט ליפּקים אָדער אַ לעהרער שאַבאַד — פון דער קליינשטעדטילדיגער. אינ'ם שווינדעלדיגען טומעל פון דער גרויסער שטאָדט פיהלט זיך מירעל נאָך עלענדער און איינזאַמער, ווי אין דער לאַנגווייליגער שטילקייט פונ'ם שטעדטיל. אין דער גרויסער שטאָדט איז די פּוסטקייט נאָך גרעסער, ווי אינ'ם קליין-שטעדטיל. דאָ איז די פּוסטקייט ניט אַזאַ נודנע, דערפאַר אָבער אַ שרייענדיגערע און חוצפה'דיגערע, ווי אינ'ם קליין-שטעדטיל. דאָ איז, אַחוץ דעם פּוסטען און טומעלדיגען העלער'ן, וואָס קלייבט זיך אַרויסצוגעבען אַ קאָפּיקע-צייטונג, אידאַ שפּאָליאַנסקי — אַן איבערגעלאַסענער שטאָדט-פּאַרשוין, „וואָס איז שטאַרק רייך און וואָס פעלשט אָן אַוועקגעפאָהרענעם מאַן"; ריקעל, שמואליק'ס קלענערע שוועסטער — „אַ וואַקסיגע 19-יאָהריגע מיידעל, וואָס האָט אָקאָרשט פאָריגען זומער די גימנאַזיע געענדיגט, זעהט אויס עלטער ווי אויפ'ן אמת, פערשפּרייט אַרום זיך אַ געפיהל צי פון מיעדקייט, צי פון גלייכגילטיגקייט און איז אינגאַנצען, מיט'ן גרויסען הוט און מיט'ן פערקעס, וואָס זענען ביידע אַ ביסעל אָנגערוקט אויף אַ זייט, ווי געמאַכט געוואָרען נאָכ'ן גרויסשטאָדטישען פאַסאָן... ס'דוכט זיך, אַז זי רעדט קיינמאָל ניט קיין קלוגע זאַכען נאָר דערפאַר, וואָס זי איז צופיעל מיעד. נאָר אין דער אמת'ן איז גאָר ביי איהר דער קאָפּ, ווי ביי איהר מוטער, צופיעל טעמפּ, און ס'ווערען אין איהם זעלטען מחשבות געבוירען"... פון די ווייבספּאַרשוינען איז פאַרהאַן נאָך דאָ מרים לובאָשיץ, אַ געוועזענע קורסיסטין, די ויידענאָווסקי'ס אַ קרובה. עס איז כדאי זי צו דערמאָנען, ווייל זי ווייזט אונז, אַז פון דער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג, וועלכע פלעגט אָפט וואַרפען אויף מענשען אַ שיין, וואָס פלעגט זיי מאַכען אינטערעסאַנטער און אינהאַלטסרייכער, ווי זיי זענען געווען אין דער אמת'ן, — פון דער דאָזיגער געזעלשאַפטליכער בעוועגונג איז

איצט אין כרך, וואו די זיידענאָווסקיס וואוינען, קיין זכר ניט געבליבען. „פאַר דער חתונה", דערצעהלט מיט אַ זעלבסטצופרידענעם געלעכטער דער סטודענט ליובאַשי'ן וועגען זיין שוועסטער מרים — „פאַר דער חתונה, געדענקט ער, איז זי עפּיס געווען, און אין די קרייזלעך האָט מען ביי יעדער נאַרישקייט איהר נאָמען דערמאָנט. און איצט איז דאָך פון איהר נישט מעהר ווי אַ פּשוט'ע ניאַנקע געבליבען". זי, די געוועזענע קעמפערין, איז איצט אַ געזעצטע היימישע ווייבעל, און וועגען כלערליי משפחה-אָנגעלעגענהייטען איז מען זיך מיט איהר מישב. די בעל-הבתישע אינטעליגענטען, וואָס האָבען דאָ ניט לאַנג וועלטען איינגעלעגט, האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אַהיים און פיהלען זיך דאָ, ווי די פיש אין וואַסער, אַזוי ווי עס איז גאָרנישט ניט געווען. און טאָמער מיינט איהר, אַז די פייערלעך פונ'ם בעל-הבתישען יום-טוב, פונ'ם ציוניזם, זענען נאָך ניט איסגעלאָשען אינגאַנצען, און עמיצענס אַ האַרץ וואַרימט זיך נאָך ביי זיי — איז עס אויך אַ טעות: מאָנטשיק, דער יונגער, צעטראָגענער, גרויסשטאָדטישער געשעפטסמענש, איז גרייט צו געבען איפ'ן נאַציאָנאַלפאָנד, ווען מען שטעהט צו איהם צו, אויב ער איז איפגעלעגט דאַן, פונ'ם ציוניזם אָבער האַלט ער ניט; און שלום זיידענאָווסקי, דער האַלב-סוחר, האַלב-משכיל, וואָס צוליעב נדן האָט ער חתונה געהאַט מיט אַן איבערגעוואַקסענער דאַר-גופ'יגער מיידעל און איז אָנגעשטויסען אויף דער גאַנצער וועלט — שלום האַלט פון דער גאַנצער יודישער יוגענד ניט: „ביי אונז, זאָגט ער, קאָנען ניט זיין קיין געזונטע טיפען"...

אין צווישען אָט דער ברוגז'ער אָדער זעלבסטצופרידענער בעל-הבתיש-אינטעליגענטישער פוסטקייט מוז מירעל לעבען נאָך איהר חתונה מיט שמואל זיידענאָווסקי! איז אַ חידוש, וואָס דאָס פיהרט נאָך צו ערגערע רעזולטאַטען, ווי איהר לעבען אין קליינשטעדטיל? אמת, שמואליק זיידענאָווסקי שטאַמט פון אַ מעהר מיוחס'דיגער פאַמיליע, ווי וועלוויל בורנעס. נאָר אין זיין פאַמיליע האָט דער יחוס, קענטיג, אויסגעוועבט זיך. געבליבען פון איהם איז נאָר ביים טאַטען פון דער פאַמיליע, ביי יעקב יוספ'ן, עפּיס אַ דעספּאָטישער, נגידישער איבערנעמען-זיך, און ביים זוהן, ביי שמואליק'ן — עפּיס אַ ווייכקייט און אַ כאַראַקטערלאָזיגקייט. דער וואַסערדיגער שמואליק מיט זיין רויטען בערדיל, זיין משכיליש-מתרישען לשון-קודש און שלעכטען רוסיש איז מירלען נאָך פרעמדער דעריבער, ווי וועלוויל. „וועלוויל בורנעס, טראַכט זי אַמאָל, איז געווים מעהר פערגרעבט פון איהם, שמואליק'ן, נאָר דאָך... קיין עקעל רופט ער יעדענפאַלס נישט אַרויס". שמואליק זיידענאָוו-

סקי רופֿט אַרויס בּיי איהר אַן עקעל. וועלוויל איז פֿערגרעבּט און פּראָסט, אָבּער ער האָט אויך קיין פּרעטענזיעס ניט אויף יחוס. בּעסער אַן איינפֿאַכער געטראַנק, איידער אַן איידעלער, וואָס איז צו לאַנג געשטאַנען אָפֿען און האָט זיך אויסגעוועבּט. שמואליק׳ס יחוס איז אַן אויסגעוועבּטער. און נאָך פֿאַר דער חתונה האָט מען אין שטעדטיל גערעדט פֿון די צוויי תנאים, וואָס זי האָט מיט איהם אויסגענומען: „לעבּען מיט איהר, ווי אַ מאַן מיט אַ ווייבּ, זאָל ער זיך נישט ריכטען. און זי, מירעל... זי מעג אַוועקגעהן אויף אייבּיג פֿון איהם און פֿון זיין שטוב אין יעדער צייט, וואָס איהר וועט זיך פֿערוועלען“. עטליכע מאָל האָט זי געטראַכט אויך איהם אָבּשיקען די תנאים, אַזוי ווי וועלוולען, בּעזונדערס דאַן, ווען איהר טאַטענס געשעפֿטען האָבּען זיך פֿערבּעסערט, זי איז דאַן, כמעט, ווי זיכער געווען, אַז די תנאים וועלען בּטל ווערען, כאָטש ווי אַזוי זיי וועלען בּטל ווערען — האָט זי ניט געוואוסט. נאָר איינמאָל איז איהר געקומען אַ געדאַנק אין קאָפּ: „מעגליך, אַז איהר וועט שוין קיין כּח ניט בּלייבּען אָט די חתונה נישט צו דערלאָזען. קיין כּח וועט איהר נישט בּלייבּען, נישט דערפֿאַר, וואָס זי בּעדאַרף אָט די חתונה, און נישט דערפֿאַר, וואָס עמיצער אַן אַנדערער בּעדאַרף זי, נאָר דערפֿאַר, וואָס איהר איז שוין אַליך איינס, און זי פֿיהלט שוין אַ שטאַרקין עקעל יעדען מאָל, ווען זי טראַכט מבטל זיין אָט די צווייטע תנאים איהרע“. זי פֿיהלט אַן עקעל צו יעדען אַקטיווען אַריינמישען זיך אינ׳ם גאַנג פֿון איהר לעבּען. און דאָס נעמט זיך נישט אַזוי דערפֿון, וואָס זי איז גלייכגילטיג צו איהר לעבּען, ווי פֿערקעהרט, דערפֿון, וואָס זי גלייבּט פֿאַטאַליסטיש, אַז איהר לעבּען וועט זיך אומבּייטען, אַזוי ווי פֿון זיך אַליין, אַזוי ווי דורך אַ נס; דערפֿון, וואָס זי וואַרט נאָך אַליץ אויף איהר אויסדערוועהלטען, איהר בּעשערטען, וואָס וועט קומען, אַן איינציגער און אַ יום־טוב׳דיגער, און וועט זי אַוועקפֿיהרען אַהין, וואו איהר אָרט איז.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פֿאַר מירלען, ווי פֿאַר׳ן סימבּאָל פֿונ׳ם פֿעראיינזאַמטען און קראַנקען יודישען יחוס, וואָס אינאיינעם מיט׳ן לעצטען יאוש צינדט זיך אָן אין איהר שטענדיג אויך עפּיס אַ לעצטע האָפֿענונג. אַ געוויסער פֿאַטאַליסטישער בּטחון איז אַ זאַך, וואָס טרעפֿט זיך זעהר אָפֿט בּיי יעדען אַריסטאָקראַטישען יורד; נאָר דאָרט איז דער בּטחון אַ פּאַסיווער און נאָר אַ פּאַסיווער. בּיי מירלען איז אַ מאָדנע פֿעראייניגונג פֿון שוואַכקייט און עקשנות, פֿון פּאַסיוויטעט און העראָאיזם. אָט די פּאַסיווע, אומבּעהאָלפֿענע מירעל ווערט מוטיג און עקשנות־דיג־פּראַקטיש, ווי נאָר זי דערפֿיהלט, אַז איהר לעצטע האָפֿענונג שטעהט

אין געפֿאַהר. זי שטרענגט אָן איהר לעצט ביסעל ענערגיע, אַבי זי זאָל
איהר לעצטע האָפֿענונג ניט פֿערשפּילען. דאָס איז דאַן, ווען זי דער-
וויסט זיך, אַז זי איז טראָגעדיג. האָבען אַ קינד מיט שמואליק זיי-
דענאָווסקי הייסט ניט נאָר דעם ערשטען תנאי, וואָס זי האָט
אויסגענומען מיט איהם, מבטל מאַכען (ער איז שוין, אַגבֿ, בטל גע-
וואָרען אַליין, אָהן איהר ווילען); דאָס הייסט אויך אָבזאָגען זיך פֿונ'ם
צווייטען תנאי — אַז זי קאָן אַוועקגעהן פֿון איהר מאַן, ווען זי
וויל: פֿון אַ קינד אַוועקגעהן קאָן מען ניט; אין דער געשטאַלט פֿונ'ם
קינד וואָלט זי זיך אויף שטענדיג פֿערבונדען מיט די זיידענאָווסקיס,
וואָלט געוואָרען אַ גליד פֿון זייער פֿאַמיליע, און עס וואָלט פֿערשוועכט
געוואָרען איהר יחוס'דיגע אָבגעזונדערטקייט — שוין ניט גערעדט פֿון
דעם, וואָס מירעל וואָלט ניט געקאָנט שענקען איהר הייליג מוטער-
געפֿיהל אַ קינד, וואָס איז אָהן איהר ווילען, אָהן איהר ליעבע אויף
דער וועלט געקומען. מירעל קווענקעלט זיך אַ געוויסע צייט, אַן אי-
נעווייניגסטער קאַמף קומט פֿאָר אין איהר, סוף כל סוף אָבער געברויכט
זי אַ העראָאיש מיטעל — ווערט פֿריי פֿונ'ם נייעם, אָבער פֿרעמדען לעבען,
וואָס האָט שוין געזועסט געאָטעמט ביי איהר אונטער'ן האַרצען. די פֿער-
טרוימטע, פֿערבענקטע, אומבעהאָלפֿענע מירעל ווערט פּראַקטיש ביז
גאָר, ווען „דאָס וואַסער האָט דערגרייכט ביז'ן האַלז". האָבען מיר עס
דען ניט געזעהן אָפֿט אין דער געשיכטע פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, פֿון
אָט דעם קאָלעקטיווען אַריסטאָקראַטישען יורד, ווי עפּיס אַ פֿערבאָרגע-
נער אינסטינקטיווער לעבענס-אימפּעט וואַכט אויף פּלוצלינג, בעת איין
סכנה שטעהט די ראַסע. מירעל איז גרייט צו טון אַליץ. זי איז גרייט
צו ווערען פּלעביי-איש-פּראַקטיש, אַבי אָבצוהיטען די ריינקייט, די אָב-
געזונדערטקייט פֿון איהר יחוס. דורות-לאַנג האָט די משפּחה הורוויץ
זיך משדך געווען מיט זיך אַליין, איז איצט, אַז פֿון דער
משפּחה איז קיינער ניט געבליבען, בעסער שטעלען אין קאָן
דעם אייגענעם לעבען און דעם אייגענעם מאָראַלישען געשמאַק, איידער
אַרויסברענגען אַ דור פֿון שעטנז.

מיר זעהען, אַז כאָטש אַלע געוועהנטליכע לעבענסגעפֿיהלען, און
צווישען זיי אויך דער געפֿיהל פֿון מענשליכען צוזאַמענלעבען, זענען
ביז גאָר אָבגעשוואַכט אין מירלען, איז אָט דעם רעשטיל פֿון דער
דעגענערירטער אַריסטאָקראַטישער פֿאַמיליע, איז דאָך אָבער דער גע-
פֿיהל פֿון דער ראַסען-ריינקייט, דער יחוס-געפֿיהל, נאָך זעהר שטאַרק
אין איהר. נאָך מעהר: וואָס שוואַכער עס זענען אַלע אַנדערע געפֿיהלען,
אַלץ שטאַרקער און אייגעשפּאַרטער ווערט אין איהר אָט דער איין-

און איינציגער יחוס=געפֿיהל. דער יחוס=פֿייער פֿלאַקערט אויף אין איהר, ווי אַ ליכט, איידער זי פֿערלעשט זיך, און אָט דער פֿלאַקער פֿון דער ליכט פֿאַר איהר אויסגעהן איז אין קיין מאָמענט ניט קענטיג אַזוי, ווי דאַן, ווען מ י ר ע ל בעפֿרייט זיך פֿון איהר קינד, כדי ניט צו פֿערבינדען זיך אויף שטענדיג מיט די זיידענאָווסקים...

און ווער ווייס, צי איז עס ניט דער אייגענער מאָמענט, ווען מ י ר ע ל'ס פֿאָטער גוססט דאָרט אין שטעדטיל און קלאָגט זיך פֿאַר'ן רבֿ, וואָס ער שטאַרבט אָהן אַ יורש? ווער ווייס, צי האָט מ י ר ע ל ניט פֿערלאָרען אין איהר פֿאָטער, אין איהר קינד אין איין און דערזעלבער רגע? צי איז ניט גלייכצייטיג אָבגעשטאָרבען אין דער לעצטער וואָרצעל, אין דער ערשטער פֿ ר ע מ ד ע ר צווייג פֿונ'ם אַלטען יחוס=בוים? נאָר אויב דעם פֿאָטערס טויט האָט גרעסער געמאַכט די עלענדקייט מ י ר ע ל ס, האָט איהר בעפֿרייען זיך פֿונ'ם קינד, פֿערקעהרט, אין איהר צוריק אָנגעצונדען די האָפֿענונג — אויף אַ נייעם לעבען. זי הויבט דאַן ווידער אָן צו טראַכטען וועגען אַוועקגעהן פֿון שטוב, פֿון מאַן, כאָטש וואוהין אַוועקגעהן — ווייס זי ניט. נאָר צו וואָס דאַרף זי עס וויסען? דער גאַנצער זין אין כשוף פֿון איהר לעבען בעשטעהט אין אָט דעם אומבעשטימטען טראַכטען וועגען עפּיס אַזוינס, וואָס וועט קומען און איהר קלאָר מאַכען די רעטעניש פֿון איהר עקזיסטענץ; דער גאַנצער כח איהרער ליגט אין אָט דעם אייביגען וואַרטען. איהר טיפֿער אינטערעס צום העברעאישען פּאָעט ה ע ר ץ נעמט זיך נאָר דערפֿון, וואָס פֿון איהם וואַרט זי נאָך עפּיס. וואָווע בורגעס, ל י פּ ק י ס, ה ע ל ע ר, שפּעטער מ אָ נ ט ש י ק — האָבען איהר אָבגעגעבען אַלץ, וואָס זיי פֿערמאָגען, דייערע גאַנצע געטריישאַפֿט און ליעבע — זענען זיי פֿאַר איהר נאָר זכרונות, ניט קיין האָפֿענונגען. ה ע ר ץ איז אַ האָפֿענונג, ער רייצט איהר נייגעריגקייט. ער גיט זיך איהר ניט אונטער, ווי די איבעריגע. ער לאָזט איהר ניט שפּילען זיך מיט איהם. פֿערקעהרט, ער שפּילט זיך מיט איהר, ער ווערטעלט זיך, זיין ערשטער קוק אויף איהר איז פֿון אויבען אַראָב, עפּיס איז אַ מאָדנער גרינער גלאַנץ פֿאַראַן אין זיינע אויגען, און אַ טרויער, און אַ שמייכעל, און אַן איראָניע. ער קומט גאָר פֿון אַן אַנדער וועלט, ווי די אַרומיגע. שוין דער ערשטער איינדרוק, וואָס זי האָט בעקומען, הערענדיג די אַקושערקע שאַץ דערצעהלען וועגען איהם, איז געווען דער איינדרוק פֿון עפּיס ניט קיין געוועהנליכען מענשען. עפּיס מאָדנע איז דער שטייגער לעבען זיינער. אַלע זומער לעבט ער ערגיץ אין אַ שווייצערישען דאָרף, און ווינטער — „אינ'ם קליינעם ליטווישען שטעדטיל, וואו זיין געשטאָרבענעם זיידען — דעם רבֿ האָט מען שוין לאַנג אַ שטיינערנע מצבֿה פֿאַר קהל'שע געלד

געשטעלט". מירעל האָט געקראָגען אַן אינטערעס צו הערצן, נאָך איידער זי האָט איהם דערזעהן. שפּעטער, אַז זיי האָבען זיך בעקענט, איז דער אינטערעס אין איהר נאָך טיפער געוואָרען. הערץ איז דער ערשטער מענש, וואָס די אַרומיגע זענען איהם אפשר נאָך פרעמדער, ווי איהר. אָט געהט ער איינמאָל שבת פאַרנאַכט, מנחה-צייט, דורכ'ן שטעטיל. שטעהען יודען נעבען שול, קוקען איהם נאָך און כאַפּען וועגען איהם אַזאַ מין קורצען שמועס.

—„וואָס, זאָגסטו, שרייבט ער?

— ביכלעך?

— מהיכא תיתי, פאַרוואָס דען נישט? זאָל ער שרייבען"... אָבער ניט נאָר די שטעדטילדיגע יודען זענען איהם פרעמד; די גאַנצע וועלט, דאָס גאַנצע לעבען איז גאָרנישט ניט ווערט אין זיינע אויגען. „ס'איז איהם שוין — זאָגט ער — גאָרנישט געבליבען, חוץ דעם שמייכעלדיגען שווייגען". ווער ווייס, צי איז הערץ ניט פון דעם אייגענעם סאָרט מענשען, וואָס מירעל? מען דאַרף נישט פערגעסען, אַז ער שטאַמט אויך פון אַ יחוסדיגער, רבנישער פאַמיליע. ער איז אויך אפשר אַ לעצטער אין זיין משפחה, אַזוי ווי ר' גדליה אין דער משפחה הורוויץ. מעהר נישט, וואָס ר' גדליה האָט זיך נאָך אין דער וועלט פון דער אַלטער יודישער קולטור געפיהלט, ווי אַ לעבעדיגער צווישען לעבעדיגע; הערץ, דער העברעאישער פּאָעט, פיהלט זיך דאָרט ווי אין „אַ טויטער שטאָדט", — אַזוי ענדיגט זיך זיינע אַ סימבאָלישע מעשה'לע, וואָס די אַקושערקע שאַץ לייענט פאַר מירלען איסווייניג. „אַ שומר פון אַ טויטער שטאָדט" — פון אַזאַ מענשען מוז מירעל וואַרטען ניט אין ערך מעהר, ווי פון אַ העלער אָדער אַ מאָנטשיק. ער טראָגט אַליין אין זיך עפּיס אַ סוד, אַ סוד פון אַלטע צייטען: אפשר וועט ער איהר איסזאָגען אויך דעם סוד פון איהרע ליידען, פון איהר עלענדקייט, פון איהר בענקשאַפט. ער איז אַליין אַן איינזאַמער, אַ לעצטער: אפשר וועלען זיי, צוויי איינזאַמע, צוויי לעצטע, זיך בעהעפטען אינאיינעם? און מירלען ציהט צו הערצן. זי שרייבט איהם כסדר. ער איז דער שטערן, וואָס ווינקט צו איהר פון דער טונקעלקייט פון איהר לעבען. ער איז די האָפענונג, וואָס וואַכט אויף אין איהר, ווען עס איז שוין כלו כל הקצין, ווען עס איז שוין נאָך אַלעמען. מאָנטשיק העלפט איהר דאַן איסערליך, אינעווייניגסטע הילף זוכט זי ביי הערצן. ער איז אָבער אַליין שטאַרק נאָר מיט זיין שמייכעל, מיט זיין שווייגען. ער קאָן איהר ניט געבען קיין זין אין לעבען, ווייל ער האָט איהם שוין אַליין ניט. ער האָט שוין אַפילו קיין ווילען ניט צום לעבען...

# די יודישע וועלט.

נאָר וועגען הערצ'ן און וועגען די בעציהונגען, די סימבאָלישע בעציהונגען צווישען איהם און מירלען, דאַרף מען צופֿיעל נישט רעדען. פֿאַרהאַן זאַכען, וואָס ווערען פֿערשוועכט, ווען מען ציהט אַראָב פֿון זיי דעם שלייער. נאָך מעהר: פֿאַרהאַן זאַכען, וואָס פֿערשלייערטערהייד זענען זיי קלערער, ווי בעת מען דעקט זיי אָב. מיר האָבען שוין אַזוי איך, צוליעב דער „קלאָרקייט", אַ ביסעל פֿעראיינפֿאַכט די זאַך. וועלען מיר זיך איצט בעגעגענען נאָר נאָך מיט אַ פּאָר בעמערקונגען:

נאָך אַלעמען (דער נאָמען פֿון ראָמאַן) — איז ניט דער לעצטער פּסק־דין וועגען מירלען. הערץ מאַכט ווייכער דעם שטרענגען אורטייל פֿונ'ם פּערפֿאַסער און זאָגט וועגען מירלען, אַז זי איז „אַן איבערגאַנגס־פּונקט"; עס איז, אַלזוי, נאָר ביי איהר, ביי מירלען, — „נאָך אַלעמען". נאָר זי קאָן זיך קיין אָרט און לעבען נישט געפֿינען, ווייל זי לעבט אין אַן איבערגאַנגס־תּקופֿה, אין אַ תּקופֿה, ווען דער אַלטער יחוס שטאַרבט־אָב (ר' גדליה), ווערט פֿעראיינזאַמט, צו ראַפּינירט — און דעגענערירט (הערץ), אָדער פֿערגרעבט און זעלבסטצופֿרידען (די ווידענאָווסקי'ס), און קיין נייער איז נאָך נישטאָ; אין אַ תּקופֿה פֿון עפּיגאָנען און פּאַרוועניוס, פֿון יורדים און אויפֿגעקומענע... עס וועט אָבער קומען אַ צייט (דער פּערפֿאַסער זאָגט עס ניט בפֿירוש, אָבער מיר האָבען רעכט צו מאַכען אָט דעם אויספֿיהר), — עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער אַלטער, יחוס'דיגער גייסט, וואָס בלאָנדזשעט איצט אַרום איבער דער וועלט, אין דער געשטאַלט פֿון מירלען, ווי אַ נשמה אָהן אַ גוף — וועט ווידער זיך אָנקליידען אין אַ קערפּער, וועט ווידער שאַפֿען פֿאַר זיך די פּאַסיגע פֿאָרם און די פּאַסיגע סביבה, און דאַן וועט דער טרויעריגער האַרבסט מירעלס און דער קאַלטער ווינטער הערצ'ס פֿערשווינדען, און אויפֿבליהען וועט ווידער דער פֿריהלינג, וואָס זיינע ווייטע זיסע קלאַנגען ציטערן ערגיץ טיף שוין איצט אין מירעלס האַרצען פֿערבאָרגען, דער פֿריהלינג, וואָס עמיצער האָט איבערגעלעבט אַמאָל, נאָך איידער זי, מירעל, איז געבוירען געוואָרען...

איך מאַך אָט דעם אויספֿיהר — לאָגיש. פּסיכאָלאָגיש פֿיהלט מען זיך אין אַן אַטמאָספֿערע פֿון האַרבסט, ניט פֿון פֿריהלינג, לייענענדיג אָט דעם מיט טרויער אָנגעזעטיגטען בוך; אַזוי ווי דורך גרויע וואָלקענס, פֿערנעפּילטע און בלאַסע, קוקען אַרויס די שטראַלען, וואָס בלאָנדזשען אום ערגיץ אין דער טיף פֿון מירעלס נשמה. אָבער זיי זענען פֿאַרהאַן, אָט די שטראַלען. דורך דער קאַלטער וויסטעניש פֿון דער איבערגאַנגסצייט, אין וועלכער מירעל לעבט, ציהען זיי זיך פֿון דעם ווייטען פֿערגאַנגענעם פֿריה־

לינג צו דעם קומענדיגען. זיי וועבען אויס אַן אומזיכטבאַרען פאָרהאַנג, וואָס טיילט אָב מירלען פון די אַרומיגע.

מירעל גיט זיך ניט אונטער די אַרומיגע, די אויפגעקומענע, וואָס ווילען זי איינשלינגען; זי בלייבט אַליין מיט איהר בענקשאַפט, מיט איהרע ליידען, מיט איהר טרויער. און אָט דאָס שיידט זי אָב און שטעלט זי אַוועק גאָר אויף אַן אַנדער הויכקייט, ווי די מיוחסים-יורדים, וואָס עס האָבען געשילדערט אַ סטרינדבערג אין זיין „פריילין יוליע", אַ טשעכאָוו אין זיין „קאַרשען-גאָרטען", אַ שלום אַש אין זיין „יחוס". יענע זענען דעגענעראַטען און נאָר דעגענעראַטען, — אַלץ איינס, צי דער פערפאַסער האָט זיי בעדעקט מיט אַ שלייער פון פּאָעטישקייט און אומעטיגען, צאַרטען האַרבסט-גאָלד (טשעכאָוו, אַש), צי ניט (סטרינדבערג). יענע זענען געבליבען ביי זייערע אַריסטאָקראַטישע געוועהנהייטען, אָבער זיי האָבען שוין ניט קיין כאַראַקטער, קיין ווילען, קיין איך: דער ערשטער „געבילדעטער" לאָקיי, דער ערשטער אויפגעקומענער פּויער נעמט זיי אַריין אין זיינע גראָבע, געזונטע הענד און טוט מיט זיי, וואָס ער וויל. מיט מירלען קאָן קיינער נישט טון, וואָס ער וויל: וואָס זי וויל, טוט זי. זי איז נאָך שטאָלץ גענוג — צו בלייבען פריי. זי האָט נאָך מוט און כח צו ליידען. זי וואָלט ניט אַוועק „אין מאָנאַסטיר", ווען אַפילו ביי יודען וואָלט געוועזען אַזאַ מין אינסטיטוציע, און ווען אַפילו זי וואָלט געוועזען אָדער געוואָרען פרום. און אויך „אין שאַנטאַן" געהט זי ניט אַוועק: זי וויל ניט פערטומלען איהרע ליידען. און זי בעגעהט אויך ניט קיין זעלבסטמאָרד: זי וויל ניט, עס זאָל ווערען אַ סוף צו איהר ליידען, נאָר זיי זאָלען האָבען אַ זין — וויל זי. זי זוכט דעם פערלאָרענעם גן-עדן, די שטאָלצע אומשולד פון דעם אַלטען יודישען יחוס, פון דער אַלטער, אין איהר בלוט, אָבער שוין ניט אין איהר בעוואוסטזיין לעבענדיגער יודישער קולטור. זי איז אַ טאָכטער פון דעם אייביגען אַהאַסווער און פאַראיינס אַן אויסדרוק פון דער צייט, ווען זי לעבט, — פון דער צייט, ווען דער אַלטער איידעלער גייסט זוכט פאַר זיך אַ נייע, פונקט אַזאַ איידעלע, ווי ער, פאָרם. זי איז דערפאַר די שענסטע און טראַגישסטע און איידעלסטע און פערוויקעלטסטע פרויען-געשטאַלט אין דער נייער יודישער ליטעראַטור.

בן=אדירי.

# אין מיטען וועג.

## (די הויפּט=סתירות אין אחד=העמ׳ס נאַציאָנאַלע אָנשאויאונגען).

I

דאָ ניט לאַנג איז אַרויס דער פערטער און לעצטער באַנד פון אחד=העמ׳ס געזאַמעלטע כתבים — „על פרשת דרכים“. עס איז נויטיג און מעגליך דערפאַר איצט צו מאַכען אַ קליינעם סך=הכל פון דער דאָזיגער אַרבייט, וואָס האָט, אַחוץ דעם ליטעראַרישען, אויך אַ בעדייטענדען געזעלשאַפטליכען ווערט.

אינ׳ם איצטיגען אַרטיקעל האָב איך ניט בדעה דורכצונעמען קריטיש די גאַנצע סיסטעם פונ׳ם אַזוי אָנגערופענעם „גייסטיגען ציוניזם“, וואָס איז צונויפגעבונדען מיט׳ן נאָמען פון אַחד העם, נאָר בלויז יענע טעאָרעטישע גרינד=הנחות, יענעם אופן צו פערשטעהן דעם עצם מהות פונ׳ם נאַציאָנאַלען מאָמענט, וואָס זענען אַוועקגעלעגט געוואָרען אינ׳ם יסוד פון דער דאָזיגער שיטה. אַחד העמ׳ס בעדייטונג, די סבה פון זיין אומגעהייערער גייסטיגער השפעה אויף אַ בעדייטענדען טייל פון אונזער נאַציאָנאַל=דענקענדער אינטעליגענץ דאַרף מען זוכען, לויט מיין מיינונג, ניט אין דער פּראַקטישער פּראָגראַם פונ׳ם גייסטיגען ציוניזם — אויב מען קאָן בכלל אָנווענדען די ווערטער „פּראַקטיש“ און „פּראָגראַם“ בנוגע צו דער דאָזיגער סיסטעם, וואָס איז דורך און דורך „גייסטיג“, אָהן אַ סימן פון בלוט און פליייש — נאָר בלויז אין יענער נאַציאָנאַלער אידעאָלאָגיע, וואָס מיט איהר איז דורכגעדרונגען די דאָזיגע סיסטעם.

פונ׳ם ערשטען מאָמענט אָן, זינט עס איז אויפגעקומען דער פּאָליטישער ציוניזם, איז אַחד העם כסדר אַרויסגעטראָטען ווי זיין שאַרפער ליידענשאַפטליכער קריטיקער; די דאָזיגע ליידענשאַפטליכקייט איז צייטענווייז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז זי האָט געשטערט דער אָביעקטיוויטעט פון זיין קריטיק. פונדעסטוועגען מוז מען דוקא אַחד העמ׳ן רעכענען פאַר׳ן גייסטיגען פיהרער, פאַר׳ן אידעאָלאָג פון ציוניזם, לכל הפחות פון יענעם ציוניזם, וואָס מען האָט איהם ביי אונז אַ נאָמען געגעבען „דער מזרח׳דיגער“. וויפיעל די „מזרח׳דיגע“ ציוניסטען זאָלען זיך ניט פליסען אָבצוזאָגען זיך פון אַחד=העמ׳ן, ווי שאַרף זיי זאָלען ניט דורכפיהרען דעם גרעניץ צווישען זיך און איהם — אַגב, איז אין דער לעצטער צייט דער דאָזיגער גרעניץ אינגאַנצען פערשוואונדען אין זייער בעוואוסטזיין — פאָרט וועט איטליכער איפּריכטיגער, אָהן-פּניות׳דיגער פאָרשער מוזען מודה זיין,

אַז פּאַקטיש געפינען זיי זיך איינגאַנצען אונטער דער גייסטיגער ממשלה פון אַחד העמ׳ס אידעאָלאָגיע.

דער דאָזיגער פּאַקט מוז נאָך מעהר פערשטאַרקען אונזער אינטערעס צו אַחד העמ׳ס אָנשויאונגען. וואָרום ווי אַזוי מען זאָל זיך ניט בעציהען צום ציוניזם, וועט דאָך קיינער ניט, אַפילו זיינע שאַרפסטע געגנער, ניט וועלען אָבלייקענען, אַז אין דער ענטוויקלונגס־געשיכטע פון׳ם יודישען געזעלשאַפטליכען לעבען פאַר דער לעצטער תקופה מוז מען אָבגעבען דעם ציוניזם זעהר אַ חשוב׳ען אָרט.

נאָר אַחוץ זייער געזעלשאַפטליכער בעדייטונג, האָבען אַחד העמ׳ס אָנשויאונגען נאָך אַ בעדייטענדען טעאָרעטישען ווערט. אַחד העם איז בלי ספק איינער פון די ערנסטסטע פּובליציסטען צווישען די מאָדערנע נאַציאָנאַלע יודען. זיינע אויסערגעוועהנליכע פּובליציסטישע כשרונות האָט ער איינגאַנצען אָבגעגעבען די פּראָבלעמעס פון אונזער גייסטיגער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג און אַדאַנק זיין טיפען אַנאַליז און ברייטען סינטעז האָט ער אומעטום אין אַ געוויסער מאָס אַריינגעטראָגען אַ סדר און אַ סיסטעם. אַלע זיינע מאַמרים, וואו ער אַנאַליזירט די פערשיידענע זייטען פון די דאָזיגע פּראָבלעמעס, זענען פעראייניגט דורך איין צענטראַלען געדאַנק, וואָס גיט די ריכטונג זיין גאַנצער שיטה. ער האָט קיין מאָל ניט געשריבען גלאַט אין דער וועלט אַריין, קיין מאָל זיך ניט אָבגעקעהרט ערגיץ אָן אַ זייט פון דעם שטאַנדפּונקט, אויף וועלכען ער האָט זיך געשטעלט, נאָר שטענדיג איז ער געבליבען ער. און אויב מען זאָל נאָך דערצו צוגעבען די הפלא׳דיגע קאָנצענטרירטקייט פון געדאַנק, דעם זעלטענעם טאַלענט מכביר צו זיין קאָמפּליצירטע און טיפע געדאַנקען אין זעהר אַ שענער און צוגלייך פשוט׳ער און קלאָרער פאָרם, דעמאָלט ווערט פערשטענדליך, ניט בלויז דער סוד פון זיין ווירקונג, נאָר אויך דער ליטעראַרישער ווערט פון זיינע אַרבייטען.

וועגען אַחד־העמ׳ען, אָדער גענויער, וועגען אַחד־העמ׳יזם, האָט מען געשריבען אַ סך. כמעט איטליכער מאַמר זיינער האָט אַרויסגערופען אין אונזער פּובליציסטיק אַ לעבעדיגען אינטערעס און אַ הייסע פּאָלעמיק. פונדעסטוועגען זענען נאָך עד היום די טעאָרעטישע גרונד־הנחות פון זיין נאַציאָנאַלער שיטה ניט אַנאַליזירט געוואָרען דורך אַ מעהר אָדער וועניגער ערנסטער קריטיק. דאָס דערקלערט זיך דער עיקר דורכדעם, וואָס אַלע זיינע קריטיקער זענען בעצם אַרויסגעגאַנגען פון דיזעלביגע גרונד־הנחות, וואָס ער, און מחולק זענען זיי געווען נאָר אין געוויסע פּרטים, אין די מסקנות. אין דער אמת׳ן אָבער מוזען קריטיש אַנאַליזירט און אָבגעשאַצט ווערען גראָד די דאָזיגע גרונד־הנחות.

ס'איז אַ מאָדנע זאַך, ס'איז אָבער אַזוי: אין אַלע פיר בענד פון „על פרשת דרכים" (אויפ'ן שיידוועג) איז ניטאָ קיין איין מאמר, וואָס זאָל ענטפערן אויף דער פראַגע, וואָס איז אַזוינס, לויט אַחד העם, דער עצם מהות פונ'ם נאַציאָנאַלען מאָמענט. פונדעסטוועגען איז ניט שווער זיך צו מאַכען אַ דורכאויס קלאָרע און גענויע פאָרשטעלונג וועגען זיינע אָנשויאונגען אין דעם פּרט. ערשטענס, איז צוליעב דעם גענוג צוזאַמענצונעמען די געדאַנקען, וואָס זענען צעשפּרייט אין זיינע פערשיידענע מאמרים און וואָס בעריהרען די אָדער יענע זייטען פון דער דאָזיגער פראַגע; און צווייטענס — און דאָס איז דער עיקר — איז דאָך זיין גאַנצע סיסטעם געבויט אויף אַ שטרענג בעשטימטען פערשטעהן די טבע פון דער נאַציע. נאָכפאָרשענדיג טריט ביי טריט דעם סיסטעמאַטישען ענטוויקלונגס-גאַנג פון אַחד-העמ'ס געדאַנק, מוזט איהר זיך סוף כל סוף אָנשטויסען אויף זיין אויסגאַנגס-פונקט.

און וואָס זשע בעשטעהט אָט דער אויסגאַנגס-פונקט? וואָס קלערט אַחד העם באמת וועגען דער מהות און טבע פון דער נאַציע, און וואָס זענען די פּראַקטישע געבאָטען, וועלכע ס'איז מחויב זיין אופן צו פערשטעהן דעם נאַציאָנאַלען פּרינציפּ?

II

קודם כל בעדאַרף מען אָנווייזען דערויף, אַז לויט זיינע אַלגעמיינע סאָציאַל-פילאָזאָפישע אָנשויאונגען איז אַחד העם דורכאויס ווייט פון מעטאַפיזישען שטאַנדפּונקט. געוועהנט צום מאָדערנעם וויסענשאַפטליכען דענקען, לעגט ער שטענדיג אַוועק פאַר אַן אָבן-פנה פון זיינע פאָרשונגען די גרונד-הנחות פונ'ם דאָזיגען דענקען: דעם אומבעדינגטען אָנערקענען, אַז דער עוואָלוציאָנס-פּרינציפּ געוועלטיגט שטענדיג און אומעטום, און דעם אומבעדינגטען אָפּלייקענען, אַז עס זענען פאַרהאַן וואָסערע עס איז „אַבסאָלוטען". אַלץ בעוועגט זיך, בויט זיך כסדר און ענטוויקעלט זיך, ניטאָ קיין פערגליווערטע מהות'ן, אומעטום הערשט אַ שטרענגע געזעצמאָסיגקייט, אַ פערבינדונג צווישען סבה און רעזולטאַט — דאָס איז דער יסוד פון אַחד העמ'ס סאָציאַל-פילאָסאָפישען אני-מאמין. אין מאמר „נחלת אָבות" (די ירושה פון די עלטערן), רעדענדיג וועגען אונזער בעציהונג צום לעבען און צו די גלויבונגען פון אונזערע אורעלטערן, זאָגט ער: „זינט אין דער נאַטור-וויסענשאַפט איז אויפגעקומען דער בעגריף „ענטוויקלונג" און זינט ער האָט זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג אויך אין די גייסט-וויסענשאַפטען, האָט זיך דער מצב אינגאַנצען אומגעביטען. אָנשטאָט קריטיקער און שטראָפער, לעסטערער און שפּעטער, זענען איצט אויפ-

געשטאַנען פֿאָרשער, וואָס האָבען געמאַכט די מיינונגען און די מעשׂים פֿון די מענשען פֿאַר אַן אָביעקט פֿון זייער פֿאָרשונג. זיי בעגענוגען זיך שוין מעהר ניט מיט'ן אַרויסזאָגען דעם האַרבען פּסק־דין אויף דער מיינונג, אַז זי איז אַ פֿאַלשע, אָדער אויף יענעם מנהג, אַז ער איז אַ נאַרישער. זיי בעטראַכטען אַלע מעשׂים פֿונ'ם מענשען און זיינע געדאַנקען, ווי נאַטירליכע ערשיינונגען, וואָס שטאַמען פֿון נויטווענדיגע סיבות, ווי די פֿרוכטען פֿונ'ם מענשליכען גייסט, וואָס זענען אויסגעוואַקסען און צייטיג געוואָרען צוביסלעכווייז, בהדרגה, לויט בעשטימטע געזעצען, וועלכע זענען גלייך צו די געזעצען, וואָס געוועלטיגען איבער'ן וואַקסען פֿון די פּירות אויפ'ן בוים און פֿון אַלץ, וואָס לעבט אויף דער ערד. און פּונקט אַזוי ווי דער נאַטור־פֿאָרשער פֿערנעמט זיך ניט מיט'ן אַרויסטראָגען אַן אורטהייל איבער די זאַכען און ערשיינונגען, וואָס ער בעטראַכט, צו זאָגען: דאָס איז גוט און דאָס איז שלעכט, דאָס איז זיס און דאָס ביטער, דאָס איז שעהן און דאָס איז מיאוס, נאָר ער פֿאָרשט אויס אָהן אונטערשייד סיי די שענע פֿייגעלע און סיי דעם מיאוסטען ווערימעל און זוכט אַריינצודרינגען אין די בעהעלטענישען פֿון זייער לעבען און אין דעם אופֿן פֿון זייער קיום, — אַזוי איז אויך דער פֿאָרשער פֿונ'ם גייסטיגען לעבען פֿון דער מענשהייט: פֿאַר איהם איז ניטאָ קיין שענקייט אָדער מיאוס'קייט, קלוגשאַפֿט אָדער נאַרישקייט; וואָרום אַלצדינג איז ביי איהם די פֿרוכט פֿונ'ם מענשליכען גייסט, און אַלע ערשיינונגען אינאיינעם ציהען צו זיין אויפֿמערקזאַמקייט צו פֿערטיפֿען זיך אין זיי און צו פֿערשטעהן זיי: ווי אַזוי קומען אַרויס אַזעלכע זאַכען, וועלכע זענען די אינעווייניגסטע און אויסעווייניגסטע תּנאים, וואָס זענען נויטיג פֿאַר זייער קיום און ענטוויקלונג, פֿאַרוואָס און דורך וואָסערע סבּות בייטען זיי זיך כּסדר פֿון תּקופֿה צו תּקופֿה, — וכדומה נאָך אַזעלכע שאלות" (על פּרשת דרכים 3 טייל, ז. 45).

נאָר לא די וואָס אַחד העם איז אַן עוואָלוציאָניסט, לא די וואָס ער פֿערוואַרפֿט אַלע מעטאַפֿיזישע אַבסאָלוטען. ער איז נאָך דערצו אַ שטרענגער אָנהענגער פֿון קאָנסעקווענטען אוטיליטאַריזם און שטעלט אַפֿילו אַוועק דעם פּרינציפּ פֿון נוציגקייט, דעם דאָרשט נאָך גליק פֿאַר אַ יסוד פֿון די העכסטע און איידעלסטע פּראָדוקטען פֿונ'ם מענשליכען גייסט — פֿאַר אַ יסוד פֿון די מענשליכע איבערצייגונגען און גלויבונגען אין זיין מאמר „חשבון הנפש" זאָגט ער: „אויב מיר זאָלען זיך צוקוקען מיט קאָפּ צו די פֿערשיידענע כּתות, וואָס די מענשען זענען פֿונאַנדערגעטיילט אין זיי לויט זייער קוק אויפ'ן לעבען, צו די גרויסע שנויים, וואָס זיי אַלע האָבען דורכגעמאַכט אין זייער ענטוויקלונגס־גאַנג לויט'ן גייסט פֿון דער צייט

און אָרט, צו די וכּוחים און דרשות און די פּיעל ביכער, וואָס דורך זיי האָט איטליכע געגלויבט צו בעווייזען פאַר דער גאַנצער וועלט די ריכטיגקייט פון איהר מיינונג און מנצח זיין אינגאַנצען די מיינונג פונ'ם צד שכנגד, און וואָס ס'איז אייגענטליך געווען נאָר אַ סיבה צו פערברייטערן די שפּאַלטונג און צו דערוועקען נאָך אין אַ שטאַרקערער מאָס דעם גרימצאָרן פון ביידע צדדים און זייער עקשנות — אויב מיר ווילען דאָס אַלץ און כּדומה נאָך אַזעלכע זאַכען בעטראַכטען מיט קאָפּ, ווילען מיר מוזען אָנהויבען צו זיין מסופּק דערין, צי געוועלטיגט טאַקע דער אמת, אַליין פאַר זיך, אויפ'ן גייסט פון די מענשען. און ביי אונז ווילען זיך עפענען די אויגען צו זעהן, אַז ניט לויט דער לאָגיק אַליין משפּט אונזער גייסט איבער אַלצדינג, וואָס ריהרט אָן מעהר אָדער ווייניגער אונזער מאַטעריעלען אָדער זיטליכען גליק. וואָרום בעת מיר מיינען, אַז מיר זוכען נאָר דעם הייליגען אמת און יושר, און מיר פלייסען זיך צו בעגרינדען אונזערע מיינונגען אין אונזערע אייגענע אויגען און אין די אויגען פון אַנדערע מענשען דורך לאָגישע בעווייזען, — איז גאָר אַן אַנדער כּח פערבאָרגען אין די טיפענישען פון אונזער האַרץ, וואָס ער ווענדט אונזערע געדאַנקען אַהין, וואו ער וויל, און דאָס, וואָס ער לעגט אין אונז אַריין, דאָס שטעלען מיר אַוועק איפ'ן חשבון פון לאָגיק און אמת. דער דאָזיגער מעכטיגער כּח האָט אַ טבע אָנצונעמען טויזענדער פערשיידענע געשטאַלטען, בכדי זיך צו פערשטעלען. אָבער פאַר אַ דורכדרינגענדיגער אויג איז ניט שווער איהם צו דערקענען הינטער אָט די אַלע מאַסקעס: דאָס איז דער פערלאַנג נאָך עקסיסטענץ און גליק, וואָס איז פון דער נאַטור איינגעפלאַנצט אין איטליכער בעשעפעניש און צווינגט זי נאָכצויאָגען זיך נאָך אַלצדינג, וואָס ברענגט לעבען און תענוגים, און צו אַנטלויפען פון אַלצדינג, וואָס איז גורם פערלענדונג אָדער וועהטאָג. דער דאָזיגער פערלאַנג, וואָס איז דער מקור און דער צוועק פון אַלע מעשים, וואָס אַלע לעבעדיגע בעשעפענישען טוען אָב, איז אויך דער העכסטער כּח, וואָס ווירקט אָפען און אין פערבאָרגעניש, בעוואוסט און אומבעוואוסט, ניט בלויז אויף דעם מענשענס מעשים און פּלענער, נאָר אויך אויף זיינע גלויבונגען און מיינונגען. (על פּרשת דרכים I, ז. 115).

אַז מען זאָל זיך איצט ווענדען פון אַחד־העמ'ס אַלגעמיינע סאָציאַל־פילאָזאָפישע צו זיינע ריין־נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען, קאָן עס טאַקע אין פּנ.ג אויפווייזען, אַז ער בלייבט געטריי אינגאַנצען צו די אָנגעוויזענע גרונד־הנחות פון זיין סאָציאַל־פילאָסאָפישען אַני־מאַמין. אָבליקענענדיג די מעטאַפיזישע מהות פון דער נאַציע, דעם נאַציאָנאַלען אַבסאָלוט, בע־ 76

טראַכט ער דאָס נאַציאָנאַלע לעבען ווי אַן אומענדליכע קייט פון געזעצמעסיגע שנויים, ווי אַן אייביג פליסענדיגען פּראָצעס, וואָס קומט פאָר לויט די שטרייגע געזעצען פון דער געשיכטליכער עוואָלוציע. אַפילו צו די העכסטע ערשיינונגען פונ'ם נאַציאָנאַלן לעבען, צו דער קולטור־שאַפונג פון דער נאַציע, טרעט ער צו מיט אַ היסטאָרישען מאָסשטאַב, וואָס איז געבויט אויפ'ן יסוד פונ'ם עוואָלוציאָנס־פּרינציפּ. אינ'ם אויבען געבראַכטען מאַמר „נחלת אָבות" טרעט ער אַרויס שאַרף קעגען די מעטאָדען פון דער ראַציאָנאַליסטישער קריטיק, וואָס איינינע פאָרשער ווענדען אָן בנוגע צו אונזער קולטורעלער ירושה. אינ'ם זשורנאַל „השלח", וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אונטער אַחד־העמ'ס רעדאַקציע, האָט עפּיס אַן איטאַליענישער רב א. לזולי אָבגעדרוקט אַ מאַמר, וואו ער וויזט אָן אויף אַ גאַנצער רייהע ווילדע און נאַרישע דינים פון אונזער „שלחן ערוך", וואָס שטימען כלל ניט מיט אונזערע איצטיגע השגות, און ער פאָדערט, אַז מיר זאָלען מודיע זיין בקול רם, פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז דער „שלחן ערוך" איז ניט אונזער תורה. דערויף ענטפערט איהם אָב אַחד העם, אַז הגם בעצם איז ער גופא דורכאויס מסכים מיט'ן רב בנוגע צו די דאָזיגע דינים, פונדעסטוועגען איז דערפון נאָך כלל ניט געדרונגען, אַז דער „שלחן ערוך" איז ניט אונזער תורה. „דער „שלחן ערוך" — זאָגט ער — איז ניט דער ספר, וואָס מיר האָבען זיך גענומען פאַר אַ וועגווייזער, ווי ער (דער איטאַליענישער רב) וויל האָבען. דער „שלחן ערוך" איז דער ספר, וואָס איז געוואָרען פאַר אונז אַ וועג־ווייזער קעגען אונזער ווילען, לויט'ן גאַנג פון געשיכטליכען לעבען. אַזוי ווי ער איז, מיט אַלע זיינע ווילדע משונה'דיגע דינים, איז ער דאָס דער ספר, וואָס איז געווען צוגעפּאַסט צום גייסט פון אונזער פאָלק לויט זיין מצב און לויט זיינע בעדערפענישען אין יענע דורות, וואָס האָבען איהם אָנגענומען פאַר זיך און פאַר זייערע קינדס־קינדער. און אויב מיר וועלען מודיע זיין, אַז דאָס איז ניט אונזער תורה, וועט דאָס זיין ניט אמת. וואָרום דאָס איז טאַקע אונזער תורה אין דער געשטאַלט, וואָס זי האָט על פי הכרח אָנגענומען צום סוף פון דער מיטעלאַלטערליכער צייט, פּונקט אַזוי ווי דער תלמוד איז אונזער תורה אין דער געשטאַלט, וואָס זי האָט אָנגענומען צום סוף פון אַלטערטום, און דער תנ"ך איז אונזער תורה אין דער געשטאַלט, וואָס זי האָט אָנגענומען, בשעת דאָס פאָלק האָט נאָך געפיהרט אַ נאַציאָנאַלן לעבען אין זיין לאַנד" (על פרשת דרכים III, ז. 47).

בעטראַכטענדיג דאָס נאַציאָנאַלע לעבען פונ'ם שטאַנדפּונקט פונ'ם עוואָלוציאָנס־פּרינציפּ, שטעלט ער דערביי אַרויס אַלס טרייב־קראַפט פונ'ם עוואָלוציאָנס־פּראָצעס די מלחמה פאַר'ן קיום. אַפילו יענע זייטען פונ'ם נאַ־

ציאָנאַלן מאָמענט, וואו די שליטה פונ'ם „נאַציאָנאַלן אַבסאָלוט" איז בעהנדערס שטאַרק — דעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער — איז לא די וואָס אַחד העם האַלט איהם ניט פאַר אַן אַבסאָלוט, נאָר ער דערקלערט אַפילו די פערשיידענע שנויים, וואָס קומען אין איהם פאָר, די פּראָצעסען פון זיין עוואָלוציע, דורך דיזעלביגע כּחות, וואָס קעהרען זיך כּלל ניט אָן מיט קיין שום „הויכער", „יענעוועלטיגער" אידעאָלאָגיע, ד. ה. דורך דער מלחמה פאַר'ן קיום. אינ'ם מאַמר „פּצעי אוהב" לייענען מיר: „אַ בעזונדערע טבע האָט די מלחמה פאַר'ן קיום, וואָס זי גופא גיט איטליכער לעבעדיגער בעשעפעניש, אינ'ם וועג פון איהר ענטוויקלונג, די געוועהר, וואָס זי האָט נויטיג און וואָס פּאַסען פאַר איהר לויט איהר מעמד אויף דער וועלט. זי האָט געגעבען הערנער דעם אָקס, פליגלען דעם פויגעל, אַ בעשטימטען אינסטינקט דער ביהן, שכל און פערשטאַנד דעם מענשען, און תּכונות און מדות און בעזונדערע לעבענס-אופנים איטליכען פאָלק לויט זיין מצב און בעציהונג צו אַנדערע פעלקער. אויף דעם וועג האָבען זיך אויך ביי אונזער פאָלק, אין זיין לאַנגען קאַמף פאַר זיין קיום, אויסגעאַרבייט, תּכונות און מדות און אַ לעבענס-שטייגער, וואָס זענען צוגעפּאַסט צו זיין מצב אין די גלות-לענדער און וואָס זענען מסוגל צו בעשיצען איהם קעגען די פיילען פון שנאה און קנאה, וואָס שטרעבען איהם צו פערטיליגען איטליכע רגע. פונ'ם דאָזיגען מקור האָבען זיך גענומען די אומבעגרעניצטע געהילד אַריבערצוטראָגען די ליידען, די אַחדות פון דעם כּלל צוגלייך מיט די מחלוקת'ען צווישען די יחידים, די אַלע פערשיידענע „חברות", אַלע מיני צדקות, וואָס ווערען געטאָן סיי פון דער גאַנצער געזעלשאַפט און סיי פון יחידים, און בכלל די גאַנצע שטאַרקע אינעווייניגסטע אָרגאַניזאַציע אין אַלע יענע וועגען, וואָס זענען בעוואוסט אונטערן נאָמען „שתדלנות קעגען אויסווייניג" (על פרשת דרכים, I, ז. 11). בכן, הערשט אויך אינ'ם גייסטיגען לעבען פון דער נאַציע דער עוואָלוציאָנס-פּרינציפּ.

נאָר אַזאַ פאָרשטעלונג וועגען אַחד העמ'ס נאַציאָנאַלע אָנשויאונגען קאָן זיך בילדען נאָר, בשעת מען בעטראַכט זיי פון אויבענאויף. ווי נאָר מ'הויבט אָן זיי גרינדליכער צו שטודירען, מוז די דאָזיגע פאָרשטעלונג פערשווינדען. דעם אָקאָרשט פערוואָרפענעם נאַציאָנאַלן אַבסאָלוט מיט זיין גאַנצען קלאַפּערגעצייג פיהרט ער באַלד אַריין דורך אַ הינטער-געסיל אין דער געשטאַלט פון דער בעוואוסטער טעאָריע וועגען נאַציאָנאַלן גייסט אָדער „רוח היהדות". אַזוי שטעהט אויף תּחית המתים יענער אמת'ער פּראָדוקט פון מעטאַפיזישען דענקען.

נאָר מען מוז בעמערקען, אַז הגם דער „רוח היהדות" פערנעמט

אַזאַ צענטראַלן אָרט אין אַחד העמ'ס שיטה, פֿונדעסטוועגן גיט ער אונז אין ערגיץ ניט קיין פֿולע און אַלזייטיגע כאַראַקטעריסטיק פֿונ'ם דאָזיגן „רוח". דאָס קאָן מסתמא ווערן דערקלערט דער עיקר דורכדעם, וואָס אַחד העם איז אַ צו ערנסטער, צו געוויסענהאַפֿטער פּובליציסט, אַז ער זאָל וועלען צונויפֿבינדען זיין נאָמען מיט אַזאַ פּראָבלעמאַטישער טעאָרעטישער אונטערנעמונג... נאָר צוליעב אונזערע צוועקען איז גאָר ניט נייטיג אַזאַ פֿולע קאָנקרעטע כאַראַקטעריסטיק. על כל פּנים געברויכט אַחד העם דעם „רוח היהדות" ווי אַ גאַנץ בעשטימטע מהות, ווי אַ קלאָרען, אומצווייפֿעלבאַרען „יש", און אויף אַזאַ אופֿן איז די פֿאָרמאַלע נאַטור פֿונ'ם דאָזיגען „גייסט" אונז אינגאַנצען קלאָר, און דאָס איז פֿאַר אונז גענוג.

III

אין פֿלוג קאָן אויסווייזען, אַז אַחד העם געברויכט דעם בעגריף „נאַציאָנאַלער גייסט" אינ'ם זין פֿון נאַציאָנאַלען כאַראַקטער, אין דעם זין, וואָס איז נאָהענט צום בעגריף „נאַציאָנאַלע אַפּערצעפּציע", לויט דער אויסטייטשונג פֿון אָטאָ באַוער. אַז מען זאָל פֿערשטעהן דעם נאַציאָנאַלען גייסט אין דעם זין, איז דאָס ניט קיין מעטאַפֿיזישע מהות, קיין אַבּסאָלוטע סובסטאַנץ, נאָר אַ דורכאויס רעאַלע, ממשות'דיגע היסטאָרישע ערשיינונג. דאָס איז אַ נאַטירליכער פּראָדוקט פֿונ'ם היסטאָרישען לעבען פֿון דער נאַציע אינ'ם פּראָצעס גופֿא פֿון דער היסטאָרישער ענטוויקלונג פֿון דער נאַציע, אַרבייט זיך אויס איהר אייגענאַרטיגער כאַראַקטער, פֿורעמט זיך אויס און ווערט פֿעסטגעשטעלט דער בעזונדערער נאַציאָנאַלער גייסט. דער נאַציאָנאַלער גייסט — דאָס איז דער סינטעז פֿון אַלץ אייגענאַרטיגס, אָריגינעלס אין דער נאַציע, דער אויסדרוק פֿון איהר אינטימסטען גייסטיגען לעבען, פֿון איהר אינדיווידואַליטעט. דאָס איז ניט קיין פּאַסיווער, נאָר אַן אַקטיווער, שאַפֿענדער פּרינציפּ. אַ בעזונדער אַרט דענקען, אַן אייגענאַרטיגע ריכטונג פֿונ'ם ווילען, אַ בעזונדערע שטרעבונג צו געוויסע זייטען פֿון גייסטיגער טעטיגקייט — אָט די אַלע שטריכען, וואָס כאַראַקטעריזירען די נאַציאָנאַלע אייגענאַרטיגקייט, בלייבען ניט ליגען אומבעווועגליך אין פֿערגליווערטען צושטאַנד, נאָר זיי אַנטפּלעקען זיך אַקטיוו אינ'ם שאַפֿונגס-פּראָצעס פֿון דער נאַציע. „פּונקט אַזוי ווי דער יחיד — זאָגט אָטאָ באַוער — נעמט אויף עפּיס נייעס ניט מעכאַניש, נאָר ער טראָגט עס אַריין אין זיין גייסטיגען „יש", ער מאַכט עס פֿאַר אַ טייל פֿון זיין פּערזענליכקייט, גיסט עס צוזאַמען מיט זיין גאַנצען גייסטיגען „איך", אַפּערצעפּירט עס, — אַזוי נעמט אויף אַ גאַנצע נאַציע קיין נייס

ניט אָן מעכאַניש, נאָר זי פּאַסט עס צו צו איהר גאַנצען זיין, זי בייט עס איבער און אַרבייט עס איבער אינ'ם פּראָצעס פון אויפנעמען דורך די מיליאָנען מחות פון די מיטגלידער פון דער נאַציע. אַדאַנק דעם דאָזיגען גרויסען פאַקט פון דער נאַציאָנאַלער אַפּערצעפּציע וועט קיין איין געדאַנק, וואָס איין נאַציע נעמט איהם איבער ביי דער אַנדערער, ניט אויפגענומען ווערען פריהער, איידער ער. דער געדאַנק, וועט ווערען איבערגעאַרבייט, צוגעפּאַסט צום גאַנצען נאַציאָנאַלען זיין. אויף אַזאַ אופן וועט אַ נייע פּאָעזיע און אַ נייע קונסט, אַ נייע פילאָסאָפיע און אַ נייע סיסטעם פון געזעלשאַפטליכען ווילען און טעטיגקייט אויפגענומען ווערען ניט מעכאַניש, נאָר אין אַן איבערגעאַרבייטער געשטאַלט. די צופּאַסונג ווידער צו דער עקסיסטירענדער גייסטיגער קולטור פון דער נאַציע בעטייט, אַז די נאַציע נעמט אַן אָנטייל אינ'ם דאָזיגען פּראָצעס מיט איהר גאַנצען עבר, מיט איהר גאַנצער געשיכטע"*.

און באמת, אַזעלכע געדאַנקען בעגעגענען מיר טאַקע ניט איין מאָל אין אחד העמ'ס מאמרים. פונדעסטוועגען, אַז מ'זאָל וועלען זאָגען, אַז דער בעגריף „נאַציאָנאַלער גייסט" ביי אחד-העמ'ן שטימט אינגאַנצען מיט'ן בעגריף „נאַציאָנאַלע אַפּערצעפּציע" ביי אָטאָ בויער, וואָלט עס געהייסען לחלוטין ניט פערשטעהן דעם עצם מהות פון אחד העמ'ס שטה. צווישען די ביידע בעגריפען ליגט אַ טיפער תהום. קודם כל נעמט אָטאָ בויער אָן די נאַציאָנאַלע אַפּערצעפּציע פאַר אַ געגעבענעם היסטאָרישען פאַקט, פאַר אַן ערשיינונג פון דער היסטאָרישער ווירקליכקייט. פערקעהרט, אחד העם דערהויבט דעם נאַציאָנאַלען גייסט צו אַ נאָרם, צו אַ חוב-זאַך, צו אַ מאָראַלישען געזעץ. אָטאָ בויער קאָנסטאַטירט, אַז די נאַציע אינגאַנצען, אַז די איינצעלנע יחידים אין דער נאַציע קאָנען שאַפען ניט אַנדערש, ווי נאַציאָנאַל. אַלע סאָציאַל-קולטורעלע ווערטען אַרבייטען זיי איבער אין זיך, גיסען צונויף אָרגאַניש, אַפּערצעפּירען מיט זייער גאַנצען נאַציאָנאַלען איך, מיט זייער גאַנצען היסטאָרישען עבר. פאַר אַ נאָרם, פאַר אַ געבאָט, פאַר וואָסער עס איז מאָראַלישען געזעץ איז דאָ פּשוט קיין אָרט ניטאָ. אחד העם, פערקעהרט, גלויבט, אַז ניט שטענדיג און ניט אומבעדינגט שאַפט אַ נאַציע נאַציאָנאַל. ס'איז פאַרהאַן אַזאַ צושטאַנד, בשעת בעזונדערע יחידים און גרופּעס אין דער נאַציע, און אַפילו גאַנצע נאַציעס, קאָנען שאַפען ניט אין איינקלאַנג, ניט אין הסכם מיט זייער נאַציאָנאַלען גייסט. נאָר אַזאַ שאַפונג איז אַ בגידה קעגען דעם עצם מהות פון דער נאַציע, אַ נאַציאָנאַלע פעלשונג — און דעריבער מוזען מיר אין אַזעלכע

* אָטאָ בויער „די נאַציאָנאַלע פראַגע און די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע".

פֿאַלען געניי אויספּרובען מצד דעם נאַציאָנאַלען גייסט איטליכען אַקט פֿון אונזער שאַפֿען, נאָך מעהר — איטליכען אַקט פֿון אונזער אַלטעגליכער טעטיגקייט, און אויף אַלצדינג, וואָס געדט כּנגד דעם דאָזיגען גייסט, וואָס שטימט ניט מיט איהם, מוזען מיר אַרויפֿלעגען אַן אסור.

דאָס איז איינמאָל אַוועק. נאָר מיט׳ן דאָזיגען אונטערשייד איז פֿערבונדען נאָך אַ גרונד־חילוק אין די עצם בעגריפֿען. די נאַציאָנאַלע אַפּערצעפּציע איז אַ ריין פֿאָרמאַלער בעגריף. זי בעדייט אַ בעשטימטע פֿעהיגקייט פֿון דער נאַציע און האָט ניט אין זיך קיין שום קאָנקרעטען אינהאַלט. די נאַציאָנאַלע אַפּערצעפּציע איז מעהר ניט דער אויסדרוק פֿון יענעם פֿאַקט, אַז איטליכער נייער מאָמענט אינ׳ם לעבען פֿון דער נאַציע מוז זיך נויטווענדיג צונויפֿגיסען מיט׳ן גאַנצען סכום פֿון די מאָמענטען פֿון איהר פֿריהערדיגען לעבען, זיך צונויפֿשמעלצען מיט דער שוין פֿאַרטיגער נאַציאָנאַלער סביבה. ס׳פֿערשטעהט זיך, אַז די אָדער יענע נאַציע וועט אין דעם אָדער יענעם מאָמענט פֿון איהר געשיכטע אַריינגעמען און קאָמבינירען אין זיך אויף אַ בעשטימטען אופֿן אַלערליי נייע עלעמענטען און אַלס רעזולטאַט געבען בעשטימטע רעאַקציעס. אָבער שוין אין דעם צווייטען ווייטערדיגען מאָמענט וועלען סיי די קאָמבינאַציעס און סיי די רעאַקציעס שוין זיין אַנדערע. זאָל זיין, אַז דער אונטערשייד וועט אַרויסקומען זעהר אַ קליינער, אָבער אַן אונטערשייד וועט פֿאָרט זיין, מחמת דער מאָלעקולאַר־בעשטאַנד פֿון דער נאַציאָנאַלער סביבה, נאָכדעם ווי זי האָט אַריינגענומען און איינגעזויגען אין זיך די דאָזיגע נייע עלעמענטען, האָט זיך פּאַקטיש איבערגעביטען. אָט די מאָלעקולאַר־פּראָצעסען קומען פֿאָר ע״פּ רוב ערגיץ אין די טיפֿענישען פֿון לעבען, מאַחורי הפּרגוד, הינטער די קוליסען פֿון דער געשיכטע, גאַנץ אומבעמערקט פֿאַר׳ן אויג פֿונ׳ם באָרשער. נאָר גראָד פֿון די דאָזיגע פּראָצעסען בילדעט זיך דאָס נאַציאָנאַלע לעבען, גראָד אויף דעם שטייגער פֿאָרמירט זיך די נאַציאָנאַלע סביבה. און אויף אַזאַ אופֿן קאָן מען דען רעדען וועגען דעם צוזאַמענהאַנג פֿון די פֿערשיידענע קאָמבינאַציעס, וועגען דער נאַציאָנאַלער אַפּערצעפּציע, און נאָך מעהר, — וועגען דער נאַציאָנאַלער סביבה, ווי וועגען אַ זאַך, וואָס בייט זיך קיין מאָל ניט? ס׳איז קלאָר, אַז ניין! אפילו ווען נאָך אַ לאַנגען היסטאָרישען פּעריאָד פֿון איינע און דיזעלבע אייגענאַרטיגע לעבענס־פֿאָרמען, איינאַרטיגע קאָמבינאַציעס פֿון די לעבענס־תנאים בילדעט זיך אויס אַזוינס, וואָס מיר רופֿען אַן נאַציאָנאַלער כאַראַקטער, ווען עס שטעלט זיך איין אַ מעהר אָדער וועניגער שטאַנדהאַפֿטיגע נאַציאָנאַלע סביבה, — אַפֿילו אין אַזאַ פֿאַל האָט דאָ גאָר קיין אָרט ניט דער בעגריף

פֿון אַ פֿעסטער און אייביגער נאַציאָנאַלער סובסטאַנץ. וואָרום זאָלען זיך
נאָר אומבייטען די תּנאים פֿונ׳ם אויסווייניגסטען און אינעווייניגסטען לעבען
פֿון דער נאַציע, וועט ביסלעכווייז זיך נעמען בייטען די דאָזיגע „איי-
ביגע“ סובסטאַנץ, און אויף איהר אָרט וועט זיך אויסבילדען אַ נייע „סוב-
סטאַנץ“, פּונקט אַזאַ „אייביגע“. לאָמיר, אַשטייגער, אָננעמען, אַז דער גלוי-
בען אין איין גאָט, אין אַחדות הבורא, די הערשאַפֿט פֿון די עטישע
יסודות זענען געווען די „מהות“, די „סובסטאַנץ“ פֿון דער אַמאָליגער
יהדות, און דער קולט פֿון שענקייט — די „מהות“ פֿונ׳ם אַלטען גריכענ-
לאַנד. אַ לאַנגער פּעריאָד פֿון איינאַרטיגע לעבענס-פֿאָרמען האָט אויסגעאַר-
בייט ביי זיי אָט די דאָזיגע בעזונדערע „מהות׳ען“. נאָר מען קאָן זיך
גרינג אויסמעלען אַזאַ השערה, אַז די לעבענס-תּנאים האָבען זיך גרינד-
ליך איבערגעביטען, און גראָד אין אַזאַ ריכטונג, אַז סוף כּל סוף האָ-
בען די „מהות׳ען“ זיך געביטען מיט די ערטער, ד. ה. אַז דער גלויבען
אין איין גאָט, די הערשאַפֿט פֿונ׳ם עטישען פּרינציפּ איז געוואָרען די „מהות“
פֿונ׳ם גריכישען פֿאָלק, און דער קולט פֿון שענקייט — די „מהות“ פֿון
יודישען פֿאָלק. ס׳פֿערשטעהט זיך ממילא, אַז די דאָזיגע נייע נאַציאָנאַ-
לע „מהות׳ען“ וועלען לחלוטין ניט זיין גלייך צו זייערע אַלטע מוסטערן,
מחמת זיי וועלען דאָך מוזען זיך צונויפֿשמעלצען מיט זעהר פֿערשיידע-
נע סביבות. דער קולט פֿון שענקייט ביי די יודען וועט מוזען ווערען
אַפּערצעפּירט מיט די מאָנאָטעאיסטישע און עטישע יסודות, וואָס האָבען
געהערשט ביי זיי פֿון פֿריהער; די מאָנאָטעאיסטישע און עטישע יסודות
ביי די גריכען וועלען מוזען ווערען אַפּערצעפּירט מיט׳ן קולט פֿון שענ-
קייט, וואָס האָט געהערשט ביי זיי ביז אַהער, — און סוף כּל סוף
וועט אַרויסקומען ביים יודישען פֿאָלק אַ „העמישע רעאַקציע“, וואָס איז
לחלוטין פֿערשיידען פֿון יענער, וואָס מיר האָבען זי געהאַט אין אַלטען
גריכענלאַנד; דאָס אייגענע וועט אין דער „העמישער רעאַקציע“ ביי די
גריכען קיין שום צוגלייכעניש ניט זיין דערצו, וואָס עס איז פֿאָרגעקו-
מען אין דער אַלטער יהודה. נאָר וויכטיג איז דאָס, וואָס ביי אַלע די
דאָזיגע גלגולים און שינויים וואָלט דאָ ניט פֿאָרגעקומען קיין שום נאַ-
ציאָנאַלע בגידה, וואָרום די נייע נאַציאָנאַלע „מהות׳ען“ וואָלטען געווען
ניט ווינציגער נאַציאָנאַל, ניט ווינציגער הורכגעדרונגען מיט די נאַציאָנאַלע
יסודות, איידער די אַלטע נאַציאָנאַלע „מהות׳ען“. די נייע קולטורעלע
אוצרות, וואָס די נאַציעס וואָלטען געשאַפֿען אין אָט דעם פּעריאָד, וואָל-
טען געווען ניט ווינציגער נאַציאָנאַל, איידער די פּראָדוקטען פֿון דער אַמאָ-
ליגער קולטורעלער שאַפֿונג. וואָרום דער נאַציאָנאַלער מאָמענט, דער נאַ-
ציאָנאַלער „איך“ איז פֿערבאָרגען ניט אין דעם אָדער יענעם קאָנקרעטען

אינהאלט פונ'ם נאציאנאלען לעבען, נאר אויסשליסליך אין יענעם פארמירענדען, איבערבילדענדען יסוד, וואס געפינט זיך אין דער נאציאנאלער אפערצעפציע, אין יענעם פאקט, וואס איטליכע נאציע ארבייט איבער ביי זיך אויף א בעזונדערן אייגענארטיגען אופן איטליכען קאנקרעטען אינהאלט, אלערליי קאנקרעטע עלעמענטען. די סאציאל-קולטורעלע שאפונג פון וואסער עס איז פאלק הערט אויף צו זיין א נאציאנאלער אייגענס פונ'ם דאזיגען פאלק נאר אין דעם פאל, אויב זי זעצט זיך ניט אב, בלייבט ניט אין דער אייגענער סביבה, נאר אין אן אנדער, פרעמדער נאציאנאלער סביבה. אין דעריבער וועט, למשל, די שאפונג פון א יודען, וואס איז אוועקגעגאנגען פון יודישען פאלק צו אן אנדער נאציאנאלער סביבה, ניט האבען פאר אונז קיין נאציאנאלען ווערט, זאל זיין אפילו, אז די דאזיגע שאפונג איז דורכגעדרונגען מיט די פרינציפען פון דער יהדות אין זייער ריינסטער געשטאלט. און פערקעהרט, זאל א יוד, וואס געפינט זיך אין יודישען פאלק, אויפבויען א מזבח דעם קולט פון שענקייט, וואס איז כלומר'שט פרעמד פאר'ן גייסט פון דער יהדות, — איז ווי ווייט זיין שאפונג וועט האבען א קולטור-ווערט בכלל, אזוי ווייט וועט זי אויך האבען פאר אונז א נאציאנאלען ווערט. די נאציאנאלע אייגענארטיגקייט קאן זיך ארויסווייזען אין וואסער איהר ווילט קאנקרעטען אינהאלט פון דער סאציאל-קולטורעלער שאפונג, דעם חותם פון דער נאציאנאלער אינדיווידואליטעט קאן טראגען איטליכער געביט פון דער נאציאנאלער טעטיגקייט. די מדרגה פון דער דאזיגער אייגענארטיגקייט, די קלארקייט און בולט'קייט פון דער נאציאנאלער אינדיווידואליטעט איז אבהענגיג אויסשליסליך נאר פון דער טיפקייט און שטארקייט פונ'ם נאציאנאלען לעבען, פון דער רייכקייט און פיעלפארביגקייט פון דער נאציאנאלער סביבה.

דאס איז אין אלגעמיינע שטריכען דער אינהאלט פונ'ם בעגריף „נאציאנאלע אפערצעפציע“.

גאר אנדערש זעהט אוים דער נאציאנאלער גייסט אדער דער „רוח היהדות“, לויט ווי אחד העם געברויכט איהם. דער דאזיגער נאציאנאלער גייסט פערמאגט אויך די פעהיגקייט איבערצושמעלצען לויט זיין פורעם סאציאל-קולטורעלע ווערטען, — אבער ניט אלע, נאר בלויז יענע, וואס געפינען זיך מיט איהם אין א געוויסער קרוב'עשאפט, וואס הארמאנירען מיט איהם. ביי פעלקער, וואס לעבען נארמאל, ווערט די דאזיגע אבקלייבונג געמאכט אויף א נאטירליכען וועג, דורך דעם נאציאנאלען גייסט נפשא. סטיכיש קלייבט ער אב יענע עלעמענטען, וואס ער קאן זיי מקרב זיין צו זיך, און די איבעריגע, די פרעמדע, שטופט ער אינסטינקטיוו אב

פֿון זיך. אָבער ביי אַזעלכע נאַציעס, ווי אַשטייגער די יודישע, וואָס ביי זיי פֿעהלען געוויסע זייטען פֿון אַ נאָרמאַלען נאַציאָנאַלן לעבען, מוז די אָפּקלייבונג זיין אַ קינסטליכע, אַ בעוואוסטזיניגע. דורך דער אַקטיווער אַריינמישונג אינ'ם שאַפֿונגס-פּראָצעס מוזען מיר בעוואוסטזיניג אָפּקלייבען יענע עלעמענטען, וואָס קאָנען זיך פֿעראייניגען מיט'ן נאַציאָנאַלען גייסט, און אַלע איבעריגע דערווייטערן פֿון זיך. וואָרום ווען מיר טראָגען אַריין אין נאַציאָנאַלען לעבען אַזעלכע עלעמענטען, וואָס דער נאַציאָנאַלער גייסט האָט ניט מיט זיי, אַזוי צו זאָגען, קיין כעמישע קרובֿ'עשאַפֿט, צעקאַליעטשען מיר הדרכדעם גופא דעם דאָזיגען גייסט, פֿערקרימען דעם נאַציאָנאַלען פּרצוף און גראָבען אונטער, הייסט עס, דעם יסוד פֿונ'ם גייסטיגען „איך“ פֿון דער נאַציע. שוין דאָ, אין די דאָזיגע פֿאָרמאַלע הנחות, טרעט אַרויס זעהר בולט די סובסטאַנציאַליקייט פֿונ'ם נאַציאָנאַלן גייסט. וויבאַלד עס רעדט זיך וועגען צוציהען און אָפּשטויסען, מוז מען דאָך על כּרחך אָננעמען, אַז עס איז פֿאַרהאַן אַ זאַך, וואָס ציהט צו און שטויסט אָפּ, וויבאַלד ס'זענען פֿאַרהאַן אַזעלכע עלעמענטען, וואָס שטעהען אין קרובֿ'עשאַפֿט מיט'ן נאַציאָנאַלן גייסט, וואָס האַרמאָנירען מיט איהם, און אַנדערע ווידער, וואָס זענען איהם דערווידער און ווערען פֿון איהם אָפּגעשטויסען, — דערפֿון איז דאָך ממילא געדרונגען, אַז דער נאַציאָנאַלער גייסט גופא איז אַ גאַנץ בעשטימטער סובסטראַט, וואָס פֿערמאָגט גאַנץ בעשטימטע תּכונות. איבעריגענס וועלען מיר זעהן ווייטער, אַז אַחד העם, רעדענדיג וועגען אייניגע קאָנקרעטע עלעמענטען פֿון דער יהדות, זאָגט זיך אַרויס בפֿירוש, אַז דער נאַציאָנאַלער גייסט האָט דעם כאַראַקטער פֿון אַ סובסטאַנץ. נאָר דאָס איז נאָך ווייניג. אינ'ם נאַציאָנאַלן גייסט שטעקט דער עצם מהות פֿון דער נאַציע, וואָס בייט זיך קיין מאָל ניט, דער נאַציאָנאַלער אַבסאָלוט. אַודאי איז אחד העם אַ שטרענגער עוואָלוציאָניסט, און דעריבער האַלט ער, אַז דער נאַציאָנאַלער גייסט ענטוויקעלט זיך און בייט שטענדיג זיין אויסזעהן, אַז אינ'ם דאָזיגען ענטוויקלונגס-פּראָצעס ווערט ער פֿערקערפּערט אין אַלע מעגליכע געשטאַלטען. נאָר פֿונדעסטוועגען אין אָט די אַלע פּראָצעסען, אין אָט די אַלע שינויים בלייבט דער נאַציאָנאַלער גייסט געטריי זיך אַליין, שטאַנדהאַפֿטיג אין זיין תּמצית. אַלע די פֿערשיידענע שינויים, וואָס ער מאַכט דורך, אַלע די פֿיעלאַרטיגע געשטאַלטען, וואָס ער ווערט אין זיי פֿערקערפּערט אינ'ם פּראָצעס פֿון זיין ענטוויקלונג, זענען מעהר ניט ווי בעשטימטע פֿאָרמען פֿאַר דער אַנטפּלעקונג פֿונ'ם דאָזיגען תּמצית, בעשטימטע פֿאָרמען אויסצודריקען די גרונד-טבֿע פֿון דער נאַציע. און אין דער אמת'ן, איב דער נאַציאָנאַלער גייסט וואָלט ניט כּולל געווען אין זיך

דעם איביגען גרונד־סובסטראט פון דער נאציע, דעם נאציאנאלן אבּ־סאָלוט, אויב דער נאציאָנאַלער גייסט וואָלט געווען נאָר אַ פּראָדוקט פונ'ם היסטאָרישען לעבען פון דער נאציע אין אַ בעשטימטער תקופה פון איהר ענטוויקלונג, און אויב, הייסט עס, די נאציע וואָלט געקאָנט אינ'ם פּראָ־צעס פון איהר ווייטערדיגער היסטאָרישער ענטוויקלונג אויסבילדען אין זיך גאָר אַ נייעם נאציאָנאַלען גייסט אָנשטאָט דעם איצטיגען, און דער־בּיי ניט אָנווערען איהר נאציאָנאלע אינדיווידואַליטעט, נאָר בּלייבען נאָך אַלץ אַ בעשטימטער נאַציאָנאַלער קאָלעקטיוו, — דעמאָלט וואָלט דער נאַ־ציאָנאַלער גייסט בשום אופן ניט געקאָנט דינען פאַר אַ מאָס צו שאַ־צען הורך איהם די נאציאָנאַלע ווערטען, דעמאָלט וואָלט מען ניט גע־קאָנט זאָגען, אַז צום נאַציאָנאַלען אייגענס געהערען נאָר יענע עלע־מענטען, וואָס שטעהען נאָהענט צום נאַציאָנאַלען גייסט, וואָס שטימען מיט איהם, דעמאָלט וואָלט אויסגעקומען משונה ווילד צו זוכען ביים נאַציאָנאַלען גייסט הסכמות אויף דער אָדער יענער שאַפונגס־טעטיגקייט. בּלויז דעמאָלט, ווען מען נעמט אָן די גרונד־הנחה, אַז דער נאַציאָנאַ־לער גייסט איז די איביגע סובסטאַנץ פון דער נאַציע, אַז ער איז דער נאַציאָנאַלער אַבסאָלוט, בלויז אין דעם פאַל קאָן מען רעדען ווע־גען אַ פעלשונג קעגען דעם דאָזיגען גייסט, ווי וועגען אַ בגידה קעגען דער נאַציע.

אחד העם איז ווייט פון מעטאַפיזישען אַרט דענקען. און פונ־דעסטוועגען, בשעת מיר וויקלען פונאַנדער דעם אינהאַלט פונ'ם בעגריף „נאַציאָנאַלער גייסט", וואָס ער געבּרויכט איהם, מוזען מיר אומבעדינגט זיך אָנשטויסען אָן דעם איביגען גרונד־סובסטראַט פון דער נאַציע, אָן דעם נאַציאָנאַלן אַבסאָלוט, ד. ה. אָן ריין מעטאַפיזישע השגות.

אַז דאָס איז טאַקע דער אינהאַלט פונ'ם בעגריף „נאַציאָנאַלער גייסט" ביי אחד העמ'ען, אַז גראָד אַזוי דענקט אחד העם די טבע פון דער נאַציע — דערין וועלען מיר זיך איבערצייגען פונ'ם ווייטערדיגען אַנאַליז פון זיינע מאמרים.

(המשך אין קומענדיגען בוך).

# אונזערע שכנים. *

אַנטאָן נאָווינאַ

## וועגען דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג פון די בעלאָרוסען.

נאַציאָנאַלע פראַגען זענען פאַרהאַן אומעטום, וואו אַ פאָלק, וואָס אונטערשיידט זיך פון זיינע שכנים דורך נאַציאָנאַלע בעזונדערהייטען, ווייזט אַרויס אַ שטרעבונג אַיינצוהיטען זיין קיום. אין יענעם פּעריאָד, בשעת דאָס געגעבענע פאָלק איז נאָך ניט בעוואוסטזיניג, בשעת עס בעשטימט נאָך זיין נאַציאָנאַלן „איך" דורך נעגאַטיווע סימנים (ניט קיין רוס, ניט קיין פּאָלאַק וכדומה), דעמאָלט איז מען זיך נוהג אָבצולייקענען, אַז עס זענען פאַרהאַן נאַציאָנאַלע פראַגען בנוגע צו אָט דעם פאָלק. נאָר אַזאַ קוק איז אומבעגרינדעט. אפילו אין אַזאַ וועגעטיר-צושטאַנד זענען פאַרהאַן נאַציאָנאַלע פראַגען, און מ'מוז אויך זיי געבען אַן ענטפער דורך שאַפען אַזעלכע תנאים, וואָס זאָלען לאָזען דעם פאָלק פולקום אַרויסווייזען זיינע פערבאָרגענע כחות, אַרויסווייזען זיין אייגענאַרטיגען נאַציאָנאַלן זשעני אין שעפערישער טעטיגקייט.

ס'פערשטעהט זיך, אַז די נאַציאָנאַלע פראַגען טרעטען אַרויס אין זייער גאַנצער קלאָרקייט ערשט דעמאָלט, ווען אין פאָלק איז אויפגעוואַכט דער נאַציאָנאַלער בעוואוסטזיין, ווען אין די מאַסען האָט זיך אויסגעבילדעט אַ קלאָרע פאָרשטעלונג וועגען דעם, אין וואָס בעשטעהען די פּאָזיטיווע סימנים פון זייער נאַציאָנאַלער אינדיווידואַליטעט. דורך דער אויפוואַכונג פונ'ם נאַציאָנאַלן זעלבסטבעוואוסטזיין ווערט בעשטימט דער מאָמענט פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג, ווען די געגעבענע נאַציע פערמאָגט אַ גענוג שטאַרקען לעבענס-כח.

וואָס גרעסער אַ נאַציע איז, אַלץ פאַמעליכער קומט פאָר דער פּראָצעס פון איהר אויפלעבונג אין דער אָנהויב-סטאַדיע. נאָר מיט איטליכען שריט פאָראויס בעקומט די דאָזיגע מאַסע אַלץ אַ גרעסערן שוואונק, וואָס אַנטקעגענשטעלען זיך קעגען איהם איז ניט מעגליך.

* אונטער דעם דאָזיגען טיטעל ווילען מיר ברענגען פון צייט צו צייט אַרטיקלען, וואָס זאָלען בעקענען די לעזער מיט דעם סאָציאַל-קולטורעלן מצב און אויך מיט דער אויפלעבונגס-בעוועגונג פון די אונטערגעדריקטע פעלקער, צווישען וועלכע מיר לעבען. דער אַרטיקעל, וואָס מיר הויבען אָן צו דרוקען אינ'ם דאָזיגען נומער, איז געשריבען פון אַ בעלאָרוסישען שריפטשטעלער און איבערזעצט פון מאַנוסקריפּט אויף יודיש.

די דאָזיגע אַלגעמיינע הנחות קאָנען ווערען אָנגעווענדט אויך צו דער נייעסטער פֿון די נאַציאָנאַלע אויפֿלעבונגען צווישען די סלאַווישע פֿעלקער — צו דער אויפֿלעבונג פֿון די בעלאָרוסען. די דאָזיגע גיין־מיליאָניגע מאַסע, וואָס בילדעט דעם הויפּט־טייל פֿון דער בעפֿעלקערונג אין ווילנער, גראָדנער, מינסקער, מאָהילעווער און וויטעבסקער גוב. און וואָס בעוואוינט אויך אין אַ בעדייטענדער צאָהל סמאָלענסקער, טשערניגאָווער און אַנדערע גובערניעס, האָט פֿאַר די לעצטע צעהן יאָהר געמאַכט אַ גרויסען שריט אויפֿ'ן וועג פֿון נאַציאָנאַלער אויפֿלעבונג. און אויב אין משך פֿון גאַנצען XIX יאָהרהונדערט האָט די „בעלאָרוסישע פֿראַגע“ זיך געפֿונען נאָר אין פֿערבאָרגענעם, עמבריאָנאַלן צושטאַנד, שטעהט זי איצט אָפֿען פֿאַר אונז און פֿאָדערט איהר געהעריגע פֿערענטפֿערונג. די אויפֿלעבענדיגע בעלאָרוסען זענען בלי ספק אַ קראַפֿט, וואָס מיט איהר מוזען זיך רעכענען זייערע שכנים, און בעזונדערס די מיטבירגער פֿון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטען.

*

די בעלאָרוסישע נאַציע האָט זיך געבילדעט אַן ערך אין אָנהויב פֿון איצטיגען יאָהרטויזענד. אין איהר האָבען זיך צונויפֿגעגאָסען עטליכע קרוביִשע שבטים (קריוויטשי, דרעגאָוויטשי, ראַדאָמיטשי און אַנד.), וואָס געהערען צו דער גרופּע פֿון די מערבֿ־רוסישע סלאַווען. שפּעטער — שוין אין XIV, XV און XVI יאָהרה. — זענען די בעלאָרוסען, אַלס אַ הויפּט־בעשטאַנדטייל פֿון דער ליטווישער מלוכה, געווען ביכולת צו בעשאַפֿען אַזאַ שטאַרקע אייגענע ציוויליזאַציע, אַז אַפֿילו די ליטווינער — אַ פֿאָלק, וואָס האָט קיין שום עטנישע קרובֿ'עשאַפֿט ניט מיט די סלאַווען — האָבען זי אינגאַנצען אָנגענומען. אינ'ם דאָזיגען פּעריאָד איז די בעלאָרוסישע שפּראַך געוואָרען די מלוכה־ און ליטעראַטור־שפּראַך, — בכלל די שפּראַך פֿון דער אינטעליגענץ איפֿ'ן גאַנצען שטח פֿונ'ם ליטווישען גרויספֿירשטענטום. דאָס בעווייזען די פֿיל געשריבענע און געדרוקטע דאָקומענטאַל־ווערק, וואָס צווישען זיי פֿערנעמט אַ בעזונדערס חשובֿ'ן אָרט די געזעצען־זאַמלונג פֿון דער ליטווישער מלוכה, וואָס איז לכתחילה געוואָרען אָנגעשריבען אין בעלאָרוסיש און צוויי מאָל אַרויסגעגעבען אין דער דאָזיגער שפּראַך. „דער ליטווישער סטאַטוט“ איז דער בעסטער בעוויז, ווי הויך ענטוויקעלט און ווי שטאַרק עס האָט בעדאַרפֿט זיין די בעלאָרוסישע געזעלשאַפֿטליכקייט, אַז די ליטווינער האָבען איבערגענומען אַפֿילו די יורידישע נאָרמעס פֿון די בעלאָרוסען. — נאָר שוין אין XVII יאָהרה. ווערט די פֿולע הערשאַפֿט פֿון דער בעלאָרוסישער ציוויליזאַציע בטל מחמת אומגינציגע סאָציאַל־פּאָליטישע תנאים און איבער אַנדערע סיבות, וואָס זענען געווען געדרונגען פֿון דער פֿעראייניגונג פֿון פּוילין און ליטע. אין

יענער צייט ווערט אַלץ שטאַרקער די ווירקונג פון די פּאָלאַקען און פון דער פּוילישער ציוויליזאַציע אויף ליטע. צום סוף פון XVII יאָהר זענען די בעלאָרוסישע אינטעליגענטע קלאַסען געווען כמעט אינגאַנצען פערפּוילישט, און זינט יענער צייט איז די בעלאָרוסישע פאָלקס-מאַסע געבליבען די איינציגע טרעגערין און היטערין פון דער נאַציאָנאַלער נשמה, פון דער מוטערשפּראַך און פון אַלע אינדיווידואַלע בעלאָרוסישע בעזונדערהייטען.

נאָר די דענאַציאָנאַליזירונג פון דער אינטעליגענץ בעשטימט נאָך ניט דעם גזר דין פון אַ פאָלק צום לעבען אָדער צום טויט — דאָס קאָן בעווייזען, למשל, די געשיכטע פון די טשעכען. דעריבער איז אויך דאָס בעלאָרוסישע פאָלק נאַציאָנאַל ניט געשטאָרבען, הגם אין משך פון העכער צוויי הונדערט יאָהר זענען אַלע בעסטע קרעפטען, אַלע פעהיגערע פערזענליכקייטען, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון דער בעלאָרוסישער סביבה, איינגעשלונגען געוואָרען אָדער פון דער פּוילישער אָדער פון דער רוסישער קולטור. אָבער אויך דאָ האָט די אינדיווידואַליטעט פון פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעאַרבייט אין משך פון יאָהרהונדערטען, זיך אַרויסגעוויזען אויף אַזאַ אופן, אַז אָט די אַלע פערזענליכקייטען האָבען אַריינגעטראָגען זייערע נאַציאָנאַלע בעזונדערהייטען אינ'ם קולטור-אוצר פון די פּאָלאַקען און רוסען און האָבען זעהר שטאַרק געווירקט אויף דער ריכטונג, וואָס אין איהר איז געגאַנגען די ווייטערדיגע ענטוויקלונג פון די אָנגערופענע פעלקער. עס איז, למשל, אַלעמען בעוואוסט, וואָס פאַר אַן ערנסטע ווירקונג אַדאַם מיצקעוויטש האָט געהאַט אויף דער פאָרמירונג פון דער נאַציאָנאַלער נשמה פון פּוילישען פאָלק, — און מיצקעוויטש, וואָס שטאַמט פון אַ פערפּוילישטער בעלאָרוסישער פריצישער משפחה, וואָס איז געבאָרען און אויפגעהאָדעוועט אין בעלאָרוסיע, איז דאָך מיט זיין נשמה געווען פעסט פערקניפּט מיט'ן בעלאָרוסישען פאָלק, האָט אָבגעשפּיגעלט אין זיך זיין נאַציאָנאַלע נשמה. און מיצקעוויטש איז ניט דער איינציגער אין דעם פּרט, נאָר ער אַליין איז אויך פולקום גענוג: אַז די בעלאָרוסען, וואָס האָבען געאַרבייט ביי דער שאַפונג פון דער פּוילישער קולטור האָבען געמוזט, הגם אומבעוואוסטזיניג, אַריינטראָגען אין איהר זייערע נאַציאָנאַלע שטריכען — דאָס איז אַ זאַך, וואָס נויטיגט זיך ניט אין בעווייזען, דאָס פערשטעהט זיך ממילא פון זיך. דאָס אייגענע וועלען מיר ניט בעווייזען די בלי-ספק'דיגע ווירקונג פון די פעררוסישטע בעלאָרוסען אויף דער רוסישער קולטור. דערין זענען דאָך מודה אַפילו די וועליקאָרוסען גופא, ווי דאָס בעווייזט די אינטערעסאַנטע מיינונג וועגען דער פראַגע פון פּראָפ. אָוסיאַניקאָ-קוליקאָווסקי, וואָס האַלט, אַז די אוקראַינער און בעלאָרוסען האָבען גענומען 88

אַן אָנטייל אינ'ם בויען די רוסלענדער קולטור כמעט גלייך מיט די וועליקאָרוסען (ז. זיין בוך: Н. В. Гоголь, изд. „Вѣст. Просв.“, 1913).

וויבאַלד די בעלאָרוסען, וואָס האָבען אין משך פֿון יאָהרהונדערטען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו ענטוויקלען זיך זעלבשטענדיג, ווי אַ נאַציע, האָבען פֿונדעסטוועגען געהאַט אַזאַ שטאַרקע השפּעה אויף די צוויי קרובֿישע נאַציעס, וואָס זענען קולטורעל אַ סך שטאַרקער פֿאַר זיי, — בכן איז קיין שום ספק ניטאָ, אַז דאָס בעלאָרוסישע פֿאָלק פֿערמאָגט אַ גרויסען קוואַל פֿון לעבענס-קראַפֿט. דער היסטאָרישער עבֿר און אָט די לעבענס-קראַפֿט — זיי האָבען דאָס אַרויסגערופֿען די איצטיגע נאַציאָנאַלע בעוועגונג צווישען די בעלאָרוסען, און זיי זענען אויך אַן ערבֿות, אַז מיר האָבען דאָ צו טון מיט אַן ערנסטער בעוועגונג, וואָס פֿערמאָגט אַלצדינג, וואָס איז נויטיג צוליעב אַ זיכערער צוקונפֿט.

———

בשעת די פּוילישע השפּעה האָט צוגענומען ביי די בעלאָרוסען די אינטעליגענטע קלאַסען, האָט זיך אָבער דער אַלגעמיינער לעבענס-סדר פֿון בעלאָרוסישען קאַנט — דאָס מוז מען מודה זיין — ווינציג וואָס איבערגעביטען. ס'איז אַ חידוש — זאָגט דר. ר. סוויאַטיצקי אין זיין ווערק וועגען דער אויפֿלעבונג פֿון דער בעלאָרוסישער ליטעראַטור — וואָס די פֿערפּוילישטע בעלאָרוסישע שלאַכטע האָט געקאָנט פֿעראייניגען אין זיך בשלום דעם פּוילישען מלוכה-פּאַטריאָטיזם מיט דער צוגעבונדענקייט צו איהר געבוירען-קאַנט; אַפֿילו בשעת זי פֿלעגט מלחמה האַלטען פֿאַר דער „פּוילישער רעפּובליק“, האָט די דאָזיגע שלאַכטישע מאַסע ניט געפֿיהלט קיין בעזונדער נאָהענטקייט צו די איינוואוינער פֿון קרוין-פּוילין, צו די אמת'ע פּאָלאַקען, און איז געבליבען געטריי דעם געפֿיהל פֿון דער בעלאָרוסישער (אָדער, ווי ס'איז זיך אַמאָל נוהג געווען צו זאָגען, דער ליטווישער) בירגערליכקייט. אויף דער בעלאָרוסישער פֿאָלקס-מאַסע ווידער האָט מען צו ווינציג אַכט געגעבען, אַז מ'זאָל זיך פֿערנעמען בעוואוסטזיניג און פּלאַנמעסיג זי צו פֿערפּוילישען. אַזוי איז געווען ניט בלויז פֿאַר דער צעטיילונג פֿון פּוילין, נאָר אַ בעדייטענדע צייט שפּעטער. אויך אונטער דער ממשלה פֿון רוסלאַנד איז די לאַגע אין אָנהויב ניט אומגעביטען געוואָרען. דערפֿאַר אָבער איז דערוועקט געוואָרען אין יענער צייט אַ גאַנץ שטאַרקער אינטערעס צו די בעלאָרוסען אַלס פֿאָלק. צוערשט האָבען נאָר די פּוילישע עטנאָגראַפֿען געווענדט זייער אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿ'ן דאָזיגען פֿאָלק, — פֿערשטעהט זיך פֿון וויסענשאַפֿטליכען שטאַנדפּונקט. דערנאָך האָבען זיך פֿעראינטערעסירט מיט איהם די פּוילישע „פּאָזיטיוויסטען“, וואָס האָבען גע-

פּרוּבּט אַריבּערצוּציהען די בּעלאָרוסישע פּאָלקסמאַסע אויף זייער צד, נאָר זיי האָט זיך עס ניט אַײנגעגעבּען. אויך די רוסישע פּאָליטיק האָט געפּרוּבּט זיי נאָכטוּן, און די רוסישע וויסענשאַפט פערנעמט זיך ערנסט מיט די בּעלאָרוסען אין משך פון די לעצטע 3—4 צעהנדליג יאָהר און האָט שוין בּעוויזען צו געבּען אַ גאַנצע רייה זעהר ווערטפוללע ווערק איבּער דער עטנאָגראַפיע, פילאָלאָגיע און געשיכטע פונ'ם בּעלאָרוסישען פאָלק.

אינ'ם לעבּען פון בּעלאָרוסיע איז פאָרגעקומען אַ גרויסע איבּערקעהרעניש ערשט אין דער צווייטער העלפט פון XIX יאָהרה., בּשעת די רעגירונג האָט אָנגעהויבּען פיהרען אַ כּסדר'דיגע מלחמה קעגען דעם פּוילישען עלעמענט אין דעם אַזוי אָנגערופענעם „צפון-מערב-קאַנט“. די רעגירונג האָט בּעשלאָסען דאָ מבטל צו זיין אַלץ פּוילישעס, וואָרום זי האָט גערעכענט בּעלאָרוסיע פאַר אַן „אמת-רוסישען“ קאַנט אין דעם זין, וואָס אין קולטור-נאַציאָנאַלען זין זענען די בּעלאָרוסען איינס מיט די וועליקאָרוסען. און היות ווי די נאַציאָנאַלע און קאָנפעסיאָנאַלע סימנים ווערען אויך איצט צונויפגעמישט אינאיינעם, דעריבּער זענען אַלע רדיפות געווען געווענדעט פאַר איינס קעגען פּאָלאַקען און בּכלל קעגען אַלע קאַטויליקען, דאָס הייסט אויך קעגען דעם קאַטוילישען טייל פון די בּעלאָרוסען *. חוץ אומדירעקטע רדיפות, האָבּען די בּעלאָרוסען געהאַט נאָך אויסצושטעהן דירעקטע, וואָס זענען געווענדט געווען קעגען זיי גופא, אָנגעהויבּען דערפון, וואָס אין יאָהר 1867 איז פערבּאָטען געוואָרען צו דרוקען בּיכער אין בּעלאָרוסיש. אין דערזעלבּיגער צייט האָבּען די פּאָלאַקען, אויס מורא פאַר זייער קיום אין בּעלאָרוסיע, אָנגעהויבּען צו פיהרען ענערגיש אַ בּעוואוסטזיניגע און פּלאַנמעסיגע פערפּוילישונגס-אַרבּייט, מחמת זיי האָבּען גערעכענט, אַז הורכדעם, וואָס דער פּוילישער עלעמענט וועט אויסוואַקסען אין צאָהל אויפ'ן חשבּון פון די בּעלאָרוסען, וועלען זיי קאָנען דעקען די אָנווערען, וואָס זיי וועלען ליידען מחמת די בּעגרעניצונגען מצד דער רעגירונג. דעמאָלט זענען אויפגעשטאַנען אפשר די ערגסטע צייטען פאַר דער בּעלאָרוסישער נאַציע: די בּעלאָרוסען זענען געבּליבּען שטעהן צווישען צוויי פייערן, צווישען די צוויי שטרייטענדיגע צדדים, די פּוילען און די רוסען.

די רעגירונג האָט פאַר איהר דענאַציאָנאַליזירונגס-אַרבּייט געהאַט אין האָט מעכטיגע געצייג. דער מיליטער-דינסט, די קירך (די פּראַוואָ-

* די בּעלאָרוסען זענען צעטיילט לויט זייער אמונה אויף צוויי גרופּעס: די קלענערע — אַ קאַטוילישע (העכער צוויי מיליאָן), די גרעסערע — אַ פּראַוואָסלאַווישע (ועקס מיט אַ האַלבּ מיליאָן).

סלאַווישע) און די שול, בכלל דער גאַנצער אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט
פון די בעאַמטע — וועליקאָרוסען, וואָס קומען פון טיף-רוסלאַנד — דאָס
אַליין האָט געהאָלפען דער פערזוסישונג; חוץ דעם האָט מען מאַסענווייז
בעזעצט אין בעלאָרוסיע וועליקאָרוסישע פויערים — סטאַראָאָבריאַדצעס.
פונקט מיט דיזעלביגע מיטלען פלייסען זיך צו ווירקען די פּאָלאַקען:
אין זייערע הענד געפינט זיך די קאַטוילישע קירך, וואָס געברויכט ביי
איהר גאָטעסדינסט, חוץ לאַטייניש, נאָר פּויליש; די פּאָלאַקען גרינדען
פּוילישע אָנפאַנגס-שולען פאַר קינדער פון בעלאָרוסישע פויערים; אין
אַלע געזעלשאַפטליכע און פריוואַטע אַנשטאַלטען, וואָס געפינען זיך אין
פּוילישע הענד, האָבען די בעלאָרוסען (אַפילו די קאַטוילוקען, פון די
פּראַוואָסלאַווישע שוין אָבגערעדט) כמעט קיין שום צוטריט ניט; צולעצט
לאָזט זיך בעמערקען די לעצטע צייט ביי די פּוילישע פּריצים פונ'ם
דאָזיגען קאַנט אַ שטרעבונג אַריינצופיהרען פּוילישע פויערים — מאַזו-
רען — ערטערווייז אַלס געדונגענע פעלד-אַרבייטער, און ערטערווייז אַלס
קאָלאָניזאַטאָרען פון מאַיאָנטקעס, וואָס געהערען צו פּאָלאַקען. מיט איין
וואָרט, אין אַלצדינג, וואָס די רעגירונג טוט, בכדי אַיינצופלאַנצען רוסישע
נאַציאָנאַלע אידעען און רוסישע קולטור, טוען איהר די פּאָלאַקען נאָך,
מיט דעם צוועק צו פערפוילישען דעם קאַנט.

אָט דאָס איז די סביבה, וואָס אין איהר האָט אָנגעהויבען צו שטע-
לען איהרע ערשטע טריט די בעלאָרוסישע נאַציאָנאַלע בעוועגונג, וואָס
ענטוויקעלט זיך פאַר אונזערע אויגען. אמת, אַז צוגערייט האָט זי זיך
אין משך פונ'ם גאַנצען XIX יאָהרה., וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען אונטערן
פּוילישען פאָהן. אַ רייה פון אַזעלכע אַרויסטרעטונגען, ווי די פּוילישע
מרידות, האָבען אַזוי ווי פערשטעלט און אָבגערוקט אויף אַהינטער אַלצ-
דינג, וואָס איז פאָרגעקומען דאָרט אין דער טיפעניש, צווישען דער
פאָלקס-מאַסע. דעריבער האָט עס אין פלוג געקאָנט אויסווייזען, אַז דאָס
פאָלק איז געלעגען אין הינערפלעט. אין גאַנצען משך פון פאָריגען יאָהר-
הונדערט זעהען מיר פּרובען אויפצוריכטען די בעלאָרוסישע ליטעראַטור,
און די דאָזיגע פּרובען זענען זיך סומך אויף דער בעדערפעניש פון דער
פאָלקסמאַסע צו האָבען ליטעראַטור-ווערק אין איהר מוטער-שפּראַך. די
דאָזיגע מאַסע האָט דאָך געלעבט נאָר מיט די זכרונות פון דער אַמאָליגער קול-
טור, און דעם אָרימען קולטור-אוצר פון פאָלק האָט מען דאָך געמוזט
ממלא זיין. אויף אַזאַ אופן בעווייזען זיך צו-ביסלעכווייז. צוגלייך מיט
פּאָעטען, וואָס זענען אַרויסגעקומען פון פאָלק און האָבען בעזונגען דעם
גורל פון די פויערים, אַ גאַנצע רייה פּאָעטען אינטעליגענטען, וואָס זיי-
ערע ווערק זענען אין פיעל געשריבענע עקזעמפּלאַרען פערשפּרייט גע-

ווארען איבער גאנץ בעלארוסיע און לעבען נאך איצטער אין זכרון פון פאלק. און אין די 80־ער יאהרען, בשעת עס האט זיך געלאזט הערען דער מעכטיגער רוף צו נאציאנאלער ארבייט פונ׳ם פאעט דעם נאראד־ניק פ. באגושעוויטש (מאציי בוראטשעק), האט ער געפונען אן אב־קלאנג קודם כל ביי דער בעלארוסישער אוניווערסיטעטס־יוגענד. און אזוי האט זיך אנגעהויבען — לכתחילה אין די אוניווערסיטעטס־שטעדט, דער־נאך אויך אין דער פראווינץ — די בעלארוסישע נאציאנאלע ארבייט אין דער פארם פון קרייזלעך, ביכער־אויסגאבען און אז. וו., און די ארבייט איז זינט דעמאלט ניט אפגעשטעלט געווארען. דאס זענען אלץ די ערשטע שריט פון דער *בעוואוסטזיניגער בעוועגונג*. נאר אן אמת מעכטיגע *פאלקס*־בעוועגונג איז עס געווארען נאר זינט דער צייט פון דער פרייהייטס־בעוועגונג אין רוסלאנד. דעריבער קאן מען רעכענען די עקסיסטענץ פון א בעוואוסטזיניגער פאלקסבעוועגונג, וואס איהר צוועק איז די נאציאנאלע אויפלעבונג פון די בעלארוסען, נאר אויף יאהרען.

דער נאציאנאלער זעלבסטבעוואוסטזיין פון איטליכען יחיד איז פעסט צונויפגעבונדען מיט׳ן בעוואוסטזיין פון זיין מענשליכער און בירגערליכער ווער־דע. אין דער בעלארוסישער בעוועגונג האט זיך דער דאזיגער צונויפבונד ארויס־געוויזען בעזונדערס קלאר. באמת, די בעלארוסישע נאציאנאלע ארבייט איז לכתחילה בעשטאנען אין בעשיינען אלץ, וואס איז אייגענס (און צווישען דעם קודם כל די „פראסטע“ שפראך) לויט דער טראדיציע פון באגושעוויטש. מחמת דעם האט זיך ביי די בעלארוסען צוביסלעכווייז ענט־וויקעלט דער בעוואוסטזיין פון דער אייגענער ווערדע, די אכטונג צו זיך, וואס איז כמעט ווי דערשטיקט געווען אדאנק דער פעראכטונג, וואס עס האבען פריהער ארויסגעוויזען די אינטעליגענטען — דער „פאן“ און דער טשינאווניק — צום „פראסטען לשון“ פון פאלק און צו זיין גאנ־צען נאציאנאלען לעבען. אזוי איז צוגעגרייט געווארען דער באדען אויף אויפצונעמען די אידעען וועגען די מענשליכע און בירגערליכע רעכט, וואס די פרייהייטס־בעוועגונג האט פערשפרייט. פון דער אנדער זייט האט די פרייהייטס־בעוועגונג פערשטארקט דעם נאציאנאלען געפיהל ביים בע־לארוס, ווייל אויף איין מאמענט איז דער פויער געווארען אויפגעשטעלט אין דער לאגע פון א מענשען, וואס איז גלייך מיט אלע מענשען, ווייל מ׳האט אנגעהויבען צו רעדען צו איהם אויף זיין מוטערשפראך.

דורך די תנאים, וואס אונטער זיי האט זיך אנגעהויבען די אויפ־וואכונג פון דער בעלארוסישער פאלקס־מאסע, איז אויף א לאנגער צייט בעשטימט געווארען די ריכטונג, וואס אין איהר בעדארף געהן די נא־

ציאָנאַלע אויפלעבונג פון די בעלאָרוסען. די ריכטונג איז אַ ריין דעמאָ-קראַטישע.

*

דער וועג פון דער בעלאָרוסישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וואָס אַפילו אויף איין טריט קעהרט זי זיך ניט אָב פון איהם, איז פרייע שעפערע אַר-בייט אויף די יסודות פון אמת'ן דעמאָקראַטיזם, אָהן נאַציאָנאַלן שאָ-וויניזם, אָהן שנאה צו אַנדערע מענשען.

די נאַציאָנאַלע אידעאַלן, וואָס זענען אויפגעקומען אין מח פונ'ם בעלאָרוסישען פויער אין האַלב-אינטעליגענט אונטער דער ווירקונג פון די רעדעס אָדער פראָקלאַמאַציעס פון דער פרייהייטס-צייט, זענען געווען זעהר ניט-קלאָר און מטושטש. דעריבער האָבען די לעבעדיגערע און שאַר-פערע מוחות געמוזט זוכען אַן ערנסטערע בעגרינדונג פון די דאָזיגע אי-דעאַלן. די פלוג-בלעטלעך, וואָס די בעלאָרוסישע סאָציאַליסטישע הראָמאַדע האָט פערשפרייט אין הונדערטער טויזענדער עקזעמפלאַרען, די קאָפּי-קענע בראָשורעס האָבען שוין ניט בעפרידיגט די יעניגע, וואָס זענען שוין צייטיגער געוואָרען נאַציאָנאַל. און אָט זעהען מיר, ווי אין יאָהר 1906 ווערען געמאַכט צוויי פרובען צו געבען אַ מעהר סאָלידע גייסטיגע שפייז פאַר די, וואָס לעכצען נאָך איהר. אין פעטערבורג איז געגרינ-דעט געוואָרען די ערשטע לעגאַלע בעלאָרוסישע פערלאַגסגעזעלשאַפט „זאַגלאַנע סאָנצע אי או נאַשע וואַקאָנצע“ (די זון האָט אַריינגעקוקט אויך אין אונזער פענסטער), וואָס האָט זיך גענומען אַרויס-געבען די בעסטע ווערק אויף בעלאָרוסיש. אין ווילנע האָט זיך געעפענט די ערשטע בעלאָרוסישע וואָכענשריפט „נאַשאַ דאָליאַ“. די וואָכענשריפט האָט אָבער קיין לאַנגען קיום ניט געהאַט, זי האָט עקזיסטירט אַן ערך צוויי חדשים, און פון 6 נומערן, וואָס זענען אַרויס, זענען 5 געוואָרען קאָנפיסקירט פאַר זייער צו שאַרפער ריכטונג. פונדעסטוועגען האָט זי בעוויזען אַ סך אויפצוטון. שוין דער פאַקט גופא, וואָס עס איז אויפ-געקומען אַ בעלאָרוסישע פעריאָדישע פרעסע, האָט צוגעצויגען אַ סך מענ-שען צו רעאַלער נאַציאָנאַלער אַרבייט און האָט זיי בעוויזען, אַז די דאָזיגע אַרבייט איז מעגליך צו פיהרען, און אַז זי שטיצט זיך אויף אמת'ע לעבענס-בעדערפעניששען. דער טאָג, ווען דער ערשטער נומער פון „נאַשאַ דאָליאַ“ האָט ערשיינט, איז שוין פאַר זיך געווען אַזוי ווי אַ טריאומף פאַר דער בעלאָרוסישער נאַציאָנאַלער אידעע.

בכלל איז דער יאָהר 1906, דער לעצטער יאָהר פון דער פריי-הייטס-בעוועגונג אין בעלאָרוסישען קאַנט, געווען פאַר די בעלאָרוסען

אַ צייט פון קאַמף אין נאַציאָנאַלן זין. אין יענעם יאָהר האָט זיך צוערשט אָנגעהויבען צו אָרגאַניזירען די בעלאָרוסישע פאָלקס־אינטעליגענץ (ריכטיגער: האַלב־אינטעליגענץ) אין די דערפער און שטעדטלעך. ס'איז געגרינדעט געוואָרען אַ פעראיין פון בעלאָרוסישע פאָלקס־לעהרער*, וואָס בעשטעהען אין בעלאָרוסיע כמעט נאָר פון פויערים־זיהן, וואָס ווערען אויפגעהאָדעוועט אין די לעהרער־סעמינאַרן און אינסטיטוטען אין גייסט פון רוסישען נאַציאָנאַליזם. די בעוועגונג האָט אַרומגענומען אויך די לעהרער־אינסטיטוטען און סעמינאַרן גופא, און סוף כל סוף האָט זיך געגרינדעט אַ פעראיין פון די שילער פון פיר לעהרער־סעמינאַרן מיט אַ נאַציאָנאַלער ריכטונג, וואָס האָט געהאַט אויסצושטעהן שטרענגע רדיפות. ס'איז איבעריג צו רעדען וועגען דעם, וואָסער ווירקונג אָט די אַלע פאַקטען האָבען געהאַט. אַ בעדייטענדער טייל פון די ענערגישסטע יונגע פאָלקס־לעהרער, וואָס האָבען בעדאַרפט פעררוסישען דעם קאַנט, האָבען גאָר אָנגעהויבען צו פיהרען אַ פראָפּאַגאַנדע פון די בעלאָרוסישע נאַציאָנאַלע אידעען. ס'האָט זיך אָנגעהויבען אַ בעוועגונג אויך צווישען די שילער פון די גייסטליכע סעמינאַרן, בעזונדערס די פּראַוואָסלאַווישע, וואָס זענען בכלל מעהר עלול זיך אָבצורופען אויף דעמאָקראַטישע אידעען. דאָס האָט, אַגב, געהאַט די פעולה, אַז די געזעלשאַפטליך און נאַציאָנאַל מעהר בעוואוסטזיניגע סעמינאַריסטען האָבען שוין ניט געוואָלט מעהר ווערען קיין גייסטליכע, נאָר זיי האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אין די הויכשולען און דורכדעם אָנגעוואָרען די מעגליכקייט צו אַרבייטען אין די דערפער.

אַלץ, וואָס איז אָבגעטאָן געוואָרען אין יענעם יאָהר, איז געוואָרען געטאָן נאָך מיט'ן כח פון'ם אימפעט, וואָס האָט געשטאַמט פון דער אַלגעמיינער אויפלעבונג אין דער פרייהייטס־צייט. אַז די רעאַקציע האָט זיך אָנגעהויבען, איז די קראַפט פון דער בעוועגונג אָבגעשוואַכט געוואָרען, מחמת די אַלגעמיין־רוסישע פרייהייטס־בעוועגונג איז דערשטיקט געוואָרען. האָבען זיך ביי אַלעמען די הענד אַראָבגעלאָזען, עס ווערט שוואַכער דער גלויבען אינ'ם ערפאָלג פון דער אָנגעהויבענער אַרבייט, עס פערשווינדט די בעגייסטערונג, וואָס איז אַזוי נאַטירליך ביים אָנהויב פון דער נאַציאָנאַלער בעוועגונג. אין יענער צייט הויבט אָן אַרויסצוגעהן אין ווילנע אַ נייע בעלאָרוסישע גאַזעטע — די וואָכענשריפט „נאַשאַ ניוואַ“, וואָס

* עטליכע מיטגלידער פונ'ם דאָזיגען פעראיין זענען אין מינסקער גובערניע בעמשפט געוואָרען פאַרן געהערן צום פעראיין און פערמשפט איטליכער צו דריי יאָהר פעסטונג.

זינט דעמאָלט — סוף פון יאָהר 1906—ביז איצט געהט זי אַרויס רעגעל־מעסיג אָהן הפסקות.

קעגען דער אַלגעמיינער אַפּאַטישער שטימונג האָט די גרופּע שטאַנד־האַפטיגערע און פעסטערע מענשען, וואָס האָבען זיך גענומען אַרויסגע־בען די „נאַשאַ ניוואַ“, געהאַלטען, אַז וויבאַלד מ׳קאָן נאָך אַרויסגעבען ביכער און צייטונגען אויף בעלאָרוסיש, איז די נאַציאָנאַלע בעוועגונג נאָך ניט פערפאַלען. „נאַשאַ ניוואַ“ איז דער ערשטער פּרוב, וואָס איז גע־וואָרען געמאַכט נאָך דער פרייהייטס־בעוועגונג, צו פיהרען צווישען די בעלאָרוסען אַ רוהיגע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אַרבייט.

פאַר איהר אויפגאַבע האָט די גאַזעטע דערקלערט: צו אַרבייטען פאַר דער קולטורעלער און עקאָנאָמישער ענטוויקלונג פונ׳ם בעלאָרוסישען קאַנט און פון בעלאָרוסישען פאָלק, ענטוויקלען צווישען די בעלאָרוסען זייער נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין, פערשטאַרקען דעם געפיהל פון מענש־ליכער און בירגערליכער ווערדע, פעסט פעראייניגען אויפ׳ן נאַציאָנאַלען באָ־דען די צוויי טיילען פון דער נאַציע, וואָס זענען צעשפּאָלטען מחמת די רעליגיעזע סתירות — די קאַטוילישע און פּראַוואָסלאַווישע בעלאָרוסען, ענטוויקלען די נשמה פונ׳ם בעלאָרוסישען פאָלק. ס׳פערשטעהט זיך, אַז די פעולה, וואָס עס האָט אויפגעטאָן די „נאַשאַ ניוואַ“ אין דער ערשטער צייט פון איהר ערשיינען, האָט זיך ניט געקאָנט צוגלייכען צו דעם רושם, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט די העל־רויטע „נאַשאַ דאָליאַ“ ביי די דעמאָלטיגע פּאָליטישע תנאים און שטימונגען פון דער געזעלשאַפט. נאָר פונדעסטוועגען איז די בעדערפעניש אין אַן אָרגאַן אויף בעלאָרוסיש גע־ווען אַזוי שטאַרק, אַז די גאַזעטע איז מיט אַמאָל אַריין אין פאָלק, איז דערגאַנגען צו איהם. און צו־ביסלעכווייז הויבט זיך אָן אַ טיפע, גייסטיגע אַרבייט אין די מוחות פון די מעהר געוועקטע פויערים. אין דער נשמה פונ׳ם בעלאָרוס, וואָס האָט זיך אַזוי לאַנג געפונען אין דער לאַגע פון אַ רעכטלויזען שקלאַף, וואָס אין זיין שטרעבונג צו ווערען „לייטען גלייך“ פלעגט ער זיך אָבזאָגען פון אַליץ אייגענס, הויבט אָן אַליץ מעהר זיך איינצופעסטיגען דער בעוואוסטזיין, אַז אויך ווען ער בלייבט דאָס, וואָס ער איז, איז ער אַ מענש, גלייך מיט אַלע מענשען. אַ בעלאָרוסיש בוך, אַ בעלאָרוסישע צייטונג זענען געוואָרען פאַר איהם נויטווענדיגע זאַכען. אין „נאַשאַ ניוואַ“ קריגט פאַמעליך דעם ריכטיגען אויסדרוק די בעלאָרוסישע פאָלקס־בעוועגונג, וואָס ווערט אַליץ שטאַרקער. פון די ווייטסטע ווינ־קעלעך פון בעלאָרוסיע, וואו ס׳האָט נאָר אָנגעשפּאַרט די גאַזעטע, אָדער ס׳האָט זיך נאָר פערטראָגען אַ ידיעה וועגען איהר, האָבען אָנגעהויבען צו קומען בריוו און קאָרעספּאָנדענציעס, געשריבען פון דער אין אַרבייט

פֿערהאַרטעוועטער האַנד פֿון פויער דעם ערד-אַרבייטער, פֿונ׳ם בעל-מלאכה אין שטעדטיל, פֿונ׳ם פֿאָלקס-לעהרער און אַז. וו. לויט ווי עס האָט צונויפֿגערעכֿענט און פֿערעפֿענטליכֿט די רעדאַקציע פֿון „נאַשאַ ניוואַ״, זענען אין די ערשטע דריי יאָהר, וואָס די גאַזעטע האָט עקסיסטירט (דאָס זענען געווען די יאָהרען, ווען די רעאַקציע האָט בעזונדערס געדריקט), אין די 115 נומערן געווען אָבגעדרוקט 960 אייגענע קאָרעספאָנדענציעס פֿון 489 פונקטען — דערפֿער און שטעדטלעך פֿון בעלאָרוסישען קאַנט. און מען מוז בעמערקען, אַז ניט פאַר די קאָרעספאָנדענציעס און ניט פאַר די פאָסט-הוצאות בעקומען די קאָרעספאָנדענטען, וואָס זענען צום גרעסטען רובֿ פויערים, קיין איין קאָפּיקע ניט. די גאַזעטע האַלטען זיי פאַר זייערע אַ זאַך. און באמת איז אַזאַ קוק אויף „נאַשאַ ניוואַ״ הונדערט בעגרינדעט. דורכֿדעם, וואָס אין איהר געפינט איהר אויסדרוק די פאָלקס-בעוועגונג, איז זי געוואָרען דער אייגענס ניט פון דער רעדאַקציע, נאָר פון פאָלק. פונקט ווי אַ שפיגעל שפיגעלט זי אָב אין זיך דעם גאַנצען לעבען פון בעלאָרוסישען דאָרף; זי איז שוין די שטים ניט בלויז פון די פיהרער, נאָר פון דער גאַנצער בעוואוסטזיניגער בעלאָרוסישער פויערשער געזעלשאַפט.

דער בעלאָרוס איז פון שטענדיג אָן נוטה געווען אויסצוגיסען זיין האַרץ, אויסצודריקען זיינע איבערלעבונגען, האָפענונגען, פערלאַנגען דער עיקר אין ליעדער; דאָס בעווייזען די זעהר רייכֿע זאַמלונגען פֿון פאָעטישע פֿאָלקס-שאַפֿונגען. די דאָזיגע נטיה איז, בעשיימפערליך, אויך איצטער ניט שוואַכֿער געוואָרען: די צאָהל פֿון די בעלאָרוסישע פֿאָלקס-פאָעטען איז גע-הערינג גרויס. ס׳פֿערשטעהט זיך, אַז צווישען זיי זענען פֿאַרהאַן פאָעטען און „פאָעטען״, נאָר פאָרט האָבען זיך געדרוקט אין „נאַשאַ ניוואַ״ אין משך פֿון די דריי יאָהר 61 פאָעטען, וואָס האָבען געגעבען 246 אָריגינעלע ליע-דער. די צאָהל פון די ניט-געדרוקטע איז, פערשטעהט זיך, ניט אין ערך גרעסער. דעם ערשטען אָרט צווישען די אמת׳ע פאָעטען — די פאָרשטעהער פון דער „יונגער בעלאָרוסיע״ — פֿערנעמט בלי ספק יאַ-נוק קופאַלאַ. דאָס איז אַ יונגערמאַן, וואָס קומט אַרויס פֿון אַ פוי-ערשער פאַמיליע, אָהן וואָסער עס איז בילדונג, וואָס האָט געקראָגען זיין ערציהונג... אין אַ פריצישען ברויז, וואו ער האָט געדינט פֿאַר אַן אַר-בייטער. ער פערמאָגט אַזאַ שעפערישע אינטואיציע, אַזאַ גרינגקייט, בוי-געוודיגקייט און פערשיידענאַרטיגקייט פון דער פֿאָרם, אַז אויב ס׳וועט גרעסער ווערען זיין קולטורעלער באַגאַזש, קאָן ער אפשר ווערען דער בעלאָרוסישער שעווטשענקאָ. מיר ווילען דאָ נאָך פערצייכֿענען די נעמען פֿונ׳ם בלי ספק בעגאַבטען פאָעט, דעם פֿאָלקס-לעהרער יאַקוב קאָלאָס, און

פונ'ם יונגסטען פון די בעלאָרוסישע פּאָעטען מאַקסים באָגדאַנאָוויטש. פון די שרייבער אין פּראָזע געפינען מיר פאַר די דריי יאָהר אין „נאַשאַ ניוואַ“ 36 נעמען, וואָס צוויי דריי פון זיי ציהען צו די אויפמערקזאַמקייט דורך זייער אָריגינאַליטעט.

צוגלייך מיט דעם פּעטערבורגער פערלאַג „זאַגליאַנע סאָנצע אי אַ נאַשע וואַקאָנצע“, וואָס אַרבייט ענערגיש, און מיט דער רעדאַקציע פון „נאַשאַ ניוואַ“ אַרבייטען איפ'ן געביט פון ביכער-אויסגאַבע דריי נייע געזעלשאַפטען: אין מינסק — „מינטשוק“ און אין ווילנא — „נאַשאַ כאַטאַ“ און „פּאָלאָטשאַנין“. די לעצטע טעג איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייער גרויסער פערלאַג אין ווילנא — „די בעלאָרוסישע פערלאַגס-געזעלשאַפט“. אַ בעזונדערע ענערגיע אין אַרויסגעבען ביכער ווייזען אַרויס „נאַשאַ כאַטאַ“ און „נאַשאַ ניוואַ“. ס'ווערען אויך, צווישען אַנדערע זאַכען, אַרויסגעגעבען לערן-ביכער פאַר דער בעלאָרוסישער אָנפאַנגס-שול, וואָס הויבט זיך שוין אָן צו בעווייזען דאָ און דאָרט. ס'ווערען געגרינדעט בעלאָרוסישע ביבליאָטעקען. ס'האָט זיך אויך געעפענט אַן אָרגאַן פון די בעלאָרוסישע לעהרער אויף רוסיש „Бѣлорусскій учитель“ נאָר לעת עתה איז אַרויס נאָר איין נומער פונ'ם דאָזיגען זשורנאַל.

אין יאָהר 1910 איז ביי די בעלאָרוסען צוגעקומען אַ נייע נאַציאָנאַלע אַנשטאַלט — דאָס איז דער בעלאָרוסישער פאָלקס-טעאַטער. אין ווילנע, גראָדנע, פּאָלאָצק, דיסנע, סלוצק און אַז. וו., ווי אויך אין פּעטערבורג, זענען אַרויסגעטראָטען עפּעטליך דראַמאַטישע טרופּעס פון ליעבהאָבער און געזאַנגס-קרייזלעך, וואָס האָבען אויפגעפיהרט בעלאָרוסישע פּיעסעס פון פאָלקס-לעבען, פאָלקס-ליעדער און פאָלקס-טענץ. ס'האָט זיך בעוויזען דער אָנהויב פון אַן אָריגינעלער דראַמאַטישער ליטעראַטור. ס'ווערען געקליבען און בעאַרבייט בעלאָרוסישע פאָלקס-ליעדער, און אַ סך אָריגינעלע מאָטיווען דינען, ווי טעמעס פאַר גרויסע סימפאָנישע ווערק, אָבער צום בעדויערן דערווייל נאָך ניט פון בעלאָרוסישע קאָמפּאָזיטאָרען (קאָרלאָוויטש, ראָגאָווסקי און אַנד.). היינטיגס יאָהר ווערען אָט די אַלע אַרבייטען אַלץ מעהר אָרגאַניזירט. ס'איז שוין פאַרהאַן אַ דראַמאַטישע טרופּע, וואָס פאָהרט אַרום איבער בעלאָרוסיע און אָרדענט איין בעלאָרוסישע פאָרשטעלונגען, אָוועגדען אין די פערוואָרפענסטע שטעדטלעך. דער ווילנער מוזיקאַליש-דראַמאַטישער קרייזעל האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַ לעגאַליזירטען פאָלקס-קלוב. פונקט אַזאַ אַנשטאַלט ווערט איצט אָרגאַניזירט אויך אין מינסק.

צוגלייך מיט דער אַרבייט פאַר דער ענטוויקלונג פון דער נאַציאָנאַלער נשמה ווערען געמאַכט פּרובען צו פיהרען צווישען די בעלאָרוסען

איך אַן עקאָנאָמישע אַרבייט. ס'ווערען געגרינדעט אַלערליי קאָאָפּעראַטיווען — קאָנסום־פעראיינען, לייה־און שפּאָר־קאַסעס, לאַנדווירטשאַפטליכע קרייזלעך. ס'ווערען געמאַכט לאַנדווירטשאַפטליכע אויסשטעלונגען פאַר די פויערים, מוסטער־פערמעס. ס'ווערט געאַרבייט אַרום דער אָרגאַניזירונג און ענטוויקלונג פון מלאכות וכדומה. נאָר די דאָזיגע טעטיגקייט בעגעגענט ערנסטע שטערענישען: דאָס איז די אייגענאַרטיגע פּאָליטיק פון דער אָרטיגער אַדמיניסטראַציע, וואָס הערט זיך צו צו די אָנווייזונגען פון פּעטערבורג און האַלט, למשל, פאַר מעגליך צו דערלאָזען די קאָאָפּעראַטיווען נאָר אַזוי ווייט, אויף וויפיעל מ'קאָן זיי אויסנוצען אויף צו פערשפּרייטען צווישען דער פאָלקס־מאַסע דעם רוסישען נאַציאָנאַליזם און אַנטיסעמיטיזם...

די שטודירענדע יוגענד פון די אוניווערזיטעטען, און צום טייל אויך פון די מיטעל־שולען, הויבט אָן צו נעמען ניט בלויז אַ פּאַסיווען, נאָר אויך אַן אַקטיווען אָנטייל אין דער בעלאָרוסישער נאַציאָנאַלער אַרבייט. די קרייזלעך צווישען די שטודירענדע פערנעמען זיך דער עיקר מיט ריין וויסענשאַפטליכער אַרבייט — מיט דער אויספאָרשונג פון'ם קאַנט, און אויך אַזאַ אופן גרייטען זיי צו דעם באָדען פאַר די קומענדיגע בעלאָרוסישע וויסענשאַפטליכע אינסטיטוציעס, צווישען דעם אויך פאַרן מוזיי, וואָס פּריוואַטע פּערזאָנען האָבען אָנגעקליבען פאַר איהם גאַנץ היפּשע קאָלעקציעס. פון די אוניווערסיטעט־שטעדט איז די טעטיגסטע בנוגע צו דער בעלאָרוסישער נאַציאָנאַלער אַרבייט פּעטערבורג, וואו אַהין עס קליבען זיך צונויף די בעסטע קרעפטען פון בעלאָרוסישער יוגענד, און וואו ס'איז פאַרהאַן אַ וויסענשאַפטליכער אוניווערסיטעטס־קרייזעל און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

וואָס איז שייך צו דער אָרטיגער גייסטליכקייט, געפינט זיך די פּראַוואָסלאַווישע אַזוי פעסט אין די הענד פון איהר נאַטשאַלסטוואָ, וואָס איז על פּי רוב אַ שוואַרץ־מאה'דיגע, אַז אַפילו די גייסטליכע, וואָס פיהלען מיט'ן גאַנצען האַרצען דער אידעע פון בעלאָרוסישער אויפלעבונג, האָבען אויך מורא ווי עס איז אַרויסצוווייזען עפענטליך זייער מיטגעפיהל. דערצו נאָך קומען צו אין דער לעצטער צייט ווינציג יונגע גייסטליכע, וואָס זענען געוואָרען נאַציאָנאַל בעוואוסטזיניג נאָך אין די סעמינאַרען, ווארום כמעט אַלע, ווי עס איז שוין אויבען בעמערקט געוואָרען, זענען אָנגעקומען אין די וועלטליכע הויכשולען. פונדעסטוועגען איז ביי די שוואַרץ־מאה'ניקעס ערנסט אויפגעהויבען די פראַגע וועגען דעם, אַז די געבירטיגע אין בעלאָרוסיע זאָל מען געבען שטעלעס פון גייסטליכע אין צענטראַל־רוסלאַנד און אָנשטאָט זיי זאָל מען אין די

## אַנטאָן נאָווינאַ. — די אויפלעבונג פון די בעלאָרוסען.

בעלאָרוסישע געגענדען שיקען פאַר גייסטליכע וועליקאָרוסען; וואָרום די אָרטיגע זענען, לויט זייער מיינונג, ניט גענוג ענערגיש אין דער אַרבייט צו דענאַציאָנאַליזירען דעם קאַנט, נאָר זיי גופא מוז מען נאָך דענאַציאָנאַליזירען.

עטוואָס אַנדערש בעשטעהט די זאַך מיט דער קאַטוילישער גייסטליכקייט. צי האָט דאָ אַ ווירקונג די בעוועגונג צווישען די ליטווישע קסיאָנדזעס, אָדער די קאַטוילישע קירכען-פערוואַלטער זענען ווייטזיכטיגער פאַר די פּראַוואָסלאַווישע — דאָס איז שווער צו בעשטימען. איינס קאָן מען קאָנסטאַטירען, אַז צווישען גאָר די יונגע קסיאָנדזעס, וואָס שטאַמען אַרויס פון פאָלק, טרעפען זיך אַלץ אָפטער בעוואוסטזיניגע בעלאָרוסישע פאַטריאָטען. זיי האָבען שוין אָנגעהויבען ערטערווייז אין דער פערוואָרפענער פּראָווינץ צו פּרעדיגען אויף בעלאָרוסיש, זיי גיבען אַרויס קאַטעכיזיסען און רעליגיעזע ביכער אויף בעלאָרוסיש, און אין ווילנע ערשיינט אַ וואָכענבלאַט מיט אַ רעליגיעז-זיטליכער ריכטונג „ביעלאַרוס“.

אַגב, אַ גרויסע טובה טוען דער בעלאָרוסישער בעוועגונג אויך די ליטווישע קסיאָנדזעס, וואָס וואוינען אין די בעלאָרוסישע קירכען-קרייזען. די ווילנער פּוילישע ביסקופּען, וואָס זענען קעגען דער ליטווישער נאַציאָנאַלער בעוועגונג, וואָס איז איבער כמה סיבות פיינדליך צו אַלץ פּוילישעס, פלייסען זיך כסדר צו דערווייטערן פון ליטווישע געגענדען, און בפרט פון געמישטע ליטוויש-פּוילישע געגענדען די ליטווישע קסיאָנדזעס, וואָס אַרבייטען ענערגיש פאַר דער אויפלעבונג פון זייער פאָלק. אַזעלכע קסיאָנדזעס זעצט מען אַוועק געוועהנליך אין בעלאָרוסיע. היות ווי זיי קענען ניט קיין בעלאָרוסיש, האָבען זיי אַלאַנגע צייט געשפּילט די ראָלע פון פּאָלאָניזאַטאָרען, וואָרום אין זייערע אויפטראָגען מיט דער עדה האָבען זיי געמוזט בענוצען די פּוילישע שפּראַך. איצטער, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבען די בעלאָרוסישע בעוועגונג, הויבען די ליטווישע קסיאָנדזעס ביסלעכווייז צו פערשטעהן זייער שעדליכע ראָלע און פלייסען זיך צו פערריכטען דאָס בייז, וואָס זיי האָבען ניט ווילענדיג אין משך פון כמה יאָהרען אָנגעטאָן די בעלאָרוסען. ביי היינטיגען טאָג זענען עטליכע צווישען זיי ענערגישע טוער צו פערשפּרייטען צווישען דער בעלאָרוסישער מאַסע דעם נאַציאָנאַלען בעוואוסטזיין.

(סוף אין קומענדיגען נומער).

דר. נ. בירנבוים.

# נאָכן עלפטען ציוניסטען־קאָנגרעס.

אויפ׳ן קאָנגרעס האָט איינער פון די דעלעגאַטען געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט קיין בעזונדערע העברעאישע „הסתדרות“, נאָר די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע דאַרף אַליין איבערנעמען די העברעאישע אַרבייט. דער קאָנגרעס האָט אָבער בעוויזען נאָך מעהר. ער האָט בעוויזען, אַז אייגענטליך איז גענוג אַ הסתדרות, און אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע איז גאָר איבעריג. מיט יעדען וואָרט און מיט יעדען ריהר זיינעם האָט ער געפאָלגט דער פאַראָל, וואָס די „הסתדרות“־קאָנפערענץ האָט אַרויסגעגעבען. וואו ער זאָל נישט האָבען געהאַלטען, תמיד האָט ער זיך אָבגעשטעלט אויף דער העברעאישער שפּראַך, אַלץ איבער־אַ־נייס האָט אַרויסגעשפּריצט דער העברעאישער געדאַנק. מען האָט בעשיימפערליך געזעהן, ווי די אַלע אַנדערע זאַכען ווערען איינגעשרומפּען אַקעגען דעם העברעאישען ריז. בפרט צום סוף, ווען דער ריז האָט זיך שטאַלץ געטאָן אַ ציה אויס, ווי לאַנג ער איז, ד. ה. ווען די רעזאָלוציע מכח דער העברעאישער אוניווערסיטעט איז אָנגענומען געוואָרען.

פאַרהאַן מענשען, וואָס מיינען, אַז די העברעאישע אוניווערסיטעט איז איינע פון די גוטע המצאות, וואָס דער רבונו של עולם שיקט צו צו איטליכען קאָנגרעס די ציוניסטישע מנהיגים, כדי זיי זאָלען אין דער לעצטער מינוט קענען איבערפאַרבען דאָס בלאַסליכע פּנים פון זייערע אויפמועכצן. נאָר איך מיין, אַז דאָס איז נישט ריכטיג. אַוודאי זעה איך אויך — און איך דאַרף דערצו נישט די רעדעס פון די אָפּאָזיציאָנערען; איך דאַרף נאָר אַ קוק טון אין די אָפיציעלע רעפעראַטען אַליין, אַפילו אין דאָקטאָר רופּינס רעפעראַט — אַז מען האַלט שמאָל, אַז דער קאָנגרעס־און פאַרטיי־טאַרעראַם שטעהט אין אַ פערקעהרטער פּראָפּאָרציע צו די אמת׳ע רעזולטאַטען אין ארץ־ישראל. אָבער איך גלויב נישט, אַז די פיהרער אַליין זעהען דאָס קליינטשיקייט פון זייערע ערפאָלגען, און נאָך ווינציגער גלויב איך, אַז זיי האָבען מיט אַ כיוון אַרויסגעשטעלט די אוניווערסיטעטס־פראַגע, כדי צו פערטויבען און צו פער׳שיכור׳ן דעם עולם. איך מיין, אַז דאָס הייסט האָבען צו אַ גוטע מיינונג וועגען זייער קריטישען קוק און צו אַ שלעכטע מיינונג וועגען זייער מאָראַלישען מצב.

ניין, מען דאַרף נישט זוכען קיין טריקס און אָנשטעלען פון די מנהיגים, כדי דערמיט צו דערקלערען דעם פאָרשלאָג וועגען אַ העברעאישער אוניווערסיטעט אין ירושלים און די גוואַלדיגע פּעולה, וואָס ער

האָט געדאַט איף דעם קאָנגרעס, און אַפילו אויף זייטיגע מענשען אויך. מ'דאַרף זיך נאָר אַ ביסעל אַריינטון אין דער ציוניסטישער פּסיכאָלאָגיע און אין דער געשיכטע פון דער אַנטוויקלונג פון דער ציוניסטישער בעוועגונג, וועט מען זיך איבערצייגען, אַז אַנדערש האָט עס גאָרניט געקאָנט זיין, אַז דער עלפטער קאָנגרעס האָט געמוזט האָבען דוקא דאָס פּנים, וואָס ער האָט געדאַט, און ניט קיין אַנדערס, אַז ער האָט זיך גאָרניט אַנדערש געקענט אָנהויבען, ווי מיט אַ הסתדרות-קאָמאַנדע, און ניט אַנדערש ענדיגען, ווי מיט אויפבויען דערווייל כאָטש מיט ווערטער די העבּרעאישע אוניווערסיטעט אין ירושלים.

פון ציוניסטישע אַגיטאַטאָרם וועט איהר אַמאָל הערען, אַז דער ציוניזם איז אַזוי אַלט, ווי ד ע ר גלות. און אמת, באַלד ווי יודען זענען אַרויס פון זייער לאַנד, האָבען זיי אָנגעהויבען בענקען נאָך איהם. אָבער די בענקשאַפט זייערע איז מיט יעדען יאָהרהונדערט געוואָרען שטילער, פער'חלומ'טער, פּאָעטישער, רעליגיעזער. וואָס ווייטער אַלץ מעהר האָט זיך דאָס יודישע פאָלק צוגעוועהנט קוקען אויף ארץ-ישראל, ווי אויף אַן איראַציאָנאַלער זאַך, וואָס נאָר דורך אַן איראַציאָנאַלען אַקט קאָן מען נאָך אַמאָל דערגרייכען דערצו. וואָס ווייטער אַלץ מעהר האָט דאָס יודישע פאָלק איבערגעלאָזט ארץ-ישראל אויף גאָטס בעראָט און צוגעבונדען ניט נאָר זיין לעבען און זיין ליידען, נאָר אויך זיינע פריידען און זיינע רעאַלע האָפענונגען צו זיינע היימען אין גלות. וואָס ווייטער אַלץ מעהר האָט זיך אַנטוויקעלט אַ רייכע גלות-קולטור מיט גוואַלדיגע מאַטעריעלע און מאָראַלישע כחות, מיט גוואַלדיגע נשמה-אוצרות. וואָס ווייטער אַלץ מעהר האָט דאָס יודישע פאָלק, כאָטש נישט פערגעסענדיג אָן ארץ-ישראל, געגעבען זיין הסכמה אויפ'ן גלות, וואָס ווייטער אַלץ מעהר, האָט עס פערשטאַנען, אַז ס'דאַרף ציהען דעם כח זיינעם פון זיך אַליין, פון זיין שטאַרקייט און פון זיין אינעווייניגסטער יודישקייט, אַז ס'דאַרף בויען, וואוהין עס קומט. און וואָס ווייטער און ווייטער, אַלץ מעהר און מעהר האָט עס טאַקע געבויט און געבויט. און עד היום האָט עס זיך ניט מיאש געווען פון גלות און ניט געשטעלט זיין רעאַלע האָפענונג אויף ארץ-ישראל.

נאָר וואָס דען? געקומען אַ צייט, האָט זיך עפּיס אַ קליפה צוגעטשעפעט צו מענשען, פער'מיאוסט אין זייערע אויגען דעם יודען, פערהייליגט דעם גוי. און ס'איז ביי מיר נישט קיין שום ספק, אַז אַ ביסעל אָנגערידהרט (אָנגעשטעקט מיט געלאַנגווייליטקייט פונ'ם יודישען לעבען און מיט אַראָבּפאַל פאַר גויאישע גליקען) האָט זי אַפילו די עטליכע רבנים, וואָס געפינען זיך צווישען די ערשטע אַרויסזאָגער פון דעם ציון-געדאַנק. נאָר זיי זענען דאָ ניט וויכטיג. אויף זייער עולם האָט דוקא דאָס ציוניס-

טישע שטיקעל תורה זייערס נישט געהאַט קיין פעולה און אויף דעם אַנדערן עולם האָבען שוין אַנדערע רבי'ס געוואַרט. קודם כל יענע אמת'ע אַלטע משכילים, וואָס זענען פֿול געווען מיט יודישקייט, מיט יודישער תורה, און מיט ליבשאַפֿט צו יודען, נאָר אין איינעם אויך מיט גרויס דרך-ארץ פֿאַר דער „בת-השמים", וואָס איז אַיינגעשטאַנען ביי יפת, און וואָס ס'וואָלט אַ יושר געווען, מען זאָל זי אויך אַ ביסעל אַרויפֿזעצען אויף דעם הר המוריה און אויף די הרי יהודה, זאָל זי דאָרט אויך קלייבען נחת און נישט נאָר אין דייטשלאַנד, פֿראַנקרייך און — רוסלאַנד. נאָר פֿון זיי וואָלט אַודאי אויך נאָך ניט אַרויסגעוואַקסען קיין ציוניזם. ס'האָבען נאָך געמוזט קומען די אומשולדיגסטע פירות פֿון דער שולדיגסטער השכלה, די גאַנץ פֿערפֿרעמדטע, די גאַנץ אָבגעריסענע, די, וואָס ערשט די באַנקראָטירטע אַסימילאַציע האָט זיי צוריקגעטריבען, און, צוריק אַריין, האָבען זיי זיך נישט היימליך געפֿיהלט. אַלצדינג האָט זיך זיי איסגעדאַכט קליין, ענג, נידעריג, אָהן האָריזאָנטען. האָבען זיי אָנגעהויבען צו בעל-הבת'עווען. ווי הייסט, ווער דען פֿערשטעהט, וואָס אַ פֿאָלק בעדאַרף, אויב נישט זיי? אין די שקאָלעס זענען דאָך זיי געגאַנגען, געשיכטע האָבען דאָך זיי געלערנט. קיין וואונדער נישט, וואָס יודען טויגען ניט, וואָס יודען זענען גאָרנישט, וואָס מען דאַרף זיך אַוש שעמען מיט זיי. אַ קלייניגקייט, דאָס לאַנד פֿערלוירען! מוז מען עס טאַקע ווידער אַייננעמען. אַי, פֿאַרוואָס האָט מען עס פֿערלוירען? און אַז מען וועט עס ווידער האָבען, וואָס וועט שוין זיין? און אַי, מען איז צעזיידט און צעשפּרייט איבער אַלע לענדער, און קיין חיל האָט מען ניט, און קיין פֿויער האָט מען נישט און אַפֿילו קיין פֿאָלק האָט מען דאָך אויך נישט — לויט זייער קוק — וואָס שאַדט עס? אַבי מ'האָט נאָר אַ נאַציאָנאַלע אידעע מיט די אַלע פּיטשעווקעס, וואָס צווישען די אומות העולם גילטען זיי אַזויפֿיעל, און אַבי מ'האָט נאָר ערגיץ אַרויסצו-ווייזען די געטריישאַפֿט צום יודישען פֿאָלק און דעם גוטען ווילען צו העלפֿען איהם, אַבי מען האָט נאָר ערגיץ צו בעל-הבת'עווען. און זיי האָבען בעל-הבת'עוועט. און אַלץ מעהר זייערע אייגענע מענשען האָבען זיי צוגעצויגען. וואָס אַ טאָג מעהר האָבען זיך אָנגעהויבען צו שיטען „דייטשען" — „דייטשען" פֿון מזרח און „דייטשען" פֿון מערב, — ביז זיי האָבען פֿערפֿלייצט דאָס גאַנצע קלייזעל, און קיין אַנדערע זעהען זיך כמעט שוין גאָרניט אַרויס: נישט די נאָכפֿאָלגער פֿון די אַמאָליגע חבת-ציון-רבנים, אויף וויפֿיעל זיי מאַכען זיך אַמאָל, און אַפֿילו ניט די נאָכפֿאָלגער פֿון די אַמאָליגע גרויסע נאַציאָנאַליסטישע משכילים, ניט אַחד העם און ניט ביאַליק. יע, אויך אַחד העם נישט און ביאַליק נישט. לאָזען זיי ניט האָבען קיין טעות, נישט האַלטען זיך

פאַר די קאָמאַנדירען, בעת זיי זענען נאָר דערטרונקענע אינ'ם ים פון די נייע בעלי־בתים אַרום זיי. ניט זיי געוועלטיגען. געוועלטיגט יענער, דער דרויסענדיגער, דער נייער „אשר לא ידע את יוסף", דער געבּירענער 'איס־יוד, דער „דייטש". און וואָס אַ טאָג ווערט דער ציוניזם אַלץ „דייטשער" און „דייטשער". אַלץ „דייטשער" זיין מיין, אַלץ „דייטשער" זיין אַרבּייט, אַלץ „דייטשער" זיינע אַרבּייטער.

איך דער צעהנטער קאָנגרעס, וואו די „פּאָליטישע" זענען געפאַלען, און די „פּראַקטישע" האָבען מנצח געווען, האָט ניט איבּערגעקעהרט די דאָזיגע אַנטוויקעלונג. נישט איינער, וואָס האָט ליעב זיך אָבצוגאַרען מיט וואָלזועלע האָפענונגען, האָט דאַן געגלויבט, אַז קוים איז דער ציוניזם אַראָב פון זיין מעכאַנישער מעטאָדע, וועט ער ממילא איך מוזען אַראָבּגעהן פון זיין מעכאַנישען פּרינציפּ, אָבזאָגען זיך פון דעם טעות, וואָס ער בעטראַכט אַלע יודישע געשעהענישען און אַלע יודישע בעדערפענישען נאָר פון אַן איינציגען פּונקט, וואָס ער וויל אָבגעבען דעם גאַנצען יודישען כח און די גאַנצע יודישע אויפמערקזאַמקייט נאָר איין זאַך, וועלכע קען, לויט דער געשיכטליכער אַנטוויקעלונג און לויט די ווירקליכע פאַקטען און כחות, נאָר זיין איין זאַך צווישען אַ סך אַנדערע יודישע זאַכען, וואָס ער איז זיך מיאש פון דעם גאַנצען לעבּעדיגען יודישען פאָלק צוליעב אַ צוקונפטיגען לעבּען פון אַ נאָך ניט בעשאַפענעם, און איבּ ער וועט בעשאַפען ווערען, קליינעם טייל פונ'ם יודישען פאָלק. ניט איינער האָט אַזוי געגלויבּט און שוין געוואַרט, אַז אָט אָט וועט דער ציוניזם אַרויס איף איינעם פון די צוויי איינציגע וועגען, וואָס קאָנען איהם אַרויספיהרען פון זיין פערקשׁנ'טער סיטואַציע: אָדער אָבזאָגען זיך פון אַלע הויכע צוועקען, פון אַלע גרויסע ווערטער און שטאָלצע העזות, פון אַלע פּראָגראַמעס און פּאַנאָראַמעס און פּשוט טוּן קאָלאָניזאַטאָרישע אַרבּייט, שטיל און ערנסט, ווי מען טוט אַ זאַך, וואָס איז אָנגעלעגט ביים פאָלק, און ס'קאָן אַרויסקומען עפּיס גוטס פון איהר. אָדער, אַדרבא, פערבּרייטערן זיין האָריזאָנט, פערבּרייטערן דעם קרייז פון זיינע געשעפטען, פערוואַנדלען זיך אין אַ גרויסער אַליודישער בעוועגונג, וואָס איהר צענטער איז נישט אַ דרויסענדיגער, מעכאַנישער אידעאַל, נאָר דער יודישער געניוס גופא; אַ בעוועגונג, וואָס שטיצט זיך ניט איף אַ פאַקטאָר, — וואָס איז נאָך גאָרניט בנמצא, און ווען ער זאָל זיך שוין יאָ בעשאַפען, וועט ער אויך ניט מאַכען קיין לאָך אין הימעל, — נאָר איף די סאַמע שטאַרקסטע, סאַמע יודישסטע כחות אינ'ם יודישען פאָלק; אַ בעוועגונג, וואָס איהר איז טייער אַלצדינג, וואָס הייסט יודיש, וואָס איז געשאַפען געוואָרען אַלס יודיש, וואָס האָט אַ מעגליכ-

קייט פֿון יודישער אַנטוויקעלונג... נישט איינער האָט אַזוי געגלויבט און אַזוי געהאָפֿט, און איז געבליבען דער נאַר, וועלכער ער איז אייגענטליך שוין געווען פֿון אָנהויב אָן. וואָרום ווי קאָן דאָס אַ מענש זיין אַזוי נאַאיוו און נאָך האָפֿען, בעת ער זעהט, ווי אין דער אייגענער מינוט, ווען דער ציוניזם איז געוואָרען „פּראַקטיש“, האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ צווייטען, אַ נייעם ציוניסטישען גזר־דין איפֿ׳ן יודישען פֿאָלק: רעד העברעאיש אָדער שטאַרב!...?

און זאָל מען נישט זאָגען, אַז פֿאָרט נישט אומזיסט האָבען זיך צונויפֿגעטראָפֿען „פּראַקטישקייט“ און העבראַאיזם, וויילביידע נעמען זיך דערפֿון, וואָס די ציוניסטען האָבען סוף כל סוף אָנגעהויבען מיד צו ווערען פֿון דראַפּען זיך אויס די גלייכע ווענט; זיי האָבען דאָך אָנגעהויבען צו פֿיהלען אַ בענקשאַפֿט נאָך אַ שטיקעל ממשות׳דיגקייט אי פֿון זייער אַרבייט, אי פֿון דעם פֿאָלק, וועגען וועלכען זיי האַלטען אין איין רעדען! זאָל מען עס ניט זאָגען! וואָרום ווער זאָגט דען, אַז נישט? ווער לייקענט, אַז די ציוניסטען אַליין פֿיהלען זיך טיילמאָל נישט גאַנץ היימליך אין זייער האַרטער אָבגעזונדערטקייט פֿון לעבען? נאָר וואָס קומט אַרויס דערפֿון? וואַקסט זיי דערפֿון אַ ניי האַרץ אין דעם אָרט פֿונ׳ם אַלטען, פּרינציפּיעלעם האַרץ, מיט וועלכען זיי זענען געבוירען געוואָרען? מען זעהט נאָר בעסער די צרה. וואָרום קיים ווילט זיך זיי פֿאָרט אַ ביסעל ווייכער ווערען, הערט מען עס שוין קלאַפּען מיט זיין פּרינציפּיעלעם שטיינערנעם קלאַפּ: ניט אַייער געשעפֿט! בלייבט שטיינער און בעשאַפֿט שטיינער... פּראַקטיש ווילט איהר זיין, מהיכא תיתי, נאָר פֿערגעסט נישט אָן די גאולה־העויות... נאָך יודישקייט גאַרט איהר, נאַט אַייך העבראַאישקייט, הסתדרות׳קייט, ס׳טויג בעסער פֿאַר אַייך!..

און אַז דער צעהנטער קאָנגרעס איז בשלום אַריבערגעגאַנגען, האָט דאָס פּרינציפּעלע האַרץ ווייטער געקלאַפּט, קודם נייע „דייטשען“ צונויפֿגעקלאַפּט, איז דער ציוניסטישער חיל נאָך „דייטשער“, נאָך אויסזדישער געוואָרען. רייסט עס זיך נאָך מעהר נאָך עפּיס אַזוינס, וואָס מען זאָל זיך דערמיט ניט מוזען שעמען, און ס׳זאָל דאָך צוגעבען אַ שטיקעל יודיש לעבענסגעפֿיהל. פֿרעהען זיך די, וואָס פֿיהרען און העלפֿען פֿיהרען. וואָרום די „פּראַקטישע“ אַרבייט, ווי זיי זאָלען זיך נישט סטאַרען, פֿון איהר נתפעל צו ווערען, איז דאָך פֿאָרט אַ ביסעלע לאַנגווייליג. נאָך אַ פֿעלדעל, נאָך אַן עקספּערימענטעל, נאָך אַן ערפּאָלגעל, נאָך אַ באַנקראָטעל. וואָלטען זיי כאָטש אַ סך צייט געהאַט און ווייניג נערווען. זענען זיי דאָך אָבער מענשען גראָד מיט ווייניג צייט (דאָס יודישע פֿאָלק וואַרט!) און מיט אַ סך נערווען, מענשען, וואָס זייער שטי-

מונג איז אַ צעקאָכטע, אַ דעמאָנסטראַטיווע, אַ פּאָליטישע (כאָטש זיי זע-
נען „פּראַקטישע"): מענשען, וואָס געהען פּשוט אויס נאָך עמאָציעס און
סענסאַציעס. און פּלוצלונג מעגען זיי. ס'וועדט אַ מצוה, דאָס „פאָלק" אַליין
וויל. דער רוח ההסתדרות יאָגט. געלט שיט זיך. ווערען זיי איפּגע-
רעגט, איפּגעציטערט, דרייסט. ישוב הדעת? זיי דאַרפען איהם נישט.
גרעניצען? צו וואָס? משיח'ס צייטען! שאו נס ציונה! לאָמיר געהן און
אויפבויען דאָס נייע בית-המקדש: די העברעאישע אוניווערסיטעט און
ירושלים!

ניין, ס'איז נישט געווען קיין טריק, קיין פיהרערישער אָנשטעל, נאָר
טאַקע אַן אַרויסטריט, וואָס ס'האָט געמוזט קומען דערצו, אַן אַרויסטריט,
וואָס צו איהם ציהט זיך אַן אַנטוויקעלונג פון צעהנדליגער יאָהרען. און
ווילט איהר נאָך אַ ראיה: קוקט זיך צו צו דעם רושם, וואָס די אוני-
ווערסיטעטס-רעזאָלוציע האָט אָנגעמאַכט. וואָס זאָג איך נאָר די רעזאָ-
לוציע? און דער קאָנגרעס אַליין נישט, נאָך איידער די רעזאָלוציע איז
אָנגענומען געוואָרען? געווען איז ער דאָך אייגענטליך דער אומגעלונ-
גענסטער פון אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסען, וואָס זענען ביז אַהער פאָר-
געקומען. נאָך קיינמאָל האָט זיך די ממשלה פונ'ם מוטעלן מה אין
ציוניזם אַזוי בולט און מיאוס ניט אַרויסגעוויזען, ווי ביי דער עפענונגס-
זיצונג פון עלפטען קאָנגרעס, מיט וועלכער דער רוב ציוניסטען אַליין האָ-
בען זיך אַזוי געשעמט. נאָך קיינמאָל האָט זיך אַזוי קלאָר ניט צעשיינט
די אומאויסמיידליכע אָביונישקייט פון די ווירקליכע אַרבייטסרעזולטאַטען,
ווי אויף דעם קאָנגרעס. און דאָך איז גראָד זיין פעולה די שטאַרקסטע
געווען. פאַרוואָס? ווייל דער קאָנגרעס איז דאָס ערשטע מאָל פאָרגע-
קומען אין אַ שטאָדט, וואָס איז אַ גרויסער מערב-יודישער צענטער, וואָס
פון איהם געהען אַרויס די שטראַלען פון מערב-„יודישקייט" איבער אַ סך
פראָווינצען און לענדער, ביז העט וויט קיין מזרח, — אין אַ שטאָדט
פון „דייטשען", פון אַלטע און פון נייע, פון וואָכעדיגע און פון יום-
טוב'דיגע, פון אמת'ע און פון נאָכגעקרימטע. ווייל צום ערשטען מאָל
האָט זיך צונויפגעטראָפען, אַז אַ גרויסער קבוץ פון ציוניסטישע „דייט-
שען" מיט אַזאַ גוואַלדיגער מחנה פון נאָך ניט ציוניסטישע „דייטשען".
שפּיעל זיך מיט ווין! איך רעד שוין נישט, וויפיעל „דייטשען" ס'קאָן
אַליין אַרויסשטעלען, קיין עין הרע. נאָר נאָהנט צו רוסלאַנד, נאָהנט צו
גאַליציען, און נאָך נעהנטער צו בעהמען, מעהרען, שלעזיען, זענען טאַ-
קע טויזענדער געקומען. און אומעטום זעהט מען זיי, אין די גאַסען, אין די
קאַפעס, אין די געשעפטען גיבען זיי צו לייזען. און אַלע מיט מגן-דוד'ס.
„די דאַמען" און „די הערן" מיט מגן-דוד'ס. און גימנאַסטיקער און זינגער

אין סטודענטען, חוץ מיט מגן־דודס, נאָך מיט בענדלעך אויך. אַ הילל! אַן אמת הילל! פֿאַר דער עפֿענונגס־זיצונג איז דער קאָנגרעס־זאַל צו קליין. דינגט מען דעם גרעסטען זאַל פֿון ווין, וועלכן 5000 מענשען אַריין, און 5000 זענען געבליבען אין דרויסען. און אין קאָנגרעס — ווי דאָס רעש'ט זיך און קאָכט זיך: פּרעזידענטען און סעקרעטאַרען, אַלטע רעגירונג, נייע רעגירונג, רעדעס, אַפּלאָדיסמענטען, אָבשטימונגען, שטורעמס, זשורנאַליסטען, סטענאָגראַפֿען, גאַלעריען!.. בלייבט דער נאָך נישט ציוניסטישער „דייטש“ אַ פֿערבליפֿטער, אַ צעטומעלטער, אַ פֿערטראַכטער:.. אויב אַזוי... אויב אַזוי... און היינט די לעצטע פֿייערליכע זיצונג. אוסישקין געהט אַרויף און דונערט וועגען דער אוניווערסיטעט, פֿערגלייכט זי מיט'ן בית־המקדש, און פֿון זיין מויל הויבען זיך אָן צו שיטען די הונדערט־טויזענדער, וואָס אַ פּאָר נדיבים האָבען מנדב געווען אויף איהר. און דער גאַנצער זאַל מענשען הויבט זיך אויף און שטורעמט און דונערט. ווערט דער צעטומעלטער און פֿערטראַכטער נאָך נישט ציוניסטישער „דייטש“ נאָך צעטומעלטער און נאָך פֿערטראַכטער. און טראַכטען טראַכט ער, פֿערשטעהט זיך, ניט וועגען דעם משונה'דיגען פֿערגלייך פֿון אַן אוניווערסיטעט מיט'ן בית־המקדש, נישט וועגען דעם פֿערגלייך מיט יבנה, דעם פֿערגלייך פֿון אַ פֿאָנאָגראַפֿישער דאָקטוירים־פֿאַבריק מיט אַ שול פֿון דער אָריגינעלסטער קולטור פֿון דער וועלט, און נישט וועגען דעם, וואָס יודען, און אַפֿילו ציוניסטען, האָבען, דאַכט זיך, אַנדערע דאגות, און נישט וועגען דעם, אַז כ'איז קאָמיש, אַז מען געהט גרינדען אַ העברעאישע אוניווערסיטעט, בשעת פֿון 12 מיליאָן יודען רעדען 12 מיליאָן נישט העברעאיש, און אויך נישט וועגען דעם, אַז יודען האָבען שוין גענוג אייראָפּעאיש־אינטעליגענטישע פּלאַפּלער, מען דאַרף זיך נישט אַזוי צואיילען מיט נייע. וועגען די אַלע זאַכען טראַכט ער נישט. נאָר וועגען די הונדערטטויזענדער טראַכט ער, וואָס די נדיבים האָבען מנדב געווען — אַ קאַטאָוועס, אַ האַלבע מיליאָן!.. באַלד וועט זיין אַ גאַנצע מיליאָן... און וואו ס'איז איין מיליאָן, ווי געשיקט זיך, ס'זאָלען זיך נישט באַלד געפֿינען נאָך אַ פּאָר מיליאָן?.. און וועגען די מענשען אין זאַל טראַכט ער: גאַנץ שענע פּאַרשוינען: אַדוואָקאַטען, דאָקטוירים, אינזשענערען, באַנקירען, סוחרים, סטודענטען, טאַקע מענשען, און גאָר נישט יודישליך... ער ווייס שוין, ווי אַזוי ער מיינט עס... די הערן — „עלעגאַנט“, די דאַמען — „שיק“. הייסט עס, מען דאַרף מעהר ניט די גוים — מען קען ביי זיך אַליין קלייבען נחת... און אויב אַזוי... אויב אַזוי... איז אפֿשר גלייך...

ניין, און טויזענד מאָל ניין! אַזאַ גראַנדיאָזען נצחון האַלט מען נישט אָב דורך קיין טריקס, דורך קיין אָנשטעלן, אַזאַ נצחון מוז מען זיך

כשר פֿערדינען. און זיי האָבען זיך איהם כשר פֿערדינט, די ציוניסטען. געאַרבייט דערויף צעהנדליגער יאָהרען, געראַנגעלט זיך פֿאַר איטליכען „דייטש". און אַ „דייטש" נאָך אַ „דייטש", — ביז ס'איז זיך אויסגעוואַקסען אַזאַ געוואַלדיגער חיל, מיט וועלכען זיי האָבען זיך געקאָנט דערוועגען אַזש וואַרפֿען זיך אויף ווין און כמעט עס אײַנגענומען. און מיינט נישט, אַז ווין וועט בלייבען די לעצטע סטאַנציע אויף זייער נצחון-וועג, פֿערלאָזט זיך אויף זיי. זיי וועלען אַיינגעמען נאָך מעהר אַזוינע ערים ואמהות בישראל, ניט נאָר ווין. און אַחוץ דעם, וועלען זיי קריכען פֿון יחיד צו יחיד, פֿון „דייטש" צו „דייטש". קאַרג „דייטשען" אויף דער וועלט?

אלא, וואָס זיי האַלטען זייערע נצחונות פֿאַר פֿאָלקס-נצחונות, פֿאַר נצחונות אינ'ם פֿאָלק און פֿאַר'ן פֿאָלק, וואָס זיי מיינען, אַז זיי ברענגען די יודישע גאולה? נו, און אַז אַמאָל האָט זיך די מענשען אויסגעדאַכט, אַז די זון דרעהט זיך אַרום דער ערד? פּונקט אַזוי וועט אויך קומען די צייט אויף זיי. נאָר איין גאָט ווייסט, ווען דאָס וועט זיין, וואָס דאָ וועט זיך ערשט מוזען איבערקעהרען און וואָס מיט זיי וועט דאַן זיין. דערווייל איז נאָך ווייט דערפֿון, דאַכט זיך, זעהר ווייט. וואָרום פּרובט נאָר און זאָגט זיי, אַז ס'קאָן זיין געמאָלט, אַז זיי זענען גאָרנישט די פֿאָרשטעהער פֿונ'ם יודישען פֿאָלק, און אַז ס'זענען אפשר פֿאַרהאַן בעסערע יודען פֿון זיי. פּרובט, און זיי וועלען אײַך אָנקוקען, טאַקע ווי מען האָט אָנגעקוקט דעם ערשטען, וואָס האָט געזאָגט, אַז די ערד דרעהט זיך אַרום דער זון. זיי וועלען אויסשטעלען אויגען אויף אײַך און שאָקלען מיט די קעפּ: וואָס וויל ער? וואָס קאָן זיין בעסער פֿון אונז? וואָס קאָן מען מעהר זיין פֿון נאַציאָנאַל? וואָס קאָן מען מעהר טון פֿאַר זיין פֿאָלק, ווי געבען איהם אַ לאַנד און אַ שפּראַך? וואָס קאָן זיין שענערס, ווי בויען אַ העברעאישע אוניווערסיטעט אין ירושלים? און זאָגט, וואָס איהר ווילט, איהר וועט זיך ניט קאָנען אויסדרעהען פֿון זייערע שאָקלענדיגע קעפּ. איהר וועט נישט האָבען קיין ענטפֿער אויף זייער שאלה, וואָס זאָל זיין אַזוי גרינג, ווי די שאלה אַליין. און גאָרנישט וועט אײַך העלפֿען. איהר וועט מוזען וואַרטען, ביז נאָך אַלע זייערע נצחונות, ביז פֿון אַלע „דייטשען" וועט זיין געוואָרען איין „דייטש". אייב איהר זענט אָבער בטבע אומגעדולדיג און פּראָסט וואַרטען מאַכט אײַך נערווועז, טאָ נעמט אײַך עפּיס צו טון. נאָר עפּיס לעבעדיגס! לאָזען זיך יענע אָבמוטשען, צו פֿאַבריצירען אין אַ רעטאָרטע אַ שפּאָגעלנייע יודישע נשמה! היט איהר בעסער אָב די אַלטע, די לעבעדיגע, דעם קוואַל פֿון יודישקייט, פֿון אַלטער און פֿון נייער יודישער גרויסקייט.

אַ. קירזשניץ.

# יודישע בעלי מלאכות.

## (דער סך-הכל פון אַן אַנקעטע).

פון אַלע אונטערנעמונגען, וואָס די פעטערבורגער „האַנדווערקער-געזעלשאַפט" האָט פאַר די לעצטע יאָהרען פאָרגענומען, איז די אַנקעטע צווישען די יודישע בעלי-מלאכות, וואָס זי פיהרט איצט דורך אין אַ רייה שטעדט פון תחום, געווים איינע פון די וויכטיגסטע און בעדייטענדסטע.

זינט ס'איז געמאַכט געוואָרען די לעצטע אַלגעמיינע אויספאָרשונג פון דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יודישער בעפעלקערונג, זענען שוין פאַרביי 15 יאָהר. די ידיעות, וואָס זענען דאַן צונויפגעקליבען געוואָרען, זענען שוין שטאַרק פערעלטערט, און אין פיעל פרטים האָבען זיי שוין פערלאָרען אינגאַנצען זייער בעדייטונג—און דאָך מוז מען נאָך עד היום צו זיי אָנקומען, ווייל קיין נייערע, שפּעטער געקליבענע, זענען ביי אונז ניטאָ.

בעזונדערס אָבער וויכטיג איז גענוי און אַלזייטיג אויסצופאָרשען דעם מצב פון דער יודישער מלאכה און די עקאָנאָמישע לאַגע פון'ם יודישען האַנדווערקער. וועגען דעם רעדט מען ביי אונז זעהר פיעל, נאָר קיינער שטיצט זיך ניט דערביי אויף אָביעקטיווע קאָנטראָלירטע פאַקטען.

„די יודישע מלאכה פאַלט, געהט אונטער — זאָגען איינינגע — און מיט קיינע מיטלען וועט מען זי נישט אָבראַטעווען". „די יודישע מלאכה ענטוויקעלט זיך נאָרמאַל און נויטיגט זיך ניט אין קיינעמס שטיצע" — זאָגען, פערקעהרט, אַנדערע.

איך וויל זיך דאָ דערווייל נישט אַריינלאָזען אין ווייטערדיגע הקירות, ווער ס'איז גערעכט און ווער — אומגערעכט. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס מען ערלויבט זיך אַרויסצוזאָגען אין אַ זיכערן טאָן מיינונגען וועגען פראַגען, וואָס זענען בדרך כלל אַזוי גוט, ווי ניט אויסגעפאָרשט.

אינגאַנצען וועט די אַנקעטע פון דער „האַנדווערקער-געזעלשאַפט" די דאָזיגע האַרבע שאַלה, פערשטעהט זיך, ניט פערענטפערן, נאָר ביז אַ געוויסען גראַד וועט די לאַגע דאָך ווערען קלערער, שוין אָבגערעדט פון דעם, וואָס אַדאַנק די ידיעות, וואָס די געזעלשאַפט וועט צונויפקלייבען, וועט די אַרבייט פון די פערשיידענע חברות און קאָאָפּעראַטיווען, וואָס זייער מיין איז אויסצובעסערן די לאַגע פון די יודישע בעלי-מלאכות, קאָנען געפיהרט ווערען מיט מעהר ערפאָלג, איידער איצט, ווען עס קומט אויס ניט ווילענדיג צו טאַפּען אין דער פינסטערניש.

ביז די אַנקעטע וועט אָבער דורכגעפיהרט ווערען אין אַלע אָנגעמערקטע שטעדט און די צונויפגעקליבענע מאַטעריאַלען וועלען בעאַרבייט און פערעפענטליכט ווערען, וועט נאָך לאַנג געדויערן. דעריבער מיינען מיר, אַז די לעזער פון דער „יודישער וועלט" וועט זיין אינטערעסאַנט צו בעקענען זיך דערווייל מיט די רעזולטאַטען פון דער אַנקעטע אין איין שטאָדט, אין באָברויסק, וואָס אין אַ סך פרטים איז זי געווים טיפּיש פאַר'ן תחום בכלל.

וויפיעל זעלבשטענדיגע יודישע בעלי-מלאכות געפינען זיך אין באָברויסק? לויט די ידיעות, וואָס אונז האָט זיך איינגעגעבען צונויפצוקלייבען אין דער צייט פון דער אַנקעטע, זענען אין באָברויסק פאַראַן ביז 800 יודישע בעלי-מלאכות, וואָס האָבען איינענע וואַרשטאַטען. אויספאָרשען אָבער האָט זיך אונז, מחמת איינינגע סבות*, איינגעגעבען נאָר 657, וועלכע ווערען לויט די הויפּט-פאַכען איינגעטיילט אַזוי:

שוסטערס — — — — 150 (22,53%)
שניידערס און שניידערינס — 97 (14,55%)

* בעקערייען, פאַריקמאַכערס, וועשערייען און נאָך איינינגע מלאכות האָט די האַנדווערקער-געזעלשאַפט אויסגעשלאָסען פון צעטיל מלאכות, וואָס דאַרפען אויסגעפאָרשט ווערען. אויך האָט זיך ניט איינגעגעבען אויסצופאָרשען פיעל אַנדערע בעלי-מלאכות, איבערהויפּט בוי-אַרבייטער, וועלכע אַרבייטען איצט אויסער'ן שטאָדט.

| | | |
|---|---|---|
| בייהטערינס — — — — | 109 | (16,38%) |
| סטאָליאַרעס — — — | 50 | (7,51%) |
| זאָקענמאכערינס— — — | 33 | (4,95%) |
| שמידען — — — — | 29 | (4,35%) |
| שטעפּערס — — — | 26 | (3,90%) |
| טשעסלערס — — — | 20 | (3,02%) |
| מאַליאַרעס — — — | 16 | (2,48%) |
| קירזשנערס — — — | 15 | (2,27%) |
| בלעכערס— — — — | 15 | (2,27%) |
| סלעסאַרעס און מעכאַניקער | 14 | (2,10%) |
| מוליאַרעס — — — | 12 | (1,82%) |
| זייגער־מייסטערס — — | 11 | (1,65%) |

הוץ די אויסגערעכענטע פאַכען, האָבען מיר דאָ פערערגיסטרירט נאָך 14—15 פערשיידענע פראָפעסיעס, וואָס געפינען זיך אויסשליסליך אין יודישע הענד; אָבער די צאָהל וואַרשטאַטען אין יעדערער פון זיי איז לפי ערך ניט בעדייטענד, וועלען מיר זיי בעזונדער דעריבער ניט אָנרופען.

איינע פון די הויפּט־זאַכען, וואָס די „האַנדווערקער־געזעלשאַפט“ איז אויסען מיט איהר אַנקעטע, איז, ווי בעוואוסט, — אויסצופאָרשען די אָביעקטיווע בעדינגונגען פון דער אַנטוויקלונג פון דער יודישער מלאכה, ד. ה. פעסטצושטעלען די גרייס פון די יודישע וואַרשטאַטען און דעם צושטאַנד פון דער טעכניק אין פערשיידענע צווייגען איהרע. אויף דער ערשטער פון די דאָזיגע צוויי פראַגען גיבען די מאַטעריאַלען פון דער אַנקעטע אַזאַ ענטפער: אין די 657 אויסגעפאָרשטע וואַרשטאַטען האָבען זיך אין דער צייט פון דער אַנקעטע געפונען: אַרבייטער — 1137, לערן־יונגלעך — 385 און בעלי־בתים, וואָס נעמען אַן אָנטייל אין דער אַרבייט, — 633, ד. ה. דורכשניטליך האָבען זיך אין יעדער וואַרשטאַט געפונען 3,27 אַרבייטער. פערגלייכען מיר די איצטיגע דורכשניטליכע גרייס פון אַ יודישער וואַרשטאַט מיט איהר גרייס אין 1898־טען יאָהר (לויט די מאַטעריאַלען פון יק"א), זעהען מיר, אַז פאַר די לעצטע 15 יאָהר האָט זיך די יודישע מלאכה בעדייטענד אַנטוויקעלט: מיט 15 יאָהר צוריק איז די דורכשניטליכע צאָהל אַרבייטער אין אַ יודישער וואַרשטאַט געווען 1,4 און איצט, ווי מיר האָבען געזעהען, דערגרייכט די שוין (ווענינסטענס, אין אונזער שטאָדט) 3,27. זעלבסטפערשטענדליך, אַז ניט אין אַלע פראָפעסיעס איז די גרייס פון די וואַרשטאַטען גלייך. די גרעסטע, לויט דער צאָהל אַרבייטער, וואַרשטאַטען זענען ביי די שניידערס (5 אַרבייטער אין אַ וואַרשטאַט), סטאָליאַרעס (4,4), סלעסאַרעס (4,2), נייהטערינס (3,5) א. אַז. וו. די קלענסטע, פערקעהרט, זענען ביי די שוסטערס (2,23), שמידען (2), טישלערס (1,7), זייגער־מייסטערס (1,6) א. אַז. וו. נאָר אויך אין יעדען פאַך גופא זענען פאַרהאַן וואַרשטאַטען פון פערשיידענער גרייס, און כדי צו בעקומען אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגען דער צאָהל־פערהעלטעניש פון די פערשיידענע גרופּעס (לויט דער גרייס) וואַרשטאַטען, מוז מען זיך ווענדען צו די צאָהלען, וואָס ווייזען, ווי די דאָזיגע וואַרשטאַטען ווערען איינגעטיילט לויט זייער צאָהל אַרבייטער. און די דאָזיגע ציפער ווייזען פאָלגענדעס: צו 1 אַרבייטער האָט זיך אין דער צייט פון דער אַנקעטע געפונען אין 205 וואַרשטאַטען, פון 2 ביז 6 אַרבייטער — אין 358 וואַרשטאַטען, פון 6 ביז 10 אין 70 וואַרשטאַטען און מעהר פון 10—אין 22 וואַרשטאַטען, ד. ה. כמעט אַ דריטעל פון אַלע אויסגעפאָרשטע וואַרשטאַטען (30,26 פראָצ.) בעגעהען זיך אינגאַנצען אָהן געדונגענע אַרבייטער, מעהר ווי אַ העלפט (53,95 פר.) האַלטען נאָר פון 1 ביז 5 געדונגענע אַרבייטער, און נאָר אין אַ קנאַפּען זעקסטעל פון אַלע וואַרשטאַטען (14,75 פר.) איז די צאָהל פון די געדונגענע אַרבייטער מעהר ווי 5 און דערגרייכט ביז 25. מיט אַנדערע ווערטער, — דער גרעסטער טייל פון די באָברויסקער יודישע וואַרשטאַטען (מעהר ווי $3/4$) געהערען צו דער קאַטעגאָריע קליינע וואַרשטאַטען, און נאָר קנאַפּע 15 פראָצ. - זענען מיטעלע און גרויסע.

ספּעציעל טעכנישע פראַגען זענען אין דער אַנקעטע לפי ערך געווען ווייניג, און דאָס איז גאַנץ פערשטענדליך. לויט'ן פּלאַן פון דער „האַנדווערקער־געזעלשאַפט“ דאַרף די אַנקעטע, ווי בעוואוסט, דורכגעפיהרט ווערען אין אַלע פראָפעסיעס, אין וועלכע עס אַרבייטען יודען. אַזוי ווי אָבער יעדע פראָפעסיע האָט איהרע טעכ־

נישע בעזונדערהייטען, וואָלט דער פראַגע־בויען געדאַרפט כולל זיין אַן אומגעהייערע צאָהל ספעציעל טעכנישע פראַגען, און דאָס וואָלט די אויספאָרשונג, נאַטירליך, געמאַכט פיעל שווערער און קאָמפּליצירטער. כדי דאָס אויסצומיידען, האָט זיך די געזעלשאַפט געמוזט בעגנוגען נאָר מיט די אַלגעמיינע פראַגען, וואָס כאַראַקטעריזירען דעם צושטאַנד פון דער טעכניק אין דער יודישער מלאכה בכלל. גרופּירענדיג די ענטפערן אויף די דאָזיגע פראַגען לויט די פאַכען נאָך, זעהען מיר, אַז די טעכניק האָט זיך דאָ פאַר די לעצטע יאָהרען אויסגעבעסערט אין אַ קענטיגער מאָס נאָר ביי די שניידער און סטאָליאַרעס. אין די דאָזיגע פאַכען זענען פאַראַן פיעל וואַרשטאַטען, וואו ס'ווערט אָנגעווענדט די ספּעציאַליזירונג, און טיילוויז — אויך די אַיינטיילונג פון דער אַרבייט. צווישען די צושניידער בעגעגנען זיך אָפט מענשען, וואָס האָבען זיך געלערנט אין פאַריז, וואַרשע, אָדעס. כמעט אַלע שניידער בענוצען מאָדע־זשורנאַלען; איניגע צייכענונגען בענוצען אויך די היגע מעבעל־סטאָליאַרעס, וועלכע האָבען די לעצטע יאָהרען אָנגעהויבען אויסאַרבייטען טייערע מעבעל א. אַז. וו.

גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע פון אַלע אַנדערע פאַכען אין דעם פּרט. כמעט אין אַלע אַנדערע פּראָפעסיעס הערשען נאָך די אַלטפרענקישע טעכנישע מיטלען. קיין מאַשינעס, קיין נייע געצייג אַפילו, וואָס מאַכען אָפט וועלוועלער, שענער און גרינגער די אַרבייט, ווערען כמעט ערגיץ ניט בענוצט. וועגען אויסשרייבען „זשורנאַלען", וועגען בענוצען צו דער אַרבייט צייכענונגען איז געווען איבעריג צו פרעגען אַפילו: דער גרעסטער טייל פון די היגע בעל־מלאכות האָט זיך אַפילו ניט פאָרגעשטעלט, מ'זאָל צו דער אַרבייט דאַרפען בענוצען אַזעלכע משונה'דיגע זאַכען, ווי צייכענונגען און זשורנאַלען.

ווי אַמאָל, בעקומט אויך איצט דער יודישער בעל־מלאכה זיין פּראָפעסיאָנעלע „בילדונג" אין וואַרשטאַט — לויט דיזעלבע „מעטאָדעס", ווי זיין טאַטע און זיידע האָט זיך געלערנט, ד. ה. אַ יאָהר אָדער צוויי טוט ער כל'ערליי הויז־אַרבייט, און דערנאָך ערשט בעקומט ער אַ צוטריט צו דער מלאכה. אין דעם פּרט זענען דאָ אַפילו קיין א י י נ צ ע ל נ ע אויסנאַמען ניטאָ. אין אַ ל ע וואַרשטאַטען פון אַ ל ע פאַכען הערשען איינע און דיזעלבע לעהר־טראַדיציעס, און אַפילו ביי די סלעסאַרעס, הגם דאָ עקסיסטירט שוין מעהר ווי 15 יאָהר אַ האַנדווערקער־שול מיט אַ ספּעציעלער סלעסאַרעס־אָפּטיילונג, וואָס קאָסט אָב יעהרליך דער שטאָדט און פערשיידענע חברות ביז 10 טויזענד רובל. ביי אַזאַ פּראָפעסיאָנעלער „בילדונג" קאָן פערשטעהט זיך די טעכניק פון דער היגער יודישער מלאכה ניט שטעהן זעהר הויך, קאָנען די היגע בעלי־מלאכות ניט קאָנקורירען אַפילו מיט י ו ד י ש ע בעלי־מלאכות פון אַנדערע שטעדט, וואו די טעכניק האָט זיך כאָטש וויפיעל ניט איז אויסגעבעסערט. אַזוי, למשל, וואָלטען זיך דאָ זעהר גוט געקאָנט ענטוויקלען די מעבעל און שוכוואַרג־פּראָדוקציע, וועלכע האָבען שוין געקראָגען אַ געוויסען מאַרק אין צענטראַל־רוסלאַנד און סיביר. קאָנען אָבער די בעסערע און העכערע סאָרטען פון די דאָזיגע פּראָדוקטען מחמת דער טעכנישער אָבגעשטאַנענקייט ניט אויסגעאַרבייט ווערען. דעריבער קאָן דער דערמאָנטער מאַרק ניט פערברייטערט ווערען, הגם מחמת פיעל אָרטיגע אומשטענדען (די וואָלוועלקייט פון די רויהע מאַטעריאַלען, פון דער אַרבייט א. אַז. וו.) וואָלטען די היגע פּראָדוקטען געקאָנט פערקויפט ווערען וועלוועלער, איידער, למשל, די ווילנער און קיעווער מעבעל, וואָס קאָנקורירט איצט מיט די באָברויסקער.

אַז דאָס איז אַזוי, קאָן מען זיך, אגב, איבערצייגען אויך דערפון, וואָס די צאָהל וואַרשטאַטען, וואָס אַרבייטען דאָ אויפ'ן ניט־היגען מאַרק בכלל, איז זעהר קליין (קנאַפּע 10 פּראָצענט), און זי ווערט כמעט ניט גרעסער, און די צאָהל פון די, וואָס אַרבייטען אויפ'ן ו ו י ט ע ן מאַרק פערקלענערט זיך אַפילו.

אויסער די דערמאָנטע פראַגען, האָט די אַנקעטע געפּרובט בעריהרען נאָך איניגע, וועלכע וואָלטען נאָך בולט'ער געמאַכט דעם מצב פון דער אָרטיגער יודישער מלאכה. דאָס זענען די פראַגען וועגען דער פּראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבייט און וועגען דער גרייס פונ'ם אומזאַץ פון

יעדער וואַרשטאַט. צום בעדויערן אָבער זענען די דאָזיגע פראַגען אין דער אַנקעטע אַזוי שלעכט און ניט דייטליך פאָרמולירט, אַז דער גרעסטער טייל בעלי־מלאכות האָט אויף זיי קיין גענויעם און פּינקטליכען ענטפער ניט געקאָנט געבען. מחמת דעם מוזען די דאָזיגע העכסט וויכטיגע פראַגען בלייבען אינגאַנצען ניט בעלויכטען, און מיר זענען געגווּנגען גלייך איבערצוגעהן צו דעם צווייטען טייל פון דער אַנקעטע—צו די מאַטעריאַלען, וואָס כאַראַקטעריזירען דעם עקאָנאָמישען מצב און די לעבענס־בעדינגונגען פון יודישען בעל־מלאכה.

---

פון די פראַגען, וואָס קאָנען בעלייכטען דעם עקאָנאָמישען מצב פון יודישען בעל־מלאכה איז געווים די וויכטיגסטע די פראַגע וועגען דער גרייס פון זיין פערדינסט, און וועגען דעם געפינען מיר אין מאַטעריאַלען פון דער אַנקעטע גאַנץ אויספיהרליכע ידיעות.

קודם כל דער דורכשניטליכער פערדינסט. דער דורכשניטליכער וועכענטליכער פערדינסט פון אַ באַברויסקער בעל־מלאכה איז 10,26 ר. ניט אַ גאַנץ יאָהר אָבער און ניט אין אַלע פּראָפעסיעס איז די גרייס פון וועכענטליכען פערדינסט גלייך. די פאָלגענדע טאַבעלע גיט אַ מעהר אָדער ווייניגער בעשטימטע פאָרשטעלונג וועגען פער־דינסט פון פערשיידענע בעלי־מלאכות אין פער־שיידענע צייטען פון יאָהר.

ווי ס'איז צו זעהן פון די געבראַכטע ציפער, איז די נפקא מינה צווישען דעם וועכענטליכען פערדינסט דורכ'ן יאָהר אין דער צייט פון סעזאָן אַ גאַנץ גרויסער, לפי ערך, און אין פערשיידענע פּראָפעסיעס איז זי פערשיידען. אַזוי, למשל, טרעפט זי אָן: ביי די מעטאַל־אַרבייטער — 6,3 ר., ביי די בוי־אַרבייטער — 6 ר., שוסטערס — 4,9 ר., זייגער־מייסטערס—3,7 ר. סטאָליאַרעס—3,4 ר., שניידערס — 2,72 ר. א. אַז. וו. שטאַרקער ווי אומעטום, אַלזוי, פיהלט זיך דער סעזאָן, אויסער אין די בוי־מלאכות, וועלכע געדויערן נור 7—6 חדשים אין יאָהר, אין די פאַכען, וואָס אַרבייטען דער עיקר פאַר'ן געברויכער (שוסטערס, זייגער־מייסטערס, ווייסע סטאָליאַרעס א. אַז. וו.); די אָבער וואָס אַרבייטען פאַר'ן קרעמער, פאַר'ן ניט־היגען מאַרק (מעכאַנישע שוסטערס, מעבעל־סטאָליאַרעס, בערשטעל־מאַכערס, אייגינע סלעסאַרעס) פיהלען דעם סעזאָן כמעט ווי גאָר ניט און אַרבייטען אַ גאַנץ יאָהר מיט דערזעלבער צאָהל אַרבייטער. אַן אויסנאַם זענען נאָר די שניידערס, הגם זיי אַרבייטען כמעט אַלע פאַר'ן געברויכער, דאָך געדויערט ביי זיי די שטילע צייט דורכשניטליך ניט מעהר, ווי 2—3 חדשים, בשעת אין אַלע אַנדערע פאַכען ציהט זי זיך 4—5 חדשים.

וואָס איז שייך צום וועכענטליכען פער־דינסט דורכ'ן יאָהר אין פערשיידענע פּראָפעסיעס, צום פערדינסט, וואָס כאַראַקטעריזירט צום בעס־

| פּראָפעסיעס. | דער וועכענטלוכער פּער־דינסט און סעזאָן־צייט. | | | דער וועכענטליכער פּער־דינסט דורכן יאָהר. | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | דורכשניט־ליך. | מינימום. | מאַקסימום. | דורכשניט־ליך. | מינימום. | מאַקסימום. |
| שניידערס . . . . . . | 16,12 | 6 | 75 | 13,4 | 5 | 60 |
| שוסטערס . . . . . . | 12,4 | 2,5 | 60 | 7,5 | 1,5 | 40 |
| סטאָליאַרעס . . . . . . | 12,4 | 8 | 40 | 9 | 5 | 30 |
| בוי־אַרבייטער . . . . . | 15 | 8 | 40 | 9 | 5,2 | 30 |
| מעטאַל־אַרבייטער . . . . | 18 | 10 | 35 | 11,7 | 6 | 24 |
| זייגער־מייסטער . . . . | 13,1 | 5 | 30 | 9,4 | 3 | 24 |
| אַנדערע פּראָפעסיעס . . . . | 16,8 | 8 | 25 | 11,8 | 5 | 18 |

טען די עקאָנאָמישע לאַגע פון בעל־מלאכה, איז אין דעם פּרט פערנעמען דעם ערשטען אָרט די שניידערס, וואָס פערדינען דורכ׳ן יאָהר צו 13,4 ר. אַ וואָך; דערנאָך געהען די מעטאַל־אַרבייטער (11,7 ר.), אַנדערע קלענערע פּראָפעסיעס (11,8 ר.), זייגער־מייסטערס (9,4 ר.), בוי־אַרבייטער און סטאָליאַרעס (9 ר.) און צולעצט די שוסטערס (5, 7 ר.). דערמאָנען מיר נאָך, אַז די שוסטערס זענען דאָ כמעט אַ פערטעל פון אַלע יודישע בעלי־מלאכות און צוזאַמען מיט די סטאָליאַרעס, בוי־אַרבייטער און זייגער־מייסטערס — מעהר ווי אַ דריטעל (35 פּראָצענט), ווערט בולט, אַז דער פערדינסט פון היגען יודישען בעל־מלאכה איז גאַנץ נידעריג.

נאָך נידעריגער, פערשטעהט זיך, איז דער פערדינסט פון דער יודישער האַנדווערקער־פרוי. דעם אויבען־אָן צווישען די האַנדווערקער־פרויען פערנעמען די שניידערינס (11 וואַרשטאַטען); זיי פערדינען דורכ׳ן יאָהר צו 12 ר. אַ וואָך; נאָך זיי געהען: היט־פוצערינס (5 וואַרשטאַטען) — 9,6 ר. אַ וואָך, קאָרסעטענמאַכערינס (4 וואַרשטאַטען) — 9,4 ר. אַ וואָך, נייהטערינס — 4,8 ר. און זאָקענמאַכערינס — 3,6 ר. אַ וואָך. בעזונדער, ווי מיר זעהען, איז נידעריג דער פערדינסט פון די נייהטערינס און זאָקענמאַכערינס. צווישען די לעצטע בעגעגענען זיך אַזוינע, וואָס פערדינען ניט מעהר פון 1 ביז 2 רובל אַ וואָך.

פון די אַלע געבראַכטע ציפערן וועגען דער גרייס פון פערדינסט איז זיך ניט שווער פאָרצושטעלען, ווי און אין וואָס פאַר אַ בעדינגונגען דער יודישער בעל־מלאכה מוז לעבען. נאָר וואָס פאַר אַ בעשיידען און אָרים לעבען ער זאָל ניט פיהרען, ווי ער זאָל ניט בעגרעניצען זיינע בעדערפנישען און די בעדערפנישען פון זיין פאַמיליע, וועט איהם דאָך זיין פערנעגליכער פערדינסט קיינמאָל ניט גענוג זיין אויף צו דעקען אפילו די נויטיגסטע הוצאות. דער אומגעהייערער יקרות אויף אַלע לעבענס־פּראָדוקטען, דער וואוקס פון די פּרייזען אויף דירות און בעהייצונג, וואָס לאָזען זיך די לעצטע יאָהרען שטאַרק פיהלען אויך אין תחום, האָבען אויף אַזויפיעל פערגרעסערט די הוצאה פון בעל־מלאכה, אַז כדי כאָטש ווי ניט איז דורכצולעבען זיך, מוז ער אויך האָבען אַזעלכע ניט איז וויכטיגע פרנסה, אַ בעשטימטע און פעסטע שטיצע פון דער זייט. קיין וויכטיגע פרנסות אָבער האָט דער יודישער בעל־מלאכה, ווי ס׳ווייזען די ענטפערן פון דער אַנקעטע, כמעט ווי גאָרניט. אויסער 100, בערך, בעלי־מלאכות, וואָס בעקומען אַן אומבעדייטענדע הכנסה פון זייערע היזער און פון פערקויפען זייערע פּראָדוקטען, האָבען אַלע איבעריגע ניט קיין בעשטימטע וויכטיגע פרנסות. בלייבט, אַלזוי, די שטיצע, וואָס די דערוואַקסענע מיטגלידער פון דער פאַמיליע גיבען די עלטערן.

ווי גרויס איז די דאָזיגע שטיצע און ווי זי ווערט פאַנאַנדערגעטיילט צווישען פערשיעדענע גרופּעס בעלי־מלאכות, — וועגען דעם זענען אין די מאַטעריאַלען פון דער אַנקעטע קיין גענויע און פּינקטליכע ידיעות ניטאָ. לויט דער אַנקעטע קאָן מען וועגען דעם משפּט׳ן בלויז אומדירעקט. אין דער אַנקעטע זענען פאַרהאַן אַזעלכע פראַגען: „וויפיעל פערדינט אַ יאָהר אייער פרוי?“ „וויפיעל די קינדער?“ וועגען פערדינסט פון דער פרוי קאָנען קיין שום ספיקות ניט זיין. זי, פערשטעהט זיך, ניט אָב איהר גאַנצען פערדינסט דעם מאַן. גאַנץ אַנדערש איז עס אָבער מיט די דערוואַקסענע קינדער. הגם זיי לעבען דאָס רוב צוזאַמען מיט די עלטערן, דאָך איז שווער פעסטצושטעלען, צי גיבען זיי די עלטערן אָב זייער גאַנצען פערדינסט, צי נאָר אַ טייל פון איהם, צי אפשר גאָרניט (אַזעלכע פאַלען קאָנען דאָך געוויס אויך זיין). אַלענפאַלס, די אַנקעטע האָט זיך דערמיט ניט אינטערעסירט, האָבען מיר וועגען דעם קיין בעשטימטע ידיעות ניט. נאָר לאָמיר אָננעמען, אַז אויך די קינדער גיבען אָב זייער גאַנצען פערדינסט די עלטערן. גאָר קיין גרויסען פעהלער וועלען מיר מיט דעם זיכער ניט בעגעהן. פון דער אַנדער זייט אָבער, וועט עס אונז געבען די מעגליכקייט פעסטצושטעלען דעם בודזשעט פון יודישען בעל־מלאכה, וואָס עס איז זעהר נויטיג פאַר דער כאַראַקטעריסטיק פון זיין עקאָנאָמישען מצב.

דורכשניטליך איז דער פערדינסט פון דעם בעל־מלאכה׳ס פאַמיליע 2,35 ר. אַ וואָך, און זיין גאַנצע וועכענטליכע הכנסה — 12,61 ר. (10,26+2,35). נאָר אין דעם פּרט איז דער

# אַ. קירזשניץ. — יודישע בעלי־מלאכות.

דו־כשניטליכער פערדינסט אַליין ניט אַזוי כאַראַק־טעריסטיש; פיעל וויכטיגער איז צו פערגלייכען די גרייס פון דער פאַמיליעס פערדינסט מיט דער צאָהל מיטגלידער, פון וועלכע זי בעשטעהט.

לויט דער גרייס פון די פאַמיליעס ווערען די אָרטיגע בעלי־מלאכות אַזוי אײַנגעטיילט: ניט־חתונה־געהאַטע — 107, די פאַמיליע בעשטעהט פון 2 מענשען ביי 105, פון 3 ביז 5 מענשען — ביי 309, פון 5 ביז 10 מענשען — ביי 121 און מעהר ווי פון 10 מענשען — ביי 15. צוזאַמענשטעלענדיג איצט די גרייס פון פערדינסט פון דער פאַמיליע מיט דער צאָהל מיטגלידער, פון וועלכע זי בעשטעהט, וועט מען קאָנען בעקומען אַ קלאָרען בעגריף וועגען דער אמת'ער גרייס פון דער שטיצע, וואָס דער בעל־מלאכה בעקומט פון זיין פאַמיליע.

| די גרייס פון דער פאַמיליע | דער פערדינסט פון דער פאַמיליע | די גאַנצע הכנסה פון בעל־מלאכה. |
| --- | --- | --- |
| 2 מענשען. | 1,56 ר' | 8,88 ר' |
| פון 3 ביז 5 „ | 1,84 ר' | 9,96 ר' |
| „ 5 „ 10 „ | 2,80 ר' | 12,44 ר' |
| מעהר פון 10 „ | 3,62 ר' | 15,86 ר' |

דער לעצטער עמוד פון דער געבראַכטער טאַבעלע ווייזט אונז ענדגילטיג, ווי גרויס עס איז דער ביודזשעט פון יודישען בעל־מלאכה, ווי גרויס זענען זיינע הוצאות־מעגליכקייטען.

מיט דער פערגרעסערונג פון דער פאַמיליע פערגרעסערט זיך אויך די אַלגעמיינע הכנסה פון בעל־מלאכה. די לעצטע פערגרעסערונג אָבער איז נאָר אַן אַבסאָלוטע, און לא די וואָס זי מאַכט ניט גרעסער די הוצאות־מעגליכקייטען פון בעל־מלאכה, זי פערקלענערט זיי נאָך. אַזוי, למשל, קאָן אַ בעל־מלאכה פון דער ערשטער גרופּע (2 מענשען) אויסגעבען אויף יעדער מיטגליד פון זיין פאַמיליע 4,44 ר. אַ וואָך, פון דער צווייטער (פון 3 ביז 5 מענשען) — שוין נאָר 2,3 ר. בערך, פון דער דריטער (פון 5 ביז 10 מ.) — קנאַפּע 2 ר. און פון דער פערטער (מעהר, ווי 10 מענשען) שוין נור 1,4 ר. אַ וואָך, בערך *.

נאָך אָרימער זענען אין דער אַנקעטע די ידיעות וועגען דעם, ווי אַזוי און אויף וואָס דער בעל־מלאכה גיט אויס זיין געלד. אויסער דער הוצאה אויף דער דירה, זענען וועגען אַלע איבעריגע הוצאות אין דער אַנקעטע קיין ידיעות להלוטין ניטאָ. נאָר די הוצאה אויף דער דירה אַליין כּערדינט אויך די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט.

די ניט־חתונה־געהאַטע בעלי־מלאכות האַלטען על פּי רוב קיין זעלבשטענדיגע דירות ניט און וואוינען צוזאַמען מיט די עלטערן. די איבעריגע 550 בעלי־מלאכות האַלטען אַלע אייגענע דירות, און לויט די דירה־געלד, וואָס זיי צאָהלען, ווערען זיי אַזוי פאַנאַנדערגעטיילט:

| | | | | | | | | | |
| --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- | --- |
| 164 | צאָהלען | דירה־געלד | פון | 25 | ביז | 50 | ר' | א | יאָהר. |
| 101 | „ | „ | „ | 50 „ | | 75 „ | | „ | |
| 123 | „ | „ | „ | 75 „ | | 100 „ | | „ | |
| 100 | „ | „ | „ | 100 „ | | 150 „ | | „ | |
| 40 | „ | „ | „ | 150 „ | | 200 „ | | „ | |
| 12 | „ | „ | „ | 200 „ | | 300 „ | | „ | |

אַלזוי, נאָר איין פערטעל פון אַלע היגע בעלי־מלאכות קאָנען זיך ערלויבען אויסצוגעבען אויף אַ דירה מעהר, ווי 100 ר. אַ יאָהר. די איבעריגע 3/4 אָבער מוזען זיך בעגנוגען מיט ענגע און שמוציגע וואוינונגען אין די פאָרשטעדט, ווייט פון מאַרק, וואוהין ער מוז אָפט געהן עטליכע מאָל אין טאָג א. אַז. וו.

---

* פעסטשטעלען פּינקטליך, וויפיעל קאָן יעדער בעל־מלאכה, אויסער פון דער 1־טער גרופּע, אויסגעבען וועכענטליך אויף יעדער מיטגליד פון זיין פאַמיליע איז אוממעגליך, ווייל ס'איז ניט בעוואוסט, וויפיעל פאַמיליעס בעשטעהען פון 3 מענשען, וויפיעל פון 4 א. אַז. וו. כדי צו דערנעהן עס כאָטש בערך, האָבען מיר די אַלגעמיינע הכנסה (9,96 ר., 12,44 ר. א. ז. וו.) געטיילט דעם ערשטען מאָל אויף 4 [(5+4+3) :3], דעם צווייטען מאָל אויף 8 [(6+7+8+9+10) :5] א. אַז. וו.

# די יודישע וועלט.

נאָך בולט'ער ווערען בעלויכטען די וואוינונגס־בעדינגונגען פון יודישען בעל־מלאכה, ווען מ'שטעלט צוזאַמען די צאָהל צימערן, וואָס דער בעל־מלאכה פערנעמט, מיט דער צאָהל מיטגלידער פון זיין פאַמיליע.

| די צאָהל צימערן. | די צאָהל מיטגל. פון דער פאַמיליע. | די צאָהל צימערן אויף יעדער מענשן |
|---|---|---|
| 1,3 | 2 | 0,65 |
| 1,8 | פון 3 ביז 5 | 0,45 |
| 2,4 | „ 5 „ 10 | 0, 3 |
| 3 | מעהר פון 10 | 0,25 |

אין קיין פירושים נויטיגען זיך די לעצטע ציפער ניט. 0,25 אָדער אַפילו 0,3 צימער אויף אַ מענשען אין די אונהיגיענישע בעדינגונגען, אין וועלכע ס'לעבט דאָס רוב יודישע בעלי־מלאכות. ווייטער געהן איז שוין, דוכט זיך, ניטאָ וואוהין!

———

מיר געהען איבער צו די איבעריגע פראַגען פון דער אַנקעטע. קודם כל וועגען דער בעדייטונג און ראָלע, וואָס די פערשיידענע קאָאָפעראַטיווע איינריכטונגען שפּיעלען אין לעבען פון יודישען בעל־מלאכה.

יודישע קאָאָפעראַטיוון זענען אין באָברויסק פאַרהאַן צוויי: די לייה־און שפּאָר־קאַסע און דער געזעלשאַפטליכער מאַגאַזין פון כטאָליאַרעס־פּראָדוקטען. די אָרטיגע לייה־און שפּאָר־קאַסע עקסיסטירט שוין באַלד 13 יאָהר, האָט ביז 4 טויזענד חברים און שמ'ט אין דער יודישער וועלט, ווי איינע פון די גרעסטע און רייכסטע יודישע קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוון. אָפּיציעל איז דער דאָזיגער קאָאָפּעראַטיוו מחויב צו בעפרידיגען די קרעדיט־בעדערפענישען פון די קליינע קרעמער און בעלי־מלאכות. און אין די ערשטע יאָהרען, ווען ער האָט זיך נאָך גענויטיגט אין דער מאַטעריעלער און מאָראַלישער שטיצע פון דער געזעלשאַפט, איז עס טאַקי אַזוי געווען: בשעת'ן בעשטימען די קרעדיטען, ווענינסטענס, פלעגט מען קיין נפקא מינה צווישען אַ קרעמער און בעל־מלאכה ניט מאַכען, מ'פלעגט זיך רעכענען נור מיט דער קרעדיט־פעהיגקייט פון דעם אָדער פון יענעם חבר. גאַנץ אַנדערש איז אָבער געוואָרען די בעציהונג פון דער לייה־קאַסע צו די בעלי־מלאכות אין די לעצטע יאָהרען, ווען זי איז אויסגעוואַקסען און זיך געשטעלט אויף אַ פעסטען באָדען. שוין אָבגערעדט דערפון, וואָס אַלע בעמיהונגען פון די מעהר בעוואוסטזיניגע בעלי־מלאכות צוצוגעבען דער טעטיגקייט פון דער קאַסע אַן אמת קאָאָפעראַטיווען כאַראַקטער, האָבען קיין ערפאָלג ניט געהאַט, און דערפון, וואָס אַלע זייערע פראָיעקטען, ווי פערנעמען זיך מיט פערמיטלונגס־אָפּעראַציעס, זענען פון דער פערוואַלטונג אָבגעוואָרפען געוואָרען, — האָט מען די לעצטע יאָהרען פאַר די בעלי־מלאכות פאַקטיש אָנגעהויבען מאַכען פערשיידענע שוועריגקייטען אויך ביים אַרויסגעבען הלוואות. אַמאָל, ווען די קאַסע האָט נאָך ניט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענעם קרעמערשען כאַראַקטער, איז די גרעסטע הלוואה געווען 80 ר. איצט אָבער, אַ דאַנק דער אומגעהייערער השפעה, וואָס אויף דער קאַסע האָבען בעקומען די קרעמער, איז די גרייס פון די הלוואות אויסגעוואַקסען ביז 300 ר., און וואָס ס'זענען פעראינטערעסירט אויסשליסליך די קרעמער. אויך פון דער פערוואַלטונג זענען די בעלי־מלאכות איינגאַנצען אַרויסגעשטויסען געוואָרען און זי געפינט זיך איצט אין די הענד פון די קרעמער, קליינע סוחרים'לאַך און עטליכע שטאָדט־גבירים, וואָס קוקען אויף דער לייה־קאַסע, ווי אויף אַלע אַנדערע צדקה־אַנשטאַלטען, אין וועלכע זיי רעגירען אומבעגרעניצט, מיט קיינעם זיך ניט רעכענענדיג. ווי אַ צוגאָב צו דעם אַלעמען, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דער בעציהונג פון דער יודישער לייה־קאַסע צו די בעלי־מלאכות, דאַרף מען נאָך דערמאָנען, אַז די פערוואַלטונג פּראָיעקטירט איצט צו פערגרעסערן די חבר־איינצאָהלונג (פּאַי) פון 10 ביז 25 ר., וואָס עס וועט ענדגילטיג אַרויסשטויסען פון דאָרט דעם בעל־מלאכה, ווייל איהם וועט געוויס ניט לוינען צו האַלטען דאָרט אַ פּאַי פון 25 ר., ווען זיין גאַנצע הלוואה בעטרעפט דורכשניטליך 50—60 ר.

נאָר לאָמיר איבערגעהן צו די צאָהלען.

וועלכע ווייזען צום בולט'סטען, ווי אַזוי איינער פֿון די גרעסטע יודישע קאָאָפּעראַטיווען בעציהט זיך צום בעל־מלאכה. פֿון די 657 בעלי־מלאכות, וואָס צווישען זיי איז דורכגעפֿיהרט געוואָרען די אַנקעטע, האָבען קרעדיט אין די לייה־קאַסעס (חוץ דער יודישער קאַסע, איז דאָ פֿאַרהאַן אויך אַ קריסטליכע, וועלכע האָט ביז 600 יודישע חברים) נור 447, ד. ה. 32 פּראָצענט, כמעט אַ דריטעל פֿון אַלע היגע יודישע בעלי־מלאכות, האָבען צו דער לייה־און־שפּאָר־קאַסע קיין שום צוטריט ניט, און כדי צו בעפֿרידיגען זייערע קרעדיט־בעדערפֿענישען מוזען זיי, ווי אין די גוטע, אַלטע צייטען, אָנקומען צום וואָכערניק, וועלכער צאַפּט פֿון זיי אַרויס דאָס לעצטע ביסעל בלוט און מאַרך. נאָר אַפֿילו די וועניגע גליקליכע, וועלכע האָבען שוין זוכה געווען אָנגענומען צו ווערען פֿאַר מיטגלידער אין דער יודישער לייה־קאַסע מוזען נאָך, ווייזט אויס, אויך אָנקומען צו זייטיגע מלוים. וועניגסטענס, די קאַסע בעפֿרידיגט ניט זייער גאַנצע בעדערפֿעניש און קרעדיט. וואָרום ווי קליין עס זאָלען ניט זיין די האַנדעלס־אָפּעראַציעס פֿון בעל־מלאכה, ווי בעשיידען עס איז ניט דער אומזאַץ פֿון די אָרטיגע וואַרשטאַטען, דאָך קאָנען זיי מיט'ן קרעדיט פֿון דער לייה־קאַסע אַליין ניט אויסקומען. אויף דער שפּראַך פֿון ציפֿערען איז דער צוטרוי פֿון די לייה־קאַסעס צום בעל־מלאכה אַזאַ: 117 בעל־מלאכות האָבען אַ קרעדיט ביז 50 ר.; 212 — פֿון 50 ביז 100 ר., 78 — פֿון 100 ביז 200 ר., און נאָר 36 — פֿון 200 ביז 300 ר. דערצו מוז מען נאָך צוגעבען, אַז אין דער געבראַכטער צאָהל געהען שוין אַריין אויך די יודישע בעלי־מלאכות, וואָס זענען מיטגלידער אין דער קריסטליכער לייה־קאַסע. די געבראַכטע ציפֿערן בעצייכענען, אַגב, דעם אַלגעמיינעם קרעדיט, וואָס עס געניסט פּאַקטיש דער בעל־הבית פֿון וואַרשטאַט, אַריינרעכענענדיג שוין אַהער אויך דעם קרעדיט פֿון זיין פֿאַמיליע.

פֿיעל גרעסערע זענען די נוצען, וואָס די אָרטיגע בעלי־מלאכות האָבען פֿון צווייטען יודישען קאָאָפּעראַטיוו — פֿון דעם געזעלשאַפֿטליכען מעבעל־מאַגאַזין. געגרינדעט מיט אַ יאָהר 10 צוריק, האָט דער סקלאַד, אַחוץ דעם, וואָס ער האָט געוואונען אַ גאַנץ בעדייטענדען מאַרק פֿאַר די היגע מעבעל, אויך פֿיעל מיטגעווירקט, אַז די אָרטיגע מעבעל־פּראָדוקטען זאָלען בעסער אויסגעאַרבייט ווערען. נאָר אויך די דאָזיגע איינריכטונג איז נאָך גאַנץ ווייט פֿון אַן אמת'ן קאָאָפּעראַטיווען אַנשטאַלט. די בעלי־מלאכות האָבען דאָרט פּאַקטיש קיין שום דעה ניט, מיט זייערע אָנווייזונגען רעכענט זיך די יק"א, וועלכע האַלט אויס דעם מאַגאַזין, להלוטין ניט. מחמת דעם און אויך מחמת דעם דוחק אין געלד, וואָס דער מאַגאַזין ליידט דערפֿון כמעט שטענדיג, איז ער די לעצטע יאָהרען שטאַרק געפֿאַלען אין די אויגען פֿון די אָרטיגע סטאָליאַרעס, און פֿאַר איהם אַרבייטען איצט נאָר 11 סטאָליאַרעס פֿון 30, וואָס פֿערנעמען זיך דאָ מיט מעבעל־אויסאַרבייטונג.

וועגען דער פּראָפֿעסיאָנעלער „בילדונג“ פֿון יודישען בעל־מלאכה האָבען מיר שוין אין אָנהויב פֿון אַרטיקעל געבראַכט איניגע ידיעות. מיר וועלען זיך אויף דעם איצט אָבשטעלען אויספֿיהרליכער.

אַז פֿון אַלע אָרטיגע בעלי־מלאכות האָט קיינער ניט בעקומען קיין נאָרמאַלע פּראָפֿעסיאָנעלע בילדונג, האָבען מיר שוין אָנגעוויזען. איצט וועלען מיר אויפ'ן גרונד פֿון די מאַטעריאַלען פֿון דער אַנקעטע פּרובען פֿעסטשטעלען, וואו און ביי וועמען זיי האָבען זיך געלערנט די מלאכה. דאָס רוב בעלי־מלאכות, ביי 500 בערך, ווייזט זיך אַרויס, האָבען זיך געלערנט די מלאכה אין באָברויסק און נאָר ביי 150 אין אַנדערע שטעדט, דערין אויך אין די קלענערע אַרומיגע שטעדטלעך, וואו די טעכניק פֿון דער אַרבייט שטעהט נאָך נידעריגער, ווי אין באָברויסק. מען מוז אָבער בעמערקען, אַז אַ בעדייטענדער טייל פֿון די, וואָס האָבען זיך געלערנט די אַרבייט אין באָברויסק (אַ גרויסער טייל פֿון די שניידער), זענען דערנאָך געפֿאָהרען פֿערפֿולקומען זיך אין דער אַרבייט אין פּאַריז, וואַרשוי, קיעוו, כאַרקאָוו, סעוואַסטאָפּאָל א. א.

אינטערעסירט האָט זיך די אַנקעטע אויך מיט דעם, ביי וועמען האָבען זיך די בעלי־מלאכות געלערנט די אַרבייט: ביי פֿרעמדע אָדער ביי די עלטערן. דאָס איז זעהר וויכטיג אין פֿיעל

# די יודישע וועלט.

פּרטים, איבערהויפּט אָבער אויף צו קאָנטראָ־לירען די פערשפּרייטע מיינונג, אַז בּיי יודען געהט ניט איבער די פּראָפעסיע פון פאָטער צום זוהן, וואָס מחמת דעם קאָן די יודישע מלאכה זיך ניט, ווי געהעריג, ענטוויקלען. די דאָזיגע מיינונג ווייניגסטענס, בּנוגע צו באָבּרויסק ווערט ניט בּעשטעטיגט. פון אַלע באָבּ־רויסקער בּעלי־מלאכות האָבּען זיך נאָר 202 גע־לערנט בּיי פרעמדע, די איבּעריגע 455 האָבּען זיך געלערנט אַלע בּיי זייערע עלטערן אין וואַר־שטאַט, וואָס עס ווייזט, אַז אויך בּיי יודען געהט איבּער די מלאכה פון דור צו דור און ווערט אויף אַזאַ אופן פערפעסטיגט.

קיין פראַגען, וואָס זאָלען בּעלויכטען דאָס קולטורעלע לעבּען פון יודישען בּעל־מלאכה, זע־נען אין דער אַנקעטע ניט געווען. און דאָס איז, פערשטעהט זיך, אויך אַ פעהלער פון דער האַנדווערקער־געזעלשאַפט. ערשטענס, וואָלטען איי־ניגע אַזוינע פראַגען געקאָנט בּעלויכטען אין גע־וויסע פּרטים די עקאָנאָמישע לאַגע פון די בּעלי־מלאכות: די ענטפערן אויף זיי וואָלטען געוויס געמאַכט פערשטענדליכער פיעל ערשיינונגען פונ'ם בּעל־מלאכה־לעבּען, וועלכע ס'איז איצט לחלוטין ניט צו פערשטעהן. צווייטענס, וואָלטען זיי צוגעגעבּען אַ וויכטיגען זעלבּשטענדיגען שטריך צו דער כאַראַקטעריסטיק פון יודישען בּעל־מלאכה, וואָס עס וואָלט, נאַטירליך, נאָך מעהר פערגרע־סערט דעם ווערט פון דער אַנקעטע.

בּלויז איין „קולטורעלע“ פראַגע האָט די געזעלשאַפט אַריינגעשטעלט אין פראַגע־בּויגען — די פראַגע וועגען שריפטליכקייט, ד. ה. צי קאָן דער בּעל־מלאכה לייענען און שרייבּען. נאָר אויך די איין און איינציגע „קולטורעלע“ פראַגע איז, ניכּר, געווען ניט גאָר צום האַרצען די פערפאַ־סערס פון דער אַנקעטע. אין ערשטען פּראָיעקט פון פראַגע־בּויגען איז די דאָזיגע פראַגע אַזוי געווען פאָרמולירט: „צי קאָנט איהר ל י י ע נ ע ן יודיש און רוסיש? צי קאָנט איהר ש ר י י ב ע ן יודיש און רוסיש?“ ווען די פראַגע וואָלט געבּלי־בּען אַזוי פאָרמולירט, וואָלטען מיר, ווייניגסטענס, בּעקומען אַ פולשטענדיגע און אַלזייטיגע פאָר־שטעלונג, ווי ווייט די יודישע בּעלי־מלאכות קאָ־נען לייענען און שרייבּען. האָט מען אָבּער בּיי

דער ענדגילטיגער פאָרמולירונג פון דער פראַגע דאָס וואָרט „יודיש“ אַרויסגעוואָרפען, אַזוי אַז איצט איז לחלוטין ניט בּעוואוסט, צי קאָנען די בּעלי־מלאכות לייענען און שרייבּען יודיש, צי ניט. דאָס, וואָס מ'האָט פון דער אַנקעטע אַרויס־געוואָרפען יודיש, איז בּעזונדער ניט פערשטענדליך, ווייל בּנוגע צום אַרבּייטער האָט די געזעלשאַפט איבּערגעלאָזען די ערשטע פאָרמולירונג. ממה נפשך, איז די פראַגע וועגען לייענען און שריי־בּען יודיש ניט וויכטיג בּכלל, איז זי דאָך אויך ניט וויכטיג בּנוגע צום אַרבּייטער; מיינט די גע־זעלשאַפט, אַז יודיש קאָנען אַלע בּעלי־מלאכות, דאַרפען עס דאָך די אַרבּייטער געוויס קענען, ווייל אַלע בּעלי־מלאכות זענען דאָך פריהער געווען אַר־בּייטער, און אויבּ די לעצטע בּעקומען אַ געהוי־סע בּילדונג, בּעקומען זיי עס נאָר, ווען זיי אַרבּייטען בּיי יענעם און ניט ווען זיי ווערען שוין זעלבּשטענדיגע בּעלי־מלאכות. צום בּעדויערן אָבּער האָט די געזעלשאַפט אויף דעם אַלעמען קיין ווערט ניט געלעגט און האָט די פראַגע וועגען לייענען און שרייבּען יודיש, ווי געזאָגט, פון פראַגע־בּויגען אַרויסגעוואָרפען. איז געבּליבּען נאָר דער לייענען און שרייבּען רוסיש, וואָס איז ניט אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן קולטורעלן מצב פון יודישען בּעל־מלאכה, נאָר וואָס איז זעהר וויכ־טיג פּראַקטיש.

וואָס זשע שטעלט מיט זיך פאָר אין דעם פּרט דער יודישער בּעל־מלאכה? די פאָלגענדע טאַבּעלע ווייזט גענוי, ווי גרויס עס איז די צאָהל פון די, וואָס קענען און קענען ניט לייענען און שרייבּען רוסיש צווישען די מענער און פרויען בּעזונדער.

| | מענער | פרויען | צוזאַמען |
|---|---|---|---|
| עס קאָנען לייענען און שרייבּען | 180 | 70 | 250 |
| „ „ נאָר לייענען . . . | 25 | 13 | 38 |
| „ „ נאָר שרייבּען . . . | 14 | 16 | 30 |
| „ „ ניט לייענען, ניט שרייבּען | 270 | 69 | 339 |

ווי מיר זעהען, איז דער פּראָצענט פון די וואָס קאָנען אי לייענען, אי שרייבּען רו־סיש בּכלל גאַנץ קליין (38 פּראָצ.), ווען אפילו

# א. קירזשניץ. — יודישע בעלי־מלאכות.

מיר זאָלען זיך בעציהען מיט'ן גרעסטען צוטרוי צו די ענטפערן אויף די דאָזיגע פראַגען. אין אמת'ן אָבער איז די לאַגע אין דעם פרט פיעל ערגער, ווי ס'קאָן זיך דוכטען פון די געבראַכטע ציפער. ראשית, דאַרף מען זיך צו די עצם ענטפערן בעציהען זעהר פאָרזיכטיג. ס'איז לייכט צו פערשטעהן, אַז ניט יעדער בעל־מלאכה האָט געגוג מוט מודה צו זיין זיך פאַר אַ פרעמדען אינטעליגענטען מענשען, אַז ער קאָן אַפילו ניט לייענען און שרייבען רוסיש. בעזונדערס שטאַרק האָט זיך עס געפיהלט ביים רעדען מיט די יונגערע בעלי־מלאכות, וואָס מיינען, אַז זיי מוזען דאָך געווים קענען רוסיש. צווייטענס, איז דער בעגריף קאָנען לייענען בכלל ניט גענוג בעשטימט. ס'איז גענוג, ווען אַ בעל־מלאכה קאָן, למשל, מיט מאַטערניש אונטערשרייבען זיין נאָמען און איבערלייענען אַ רוסישע שילד, ער זאָל האָבען דאָס פולשטענדיגע רעכט געבען אויף די געשטעלטע פראַגען אַ פאָזיטיווען ענטפער. איבער דעם טעם מאַקע קאָן מען די צווייטע און דריטע גרופע בעלי־מלאכות (די וואָס קאָנען נאָר לייענען אָדער נאָר שרייבען) זיכער צורעכענען צו דער פערטער, צו די אַנאַלפאַבעטען (בנוגע צו רוסיש), וועלכע ס'וועט אויף אַזאַ אופן ווערען 407 אָדער 62 פראָצ. פון דער אַלגעמיינער צאָהל.

שטאַרק וואונדערן זיך איז דאָ אַפילו ניטאָ וואָס. דער הדר, וואו ס'בעקומען זייער גאַנצע בילדונג די קינדער פון די יודישע בעלי־מלאכות און קרעמער, האָט זיי די דאָזיגע קענטענישען ניט געקאַנט געבען. דער פאַקט אָבער, אַז כמעט צוויי דריטעל פון אַלע בעלי־מלאכות קאָנען ניט אַפילו לייענען און שרייבען רוסיש, בלייבט אַ פאַקט.

די איינציגע טרייסט איז, וואָס אַ געוויסער טייל פון די אַנאַפאַלבעטען אין רוסיש קאָנען געווים שרייבען און לייענען יודיש, הגם צווישען די אַרבייטער איז גאַנץ בעדייטענד די צאָהל פון די אַנאַלפאַבעטען אויך אין יודיש.

צולעצט, עטליכע בעמערקונגען וועגען דער עמיגראַציאָנס־בעוועגונג צווישען די אָרטיגע בעלי־מלאכות. ראשית, וואַרפט זיך אין די אויגען דער לפי ערך קליינער אַנטייל, וואָס די בעלי־מלאכות נעמען אין אַלגעמיין אָרטיגען עמיגראַציאָנס־שטראָם. אינגאַנצען, ווייזט זיך אַרויס, האָבען פון די 550 אויסגעפאָרשטע פאַמיליעס עמיגרירט 311 מענשען, צווישען דעם מענער — 154 און פרויען — 157. פערשטעהט זיך, אַז פאַר די 20 יאָהר, זינט דאָ האָט זיך אָנגעהויבען די עמיגראַציע, זענען פון באָברויסק אַרויסגעפאָהרען מעהר, ווי 311 בעלי־מלאכות, נאָר די דאָזיגע צאָהל ווייזט דאָך, אַז צווישען די אָרטיגע איינגעזעסענע בעלי־מלאכות האָט די עמיגראַציע ניט אָנגענומען קיין בהלה־כאַראַקטער, ווי ס'קאָן זיך דוכטען פון די יאָהר־בעריכטען פון דער אָרטיגער עמיגראַציאָנס־ביוראָ פון יק"א. דאָרט ווערט יעהרליך געבראַכט כמעט אַזאַ צאָהל בעלי־מלאכות, ווי די וואָס די אַנקעטע גיט פאַר 20 יאָהר. פערשטעהט זיך, אַז די ציפער פון די יק"א־בעריכטען זענען אויך ריכטיגע, נאָר זיי נעמען אַרום אַ ל ע עמיגראַנטען, סיי די שטאָדטישע, סיי די, וואָס פאָהרען פון די אַרומיגע שטעדטלעך און דערפער. פון שטאָדט גופא אָבער איז די צאָהל פון די עמיגרירענדיגע בעלי־מלאכות אַ פיעל קלענערע, דערין איבערציייגען אונז די ידיעות פון דער אַנקעטע.

דר. ח. ד. הורוויץ.

# אין דער יודישער וועלט.

(איבערזיכט).

א קראנקע פסיכאלאגיע.—סימפטאמען פון א בעטערער צייט.—ארום סטאליפינס דענקמאל.—די קיעווער צוזאמענפאהרען און זייער אפאזיציאנעלע שטימונג.—דער פאליטישער שמועס אויפ'ן ניזשניער יריד.—די רוסלענדישע בורזשואזיע און די יודישע בעגרעניצונגען.—דער פוילישער באיקאט און די פוילישע קאאפעראציע.—אן אומגעריכטער קלאפ.—דער עלפטער ציוניסטישער קאנגרעס.—מזרח און מערב.—Paupertatis testimonium.—די ירושלימער אוניווערסיטעט.—די ציוניסטישע קריגסערקלערונג דער יודישער שפראך.—נייע אוטאפיעס.—די ספרדישע טראגעדיע און דער ציוניזם.—דער גורל.—לאדזער רב־וואהלען.—דער היסטארישער מאמענט.

די שווערע גרויזאמע יאהרען, וואס מיר לעבען איצונד איבער, האבען שיער אין אונז אלעמען נישט בעשאפען די געמיטס־שטימונג פון א חולה, וואס הערט זיך כסדר צו רק צו זיינע אויסווייניגסטע און אינעווייניגסטע וועהטאגען און וויל פון קיין אנדער זאך נישט רעדען און נישט טראכטען. וואלטען מיר אין שטאנד געווען רוהיגער זיך צוצוקוקען, ווי צו דעם ארומיגען, אזוי אויך צו אונזער אייגענעם אינעווייניגסטען לעבען, אזוי וואלטען מיר, אפילו אין דעם געדיכטען חושך, וואס רינגעלט אונז ארום, געקאנט דאך בעמערקען נישט וועניג סימפטאמען, וואס בעווייזען, אז די איצטיגע שווערע און פינסטערע צייט דערנעהענטערט זיך ביסלעכווייז צו איהר סוף...

ערשט די טעג, צום ביישפיעל, האט מען אין קיעוו מיט גרויס פאראד אבגעדעקט דאס דענקמאל, וואס מען האט אוועקגעשטעלט דעם פערשטארבענעם פרעמיער־מיניסטער סטאליפינ'ען צו זיין צווייטען יאהרצייט. מיט דעם דאזיגען נאציאנאליסטישען יום־טוב האט מען זיך געוואלט בענוצען, אום ענגער צונויפצושליסען און פעסטער צונויפבינדען די געזעלשאפטליכע עלעמענטען, וואס זענען ביז איצט אזוי נאהענט געשטאנען צו דעם פאליטישען קורס, וואס סטאליפין האט בעשאפען און וואס געוועלטיגט ביז איצט אין גאנצען לעבען פונ'ם לאנד. בעזונדערס האט מען געהאפט, אז עס וועט זיך איינגעבען צו „פערקניפּלען” די נאציאנאליסטען מיט די אקטיאבריסטען אין אן ענגערן פאליטישען אבמאך און אויף אזא אופן צו בעשאפען אין דער פערטער גאסודארסט־

זוענער דומע דעם נויטיגען צענטער, כּדי אונזער אונטערשטע „גע־זעצגעבערישע פּאַלאַטע״ זאָל קאָנען רוהיג אַרבּייטען אין מאַקלאַקאָווס און קאַסאָ׳ס גייסט. און וואָס זשע האָט זיך אויסגעלאָזט? דיזעלבּע אָק־טיאַבּריסטען, וואָס האָבּען זיך אין דער דריטער דומע אָבּגעזאָגט פֿון זייער אייגענער פֿאָהן, אַבּי נאָר זיי זאָלען קאָנען שפּיעלען „די ערשטע פֿידעל״ אין רוסלענדישען פּאַרלאַמענט; דיזעלבּע אָקטיאַבּריסטען, וואָס האָבּען פֿערגעסען זייער אייגענעם כּבוד אַלס פֿאָלקס־פֿערטרעטער און שטענדיג אָבּגעשלאָגען די שוועלען פֿון די מיניסטערשע וואוינונגען און קאַנצעליאַריעס, יאָגענדיג זיך נאָך מאַכט און הערשאַפֿט, — האָבּען פּלוצלונג אָנגעהויבּען מורא צו האָבּען פֿאַר זייערע נאָהענטסטע שכנים פֿון רעכטס און ווילען מיט זיי קיין מחותּנים נישט ווערען. ס׳דערגעהט אַזוי וויט, אַז די געצעהלטע אָקטיאַבּריסטען, וואָס זענען געקומען קיין קיעוו, האָבּען זיך געפֿיהלט דאָרט עפּיס ווי אויף אַ פֿרעמדער חתונה; אַליין ראָדזיאַנקאָ — דער פֿאָרזיצענדער פֿון דער גאָסודאַרסטווענע דומע — בּעקומט מיט גרויס מיה אַן איינלאַדונג אויף דעם קיעווער גובּערנאַטאָרס מאָלצייט, און דער גרעסטער אָקטיאַבּריסטישער פּאָליטיקער, גוטשקאָוו, מוז נעבּיך אַוועקלעגען אין קעשענע די יום־טובֿדיגע רעדע, וואָס ער האָט צוגעגרייט צו האַלטען בּיים אָבּדעקען דעם דענקמאָל. אַזאַ זאַך וואָלט זיך נישט געקאָנט טרעפֿען, ווען די אָקטיאַבּריסטען וואָלטען נישט געווען איבּערצייגט, אַז די נאַציאָנאַליסטישע פּאָליטיק האָט נישט קיין וואָרצלען אין דער בּעפֿעלקערונג, און עס האַלט מיט איהר נישט אַזוי געהויבּען, ווי מען האָט בּיז איצט גערעכענט. און אין דעם פּרט מעג מען שוין די אָקטיאַבּריסטען גלויבּען.

אין דער אייגענער שטאָדט קיעוו קומען אין דער לעצטער צייט פֿאָר אַ רייה צוזאַמענפֿאָהרען, וואָס אויף זיי קלייבּען זיך צונויף פֿערטרע־טער פֿון די מעסיגסטע, מיושבֿדיגסטע און רוהיגסטע געזעלשאַפֿטליכע שיכטען: דער צוזאַמענפֿאָהר פֿון די רוסלענדישע קאָאָפּעראַטיווען אין אָנהויבּ אַווגוסט, און בּאַלד דערויף די צוזאַמענפֿאָהרען פֿון די לאַנד־ווירטען און פֿון די שטעדטישע זעלבּסטפֿערוואַלטונגען. אויף אַלע די דאָזיגע צוזאַמענפֿאָהרען פֿיהלט זיך גאַנץ בּולט אַן אָפּאָזיציאָנעלע שטי־מונג, ווערט אָפֿען אַרויסגעזאָגט דער פֿערלאַנג נאָך רעפֿאָרמעס. אַפֿילו דער קיעווער „נאַציאָנאַליסטישער העלד״ סאַווענקאָ האָט איצונד, קומענדיג פֿון קיעוו קיין פּעטערבּורג — געפֿונען פֿאַר נויטיג צו דערצעהלען, אַז דאָס געזעלשאַפֿטליכע לעבּען איז שוין לאַנג אַראָבּ פֿון „טויטען פּונקט״, און אַפֿילו די אַזוי גערופֿענע „אָרדנונגס־פּאַרטייען״ האָבּען זיך אומגעריכ־טערהייד אַ רוק געגעבּען נאָך לינקס...

מען קאָן אויך ניט אַוועקמאַכען אונטער'ן האַנד דעם פּאָליטישען שמועס, וואָס איז נישט לאַנג פֿאָרגעקומען צווישען פּרעמיער-מיניסטער קאָקאָווצעוו'ן און דעם פֿאָרזיצענדען פֿון ניזשני-נאָווגאָראָדער יריד-קאָמיטעט, דעם דעפּוטאַט סאַלאַזקינ'ען. דער איצטיגער פּרעמיער-מיניסטער, וואָס האָט זיך, ווי ער אַליין האָט נישט איין מאָל אַרויסגעזאָגט, געשטעלט פֿאַר זיין וויכטיגסטער אויפֿגאַבע אויפֿצוהויבען די אינדוסטריע און האַנדעל פֿון דער רוסישער מדינה, געפֿינט, פֿערשטעהט זיך, דעם פֿריינדליכסטען קבלת פּנים ביי די פֿערטרעטער פֿון דער רוסלענדישער גרויס-בורזשואַזיע אין ניזשני-נאָווגאָראָד. פֿון זיין כּבוד וועגען ווערט געמאַכט אַ באַנקעט, און מען שמועסט זיך דערביי דורך, ווי אונזער זיידע מענדעלי האָט זיך ליעב אויסצודריקען, פֿון תּוך-זאַכען. מען בעריהרט דערביי די לעבעדיגסטע אינטערעסען פֿון רוסישען האַנדעל און פֿון דער רוסישער פֿאַבריקאַציע. און מיט אַמאָל הויבט אָן דער דעפּוטאַט סאַלאַזקין גאָר אַ פּאָליטישע רעדע, דערמאָנט דעם פּרעמיער-מיניסטער וועגען די צוגעזאָגטע רעפֿאָרמעס פֿון 17-טען אָקטאָבער און דערגעהט אַזוי וויט, אַז ער זאָגט אַרויס זיין משפּט וועגען די יודישע בעגרענצונגען, וואָס שאַדען דער רוהיגער און ערפֿאָלגרייכער ענטוויקלונג פֿונ'ם לאַנד. און גערעדט האָט ער נישט אַלס ליבעראַלער דעפּוטאַט, נאָר אין נאָמען פֿון דעם רוסלענדישען קאַפּיטאַליסטען-קלאַס, וואָס האָט איהם שוין פֿריהער געגעבען רשות דערויף. מיר ווייסען, אַז די רוסלענדישע בורזשואַזיע האָט ביז דער לעצטער צייט כּמעט פֿעסט געהאַלטען זיך אָן דער שיטה פֿון „שתדלנות-געהנג" און „הינטער-טיר-פּאָליטיק". זי האָט ביז איצט שטענדיג נאָר געבעטעלט אין די מיניסטערשע קאַנצעלאַריעס, פּריווילעגיעס און הלוואות פֿאַר זיך. און קוים פֿלעגט זי אַרויסבעקומען די נויטיגע „קלינגערס" און דעם געווינשטען שוץ פֿאַר איהרע פֿאַבריקען און האַנדעלס-אונטערנעהמונגען, אַזוי איז זי געווען העכסט צופֿרידען. אין פּאָליטישע ענינים האָט זי זיך נישט געמישט, און ביי דעם וואָרט „פֿרייהייט" פֿלעגט איהר אָבּנעמען דעם לשון. איצונד איז עס, אַפּנים, אַנדערש געוואָרען: אונזער בורזשואַזיע פֿיהלט שוין, אַז די אינטערעסען פֿון דער אינדוסטריע און פֿונ'ם האַנדעל זענען לאַנג פֿערבונדען מיט'ן עקאָנאָמישען און רעכטליכען מצב פֿון גאַנצען לאַנד, ווי אויך מיט דעם גאַנצען קורס פֿון אונזער אינעווייניגסטער פּאָליטיק. און נישט נאָר זי פֿערשטעהט עס, נאָר זי פּרובט זיך שוין אַריינמישען אין די אינעווייניגסטע ענינים פֿון דער מלוכה, פּרובט זיך פֿערלאַנגען רעפֿאָרמעס און אַ פֿרייערע געזעלשאַפֿטליכע אָרדנונג. משמעות, אַז אונזער רוסישע בורזשואַזיע ווערט שוין אַ ק ע נ ט י ג ע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ק ר אַ פֿ ט

און זי פֿיהלט עס אויך. דעריבער ווילט זיך איהר שפּיעלען אַ ראָליע אין גאַנצען לעבען פֿון דער מדינה, זאָגען איהר מעכֿטיג וואָרט בּיי דעם אויסבוי פֿון דער נייער אָרדנונג. ווען, אַלזוי, דער דאָזיגער ניי־אויפֿגעקומענער און תּקיף געוואָרענער געזעלשאַפֿטליכֿער קלאַס געפֿינט פֿאַר נויטיג אָפֿען צו שטעלען זיך פֿאַר יודען און זייערע רעכֿט, — איז עס דאָך אַ סימן, אַז מיר האַלטען בּיי אַן אָנהויב פֿון בעסערע צייטען.

אויך אין פּוילישען קאַנט זענען אין פֿערגאַנגענעם מאָנאַט פֿאָרגעקומען אייניגע פֿאָרפֿאַלען, וואָס וועלען זיכֿער נישט בלייבען אָהן אַ ווירקונג אויף דעם ווייטערדיגען גורל פֿון דעם קאַמף קעגען יודען, וועלכֿער שפּיעלט זיך דאָרט איצונד אָב מיט אַזאַ אימפּעט און האַסט. דאָס אָריגינעלסטע, און אויך טרויעריגסטע, אין פּוילישען פּראַקטישען און גייסטיגען אַנטיסעמיטיזם בעשטעהט דערין, וואָס ער טראָגט אויף זיך, ווענינגסטענס פֿון אויבען־אויף, אַ פּראָגרעסיווען, צום טייל אַפֿילו אַ דעמאָקראַטישען שטעמפּעל. די פּוילישע אַנטיסעמיטישע אידעאָלאָגיע בעמיהט זיך בּיז אויפֿ'ן היינטיגען טאָג פֿאָרצושטעלען אַפֿילו דעם אַכֿזריות'דיגען און ווילדען בּאָיקאָט ווי אַ היסטאָריש־נויטיגע פֿאָרם פֿון נאַציאָנאַלען זעלבּסטשוץ. און די בּאָיקאָט־פּראַקטיקער זעהען ווי ווייט מעגליך אויסצונוצען אין זייער שטרייט קעגען יודישען האַנדעל און אַפֿילו קעגען דעם יודישען האַנדוועריק די פֿאָרטשריטליכֿע און פֿאָלקסטימליכֿע קאָאָפּעראַטיווע בעוועגונג, וואָס איז שטאַרק פֿערשפּרייט אין דער פּוילישער געגענד. דעריבער האָט אַ בעזונדער בעדייטונג דער פֿאַקט, וואָס אין די געבּרויכֿס־פֿעראיינען פֿון די אַרבּייטער הויבּט מען אָן אַרויסצוטרעטען קעגען דער בּאָיקאָט־בעוועגונג און איהרע רעזולטאַטען. שוין אויפֿ'ן לעצטען צוזאַמענפֿאָהר פֿון די קאָנסום־פֿעראיינען האָבען זיך געהערט שאַרפֿע פּראָטעסט־שטימען קעגען בּאָיקאָט. דאָרט איז, צום ערשטען מאָל קלאָר און בולט אַרויסגעזאָגט געוואָרען דער געדאַנק, אַז דערמיט, וואָס דער בּאָיקאָט טראָגט אַריין נאַציאָנאַלע מאָטיווען און ציעלען אין פּוילישען האַנדעל און נעמט אונטער דעם שוץ פֿון גאַנצען פֿאָלק די קרעמערשע אינטערעסען פֿון דער פּוילישער גרויסער און קליינער בורזשואַזיע, בּרענגט ער דעם גרעסטען שאָדען די שטאָדטישע און דאָרפֿישע פֿאָלקס־מאַסען און האַלט אָב דעם נאַטירליכֿען וואַקסען פֿון דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג. דער דאָזיגער געדאַנק ווערט שפּעטער בּרייטער און טיפֿער אַרומגערעדט אין דער קאָאָפּעראַטיווער צייטונג „ספּאָלעם", דעם אָרגאַן פֿון די פֿעראייניגטע קאָנסום־פֿעראיינען, וואו עס ווערט בעוויזען, וואָס פֿאַר אַ גרויסע סכּנה עס ליגט פֿאַר דער פּוילישער אַרבּייטער־קאָאָפּעראַציע אין דער כּלומרשט פֿערהייליגטער בּאָיקאָט־בעוועגונג. הויבּט מען, אַלזוי, אָן אין די בע־

וואוסטזיניגערע קרייזען צו פֿיהלען דעם גרויסען אונטערשייד, כּוואָלט געזאָגט, די סתירה, דעם ווידעראַנאַנד, וואָס ליגט צווישען דער באַיקאָט־בעוועגונג פֿון איין זייט און דער קאָאָפּעראַטיווער בעוועגונג פֿון דער אַנדער זייט, אַזוי קאָן מען מיט רעכֿט האָפֿען, אַז פֿריהער אָדער שפּעטער וועט זיך די פּוילישע קאָאָפּעראַציע אין אַלע אירע געשטאַלטען אָבּרייניגען פֿון דעם מיאוסען אין פֿערפֿילטען באָיקאָט־גייסט, וואָס איז אַריינגעדרונגען אין איהר, פֿערשמוצט אין פֿערטונקעלט אירע אמת־דעמאָקראַטישע און אידעלע ציעלען.

קיין געזונט וועט איך נישט צוגעבען דער פּוילישער באָיקאָט־בעוועגונג די לעצטע פֿעראָרדנונג קעגען באָיקאָט, וואָס עס האָט אָקאָרשט אַרויסגעגעבען דער וואַרשעווער גענעראַל־גובּערנאַטאָר. מיר, יודען, זענען פּרינציפּיעלע געגנער פֿון אַלערהאַנד אַדמיניסטראַטיווע פֿעראָרדנונגען, וואָס פּרובּען זיך אַרויפֿלעגען אַ צוים אויף געזעלשאַפֿטליכֿע בעוועגונגען, אַפֿילו דענסטמאָל, ווען די דאָזיגע בעוועגונגען זענען געווענדט קעגען אונז. מיר, פֿון אונזער זייט, האָבּען זיך קיין מאָל נישט געווענדט נאָך הילף צו דער אַדמיניסטראַציע, כאָטש אַפֿילו די באָיקאָטיסטען בעגעהען זיך אַנט־קעגען אונז מיט אַזוי פֿיעל רשעות און ווילדקייט. זיי אָבּער, די באָיקאָטיסטען, האָבּען גראָד נישט איין מאָל געפּרובּט זיך אויסצונוצען דעם אַדמיניסטראַטיווען אַפּאַראַט און די רוסישע „געזעצליכֿע“ בעגרעניצונגען קעגען יודען צו זייערע צוועקען. זיי האָבּען די לעצטע צייט כּסדר אויפֿגעהעצט און געשטיסען די אומבּעוואוסטזיניגע פּויערים צו מסר׳ן די יודען, וואָס וואוינען אין די דערפֿער אויף פּויערשער ערד, און אויף אַזאַ אופֿן האָבּען זיי מיט דער הילף פֿון דער אָרטיגער אַדמיניסטראַציע פֿעריאָגט הונדערטער יודישע פֿאַמיליעס פֿון די דאָרפֿישע געגענדען. די פּוילישע דעפּוטאַטען אין דומע האָבּען זיך נישט געשעמט צו מאַכֿען הנדלען די עקסט־רעכֿטע פּאַרטייען און די רוסישע נאַציאָנאַליסטען, אום מיט זייער הילף צו בּעגרעניצען די רעכֿט פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג בּנוגע צו דער קומענדיגער פּוילישער שטעדטישער זעלבּסט־פֿערוואַלטונג. זיי, די באָיקאָטיסטען, האָבּען געשיקט דעלעגאַציעס קיין פּעטערבּורג און משתדל געווען זיך צו בּעגרעניצען דעם אָנטייל פֿון יודען אין די געזעלשאַפֿטליכֿע קרעדיט־אַנשטאַלטען. און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער. די לעצטע פֿעראָרדנונג פֿונ׳ם וואַרשעווער גענעראַל־גובּערנאַטאָר בּעווייזט, אַז אין די אַדמיניסטראַטיווע קרייזען איז מען מעהר נישט גענייגט דעם בּאָיקאָט צו שטיצען. און אַזוי ווי אַזאַ מין פֿעראָרדנונג האָט נישט געקאָנט אַרויסגעגעבּען ווערען אָהן דער צושטימונג פֿון פּעטערבּורג, איז עס אַ סימן, אַז אויך אין די העכֿערע

אַדמיניסטראַטיווע קרייזען און בײ די „פּאַטריאָטישע״ פּאַרטייען, וואָס שטעהען נאָהענט צו זיי, איז מען נישט אַזוי צופֿרידען מיט די נצחונות פֿון פּוילישען בּאָיקאָט. פֿאַר דער פּוילישער בּאָיקאָט־בּעוועגונג, וואָס האָט אַזוי גערן אויסגענוצט די רוסישע פּאָליטישע רעאַקציע צו איהרע צוועקען, איז דאָס זיכער נישט קיין קליינער קלאַפּ.

זאָל נאָר די פּוילישע בּאָיקאָט־בּעוועגונג פֿערלירען די אינעוויינינגסטע קראַפֿט, וואָס זי שעפּט פֿון די פֿערפֿיהרטע פֿאָלקס־מאַסען, און צו גלייכער צייט נישט קאָנען בּענוצען זיך מיט דער שטיצע פֿון דער רוסלענדישער רעאַקציע, אַזוי וועט זי בּיסלעכווייז מוזען אַריין אין איהרע נאַטירליכע קרעמערשע גרענעצען און סוף כל סוף וועט זי פֿריהער אָדער שפּעטער דערטרונקען ווערען אין דעם שמוץ און בּלאָטע, וואָס זי האָט אַרום זיך בּעשאַפֿען...

*

צווישען די געשעהענישען פֿון אונזער אינעווייניגסטען יודישען לעבּען פֿאַר׳ן לעצטען חודש פֿערנעמט, בּלי שום ספֿק, דעם ערשטען פּלאַץ דער עלפֿטער ציוניסטישער קאָנגרעס אין וויען.

אַליץ איז אין דעם דאָזיגען קאָנגרעס געווען אייגענאַרטיג און ניי. פֿון אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסען האָט קיינער נישט אָנגעמאַכט אַזאַ „האַרמידער״, אַזאַ טומעל און אַזאַ קאָכעניש, ווי דער לעצטער. קיינער פֿון זיי האָט נישט געהאַט אַזוי פֿיעל פֿאָרקאָנפֿערענצען, קאָנפֿערענצען, צונויפֿפֿאָהרען און מיטינגען, ווי דער וויענער. היינט די קינעמאַטאָגראַפֿישע און טעאַטראַלישע פֿאָרשטעלונגען, די טורנער־שפּיעלערייען, די אויסשטעלונגען, די גראַנדיעזע פּראָצעסיע אויף הערצל׳ס קבֿר און אַלערהאַנד אַנדערע דעמאָנסטראַציעס... כ׳גלייב, אַז דערין, וואָס די ציוניסטען האָבּען זיך דאָס מאָל אַזוי פֿיעל אָבּגעגעבּען מיט דער אויסווייניגסטער בּעפּוצונג פֿון קאָנגרעס, מיט פֿערשיידענאַרטיגסטע דעקאָראַציעס, ליגט, בּיז צו אַ געוויסער מדרגה, אַ שטיק דיפּלאָמאַטישע קונסט. מען האָט פּשוט געוואָלט פֿערדעקען און פֿערשלייערן די אינעווייניגסטע אָרימקייט פֿון דער אַרבּייטס־פּראָגראַם, וואָס דער לעצטער קאָנגרעס האָט אַרויסגעשטעלט. דער וויכטיגסטער מאָמענט פֿונ׳ם קאָנגרעס איז אייגענטליך געווען דער קאַמף פֿאַר דער קאָלאָניאַל־בּאַנק און אַלע אַנדערע ציוניסטישע פֿינאַנץ־אינסטיטוציעס, דער קאַמף, וואָס האָט זיך אויף אַ ווייל מיט אַזאַ שטורעם פֿונאַנדערגעפֿלאַקערט צווישען דער מזרח־ציוניסטישער מעהרהייט און דער מערבֿ־ציוניסטישער אָפּאָזיציע. פּרינציפּיעל זענען גערעכט געווען גראָד די מזרח־ציוניסטען, וועלכע האָבּען פֿערלאַנגט, אַז די אָפֿיציעלע פֿיהרער פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַ

ציע אָדער ריכטיגער — דער אַקציאָנס־קאָמיטעט, זאָל זיין דער בעל־הבית איבער די ציוניסטישע פֿינאַנץ־מיטלען. דער אָנפֿיהרער פֿון דער אָפּאָזיציע האָט אַפֿילו אָנגעוויזען אויף די אייראָפּעאישע לענדער, וואו די מלוכה־בענק שטעהען נישט אינגאַנצען אין רשות פֿון די רעגירונגען. דער דאָזיגער אָנווייז איז אָבער נישט קיין געלונגענער. מען דאַרף נישט פֿערגעסען, אַז אין יעדען אייראָפּעאישען לאַנד איז די מלוכה־באַנק אַ פֿיעל־פֿערצווייגטער פֿינאַנץ־אינסטיטוט, וואָס רעגולירט דעם האַנדעל, די אינדוסטריע און די לאַנדווירטשאַפֿט, קורץ, דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע לעבען פֿונ'ם לאַנד. די רעגירונג ווידער, געהערט אומעטום צו אַ געוויסער פּאַרטיי, פֿערטרעט די אינטערעסען פֿון בעשטימטע געזעלשאַפֿטליכע קלאַסען, און עס איז דעריבער אוממעגליך, די רעגירונג אַליין זאָל האָבען די גאַנצע דעה איבער דער מלוכה־באַנק און אויסנוצען איהם בלויז פֿאַר איהרע צוועקען. די ציוניסטישע קאָלאָניאַל־באַנק מיט אַלע אַנדערע פֿינאַנץ־אַנשטאַלטען האָבען, פֿערקעהרט, קיין שום שייכות נישט צו דעם עקאָנאָמישען לעבען פֿון דער יודישער בעפֿעלקערונג: זיי זענען ספּעציעל בעשאַפֿען געוואָרען צוליעב ריין־ציוניסטישע ציעלען, ספּעציעל בעשטימט פֿאַר דער ציוניסטישער אַרבייט. איז עס דעריבער גאַנץ נאַטירליך, ווען די ציוניסטישע הנהגה, וואָס אין איהרע הענד איז קאָנצענטרירט די ציוניסטישע טעטיגקייט, וויל איינהאַלטען אין איהר רשות די פֿינאַנץ־מיטלען, וואָס אָהן זיי קאָן איהר גאַנצע אַרבייט קיין שום ממשות נישט האָבען. און ווען דער מזרח־ציוניסטישע מעהרהייט האָט אין דער לעצטער מינוט געפֿונען פֿאַר נויטיג צו געהן אויף אַ פּשרה, פּאַקטיש הייסט עס, נאָכגעבען דער אָפּאָזיציע, אַזוי האָט זי זיך דערמיט געגעבען דעם גרעסטען קלאַפּ. וואָרום דערמיט האָבען זיי, קודם כל, בעוויזען, אַז זיי אַליין האָבען שטאַרקע ספֿקות אין דעם ערפֿאָלג, אין דער פּרוכפּערקייט פֿון זייער אַזוי גערופֿענער „פּראַקטישער אַרבייט אין פּאַלעסטינע“, און זיי האָבען דעריבער מורא צו שטעלען אין ריזיקע די גאַנצע פֿינאַנץ־מיטלען, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט מיט אַזוי פֿיעל מיה צונויפֿגעקליבען. אַחוץ דעם, האָבען זיי מיט זייער אומגעלונגענער פּשרה דייטליך אַרויסגעזאָגט, אַז דער מזרח־ציוניסטישער מעהרהייט האָט זיך נישט געוואָלט אַריינרייסען מיט די מערב־ציוניסטען, וואָס זענען אַפֿילו אַ סך קלענער אין צאָהל, דערפֿאַר אָבער האָבען זיי אויף זייער צד די מערב־אייראָפּעאישע קולטורעלקייט, אַ ווייטערן פּאָליטישען בליק, און זענען דעריבער אַ גרויסע פּאָליטישע און קולטורעלע קראַפֿט, אָהן וועלכע די גאַנצע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע קאָן אַראָבזינקען צו דער שטופֿע פֿון אַ צווייטען, דערפֿאַר גופֿא פֿיעל ערגערן, „אָרע־

כער קאָמיטעט". דערמיט האָבען די מזרח=ציוניסטען איפּין עלפֿטען קאָנ=
גרעס אַרויסגעשטעלט זייער איצטיגער נייער שיטה איהר testimonium
paupertatis איהר סימן דלות, כאָטש אַפילו זיי האָבען עס בשעת מעשה
אַליין נישט בעמערקט.

דער איינציגער פּאָזיטיווער אויפטו פֿון עלפֿטען קאָנגרעס בע=
שטעהט אין דער רעזאָלוציע וועגען אַ יודישער אוניווערסיטעט אין ירושלים,
וואָס איז אָנגענומען געוואָרען, לויט'ן פֿאָרשלאָג פֿון אוסישקינ'ען, בשעת
נעילה, האַרט פֿאַר דעם שלוס פֿון קאָנגרעס. נישט אומזיסט האָט די
דאָזיגע רעזאָלוציע אַרויסגערופֿען אַזאַ גרויסע התלהבות ביי די דעלע=
גאַטען. אָבער אויך מיט דעם דאָזיגען, בעצם גענומען, גאַנץ וויכטי=
גען בעשלוס, איז ווייניג אויפגעטאָן געוואָרען פֿאַר דעם גאַנצען יודי=
שען פֿאָלק, דערהויפּט פֿאַר די יודען אין רוסלאַנד. ראשית מוזען מיר
האָבען אין זינען, אַז די אוניווערסיטעטס=פֿראַגע איז בלויז איינע צווי=
שען הונדערטער אַנדערע פֿראַגען, וואָס דאָס לעבען האָט אַרויסגערו=
פֿען, און יעדענפֿאַלס נישט די ערשטע און וויכטיגסטע, ווענינגסטענס,
ווי ווייט עס קומען אין בעטראַכט די לעבענס=אינטערעסען פֿון די ברייטע
טע פֿאָלקס=שיכטען. צווייטענס, קאָן די אוניווערסיטעט=פֿראַגע, אַליין פֿאַר
זיך גענומען, אין קיין פֿאַל נישט פֿערענטפֿערט ווערען דורך דער ציו=
ניסטישער רעזאָלוציע. מיט רעכט בעמערקט ר. בלאַנק אין וואָסכאָד
נום. 38, אַז ביי דער איצטיגער פּאָליטישער קאָניונקטור אין רוסלאַנד
איז נישטאָ וואָס צו האָפֿען, אַז די יונגע לייט, וואָס וועלען ענדיגען
דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים, וועלען קאָנען בעקומען דיפּלאָמען אויך
אין רוסלאַנד און אַרבייטען אין יודישען תחום. זיי אַלע וועלען מוזען
אַלזאָ זוכען זיך אַרבייט אין דער טערקיי אָדער אפשר אויך ערגיץ=וואו
אַנדערש. וואָס זשע וועלען האָבען דערפֿון די יודישע פֿאָלקס=מאַסען
אין רוסלאַנד, ווען די יודישע אויסגעשטודירטע יוגענד וועט פֿון זיי
כמדר אַוועקגעהן און קיין מאָל נישט נוצען זיי מיט איהרע קענטעני=
שען? וואָס וועט דער רוב מנין און רוב בנין פֿון יודישען פֿאָלק האָ=
בען דערפֿון, וואָס די שטודירענדע יוגענד וועט צעזייהט און צעשפּרייט
ווערען איבער פֿרעמדע לענדער און אפשר אויך צווישען פֿרעמדע פֿעל=
קער? אָלא וואָס? טאָמער וועט מען אין רוסלאַנד אָנערקענען די ירושלימער
דיפּלאָמען און נישט שטערען די, וואָס האָבען געענדיגט די אוניווער=
סיטעט אין פּאַלעסטינע, צו אַרבייטען ביי אונז? אַז מיר וועלען אין
רוסלאַנד אָבער האַלטען ביי אַזאַ לאַגע, וועט אונזער יוגענד נישט דאַר=
פֿען פֿאָהרען שטודירען קיין אויסלאַנד און אויך נישט קיין ירושלים.
אַלזוי, מיט דער אוניווערסיטעט אין פּאַלעסטינע, ווען אַפילו זי זאָל

# די יודישע וועלט.

אויסגעפֿיהרט ווערען, וועט די פֿראַגע וועגען העכערע בילדונג ביי אונז, יודען, נישט פֿערענטפֿערט ווערען און קיין פּראַקטישע בעדייטונג פֿאַר'ן כּלל וועט זי נישט האָבען, אַפֿילו ווען מען זאָל די דאָזיגע אוניווערסיטעט אַוועקשטעלען אויף דער געהעריגער הויך, וואָס דערין קאָן מען אויך האָבען שטאַרקע ספֿקות...

ס'קאָן זעהר זיין דעריבער, אַז זשאַבאָטינסקי'ס אוטאָפּיע וועגען העברעאיזירען די יודישע שול, ווי אויך די קריג־ערקלערונג, מיט וועלכער די רוסיש־ציוניסטישע פֿאָרקאָנפֿערענץ איז אַרויסגעטרעטען אַנטקעגען אונזער יודישער שפּראַך, זענען ביידע צוזאַמען נישט מעהר ווי אַ מיטעל צו פֿערדעקען די אינעווייניגסטע אָרימקייט פֿון דעם איצטיגען „פּראַקטישען" ציוניזם. יעדע געזעלשאַפֿטליכע אַרבייט אין וויטסטען פּשט פֿונ'ם וואָרט איז אוממעגליך אָהן געזעלשאַפֿטליכען קאַמף. אין פּראַקטישען ציוניזם איז אָבער קיין שום אָרט נישטאָ פֿאַר וואָסער עס איז קאַמף אין די גלות־לענדער. האָט מען זיך אָנגעכאַפּט פֿאַר'ן שטרייט קעגען יודיש. אַ שלעכטער שטרייט, אָהן דער מינדסטער האָפֿענונג אויף ערפֿאָלג, אָבער פֿאָרט אַ שטרייט, ערגאָ איז דאָך פֿאַרהאַן אַ געגענוואַרטס־אַרבייט אויך אין גלות. מיר דוכט אָבער, אַז די אָנהענגער פֿון אונזער יודישער שפּראַך האָבען קיין שום יסוד נישט אויפֿגערודערט צו זיין פֿון די דאָזיגע פֿריש־געבאַקענע ציוניסטישע אוטאָפּיעס, און עס איז גאָר נישט נויטיג אויפֿצונעמען דעם קאַמף קעגען יודיש און אַרויסצוטרעטען קעגען די נייע געגנער פֿון אונזער מאַמע־לשון אין געשלאָסענע רייהען. אַ שפּראַך, וואָס אויף איהר רעדען און טראַכטען מיליאָנען יודען; אַ שפּראַך, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט בעוויזען צו בעשאַפֿען אַזאַ שענע ליטעראַטור; אַ שפּראַך, וואָס האָט אונז געגעבען אַזעלכע דיכטער, ווי דער זיידע מענדעלע, פּרץ, שלום־עליכם, שלום אַש, מאָריס ראָזענפֿעלד און אַנדערע — אַזאַ שפּראַך האָט לחלוטין נישט וואָס צו שרעקען זיך פֿאַר נאַאיווע דאָן־קיכאָטען מיט פּאַפּירענע שווערדען, ווי גרויס עס זאָל ניט זיין זייער צאָהל. נאָך מעהר. מיר דוכט, אַז מיט דעם אַרויסטרעט קעגען יודיש האָבען די רוסישע ציוניסטען שוין איצט דערגרייכט דעם היפּוך פֿון דעם, וואָס זיי זענען אויסען. די יודישע שפּראַך איז, ווי מיר ווייסען, קיין מאָל אין חשיבות ניט געווען אין דער ציוניסטישער וועלט. צו אַלע צייטען האָבען די ציוניסטען נישט אויפֿגעהערט צו טייטלען מיט'ן גראָבען פֿינגער אויפ'ן „מיאוס'ען יחוס" פֿונ'ם זשאַרגאָן, תּמיד געזעהן אין אונזער שפּראַך נישט מעהר ווי אַ שפּחה, אַ דינסטמויד, וואָס מען האָט פֿעראַכט פֿון גאַנצען האַרצען, אָבער נישט אָבגעזאָגט פֿון שטוב, וויל מען האָט געמוזט צו איהר אָנ-

קומען, רעדענדיג מיט׳ן המון. איצונד רעדען שוין די ציוניסטען גאָר
אַנדערע ווערטער. דערקלערען אַ קריג דער יודישער שפּראַך — הייסט,
אַז די דאָזיגע שפּראַך איז נישט קיין דינסטמויד, וואָס מען האַלט
אין שטוב פון רחמנות וועגען, נאָר אַ שטאַרקע האַרינטע, אַ גרויסע קול-
טורעלע קראַפט, וואָס מען מוז מיט איהר מלחמה האַלטען, ווי
מיט יעדען גרויסען און געפעהרליכען געגנער. אין דער אומגעביטענער
טאַקטיק בנוגע צו יודיש ליגט פערבאָרגען די אָנערקענונג פון איהר
קולטורעלער בעדייטונג; אין דעם דערקלערטען קריג פיהלט זיך שוין
נישט פעראַכטונג, נאָר אַכטונג און שרעק, און מיר דאַרפען אפשר
דאַנקבאַר זיין די ציוניסטען דערפאַר, וואָס זיי האָבען עס אָנערקענט...

אַזעלכע פּראַקטישע פּאָליטיקער, ווי די ציוניסטען זענען, וועלען,
אגב, נאָך הונדערט מאָל איבערטראַכטען, איידער זיי וועלען זיך בע-
שליסען פטר׳ן זייערע, יעדענפאַלס, נישט נאָר גרויסע קרעפטען אויף
אַ קאַמף קעגען יודיש, וואָס זיי מוזען פערשפּיעלען און וואָס וועט זיי
אויך קיין גרויס כבוד נישט געבען. גיכער פון אַל׳ץ וועלען זיי לאָזען
צו-רוה אי די יודישע שפּראַך, אי די ברייטע פאָלקס-שיכטען, וואָס
רעדען יודיש. און דאָס וועט זיין אַ ריכטיגער שריט פון זייער זייט.
וואָרום צו-גרויס איז דער אָבגרונד, וואָס ליגט צווישען דעם ציוניס-
טישען פעסימיזם בנוגע צום גלות-לעבען, וואָס לויט איהם, מוז יעדע
ברייטע געזעלשאַפטליכע אַרבייט אין די גלות-לענדער ווערען אַ קללה
פאַר אונז, און צווישען דעם געזונטען יודישען אָפּטימיזם פון די גרוי-
סע פאָלקס-מאַסען, וואָס פערלירען נישט דעם מוט אין די ערגסטע צייי-
טען און גלויבען אין אַ בעסערער צוקונפט אין די מדינות, וואו זיי
לעבען איצונד. און זאָגען זיך די ציוניסטען דערצו אָב פון יעדער בריי-
טער פּאָליטישער און פּראַקטישער געגענוואַרטס-אַרבייט, אַזוי האָבען זיי
באמת נישט וואָס צו זאָגען אונזערע פאָלקס-מאַסען. צו וואָס זשע דאַר-
פען זיי, אַלזוי, זייער שפּראַך און זייער ליטעראַטור?

דער פּראַקטישער ציוניזם מיט זיין איצטיגער אַרבייט אין פּאַלעס-
טינע איז, ווי מיר דוכט, מעהר צוגעפּאַסט נישט צו דער גרויסער מאַ-
סע אַשכנזישע יודען, נאָר צו אונזערע ספרדישע ברידער. און אין דעם
פּרט, דוכט מיר, וואָלט דער ציוניזם טאַקע געקאָנט פיעל ממשות׳דיגס
אויפטון. אַ גרויסער טייל ספרדים לעבען שוין פון לאַנג אָן אין דער
טערקיי, וואו זיי האָבען נישט איבערגעלעבט די רדיפות און בעליי-
דיגונגען, וואָס מיר. פון דער אַנדער זייט איז אָבער די טערקישע מלוכה
אין איהר מאַטעריעלער און גייסטיגער ענטוויקלונג שטאַרק אָבגעשטאַ-
נען פון די אייראָפּעאישע לענדער, און מחמת דעם שטעהען די טער-

קיש־ספרדישע יודען אין מאַטעריעלן און קולטורעלן פרט אויף אַ נידעריגערער מדרגה, איידער די אייראָפּעאישע יודען, אַפילו אין די מזרח־לענדער. צווישען די טערקיש־ספרדישע יודען געפינט זיך, ווי סווייזט אויס, אַ גרויסער טייל מענשען, וואָס לעבען פון פיזישער אַרבייט, אַ רעכטע צאָהל פּראָלעטאַריער. די דאָזיגע אומשטאַנדען האָבען פון די ספרדים אויסגעאַרבייט גאָר אַ בעזונדער יודישען טיפּ, אַ טיפּ פון אַ פּרימיטיווערן און געזונטערן מענשען, איידער די אייראָפּעאישע יודען. דער באַלקאַנישער קריג האָט חרוב געמאַכט פינף ספרדישע קהילות, בעשאַפען אַ נייע טראַגעדיע פון די באַלקאַנישע יודען. מיט דעם אַריבערגאַנג פון דעם גרעסטען טייל אייראָפּעאישער טערקיי צו די סלאַווישע באַלקאַן־מלוכות, ווערען פאַר די ספרדישע יודען בעשאַפען נייע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע פערהעלטענישען, צו וועלכע סוועט זיי נישט אַזוי גרינג זיין זיך צוצופּאַסען. פיעל פון זיי וועלען מוזען אויסוואַנדערן. עס קאָן זיין, אַז פאַר די ספרדים, וואָס זענען ענג צונויפגעוואַקסען מיט דער טערקישער מלוכה, און וואָס דאָס טערקישע פאָלק האָט אין זיי די געטרייעסטע בירגער און פריינד, איז עס טאַקע דער גלייכסטער פּלאַן אַריבערוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע און די אַרומיגע געגענדען. די ספרדים פיהלען זעהר גוט, אַז עס קומען פאַר זיי אָן נייע צייטען, זיי הויבען זיך אָן צו אָרגאַניזירען און רעכענען זיך מיט דעם, אַז זיי וועט אויסקומען פון גרונד אויס איבערצובויען זייער מאַטעריעל און גייסטיג לעבען. צו גלייכער צייט הויבען זיי זיך שטאַרק אָן צו אינטערעסירען מיט'ן ציוניזם. נישט אומזיסט איז דער חכם־באַשי פון סאַלאָניק געקומען אויפ'ן עלפטען קאָנגרעס. נישט אומזיסט איז גראָד אין דער צייט פונ'ם קאָנגרעס געגרינדעט געוואָרען אין וויען די נייע אַלוועלטליכע ספרדישע אָרגאַניזאַציע. אָט די דאָזיגע נייע לאַגע און נייע שטימונג פון די ספרדים וואָלטען די ציוניסטען געקאָנט אויסנוצען. עס פערשטעהט זיך, אַז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע וועט מיט איהרע אייגענע קרעפטען די ספרדישע פראַגע נישט פערענטפערן, און עס וועלען איהר מוזען קומען צו הילף די אַנדערע יודישע חברות און אָרגאַניזאַציעס, וואָס נעמען נאָהענט צום האַרצען דעם גורל און די אינטערעסען פון אונזער נאַציע אין פערשיידענע לענדער.

דער עלפטער קאָנגרעס האָט, ווי מיר דוכט, דעם דאָזיגען וועג אָנגעוויזען פאַר'ן פּראַקטישען ציוניזם, און אין דער ריכטונג וואָלט ער אויך געדאַרפט אַרבייטען, אויב ער וויל זיך נישט פערלירען און אויסוועבען אין נאַאיווע און קינדערשע אוטאָפּיעס...

* *
*

מיר האָבען שוין די רעזולטאַטען פֿון דעם גורל, וואָס דער בילדונגס-מיניסטער קאַסאָ האָט ספּעציעל אײַנגעפֿיהרט ביי דער אויפֿנאַם פֿון יודען אין די הויכשולען. די רעזולטאַטען בעווייזען, אַז דער מיניסטער האָט קיין טעות נישט געהאַט אין זיין רעכנונג, און עס איז דורכ'ן גורל געלונגען צו דערווייטערן פֿון העכערע בילדונג גראָד די בעסערע און פֿעהיגערע יודישע קרעפֿטען.

אין פֿערגאַנגענעם מאָנאַט זענען פֿאָרגעקומען די לאָדזער רבֿ-וואַהלען. די דאָזיגע וואַהלען זענען אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי האָבען בעוויזען, אַז אַפֿילו די איצטיגע קהילה האָט נישט אינגאַנצען אָנגעוואָרען איהר אינעווייניגסטע לעבענס-קראַפֿט און איהר פֿעהיגקייט צוצופּאַסען זיך צו די נייע אומשטאַנדען פֿון דער צייט. אַפֿילו אַזעלכע אָבגעשטאַנענע עלעמענטען, ווי די חסידים אין פּוילין, האָבען ביי די וואַהלען בענוצט זיך מיט די ברייטע, דעמאָקראַטישע פֿאָרמען פֿון אַגיטאַציע, האָבען געזוכט צו ווירקען אויף די וועהלער דורך פֿערזאַמלונגען, צייטונגען, בראָשורען, אויפֿרופֿען און אַזוי ווייטער.

ביידע ערשיינונגען פֿערדינען ברייטער אַרומגערעדט צו ווערען, ליידער אָבער איז מיין איבערזיכט שוין אַזוי אויך צו גרויס, און כ'מוז זיך דאָ אָבשטעלען.

איך ענדיג די דאָזיגע איבערזיכט אין אַזעהר וויכטיגען מאָמענט — ערבֿ דעם טאָג, ווען עס הויבט זיך ענדליך אָן דער ביילים-פּראָצעס. וועה! אונזערע שונאים האָבען דאָך געפֿונען פֿאַר נויטיג צו זייערע צוועקען אַוועקצושטעלען צום משפּט דאָס יודישע פֿאָלק. מיר וועלען אָבער אונזער מוט ניט פֿערלירען און האָפֿען, אַז דער אמת וועט זיגען, ווי עס זאָלען איהם נישט בעמיהען זיך צו פֿערשטעלען אַלע יענע, וואָס שעפּען זייער קראַפֿט פֿון שקר און שנאה.

# ליכט און שאטען.

Hebraismus militans.—אליקום צונזער.

## I.

## Hebraismus militans.

„העברעאיסטען" האַלטען מלחמה. אַנטקעגען וועמען, פערשטעהט זיך ממילא.

העכער הונדערט צוואַנציג יאָהר, ווי זיי האַלטען אין איין מלחמה פיהרען מיט'ן יודישען פאָלק. פונקט הונדערט מיט פינף־און־צוואַנציג יאָהר ווערט איצונד, זינט מענדעלסאָנ'ס תלמיד, דוד פרידלענדער, איז אַרויס אַנטקעגען דער יודישער שפראַך מיט אַ פלאַמענדיגען קול קורא (1788 יאָהר). מיט וואָסערע כלי זין האָט מען זיך ניט בעדינט קעגען דעם פערהאַכטען מאַמע־לשון! אַייכעל, דער רעדאַקטאָר פון „המאַסף", אַלזוי, איינער פון די ערשטע „העבראַאיסטען", האָט געשמיסען די מוטער־שפראַך מיט גראָבע ריטער פון אַ שונד־סאַטירע; טוביה פעדער, גראָד מיט הונדערט יאָהר צוריק, האָט געפרובט ווירקען מיט פאַסקוויל און בלאָטע („קול מחצצים"), און זיינע גוטע פריינד און תלמידים אין דייטשלאַנד, בעהמען, פוילען, רוסלאַנד האָבען זיך בענוצט מיט'ן אַלטען יודישען מיטעל פון מסירה ביים פריץ.

אַלע אַרגומענטען, ראיות און טענות, אַלע כלי זין זענען שוין אַזוי אַלט, אַזוי בעקאַנט. זינט הונדערט פינף־און־צוואַנציג יאָהר האָבען די קעמפענדיגע „העבראַאיסטען" ניט אויסגעטראַכט קיין איין נייעם אַרגומענט. יודיש איז אינאיינעם מיט זיין פאָלק פאַר דער לאַנגער צייט העכער און העכער געוואַקסען, האָט לגמרי אומגעאַנדערשט זיין פרצוף און זיינע בגדים, האָט פון זיך אַראָבגעוואָרפען די קאַפאָטע און אָנגעטאָן אַן אַרבייטער־העמדעל, דערנאָך זיך נאָך מעהר אויסגעפוצט, איז אַרויס אויפ'ן גאַס אין קראַגען און הענטשקעס, אויף דער ביהנע אין פראַק און דעקאָלטע. די יודישע שפראַך האָט אין משך פון די העכער הונדערט יאָהר אויך ראַדיקאַל געביטען איהרע קאַמף־פאָזיציעס און טאַקטיק. פריהער אַ שעמעוודיגע, אַ דערשראָקענע, האָט זי זיך נאָר געבעטען, מען זאָל זי לאָזען כאָטש נאָך אַ ביסעל זשיפען אויף דער ערד, מען זאָל זי לאָזען רוהיג לעבען, זי וועט קיינעם ניט טשעפען, זאָל מען זי אויך ניט טשעפען, זי וויל קיינעם קיין רעות ניט טאָן. און צולעצט איז איז די „שפחה" אויפגעשטאַנען אַקעגען דער „גבירה", האָט זיך פראָק־

לאַמירט פאַר אַ נאַציאָנאַל־שפּראַך און פערלאַנגט צו הערשען איבער דעם פאָלקס־גייסט.

און די „העבראַאיסטען" האַלטען נאָך אַלץ ביים אַלטען. אחד העם קעמפפט מיט (אמת, אַ ביסעל פערפוצטע) פאַסקווילען — אָבער טוביה פעדער איז דערין געווים געוועזן מעהר בריה. ה׳ פרוג שימפפט מיט אַ „סאַטירע", רחמנא לצלן, און אַנדערע בעגראָבען דעם „זשאַרגאָן" מיט טיפזיניגע דרשות. אויך קיין מסירה פעהלט ניט: אין יפו פערשטעהען שוין די לעהרער פון גמנסיה עברית דעם עסק ניט ערגער, ווי זייערע זיידעס אין פּראַג אָדער ברעסלוי.

געעהרטע הערן „העבראַאיסטען"! אַיילט זיך צו אומצובייטען אַייער טאַקטיק, ווייל איהר זעהט דאָך, מיט די אַלטע מיטלען האָט מען גאָר ניט געפועל׳ט, אַדרבא, דער „מיאוס׳ער זשאַרגאָן" איז נאָך „שעדליכער", נאָך „חוצפה׳דיגער", נאָך „מיאוס׳ער" געוואָרען. אפשר וואָלט שוין צייט געווען, איהר זאָלט אויסטראַכטען אַ גאָר־נייעם, נאָך ניט־געהערטען מיטעל? ווייל בשעת איהר וועט זיך נאָך אַלץ העלפען מיט אַייערע פון פאַר הונדערטיאָהריגע שירי המעלות, וועט דאָך דער „זשאַרגאָן", חלילה, זיך אַריבערפעקלען אויף נאָך נייערע, נאָך מעהר „געפעהרליכע" פאָזיציעס! יודיש וועט זיך, חלילה, גאָר אַריינכאַפּען אין דער מאָדערנער פאָלקס־שול!

אַיילט זיך צו! הערט זיך אַיין, וואָס ה׳ זשאַבאָטינסקי איז אַייך מתרה: „אויב זשאַרגאָן וועט ווערען די שפּראַך פון די למודים אין דער יודישער פאָלקס־שול, איז דאָס אַ טויט־קלאַפּ פאַר העברעאיש". טרייסט זיך ניט, וואָס זינט יודיש לעבט אויף דער וועלט, די זיבען — אָדער אַכט הונדערט יאָהר, איז עס תמיד געווען די שפּראַך פון די למודים אין חדר, פונ׳ם פלפול אין דער ישיבה, און פונדעסטוועגען האָט עס ניט געשאָדט דער העברעאישער שפּראַך. איהר טאָרט זיך ניט פערלאָזען אויף דעם אינעווייניגסטען היסטאָרישען ווערט פון העברעאיש, וואָס האָט איהר פערהיט פון טויט אין משך פון די צוויי טויזענד יאָהר, זינט יודען האָבען אויפגעהערט צו לערנען זייערע קינדער אין דער שפּראַך פון די נביאים. מען טאָר זיך ניט פערלאָזען אויף דער געשיכטע און אויף דער לעבענסקראַפט פון העברעאיש. אויף ה׳ זשאַבאָטינסקי׳ס פלענער דאַרפט איהר בויען, און נאָר אויף זיי.

און אַז איהר וועט פאָלגען און אָננעמען רעזאָלוציעס, וועט איהר ראַטעווען העברעאיש. טראַכט אויס נייע קאַמף־מיטלען; הונדערט פינף־און־צוואַנציג יאָהר וואַרטען די שאָטענס פון וועסעלי, אייכעל און פריד־

לענדער אויף אַייער נייעם וואָרט, אויפ'ן שאַרפֿסטען פֿון אַלע כלי־זין: אויף דער... אַלמעכטיגער רעזאָלוציע.

*

„העבראַאיסטען" פֿיהרען מלחמה. אַקעגען וועמען?

מיט התלהבות, מיט מסירת נפש קעמפֿען זיי אַנטקעגען... העב־רעאיש. ניט דעם „זשאַרגאָן", נאָר לשון הקודש און ניי־העברעאיש טרעפֿען זייערע פֿיילען. מאַכענדיג זיך אַליין לעכערליך און מיאוס אין די אויגען פֿון פֿאָלק, קערען זיי אָב זיין האַרץ פֿון יענער שפּראַך, פֿאַר וועלכער זיי בוקען זיך. די ברייטע מאַסע פֿערשטעהט ניט קיין איידעלע חלוקים. און אַפֿילו די בעוואוסטזיניגע זענען דאָך נאָר מענשען, זיי זענען אויך ניט פֿרעמד כעס־און־צער־געפֿיהלען. אַז די „העבראַאיסטען" שרייען אין נאָמען פֿון העברעאיש, איז גאַנץ נאַטירליך, אויב דעם עולם דוכט זיך אויס, אַז לשון קודש האָט זיי געגעבען דעם כח הרשאה אַרויסצוטרעטען אין זיין נאָמען.

דערפֿאַר מוזען מיר פּראָטעסטירען אַקעגען די „העבראַאיסטען", וואָס מיט זייערע מעשים און זלזולים גראָבען זיי מיט די אייגענע הענד אַ קבר פֿאַר העברעאיש. און נאָר איין טרייסט בלייבט אונז: די העברעאישע שפּראַך איז שוין אַזוי פֿיעל צרות אויסגעשטאַנען, בעת איהרע קנאים האָבען מיט אַיינגעעקשנ'טער האַסט געטאָן אַלצדינג, כדי צו פֿערשוואַרצען איהר ריינעם פּנים, איז זי דאָך געבליבען איידעל און געהויבען, זי האָט זיך נאָך טיפֿער איינגעוואָרצעלט אין די נייע יודישע לעבענס־פֿאָרמען, וועט זי איבערקומען אויך די אָנשיקעניש, וואָס רופֿט זיך אָן „העברעאיזם".

*

דאָס פּאָזיטיווע וואָרט, וואָס די „האַבראַאיסטען" האָבען אונז געבראַכט, איז געווען תחית השפה. און העברעאיש האָט טאַקע אין דער אמת'ן אָנגעהויבען צו לעבען אין מויל פֿון אַ דערוואַקסענדיגען דור. דאָס איז געוויס אַ נייער בעווייז פֿון דער לעבענספֿעהיגקייט פֿון דער שפּראַך, און אפשר איז דאָס טאַקע אַ פֿערדינסט פֿון „העברעאיסטען". אָבער פֿון וועלכע העברעאיסטען? וואו האָבען זיי דעם ערפֿאָלג דערגרייכט?

אין פּאַלעסטינע איז העברעאיש אויפֿגעלעבט געוואָרען, און דאָס אויך דערווייל נאָר אויף אַ העלפֿט, אָדער גאָר אויף אַ פֿינפֿט־, אויף אַ צעהנט־חלק. און ניט יענע „העברעאיסטען" האָבען דאָס אויפֿגעטאָן, וועלכע בעקעמפֿען דאָ דעם מאַמע־לשון און פֿערגיסען מיט בושה דעם לשון־קודש, — נאָר יענע, וואָס האָבען געטאָן, וואָס זיי האָבען גע־ 

רעדט, און אויסגעפֿיהרט, וואָס זיי האָבען געפּריידיגט. זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבען דער נייער ישוב אין ארץ־ישׂראל, זענען דאָרט געוואָר'ען גינציגע תּנאים פֿאַר דער אויפֿלעבונג פֿ'ן העבּרעאיש. ווייל אַלצד נג, וואָס ס'ווערט געטאָן אי'ן פּאַלעסטינע, טראָגט נאָך דערווייל מע'ר אָדער ווענ'־ניגער דעם כאַראַקטער פֿון עקספּערימענטען, ווערט קינצליך געבוי'ט אי'ן קינצליך דערהאַלטען, איז מעגליך דאָרט אויך די עקספּערימענטען מיט העבּרעאיש. איך געהער צו יענע, וואָס גלויבען אינ'ם קיום פֿון די דאָזיגע עקספּערימענטען. אָבער דאָ אין „גלות" עקספּערימענטען? פֿאַר די ציוניסטען, און בּפֿרט פֿאַר די שטאָל־פֿעסטע אַנטי־גלות'יסטען פּאַסט דאָך דאָס געוויס ניט. זיי האַלטען דאָך אין איין טענ'ען, אַז דאָ אין גלות האָט קיין שום נאַציאָנאַלער אויפֿטו קיין קיום ניט. איב אַזוי, וואָס פֿאַר אַ ממשות האָבען ה' זשאַבּאָטינסקי'ס נייכטע פּלענער מכח נייע העבּרע־אישע פֿערלאַגען, נייע קינדער־ליטעראַטור און פֿאָלקס־שולען אין העבּ־רעאיש דוקא דאָ אין גלות?

קומט דאָך אויס על פּי שׂכל הישר, אַז איידער אַרויסצוואַרפֿען דאָ העבּראַאיסטישע אַרבּייט און געלד, איז דאָך שוין בעסער, — איב מען קאָן שוין יאָ קריגען די פּאַר רובעל פֿאַר אַ נייעם פֿערלאַג און די אָנדערטהאַלב לעהרער פֿאַר אַ חדר מתוקן, שיקען זיי אַהין, וואו זיי קאָנען יאָ בּרענגען נוצען? אָדער אפשר האָט זיך ה' זשאַבּאָטינסקי'ן אויסגעדוכט אין פּאַלעסטינע, אַז אַלע יודען רעדען שוין דאָרט העבּ־רעאיש, אַז קיין שום יודישע קינדער געהען דאָרט ניט אי'ן מיסיאָנערן־שולען, און ס'בּלייבּט שוין דאָרט מעהר גאָרניט וואָס צו טון?

נאָר די גלות־העבּרעאיסטען ווילען דוקא דאָ עקספּערימענטען, זיי־ער אייגענעם אַנטי־גלות'יסטישען שׂכל אויף צעפּוקעניש. ה' זשאַבּאָ־טינסקי איז ביי זיי איינער פֿון די קלינסטע זשורנאַליסטען. און ווען אַ קלוגער מענש שפּאַרט זיך איין דעם שׂכל אויף צו להכעיס, ווער ווייס איהם איבּערשפּאַרען?

ב. באָראָכאָוו.

II.

## ר' אליקום צונזער.

מאָנטאָג, דעם 9־טען סעפּטעמבער איז אין ניו־יאָרק, 73 יאָהר אַלט, געשטאָרבען, פֿון אַ לונגען־ענטצינדונג, אליקום צונזער (ליאָקום בדחן), דער לעצטער מאָהיקאַנער פֿון דער אַלטער יודישער בּדחנות־

קונכט. נאָך מיט אַ יאָהר 10—15 צוריק זענען זיינע לידער אין קליינע שטעדטלעך געזונגען געוואָרען ווי פאָלקס=לידער. מיט אַ יאָהר 30—40 צוריק האָט ער זיי נאָך אַליין דעקלאַמירט און געזונגען אויף גבירישע חתונות, בריתין און אַנדערע שמחות. ער פלעגט אַליין שאַפען אי דעם טעקסט, אי די מעלאָדיע צו איהם. און דאָס האָט זיינע לידער פּאָפּולער געמאַכט. מחותנים און געסט פלעגען זיך פאַנאַנדערפאָהרען און פאַנאַנדערפיהרען איבער דער וועלט די נגונים פונים בעריהמטען בדחן. אַ ניגון געדענקט זיך; דערפאַר פלעגט מען אויך די ווערטער נישט פערגעסען. דערצו האָט צונזער שפּעטער אָנגעהויבען צו דרוקען די לידער, וואָס ער האָט געזונגען. אין זיין הקדמה צו די „נייעה אַכט לידער" מיט דעם נאָמען „קול רנה" (ווילנא, 1885) דערצעהלט ער, אַז ער האָט געזעהן, „אַז גמרא קעפלאַך נעמען גיך איבער אַ זאַך: וויא מען האָט מיך גיהערט אַמאָל צי צווייא איז שוין גיווען אַף מאָרגען גישריבין בייא זייא. עס האָט מיר פאַרדראָסען זייער מיה כלעבין און האָב זייא בעסער אַ פאַרטיגען, אַ גידרוקטען גיגעבען". אָבער אויך אין די געדרוקטע לידער איז דער עיקר געווען די מעלאָדיע, כאָטש זיי פלעגען זיך דרוקען אָהן נאָטען: „אויב איר לייענט אין ביכיל מיינע לידער, און די מעלאָדי האָט מען אייך ניט איבער גיגעבין, איז דאָס וויא אַ פאָטאָגראַפישע בילד, ליבע ברידער! דאַכט זיך אַלעס ריכטיג, נאָר עס פעלט — לעבען" — מיט די דאָזיגע ווערטער האָט זיך צונזער געווענדט צום לעזער אין איינער פון זיינע לידער=זאַמלונגען (המנגן, ווילנא, 1897).

די מעלאָדיע האָט געערדט צום געפיהל, צום האַרצען פונים צוהערער; זיין געדאַנק האָבען געוועקט די ווערטער פונים ליד. אין די ווערטער אָבער איז קיין געפיהל ניט געווען; קיין לירישען טאַלאַנט האָט צונזער ניט פערמאָגט; ער בלייבט אַ טרוקענער ליטוואַק אויך דאַן, ווען ער דערצעהלט וועגען זיין ווייב און זיינע קינדער, וואָס זענען אַלע געשטאָרבען פון כאָלערע אין יאָהר 1871.

נאָר נישט געקוקט אויף דעם, וואָס זיינע לידער זענען, להיפוך צו די אמת׳ע פאָלקסלידער, נישט ליריש, האָט דער עולם זיך געקוויקט מיט זיי: ווייבער פלעגען וויינען זיי הערענדיג; מאַנסביל פלעגען זיי צעצוקערן.

אַחוץ די מעלאָדיעס, וואָס זענען דעם פאָלק, משמעות, זעהר געפעלען געווען, האָט דאָ געווירקט נאָך די בעזונדער ראָלע, וואָס דער בדחן האָט געשפּיעלט אין יענער צייט און וואָס צונזער האָט אַריינגעגאָסען אין איהר אַ נייעם שטראָם לעבען און איהר צוגעגעבען אַ נייעם חן. גאָר אין אָנהויב (בדחנות איז, ווי בעוואוסט, זעהר אַן אַלטע

אינכטיטוציע בּיי יודען) איז דער בּדחן געווען אפשר נאָר אַ לץ, אַ
פֿרעהליך=מאַכער צום עסען אויף שמחות. שפּעטער האָט ער, דער ספּיטש=
זאָגער, דער צערעמאָניע=און טאַנץ=מייסטער פֿון יודישע חתונות, אָפט
איבּגעפיהרט אויך די פֿונקציעס פֿונ'ם חזן און פֿונ'ם מגיד. אין דער
תּקופה פֿון וועלוויל זבּאראזער אין גאַליציען, און אליקום צונ=
זער אין רוסלאַנד איז די בּדחנות שוין געווען אַן איבּערגאַנג פֿון חזנות
צום טעאַטער און פֿון מגידות צום זשורנאַליזם. די פֿון אונז, וואָס האָ=
בּען נאָך אַליין אַמאָל געהערט אַ רעכטען בּדחן אויף אַ יודישער שמחה,
ווייסען, אַז ער איז געווען דער ערשטער יודישער דיעקלאַמאַטאָר, דער
ערשטער יודישער קופּלעטיסט — דער פֿאָרגענגער פֿון דעם יודישען וואַ=
ריעטע=און אָפּערעטען=שפּילער. און מען דאַרף ניט האָבּען געהערט די
אַמאָליגע בּדחנים — גענוג אַ בּלעטער צו טאָן די געדרוקטע לידער, וואָס
זענען געבּליבּען פֿון זיי, כּדי צו דערפֿיהלען תּיכּף די נאָהענטע קרובֿ'ע=
שאַפֿט, וואָס איז פֿאַרהאַן צווישען אונזער זשורנאַליזם אין דער בּדחנות.
אַזוי ווי איצט די בּלאַט=צייטונג, אַזוי האָט דאַן די ליד דעם בּדחנ'ס פּאָ=
פּולאַריזירט אין פֿאָלק דעם גייסט פֿון דער צייט. צונזערס לידער, וואָס
רעדען וועגען השׂכּלה, ערד=אַרבּייט, חבֿת=ציון, לוקסוס, „פֿערדאָרבּענער
בּילדונג“, רייניער, געלייטערטער אמונה א. ד. ג., זענען מעהר נישט
ווי אין גראַמען אָנגעשריבּענע מאמרים פֿון „המגיד“ אָדער „השחר“. די
צייטונגען און זשורנאַלען, על פּי רובֿ, העבּרעאישע, פֿלעגען נישט דער=
גרייכען צו דער פֿאָלקס=מאַסע, פֿלעגט זי זיך דערוויסען וועגען די אַלע
נייעסען פֿונ'ם בּדחן. אליקום בּדחן מיט זיינע לידער האָט פֿאַר דער
פּאָפּולאַריזירונג פֿון די אידעען פֿון זיין צייט מעהר אפשר אויפֿגעטאָן,
ווי די מאמרים פֿון די דעמאָלטיגע צייטונגען, וואָס די מאַסע פֿלעגט
ווייניג לייענען און נאָך ווייניגער פֿערשטעהן. אליקום צונזער איז געווען
אַ מענש פֿון פֿאָלק (אין די יונגע יאָהרען איז ער געווען אַן איינפּאַכער אַר=
בּייטער, אַ שמוקלער), און ער איז פֿון פֿאָלק נישט אַוועק, נאָר מיט
איין טרעפּ איז ער העכער פֿון איהם געשטאַנען אין בּילדונג און אַלע
זיינע השׂגות — האָט דאָס פֿאָלק איהם גוט פֿערשטאַנען, און מיט אַ
בּעזונדער ליעבּע און צוטרוי האָט עס זיך צוגעהערט צו זיינע ווערטער.
ער איז קיינמאָל ניט געגאַנגען „קעגען שטראָם“, אין אַ פֿאָררעדע צו
זיינער אַ לידער=זאַמלונג זאָגט ער: „גייא זע, מיין ספּריל, גייא דיר
אין דער וועלט אַרום, בּיי אַלע כּתות, זייא פֿול אומעטום, שטייא מיט
הכנעה פֿאַר די אידען דיא פֿרומע, זייא ניט שטאָלץ קעגין די משׂכּילים
פֿון דער אומה“ — און אויך דאָס האָט איהם געמאַכט פֿאַר אַ רצוי לעם.

# די יודישע וועלט.

פערנעמענדיג אַן אָרט צווישען דעם חזן און דעם שוישפּילער, צווישען דעם מגיד און דעם זשורנאַליסט, איז ער דאָך נאָך זיין גייסט נאָך געווען נעהענטער צום חזן, איידער צום שוישפּילער, צום מגיד — איידער צום זשורנאַליסט.

ער האָט אָבער, ווי געזאָגט, שוין דאַן איבערגעפיהרט אויף זיין אייגענעם שטייגער די פונקציעס אי פון שוישפּיעלער אי פונ'ם זשורנאַליסט. אַ ט ע אַ ט ע ר אין איין פּערזאָן — איז ער געוועזן אַליין אַן „אַנסאַמבל": ער האָט געדינט אי פאַר אַ טראַגיקער, אי פאַר אַ קאָמיקער, אי פאַר אַ דעקלאַמאַטאָר, אי פאַר אַ זינגער. אַ צייטונג אין אין פּערזאָן — איז ער איך דאָ געווען אַ כל־בו: און זיינע לידער געפינט איהר אי וויציגע, לייכטע פעל עטאָנען, אי ערנסטע, שווערע לייט־אַרטיקלען, אי סאַטירע, אי נעקראָלאָגען... אין די אַלע פערשיידענע פאָרמען ליגט אָבער איין אינהאַלט — דער לעבענס־אינהאַלט פונ'ם דע־מאָלטיגען שוין האַלב־משכילישען יודישען מיטעלשטאַנד, וואָס זיינע שמחות פלעגט צונזער בעשיינען מיט זיינע לידער. דער יודישער מי־טעלשטאַנד איז דאַן געווען דער צענטער פונ'ם יודישען לעבען, האָבען דערפאַר צונזערס ווערק, אין וועלכע עס איז אויסגעדריקט דער גייסט פון דער דאָזיגער הערשענדער גרופּע, אַ גרויסען ווערט פאַר דעם קולטור־היסטאָריקער פון יענער עפּאָכע בכלל. איבער צונזער האָט נישט איבער־געלאָזט קיין ירושה דעם היינטיגען יודישען לעזער, זעגען געבליבען פון איהם אוצרות, וואָס דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָג, דער פאָלקלאָריסט און דער ליטעראַטור־היסטאָריקער וועט זיי, ווי געהעריג איז, אָבשאַצען*

א ווילנער.

* דורך די זכרונות פון ש. ל. ציטראָן, וואָס מיר וועלען ברענגען אין גיכען, וועט דער לעזער זיך בעקענען אויספיהרליך מיט דעם לעבען פון אליקום צונזער.
די רעדאקציע.

# נייע ביכער.

## פון דער יודיש=רוסישער ליטעראַטור.

מ. זילבערפאַרב.—די יודישע חברות פון געגענזייטיגען קרעדיט.

די יודישע געזעלשאַפטליכקייט האַלט אין איין וואַקסען, און אַ בולט'ער סימן פון אָט דעם וואַקסען איז די דיפערענצירונג, וואָס קומט פאָר אין אַלע געביטען פון אונזער לעבען. און אויך אין אונזערע קרעדיט=אַנשטאַלטען איז פאָרגעקומען אַ דיפערענצירונג. דער יודישער מיטעל=שטאַנד, וואָס האָט געוואָלט זיך צוטוליען צו די יודישע לייה= און שפּאָר=קאַסעס און דאָרטען געפינען די נויטיגע אויסקעהר=מיטלען, האָט זיך גאַנץ גיך אויסגעניכטערט און האָט אין אַ משך פון פינף—זעקס יאָהר בעשאַפען אייגענע קרעדיט=אַנשטאַלטען, וואָס זענען בעקאַנט אין תחום אונטערן נאָמען „יודישע קרעדיט=חברות“. אַזעלכע חברות זענען איצט דאָ אין תחום ביז 300 און זיי שפּיעלען זעהר אַ גרויסע ראָלע אין לעבען פון יודישען מיטעל=שטאַנד: יודישע קרעמער פון העכערן שטאַנד, יודישע סוחרים און יודישע מיטעלע אונטערנעמער.

מיט רעכט ווייזט אָן דער מחבר פון דער בראָשור, וואָס איהר טיטעל איז אויבען אָנגעגעבען, אַז די יודישע פּרעסע און ליטעראַטור און אויך די יודישע געזעלשאַפטליכקייט האָבען געטאָן אַ גרויסע עולה דעם יודישען מיטעלן האַנדעלס=קלאַס, וואָס זיי האָבען זיך להלוטין ניט אינטערעסירט מיט זיינע יונגע אָרגאַניזאַציעס — מיט די חברות פון געגענזייטיגען קרעדיט. מיר קאָנען נאָר ניט מסכים זיין מיט'ן ה. זילבערפאַרב, וואָס מיינט, אַז מיט די יודישע לייה=און שפּאָר=קאַסעס, מיט די קרעדיט-אינסטיטוציעס פון אונזערע קלענערע מענשעלעך — בעלי=מלאכות און קליינע קרעמערלעך — איז מען זיך ביי אונז בעסער בעגאַנגען. ווער האָט זיי אייגענטליך אַזוי שטאַרק אין זינען געהאַט? און אויב ס'איז טאַקע אַן אמת, אַז מיט די דעמאָקראַטישע קאָאָפּעראַטיווען האָט מען זיך ביי אונז שטאַרק אַרומגעטראָגען, היינט ווי קומט עס, וואָס נאָך עד היום האָבען זיי ניט קיין ליטעראַרישען אָרגאַן, וואָס זאָל זיי פערבינדען און אָרגאַניזירען און אָנווייזען, ווי מען זאָל, ווי געהעריג איז, די אַרבייט פיהרען, ניט קיין צענטראַלע פינאַנץ=אינסטיטוציע, ניט קיין אָנפיהרענדע העכערע אַנשטאַלט? ווי קומט עס, וואָס נאָך עד היום לעבען אונזערע **דעמאָקראַטישע קאָאָפּעראַטיווען** מיט די צופעליגע און טרוקענע צירקולאַרען פון דער פעטערבורגער יק"א'שער קאַנצעלאַריע? נאָר וועגען דער אָנגעריהרטער טעמע וועלען מיר רעדען אַן אַנדערש מאָל, און טאַקע באַריכות. מיר קעהרען זיך אום צו זילבערפאַרב'ס בראָשור, וואָס זי פערדיענט, אַגב אורחא, געוויס אַ גרויסען יישר כח.

איידער דער מחבר פון דער בראָשור בעקאַנט אונז מיט דער איצטיגער לאַגע פון די יודישע געגענזייטיגע קרעדיט=חברות, מיט זייערע בעדערפענישען און די אויסגאַבען, וואָס שטעהען פאַר זיי, שטעלט ער זיך אָב אויף דער ראָלע פון מסחר אין יודישען לעבען, און אַזוי ווי ער פערענטפערט זיך, וואָס ער פערנעמט זיך מיט פראַגען פון לעבען פון אונזערע העכערע קלאַסען. מיר האַלטען אַזאַ פערענטפערן זיך אינגאַנצען פאַר איבעריג. ווארום מיר מיינען, אַז דאָס, וואָס צוריק מיט עטליכע יאָהר איז די יודישע „פּראָלעטאַרישע“ אידעאָלאָגיע געוואָרען כמעט איינס מיט דער יודישער „נאַציאָנאַלער“ אידעאָלאָגיע, האָט נאָר עדות געזאָגט אויף אונזער אָרימער איינזייטיגער געזעלשאַפטליכקייט פון יענער צייט. דער דיפערענצירטער יודישער קבוץ קאָן זיך שוין פערגינען דעם פערגעניגען צו האָבען אויך **בורזשואַזע נאַציאָנאַלע** אידעאָלאָגען, און אויך זיי דאַרפען אונז אינטערעסירען... אַגב, מוזען מיר בעמערקען, אַז מיר זענען ניט מסכים מיט דער מיינונג פון ה. זילבערפאַרב, אַז „דער האַנדעל ווערט אַלץ מעהר און מעהר די הערשענדע פאָרם פון דער ווירטשאַפטליכער טעטיגקייט פון די יודען (ז. 1). גראָד פערקעהרט, דאָס יודישע לעבען ווערט אַלץ רייכער מיט עלעמענטען, וואָס נעמען זיך צו פאַבריקאַציע און מלאכה. אויב ס'איז אמת, אַז אונזערע אין דרויסען געבליבענע

# די יודישע וועלט.

„געענדיגטע", אין מיטען נעבליבענע און ערשט זיך גרייטענדיגע יוריסטען, אינזשענערען, פילאָסאָפען און אַנדערע אינטעליגענטען עפּענען סוף כל סוף קלייטען און קאָנטאָרען און פערגרעסערן די צאָהל פון די יודישע האַנדעלס־לייט, איז פון דער צווייטער זייט ניט וועניגער אמת, אַז די קינדער פון אונזערע קליינע גראָשען־פּדיונ׳דיגע קרעמערלעך, די קינדער פון אונזערע לופט־מענשען און כלי־קודש און פון אַלע די מינים ספּעציעלע נאָטס־בעשעפענישען, וואָס זענען געווען אַ בעזונדער מתנה פונ׳ם בורא עולם דער אויסדערוועהלטער כנסת ישראל, — אַז די דאָזיגע אַלע עלעמענטען פערגרעסערן די צאָהל פון די יודישע בעלי־מלאכות, פאַבריקאַנטלעך, אַרבייטער און אָנגעשטעלטע. אַז די דאָזיגע אַרבייטענדע עלעמענטען זענען פיעל מעהר פון די האַנדעלנדע, איז קלאָר איצט פאַר יעדען.

דאָס הייסט אָבער ניט, אַז מיר לייקענען דעם גרויסען ווערט פון מסחר פאַר׳ן יודישען נאַציאָנאַלען לעבען. מיר זענען אינגאַנצען מסכים מיט׳ן ה׳ זילבערבאַרג, אַז „ס׳איז שווער צו פערשטעהן און אוממעגליך צו בערעכטיגען אונזער גלייכגילטיגקייט צו די האַנדעלס־אָרגאַניזאַציעס, בפרט אין איצטיגען מאָמענט, ווען דער יודישער האַנדעל געפינט זיך אין אַזעלכע שווערע בעדינגונגען, אַז ער מוז פיהרען אַ מלחמה אויף צוויי זייטען: מיט די רדיפות מצד דער רעגירונג און מיט די געזעלשאַפטליך־אַנטיסעמיטישע אָנפאַלען (ז. 2). פאַלט נאָר צו צו די דאָזיגע צוויי געגנער צעשטערענדע פאַקטאָרען דער קלענסטער קריזיס, און די יודישע מסחר־וועלט ווערט פול מיט באַנקראָטען. אַזוי האָט טאַקע געטראָפען אין לעצטען יאָהר, ווען די ניט־גערעטעניש אין עטליכע גובערניעס פון תחום און די האַרבסטיגע בלאָטעס, פון איין צד, און די מלחמה, פון צווייטען צד, האָבען געבראַכט צו אַ שטיל־שטאַנד אין מסחר. „אין איינציגע שטעדט פון תחום איז געווען אַזוי גרויס די צאָהל פון די אָבגעשטעלטע געשעפטען, אַז דער פרייז אויף קלייטען איז געפאַלען אויף דרייסיג—פופציג פראָצענט" (ז. 5). די צאָהל פון די באַנקראָטען איז אויך געווען נישקשה, טאַקע גאָר פיין. לויט די אָפיציעלע דאַטען זענען געווען פון 15־טען נאָוועמבער 1911 ביז׳ן זעלבען טאָג פון זעלבען הודש 1912־טען יאָהר אין 388 שטעדט — 2003 באַנקראָטען אויף העכער 170 מיליאָן רובל. און 7 שטעדט פון תחום האָבען אַליין געגעבען אַ גאַנץ פינפטעל פון די אַלע באַנקראָטען — 34 מיליאָן רובל: וואַרשע ביז 10 מיליאָן, אָדעס ביז 7, לאָדז — העכער פון זעקס, בערדיטשעוו — העכער פון זעקס, קישינעוו — העכער פון צוויי, יעקאַטערינאָסלאַוו — העכער פון צוויי און דווינסק העכער פון אַ מיליאָן רובל" (ז. 5).

די יודישע געגענזייטיגע קרעדיט־חברות, יאָך גאָר יונגע און שוואַכע אַנשטאַלטען, דערצו נאָך פעראייניצעלטע און אָבגעריסענע איינע פון איהר חבר׳טע, האָבען, פערשטעהט זיך, וועניג וואָס געקענט העלפען דער דאָזיגער עפּידעמיע פון באַנקראָטען. די לאַגע פון די קרעדיט־חברות אַליין איז געוואָרען זעהר טרויעריג. וואַרטען אויף הילף מצד די פינאַנץ־אינסטיטוטען פון דער מלוכה און פון די אָרטיגע זעלבסט־פערוואַלטונגען וואָלט געהייסען זיך פערלאָזען אויף נסים, וועלכע טרעפען היינטיגע צייטען זעהר זעלטען. דער מחבר קומט דעריבער מיט רעכט צום איינציג מעגליכען פועל־יוצא, אַז מען מוז ערנסט און אינטענסיוו זיך נעמען פאַר זעלבשטענדיגער יודישער אַרבייט און וואָס גיכער שאַפען אַ יודישע צענטראַלע פינאַנץ־אינסטיטוציע. די ערשטע און וויכטיגסטע אויפגאַבע פון דער לעצטער דאַרף זיין: רעגולירען די פינאַנסען פון די קרעדיט־חברות אויף אַזאַ אופן, אַז די מותרות־געלדער פון די רייכערע חברות זאָלען קאָנען דינען די אָרימערע חברות. חוץ דעם, נויטיגען זיך די יודישע קרעדיט־חברות, און מיר וואָלטען אונטערגעשטריכען דאָס וואָרט יודישע, אין אַ קאָנטראָל פון אַ העכערער אַנשטאַלט, וועלכע זאָל שטעהט נאָהענט צו זייער לעבען און זאָל וויסען, וואָס דאָרט טוט זיך. מיר האַלטען פאַר איבעריג פיעל צו רעדען וועגען דער דאָזיגער זייט פון דער פראַגע: דעם לעזער זענען מסתמא בעקאַנט די מיסברויכען, וואָס זענען אין לעצטען יאָהר געפונען געוואָרען אין אַ גאַנצער רייה יודישע קרעדיט־חברות.

# ליכט און שאָטען.

אין וואָס זשע סאַר אַ לאַגע געפינען זיך איצט די יודישע קרעדיט־חברות?

דער ה' זילבערפאַרב ברענגט דאַטען וועגען 132 יודישע קרעדיט־חברות, און פערגלייכט זיי מיט די דאַטען וועגען 644 ניט־יודישע קרעדיט־חברות, ניט אויסגעטיילט יענע, וואָס אַרבייטען אין תחום, און האָט ניט פערגליכען דעריבער די לאַגע פון די יודישע און ניט־יודישע קרעדיט־חברות אין איינעם און דעמזעלבען ראַיאָן. אמת, די צאָהל פון די ניט־יודישע קרעדיט־חברות אין תחום איז אפשר ניט זעהר גרויס. דער מחבר איז דאָך אָבער אַליין מודה, אַז אין קליין־רוסלאַנד און אין ניי־רוסלאַנד איז דאָ אַ גרויסע קריסטליכע האַנדעלס־בעפעלקערונג, וועלכע האָט איהרע בעזונדערע קרעדיט־חברות. וואָלט מען דאָך אודאי געקענט פערגלייכען די לאַגע פון די קרעדיט־חברות, יודישע און ניט־יודישע, אין די דאָזיגע צוויי קאַנטען, און דערפון וואָלט מען זיך געקאָנט אפשר אַ סך אַ גרעסערן מוסר אָבלערנען, ווי פונ'ם פערגלייכען די יודישע קרעדיט־חברות מיט אַזעלכע פון גאַנץ רוסלאַנד. מיר וואָלטען בעקומען אויף אַזאַ אופן אַ געוויסע פאָרשטעלונג פון דעם צושטאַנד פון איינעם און דעמזעלבען קלאַס ביי אונז און ביי די אַרומיגע פעלקער אין איין אָרט. דערמיט וועלען מיר בשום אופן ניט זאָגען, אַז די דאַטען אין דער פאָרם, ווי זיי זענען געבראַכט ביי ה' זילבערפאַרב, זענען ניט אינטערעסאַנט. לאָמיר ברענגען די וויכטיגסטע פון זיי.

פונ'ם אויסקעהר־קאַפּיטאַל, וואָס אַ קרעדיט־אינסטיטוציע פערמאָגט, איז אָבהענגיג ניט בלויז די ברייטקייט און אינטענסיווקייט, נאָר אויך די פעסטקייט פון איהרע אָפּעראַציעס. און אַז מיר זעהען, אַז יעדע יודישע קרעדיט־חברה האָט נאָר קרוב צו 56 טויזענד רובל אויסקעהר־קאַפּיטאַל, און יעדע ניט־יודישע מעהר פון 142 טויזענד, ד. ה. 2 ½ מאָל מעהר, מוזען מיר קומען צום טרויעריגען פועל־יוצא, אַז די ערשטע זענען שוואַכער פון די לעצטע. דער אויסקעהר־קאַפּיטאַל שטעלט זיך צונויף פון די חברים־אָבצאָהלונגען. און די יודישע קרעדיט־חברות האָבען, ראשית, וועניגער חברים: יעדע יודישע חברה האָט 511 חברים, און יעדע ניט־יודישע — 674; שנית, זענען די חברים־אָבצאָהלונגען אין די יודישע חברות קלענער: יעדער חבר אין אַ יודישע חברה האָט אַריינגעטראָגען 109 רובל און אין יעדער ניט־יודישע חברה — 217 רובל. רעכענען מיר אויס דעם קרעדיט, וואָס יעדער מיטגליד האָט אין אַ יודישער און ניט־יודישער חברה, קומט אויס, אַז אין דער לעצטער, אין דער ניט־יודישער חברה, בעקומט יעדער מיטגליד 1470 רובל קרעדיט, און אין דער ערשטער, אין דער יודישער סך־הכל — 724 רובל, צוויי מאָל וועניגער. פון וואַנען נעמען די קרעדיט־חברות נענוג געלד אויף זייערע ברייטע אָפּעראַציעס? חוץ דעם אייגענעם אויסקעהר־קאַפּיטאַל, האָבען זיי נאָך איינגעלעגטעס געלד אין הלואות, וואָס זיי מאַכען. פערגלייכען מיר די איינגעלעגטע סומעס ביי די קרעדיט־חברות פון יודען און ניט־יודען, זעהען מיר, אַז אויף איין רובל אויסקעהר־קאַפּיטאַל קומט אָן אין אַ יודישער חברה דריי רובל איינגעלעגטע, און אין אַ ניט־יודישער — פינף רובל. פערקעהרט, חובות האָבען מעהר די יודישע חברות.

דער אויספיהר פון די וועניגע ציפערן איז גענוג קלאָר: די לאַגע פון אונזער מיטעלשטאַנד איז, ווייזט אויס, גענוג נאַציאָנאַל, יודישליך, דער מיטעל־שטאַנד אונזערער איז אָרימער פון דעם איינענעם קלאַס ביי די אַרומיגע פעלקער.

בן־דוד.

# פון דער העבּרעאישער ליטעראַטור.

נתיבות, בימה הפשית לעניני החיים והספרות. ספר ראשון. ורשה, תרע"ג*.

פון די קריטישע אַרטיקלען, וואָס זענען אָבגעדרוקט אין נתיבות, איז איינער, בן־אביגדור'ס וועגען אַחד־העמ'ן, „קריטיש" אינ'ם וואולגאַר־בעל־הבתישען פשט פונ'ם דאָזיגען וואָרט, — אינ'ם פשט פון זוכען הטאים און

* זעה „די יודישע וועלט" נומ' 8.

„געבען אַ גאָב״. אין פלוג האָט דער מאַמר
אַ גאַנץ בעשיידענעם נאָמען — „אַחד העם ובני
משה״, — האָט מען געקאָנט מיינען, אַז ה׳
בן־אַביגדור וועט דאָ רעדען נאָר וועגען דער
שייכות, וואָס אַחד העם האָט צו דער איי־
נעגאַרטיגער אַגודה בני משה, וואָס איז בע־
שאַפען געוואָרען אין סוף פון די 80־ער יאָהרען;
אין דער אמת׳ן אָבער איז דער אַרטיקעל, וואָס
דערמאָנט ערטערווייז אָן אַ פאַמפלעט, געווענדט
קעגען אַחד־העמ׳ן בכלל, קעגען אַחד־העמ׳ן דעם
פובליציסט און דעם כלל־טהוער. דאָס איז עפּיס
אַ מין מרידה, אַ בונט קעגען דעם אידעאָלאָג
פון הבת־ציון. מיט אַזאַ גרימצאָרן, שטעל איך
מיר פאָר, וואַרפט זיך דער געצענדינער אויף
זיין גאָט, ווען איהם דוכט זיך פלוצלינג אויס,
אַז ער קען איהם נישט העלפען. אָקאָרשט האָט
ער געקניהט פאַר איהם — איצט טרעט ער
איהם מיט די פיס. ביים געצענדינער, ווי ביים
קינד, איז עס נאַאיוו, אָבער נישט ביים...
בעל־הבית. עפּיס פלעביישעס איז פאַראַן אין
אָט דעם אומדאַנקבאַרן טאָן, אין וועלכען דער
בעל־הבתישער מענש הויבט פלוצלונג אָן צו
רעדען וועגען אַ מענשען, וואָס נעכטען נאָך האָט
ער איהם פערעהרט און אויף די הענד גע־
טראָגען! אויף די ערשטע זייטלעך פון זיין
מאַמר געדענקט נאָך אַ ביסעל דער ה׳ בן־
אַביגדור, וואָס אַחד־העם איז געווען פאַר איהם
אַליין און פאַר זיינע חברים, די חובבי ציון,
נאָר וואָס אַמאָל, אַלץ מעהר מוט קריגט ער
און אַלץ מעהר געפעלט איהם די ראָלע פון מבטל
און מבזה זיין, דעם, וואָס איז העכער פון איהם.
אָן אַנדער מאָטיוו, אַחוץ אָט דער „פלאַטאָנישער״
ליעבע צו ביטול, איז שווער צו געפינען פאַר
דעם פלייס, וואָס עס פלייסט זיך אַזוי ה׳ בן־
אַביגדור, צו מאַכען אַראָבנידערן אַחד־העמ׳ן פון
זיין „שטול״. איך פערשטעה, ווען געגנער פון
הבת־ציון, וואָס זענען קיינמאָל ניט געפאַלען
כורעים פאַר אַחד־העמ׳ן, האָבען חשק אָבצו־
שוואַכען דעם רושם פון זיין פערזענליכקייט.
אָבער צוליעב וואָס זאָלען עס טון מענשען,
וואָס נעהען אין זיינע וועגען? וויסיעל בן־אַביגדור
זאָל זיך ניט פלפל׳ען, ווי ער זאָל זיך ניט
מיהען אָבצוציהען אונזער אויפמערקזאַמקייט פונ׳ם

עיקר אויפ׳ן טפל, אויף קליינינקייטען, איז דאָך
קלאָר פאַר יעדען, אַז אַחד־העמ׳ס און נאָר
אַחד־העמ׳ס גייסט שוועבט איצט איבער׳ן ציו־
ניזם. היינט צו וואָס שפייען אינ׳ם ברונים,
וואָס מען טרינקט פון איהם? „למען האמת״?

אין תוך גענומען איז יעדע פרינ־
ציפּיעלע קריטיק פון אַחד־העמ׳ס שיטה אַ
קריטיק פונ׳ם גאַנצען יודישקייט־נאַציאָנאַליזם,
אַלזוי, אַ קריטיק פונ׳ם איצטיגען ציוניזם בכלל.
פאַר אַזאַ פּרינציפּיעלער קריטיק פון אַחד־
העמ׳ס לעבענס־ווערק וואָלטען מיר געזאָגט
אַדאַנק דעם ה׳ בן־אַביגדור. אָבער דאָס טוט
ער ניט. ער גיט זיך מעהר אָב מיט די איינציגע
כיינונגען, ווי מיט דער עצם שיטה אַחד־העמ׳ס.
און דאָס אייגענע איז מיט דער כאַראַקטעריסטיק,
וואָס ער פרובט געבען פון דער פּערזענ־
ליכקייט פונ׳ם חובבי־ציונ׳שען אידעאָלאָג. אויך
דאָ גריבעלט ער זיך — ערטערווייז זעהר געשיקט—
אין איינצעלהייטען, אין פרטים, און פערזעהט
דאָס גאַנצע. ווער עס וועט אונז אָבשילדערן
אָבער דאָס גאַנצע פון אַחד־העמ׳ס גייסטיגער
פערזענליכקייט, — וועט אונז ציינען דעם תמצית,
די עסענץ פון דער גאַנצער היינטיגער בעל־
הבתיש־אינטעליגענטישער יודישקייט. דאָס וועט
זיין ניט אַן אינדיווידועלע, נאָר אַ סאָציאַל־פסי־
כאָלאָגישע אַרבייט. דאָס וועט זיין אַ פערדינסט
פאַר דער יודישער געזעלשאַפטליכקייט, ניט נאָר
פאַר דער יודישער ליטעראַטור.

פ. לחובר׳ס אַרטיקעל וועגען בערדי־
טשעווסקי׳ן איז, להיפּוך פון בן־אַביגדור׳ס
וועגען אחד־העם, פול מיט ליעבע צו דער פער־
זענליכקייט, וואָס ער גיט זיך אָב מיט איהר.
אָבער סאַר קריטיק אַפילו איז אויך ליעבע ניצ־
ליכער איידער שנאה. און לחובר געפינט אויסגע־
צייכענטע ווערטער פאַר דעם גייסט פון די איי־
נענאַרטיגע ספורים בערדיטשעווסקי׳ס. זיי זע־
נען בעלויכטען, זאָגט ער, דורך עפּיס אַן אינע־
חיינינסטער ליכטיגקייט, און אויף זיי איז אויס־
געגאָסען עפּיס אַ בעזונדער איינפאַכקייט (תם),
אַן איינפאַכקייט, וואָס איז פאַראַן אין לעגענדעס,
עפּיס אַ בעזונדער צניעות׳דיגקייט, אַ צניעות׳דיג־
קייט, וואָס איז פאַרהאַן אין לעגענדעס. דער קרי־
טיקער געברויכט דאָ אָפט דעם אומבעשטימטען

# נײַע ביכער.

חאָרט עפּיס, „איזה", אָבער ווי קאָן מען דען אַנדערש שרייבען וועגען בערדיטשעווסקי'ן? אין „השלה" האָט דאָ ניט לאַנג ה' קאַבאַק שאַרף „קריטיקירט" בערדיטשעווסקי'ס ספּורים, ער האָט אָנגעוויזען אויף אַ סך פעהלערן, וואָס זענען פאַראַן אין זיי, און אָט די פעהלערן זיינען, על פּי שולחן ערוך פון עסטעטיק, טאַקע פעהלערן, אָבער אינאיינעם מיט זיי איז פאַראַן דאָך נאָך עפּיס אין בערדיטשעווסקי'ס ספּורים, און פאַר אָט דעם עפּיס האָט, משמעות, ה' להובר, ניט ה' קאַבאַק, דעם ריכטיגען חוש.

ה' להובר רעדט אָבער אויך וועגען בערדיטשעווסקי דעם דענקער, ניט נאָר וועגען דעם ערצעהלער בערדיטשעווסקי. פערגלייכענדיג איהם מיט אחד־העמ'ן, זאָגט ער, אַז „אחד העם איז אַ מענש פון מיינונגען און בערדיטשעווסקי — אַ מענש פון רעיונות. אין אחד העמ'ס מיינונגען איז פאַראַן די געשטעלטקייט פון אַ פעסטען כאַראַקטער, ביי בערדיטשעווסקי'ן — אַ בליהענדיג לעבען פון געדאַנק און געפיהל... אחד העם ענטפערט מעהר וויפיעל ער פרעגט, בערדיטשעווסקי איז מעהר אַ פרעגער, איידער אַן ענטפער־געבער". נאָר ה' להובר בעגנוגט זיך ניט מיט אַזאַ מין אַלגעמיינער כאַראַקטעריסטיק. ער לאָזט זיך אַריין אין פּרטים. ער וויל געבען אַן אַנאַליז פון בערדיטשעווסקי'ס רעיונות. זיין אַנאַליז איז אין דעם פאַל אָבער מעהר מסוגל אונז צו צעטומלען איידער אונז עפּיס קלאָר צו מאַכען. דעם קריטיקערס פערדינסט איז שטענדיג דאָס, וואָס ער ווייזט אונז די פערבאָרגענע זייט פונ'ם שרייבער. איז קענטיגער אין איהם דאָס גאַנצע, די אונטערשטע שורה פון זיין אינעווייניגסטען לעבען, דאַן איז דעם קריטיקערס זאַך אונז צו צייגען די טיילען, די איינציגע שורות, וואָס מאַכען אויס דעם סך הכל. זענען אָבער, פערקעהרט (און אַזאַ פאַל האָבען מיר מיט בערדיטשעווסקי דעם דענקער) — איינציגע טיילען, איינציגע שטריכען בולט, און דאָס גאַנצע איז בעהאַלטען, דאַן פערלאַנגען מיר פון קריטיקער, ער זאָל אונז צייגען דאָס גאַנצע, דעם סינטעז. אַ גאַנצקייט, אַ סינטעטישקייט איז פאַראַן אָבער נאָר אין בערדיטשעווסקי'ס דענקען, ניט אין זיינע געדאַנקען, איז וויכטיג דערפאַר ניט דער אינהאַלט זייערער, וואָס בייט זיך כסדר, נאָר זייער פאָרם, זייער אינעווייניגסטער ריטם... אַז מען וויל בעקומען אַ ריכטיגען און גאַנצען איינדרוק פון ראָדענ'ס אַ סקולפּטור — און די פיגור פון מיכה יוסף בערדיטשעווסקי איז דאָך אַזאַ מין „ניט פלאַסטישע" ראָדענ'שע סקולפּטור", פון איין גוס און דאָך פול מיט לעכער און שפּאַלטען — טאָר מען זיך ניט אָבשטעלען צו לאַנג אויף די איינציגע טיילען און פערשיידענע זייטען, פון וועלכע די זאַך לאָזט זיך בעטראַכטען, מען מוז פעהיג זיין אָבצוזוכען גלייך דעם עיקר, דעם תוך. ה' להובר האָט זיך אין אָנהויב פון זיין אַרבייט געוועסט געשטעלט אויף אָט דעם ריכטיגען וועג, נאָר באַלד האָט ער גענומען קריכען אין די רעכטע געדיכטע פון אַלערליי איינצעלהייטען, פון פערשיידענע ציטאַטען, וואָס קלעפּען זיך ווייניג איינס צום אַנדערן, איז איהם, — און מעהר נאָך אונז, לעזער — שווער זיך אַרויסצופּלאָנטערן: געה שלאָג זיך דורך אַ וועג דורך אַ ווילדען פערוואַקסענעם רמוזשניך! ניין, אַ סך, בילכער און פרוכטבאַרער איז אויפצודעקען דעם גרונדטאָן און די פערבאָרגענע האַרמאָניע פון בערדיטשעווסקי'ס דיכאַנאַנסען. מיר דוכט, אָבער, אַז נאָר איינער, וואָס האָט אַליין אין זיך עפּיס פון בערדיטשעווסקי'ן, וועט אין אַ שעה פון אינעווייניגסטען השבון הנפש — קאָנען אונז געבען צו פיהלען די גאַנצקייט, וואָס ליגט בעהאַלטען אינ'ם מאָדנעם געמיש פון ווילדקייט און ראַפינירקייט, פון פרימיטיווסטער פאָלקסטימליכקייט און פיינסטער קולטור, וואָס בליצט אויף אין דער טונקעלקייט פון בערדיטשעווסקי'ס סטיל.

פון די שירים, וואָס זענען אָבגעדרוקט אין נתיבות, זענען די שטאַרקסטע, פערשטעהט זיך, שניאורס. שניאור האָט שוין ביי אונז אַ חזקה אויף שטאַרקייט. ביאַליק האָט איהם אַ נאָמען געגעבען שמשון הגבור — שטעהט ער און רייסט די לייבען, ווי די ציגעלעך, און ברעכט די זיילען פון די טעמפּלען. ער מאַכט חוזק פון דער „בעל־דבּתישער מאָראַל", פון פּרינציפּען, פון אידעאַלען, פון די נביאים, („והיה באַחרית"...) נאָר

# די יודישע וועלט.

אַזוי ווי דאָס ווערט אַלץ געטאָן אין דער שענסטער און קלינגענדיגסטער לשון־קודש'דיגער מליצה, קלייבען אונזערע בעלי־בתּים חשובים און לאומיים נלהבים נחת פון דער גבורה, וואָס שטעקט אין אָט דער פלינקער פען. און עס קאָן גרייליך זיין, אַז אונזערע חשוב'ע בעלי־בתּים, די ליעבהאָבער פונ'ם מוסר היהדות, זענען גאַנץ גערעכט, וואָס זיי שרעקען זיך ניט פאַר שניאור'ס ניהיליזם. זיי פיהלען, אַז ער איז ניט געפעהרליך. דאָס איז דאָך... מעהר ניט ווי פּאָעזיע. און דער העברעאישער שפּראַך וועט עס נאָר נוצען ברענגען, וואָס עס וועט אַריינגעטראָגען ווערען אין איהר אַ „נייער טאָן", אַ „מאָדערנער גייסט" א. ד. ג. איך געה נאָך ווייטער און זאָג, אַז אַפילו די נאַאיווע מענשען, וואָס קוקען נאָך אַלץ אויף פּאָעזיע, ווי אויף אַ גאַנץ ערנסטער זאַך, און מיינען, אַז זי קאָן האָבען אַ ווירקונג ניט נאָר אויף דער שפּראַך, דאַרפען זיך אויך נישט נעמען שטאַרק צום האַרצען די תּקיפות און די ברייטקייט, מיט וועלכער שניאור פערמעסט זיך אָפטמאָל אויף די זיילען, וואָס שטיצען דעם טעמפּעל פון דער מאָראַל. נישקשה, ירִיחו וועט נישט איינפאַלען פון די דאָזיגע שרייענדיגע טרומייטען. שניאור איז אַ „יודישער גזלן". והראיה — ער סטראַשעט זיך זעהר. איך רעכען, אַז אַן אמת'ער גזלן טוט זיך זיין אַרבייט גאַנץ שטיל, און פון אַן אמת'ען גבור וועט מען נישט הערען קיין איין וואָרט וועגען זיין גבורה... מיט דער דאָזיגער בעמערקונג בין איך אָבער נישט אויסען מבטל צו זיין שניאור'ס טאַלענט. איך וויל נאָר זאָגען, אַז גרעסער פון דער לעבענס־קראַפט איז די אויסדרוקס־קראַפט, וואָס לעבט אין שניאור'ן. דער פּאָעט, וואָס לעבט איבער אַ סך, גיט ווייניגער, וויפיעל ער פערמאָגט; דער אויסדרוקס־פּאָעט, פערקעהרט, גיט מעהר... יע, שניאור איז אַ גרויסער בריה אויף צו געבען זיינע געפיהלען און געדאַנקען אַ שאַרפען און קרעפטיגען און בולט'ן, שוין צו־בולט'ן אויסדרוק — און אַפילו דאַן, ווען זיינע געפיהלען און געדאַנקען זענען אַליין פאַר זיך גענומען ניט טיעף און ניט שאַרף און ניט שטאַרק און ניט ניי אַפילו. אויך די ליעדער, וואָס שניאור האָט געגעבען אין „נתיבות", זענען שטאַרק נאָר לויט זייער אויסענווייניגסטען טעמפּעראַמענט־פולען אויסדרוק. שטאַרק, אָבער ניט האַרמאָניש. דער איבערגאַנג פון ערנסט צו שפּאַס, פון השתפכות הנפש צו סאַטירע, וואָס איז אַזוי גראַציעז און פול מיט חן, אַשטייגער ביי היינע'ן, איז דאָ האַמעטנע און גראָב. די ניט־האַרמאָנישקייט פון שניאור'ס ליעדער ווערט נאָך קענטיגער דערפאַר, וואָס אינאיינעם מיט בילדער שענע, וויציגע און אמת־אָריגינעלע בעגעגענט מען אָפט אין זיי אַזוינע ביליגע צייטונגס־מעטאַפערן, ווי „תחת שמש שאורה — אור סהר, בין ברואים שדמם — דם דגים" (אונטער אַ זון, וואָס לייכט, ווי די לבנה, צווישען בעשעפענישען, וואָס זייער בלוט איז פיש־בלוט").

ווייניגער „שטאַרק", אָבער ניט אין ערך האַרמאָנישער און קינסטלעריש פולקומענער איז דער ערשטער פּרק פון דוד פרישמאַנס „ארץ ישראל", אַ רייזע־בוך אין פערזען. לויט'ן אינהאַלט איז עס, ווי אַלץ, וואָס פרישמאַן שרייבט, פעליעטאָן, נאָר די פערזען זענען אַזוי לייכט און אַזוי וויציג, און דער טאָן (אויך אַ היינע'שער!) אַזוי אויסגעהאַלטען, אַז עס לייענט זיך מיט פערגניגען. ניט שלעכט איז אויך יצחק קאַצענעלסאָנס קלאָג־ליעד „אַהבה" („ליעבע"), נאָר עס האָט געמעגט זיין קירצער. מיט איבעריגער קורצקייט צייכענען זיך ניט אויס אויך שמעונוביץ'עס „זעהונגען" — „על נהר כבר". זיי זענען ערטערווייז שען און קלינגענדיג און רייך אין בילדער, נאָר עפּיס האָבען זיי קיין וואָג ניט, זיי לייענען זיך, אָדער ריכטיגער, זאָגען זיך, ווי פּיוט. אין די שירים פונ'ם אָנפאַנגער ליכטענבוים איז פאַראַן אפשר אַ צוזאָג אויף להבא, אָבער נישט מעהר.

צו די שירים פון נתיבות וואָלט מען אייגענטליך געדאַרפט צו רעכענען — און דאָס וואָלט געווען אַ כבוד פאַר די שירים — אויך די ערצעהלונג „אצל" פון דעם ניט לאַנג פערשטאָרבענעם א. גנעסין. דאָס איז ניט קיין ערצעהלונג אינ'ם געוועהנליכען זין פונ'ם וואָרט: דאָס איז אַ לאַנגע רייה ליעדער אין

פּראָזע. אין זיי איז פאַרהאַן מעהר געפיהל, מעהר האַרץ, מעהר ליריק ווי אין גאַנצע בענד פון מאַנכע פּאַטענטירטע ליריקער. ניט אומזיסט איז גנעסין געווען דער פּאָעט און דער רעטעניש-טרעפער פון יענע יונגע און אייביג וואַכע מיידעלשע הערצער, וואָס זענען, ווי די אָנגעצויגענע סטרונעס-אויף אַ פידעל, ביים מינדסטען ריהר גרייט אָנצוהויבען ציטערן. גנעסינס נשמה אַליין איז געווען אַזאַ מין אייביג וואַכער מוזיקאַלישער אינסטרומענט, פול מיט געהיימע קלאַנגען, הייסע ליעדער און שטומע קרעכצען, און אין אָט דער רייפסטער און, אויב איך האָב קיין טעות ניט, לעצטער ערצעהלונג זיינער שפּיעלען אַלע סטרונעס פון זיין האַרצען, וואָס האָט זיך דאָ מיט איינמאָל אינגאַנצען צעעפענט און צעגאָסען, אַזוי ווי די זון פאַר איהר אונטערגעהן, איהר גאַנצען גאָלד און זילבער... אָט דער צעגאָסענער שפע פון געפיהל און סוביעקטיוויטעט שטערט געווים דער טעכניק און דעם בוי פון דער ערצעהלונג, אָבער נישט איהר אינעווייניגסטען לעבען און אינעווייניגסטער אָנגעשטרענגטקייט. דאָס אינעווייניגסטע נשמה-לעבען, וואָס פילט אָן די ערצעהלונג, איז אַזוי רייך אין ניואַנסען און אין פיינע טענער, קוים צו דערהערען, אַז די געוועהנטליכע העברעאישע פּראָזע וואָלט נישט אין שטאַנד געווען זיי אויסצודריקען, איז גאָר קיין דידוש ניט, וואָס גנעסין האָט געשאַפען פאַר זיך גאָר אַ נייע שפּראַך, מיט נייע ווערטער-פערבינדונגען, מיט אַ נייעם סינטאַקסיס. ער האָט בענוצט די העברעאישע שפּראַך אַזוי, ווי ווען פאַר איהם וואָלט קיינער אויף איהר ניט געשריבען, אַזוי ווי ווען ער וואָלט געהאַט פאַר זיך נאָר אַ קופּע ווערטער, וואָס איהם איז דעם ערשטען בעשערט זיי צו גרופּירען און צו פערבינדען איינס מיט דאָס אַנדערע. און ערשט אַז מען געוועהנט זיך גוט צו צו אָט דעם מאָדנעם און גאָר ניט לייכטען סטיל גנעסינ'ס, ערשט דאַן הויבט מען אָן צו פיהלען, וואָס פאַר אַ פיינע און רייכע נשמה און וואָס פאַר אַ גרויסע קינסטלערישע מעגליכקייטען זענען פערלאָרען געגאַנגען מיט א. נ. גנעסינס פריהצייטיגען טויט.

נאָך גנעסינ'ס ערצעהלונג איז ווייסבערג'ס פּסיכאָלאָגישער עטיוד „ואחר הסער" („און נאָכ'ן שטורם") נישט מעהר ווי אַן אויפגעבלאָזענער סענטימענטאַלער בעלעטריסטישער פעליעטאָן.

מ. י. בערדיטשעווסקי'ס שילדערונגען פונ'ם אַמאָליגען קליינשטעדטילדיגען יודישען לעבען („בתהומה של עיר"), געשריבען מיט אַ שטילען הומאָר, אין דעם טאָן פון מעמואַרען, הויבען זיך אָן מיט אַ פּאָר קאַפּיטלען, וואָס פערשאַפען אמת'ן פערגניגען, כאָטש די טעמע זייערע איז אַזוי אַלט און באַנאַל, אָבער ענדיגען ענדיגען זיי זיך, ליידער, מיט אַנעקדאָטען, וואָס זייער קינסטלערישער ווערט איז זעהר אַ צווייפעלהאַפטער...

גנעסינ'ס „אֵצל" איז די איינציגע זאַך אין נתיבות, וואָס לאָזט איבער אַ טיפען און אייגענאַרטיגען איינדרוק.

ש. ב.

# פון דער יודישער ליטעראַטור.

## קינדער-ליטעראַטור.

אַמאָל זענען ביי יודען קיין קינדער ניט געווען, נאָר „קליינע יודעלעך אָהן בערד" — האָבען מיר דאַן אויך קיין קינדער-ליטעראַטור ניט געהאַט. יונגלעך אין חדר פלעגען לערנען די ערשטע זמנים חומש, דערנאָך גמרא — אַזוי ווי די גרויסע. אַז עס האָט זיך בעוויזען דער נייער טיפּ חדר, דער חדר מתוקן, וואו עס איז געווען אַ ביסעלע מעהר לופט און מעהר וועלטליכקייט, האָט מען אָנגעהויבען צו פיהלען, אַז עס פעהלט ביי אונז ליטעראַטור פאַר קינדער. דאַן האָט זיך, אינאיינעם מיט דעם מבול „מעטאָדעס", אַ גאָס געטאָן אויף אונז אויך אַ פרישער רעגען מעשה'לעך פאַר קינדער — אויף העברעאיש. אויף יודיש זענען שוין געווען דאַן שענע זאַכען (מענדעלי'ס, דינעזאָן'ס, שלום-עליכם'ס) וועגען קינדער, אָבער ניט — פאַר קינדער. פאַר קינדער אויף יודיש שרייבען האָט מען אָנגעהויבען ערשט דאַן, ווען עס האָבען זיך

בעוויזען די ערשטע שוואַלבען פון דער נייער, פאָלקסטימליכער, יודישער שול, — ד. ה. אין די סאַמע לעצטע יאָהרען. שוין ביים צונויפשטעלען די ערשטע קינדער־כרעסטאָמאַט'ע אויף יודיש האָט מען געמוזט פיהלען, ווי וועניג אונזער ליטעראַטור האָט געזאָרגט ביז אַהער פאַר אונזערע קליינע קינדער. אַ שול־כרעסטאָמאַטיע איז אָבער נאָר אין אָנהויב: מען האָט געמוזט געבען דעם קינד, וואָס מען לערנט מיט איהם אין שול אויף יודיש, אויך עפּיס אויף אינדערהיים צו לייענען. עס איז דעריבער גאָר קיין חידוש ניט, וואָס דער יודישער לעהרער איז דער ערשטער געווען, וואָס האָט אָנגעהויבען צו זאָרגען פאַר קינדער־ליטעראַטור אויף יודיש. אין 1912 האָט ה' ב י ר נ ב ו י ם, אַ וואַרשעווער יודישער לעהרער, געגרינדעט אַ ספּעציעלען פערלאַג פאַר קינדער מיט'ן נאָמען „מעשה'לעך" (אַ ביסעל שפּעטער איז אין דער אייגענער וואַרשע געמאַכט געוואָרען אַ פּרוב, אמת זעהר ניט קיין געלונגענער, צו שאַפען אַ קינדערשען זשורנאַל אויף יודיש אין דער פאָרם פון אַ ביילאַגע „פאַר'ן קליינעם עולם", צו דער „יודישער וואָך"). דער דאָזיגער פערלאַג האָט ביז איצט אַרויסגעגעבען, אויב מיר האָבען קיין טעות ניט, נאָר 9 נומערן, פּרייז פון יעדען נומער 5 ק.: י. ל. פ ר ץ: שרה בת טובים; א. ק ו פ ר י ן: דער העלפאַנט; אַ נ ד ע ר ס ע ן: דאָס ים־מיידעלע (נומער 3—4); ע. ד ע־א מ י ט ש י ס: דאָס גוטע קינד (5—6); י. ל. פ ר ץ: דער אַרענדאַר; י ה ו ד ה ש ט י י נ ב ע ר ג: שולמית (8—9).

אין דעם אייגענעם יאָהר 1912 האָבען יודישע לעהרער אין קישינעוו געגרינדעט אַ פערלאַג — „פאַר אונזערע קינדער". ער האָט אַרויסגעגעבען ביז איצט י. ל. פ ר צ'ס „דער קונצענמאַכער" (בעאַרבייט פאַר קינדער דורכ'ן אַווטאָר), פּרייז 2 ק., מ. ס פ ע ק ט אָ ר'ס „קינדער", 3 ק., ש. פ ר ו ג ס „דאָס שטייסעל", 5 ק., ב ן־ע מ י'ס „פייוועל דער גרויסער און פייוועל דער קליינער", 5 ק. און קלייבט זיך אַרויסצוגעבען נאָך אַנדערע.

אין קיעווער „קונסט־פערלאַג" זענען אַרויס פאַר קינדער „אַ מעשה מיט דריי תלמידים", בעאַרבייט נאָך א. כרמלי דורך נ. מ י י ז י ל, פּרייז 10 ק., „דער וואונדער־פוינעל", אויך בעאַרבייט דורך נ. מ י י ז י ל, 7 ק., און „דער אַלטער ספר" פון ל. ר ע ז נ י ק, 7 ק. די דאָזיגע קינדער־מעשה'לעך זענען אַרויס מיט דער הילף פון דער „פערלעגערישער קאָמיסיע" ביי דער קיעווער אָבטיילונג פון דער געזעלשאַפט מפיצי השכלה.

אין דער אייגענער צייט האָט אויך דער ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין געמאַכט אַ התחלה אינ'ם פרט פון אַרויסגעבען קינדער־ליטעראַטור אויף יודיש. ביז איצט זענען אַרויס אין דעם דאָזיגען פערלאַג שלום אַש'ס „מעשה'לעך פון חומש" (רעצענזירט געוואָרען אין דער „יודישער וועלט" נומ. 3), פּרייז 75 קאָפּ., און ק י פ ל י נ ג ס „בוך פון דזשאָנגל" אין דער אויסגעצייכענטער איבערזעצונג פון ל. ש אַ פ י ר אָ, פּרייז 2 ר.

העט מען זאָל דערצו נאָך צוגעבען, אַז אויך די ווילנער „געזעלשאַפט צו זאָרגען פאַר קינדער" האָט בעשאַפען אַ פאָנד ספּעציעל אויף אַרויסצוגעבען קינדער־ליטעראַטור אויף יודיש, אַז אויך אין אַנדערע שטעדט טראַכט מען אין די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפטליכע קרייזען, וואָס זענען ניט פערבלענדט פונ'ם העבראַאיסטישען „פאַנאַטיזם", וועגען אַזאַ מין פאָנד, און אַז מען זאָל נאָך דערמאָנען דעם קאָנקורס אויף דאָס בעסטע בעלעטריסטישע ווערק פאַר קינדער אויף יודיש, וואָס די פעטערבורגער ליטעראַרישע געזעלשאַפט האָט אײַנגעאָרדענט — וועט קלאָר ווערען, אַז אויף דער אויפגאַבע צו שאַפען אויף אונזער שפּראַך אַ קינדער־ליטעראַטור הויבט מען אָן אַלץ מעהר און מעהר צו קוקען ווי אויף אַ וויכטיגער נאַציאָנאַלער און געזעלשאַפטליכער אַרבייט, וואָס מען מוז זיך נעמען פאַר איהר גאַנץ ענערגיש און גאָר אָהן שהיות. אַז דאָס איז אַ לעבענס־בעדערפעניש ווייזט דער פאַקט, וואָס די מעשה'לעך, אַשטייגער, פונ'ם קישינעווער פערלאַג געהען זיך פונאַנדער אין משך פון אַ גאַנץ קורצער צייט אין אַ צאָהל פון 5 ביז 10 טויזענד עקזעמפּלאַרען... די זאַך איז אָבער אַ נייע ביי אונז, מוז זי, ווי געהעריג איז, אָרגאַניזירט ווערען. אונזער חברה מפיצי השכלה, וואָס אייגענטליך האָט זי די ערשטע געדאַרפט נעמען

אויף זיך די דאָזיגע אומגעהייער וויכטיגע בילדונגס־אַרבייט, האָט דערווייל נאָר אין דער געשטאַלט פון איינציגע טוער אין איינציגע אָרטיגע אָפּטיילונגען (אָדער, ריכטיגער, קאָמיסיעס) איהרע אָפּגעזאָגט זיך אינגאַנצען פון די אַמאָליגע אַסימילאַטאָרישע טענדענצען, קאָן מען דערפאַר ניט וואַרטען, אַז זי זאָל אין דער נאָהענטסטער צוקונפט עפּיס אויפטון אין דעם פּרט פון קינדער־ליטעראַטור אויף יודיש. מוז מען זיך בעגנוגען דערווייל מיט דער איניציאַטיוו פון פּריוואַטע פּערזאָנען און „פּריוואַטע“ חברות. די דאָזיגע איניציאַטיוו איז דערפאַר אָבער טאָפּעלט צו בעגריסען. בפרט, אַז די, וואָס האָבען זי גענומען אויף זיך, זענען פול מיט ליעבע צו דער זאַך. די אַלע דערמאָנטע פערלאַגען זאָרגען פאַר דער פאָרם פון די קינדער־אויסגאַבען ניט ווייניגער, ווי פאַר'ן אינהאַלט. די שער־בלעטלעך האָבען אויף זיך אַלע מעהר אָדער ווייניגער געלונגענע צייכענונגען (דערביי איז צו בעמערקען, אַז דאָס שער־בלאַט צו די קינדער־אויסגאַבען פון קיעווער „קונסט־פערלאַג“— ליליענס „מאור הגולה“ — איז צו ערנסט פאַר קינדער: למאי זאָל מען דאָס יונגע קינד צוגעוועהנען פון קליינווייז־אָן צו אָט די קנייטשען אויפ'ן שטערן, צו אָט דעם טיפען אומעט פון די אויגען?). אַנדערע ביכלעך פון די איבערגעזעצטע, זענען אויך אילוסטרירט; בעזונדערס שען און רייך אויסגעפּוצט איז קיפּלינגס „בוך פון דזשאָנגל“. דער פערלאַג „פאַר אונזערע קינדער“ גיט נאָך צו צו יעדען ביכעל דעם פּאָרטרעט פונ'ם פערפאַסער און אַ קורצע ביאָגראַפיע.

וואָס איז נוגע צום אינהאַלט, קאָן מען די אַלע ביכלעך, וואָס ליגען פאַר אונז, איינטיילען אין צוויי מינים: „אַלגעמיינע“ און „יודישע“. ביכלעך מיט אַן „אַלגעמיינעם“ אינהאַלט זענען אַרויס אין קלעצקינס פערלאַג (קיפּלינג) און אין פערלאַג „מעשה'לעך“ (קופּרין, אַנדערסען, דע־אַמיטשיס). דער קישינעווער פערלאַג און דער קיעווער האָבען ביז אַהער אַרויסגעגעבען נאָר ביכלעך, אָריגינעלע אָדער בעאַרבייטע, פון יודישע אַוטאָרען. די לעצטע האָבען צוויי מעלות: ערשטענס, זענען זיי געשריבען לכתחילה אויף יודיש, איז זייער שפּראַך פריש און לעבעדיג און, צווייטענס, רוהט אויף זיי די שכינה פונ'ם יודישען נאַציאָנאַלען לעבען, פון דער יודישער פאָלקס־פאַנטאַזיע. די ערשטע מעלה איז געוויס זעהר וויכטיג: עס איז גוט, אַז דאָס קינד זאָל אינאיינעם מיט'ן אינהאַלט געניסען אויך די אינדיווידועלע פאָרם, די שפּראַך פונ'ם דיכטער. די צווייטע אָבער וואָלט דאַן נאָר געווען זעהר אַ גרויסע מעלה, ווען די קינדער, וואָס פאַר זיי ווערען אַרויסגעגעבען די ביכלעך, וואָלטען געווען קינדער פון עלטערן, וואָס אין שטוב ביי זיי איז שוין גאָר ניטאָ קיין זכר פונ'ם יודישען פאָלקס־לעבען: אַזוינע קינדער איז מען געוועהנט צו שטאָפּען, אויב מען וויל זיי געבען אַ „יודישע ערציהונג“, מיט „נאַציאָנאַלע“ סיוזשעטען. די קינדער פון די יודישע פאָלקס־מאַסען אָבער — און דערווייל זענען זיי דאָך די איינציגע, וואָס נויטיגען זיך אין מעשה'לעך אויף יודיש — זויגען אַריין אין זיך די יודישקייט אינאיינעם מיט דער מוטערס מילך, די גאַנצע לופט אַרום זיי. די לופט, וואָס זיי עטעמען אין שטוב און אין גאַס און אין חדר, איז אָנגעזעפּט מיט „יודישקייט“, נויטיגען זיי זיך, פערקעהרט, אין מעשה־ביכלעך, וואָס זאָלען זיי אַריינפיהרען אין אַ נייער, נאָר אַן אומבעקאַנטער וועלט: זייער פאַנטאַזיע וועלען ניט־יודישע סיוזשעטען מעהר וועקען, ווי יודישע. נאָר דאָס איז ניט דער איינציגער מאָטיוו, פאַרוואָס עס איז נויטיג איבערצוזעצען אויף יודיש וואָס מעהר מעשה'לעך קינדערשע פון אַנדערע שפּראַכען. פאַרהאַן נאָך אַ וויכטיגערער מאָטיוו. אויף יודיש האָבען מיר נאָך, גאָר פּשוט, זעהר ווייניג ווערק, וואָס קינדער זאָלען קאָנען האָבען פון זיי פערגניגען, און עס איז ניט צו האָפען, אַז מיר זאָלען האָבען אַזוי גיך מעהר. מען טאָר ניט פערגעסען, אַז אין משך פון דורות זענען אַלע אונזערע קינדער געווען „קליינע יודעלעך“, ניט קיין קינדער, און אויך אונזערע שרייבער זענען קיין קינדער ניט געווען, אויך זיי זענען אויסגעצויגען געוואָרען אויף דער ליטעראַטור פון גרויסע. זייערע קינדער־עראינערונגען, זענען חדר־עראינערונגען. פון וואַנען זאָלען די נעמען שטאָף פאַר אמת'ע נאַאיווע,

פרישע, שפּילעוודיגע קינדער־מעשה׳לעך? און זאָל שוין זיין, אַז אין שטאָף איז קיין דוחק ניטאָ — פון וואַנען זאָל זיך נעמען ביי זיי קינדיש געמיט? מיר דוכט, אַז שלום־עליכם, דינעזאָן, שלום אַש און דער פערשטאָרבענער יהודה שטיינבערג זענען די איינציגע שריפטשטעלער ביי אונז, וואָס קאָנען זיך אויפרעדען מיט אַ קינד...

עס איז דאָך ניט קיין צופאַל, וואָס צווישען די אַלע מעשה־ביכלעך, וואָס ליגען פאַר אונז, זענען וועניגער ווי אַלע קינדישע, וואָס זענען פון יודישע פערפאַסער געשריבען. אַ וואָלקענדיל פון אומעט, פון צער, רוהט אויף זיי אַלע — אַחוץ אפשר אויף שטיינבערגס „שולמית" און פרוג׳ס „שטייסעל"; די שווערקייט פון אַן אָפענער אָדער פערהוילענער מאָראַלישער טענדענץ ציהט זיי אַראָב צום לעבען און שטרעבען פון די דערוואַקסענע און לאָזט זיי ניט שוועבען אין דער ריינער, גרינגער לופט, וואָס רינגעלט אַרום די צאַרטע קינדערשע נשמה׳לעך. און אונז איז דאָך נויטיג, ווי לעבען, דוקא אָט די ריינע, גרינגע, קינדערשע לופט! צי דען ווילען מיר ווידער מאַכען נאָר „קליינע יודעלעך" פון אונזערע קינדער? היינט פאַרוואָס זענען אַלע דריי ביז אַהעריגע קינדער־אויסגאַבען, אַשטיינער, פינ׳ס „קונסט־פערלאַג". נאָר אָנגעשטאָפּט מיט בילדער און נעמען פון דער יודישער געשיכטע און דער יודישער ליטעראַטור? צי דען שטעהט די גאַנצע וועלט פון די יודישע קינדער טאַקע נאָר אויף „יודישקייט"? צי דען איז אויך ביי זיי די פאַנטאַזיע אַזוי בעגרעניצט, ווי ביי אונז, דערוואַכסענע, ווי ביי אונז, „נאַציאָנאַליסטען"? איך זאָג ניט, אַז די מעשה „מיט די דריי תלמידים" אָדער מיט ר׳ אָדמ׳ן („דער אַלטער ספר") זענען ניט קיין שענע מעשיות פאַר קינדער; איך זאָג ניט, אַז דאָס, וואָס זיי זענען „יודישליך" אין דער פאָרם, שאַדט זיי. נאָר איך מיין, אַז דערמיט טאָר מען זיך נישט בעגנוגען. די קינדערשע וועלט, און אויך די ליטעראַטור די קינדערשע, די עכטע, ניט די טענדענציעזע, די „פאַטריאָטישע", — איז אינטערנאַציאָנאַל נאָך אין אַ פיעל אַ גרעסערער מאָס, ווי די ליטעראַטור פאַר דערוואַקסענע. מוזען מיר דערפאַר איבערזעצען אויף יודיש אַלע שענע, קינסטלערישע ווערק פאַר קינדער, וואָס זענען פאַרהאַן אין דער וועלט־ליטעראַטור. פון אַזעלכע ווערק, ווי אַנדערסענס „ים־פויגעלע" אָדער קיפּלינגס דזשאָנגל־בוך וועלען קינדער און אויך יודישע קינדער — אָהן אַ שיעור נחת און נוצען האָבען. איז צו ווינשען דערפאַר, אַז אויפ׳ן וועג פון דעם וואַרשעווער פערלאַג „מעשה׳לעך" און דעם „ווילנער פערלאַג" זאָלען זיך שטעלען אויך אַנדערע פערלאַגען פון יודישע קינדער־ליטעראַטור און אויך זיי זאָלען, אינאיינעם מיט אָריגינעלע, אַרויסגעבען אויך איבערגעזעצטע ווערק פאַר קינדער אויף יודיש.

אויך איז צו ווינשען, אַז עס זאָלען אַרויסגעגעבען ווערען ביכלעך ניט נאָר פאַר עלטערע קינדער: די מעשיות, וואָס זענען דערמאָנט געוואָרען אין אונזער נאָטיץ, זענען אַלע כמעט צו שווער פאַר קינדער, וואָס זענען נאָך ווייניג ענטוויקעלט. אָבער אויך זיי מוז מען געבען עפּיס צום לייענען אויף יודיש.

ש. ג.

## „האַנדעל און מלאכה".

עקאָנאָמיש, טעכניש און האַנדעלס־אילוסטרירטעס וואָכענבלאַט, וואַרשוי נומ׳ 2—1, 4 - 3.

ווי גרויס און שאַרף ס׳איז איצט דאָס בעדערפעניש אין אַ ספּעציעל טעכנישען אָרגאַן, וואָס זאָל זיך אָפּגעבען אינגאַנצען מיט די פערשיידענע צווייגען פון דער יודישער האַנדווערק־פּראָדוקציע, — איז פערשפּאָרט פיעל צו דערווייזען. יעדערער, ווער עס איז כאָטש וויפיעל עס איז בעקאַנט מיט׳ן טעכנישען צושטאַנד פון דער יודישער מלאכה, ווייס זיכער, ווי ווייט מיר זענען אין דעם פּרט אָבגעשטאַנען ניט נאָר פון מערב־אייראָפּע, נאָר אַפילו פון אונזערע פּוילישע, ליטווישע און רוסישע שכנים.

דער בעדייטענדער פּראָגרעס, וואָס די האַנדווערקער־פּראָדוקציע האָט פאַר די לעצטע עטליכע צעהנדליג יאָהר דורכגעמאַכט, די פערשיידענע פערלייכטערונגען און אויסבעסערונגען, וואָס זענען אין איהר אַריינגעטראָגען געוואָרען, זענען דעם יודישען בעל־מלאכה געבליבען כמעט אינגאַנצען פרעמד און אומבעקאַנט. דער יודישער בעל־

# נייע ביכער.

מלאכה ווייס נאָך כמעט לחלוטין ניט פון מאַשינעס און קאָמפּליצירטע אינסטרומענטען; ער ווייס אַפילו ניט פון פערשיידענע איינפאַכע אויסגעבעסערטע געצייג, וואָס מאַכען גרינגער און וואָלוועלער די אַרבייט. אין די יודישע ווערקשטאַטען בענוצט מען נאָך עד היום די פּרימיטיווסטע אינסטרומענטען, אַזוינע, וואָס ביי אַנדערע פעלקער האָט מען זיך שוין לאַנג אָן זיי פערגעסען. און טאָמער דערוויסט זיך שוין אַ יודישער בעל־מלאכה צופעליג פון אַ נייעם געצייג, טאָמער פערשטעהט ער שוין איהר נוצליכקייט און וואָלט זי וועלען איינפיהרען ביי זיך אין ווערקשטאַט, ווייס ער ניט, ווי זי צו בענוצען.

דעריבער דאַרף דער ערשיינען פון אַזאַ זשורנאַל, ווי „האַנדעל און מלאכה“, וואָס זיין ציעל איז מיטצוהעלפען דער ענטוויקלונג פון דער יודישער מלאכה, בעגעגענען מיטגעפיהל אין די ברייטסטע שיכטען פון דער יודישער בעפעלקערונג בכלל, בעזונדערס אָבער ביים יודישען בעל־מלאכה, וואָס שטרעבט שוין לאַנג ממלא צו זיין די פּראָפעסיאָנעלע „בילדונג“, וואָס ער האָט בעקומען אין ווערקשטאַט. קוקען מיר אָבער דורך די אַרויסגעגאַנגענע פיער נומערן פון זשורנאַל, — איבערצייגען מיר זיך, אַז פאָרלויפיג האָט נאָך די רעדאַקציע ניט געפונען דעם ריכטיגען וועג, וואָס אויף איהם מוז זיך דער דאָזיגער זשורנאַל אַוועקשטעלען.

ראשית, די פעראייניגונג פון די צוויי עקאָנאָמיש צווישען זיך גאַנץ פרעמדע סאָציאַלע גרופּעם — פּראָדוצירער און סוחרים. בעפרידיגען פולשטענדיג די דאָזיגע ביידע גרופּעם וועט דער זשורנאַל זיכער ניט זיין אין שטאַנד ביי זיין גאַנצען ווילען אַפילו.

ניט דאָס אָבער איז דער עיקר. סוף כל סוף איז יעדער האַנדווערק־אונטערנעמער צום טייל אויך הענדלער (מיט זיינע אייגענע פּראָדוקטען). פיעל וויכטיגער איז דאָס, וואָס גופא די אַרטיקלען, וואָס גיבען זיך אָב מיט דער מלאכה, קאָנען אויך ניט בעפרידיגען דעם האַנדווערקער, ווייל זיי גיבען איהם ניט דאָס, אין וואָס ער נויטיגט זיך, וואָס ער פאָדערט פון אַ טעכנישען זשורנאַל.

ווי מיר האָבען אויבען בעמערקט, נויטיגט זיך איצט דער יודישער בעל־מלאכה אין אַזאַ אויסגאַבע, וואָס זאָל איהם לערנען אַ ר ב י י ט ע ן, וואָס זאָל איהם ווייזען די מיטלען און אופנים, ער קאָן תיכף א ו י ס ב ע ס ע ר ן זיין פּראָדוקציע ד. ה. אַז דער זשורנאַל דאַרף געבען פּ ר אַ ק ט י ש ע י ד י ע ו ת און אָ נ ו וי י ז ו נ ג ע ן, ווי אַזוי די טעכניק פון פערשיידענע פאַכען קאָן ביי די איצטיגע אומשטענדען אויסגעבעסערט און ענטוויקעלט ווערען. אין אַ גאַנץ אַנדער זין אָבער רעדט אַרום פאָרלויפיג די דאָזיגע פראַגען דאָס וואָכענבלאַט „האַנדעל און מלאכה“. דאָרט רעדט זיך וועגען וואָס נאָר איהר ווילט — וועגען דער געשיכטע פון פערשיידענע צווייגען פון דער מלאכה, וועגען מצב פון דער האַנדווערקער־פּראָדוקציע אין מערב־אייראָפּע, וועגען דער אַלגעמיינער בעדייטונג פון דער קונסט אין דער מלאכה א. אַז. וו. א. ז. וו. קיין איין וואָרט אָבער געפינט איהר דאָרט ניט וועגען דעם, ווי אַזוי דער יודישער בעל־מלאכה קאָן שוין גלייך אויסבעסערן זיין מלאכה, קאָן מאַכען זיינע פּראָדוקטען וואָלוועלער און שענער. איהר געפינט דאָרט אַן אַרטיקעל וועגען שוסטעריי (נומ 1—2), נאָר מיר שטעלען זיך פאָר די ענטוישונג פון יעדען שוסטער, וואָס האָט דעם דאָזיגען אַרטיקעל דורכגעלייענט. אָנשטאָט ידיעות, וואָס ער זאָל זיי קאָנען גלייך אויסנוצען אין זיין אַרבייט, געפינט ער דאָרט פערשיידענע „מעשיות“, און דאָס ניט קיין נייע, ווי אַזוי מ'האָט גענייהט שיך אין פערשיידענע צייטען א. ד. ג.

און טאָמער זענען דאָרט פאַראַן איינציגע אַרטיקלען, פון וועלכע מ'וואָלט געקאָנט עטוואָס פּראַקטישעס לערנען, זענען זיי אַזוי ווייט פון דער איצטיגער יודישער עקאָנאָמישער ווירקליכקייט, אַז פאַקטיש וועט זיי אויך פאָרלויפיג כמעט קיינער ניט קאָנען בענוצען.

פאַר זיך גענומען זענען כמעט אַלע אַרטיקלען פון די ערשיענענע פיר נומערן מעהר אָדער ווייניגער אינטערעסאַנט. נאָר פאַר די אויפגאַבען, וואָס „האַנדעל און מלאכה“ האָט זיך געשטעלט, און דער עיקר — פאַר די בעדערפעניסען פון יודישען בעל־מלאכה — זענען זיי לחלוטין ניט פּאַסיג.

# די יודישע וועלט.

פריהער אָדער שפּעטער וועט זיך די רעדאַקציע דערין מוזען איבערציינגען, און דאַן וועט זי זיכער מאַכען די נויטיגע אויסבעסערונגען אין דער דאָזיגער נוצליכער און סימפּאַטישער אונטערנעמונג.

ק—ץ.

---

## נייע פּעריאָדישע אויסגאַבען אין יודיש.

אין מינסק הויבט אָן אַרויסצוגעהן אַ טעגליכע יודישע צייטונג — „דער מינסקער טאָג", אין ביאַליסטאָק — אַ וואָכענבלאַט „ביאַליסטאָקער וואָרט", אין לאָדז — אַ צווייוואָכעדיגע „יודישע שאַך־צייטונג", אין לאָנדאָן אַ טאָגבלאַט — „די צייט".

---

## ביכער, וואָס זענען אנגעקומען אין רעדאַקציע.

„צוקונפט", ערשטעס זאַמעלבוך, פערלאַג „צוקונפט" פּעטערבורג 1913.

דן־עמי: פּייוועל דער גרויסער און פּייוועל דער קליינער (אַ מעשה'לע), פערלאַג „פאַר אונזערע קינדער", קיש'נעוו–ווילנא, פּרייז 5 ק.

דוד קעניגסבערג: לידער, לעמבערג 1913.

פּרץ הירשביין: מיין בוך, פערלאַג „מנחם", הויפּט־פערקויף: ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין, ווילנא 1913.

י. א. לייזעראָוויטש: „די וועלפּישע התונה", פערלאַג „יהודיה", וואַרשא תרע"ג.

לכבוד יום טוב, באַבּרויסקער זאַמעלבוך, ווילנא 1913, פּרייז 10 ק.

י. שוואַרץ: בריעף פון אַן אונטערדריקטען שרייבער, ניו־יאָרק 1913.

באו"ר פונ'ם חומש, „ספרי המקרא" פערטייטשט יודיש, ערשטער טייל, פערלאַג „מוריה", אָדעס, תרע"ג.

יהואש: פון דער וועלט און יענער. בילדער, הומאָרעסקען, מעשה לעך. פערלאַג „יהואָש", ניו־יאָרק 1913.

יהואש: אין זונן און נעבעל, דיכטונגען אין פערז און פּראָזע, פערלאַג „יהואש", ניו־יאָרק 1913.

בריעו: די בעשעדיגטע, אַ טעאַטערשטיק אין דריי אַקטען, איבערזעצט פון ד"ר ליבער, ניו־יאָרק, 1913.

ראָבערט ל. סטיווענסאָן. ר. דזשייקעל און מר. האיד, ענגליש פון ב. ראוז און א. פרומקין פערלאַג „קונסט", לאָנדאָן, 1911.

יעקב מעסטעל: וויטא הייזר. פערלאַג „שולמית", קראַקוי 1913.

קאַליף: ערנסט און שפּאַס, אַ זאַמלונג פון פעליעטאָנען, סאַטירען און הומאָרעסקען. לאָדז, 1913.

דאָס נייע לעבען, רעדאַגירט פון ד"ר חיים זשיטלאָווסקי, אויגוסט, סעפּטעמבער 1913, ניו־יאָרק.

האַנדעל און מלאכה, עקאָנאָמיש, טעכניש און האַנדעלס־אילוסטרירטעס וואָכענבלאַט נומ. 1–2, 3–4.

אונזער געזונד, אַ מאָנאַטליכער יודישער צייט־שריפט פאַר געזונדהייטס־פראַגען, אויגוסט 1913, ניויאָרק.

דער יודישער פאַרמער, ניו־יאָרק, סעפּטעמבער 1913.

די צוקונפט. רעדאַגירט פון א. ליעסין, סעפּטעמבער 1913 ניו־יאָרק.

יצחק שווייגער: במחנק, דפים מן האמצע, 1, הוצאות „נסיונות", קיעוו תרע"ג.

ישראל זן: חיים רצוצים, הוצאת „התחלה", ווארשא תרע"ג.

נתיבות, בימה הפשית לעניני החיים והספרות ספר ראשון, ורשה תרע"ג, הוצאת חברת „אחיספר", פרייז 2 רוב.

תחיה, ירחון לספרות ולמדע ולאמנות, אוגוסט, 1913, ניו־יאָרק.

השלח, ירחון לספרות, למדע ולעניני החיים אוגוסט 1913, אָדעס.

המולדת, ירחון לבני הנעורים, ערוך ע"י יעקב פיכמן. תשרי — אב, תרע"ג, יפו.

# נייע ביכער.

התרן, ירחון עברי, הוברת נ׳, מנחם אָב תרע״ג, ניו־יאָרק.

ירושלים, הוברת א׳ יו״ל ע״י „חובבי ירושלים“ יפו, תרע״ג.

רביבים ג — ד, נערך ע״י י. ח. ברנר, הוצאת „השרון“, יפו, תרע״ג.

אבנר: לשאלת עבודתנו בארץ, הוצאת „אחדות“ ירושלים, תרע״ג.

שלום אַש — רב שלמה נגיד. פּר. 60 ק., געב. 90 ק., 1913, ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

ה. ד. נאָמבערג — די משפּחה, פּיעסע אין 4 אַקט., פּר. 40 ק., 1913, ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

ד. האָכבערג — די נייע שול. אַן אילוסטריר־טער אַלף־בית מיט אַ גרויסען מאַטעריאַל צום לייענען נאָכ׳ן אַלף־בית, פּרייז געב. 50 קאָפּ. 1913, ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

ד. האָכבערג און ק. זשיטומורסקי — מע־טאָדישע אָנווייזונגען צו דער „נייער שול“. פּר. 75 ק. 1913. ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

ד. איינהאָרן — מיינע ליעדער. צווייטע אויפ־לאַגע, פּרייז 50 ק. 1913. ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

דער פּנקס — יאָהרבוך פאַר דער געשיכטע פון דער יודישער ליטעראַטור און שפּראַך, פאָלקלאָר, קריטיק און ביבליאָגראַפיע. תרע״ב. רעדאַקטירט פון ש. ניגער פּר. 2 ר. 50 ק., געב. 3 ר. 25 ק. 1913. ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

י. לעווין, י. לוקאָווסקי און ש. הורוויץ „אונזער נייע שול“, כרעסטאָמאַטיע פאַר׳ן 2־טען און 3־טען לעהר־יאָהר. פערלאַג לעווין־עפּשטיין, וואַרשוי, תרע״ד.

Колосья, журналъ для евр. дѣтей. Іюль, Августъ 1913.

Кооперація среди евреевъ, составлено подъ редакціей І. А. Блюма и Л. С. Зака С.-Петербургъ 1913 цѣна 1 р. 50 к.

Украинская жизнь, Іюль — Августъ 1913 Москва.

Вѣстникъ Еврейской общины августъ, сентябрь 1913, книга І. С.-Петербургъ.

Der Orient, Monatsschrift für die wirtschaftliche Erschliessung des Orients. № 2—3 1913.

Die Freistatt, alljüdische Revue, August-Heft 1913.

Vom Judentum, ein Sammelbuch, herausgegeben vom Verein jüdischer Hochschüler Bar Kochba in Prag, Leipzig. Kurt Wolff Verlag 1913.

Dr. Hugo Bergmann: Worte Mosis, Bruns'Verlag, Minden.

---

רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער ב. א. קלעצקין.

---

**При этомъ номерѣ разсылается подписчикамъ, имѣющимъ но то право приложеніе къ журналу „ДЕРЪ ПИНКОСЪ“—ежегодникъ.**

# אינהאלט:

מענדעלי מוכר ספרים. — פון מיין ספר הזכרונות. 3
י. ל. פרץ. — מיינע זכרונות. 11
ד. מארשאק. — מיין בת מלכה (ליד). 24
יונה ראזענפעלד. — דער פלאָנטער (ערצעהלונג). 26
ש. ניגער. — בריעף וועגען נייער יוד. ליטעראַטור (נאָך אַלעמען) 51
בן־אדיר. — אין מיטען וועג. 72
אונזערע שכנים:
אַנטאָן נאָווינא. — די נאַציאָנאַלע אויפלעבונג פון די בעלאָרוסען. 36
דר. נ. בירנבוים. — נאָכ'ן עלפטען ציוניסטען־קאָנגרעס. 100
א. קירזשניץ. — יודישע בעלי מלאכות. 108
ליכט און שאָטען. 130
Hebraismus militans — ב. באָראָכאָוו
אליקום צונזער (נעקראָלאָג) — אַ ווילנער.
נייע ביכער: 137
ק—ץ. — „האַנדעל און מלאכה“.
בן־דוד. — פון דער רוסיש־יודישער ליטעראַטור.
ש. נ. — פון דער העברעאישער ליטעראַטור.
ש. נ. — קינדער־ליטעראַטור אין יודיש.

## ווילנער פערלאַג פון ב. א. קלעצקין.

ס'איז ערשינען

# א) „די נייע שול"

לעהרבוך צו לייענען יודיש

רייך אילוסטרירט מיט אַ סך ליטעראַרישע מאַטעריאַל.

צונויפגעשטעלט פון ד. האַכבערג

פרייז געבונדען 50 קאָפּ.

## ב) מעטאָדישע אָנווייזונגען צו דער „נייער שול".

אַנטהאַלט אַן אַלגעמיינע אייַנפיהרונג צו לערנען לייענען יודיש און דערקלערונגען פאַר'ן לעהרער צו יעדער לעקציע בעזונדער

צונויפגעשטעלט פון ק. זשיטאָמירסקי און ד. האַכבערג.

פרייז בראָשירט 75 קאָפּ.

באַלד נאָך סוכּות ערשיינט

# דער שול-חבר

א לעזע-בוך פאַר'ן צווייטען און דריטען שול-יאָהר

צונויפגעשטעלט פון ל. ח. יפה

רעדאַקטירט פון אַ גרופּע ווילנער לעהרער, רייך אילוסטרירט.

פרייז געבונדען 75 קאָפּ.

ס'דרוקט זיך אַ נייע אויפלאַגע פון

# „דאַס יודישע וואָרט"

אַ ליטעראַרישע כרעסטאָמאַטיע צום לעזען אין אָבענד-שולען און אין דערהיים.

צונויפגעשטעלט דורך א—ן.

רעדאַגירט דורך אַ גרופּע לעהרער פון ווילנער אָבענד-שולען.

דער ערשטער טייל — אילוסטרירט — געבונד. 75 קאָפּ.

2-טער און 3-טער טייל — — געבונד. 1.25 ר.

פערלאַנגט ספּעציעלע פּראָספּעקטען.

זיך ווענדען: **Издательство Б. А. Клецкина, Вильна.**